1864 אָן פלעגט דער שטאָט־פּרעזידענט נאָמינירט ווערן דורך דער גובערניע.

און די זנענען די אונטערנעמונגען, וועלכע זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט: אַ ביר ברויעריי, 2 סאָדע פאַבריקן, 2 וואַסער מילן, 1 פּאַפּיר פאַבריק. אין דער צייט האָבן אין סטאַשעוו געוווינט 192 בעלי־מלאכות. צווישן זיי 51 שוסטערס, 24 שניידערס, 20 באַנדאַרעס, 16 בעקערס, 14 סטאָליאַרעס, 12 בויערס, 10 היטלמאַכער, 10 טעפּ מאַכער, 17 פעל אויסאַרבעטער, 18 קצבים. פון די 120 געוועלבער האָט די איבערוויגנדע מערהייט געהערט צו יידן. די צאָל פון די איינוווינער האָט באַטראָפן אין יאָר 1886 — 7971 סטאַבילע און 820 צייטווייליקע (מיליטער לייט) אַנטקעגן 3.107 אין יאָר 1827, 5104 אין יאָר 1857.

די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון 2668 פּאָליאַקן, 15 פּראַוואָסלאַווער, 8 פּראָטעסטאַנטן און 5280 יידן.

אינטערעסאַנט איז די צאָל פון די הייזער אין די יאָרן 1788—1913; אין יאָר 1788 — 348 הייזער, אין יאָר 1827 האָט די שטאָט געציילט 354 הייזער, אין יאָר 1841 — 362 הייזער, אין יאָר 1857 — 367 הייזער, צווישן זיי 107 ציגל הייזער און אין יאָר 1913 — 424 הייזער פון זיי 282 ציגל הייזער און 142 האָלץ הייזער.

## ב) דער יידישער ישוב

די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אויפן אָרט, ווען דאָס דאָרף סטאַשעוו איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט אין יאָר 1526. שוין ביים אָנפאַנג פון יידישן ישוב איז אין שטאָט געווען אַן אָרגאַניזירטע קהילה, וועלכע האָט אָנגעהערט, אין די ראַמען פון דער יידישער אויטאָנאָמיע, צום קראָקא־סאַנדאָמיר שטאַט. צו דער איינהייט האָבן געהערט, אויסער קראָקע — די געביטן אָפּט, שידלעוו, כענטשין, פּינטשעוו און וואָדזיסלאַוו. די סטאַשעווער קהילה איז געווען אָנגעשלאָסן צום שידלעווער פּאַוויאַט, צוזאַמען מיט די קהילות שידלעוו, טאַרנאָוו, רימאַנאָוו, זשמיגראָד, דוקלאַ, נאָווע מיאַסטאָ, כמיעלניק, פּאָצאַנאָוו, אליעשניצאַ, זשאַבנאַ, דאָמבראָוואַ, סטאָפּניץ, פּאָלאַניעץ, באַגאַריאַ, ראַקעוו, ווישליצאַ און קאָראָזוואָנק.

צענדליקער יאָרן נאָך דער פאַרפעסטיקונג פון דער קהילה האָט זי דורכגעמאַכט שווערע און פיינלעכע צייטן. אין יאָר 1610 האָט מען אויף די יידן אויסגעטראַכט אַ בלוט־בלבול און אין רעזולטאַט פון משפּט קעגן זיי, זענען זיי פאַרטריבן געוואָרן פון שטאָט.

לויטן משפּט איז דער ייד שמואל פון סטאַשעוו באַשולדיקט געוואָרן, אין פאַרכאַפּן דאָס קריסטלעכע קינד פון יאַן קאָוואַל, בעת דאָס האָט זיך געשפּילט אין די זאַמדן, און עס אויסליפערן אין די הענט פון שידלעווער יידן צום פייניקן, בכדי אַרויסצוציען בלוט אויף מצות. די יידן פון סטאַשעוו און שידלעוו, וועלכע זענען פאַרהאַלטן געוואָרן, לויטן באַפעל פון אנדזשיי טענטשינסקי, זענען געטויט געוואָרן און זייערע קערפּער צופערטלט. די טאָכטער פון שמואל האָט זיך געשמד׳ט לויטן באַפעל פון דערמאָנטן טענטשינסקי און דאָס יידישע פאַרמעגן איז קאָנפיסקירט געוואָרן און באַשטימט געוואָרן צום אויפבוי פון קירכע־טורעם. דער קערפּער פון קריסטלעכן קינד איז באַגראָבן געוואָרן אין דער קירכע אויפן נאָמען פון יאַצעק. אויף זיין מצבה זענען אויסגעקריצט די פאָלגנדע שורות, וועלכע לייענען זיך אין יידישער איבערזעצונג:[2]

„דער זון פון סטאַשעווער בירגער, יאַן קאָוואַל און סוזאַן ניעריכלאַווסקאַ, די שטום פון זיין בלוט רופט צו נקמה, דאָס די יידן, די פיינט פון קריסטלעכן נאָמען זאָלן פאַרטריבן ווערן פון סטאַשעוו.״

ווי ס׳ווייזט זיך אָבער אויס, זענען טראָץ דעם גירוש דאָך פאַרבליבן יידן אין סטאַשעוו. פון געריכטס אַקטן קעגן יידן, וועלכע זענען באַשולדיקט געוואָרן אין יאָר 1668, אין גנב׳ענען קולטוס מכשירים און אַנדערע הייליקטימער פון די קירכעס. ווי אויך אין בלוט בלבולים זענען פאַרן געריכט געשטעלט געוואָרן נישט נאָר יידן פון ראַגוב, איוואַנסק און אָפּט, נאָר אויך יידן פון סטאַשעוו. אָפיציעל אָבער, זענען יידן צוריקגעקומען קיין סטאַשעוו, ערשט אין 80 יאָר אַרום — אין יאָר 1690 — נאָכדעם ווי דער סטאַראָסטע פון נאָווע־מיאַסטאָ — אַפּאָלינסקי, האָט זיך געווענדעט



כנסייה — קאָשצ'אָל

מיט אַ רוף צו די יידן זיך אומצוקערן אין שטאָט. אַלס שטראָף פאַר אַזאַ מין „אפיקורסישער טאַט", דערציילט די קריסטלעכע געשיכטע, זענען אויסגעשטאָרבן אַלע זיינע קינדער. אפאלינסקי זעלבסט איז געשטאָרבן אין יאָר 1704.[3]

באַלד נאָכן צוריקקערן זיך פון די יידן אין דער שטאָט, האָט זייער צאָל געהאַלטן אין איין וואַקסן, און באַקומען די מעגלעכקייט צו רעסטאַווירן אויפסניי אַן אָרגאַניזירטע קהילה. אין 17־טן יאָרהונדערט, האָט די פאַמיליע לאנדא פאַרנומען דעם רבנות אַמט אין סטאַשעוו. דער רב יהודה לייב לאנדא איז געווײלט געוואָרן אַלס רב אין קראקע און איינער פון זיינע פינף זין — שמואל, איז געווײלט געוואָרן אַלס פרנס פון סטאַשעווער קהילה. פאַקטיש אָבער איז ער געווען שטאָטישער רב.[4]

אין יאָר 1714, ווען דער גאון צבי הירש אשכנזי — „חכם צבי", (1660—1718)[5] איז געצוווּנגן געוואָרן, צוליב דער קריגעריי מיטן רב פון די ספרדים אין אַמסטערדאַם, ר' שלמה אילן, צו פאַרלאָזן דאָרטן זיין רבנות שטול און זיך צוריקקערן קיין פוילן, איז ער געקומען קיין אפּט און געווויִנט ביי זיין מחותן. דאָרטן איז אָבער דאַן אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה און ער איז ווידער געצוווּנגן געווען אַריבערצופאָרן אין דער סביבה.

דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיטן הויף־ייד פון פוילישן פירשט שיניאַווסקי. דער אייגנטימער פון סטאַשעוו, ר' ישראל פון ריטווין, וועלכער האָט אים פאַרגעלייגט זיך צו באַזעצן אין סטאַשעוו אָדער אין ריטווין.

דער „חכם צבי" האָט זיך באַזעצט אין ריטווין ביי סטאַשעוו ביז ער איז אָנגענומען געוואָרן אַלס רב אין לעמבערג.

אין יאָר 1718 האָט די שטאָט אייגנטימערין עליזאַבעט סיאַניאַווסקא דערטיילט אָפיציעלע רעכט די יידן זיך צו באַזעצן אין שטאָט, און גרינדן אַ שול און אַ בית־עלמין, פונדאַמענטן פון יעדער נאָרמאַלער קהילה. די רעכט זענען געשאָנקן געוואָרן דער סטאַשעווער קהילה אין אַ ספּעציעלער פּריווילעגיע. ווען דער פאַרמעט פון דער פּריווילעגיע איז פאַרברענט געוואָרן, בעת אַ שריפה אין שטאָט, האָבן די יידן געבעטן ביים פירשט אלכסנדר טשאַרטאָריסקי, עליזאַבעטס מאַן, אַ נייעם עקזעמפּליאַר פון דער פּריווילעגיע. דער פירשט אלכסנדר טשאַרטאָריסקי איז אַנטקעגן געקומען דער

יידישער ביטע אין אין יאר 1772 האט ער זיי צוגעטיילט א נייעם עקזעמפליאר פון דער פריווילעגיע, אין וועלכן עס ווערט באשטעטיקט, אז די יידן האבן דאס רעכט שוין פון לאנג א) אויסצוהאלטן — אין דער צוקונפט ווי אין דער פארגאנגענהייט א שול און א בית־עלמין, אן רעכט געשטערט צו ווערן דורך די גלחים. ב) די גילדעס (צעכן) קענען נישט פארמיידן זייער טעטיקייט, און די יידן זענען נישט פארפליכטעט זיי צו צאלן, פאר א דערלויבעניש זיך צו פארנעמען מיט מלאכה, מיט האנדל מיט פארשידענע סחורות, נאכן באצאלן די שטייערן אין שטאטישן פאלאץ (דעם שטאט בעל־הבית). ג) צו מאכן ביר און מעד קעגן די שטייער אפצאלונגען און צו פראדוצירן בראנפן און אנדערע משקאות אן שום געלט־פארפליכטונגען כלפי די גילדעס. ד) די בעקער און די קצבים האבן דאס רעכט פאר די אנגענומענע אפצאלונגען צו האנדלען, שחטן רינדער און פארקויפן דאס פלייש. ה) אויסצוהאלטן א רבנים געריכט. משפטים צווישן א ייד און א קריסט, וועלן באהאנדלט ווערן לויטן אלטן מנהג, פאר א געמישט געריכט אין שטאטישן געריכטס־בנין צו וועלכן ס'וועלן צוקאאפטירט ווערן פרנסים פון דער קהילה. דער זעלבער צוזאמענשטעל וועט אויך פארפליכטן די גע־ריכטס אינסטאנצן, וועלכע פארנעמען זיך מיט אפע־ליאציעס פאר דעם פאלאץ הערשער. ו) די שטייערן און אפצאלונגען לטובת דער שטאט־קאסע, דארף מען ארויפלייגן לויט א גערעכטער פארטיילונג צווישן די יידן און קאטאליקן לויט זייער צאל. די דאזיקע רעכט זענען אויך באשטעטיקט געווארן דורכן שטאט הערשער נאכן יאר 1772 און זיי זענען פארשריבן געווארן אין יאר 1797 (23 אקטאבער) אין די דאקומענטן פון לאנד־ארכיוו אין סאנדאמיר.[5]

אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן יארהונדערט האבן די יידן אנגעבונדן האנדלס־פארבינדונגען מיט די ירידים אין ברעסלאו. אזוי ווייסן מיר אז אין יאר 1725 האט דארט געווילט דער סוחר לייבל גערסטל פון סטאשעוו. אין 18־טן יארהונדערט איז דער יידישער ישוב זיך צוואקסן אין שטאט. זיי האבן באזעצט אלע הייזער און געשעפטן אין צענטער, אזוי ווייט אז אפילו דער לייטער פון די פוילישע גרובן יאהאן פיליפ דע קארוסי, אונטערשטרייכט די דאזיקע דערשיינונג אין זיין רייזע בוך איבער פוילן.[6]

ביי דער צייליונג, וועלכע איז אדורכגעפירט געווארן אין יאר 1764, האט סטאשעוו פארמאגט 607 יידן עלטערע פון איין יאר.[7] אויב מיר זאלן אננעמען אז יעדע משפחה האט געציילט 4—5 נפשות, וועט אויס־מאכן אז די שטאט האט דאן פארמאגט ביי א 140 פאמיליען־קעפ. פון זיי זענען נאר 20 געציילטע משפחות געווען באשעפטיקט און געצויגן חיונה פון זייער פאך און דאס זענען: 2 שניידערס, 3 היטלמאכערס, 3 יובילייערס, 1 קצב, 2 זייף מאכערס, 1 גלעזער, 1 שערער, 1 רב, 1 קהילה אנגעשטעלטער, 2 מלמדים, 2 כלי־זמרים און 1 קבצן.

א בעסערונג אין דער לאגע פון די יידן האט זיך אנגעהויבן מערקן אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יארהונדערט. די הויפט צענטערן פון דער פוילישער לייוונט־און שטאפן־אינדוסטרי זענען געווען אין סטאשעוו און אין ווענגראוו, ווי אויך אין דער ליטווישער גראדנע. אין סטאשעוו זענען געווען איינ־געפונדעוועטע גילדעס פון פוילישע און דייטשע וועבער, וועלכע זענען אראפגעבראכט געווארן אין שטאט אריין אין יאר 1755, און געווען פאכמענער פון ערשטן סארט.

לויט די תקנות האבן די גילדעס געהאט רעכט צו באשעפטיקן פרויען־ארבעטער סיי אין די ווארשטאטן און סיי ביי הויז ארבעט.

טשארטאריסקי האט זיך באמיט צו פארגרעסערן די צאל פון בעלי מלאכות און ווארשטאטן, ווייל ער האט געזען אין דער שטאפן־פראדוקציע, א זיכערן עקאנאמישן באזיס פאר דער שטאט. נאך פאר דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג, פלעגן ביי א 200 מאן ציען זייער חיונה פון צוגרייטונגס־ארבעטן פאר די וועבערייען. ווען די צאל פון די וועבער האט דערגרייכט 15, פלעגן לעבן 450 ביז 600 מאן פון שפינען וואל פאר די וועבער. יעדער מייסטער פלעגט באשעפטיקן 30—40 מאן נאר ביי קעמען אדער שפינען די וואל. אמת, די דאזיקע ארבעטן זענען געווען נאר צייט־ווייליקע, אבער זיי זענען געווען א יסוד פון הכנסה

פאַר אַן אַנגעזעענער צאָל פון משפחות. ווען אָבער אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט, האָט מען אָנגעהויבן זען אין דער אַנטשטייאונג פון נייע פאַבריקן, אַ גאָר ווירקזאַם מיטל פאַר דער געזונטמאַכונג פון דער פוילישער עקאָנאָמיע, האָט אויך טשאַרטאָריסקי באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ ספּעציעלע פאַבריק. מיטן אָנקומען פון מאַנופאַקטור אַדמיניסטראַטאָר סיידוויטש קיין סטאַשעוו און מיטן לאָזן אין גאַנג די פאַבריק, האָבן זיך אָנגעפאַנגען רייבונגען מיט די וועבער בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געזען אין דער פאַבריק אַ קאָנקורענט, וואָס גראָבט אונטער זייער קיום. ס׳זענען פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף די פאַבריקס אַרבעטער, אין וועלכע זיי האָבן געזען אויסוווּרפן און אַ לומפּן־פּראָלעטאַריאַט.

מיט דער צייט אָבער האָבן די בעלי מלאכות זיך צוגעפּאַסט צו דער לאַגע, איבערצייגנדיק זיך אַז די פאַבריק האָט נישט געשעדיקט זייערע אינטערעסן. אין יאָר 1778 האָט די פאַבריק באַשעפטיקט 89 מאַן, פון זיי 12 אַרבעטער. 8 פון סטאַשעוו, 3 פון סאַנדאָמיר, און איינעם פון יאַראָסלאַוו. די איבעריקע אָנגעשטעלטע זענען אַלע געווען דייטשן פון ביעלסק. אינצווישן האָט די פאַבריק זיך אויסגעברייטערט אין האָט זיך געניייטיקט אין פרישע אַרבעטער הענט. אין יענער צייט פלעגט מען אין די שטעט כאַפּן מענטשן אין די גאַסן און זיי נעמען צו פאַבריקס־אַרבעט. דאָסזעלבע האָט מען אויך געטון מיט די אַרעסטאַנטן פון די תפיסות און אין די דערפער זענען די גוט־אייגנטימער געווען די, וועלכע האָבן געצוווּנגען די זיי פאַרקנעכטעטע פּויערן צו גיין אַרבעטן אין די פאַבריקן. אָבער די דאָזיקע זענען נישט געווען פאַסיק צו פאַבריקס אַרבעט און פלעגן צוריק אַנטלויפן אין פעלד אַריין. דעמאָלט האָט סיידוויטש געוואָרפן זיין בליק אויף די יידן מיט דער כוונה זיי אויסצונוצן אַלס אַרבעטס־כוח פאַר דער פאַבריק. אין זיינע פאַר־שלאָגן אונטערשטרייכט סייד־וויטש, אַז קודם כל מוז מען די יידן לערנען און איבן. ספּעציעל דאַרף מען לויט זיין מיינונג זיך אָפּגעבן מיט די יידישע פרויען, וועלכע וועלן וואַרשיינלעך נישט וועלן גיין אַרבעטן אין די פאַבריקן. דעריבער לעגט ער פאָר, אַז ס׳זאָל אַרויס אַ געזעץ (einen — scharfen Befehl —) וואָס זאָל פאַרפליכטן די פרוי־ען צו אַרבעטן אין זייערע היימען, פונקט ווי די פויע־רישע פרויען זענען געצוווּנגען געוואָרן לויטן געזעץ צו אַרבעטן פאַר די פאַבריקן.

ס׳איז כדאי צו באַצייכענען, אַז נישט נאָר אין סטאַשעוו האָבן געאַרבעט יידישע פרויען אין די פאַבריקן. אויך אין ניעמיראָוו און אין האָראָדניצע האָבן יידישע פרויען געאַרבעט אין וועבערייען. אויך אין דער פאַבריק פון קיך געשיר אין גראָדנע האָבן געפונען באַשעפטיקונג 400 יידישע פרויען.

די פאַבריקס אַרבעט האָט געגעבן די יידן נישט נאָר אַ מעגלעכקייט פון פרנסה, נאָר זי האָט אויך גורם געווען צו דער פּראָדוקטיוויזאַציע פון די יידן און צו זייער אַריינדרינגען אין גאַנץ נייע פאַכן.

אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט האָט זיך דער יידישער ישוב ברייט צעוואַקסן.

אין יאָר 1764 האָט די צאָל פון די יידן אין סטאַשעוו און אומגעגנט דערגרייכט 776 נפשות. די סטאַשעווער קהילה איז דאַן געצוווּנגען געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין די צאָלונגען פון די חובות פון קראָקאָ־סאַנדאָמירער מלוכה־ראָט, מיט דער סומע פון 322.834 פוילישע זלאָ־טעס. (288.616 אויפן חשבון פון קרן און 34.218 פּראָצענטער.[8]) דער אָפּצאָל וועלכער איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער קהילה, איז פאַר איר געווען אַ גאַנץ שווערע לאַסט. אַחוץ דעם זענען נישט פאָרגעקומען קיין וויכטיקע ענדערונגען אין לעבן פון דער קהילה, אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן פון פוילן.

ערשט ווען די גאַנצע געגנט איז אָנגעשלאָסן געוואָרן צו עסטרייך האָבן זיך געענדערט די לעבנס־באַדינגונגען פון די יידן און אויך די אָרגאַניזאַציע פון די קהילות. די קהילה האָט זיך אָנגעהויבן פירן לויט די עסטרייכישע פּאַטענטן, וועלכע האָבן באַגרענעצט דעם יידישן מסחר און האָבן זיך אַריינגעמישט אויך אין די חתונה ענינים פון יידן, מיט באַגרענעצונגען און גזירות. די מאַכט, שטיצנדיק זיך אויף די עסטרייכישע געזעצן, האָט אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען, וועלכע האָבן באַצוועקט צו פאַרשנעלערן דעם ציוויליזאַטאָרישן

פראצעס ביי די ייִדן, אזוי ווי אין גאליציע, און זיי פארבארייטן צו פולער בירגערלעכער גלייכבארעכטי־קונג. אזוי האבן די ייִדן געמוזט צוגעבן צו זייערע יידישע נעמען, פוילישע משפחה נעמען. אבער אין קעגנזאץ צו גאליציע, וווּ די צונאב־נעמען פלעגן באשטימט ווערן דורך די באאמטע, האבן די ייִדן זעלבסט אויסגעוויילט זייערע נעמען. פון יענער תקופה זענען ביי אונז פארבליבן די נעמען, ווי טשייקאווסקי, לובעלסקי, רובינאוויטש, דאווידאוויטש און ענלעכע. אויך אונטער די עסטרייכער איז די שטייערן לאסט נישט קלענער געווען. דער אפצאל אויף פלייש איז געווען 3 קרייצער אויף א ליטר, פון א טויב 2, פון א גאנז 14, א קאטשקע אדער א הון 6 קרייצער. אויך פאר ליכט צום בענטשן אויף שבת און יום־טוב האבן ייִדן געמוזט צאלן שטייערן, וויניקסטנס פון 2 ליכטלעך פאר יעדער פארהייראטער פרוי.

די דאזיקע שטייערן זענען פארבליבן אין קראפט אויך נאכדעם ווי די געגנט איז אנגעשלאסן געווארן צום ווארשעווער פירשטנטום. כאטש די קהילה־פארש־טייער פון די נייע דעפארטאמענטן, איינשליסלעך ראדאמער דעפארטאמענט, האבן צוזאמען מיט די פארשטייער פון די אלטע דעפארטאמענטן, געמאכט אלע באמיאונגען, צו פארגרינגערן, און אין די ראמען פון מעגלעכקייטן אפילו גענצלעך צו ליקווידירן, די דאזיקע שטייערן, מיטן מאטיוו אז זיי ברענגען צו דער פארארעמונג פון די ייִדן.[9]

אויסער די דאזיקע שטייערן איז אויף די ייִדן ארויפ־געלייגט געווארן א גרויסער שטייער לטובת דעם מיליטער, וועלכן ס'האבן באשטימט די מיליטער ארגא־נען. אין ראדאמער דעפארטאמענט, אין וועלכן סטאשעוו איז געווען אנגעשלאסן, האבן זיך אנגעזאמלט חובות פון די קהילות שטייערן אויף א סומע פון 247.217 זל., וועלכע מ'האט נישט באוויזן צו באצאלן אין פארלויף פון איין יאר מיליטערישער הערשאפט אין ווארשעווער פירשטנטום“[10]. מיטן אנשליסן זיך צום ווארשעווער פירשטנטום, זענען צוגעשטעלט געווארן דעם מלוכה־ראט א ריי פלענער צו רעגולירן די ייִדן פראגע אין פוילן. דער ציל פון די פלענער איז געווען „צו פארבע־סערן“ די לאגע פון די ייִדן דורך מקרב זיין זיי צום גייסט פון דער ציוויליזאציע און דורך שאפן פאר־באדינגונגען פאר זייער אסימילאציע, אין הסכם מיט די פאדערונגען און פארשלאגן פון רעפערענט אין מדינה ראט קייטאן קוזמיאן. אין רעזולטאט פון די „אויסבעסערונגען“ האט זיך א שאט געטאן א ריי נייע געזעצן און גזירות אויף ייִדן. די שווערסטע גזירה איז געווען דער פארבאט פון פראדוצירן שארפע געטראנ־קען. אמת, אדאנק דעם וואס נאוואסילאוו איז איבער־געקויפט געווארן דורך די ייִדן, איז דער פארבאט בטל געווארן, אבער א ריי אנדערע שווערע געזעצן זענען פארבליבן אין קראפט, ווי צום ביישפיל די רעכט פון מאנכע שטעט צו פארטרייבן פון זייערע גרענעצן די ייִדן. „de non tolerandis Judaeis“. אין סטאשעוו האט מען זיך באנוגנט מיט פארבאטן די ייִדן צו וווינען אין צענטראלע גאסן. אין יאר 1809 האט דער פרעפעקט קושינסקי ארויסגעלייגט א ריי נייע און שווערע באגרע־נעצונגען. די ייִדן איז צוגעטיילט געווארן א באזונדע־רער קווארטאל און ס'איז זיי פארבאטן געווארן צו וווינען צוזאמען מיט קריסטן. נאר אין אויסנאם פאלן האבן ייִדן געמעגט וווינען אין שטאט: ווער ס'האט פארמאגט 10.000 זל. אין מזומן, אדער ווער ס'איז געווען א האנטווערקער אדער א פאבריקאנט. די ייִדן זענען פארפליכטעט געווארן זיך ראזירן און קליידן ווי די נישט ייִדן, לערנען לייענען און שרייבן פויליש און לערנען אויך זייערע קינדער אין דער פוילישער שפראך. די רבנים איז פארבאטן געווארן אויסצופירן וועלכן נישט איז חרם און א דערלויבעניש פון די מאכט־ארגאנען. אין איינקלאנג מיט די דאזיקע פאר־ארדענונגען, האט די שטאט אייגנטימערין איזאבעלא לובאמירסקא, באשטימט אלס דעם ייִדישן וווין קווא־טאל, דעם שטח צווישן טייך טשארנא און דער דלוגא גאס.

די באדינגונגען פאר עקזיסטענץ זענען וואס אמאל שווערער געווארן. פון צייט צו צייט פלעגט מען אויך קאנטראלירן די צאל ייִדן אין די דערפער וואס לויטן געזעץ האבן זיי זיך דארפן געדארפט פארקלענערן.

אויסער די דאזיקע באגרענעצונגען איז די ייִדן פארבאטן געווען צו האלטן קריסטלעכע משרתים און

העלפערס. אין די יאָרן 1814—1825 זענען געפירט געוואָרן די רעגיסטראַציע ביכער פון די יידן (געבורטן, חתונות און פטירות) אין איינקלאַנג מיטן נאַפּאָלעאָנישן קאָדעקס, וועלכער האָט פאַרפליכטעט אין וואַרשעווער פירשטנטום, — נישט דורך די קהילות און די רבנים, נאָר דורך די קאַטוילישע גלחים. אין יאָר 1819 זענען די יידן פאַרפליכטעט געוואָרן איבערצופירן זייער בית־עלמין אויסער דער שטאָט. אין זעלבן יאָר האָבן זיי געקויפט ערד פאַר 517 פוילישע זל. און האָבן דאָרט אויפגעשטעלט אין יאָר 1825 זייער נייעם בית־עולם.

אין פּראָצעס פון רעגולירן די יידישע ענינים אין פוילישן קעניגרייך, אין די יאָרן 1818—1825, איז אין 1822 ליקווידירט געוואָרן די קהילה און אַלע דאָקומענטן און רעכענונגען זענען פון איר אָפּגענומען געוואָרן. אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע באַגרענעצונגען, איז דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן רואינירט געוואָרן. דער פאַרבאָט זיך נישט צו פאַרנעמען מיט געוויסע האַנדלס צווייגן, די עלימינאַציע פון דער פּראָדוקציע פון שאַרפע געטראַנקען, דאָס איזאָלירן די יידן אין ספּעציעלע קוואַרטאַלן און נישט דערמעגלעכן זיי צו האַנדלען אין שטאָט און נאָך אַ גאַנצע ריי באַגרענעצונגען, האָבן גורם געווען צום פאַרשאַרפן און פאַרשווערן פון זייער לאַגע.

צוליבן פאַרטרייבן די יידן פון די אַרומיקע דערפער, האָבן זיי זיך אַלע אַריבערגעקליבן קיין סטאַשעוו. דער יידישער ישוב אין שטאָט איז גרעסער געוואָרן און אויך די ענגשאַפט אין זייערע קוואַרטאַלן. ווי אין אַלע אַנדערע קהילות אַזוי אויך אין סטאַשעוו, איז די צאָל פון יידישע משפחות וועלכע זענען געווען באַרעכטיקט צו וווינען אין אַ הויז געווען באַגרענעצט. אויך די באַדינגונגען פאַר באַשעפטיקונג און פרנסה זענען געווען אַזעלכע, וואָס לויט די עדות פון אַ צייט מענטש „האָבן דערנידעריקט און פאַראָרעמט די יידן און אין קיין שום פלאַץ האָבן זיי נישט באַקומען די מעגלעכקייט, זיך צו באַפרייען פון זייער שווערער לאַגע״.[11]

אינטערעסאַנט, אַז דווקא די דאָזיקע תקופה איז אויסגעפאַלן אין אַ צייט פון שפע אין פוילן. אין די יאָרן 1811—1825 איז די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע שטאַרק געשטיגן, דער האַנדל אין לאַנד איז אויסגעברייטערט געוואָרן, דעראַבערנדיק נייע אָפּזאַץ־מערק אין רוסלאַנד, צוליב דער אָפּשאַפונג פון די צאָל־באַגרענעצונגען צווישן פוילן און איר. אויך אין סטאַשעוו האָבן זיך געמערקט די צייכנס פון עקאָנאָמישן אויפשוווּנג און ס'איז געשטיגן די פאַרמעגלעכקייט פון דער שטעטישער באַפעלקערונג בכלל ווי אויך פון די בעלי מלאכות. די יידן האָבן אָבער נישט גענאָסן פון דעם דאָזיקן עקאָנאָמישן אויפשוווּנג, נאָר פאַרקערט, דאָס האָט זיי כמעט געשעדיקט. צו די עקאָנאָמישע פאַרפאָלגונגען זענען צוגעקומען שווערע שטייערן (בראָנפן שטייערן, שטייערן אויף כשר פלייש, רעקרוטן שטייער, און שטייערן פון איינגאַנגס דערלויבענישן קיין וואַרשע), וועלכע זענען אויפגעמאָנט געוואָרן אָן ריקזיכט. צוליב דער פאַרשאַרפונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע, זענען אין יענער צייט געמאַכט געוואָרן געוויסע פּרוּוון צו באַזעצן יידן אויף ערד־אַרבעט.

דעם 4־טן פעברואַר 1823 האָט דער פּראָטעקטאָראַט פאַראָרדנט, אַז אַלע די יידן, וועלכע ווילן זיך פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט, קאָנען זיך באַזעצן אויף פּירשטלעכע און רעגירונגס־פעלדער. די דאָזיקע יידן זענען צוגעזאָגט געוואָרן פאַרשידענע הנחות, ווי באַפרייאונג פון שטייערן אויף אַ תקופה פון 3 ביז 12 יאָר, אומזיסט האָלץ צו בויען הייזער אָן שטייערן און אַנדערע פאַרלייכטערונגען.

אויפן סמך פון דער פאַראָרדענונג, האָט אַ גרופּע יידן פון קאַלישער וואָיעוואָדסטווע דערלאַנגט אַ ביטע דעם 8.4.1823 אויף קאָלאָניזאַציע, אָבער זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן מצד די מאַכט אָרגאַנען. דער יידישער גביר שלמה זלמן פּאָזנער, וועלכער איז שוין פון לאַנג געווען אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון באַזעצן יידן אויף ערד־אַרבעט, האָט אָנגעהויבן — מיט דער הילף פון אַ צאָל עסקנים — צו פירן אַן אַקטיווע טעטיקייט אויף דעם געביט. ליידער האָבן אָבער, די האָפענונגען, וואָס מ'האָט געלייגט אויף יידישער קאָלאָניזאַציע — פאַרפירט. כאָטש אַ טייל

פריצים האָבן געשטעלט צו זייער דיספּאָזיציע אייניקע דערפער. איז די צאָל פון די קאַנדידאַטן אויף קאָלאָניזאַציע געווען זייער אַ קליינע. אין די יאָרן 1840—1843 איז נאָכאַמאָל אויפגעשווומען די פראַגע, ווי אַזוי צו דערמוטיקן די יידן צו ערד־אַרבעט. די רעגירונג האָט מיט נאָכדרוק געפאָדערט פון די יידן, זיך צו פאַרנעמען מיט לאַנדווירטשאַפט. און זי האָט צוגעזאָגט פונקט ווי אין יאָר 1823, גרויסע הנחות פאַר די קאָלאָניסטן.

די וואַרשעווער רבנים און אַנדערע אָנגעזעענע יידן, צווישן זיי די צדיקים ר׳ יצחק וואַרקער און ר׳ יצחק מאיר אַלטער, האָבן אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו די יידן, אין וועלכן זיי האָבן זיי גערופן איבערצוגיין צו ערד־אַרבעט. אין אַלע פוילישע געביטן, האָבן די רבנים און פרנסים זיך באַמיט צו באַוועגן די יידן צו לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. אויך דאָס מאָל איז ר׳ שלמה זלמן פאָזנער געווען דער אַממיינסטנס טעטיקער. פון אַלע קהילות האָבן זיך פאַרזאַמלט רבנים און קהילה פירער אין וואַרשע, כדי זיך צו באַראַטן מיט די דאָרטיקע פרנסים וועגן די מיטלען, ווי אַזוי אויסצופירן דעם קאָלאָניזאַציע־פּלאַן, אין וועלכן זיי האָבן געזען דאָס איינציקע מיטל אויסצובעסערן די לאַגע פון זייערע ברידער אין פוילן.

דער ציל פון די אַקטיוויסטן פון דער באַוועגונג איז געווען, אָפּצוקויפן גיטער, מיט אַלע דערמיט פאַרבונדענע רעכט, אָן שום באַגרענעצונגען און באַזעצן אין זיי יידן. פּשוטער געזאָגט: אויפצושטעלן גאַנצע יידישע דערפער.

אויף דער קאָנפערענץ פון די קהילה פאָרשטייער, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין וואַרשע, כדי זיך צו באַראַטן וועגן די ענינים, זענען אויסגעוויילט געוואָרן צו 8 פאָרשטייער פון יעדן געביט, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַרן פּראָטעקטאָר פּאַשקיעוויטש און געבעטן ביי אים ער זאָל נאָמינירן אַ קאָמיטעט פון צווישן די יידן, וועלכער זאָל זיך פאַרנעמען מיט קויפן ערד און קאָלאָניזירן אויף איר יידן. דער פּראָטעקטאָר האָט נישט רעאַגירט אויף דער ביטע. אין פאַרלויף פון יאָר 1842, האָבן די יידן אים דערלאַנגט עטלעכע ביטעס וועגן דעם ענין.

דעם 2־טן פעברואַר 1843, האָט דער פּראָטעקטאָר אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג וועגן דער נאָמינאַציע פון קאָמיטעט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע, אָבער נישט צונויפגעשטעלט פון יידן און נישט לויטן פּלאַן וואָס איז אים פאָרגעלייגט געוואָרן. לויט דער פאַראָרדענונג, דאַרף מען צונויפזאַמלען אַלע פאַרעפנטלעכטע אין פוילן געזעצן וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע, און זיי צופּאַסן צו די שוין עקזיסטירנדיקע געזעצן אין רוסלאַנד. אַ דערלויבעניש אויף זיך קאָלאָניזירן וועט געגעבן ווערן נאָר די יעניקע יידן וועלכע פאַרמאָגן 1500 רובל. די קאָלאָניזאַציע וועט דורכגעפירט ווערן אין באַשטימטע ערטער און נישט ווייניקער פון 5 יידישע משפחות אין איין אָרט. רייכערע יידן וועט דערלויבט זיין צו קויפן ערד פון פּריוואַטע אייגנטימער. דער קאָמיטעט וועט באַשטימען לויט וועלכע באַדינגונגען ס׳וועט דערלויבט זיין די יידן צו דינגען קריסטלעכע אַרבעטער, וועלכע וועלן דאַרפן אינסטרוקטירן די יידן אין לאַנד־אַרבעט. ס׳וועט פאַרעפנטלעכט ווערן אַ סטאַטוט, לויט וועלכן ס׳וועט דערלויבט זיין די יידן צו גרינדן אַ געזעלשאַפט און צו זאַמלען באַשטייערונגען אויף צו גרינדן אַ פאָנד.[12]

אין צווישן האָבן איינצלנע יידן זיך באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף צו קויפן ערד צו קאָלאָניזאַציע־צוועקן. אויך אין ראַדאָמער דעפּאַרטאַמענט האָט אין יאָר 1842 דער ייד יוסף וואָרם, דערלאַנגט אַ בקשה צום פּראָטעקטאָר, צו דערלויבן אים און זיינע יורשים אַרענדירן אויף אייביק ערד־שטחים וועלכע געהערן דער שטאָט ראַדאָם. די סאַנדאָמירער מאַכט־אָרגאַנען האָבן צו וויסן געגעבן דעם 29־טן מאַי 1843, אַז זיי האָבן וואָס אַן אמת פרייע ערד־שטחים, אָבער היות די יידן איז פאַרבאָטן זיך צו באַזעצן אין דעם געביט, האָבן זיי זיך וועגן דעם געווענדעט צו די העכערע מאַכט־אָרגאַנען, און ביז דעמאָלט קאָנען זיי זיך נישט פאַרפליכטן. דעם 30 יוני אָבער, האָבן די סאַנדאָמירער מאַכט־אָרגאַנען געמאָלדן, אַז זיי קאָנען נישט, פאַר קיין פאַל, פאַרטיילן צווישן די יידן די פרייע שטאָטישע ערד, ווייל דאָס וועט שעדיקן די שטעט און זייערע איינוווינער, און וועט אויך נישט העלפן די יידן זיי

צוצוגעווינען צו ערד־אַרבעט, ווייל זיי האָבן ליב פּוסט און פּאַסעווען און מיאוסן זיך מיט אַרבעט.

אין־צווישן האָבן די יידישע פּאָלקס־מאַסן, אין פיל ערטער געטאָן דאָס זייעריקע; זיי האָבן זיך געווענדעט צו די גיטער אייגנטימער וועגן באַקומען פון זיי אין אייביקער אַרענדע אָדער געדונגען ערד־שטחים, צו לאַנדווירטשאַפטלעכע צוועקן. מאַנכע האָבן אויך געקויפט ערד־שטחים, כדי צו באַזעצן יידן, ווי אַ געשעפטנער פאַקט. די פּריצים האָבן נישט געוואוסט, צי די רעגירונג וועט דאָס דערלויבן. האָבן זיי זיך געווענדעט מיט אַן אָנפראַגע צו די מאַכט־אָרגאַנען וועגן דעם.

אונטערן איינפלוס פון דער דאָזיקער באַוועגונג, וועלכע האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין סטאַשעוו, האָט זיך אויך דאָ אָרגאַניזירט אַ גרופּע יידן, מיטן ציל אונטערצונעמען אַן אַקציע ביים שטאָט־אייגנטימער, גראַף פּאָטאָצקי, כדי צו באַקומען פון אים ערד אויף דעם צוועק.

אדאם פּאָטאָצקי האָט שוין פון לאַנג זיך באַמיט אויפצוועקן ביי יידן אַ ליבע צו לאַנדווירטשאַפט און איז שטענדיק גרייט געווען צו העלפן אין דעם זין. דערמוטיקט פון דער באַוועגונג פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע, וואָס איז אין דער צייט אַנטשטאַנען אין פּוילן האָט פּאָטאָצקי מסכים געווען צו באַזעצן אין זיין גוט אַדאַמאָווקא 10 יידישע משפּחות. די פאַרם, אין וועלכער די יידן האָבן זיך באַזעצט, איז נאָכדעם אָנגערופן געוואָרן מיטן נאָמען „פּאַלעסטינקא". פּאָטאָצקי האָט געשטעלט אין רשות פון די קאָלאָניסטן 373 מאָרג ערד, 310 מעטער צום אַקערן, און 14 מאָרגן לאָנקעס צו פּאַשע. יעדער קאָלאָניסט האָט באַקומען געביידעס, מכשירים און כלים, אַזוי אַז זיי זענען געקומען צום גרייטן. פאַר די בנינים און די זאַכן האָבן זיי געדאַרפט באַצאָלן אין פאַרלויף פון 6 יאָר, די סומע פון 817 פּוילישע זלאָטעס.

די אָפּצאָלונגען פאַר דער ערד־אַרענדע זענען געווען פאָלגנדע:

פון ווייץ פון ערשטן סאָרט 16 זל.
15 גר. אַ מאָרג
" " " צווייטן סאָרט 11 זל.
" קאָרן פון ערשטן סאָרט 8 זל. 20 גר.
פון קאָרן פון צווייטן סאָרט 6 זל. 20 גר.
" האָבער פון ערשטן סאָרט 4 זל. 24 גר.
" " " צווייטן סאָרט 3 זל. 20 גר.
" לאָנקעס ערשטער סאָרט 12 זל. 10 גר.
" " צווייטער סאָרט 6 זל. 20 גר.
פאַר פּאַשע שטחים 2 זל. פון יעדן מאָרג.

און די זענען די 10 משפּחות וועלכע האָבן זיך קאָלאָניזירט: 1) ישראל דיזנהאוז, 2) פּנחס ווײַנריב, 3) זטמה(?) שטראוס, 4) לייזר שטערענבערג, 5) בצלאל ווינצענטער, 6) ישראל גאָלדשטיין, 7) יחזקאל אַרקאַן, 8) שמואל גאָלדבערג, 9) לייזער ערליך, 10) יוסף פרענקל. דער אַרענדע־קאָנטראַקט איז אונטערגעשריבן געוואָרן אויף 25 יאָר.

דעם 15־טן מאַי 1846 איז דער קאָנטראַקט באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פּוילישן פּראָטעקטאָראַט. די קאָלאָניע האָט עקזיסטירט נאָר 6 יאָר. אין יאָר 1852 איז זי ליקווידירט געוואָרן, צוליב נישט באַאַרבעטן די ערד און פאַרן פאַרקויפן דעם אינווענטאַר און פאַרמעגן. די יידישע קאָלאָניע אין סטאַשעוו איז געווען איינע פון די ערשטע אין פּוילן.

די דאָזיקע איניציאַטיוו פון פּאָטאָצקין און פון די יידן, איז געשטיצט געוואָרן פון גובערנאַטאָר. אין יאָר 1848 זענען געווען אין ראַדאָמער גובערניע 14 יידישע קאָלאָניעס מיט 562 משפּחות. און אין יאָר 1849 15 קאָלאָניעס מיט 1180 יידן (596 מענער און 584 פרויען). אויסער די זענען געווען נאָך 200 יידישע משפּחות וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט. פון די 15 קאָלאָניעס זענען 7 געווען באַפרייט פון מיליטער־פליכט.[13]

אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידן פאַרבעסערט. אויסער דעם קליין האַנדל, וועלכער איז אין גאַנצן געווען אין יידישע הענט, האָבן יידן פאַרנומען פּאָזיציעס אויך אין גרויס האַנדל, אין תבואה און האָלץ־מסחר, אין דער גיפּס־אינדוסטריע פון דער געגנט ווי אויך אין האַנדל פון שאַרפע געטראַנקען. אויך אין האַנטווערקעריי איז געשטיגן די צאָל פון יידן. אין יאָר 1840 האָבן 12 יידן אַרענדירט די באַלייכטונג פון דער שטאָט,

און יעדערער פון זיי האָט איינגעצאָלט אין קאָסע פון די שטאָט בעלי־בתים 12 זל. דאָס רואיקע לעבן אין שטאָט איז געשטערט געוואָרן אין יאָר 1863, אין די צייטן פון פוילישן אויפשטאַנד.

מיטן אויסברוך פון אויפשטאַנד, האָבן די רוסן קאָנצענטרירט אין דער געגנט פון אפאטאוו און סאַנדאָמיר, זאַוויכאָסט און סטאַשעוו, איינהייטן פון פוס־גייער און אַרטילעריע אויפן גרונט פון ידיעות, אַז אין דער געגנט, אין וואנכאצק, געפינט זיך דער הויפט־שטאַב פון קאָמענדאַנט לאַנגיעוויטש. דער שטאַב פון די רוסישע איינהייטן איז געווען אין סטאַשעוו גופא.

שוין אין די צייטן פון די דעמאָנסטראַציעס, אין די יאָרן 1861——1863, איז די באַציאונג פון די פאָליאַקן צו די יידן געווען אַ פיינטלעכע. ס'איז גענוג צו דערמאָנען, אַז די דעמאָנסטראַציעס פון אויגוסט 1861, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין אפאטאוו, האָבן געטראָגן אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און די יידן האָבן זיך אין זיי נישט באַטייליקט. פוילישע כנופיות זענען דאַן באַפאַלן די יידן, גערויבט און געהאַקט שויבן. די דאָזיקע מעשים האָבן, פאַרשטייט זיך, געווירקט אויף דער האַלטונג פון די יידן, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרמיידן, אַז אַ טייל פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין די שולן און איינגעזאַפּט אין זיך דעם גייסט פון פוילישן פאַטריאָטיזם, זאָל אָנטייל נעמען אין די דעמאָנסטראַציעס פון 1862. פונדעסטוועגן האָבן די יידן געליטן פון פוילישע באַשולדיקונגען, אַז זיי זענען רוסישע שפּיאָנען און אַז זיי האָבן אונטערגעשריבן אַ פעטיציע צום צאַר.

די באַציאונגען צווישן יידן און פאָליאַקן זענען פאַרשאַרפט געוואָרן אין סטאַשעוו, אַממייסטנס אין יאָר 1863, בעת אַ טייל יידן זענען באַשולדיקט געוואָרן אין איבערגעבן ידיעות די רוסן. דעם 12־טן פעברואַר 1863 האָט לאַנגיעוויטש, וועלכער האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם רוסישן מיליטער, פאַרלאָזט מיט זיין איינהייט, אין באַשטאַנד פון 600 מאַן, שוויענטי־קזשיזש (Sw-Krzyż) און איז אָפּגעטראָטן אין דער ריכטונג פון ראַקעוו. אויפן וועג איז אים געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון רוסישער אָבסערוואַציע און דעם 14־טן פעברואַר, אין אָוונט, איז ער אַריין קיין סטאַשעוו. אָבער אין 2 טעג אַרום, דעם 17־טן פעברואַר, זענען די אויפשטענדלער אַנגעגריפן געוואָרן אין סטאַשעוו, דורך רוסישע איינהייטן אונטער דער קאָמאַנדע פון קאַפּיטאַן זאַגריאַשעק, און שוין דעם 18־טן זענען די אויפשטענדלער אָפּגעטראָטן און די רוסן זענען אַריין אין שטאָט.[14] ווי נאָר די רוסן האָבן דעראָבערט די שטאָט, האָבן זיי, אַלס נקמה־אַקט פאַר שטיצן די אויפשטענדלער, צעראַבירט די קריסטלעכע הייזער. די יידן האָבן זיי נישט געשטעפעט, ווייל זיי האָבן זיך נישט באַטייליקט אין אויפשטאַנד און אויך נישט געהאָלפן די אויפשטענדלער. נאָכדעם האָבן יידן אָפּגעקויפט ביי די זעלנער דאָס אָנגערויבטע גוטס פאַר 500 רובל. באַלד אָבער ווי די רוסן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, האָבן די יידן צוריקגעגעבן די פוילישע אייגנטימער זייערע צוגערויבטע חפצים אָן שום פאַרגיטיקונג.[15]

אין אָקטאָבער 1863 איז אַריין פון גאַליציע אין סאנדאמירער קרייז דער פּולקאָווניק טשאכאָווסקי אין שפּיץ פון אַן איינהייט פון 1000 מאַן. איבער איין גרופּע האָט קאָמאַנדירט אַ יידישער פּאָרוטשניק מיטן נאָמען אויגוסט ראזנער. ער איז געווען אַן עסטרייכישער אָפיציר און האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די אויפשטענדלער אונטערן נאָמען רוזשא.[16] ראזנער האָט זיך אויסגעצייכנט אין אַ טייל קאַמפן, אָבער דעם 21־סטן אָקטאָבער איז ער אַרויס אין דער ריכטונג פון יורקאָוויטשע, און איז אַריינגעטראָטן אין אַ קאַמף מיט אַ רוסישער איינהייט, וועלכע איז אָנגעקומען פון סטאַשעוו. אין דעם קאַמף איז ראַזנער געפאַלן צוזאַמען מיט 80 זעלנער פון זיין גרופּע.[17]

פון 1399 יידן אין יאָר 1820 (אַנטקעגן 1562 קריסטן) איז דער יידישער ישוב אויסגעוואַקסן אין פאַרלויף פון 7 יאָר, אין 1827, צו 2062 נפשות אַנטקעגן 2080 קריסטן. אין 1856 איז די צאָל יידן געשטיגן צו 3206 אַנטקעגן 1803 קריסטן. אין יאָר 1857 האָבן יידן באַטראָפן 64% (3246 קעגן 1823). אין יאָר 1897 האָט דער יידישער ישוב באַטראָפן 4885 נפשות אַנטקעגן 3000 קריסטן. (61.9%).

אין יאָר 1913 האָט די יידישע באַפעלקערונג פון סטאַשעוו געציילט 7634 נפשות. פון זיי 4054 מענער און 3580 פרויען. אין יאָר 1921, שוין אין נייעם פוילן, זענען אין סטאַשעוו געווען 4704 יידן אַנטקעגן 3653 קריסטן. די יידן האָבן אויסגעמאַכט 57.5% פון דער באַפעלקערונג. זייער פיל ליידן האָט די שטאָט אַדורכגעמאַכט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַממייַנסטנס אין זומער 1914, נאָכדעם ווי די עסטרייכער האָבן פאַרנומען די שטאָט און זענען פון איר אָפּ־געטראָטן אין סעפטעמבער 1914. ווען די רוסן זענען צוריק אַריין אין שטאָט, האָבן די קאָזאַקן זיך אַ לאָז געטאָן איבער יידישע הייזער און געשעפטן, רויבנדיק וואָס ס'האָט זיך געלאָזן און גלייכצייטיק מערדערלעך צושלאָגן זייערע אייגנטימער. יום כפור, איז לויטן באַפעל פון גענעראַל נאָוויקאָוו, אויפגעהאָנגען געוואָרן איין ייד אויף אַ לאַמטערן און 8 אַנדערע זענען דער־שאָסן געוואָרן.[19] אין אָקטאָבער זענען ווידער צוריק אַריין די עסטרייכער און זענען פאַרבליבן נאָר עטלעכע טעג. דער פראָנט האָט זיך געדרוקט אַהין און צוריק, ביז די שטאָט איז אין יאָר 1915 ענדלעך און אַנטגילטיק באַפרייט געוואָרן פון די רוסן און איבערגעגאַנגען צו ד'י עסטרייכער, וואָס האָבן געהאַלטן די שטאָט ביז ס'איז צוריק אויפגעשטאַנען דאָס נייע פוילן.

[1] דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן דורך ד"ר נ. מ. געלבער אין העברעאיש און דורך אונז איבערזעצט געוואָרן אין יידיש.

[2] די באַמערקונגען זענען צוגעפינען אין העברעאישן טעקסט, זייט : 35.

## די אייגנטימער פון דער שטאָט סטאַשעוו אָנהויבנדיק פון 15־טן יאָרהונדערט

1. מיקאַליי פון קוראָוו, וויצע קאַנצלער פון מלך יאגעללא — געשטאָרבן אין 1411 יאָר.

2. וואָיציעך יאסטשעמביעץ, ארצי בישאף פון גניעזנא. ער האָט אָפּגעקויפט סטאַשעוו פון די יורשים פון מיקאַליי, געשטאָרבן אין 1436 יאָר. ער האָט איבערגעגעבן די שטאָט זיין ברודער־זון, מארצ'ין דערסלאוו און נאָכדעם ווי ער האָט אַנולירט די ירושה, האָט ער זי איבערגעגעבן זיין ברודער יאַן, וועלכער האָט באַקומען דעם נאָמען ריטוויאנסקי.

3. יאן ריטוויאנסקי, קאשטעליאן פון סאנדאמיר. האָט איבערנומען סטאַשעוו פון פארגייער.

4. מיקאליי פון קוראזוואנק. דעם לעצטענס איידעם. געווען סטאַראָסטע אין שידלעוו.

5. זיין זון אדאם. געשטאָרבן אין 1510 יאָר.

6. זיין טאָכטער אננא. פאַרהייראַט צו היעראנים לאסקי. וואָיעוואָדע אין שיעראדז. ער האָט געשאָנקן סטאַשעוו די רעכט איינצואָרדנען ירידים, און איר געגעבן דעם סטאַטוס פון אַ שטאָט.

7. זיין זון אולבריכט לאסקי, דער פריינט פון די אריאנער.

8. גאבריעל טענטשינסקי. וואָיעוואָדע אין לובלין. (די שטאָט איז אים איבערגעגעבן געוואָרן דורך מאריא, די פרוי פון סטאַניסלאַוו צ'יאלעק, וועלכע האָט געקויפט סטאַשעוו, ריטווין און נאָך אַ טייל גיטער אין יאָר 1596).

9. אַנדזשיי זיין ברודער. קאשטעלאן אין בעלז. געשטאָרבן אין 1613 יאָר.

10 זיין ברודער יאַן. 1637—1614.

11. זיין טאָכטער איזאַבעללא. פאַרהייראַט צו לוקאש אפאלינסקי. קרויץ מארשאל. געשטאָרבן אין 1662 יאָר.

12. יאַן זייער זון.

13. זאָפיא־אננא־עלזשביעטא זיין שוועסטער. פאַרהייראַט צו סטאַניסלאַוו הערakliוש ליובאמירסקי. גערופן „דער פוילישער שלמה". מרשאלעק. געשטאָרבן 1702.

14. עלזשביעטא־העלענא זייער טאָכטער. פאַרהייראַט צו מיקאליי שיעניאווסקי. געשטאָרבן אין לעמבערג אין יאָר 1726.

15. מאריא־זאפיא זייער טאָכטער. פאַרהייראַט צו סטאַ־ניסלאוו דענהאף. וואָיעוואָדע אין פלאָצק. נאָך זיין טויט חתונה געהאַט אין 1731, מיטן פירשט אדאם טשארטאָריסקי. געשטאָרבן — 1782.

16. איזאבעללא זייער טאָכטער. פאַרהייראַט צום פירשט סטאַניסלאוו ליובאמירסקי. געשטאָרבן אין לאנצוט אין יאָר 1783. זי האָט באַקומען ירושה פון אירע עלטערן 11 שטעט, 252 דערפער, אין ווערט פון 20.772.310 זל. איר ברודער אדאם קאזשימיעזש האָט באַקומען 10 שטעט, 237 דערפער אין ווערט פון 25.394.21 פוילישע זל.

17. יוליא זייער טאָכטער. פאַרהייראַט מיטן פירשט יאַן פּאָטאָצקי.

18. ארטור סטאניסלאוו פּאָטאָצקי — זייער זון. געשטאָרבן אין 1832 יאָר.

19. אדאם זיין זון. געשטאָרבן אין 1872.

20. ארטור זיין זון. געשטאָרבן אין 1890 יאָר.

21. ראזא זיין טאָכטער. פאַרהייראַט מיטן פירשט מאציי ראדזיוויל.

22. ארטור, קאנסטאנטין, מיקאליי, מאציי — זייערע זין.

## די עקזיסטענץ־רעכט פון דער סטאשעווער קהילה פון יאר 1772

אויגוסט אלכסנדר, דער פירשט טשארטאריסקי פון קלע־וואן און זשוקאוו, וואיעוואדע און גענעראל פון רייסין, גענעראל־לייטענאנט פון גווארדיע־מיליטער, קאמענדאנט פון די פוס־גייער פולקן פון זיין קעניגלעכער הויכקייט און פוילישער רעפובליק, באזיצער פון די אויסצייכענונגען: „דער ווייסער אדלער", „הייליקער אנדזשיי", „הייליקער סטאניס־לאוו", מיר טאן וויסן די אלע וועלכע וועלן דארפן וויסן, און נעמליך: דער לייטונג פון פאלאץ אין מיין ירושה־שטאט סטאשעוו, וואס רעגולירט זיך איצט.

היות די קהילה פון דער דערמאנטער שטאט סטאשעוו בעט מיטן גאנצן קהל צו געניסן פון די רעכט, וואס זענען זיי צוגעטיילט געווארן דורך די שטאט־בעלי־בתים, וואס זענען געווען פאר מיר און זענען ביז איצט אויסגעפירט געווארן נאך לויטן מנהג, דעריבער רעקאמענדיר איך מיט דער דערלויבעניש זיי צו היטן און פארארדנען זיי אויסצופירן:

1. אויך אין דער צוקונפט איז יידן דערלויבט אויס־צוהאלטן א שול און בית־הקברות אן שום שטערונג מצד די גלחים.

2. זיי איז דערלויבט זיך צו באשעפטיקן מיט מלאכה אן שטערונגען מצד די צעכן און אן יעדן אפצאל. אויך האט יעדער בירגער דאס רעכט זיך צו באשעפטיקן מיט יעדן האנדל, סיי פארקויפן און סיי קויפן מיטן באדינג נישט ארויסדרייען זיך פון באצאלן די געוויינלעכע שטייערן און וואס געהערן דעם פאלאץ.

3. קאכן ביר און דעסטילירן מעד זענען באדינגט מיטן אפצאל די ארענדע־שטייערן און אנדערע, ווי ס'איז אנגע־נומען פון לאנג, פריי פון יעדן אפצאל פאר די צעכן.

4. די בעקער און קצבים האבן דאס רעכט צו האנדלען, שחט'ן אלערליי בהמות און זיי פארקויפן נאכן רעגולירן וואס עס קומט דעם פאלאץ.

5. רבנישע געריכטן וועלן פארקומען ווי ס'איז איינגע־פירט פון לאנג, די אפעלאציעס ביי דער פאלאץ־לייטונג.

6. צו משפטים צווישן א ייד און א קריסט דארף מען צוקאפטירן קהילה־פרנסים צום בורמיסטזש. אויך אפעלאציעס פון דעם געריכט זענען אין די הענט פון דער פאלאץ־לייטונג.

7. די שטייערן און שטאטישע נאלאגן דארפן ארויפגע־לייגט ווערן אויף יידן און קריסטן אויף א פראפארציאנעלן אופן.

די אויבנדערמאנטע פאראגראפן זענען באשטעטיקט גע־ווארן לויטן געזעץ פאר דער קהילה פון מיין שטאט סטאשעוו און איך פאדער אז די לייטונג פון פאלאץ זאל זיי אויספירן איצט און ווייטער און זאל אכט לייגן אויף זייער דורכפירונג.

ארויסגעגעבן אין ווארשע 20־טן יוני 1772.

געחתמ'עט: א. טשארטאריסקי.

די עקזיסטענץ־רעכט האבן באשטעטיקט: איזאבעלא טשארטאריסקי־לובאמירסקא, אלפרעד פאטאצקי, אדאם פא־טאצקי אין 23־טן אקטאבער 1797 און פארעגיסטרירט געווארן אין די לאנד־אקטן (akta ziemskie) אין בוך:

Liber transactioum p. 82. Nr. 95.

געפינט זיך אין ארכיוו אין שיכעוו (Sichów) אין די דאקומענטן פון 1858 נר. 196.

איז געדרוקט אין:

Ks. W. Sieka: Opis historyczny miasta i parafii Staszów — Radom 1918 p. 21—22.

# הרב ד״ר דוד גרויבארט שיקאגו / סטאשעוו של מעלה



סטאַשעוו, אונזער געבוירן־שטעטל, איז שוין אַריין אינעם צרור החיים פון דער אומה אַ פאַרגייסטיק־טע, אַ שלמעלה׳דיקע. ווייל סטאַשעוו של מטה איז פאַר אונז שוין אַ חרובע, זענען מיר זיך דאָ מתייחד מיט דער גייסטיקער, כולה רוחניות׳דיקער סטאַשעוו: סטאַשעוו של מעלה. דאָס גייסטיקע בילד פון אונזער באַליבט שטעטל שטייט פאַר אונז אין איר גאַנצן שיעור־קומה: דאָס שטעטל מיט אירע רבנים, חסידים און משכילים און מיט איר גייס־טיקער פיזיאָנאָמיע בכלל.

לויט דער מאָנאָגראַפיע איבער סטאַשעוו, געשריבן פון גלח שיעקאַ, האָט דאָס שטעטל געהערט צו דער גראַפן־פאַמיליע ראַדזיוויל און טשאַרטאַריסקי, באַ־רימטע פוילישע אַדל־לייט, וועלכע זענען געווען באַ־קאַנט מיט זייער פראָ־יידישער טראַדיציע. אגב, דער באַקאַנטער ווילנער גר־צדק פּאָטאָצקי („גרף פולני״, לויט אַ העברעאיש ליד) האָט געהאַט אַ קרובה׳שאַפט מיט דער ראַדזיוויל־פאַמיליע.

דאָס שטעטל ווערט דערמאָנט אין אַ ריי אַלטע ביכער און חסידישע ספרים, צווישן אַנדערע אינעם מעמואַרן־בוך „מגילת־ספר״ פונעם גאון רבי יעקב עמדן, וועלכער האָט געלעבט אין 18־טן יאָרהונדערט. רבי יעקב עמדן, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן יעב״ץ, שרייבט, אַז זיין פאָטער, דער באַרימטער גאון רבי צבי אשכנזי, גערופן דער „חכם־צבי״, האָט בעת זיינע וואַנדערונגען איבער אייראָפּע, בערך 2 יאָר געלעבט אין סטאַשעוו. אין אונזער שטעטל איז דער „חכם־צבי״ געווען דער גאַסט פון זיין פאַרערערין, דער פרינצעסין טשאַרטאַריסקאַ, אייגנטימערין פונעם שטעטל און פונעם דערנעבנדיקן דאָרף ריטוויאַני, אָדער ריטפּין, ווי יידן האָבן דאָס דאָרף גערופן. דאָס קליינע, ווייסע הויז, אויף דער שול־גאַס, ווו דער „חכם־צבי״ האָט געוווינט, האָט נאָך אין מיין צייט עקזיסטירט אין סטאַשעוו.

און אָט איז דער באַטרעפנדיקער ווערטלעכער אויסצוג פון רבי יעקב עמדנס פריער דערמאָנטן ביאָגראַפישן ווערק, „מגילת־ספר״ (תולדות וזכרונות... עם מבוא, הגהות והערות... מאת דוד כהנא, וורשה, תרנ״ז, ניו־יאָרק, תשט״ז, זייט 47—44):

„אחר שהתגורר אמ״ה ז״ל כנ״ל נתן ה׳ בלב קצין אחד חשוב, מנכבדי ארץ פולין, המפורסם לשבח ר׳ ישראל ריטפין, שהיה פקיד שקורין אָקאָנאָם של השררה הגדולה שינאווסקי (טשרטוריסקה? — ד.ג.), לה ארץ רחבת ידים, ועיירות רבות במדינת פולין ועבודה רבה. על כל נכסיה נתמנה ר״י הלז פקיד, נגיד ומושל בכל ההכנסות והוצאות של השררה הנ״ל, על ידו היו נעשים, הוא המוציא והמביא, על כן היה בעל יכולת גדול, והיה האיש ההוא ירא שמים ובעל דעת ישר. הוא שם אל לבו לזכות במצוה, לקחת את אמ״ה ובני ביתו תחת כנפי פקידתו, ונסע אליו, חילה פניו שיתרצה לבוא עם ב״ב לדור עמו במקומו, להתישב באחד המקומות אשר תחת ממשלתו בסטאַשוב או בריט־פין ובית גדול נתן לו לדור בתוכו בחנם, ומסר לו שומר משמרת יום ולילה, עבד מוכן ומזומן לכל צרכי הבית, גם פרות נתן לו, די חלב וחמאה וגבינה, ללחמו לחם ביתו וחיים לנערותיו, ועצים ואש להסקה שלח לו די ספוקו, גם עופות ודגים חיים לרוב מן הבריכות שתחת מינוי פקודתו, הכל חנם אין כסף. כמעט שהס־פיק לו כל צרכיו, רק דברים אחרים שאינן עיקר פר־נסה ומלבושים היה קונה אמ״ה ממעותיו, ואף גם זאת עשה הגביר הנ״ל לאמ״ה הרבה דורונות לפרקים בכל מיני כיבודים בשמים צוקר ומגדים, שהיה יכול להמ־ציא, כדי לעשות נחת רוח לפניו ולמצוא חן בעיניו.

את הכל נתן ר״י הנ״ל בעין טובה ובחשק גדול, כמה שנים היה כל מחסורו של אמ״ה עליו באהבה וברצון ובסבר פנים יפות מאוד עד שנת תע״ח, שנתקבל אמ״ה ז״ל לרב מדינה דק״ק לבוב והגליל; אז נצטער הק׳ ר״י הנ״ל על המצוה הגדולה שאבד מביתו שהיה אכסניא של תורה כמה שנים.

אם באתי לספר מכל מה שאירע לו בק״ק לבוב, יארך הענין, אף אם בעו״ה לא ארכו לו שם הימים, כי לא היה שם כרביע שנה, והניח שם טוב אחריו... ר״ח אייר תע״ח, כבה נר ישראל וכל ארץ פולין בוכים ומתאבלים לקול השמועה הרעה...״

כ׳וועל זיך באַנוצן מיט דער פאָלגנדער ייִדישער איבערזעצונג פונעם קאַנאַדער ייִדישן שרייבער, ה׳ ג. שמן, וואָס איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער אויס־גאַבע: „25 יאָר סטאַשעוווער יאנג מענס מיוטשועל בענעפיט סאָסייטי״, טאָראָנטאָ 1956:

„נאָך דער אויסוואַנדערונג פון מיין פאָטער ז״ל, האָט גאָט געגעבן אין האַרץ פון אַ רייכן ייִד, איינער פון די חשובע אין פוילן, דער באַרימטער צום גוטן, ר׳ ישראל ריטפין, אַ באַאַמטער, גערופן עקאָנאָם, פון דער גרעפין שינאַווסקי (טשאַרטאָריסקא? — ד. ג.) איבער יועמעס פאַרמעגן ער איז געווען דער פאַקטישער הער־שער... און דער מענטש איז געווען אַ ירא שמים און אַ בעל שכל, און גענומען אויף זיך די מצוה, אַריינצונע־מענדיק מיין פאָטער און זיין פאַמיליע צו זיך, אים געגעבן אַ קוואַרטיר אין זיין ממשלה אין סטאַשעוו אָדער ריטפין, אים באַזאָרגט מיט באַדינונג און הויז־באַדערפעניש, אים געגעבן קי, מילך, פוטער, ברויט, האָלץ, פלייש, פיש און אַלע הויזלעכע ווירטשאַפט־נויטווענדיקייטן... און דאָס געגעבן מיט גרויס פאַר־געניגן, מיט ליבשאַפט... אַזוי עטלעכע יאָר, ביז תע״ח (1718), ווען מיין פאָטער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס לעמבערגער רב. און דער רב ישראל האָט זיך מצער געווען, וואָס ער האָט פאַרלוירן די גרויסע מצוה, האָבנדיק ביי זיך אין סטאַשעוו די גרויסע תורה־אכסניא פאַר אַ צאָל יאָרן...

ווען כ׳זאָל וועלן דערציילן וועגן אַלץ, וואָס האָט מיט אונז פאַסירט אין לעמבערג, וועט עס פאַרנעמען צו לאַנג. צוליב אונזערע זינד, האָט דער טאַטע דאָרט לאַנג נישט געלעבט. אַפילו נישט אַ פערטל יאָר. איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ גוטן נאָמען און נפטר גע־וואָרן ר״ח אייר, תע״ח (אין עלטער פון 58 יאָר). פאַרלאָשן איז געוואָרן דאָס ליכט פון ישראל און גאַנץ פוילן וויינט און טרויערט צוליב דער שלעכטער בשורה...

---

אין דער חסידישער וועלט איז סטאַשעוו באַקאַנט צוליב אַ גאָר וויכטיקן היסטאָרישן אינצידענט, דער פטירה פונעם לובלינער רבין, רבי יעקב יצחק האָראָוויץ, גערופן דער „חוזה״. די געשיכטע איז אַ באַקאַנטע און האָט צו טאָן מיטן רבינס „נפילה״, תשעה באָב תקע״ה, בעת נאָכדעם ווי דער רבי איז אַרומגעזוכט געוואָרן, דורך זיינע פאַרצווייפלטע חסידים, איז ער געפונען געוואָרן דורך ר׳ לייזער כמיעלניקער, אַן איי־דעם פון אַ באַרימטן סטאַשעווער חסיד. דער לעצטער ווערט אין די חסידישע ספרים („עשר אורות״ פון הרב ישראל בערגער און אַנדערע) טיטולירט: „הרב הצדיק, הפרוש, איש מופת, רבי צבי הירשל׳ה מסטשוב״. וועגן אַט דעם מערקווירדיקן ר׳ צבי הירשל׳ה זענען אין שטעטל, נאָך לאַנגע צענדליקער יאָרן שפּעטער, אַרומ־געגאַנגען וווּנדערלעכע לעגענדעס אַלס גרויסער צדיק. אין זיין דרך החסידות נישט נהנה צו זיין פון דער זונדיקער וועלט, האָט ער זיך פאַרשלאָסן אין זיין צי־מער, פון וועלכן ער איז עטלעכע צוואַנציק יאָר דורכ־אַנאַנד נישט אַרויס איבער דער שוועל. פון דאַנען, פון זיין יאָרנלאַנגער התבודדות שטאַמט טאַקע זיין נאָמען: „הפרוש״. נפטר געוואָרן איז ר׳ צבי הירשל׳ה כ׳ תמוז, תקצ״ה (1835). אויף זיין קבר איז אויפגעשטעלט גע־וואָרן אַן אהל, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צוציאונגס־פּלאַץ פאַר טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג געשטראָמט אַהין ווי אַ סגולה אין אַן עת־צרה, סיי פאַרן יחיד סיי פאַרן רבים.

סטאַשעוו איז אויך דערמאָנט אין רבנישע „שאלות־ותשובות״ ספרים, צווישן אַנדערן אין שייכות מיט גטין־ און עגונות־פראַגן. אין דעם צוזאַמענהאַנג איז באַרימט אַ פסק־דין לטובת אַ סטאַשעווער עגונה, וועלכן

ס׳האָט אַרויסגעטראָגן דער קאָזשעניצער מגיד, דער גאון און צדיק רבי ישראל האָפּשטיין זצ״ל. מיין פאָטער, הגאון מהרי״ל ז״ל, דערמאָנט דעם ענין „עגונת־סטאַשוב״ אין זיינע שאלות־ותשובות־ספרים „חבלים בנעימים״. סטאַשעוו האָט אויך געהאַט עטלעכע רבנים בעלי־שם אין דער יידישער וועלט. ס׳איז אָבער נישט קיין ספק, אַז דער סטאַשעווער רב בהא׳ הידיעה איז געווען דער ערשט־דערמאָנטער גאון, רבי יהודה ליב גרויבאַרט ז״ל, וועלכער האָט גע׳שמ׳ט אין דער גאַנצער יידיש־לומדישער וועלט מיט זיינע וויכטיקע חיבורים, אַ חוץ זיין טעטיקייט אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער פון דער ערשטער מדרגה. פאַר אים האָט פאַרנומען דעם סטאַשעווער כסא־הרבנות אַן אייניקל פונעם „ייד הקדוש״, דער פּאָריסאָווער רב, הגאון, הצדיק רבי אברהם ראַבינאָוויטש זצ״ל. באַקאַנט זענען אויך געווען: רבי מאיר׳ל סטאַשעווער זצ״ל, דער גאון און חסיד — רב משה שאלתיאל גערשט ז״ל, תלמיד מובהק פונעם אָסטראָווצער רבי׳ן און גאון רבי מאיר יחיאל הלוי האַלבשטאָק זצ״ל, וועלכן סטאַשעווער יידן געדענקען ווי אַן אמת׳ן צדיק.

צום שלוס: איך מיין, אַז ס׳וועט אַוודאי נישט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז אַ חוץ דעם פּלאַץ, וועלכן סטאשעוו האָט פאַרנומען אינעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן און וועלטלעך־קולטורעלן לעבן פונעם יידישן ישוב אין פוילן — האָט דאָס שטעטל אויפן רעליגיעזן, חסידיש־רבניש־לומדישן געביט, פאַרנומען אַן אָרט, וואָס האָט ווייט איבערגעשטיגן די נומערישע גרויס פונעם סטאַשעווער יידישן ישוב.

# א. א. / דאַטעס און געשעענישן

אין יאָר 1526 האָט היעראָנים לאַסקי, אייגנטימער פון סטאַשעוו און ריטווין, אַרויסבאַקומען פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן אַ דערלויבעניש איינצואָרדענען יאַרידים אין שטעטל יעדן דאָנערשטיק.

אין יאָר 1610 האָבן די אָרטיקע יידן שווער געליטן פון אַן עלילת־דם און אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער שטאָט.

אין יאָר 1690, נאָך וואָסערע 80 יאָר, איז די יידן דערלויבט געוואָרן צוריקצוקומען.

אין יאָר 1718 האָבן יידן באַקומען אַ דערלויבעניש אויפצובויען אַ שול און אַ בית־עולם.

אין יאָר 1738 האָט פירשט טשאַרטאָריסקי פאַראָרדנט אויפצושטעלן, אין מיטן מאַרק, אַ ראַטהויז פאַרן מאַגיסטראַט און געוועלבער.

אין יאָר 1772 ווערט די דערלויבעניש פאַר דער שול און בית־עלמין באַנייט, נאָכדעם ווי דער אָריגינעלער דאָקומענט איז פאַרברענט געוואָרן אין אַ שרפה.

אין יאָר 1808 זענען די יידן אויפגעפאָדערט געוואָרן צוצוגעבן צו זייערע נעמען אויך פוילישע פאַמיליען־נעמען.

אין יאָר 1809, אַחוץ אַנדערע גזרות, האָט די רעגירונג פונעם ווארשעווער פירשטנטום פאַרבאָטן די יידן צו וווינען צוזאַמען מיט די קריסטן און ס׳איז פאַר זיי באַשטימט געוואָרן אַ באַזונדערער וווין־קוואַרטאַל.

פון יאָר 1809 ביז 1844 איז סטאַשעוו באַשטימט געוואָרן אַלס זיץ־אָרט פון פּאָוויאַט.

אין יאָר 1811 זענען איינגעפירט געוואָרן ענדערונגען אין שייכות מיט די יאַרידים אין שטעטל. מאַרק־טעג זענען באַשטימט געוואָרן יעדן דאָנערשטיק — דאַקעגן יאַרידים אין די טעג: דעם 2־טן יאַנואַר, דעם 24־טן פעברואַר, דעם ערשטן אפּריל, דעם 27־טן מאַי, דעם 24־טן אויגוסט, דעם 2־טן סעפּטעמבער, דעם 21־טן אָקטאָבער, דעם 30־טן נאָוועמבער און דעם 20־טן דעצעמבער.

אין יאָר 1825 איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער נייער בית־עולם.

אין יאָר 1826 איז אויפגעבויט געוואָרן די ערשטע בריק קעגנאיבער דער מיל.

אין יאָר 1843 איז געפּלאַסטערט געוואָרן דער שאָסיי קיין אַפּט.

אין יאָר 1846 האָבן זיך 10 יידן, געשטיצטע דורכן כראַביע פּאָטאָצקי, באַזעצט אַלס לאַנדווירטן אויף דער אַדאָמאָווקע, ביי סטאַשעוו. די 10 זענען: 1. ישראל דיזנהויז. 2. פּינקוס וויינריב. 3. זשעטמא (?) שטראוס. 4. לייזער שטערנבערג. 5 צאַלע וינצנטער. 6. ישראל גאָלדשטיין. 7. יחזקאל אורקאַן. 8. שמואל גאָלדבערג. 9. לייזער ערליך. 10. יוסף פרענקל.

אין זעלבן יאָר האָט לייביש וואלמאַן אַדורכגעפירט דאָס אויסגראָבן אַ נייעם קאַנאַל פאַר דעם טייך טשאַרנע ביז צו דער דלוגע גאַס; פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט וואלמאַן באַקומען 2040 זל. און 18 גראָשן.

אין יאָר 1850 איז די צאָל יערלעכע יאַרידים פאַר־קלענערט געוואָרן און געשטעלט געוואָרן אויף 6.

אין יאָר 1854 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שרפה אין שטעטל. 17 הייזער און פיל פויערישע געביידעס זענען אַוועק מיטן רויך.

אין יאָר 1874 איז ווידער אַנטשטאַנען אַ גרויסע שרפה, בעת וועלכער ס'זענען פאַרברענט געוואָרן אַלע הייזער, אָנהייבנדיק פון טייך ביז דער טומאה־גאַס, איינשליסלעך די שול.

אין יאָר 1886 איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער שטאָט־גאָרטן.

אין יאָר 1899 איז געגרינדעט געוואָרן די ליי־און שפּאָר־קאַסע.

**סטאַטיסטישע אָנגאַבן:**

| | 1899 | 1913 |
|---|---|---|
| יידישע מיטגלידער | 41 | 539 |
| קריסטלעכע " | 54—95 | 618—1157 |

מיטבאַטייליקונג מיט 50 רוב.

| | | |
|---|---|---|
| 1864 רוב. | 44435 רוב. | 24 קאָפּ. |

פקדונות:

| | | | |
|---|---|---|---|
| יידן | 500 רוב. | 52508 " | 23 " |
| קריסטן | 4049 " | 87.000 " | |
| | 4549 רוב. | 139.508 " | 23 " |

הלוואה:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַלגעמיינע | 6666 רוב. | קריסטן | 75.000 רוב. |
| | | יידן | 80.000 " |

אַדמיניסטראַטיווע הוצאות:

| | |
|---|---|
| אומזיסט | 4108 רוב. 40 קאָפּ. |

אין יאָר 1905 איז געגרינדעט געוואָרן דער „בונד". אינעם זעלבן יאָר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין שטעטל אַ בירגערלעכע רעגירונג און פּאָליציי, וואָס זענען באַ־שטאַנען פון יידן און פּאָליאַקן צוזאַמען, און ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פאָלקס־געריכט.

אין יאָר 1910 זענען אַנטגילטיק פעסטגעשטעלט געוואָרן די מאַרק־טעג אויף יעדן דאָנערשטיק, דאַקעגן די יאַרידים אויף יעדן מאָנטיק.

אין יאָר 1914 זענען, אין טאָג פון יום־כיפור, לויט אַ באַפעל פון רוסישן גענעראַל נאָוויקאָוו, איין ייד געוואָרן אויפגעהאָנגען און 10 אַנדערע דערשאָסן.

אין זעלבן יאָר זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אַלס „זאַקלאַדניקעס" קיין רוסלאַנד דער שטאָט־רב ר' יהודה ליב גרויבאַרט און דער אָרטיקער בעל־הבית, ר' דוד גאָלדפעדער.

אין יאָר 1917 — די גרינדונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און מזרחי. אינעם זעלבן יאָר קומט אויך פאָר די ערשטע כ' תמוז־טרויער־אַקאַדעמיע צום אָנדענקן פון ד"ר הרצל.

אין יאָר 1918 — אַנטשטייט די „הסתדרות צופים־סקויטינג" — שפּעטערדיקער השומר־הצעיר, דורך יצחק טענענבוים פון בענדין.

אין יאָר 1919. נאָך פוילנס ווידער־אַנטשטיין, האָבן די אָרטיקע פּאָליאַקן געהעצט די אַרומיקע פויערים אויסצופירן אָנפאַלן אויף יידן. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון די קהילה־טוער: וואָלף טוכמאַן, אפרים זינגער, ישראל קאַרפן, מאַטיס פרידמאַן און יוסף סעגאַל — איז די דאָזיקע געפאַר באַזייטיקט געוואָרן.

אין יאָר 1923 איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט היים צימערמאַן, דער פירער פון אָרטיקן בונד. זיינע חברים האָבן נישט צוגעלאָזן די חברה־קדישא און אים איינגע־

אָרדנט אַ וואָכיקע קבורה. אין שטעטל האָט זיך געקאָכט ווי אין אַ קעסל.

אין יאָר 1924 האָט אַ דונער געטראָפן דעם 16־יאָריקן זון פון הערשל גאָלדפלוס. אַלע רעטונגס־מיטלען ווי: אים איינאָטעמען קינסטלעכע לופט, איינגראָבן אין דער ערד ביז צום האַלז און אַנדערע — האָבן נישט געהאָלפן.

אין 1925 איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס פאַריכטן די מייער פון אַלטן בית־הקברות. טראָץ דעם, וואָס די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געוווינט אין שכנה׳שאַפט מיטן בית־הקברות, האָבן זיך קעגנגעשטעלט מיט כוח, איז די דאָזיקע שליחות אויסגעפירט געוואָרן בשלמות — אַ דאַנק דער ענערגישער אינטערווענץ פון די קהילה־מיטגלידער און ספּעציעל פון ר׳ אפרים זינגער.

אין זעלבן יאָר, אין ראש־השנה, איז אויסגעבראָכן אַ שרפה אין שטעטל, בעת וועלכער ס׳איז אַוועק מיטן רויך, אין זיין אָפּוועזנהייט, דאָס הויז פון ר׳ משה ריי, ביים וואַסער. בעת ר׳ משה איז נאָך יום־טוב צוריקגעקומען פונעם רבי׳ן און גענומען גיין פון דער אַפּטער־גאַס אין דער ריכטונג פון זיין הויז — האָט אים גענומען באַגלייטן ר׳ נפתלי שאָר הי״ד, כדי אים פּאָרזיכטיק צוצוגרייטן צום געשעענעם — אויס מורא, אַז דער פּלוצים׳דיקער שאָק זאָל נישט גורם זיין נאָך אַ גרעסער אומגליק.

אין יאָר 1929 און שפּעטער האָט זיך דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם, פון דער ענדעקישער ש׳לע, געלאָזן שטאַרק מערקן. אונטער דער לייטונג פון זייערע אָרטיקע פאָרשטייער: שטשוועק, דער אָרגאַניסטער סאַמבורסקי און אַנדערע, האָבן די אַנטיסעמיטן געבראָכן שויבן, געשטעלט פּיקעטן פאַר יידישע געשעפטן און ס׳זענען אויך פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן די לעצטע און דער יידישער יוגנט.

אין יאָר 1929/30 האָט, בעת אַ וואַל־רייזע,באַזוכט סטאַשעוו דער פירער פון פּוילישן יידנטום, יצחק גרינבוים. דער באַזוך איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יום־טוב פאַרן שטעטל.

אין 1930 זענען געגרינדעט געוואָרן דער הנוער הציוני און החלוץ הכלל־ציוני, בעיקר דורך צבי לעוואוויטש הי״ד.

אינעם זעלבן יאָר איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן די אָרגאַניזאַציע פון צעירי אגודת־ישראל.

אין יאָר 1932 האָבן באַזוכט ד״ר יצחק שיפּער הי״ד און, ייבדל לחיים, זרובבל, אויף אַ ריי ליטעראַרישע פאָרלעזונגען און אַנדערע.

אינעם זעלבן יאָר איז ווידער אויסגעבראָכן אַ שרפה. פונעם שייער (סטאָדאָלע), נעבן ר׳ מרדכי וואגנערס הויז, האָט זיך דאָס פייער גיך צעטראָגן, פאַרברענענדיק אַלע הייזער אויף די אַזויגערופענע: „פּלאַצעס״ (פּלעצער) ביז צו דער זלאָטע גאַס. בעת דער שרפה איז אויך פאַרברענט געוואָרן אַ פּוילישער פאַסטוך, וואָס איז געשלאָפן אינעם שייער.

אין יאָר 1933 האָט זיך ביי חנה כץ, דעם קצב, אַן אָקס צעווילדעוועט און אים דער׳הרג׳עט.

אין 1934, אין חודש פעברואַר, האָט דאָס שטעטל געפייערט די עליה קיין ארץ־ישראל פון דער משפחה ראבד. נאָכן באַנקעט אין לאָקאַל פון מזרחי — האָט דאָס שטעטל זיי אַרויסבאַגלייט מיט געזאַנג און טענץ.

אין זעלבן יאָר, אין מיטן העלן טאָג, איז ווידער אויסגעבראָכן אַ שרפה, אין גאַסטהויז, אין ווינקל פון מאַרק און אַפּטער־גאַס. אַ ריי הייזער פונעם רוג (ווינקל) ביז ר׳ אַלטער בוכוואַלדס הויז איז אַוועק מיטן רויך.

אין 1935 איז אויסגעבראָכן דער גרויסער שטרייק פון די שיסטער און שטעפּער קעגן די שיך־סוחרים. אַ דאַנק די אומאויפהערלעכע אָנשטרענגונגען פון דער פאַרוואַלטונג פון שיך־סוחרים־פאַריין, די ה״ה: אלטער באנד, מענדל שניפּער, אייזיק וואלמאַן, הערשל ניסנצווייג, מענדל ליפּשיץ און פונעם פאַריין־סעקרעטער נתן רייך — איז דער שטרייק איבערגעריסן געוואָרן, נאָך איידער ר׳האָט באַוויזן צו פאַראורזאַכן ערנסטע שאָדנס.

אין יאָר 1936 איז, נאָך אַ גרויסער מחלוקת, אויסגעוויילט געוואָרן אַלס שטאָט־רב, הרב ר׳ אלטער אליעזר האָרוויץ, געוו. רב אין ריגליץ, פון דער דינאַסטיע פון ר׳ נפתלי ראָפּשיץ זצ״ל.

**אין יאָר 1938 איז געעפנט געוואָרן דער באַזאַר פאַרן ק.ק.ל., אָרגאַניזירט דורך אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטעטל.**

---

**5.9.1939, אין פינפטן טאָג פונעם אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג, איז דאָס שטעטל באַמבאַרדירט געוואָרן דורך די דייטשן און ס'זענען געפאַלן די ערשטע** קרבנות **פון דער משפחה פון** מאיר כהן און אַנדערע.

**6.9.1939 איז אויסגעבראָכן אַ** גרויסע שׂרפה.

**8.9.1939 אין דער נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק זענען** די נאַצי־חיילות אַנגעקומען **אין שטעטל.**

**16.10.39 האָט זיך אויפן אָרט באַזעצט אַ** סטאַבּילער זשאַנדאַמעריע־פּאָסטן.

**נאָך געציילטע טעג זענען** אַרעסטירט געוואָרן 5 יידן **אַלס** פאַראַנטוואָרטלעכע **פאַר דער** „גוטער אויפפירונג" **פון דער יידישער באַפעלקערונג.**

**25.11.39 איז** אַרויפגעלייגט **געוואָרן אויף דער קהילה די** ערשטע קאָנטריבוציע.

**עטלעכע טעג פאַר דעם האָבן די דייטשן** נאָמינירט **דעם יידישן** „עלטעסטן־ראָט".

**1939, אין דעצעמבער** איז **פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ** באַפעל, **לויט וועלכן יעדער ייד,** פון 10 יאָר אָן, **איז פאַרפליכטעט** אָנצוטאָן אַן „אָפּאַסקע" **פון ווייסן לייוונט מיט אַ בלויען** מגן־דוד.

**אין דעם חודש זענען אָנגעקומען די** ערשטע פּליטים פון קאַליש.

**26.1.1940 איז** געעפנט געוואָרן די **פאָלקס־קיך אין חסידישן בית־המדרש.**

**29.1.1940 זענען אָנגעקומען אין שטעטל** 150 ס"ס־לייט, **אָנגעפירט פון אָבערשטורמפירער וואָסמאַן, צו** רויבן **און** ליקווידירן יידישע געשעפטן, **מיט דער אַקטיווער** אונטערשטיצונג **פון די** פּאָליאַקן און פאָלקס־דייטשן.

**1940, אין ערב שבועות, איז אָנגעקומען** דייטש'ש וואַלד־מיליטער. **זיי האָבן שטאַרק** צעשלאָגן אפרים זינגער, **אים** אַרעסטירט **און** אָפּגעפירט **קיין** איוואַנצק.

**נאָך** שווערע אָנשטרענגונגען **און** לאַפּוווקעס **איז זינגער** באַפרייט **געוואָרן.**

**1.7.1940 — אַלע יידן, פון 15 יאָר אָן, זענען** אויפגעפאָדערט **געוואָרן צו אַרבעטן** 2 טעג אין דער וואָך **ביי** צוואַנגס־אַרבעטן.

**15.7.1940, איז** אָנגעקומען „עמלער", **אַ דייטשע געזעלשאַפט צו בויען שאָסייען.**

**12.9.1940, אין אַ** גע'עג **נאָך יידן האָבן די דייטשן** געכאַפּט 260 מענטשן, **צוליב געזונטהייטס־טעמים זענען** 20 געוואָרן באַפרייט. **די** איבעריקע **זענען** אַפּגעשיקט **געוואָרן אין אַן** אַרבעטס־לאַגער.

**1940, ערב־סוכות,** 2 **טעג פאַר יום־טוב, האָט די** דייטשע זשאַנדאַמעריע, **מיטן פאָלקס־דייטש** קאַרל טירענע **בראש,** אַרעסטירט לייזער ברענזל, אים איינגעשפּאַרט **אין דער** שטאָט־תפיסה און אים דאָרט אויפגעהאָנגען.

**1941, יוני, ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן די** יידישע „אָרדנונגס־דינסט".

**1.1.1942, יידן איז** פאַרבאָטן **געוואָרן צו** פאַרלאָזן ס'שטעטל. יעדן, וואָס וועט עובר זיין **אויפן פאַרבאָט** — דראָט טויט־שטראָף.

**6.1.1942** — פוטער־אַקציע.

**15.1.1942,** יידישע געשעפטן **זענען געשטעלט געוואָרן** אונטער דער אויפזיכט **פון דייטשן, פאָלקס־דייטשן, אָדער פאָליאַקן.**

**1942, פעברואַר. אין שטעטל איז** אָנגעקומען **דער** געסטאַפּאָוויעץ פאַן מאַלוטקי, **פון טאַרנע.** רויבנדיק די יידישע פאַרמעגנס **האָט ער דערצו שטאַרק** צעשלאָגן זייערע אייגנטימער.

**17.3.1942 — נאָך** אַ באַזוך **פון** פאַן מאַלוטקי, **דאָס־מאָל האָט ער** דערמאָרדעט 2 מעלעצער יידן און אַ פּליט ליכטנשטיין.

**1942, אַפּריל. די** פּאָליאַקן מסר'ן **יידן אין שמוגלען לעבנס־**מיטל. **אַלס** ערשטער קרבן **פון די דאָזיקע מסירות איז געפאַלן** די 19־יאָריקע טאָכטער פון הערשל ביזעם.

**1942, יוני. דער „יודנראַט" איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צוזושטעלן** 100 „פרייוויליקע" **פאַרן סקאַר־זשיסקער לאַגער.**

**15.6.1942 — אין פּאַרעפּנסלעכט געוואָרן די** פּאַראָרדענונג **וועגן „געטאָ" אין 2 שטאָט־טיילן.**

**1.7.1942 — אין** געשלאָסן **געוואָרן דער** „געטאָ".

**1942, אויגוסט. ס'זענען** אויפגעשטעלט **געוואָרן די** קליידער־ווערקשטאָטן **פֿאַר די דייטשן.**

**11.9.1942 — די דייטשע** זשאַנדאַמעריע **איז אַריין צו** יחיאל מילגרוים, צוגערויבט די גאַנצע סחורה, **אים צוגעבונדן, אויף אַ גאַנצן טאָג,** צו אַ טעקסי, **און דערנאָך אים** איינגעשפּאַרט אין תפיסה.

**27.9.1942** — ווידער אַ געיעג נאָך יידן **קיין סקאַרזשיסק.**

**1.10.1942** — יענדרעק דרעזלער דערמאָרדעט יעקב אריש קאַזוכאָוויטש

**2.10.1942 — דער** זשאַנדאַמעריסט פּאַנטער **(פֿון פראַנקפורטביים מיין)** דערמאָרדעט די פרוי פון מאַרקל ווייסוואַל.

**4.10.1942** — „אויסזידלונג" אין שידלעוו. **אין די טעג זענען אויך „אויסגעזידלט" געוואָרן:** אָסטראָווצע, אָפּט **און** כמיעלניק.

**10.10.1942** — 300 „פּריוויליקע" קיין סקאַרזשיסק.

**18.10.1942 — ס'זענען** געבּרענגט געוואָרן **די** „אויס־געזידלטע" פון אָשיק און פּלאַנטש.

**6.11.1942** — צווייטע „אַקציע" אין כמיעלניק.

**8.11.1942** — כ"ח מרחשון תש"ג:

**ליקווידאַציע פון סטאָשעוו**

**ווי מ'האָט דערציילט, האָט זיך אין דעם טאָג** אַרויסגעריסן פון ר' שימעלע מלמד דער ווײ־געשריי: „לית דין ולית דיין!"

**1.12.1942 — די** דייטשן פּראָקלאַמירן 5 **„יודנשטעט"** איינער אין צוויזמער.

**15.12.1942** — ליקווידאַציע פון די **„ווערקשטאָטן".** **זיי ווערן איבערגעפירט קיין פּאָניאַטעוו.**

**10.1.1943** — ליקווידאַציע פון **„יודנשטאַט" אין** צוויזמער.

**1943, מאַי.** דוד שניפּער פירט אָן מיט אַ פּאַרטיזאַנער־קבוצה **אין די ווישקאָווער וועלדער.**

**אין זעלבן חודש זענען פון „עמלער"־לאַגער** אַרויס־געשיקט געוואָרן 100 מענטשן **אין אַ שטיינהאַקעריי ביי צוויזמער,** קלעטשאַנעוו.

**3.6.1943** — ליקווידאַציע פון „עמלער". **די מענטשן ווערן** איבערגעפירט קיין סקאַרזשיסק און ראַדאָם.

**5.11.1943** — ליקווידאַציע פון פּאָניאַטעוו. דארונטער הונדערטער סטאָשעווער יידן.

**3.8.1944** — דער טאָג פון באַפרייאונג פאַר די גע־ראַטעוועטע **אין די סטאָשעווער וועלדער און באַהעל־טענישן.**

**9.5.1945** — דער טאָג פון באַפרייאונג פאַר די געראַטעוועטע סטאָשעווער יידן אין טערעזיענשטאָט.

# ווי סטאשעוו האט אויסגעזען אין פו־טן יארהונדערט

סטאָשעוו, אַ שטאָט אין פּאָוויאָט סאַנדאָמיר, ביים טייך טשאַרנאַ, וואָס פאַלט אַריין נאָך 17 וויאָרסט אין די ווייסל, אונטער פלאַנטש. דער באָדן אין סטאָשעווער געגנט פאַרמירט זיך פון דריי שיכטן: גיפּס, קאַלך און זאַמד. סטאָשעוו איז 210 וויאָרסט פון וואַרשע, 114 וויאָרסט פון ראַדאָם, 48 וויאָרסט פון סאַנדאָמיר, 52 וויאָרסט פון אָסטראָוצע. דער שטח פאַרנעמט 1743 מאָרגעס, פון וועלכע 120 פאַרנעמען די הייזער און די גאַסן.

די שטאָט באַשטייט פון 13 גאַסן, 3 פלעצער, 420 הייזער, פון וועלכע 305 זענען געמויערטע און 115 היל־צערנע. די גאַסן זענען ברוקירט און ריין געהאַלטן. דער מאַרק איז באַזעצט מיט ביימער. דער שטאָט־גאָרטן, ביים וואַסער, איז געוואָרן געגרינדעט אין 1886 יאָר. אין שטאָט געפינען זיך צוויי קאַטוילישע קירכעס, אַ סי־נאַגאָגע (שול), צוויי אָנפאַנג־שקאָלעס, 5 יידישע חד־רים, אַ פרידנס־געריכט, אַן אויספאַרשונגס־ריכטער, אַ רעיענט און אַ פּאָסט, אַ שפּיטאָל מיט 25 בעטן, אַ הקדש פאַר 5 אָרעמע מענטשן, מיט אַן הכנסה פון 1321 רובל אין 1881 יאָר, אַ מיליטערישער שפּיטאָל, 4 דאָקטוירים, אַ וועטערינאַר, 5 פעלדשערס, איין אַפּטייק. פון פאַבריקן עקזיסטירן: אַ בראָוואַרניע, מיט אַ פּראָדוקציע פאַר 3000 רובל (מיט 5 אַרבעטער), אַ האָניגמאַכער, 2 אַר־בעטער און 600 רובל פּראָדוקציע, צוויי סאָדע־וואַסער פאַבריקן, צוויי וואַסער־מילן מאָדערנע, מיט 21 אַרבע־טער און ביז אַ 18000 רובל הכנסה. פון אַרבעטער: שיסטער 51, שניידער 24, פעסלער־מאַכער 20, קצבים 18, בעקער 16, סטאָלערס 14, מולאַרזעס 12, היטלמאַ־כער 10, טעפּערס 7, קלייטן 120. אין 1886 האָבן זיך געפונען 7971 איינוווינער שטענדיקע און 820 נישט שטענדיקע. רעליגיעס: קאַטאָליקן 2668, פּראַוואָס־לאַוונע 15, פּראָטעסטאַנטן 8, יידן 5280.

אין 1827 יאָר זענען געווען 350 הייזער און 3107 איינוווינער. אין 1857 יאָר זענען געווען 367 הייזער, געמויערטע 107, און 5104 איינוווינער, פון זיי 3303 יידן. די שטאָטישע הכנסה באַטרעפט אַרום 4500 רובל, די קאַפּיטאַלן אין דער פּוילישער באַנק 10000 רובל.

איבערזעצט פון פויליש: הערשל פּאָמעראַנצבלום ז"ל.

## צבי גולדברג ז"ל תל־אביב / הבנק הקואופרטיבי

מלחמת העולם הראשונה, שנמשכה, כידוע, ארבע שנים רצופות גרמה, כדרכה של כל מלחמה, הרס רב לחיי הכלכלה בכלל ולזו של היהודים, הפגיעים במיוחד, בפרט. שיבוש הדרכים ותקלות אובייקטיביות אחרות, שהנם תופעות לוואי בלתי־נמנעות של פעילות מלחמ־תית, מטבע הדברים שנותנים את אותותיהם, בעיקר, במעמדות הביניים הבלתי יצרניים, כגון: מעמד הסו־חרים הזעירים ובעלי המלאכה, שעליהם, ברובם, נמנו היהודים.

אך במידה, שחיי הכלכלה בכללותם, עם תום המל־חמה, החלו להתאושש ולחזור, לאט־לאט, למסלולם הרגיל — הרגישו יהודי סטאשוב, שתכופות הפרוטה לא היתה מצויה בכיסם, בהיותם, כנזכר לעיל, הנפ־געים העיקריים מפעולות המלחמה, צורך דחוף להקים מוסד אשראי יהודי ועצמאי, שיקל על המצוקה הכס־פית, ויפתח אפשרויות ליוזמה ולהתפתחות חיי מסחר ומלאכה תקינים. לשם מילוי תפקיד נכבד זה נוסד, בשנת 1922, הבנק הקואופרטיבי, שהיה אחד הראשונים מסוגו בפולין כולה. בין יוזמי ומייסדי הבנק היה, אגב, גם כותב השורות האלה.

ואם כי הון היסוד של המוסד החדש מצער היה, בסך הכל 2.500 זלוטי, שנתקבלו ממאתיים וחמישים מניות־חבר, בנות 10 זלוטי כל אחת — בכל זאת הלך המוסד, לאט־לאט אך בבטחה, הלוך והתפתח, והפך, במשך השנים, לגורם כספי ממדרגה ראשונה, וזאת לא רק בשביל יהודי המקום בלבד, אלא, במידה מסוימת, וגדלה והולכת, גם לסביבה כולה.

על חשיבותו הרבה של הבנק הנ"ל בשנות התפת־חותו תעיד העובדה, שהיקף פעולותיו השנתיות הגיע למיליון זלוטי ויותר, סכום לגמרי לא מבוטל בזמן ההוא.

יצוין, שמייסדי הבנק ומנהליו לא ראו את עצמם כפקידים ביורוקרטיים, המייצגים אינטרסים אנוכיים או כיתתיים מסוימים, אלא כעסקנים באמונה, הממלאים את תפקידם לטובת ולתועלת הציבור היהודי כולו.

להדגמת הנ"ל נזכיר את העובדה הידועה, שלעתים קרובות, לפי בקשת בעליו, לא נשלחו שטרות ל„פרו־טסט" על־אף הסיכון שהיה כרוך בכך. אַרכה כזאת, ולו גם לימים מספר בלבד, ערכה היה גדול לאין־ערוך אף מהלוואה, בהיותה שומרת על שמו הטוב של בעל השטר לבל יוכתם חלילה ויעורער ע"י כך מעמדו בחברה. יתר על כן: המוסד הנ"ל שימש את האוכלוסייה היהודית, לא רק ע"י הטרנסקציות הבנקאיות הרגילות והמקובלות, אלא גם — באופן פרטי ובמידה שהתנאים איפשרו זאת — כמקור לגמילות חסדים, שאין לה ולבנקאות ולא כלום.

כך הבינו מייסדי ומנהלי הבנק את תפקידם הצי־בורי, בקיימם בזה את החלק השלישי, לפחות, של מאמר המשנה המפורסם: „על שלושה דברים העולם עומד: על התורה, על העבודה ועל גמילות־חסדים".

מדי שנה בשנה פורסם מאזן הבנק על כל סוגי עיסקותיו והתקיימו בחירות להנהלה ולמועצה. הבחי־רות שהתנהלו באופן דמוקרטי בהחלט — היוו מאורע רב־חשיבות בציבוריות היהודית המקומית. על מידת החשיבות שיוחסה להנהלת הבנק תוכיח העובדה, שיהו־דים רבים, למרות טירדות הפרנסה, עזבו את החנות, או את בית־המלאכה, ואצו־רצו לאסיפה השנתית, על־מנת להשתתף בעצמם בוויכוחים, בהחלטות ובבחירות למוסדות המנהלים ולהשפיע על הנהלת ענייני הבנק למשך השנה הבאה.

כי המוסד הזה לא נחשב כרכושם הפרטי של מספר אנשים, שהשתלטו עליו ועשו בו כבתוך שלהם. הבנק

השתייך לציבור בעלי המניות כולו — יהוא שהטביע את חותמו על אופן וסדרי הנהלתו.

למוסד הכספי החשוב הזה, שהיה, אגב, מסונף לברית הקואופרציה היהודית בפולין, יצא מוניטין בעולם המסחר, וחתימתו: מטבע עוברת לסוחר ברחבי פולין כולה.

בראש המוסד עמדה הנהלה בת 3 חברים, ועל ידה מועצה של ששה חברים.

על ההנהלה נמנו: ר׳ דוד טאומן, ר׳ שמואל חלמר וכותב השורות האלה. ואילו על המועצה — ד״ר רסינוב, בנימין טוכטרמן, אברהם ניסנבוים, חיים אל־בום, יוסף סגל והיים נטע ארליכמן.

הנהלת החשבונות נמצאה בידי הרשל׳ה טאומן, ולאחר יציאתו לוורשה ירש את מקומו שמואל שניצקי, ששימש קודם לכן כסגנו.

לסיום מותר להגיד, כי הבנק הנ״ל מילא, בשעתו, את תפקידו שלמענו נוסד, היינו: לשמש מקור אשראי נוח לאוכלוסייה היהודית — באמונה, וחלקו היה גדול בפיתוח יחסי־מסחר נורמליים, בעידוד היוזמה האישית ובעזרה — לאדם הקטן.

# הפעולה הסוציאלית בימי מלחמת העולם השנייה

מטר של גזירות קשות, חדשות לבקרים, ניתך על ראשי היהודים בשטחי הכיבוש הנאצי, בתוכם גם על יהודי סטאשוב.

קודם כל נאסר על היהודים לצאת מתחומי מקומות מגוריהם, ואילו לאחר מכן גם נאלצו להידחק לתוך מיטת סדום מחניקה ומצחינה — לגיטאות צפופים — ונמנע מהם, בכורח המציאות החדשה לבוא במגע כל־שהו עם האוכלוסייה הפולנית.

אחת המלים, שהיתה נפוצה ביותר, בימים הקשים ההם, מלה שמשמעותה היתה מכרעת לגבי מצב וגורל היהודים, היתה המלה: „אסור". במלה האכזרית הזאת נתקלו היהודים על כל צעד ושעל, בהגבילה ובצמצמה את אפשרויות הקיום עד למטה מכל מינימום.

אך המלה הזאת, עם כל תוצאותיה ההרסניות, לא פחות משהיה בה משום איום וסכנה גופניים לחיי היהודים — היה בה משום עלבון והשפלה לצלם האלהים של האדם היהודי. התנאים המיוחדים האלה גרמו בהכרח לכך, שלחלק גדול של הציבור היהודי בסטא־שוב — פרט לקרבנות הדמים שהציבור הזה נתבע להקריב מפקידה לפקידה ופרט לקונטריבוציות השו־נות והמשונות, אם במזומנים ממש, אם בתכשיטים ואם בפרוות, שנאלצו כל יום שני וחמישי להמציא — אבדו רוב מקורות הקיום והגיע עד פת לחם ממש.

המצב הוחמר עוד פי כמה וכמה על־ידי העובדה, שלעיירתנו הגיעו מאות רבות של פליטים, ביניהם הלק גדול בחוסר כל, בהימלטם מלודז, קראקוב, וורשה וערים אחרות — בתקווה למצוא אצלנו מקלט.

על מנת לקדם את פני הרעה התעורר ה„יודנראט", לפי יוזמת ראשו, אפרים זינגר, ובעזרתם הפעילה של מס־פר אנשים בעלי תחושת אחריות לגורל הציבור הנתון במצוקה, כמו: מנדל פרידמן, יצחק טוכמן, מנחם ליפ־שיץ, מאיר בידלובסקי, האחים רוטמן (פליטים מלודז) והאחים ליזרוביץ, (פליטים גם הם) — להקים מטבח לעניים, כדי להקל, במידת מה, על מצבם של מאות האנשים הרעבים ללחם, בעיקר מקרב הפליטים. המטבח הוקם בבית־המדרש החסידי, ברחוב ריטווינסקה התח־תית.

בעת ובעונה אחת הופעל מחדש סניף „טאז", שהיה קיים בעיירה עוד מלפני המלחמה. בראש הסניף הועמד הד״ר קירשנבום ז״ל. אדם זה, בעל קסם אישי רב ואוהב על הבריות, „לקח" את הדברים ברצינות, בעשותו כמיטב יכולתו, ולמעלה מזה, כדי להעמיד את שירותי הבריאות לאוכלוסייה היהודית על רמה נאותה, על־אף תנאי החרום. על משמרתו — במילוי חובתו לאתיקה הרפואית ולרגש האחריות והמסירות לזולת שפעם בלבו — נפל גם חלל. במגיפת הטיפוס שפרצה בעיירה, באותו הזמן, לא חס הד״ר קירשנבום על עצמו,

בעשותו ימים כלילות להגיש עזרה לכל הנזקקים לה. פעולתו זו בתנאים הקשים הכריעה אותו. לבסוף נדבק בעצמו במחלה ולאחר זמן קצר נפטר.

על־אף תנאי המלחמה נערכה לו הלוויה רבת־עם, שבה חלק לו כבוד אחרון רוב־רובו של הציבור היהודי במקום, לרבות חלק מהאוכלוסייה הפולנית.

יהא זכרו ברוך!

אחר מותו של ד״ר קירנשבוים ז״ל (אגב, לא נותר אף שריד ממשפחתו, גם אשתו ובתו היחידה ניספו ע״י הנאצים), עברה הנהלת המוסד לכותב השורות האלה. „טאז" פעל רבות באירגון שירותי הבריאות לאוכלוסייה היהודית. אמנם, לא קלה היתה המשימה, בעיצומה של המלחמה, להשיג עובדים מנוסים ונאמנים, לרבות צורכי רפואה ואישפוז. בכל זאת הצטיין המוסד בפעולתו ולא פעם אף נעזרו על ידו מוסדות בריאות לא יהודיים.

בתקופה ההיא נוסדה בפולין אגודה יהודית לעזרה הדדית, בשם „ז.ס.ס." (ז׳ידובסקה סַמופומוץ ספולצ׳נה), שמרכזה היה בקראקוב. בראש סניף האגודה בסטאשוב עמדה הנהלה בראשות החותם ועל חבריה נמנו: מרדכי פומרנצבלום, מגיסטר שטרן (פליט מלודז), ראובן ברך הרציג — מזכיר, ומרדכי זונשין — גזבר.

סניף האגודה קיבל תחת חסותו את מוסד הבריאות המיותם „טאז" ואף תמך במטבח. הסניף של האגודה הקיף את כל השירותים הסוציאליים ואת כל שירותי הבריאות. בארגנו פעולות עזרה נרחבות לנזקקים המרובים של יהדות סטאשוב המרוששת והמעונה, לרבות הפליטים.

מרפאה משוכללת, לפי מושגי הזמן ההוא והתנאים ההם, סיפקה עזרה רפואית ל־2000 נפש בערך.

על רופאי „טאז"—האגודה נמנו: ד״ר ברגסון (פליט מוורשה) וד״ר אליהו פרידמן, ואילו כרופאי שיניים פעלו: שינדל ושלמה פרידמן.

ראוי להזכיר, שעזרה רבה לשירותי הרפואה הגיש חובש בשם פינצקי, פליט מקראקוב.

ע״י הסניף אורגן גם חוג נשים, עובדות סוציאליות, בהנהלתה של מגיסטר רבקה טרופר.

לחוג זה השתייכו: פרל טוכמן, פרל רוזנגרטן, דינה רוזנבלום ועוד. גם הללו תרמו את חלקן להקלת העוני והסבל של יהודי סטאשוב ופליטיה, תוך ציפייה דרוכה לבוא היום, שיחלצנו ממוראות תקופת „הסדר החדש" — ציפייה שברובה המכריע נכזבה.

# מנחם ליפשיץ גבעתיים / די שיך פּראָדוקציע



ייִדישע פּרנסות אין די קליינע פּוילישע שטעטלעך איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנט, באַלערנדיק קאַפּיטל פאַר סאָציאַל־עקאָנאָמיסטן, נישט נאָר כּדי פעסטצושטעלן דעם ווירטשאַפטלעכן יסוד, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך באַזירט די ייִדישע יישובים, אינמיטן פון אַ פרעמדער, באַוועלטיקנדיקער סביבה — נאָר אויך כּדי אַרויסצוציען מסקנות פאַר זייער סאָציאַל־פּאָליטישער פּאָזיציע. מיין כּוונה אין דער נאָכקומענדיקער אַרבעט איז אַ ווייט באַשיידענערע: אין דער דאָזיקער אַרבעט וועל איך זיך באַמיען צו געבן אַ ווי ווייט מעגלעך אָביעקטיוון איבערבליק איבער דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער שיך־בראַנזש, דעם וויכטיקסטן פּרנסה־צווייג פון דעם 5000 קעפּיקן ייִדישן יישוב אין שטעטל, וועלכער האָט געבילדעט וואָסערע 50% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

די דאָזיקע, פול מיט לעבן, פּולסירנדיקע ייִדישע קהילה האָט אויך געצויגן חיונה פון אַ סך אַנדערע ווירטשאַפטלעכע צווייגן, ווי: קליינע און גרעסערע תבואה־סוחרים, האָלץ־סוחרים, קאָלאָניאַל־גאַלאַנטעריע־און מאַנופאַקטור־געשעפטן, מאַרק־שטייער, אַזוי־גערופענע טאַנדעטניקעס, און אַנדערע.

דעצידירנדיק אָבער פאַר דער שטעטלשער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט איז געווען: די ברייט־פאַרצוויגטע שיך־פּראָדוקציע, פון וועלכער אַ גאָר אָנגעזעענער טייל פון סטאָשעווער ייִדן האָט געצויגן בכבודיקע חיונה, — ביז די נאַציס האָבן חרוב געמאַכט די ייִדישע פּרנסות, צוזאַמען מיט זייערע טרעגער.

אין סטאָשעוו, וואָס האָט ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה געהערט צום רוסישן אָקופּאַציע־געביט און איבער וועלכער ס׳איז צוליב איר געאָגראַפישער לאַגע, אַדורכגעגאַנגען דער הויפּט־שאָסיי, וואָס האָט געפירט פון רוסלאַנד צו די עסטרייכיש־אונגאַריש־דייטשע גרענעצן — האָבן די רוסן אויפגעשטעלט גרויסע מיליטערישע מאַגאַזינען און פערד־שטאַלן, אַ גרויסע צערקווע, און, בעיקר, מיליטערישע לאַגערן (קאַזאַרמעס), ווו ס׳האָט סטאַציאָנירט אַ מיליטערישער גאַרניזאָן.

ווי אַ וויכטיקער קאָנסומענט, האָט דער גאַרניזאָן גורם געווען צום אַנטשטיין פון ספּעציפישע פּרנסות אין שטעטל, לויטן באַדאַרף פון דער מיליטערישער מאַכט. ס׳זענען אויפגעשטאַנען נישט נאָר ליפעראַנטן (פּאָדריאַטשיקעס), וועלכע האָבן צוגעשטעלט פאַרן מיליטער אַלע נייטיקע פּראָדוקטן, נאָר אויך אַ גאַנצע ריי בעלי־מלאכות, ווי: רימאַרעס, שניידער, שיסטער, היטלמאַכער א.אַ.וו.. — האָבן זיך בכבודיק דערנערט, אַרבעטנדיק פאַר מיליטערישע צוועקן. די אַלע דערמאָנטע באַשעפטיקונגען זענען, אין זייער גרויסער מערהייט, אַריינגעפאַלן אין ייִדישע הענט, מיטן איינציקן אויסנאַם פון שוסטער־פאַך, וואָס איז געווען, לרוב, באַזעצט פון קריסטן.

בעת דער גאַרניזאָן איז, מן־הסתם צוליב מיליטערישע סיבות, איבערגעפירט געוואָרן, אין 1906 בערך, קיין קאָליש — נענטער צו דער דייטשער גרענעץ — איז אין שטעטל אויסגעבראָכן אַן ערנסטער קריזיס. ספּעציעל קריטיש איז געוואָרן די לאַגע פון די ייִדישע ליפעראַנטן און בעלי־מלאכות, וועמעס גאַנצע פּרנסה ס׳האָט זיך געשטיצט אויפן מיליטער. זענען טאַקע מאַנכע פון די דאָזיקע ייִדן נאָכגעפאָרן נאָכן גאַרניזאָן, כּדי דאָרטן פאָרצוזעצן זייערע, שוין איינגעפירטע פּרנסות. דאקעגן איז דער רוב פּוילישע שיסטער, וועלכע האָבן, אַ חוץ דעם פאַך, אויך באַזיצט אַ שטיקל באָדן און אַן אייגן הייזל, און דאָסגלייכן די מערהייט ייִדן, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייער ברויט, און האָבן נישט פאַרמאָגט קיין מיטלען מיטצופאָרן, געבליבן אין

שטעטל, אָנהייבנדיק אַנטוויקלען נייע פּרנסות — בעיקר די שיך־פּראָדוקציע.

3 פאַקטאָרן האָבן דערמעגלעכט די אַנטשטייאונג פון דער מאַסנהאַפטער שיך־פּראָדוקציע אין אונזער שטעטל:

1. די היימישע לעדער־פּראָדוקציע פון אַ ריי יידי־שע גאַרבערייען.

2. אַן אָנזעעוודיקע צאָל יידישע אויבערטיילער (קאַ־מאַשנמאַכער).

3. אַ גרעסערע צאָל שיסטער, לרוב פּאַליאַקן.

פון אָנהייב זענען די פּראָדוציר־מעטאָדן געווען גאַנץ פּרימיטיווע און ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן נאָר אַ קינדער־שיכל פון היימישער לעדער.

אויך דער פאַרקויף איז געווען באַגרענעצט צום שטעטל און די נאָענטסטע, אַרומיקע דערפער. שפּע־טער, אַ דאַנק דער ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט פון די יידישע סוחרים, איז די דאָזיקע פּראָדוק־ציע מערפאַך פאַרפיינערט און אויסגעברייטערט גע־וואָרן, און אין דער גלייכער צייט געגומען וואָס מער אַריינדרינגען אין ווייטערע פּוילישע געביטן, דער־גרייכנדיק ביז וואָלין און מזרח גאַליציע.

ווען בעת די קריגס־אָפּעראַציעס אין די יאָרן 1914—1918, איז דער פרייער האַנדל בכלל, דערונטער אויך דער לעדער־האַנדל, פאַרבאָטן געוואָרן — איז די, נאָך גאַנץ יונגע, שיך־אינדוסטרי כמעט אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען. אָבער גלייך ווי דער קריג האָט זיך געענדיקט האָבן די יידישע שיך־אונטערנעמער מיט פרישער, פאַרטאָפּלטער ענערגיע גענומען באַנייען זייער אַרבעט, ווידמענדיק אומאויפהערלעך זייער אויפ־מערקזאַמקייט אויף דער עסטעטיזירונג און פאַרבע־סערונג פון דער שיך־אינדוסטרי, ווי אויף דער כסדר־דיקער דעראָבערונג פון נייע אָפּזאַץ־מערק.

ווי אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון סטאַשעווער שיך־סוחרים־פאַריין, און ווי אַ מענטש, וועלכער האָט די בראַנזש גוט געקאָנט פון אינעווייניק, וויל איך דאָ איבערגעבן אַ ריי, מער־ווייניקער, גענויע פּרטים, סיי איבער דער נומערישער פאַרהעלטעניס פון אַלע, אין דער אינדוסטרי, באַטייליקטע גורמים, סיי וועגן די אָנגעווענדעטע אַרבעטס־מעטאָדן.

פון די אָפּיציעלע 40[1] יידישע שיך־אונטערנעמער, האָבן געצויגן זייער דירעקטע, פולע אָדער טיילווייזע, עקזיסטענץ פאָלגנדע פּרנסה־צווייגן:

1. 60 יידישע אויבערטיילער־ווערקשטאַטן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט, אַ חוץ די אייגנטימער, און לרוב אויך זייערע פאַמיליעס — קרוב 200 געזעלן און לערן־יינגלעך, פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס און פאַרדינסט־מדרגות.

2. קרוב 1000 שיסטער, סיי זעלבסטשטענדיקע סיי אַרבעטער, זענען געווען טעטיק אין בערך 200 קלע־נערע און גרעסערע ווערקשטאַטן אין שטעטל אַליין און אין די אַרומיקע דערפער.

3. אַ 10 יידישע גאַרבערייען, ווו ס׳איז, לרוב, אויסגעאַרבעט געוואָרן די אויבערלעדער, אין פאַרשי־דענע פאַרבן און קוואַליטעטן. אגב, אַ דאַנק דער פאַר־בעסערטער קוואַליטעט און עסטעטישן אויסזען, וועלכע די יידישע גאַרבערייען האָבן צום סוף דערגרייכט — האָבן זיי, צולעצט, פאַרנומען אַ חשוב׳ן אָרט אינעם אַלגעמיינעם באַדאַרף פון ווייכע לעדער, פאַר דער אָר־טיקער שיך־אינדוסטרי, האַבנדיק גלענצנדיקע אויס־זיכטן אויף דער צוקונפט.

4. העכער 20 יידישע געשעפטן פון האַרטער און ווייכער לעדער, סיי אימפּאָרטירטע פון קראָקע, ראַדאָם־שידלאָוועץ, סיי פון דער היימישער פּראָדוקציע.

5. 10 יידישע געשעפטן פון שיסטער־ און קאַמאַשנמאַכער־טיילן, אַזויגערופענע: צודאַטן.

6. די גרעסערע שיך־סוחרים האָבן אויך באַשעפטיקט אַ 10 אַגענטן — וועלכע האָבן איינגעפירט די סטאַשעווער שיך אין די ווייטסטע פּוילישע געגנטן.

7. אַחוץ די דערמאָנטע 40 שיך־אונטערנעמער, זע־נען אויך געווען טעטיק קרוב 60 יידישע און קריסט־לעכע שיסטער, וועלכע האָבן זייער אייגענע פּראָדוק־ציע פאַרקויפט אַליין, דירעקט צום פאַרברויכער, סיי

[1] צום סוף פון אַרטיקל, זייט 77, איז בייגעלייגט אַ כמעט פולע רשימה פון די שיך־סוחרים, וואָס זענען געווען טעטיק אין שטעטל.

בעת די 2 סטאַשעווער מאַרק־טעג — מאָנטיק און דאָנערשטיק — סיי בעת די יאַרידס־טעג אין די נאָענטע שטעט און שטעטלעך.

די אַרבעטס־מעטאָדן אין דער בראַנזש:

יעדער שיך־אונטערנעמער האָט געהאַט זיינע סטאַבילע אויבערטיילער און שיסטער. די סוחרים האָבן באַשטעלט די אויבערטיילן (ביי אונז האָט מען זיי, בעיקר, גערופן כאָלעווקעס), איבערגעבנדיק זיי די שיסטער. צום אויספאַרטיקן די שיך האָבן די לעצטע באַקומען דעם נייטיקן מאַטעריאַל אין די לעדער און צרדאָטן־ (טיילן־) געשעפטן, אויפן גרונט פון אַ ספּעציעלאיינגעפירטער, אָנערקענטער, „מטבע", א. ג.: „קוויטלעך". אונטערגעשריבענע און אָפּגעשטעמפּלטע דורך די שיך־סוחרים, זענען די קוויטלעך, אין אַ גענוי באַשטימטער צייט אַרום, אויסגעקויפט געוואָרן.

דער סיסטעם איז איינגעפירט געוואָרן, כדי פון איין זייט אויסצומיידן מיסברויכן מצד די קריסטלעכע שיסטער, וועלכע האָבן, בדרך כלל, נישט פיינט געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און מ'האָט זיי דעריבער נישט געטאָרט געבן קיין מזומנים אין די הענט — און פון דער צווייטער זייט האָט ער געדינט ווי אַ פאַרמאַסקירטע פינאַנסירונג פונעם געשעפט, וואָס האָט געפאָדערט גרויסע געלט־סכומים, אַזעלכע, וואָס זענען צומאָל ווייט־ווייט איבערגעשטיגן די פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן פון די אונטערנעמער.

אויך די אויבער־לעדער (כאָלעווקעס) איז באַזאָרגט געוואָרן דורך די שיך־סוחרים. נאָר די צודאָטן, אויסצופּערטיקן די כאָלעווקעס, האָבן די אויבערטיילער, אויף אייגענער אחריות, אַליין צוגעגעבן. ס'זענען אויך געווען פאַרמעגלעכע אויבערטיילער, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט כאָלעווקעס איף אייגענער קאָנטאָ, פאַרקויפנדיק זיי צו די זעלבסטשטענדיקע. אונטערנעמערישע שיסטער, און צומאָל אויך צו די שיך־סוחרים.

די שיך־באַשטעלונגען, וואָס זענען אָנגעקומען, נישט נאָר פון דער נאָענטער סביבה נאָר אויך פון ווייטע פוילישע געביטן, זענען, על־פי־רוב, געוואָרן פאַקט אין קאָסטנס, אָדער דיקטן, און אָפּגעשיקט מיט דער קליינ־באַן, אָדער פּאָסט. ס'זענען אָבער אויך געווען נישט ווייניק סוחרים, פון דער נאָנטער און צומאָל אויך פון דער ווייטער סביבה, וועלכע זענען, אַפּס, אַליין געקומען אין שטעטל, באַזונדערס אין די סעזאָנציי טן, איינצוקויפן אויפן אָרט זייער באַדאַרף און מיט זיך מיטגענומען.

כדי צו באַקומען אַ באַגריף פונעם פאַרנעם פון דער סטאַשעווער שיך־פּראָדוקציע, וועלכע איז, אגב, געווען אָרגאַניזירט אין אַן אייגענעם סוחרים־פאַריין, וועט גענוג זיין צו דערמאָנען די אָפיציעלע סטאַטיסטיק פונעם שטייער־אַמט אויפן יאָר 1938/39. לויט דער דאָזיקער סטאַטיסטיק האָבן נאָר די סחורות, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן מיט דער באַן און פּאָסט, אַחוץ די מענגן פּעקלעך, וועלכע זענען מיטגענומען געוואָרן מיט זיך, אָדער געשיקט דורך אַנדערע וועגן, באַטראָפן: העכער אַ מיליאָן זלאָטעס.

צום סוף וויל איך באַמערקן, און דאָס אָן דעם מינדעסטן חשש פון גוזמא, אַז כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, ווער אין אַ גרעסערער, ווער אין אַ קלענערער מאָס, גענאָסן פון דער דאָזיקער שטעטלשער אינדוסטריע, וועלכע האָט דירעקט, ווי ס'איז אויבן באַוויזן, אַרומגענומען אַן אָנגעזעעניעם טייל פון דער שטעטלשער באַפעלקערונג.

אויך די 2 יידישע, גוט־אַנטוויקלטע בענק: די באַנק „ספּולדזיעלטשי" און „קופּיעצקי" — האָבן דעם גרעסטן טייל פון זייערע באַנק־אָפּעראַציעס געהאַט צו פאַרדאַנקען דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער שיך־אינדוסטריע.

איך קאָן נישט ענדיקן דעם אַרטיקל, נישט דערמאָנענדיק, ווייניקסטנס אין עטלעכע שורות, דעם פאַקט, אַז אין שטעטל האָט אויך עקזיסטירט נאָך אַ וויכטיקער פרנסה־צווייג — די פּראָדוקציע פון ביטשיסקעס און שפּאַציר־שטעקנס. אויך דער דאָזיקער פרנסה־צווייג, גלייך ווי די שיך־אינדוסטריע, איז געשאַפן געוואָרן דורך יידישן פלייס און ענערגיע, פאַרשאַפנדיק חיונה פאַר פיל צענדליקער יידישע און נישט־יידישע

משפּחות. אַ דאַנק דער גוטער קוואַליטעט און עסטעטישן אויסזען פון דער דאָזיקער קליין־אינדוסטרי און דעם אונטערנעמערישן גייסט פון די ידישע אייגנטימער — האָט די דאָזיקע פּראָדוקציע באַקומען אַ גוטן נאָמען, ווערנדיק באַקאַנט און פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן.

אלטער באנד
אברהם בוים
הערשל ברענדזל
אלמנה און ברידער גאלדהאר
יעקב גאלדלוסט
שמעלקע גלאדשטיין
מענדל דיזנהויז
יוסף וויינגארטן
ידל וויינגארטן
הערשל וואגנער
לייזער וואטמאן
אייזיק וואלמאן
חיים ווינציגסטער
משה זילבערשטיין
ישראל אליעזר טענענבוים
בצלאל טענענווורצל
אבנר יאסקולקע
בן־ציון כהן
משה ליבערמאן
יהושע לינצפעלד
מנחם ליפשיץ (לעבט אין ישראל)
פנחס ניסנגארטן
הערשל ניסנצווייג (לעבט אין בראזיל)
מאיר קראקאוער
אלמנה פון אברהם ריזנבערג
יהושע וואלף ראזנצווייג
יוסף רייך
יעקב ראזנבערג
אברהמטשע רזעזשאק
זלמן שיינער
אלחנן שטערנליכט (לעבט אין קאנאדע)
מענדל שניפער
לייבל שווארץ
אהרן שטאלריט
שמעון אשר שטיינפעלד.

# מאיר וועבער סאן־פאולא / יידישער האַנטווערקער פאַראיין

אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע באַדייטונג פאַר אַ גרויסן טייל פון דער אַרטיקער יידישער באַפעלקערונג — איז געווען דער אַזוי־גערופענער: „יידישער האַנטווערקער־פאַראיין אין סטאַשעוו". דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער געבוי פון דעם ישוב אין סטאַשעוו, די הונדערטער יידישע בעלי־מלאכות פון אַלערליי ווירטשאַפטלעכע צווייַגן און פּראָפעסיעס, ווי: שניידער, שטעפּער, שיסטער, ביי־טשען־מאַכער, סטאָלאַרעס, שלאָסער, קירזשנער, זייַ־גערמאַכער און אַנדערע — האָבן נישט נאָר באַגינ־סטיקט דאָס אַנטשטיין פון דער דערמאָנטער אינסטי־טוציע, נאָר האָבן זי פאַרוואַנדלט אין אַן אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט.

דער שטעטלשער יידישער בעל־מלאכה, וועלכער איז לרוב נישט געווען צופיל באַהאַוונט אין די פּויי־לישע קליינע אותיות; דער בעל־מלאכה, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן — אינעם ניי־אַנטשטאַנענעם פּוילן — פאַר אַ מבול פון פאַרשריפטן און גזרות, וועמעס כוונה ס׳איז געווען לרוב צו שטערן זיין אַנטוויקלונג און צ׳מאָל אויך זיין רעכט אויף ווירטשאַפטלעכער עקזיסטענץ — פאַר דעם דאָזיקן בעל־מלאכה איז די האַנטווערקער אינסטיטוציע ממש געווען אַ חיוניות־דיקער אָנלען־פּונקט אין זיין טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר קיום.

דער האַנטווערקער פאַראיין האָט נישט נאָר פאַר־טיידיקט די אינטערעסן פונעם כלל שטעטלשע בעלי־מלאכות — און די דאָזיקע אינטערעסן זענען געווען אַזוי דיפערענצירט, ווי ס׳איז געווען פאַרשידן די גאַנצע אַרטיקע יידישע האַנטווערקער־שיכט — פאַר דער שטעטלשער פּוילישער אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט זיך באַמיט, מיטן גאַנצן כוח פון איר שטאַטלעכן רעכט, אויסצופירן די דיסקרימינירנדיקע פאַרשריפטן בכל חומר הדין.

די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט אויך, מיט אַלע כוחות, וואָס זענען געשטאַנען צו איר פאַרפיגונג, זיך באַמיט צו העלפן דעם איינצלנעם בעל־מלאכה מיט אַלע וועגן און מיטלן. וואָס האָבן זיך נישט באַגרע־נעצט צו פאַרמעלער יורידישער הילף, נאָר האָבן אויך אַרומגענומען אַנדערע מענטשלעכע באַדערפעניש, ווי אַרויסהעלפן וועמען מיט אַן הלוואה, אָדער סתם אַן עצה, אין וועלכע ס׳האָט זיך געניייטיקט וועלכער ס׳איז פאַראיין־חבר.

אין זייער אויפריכטיקער זאָרג פאַרן כלל יידישע בעלי־מלאכות האָבן די פאַראַנטוואָרטלעכע שטעטלשע האַנטווערקער־טוער נישט פאַרמישט די יוצרות, נישט געדענקט מיט קיין פּאָליטישע באַגריפן — נאָר דער־טיילט זייער הילף — אין וועלכער פאָרם דאָס איז נאָר געווען מעגלעך — יעדן יידישן בעל־מלאכה אַלס אַזעלכן, לחלוטין אומאָפּהענגיק פון זיין פּאָליטישער איבערצייגונג.

האָט טאַקע די דאָזיקע אינסטיטוציע גענאָסן פון פולער סימפּאַטיע, נישט נאָר פון אירע מיטגלידער אַליין, די האַנטווערקער, נאָר איז אויך געווען רעס־פּעקטירט דורך אַלע טיילן פון דער יידישער באַפעל־קערונג אין סטאַשעוו און אפילו דורך דער שטעטלשער פּוילישער אַדמיניסטראַציע.

ווילן מיר דערמאָנען מיט פאַרערונג די אַרטיקע פאַראיין־טוער מיטן איבערגעגעבענעם פאַרזיצער פון פאַראיין, יוסף זאַלצבערג בראש. צו די האָבן געהערט, אַחוץ דעם פאַרזיצער: יחזקאל וואַרגער, שמחה גאָלד־האַר, מאיר גאָלדהאַר, שמחה זשעזשאַק, מענדל גאָלד־פאַרב, שלום גאָלדפאַרב, חיים זלמן צוקער, ישראל׳קע ווייסבראָט, יחיאל בנימין ווייסבראָט, זלמן ווייסבראָט, יחזקאל אייכן, זלמן ליפּמאַן, אהרון רובין און נאָך.

אָט־די־אַלע האָבן געטאָן דאָס בעסטע, כדי אויפ־צוהויבן דעם ווירטשאַפטלעכן, געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן מצב פון דער מאַסע יידישע בעלי־מלאכות אין שטעטל, אָט־די־אַ־מאַסע, וועמעס קאַמף פאַר עק־זיסטענץ ס׳איז געווען אַ רינגעלע אין דער קייט פונעם אַלגעמיינעם קאַמף פונעם יידישן האַנטווערקער אין דער גאַנצער פּוילישער מדינה.

מיטן שוידערלעכן אומקום פונעם גאַנצן יידישן

ישוב אין גלות־פוילן — איז אויך געקומען דער אַנט־גילטיקער סוף פון אונזערע סטאַשעווער מיטברידער. זאָלן די דאָזיקע ווערטער דינען ווי אַן אייביקע מצבה פאַר אָט־אָ־די ערלעכע האַרעפּאַשניקעס, וואָס זענען אומגעקומען פון מערדערלעך־נאַצישע הענט און זייערע טמא׳דיקע שותפים.

די איבערזעצונג פון בייגעלייגטן דאָקומענט.

סטאַשעוו, דעם 1.12.1924

באַשטעטיקונג נר. 12/24

דערמיט ווערט באַשטעטיקט, אַז ה׳ וועבער מאַקס פון סטאַשעוו ארבעט אין אונזער פאַרבאַנד אַלס קאַנ־צעלאַריע־סעקרעטער. פירט זיך גוט אויף, און געניסט אויך פון אונזער פאַרטרויען אין יעדער ריכטונג.

די באַשטעטיקונג איז געוואָרן אַרויסגעגעבן דעם ה׳ וועבער מאַקס מיטן ציל פארצושטעלן דעם צענט־ראלן יידישן האַנטווערקער־פאַרבאַנד אין ווארשע.

(סטעמפל)

פארזיצער

י. זאלצבערג


Staszów dnia 1/XII 1924 r.

Zaświadczenie № 12/24.

Niniejszym zaświadcza się że Pan Weber Maks ze Staszowa pracuje w tut. Związku jako sekretarz kancelaryjny jest prowadzenia dobrego, również jest pewnym w każdym kierunku.
Niniejsze zaświadczenie zostało wydane P. Weberowi Maksowi celem przedstawienia Centralnemu Zw. Rzemieśl. Żydow. w Warszawie

Centralny Związek Rzemieślników Żydów w Polsce
Oddział w Staszowie

Przewodniczący
J. [illegible]

מסמך שהוצא ע״י אירגון בעלי־המלאכה ב־1924 — אַ דאָקומענט פון האַנטווערקער־פאַריין פון 1924

# משה ראטנבערג חיפה / שפיליטערן



אינעם פילפאַרביקן רע־גנבויגן פון די שטעטלשע יידישע פרנסות האָבן אַ באַזונדערן פּלאַץ פאַרנר־מען די אַזוי־גערופענע „שפּיליטערן". דאָס איז געווען אַ ווירטשאַפטלע־כער צווייג פון וועלכן ס'האָבן געצויגן זייער שווער־און כשר־פאַרדינ־טע פרנסה נאָר עטלעכע געציילטע משפחות. אָבער היות ווי פון דעם דאָזיקן פרנסה־צווייג איז געווען אָפּהענגיק, אין אַ היפּשער מאָס, די ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט און אַנטוויקלונג כמעט פונעם גאַנצן כלל שטעטלשע סוחרים און בעלי־מלאכות — איז דעריבער כדאי צו ווידמען כאָטש אַ פּאָר קליינע שורות די, וועלכע האָבן זיך מיט אָט דער פרנסה באַשעפטיקט.

נאָר איידער מיר טרעטן צו צו כאַראַקטעריזירן די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון יעדן איינעם פון די שפּיליטערן באַזונדער, ווילען מיר דאָ אָנצייכענען אַ טייל פון די אומבאַדינגטע פיזיש־גייסטיקע אייגנ־שאַפטן, געמיינזאַמע פאַר אַלע שפּיליטערן, אָן וועלכע ס'איז נישט מעגלעך געווען צו האַלטן פּלאַץ אין אָט דער שווערער, פאַראַנטוואָרטלעכער פּראָפעסיע.

אומגעווייינלעכע עווערגיע:

צו שלעפּן זיך אַ גאַנצע וואָך, באַלאָדנט מיט הונ־דערטער פּעקלעך, פון איין וועגעלע אַראָפּ און אויפן צווייטן אַרויף — בעת ס'זענען נאָך קיין אויטאָבוסן נישט געווען — און דערביי גאָרנישט נישט צו פאַרלירן און אַלץ זאָל „קלאַפּן".

שנעלע אָריענטאַציע:

צו פאַרשטיין אַלץ אויפן ווונק און קענען די פּסי־כאָלאָגיע פון זייערע קליענטן, די סוחרים און בעלי־מלאכות, פאַר וועלכע זיי האָבן געדאַרפט ברענגען פון דער גרויסער שטאָט אַלערליי סחורות און צומאָל קלייניקייטן.

ריירעוודיקייט:

ס'האָט זיך פון די דאָזיקע מענטשן געפאָדערט נישט נאָר אַ מאַקסימאַלן קאָנען פון אַלע ווינקעלעך אין דער גרויסער שטאָט; צו וויסן ווו מען קריגט וואָס — נאָר אויך אַן אומגעוויינלעכע ריירעוודיקייט צו באַווייזן אין דעם געציילטן טאָג־צוויי. צומאָל אויך 3—2 מאָל אין דער וואָך — פאַר די ימים־טובים — אויסצופירן די צענדליקער אָדער הונדערטער באַשטעלונגען אויף דעם בעסט־מעגלעכן אופן.

אָנשטענדיקייט:

אַחוץ די אויביקע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן האָט זיך אויך געפאָדערט נישט קיין קליינע דאָזע פון אָנ־שטענדיקייט מצד די „שפּיליטערן", כדי ביי־צושטיין דעם נסיון און נישט אויסנוצן דעם קליינעם סוחר אָדער בעל־מלאכה, וועלכע זענען אַליין נישט אימ־שטאַנד געווען — צוליב די גרויסע הוצאות — צו פאָרן אין דער גרויסער שטאָט און איינקויפן זייער באַדאַרף.

בערל אַפּעלבוים

זיין שטעלונג אין נאָמען אַלס הויפּט־שפּיליטער האָט ער זיך דערוואָרבן נישט אומזיסט. ער איז געווען אַזוי ריירעוודיק און דינאַמיש, און גלייכצייטיק באַזיצט אַזאַ גיכע אָריענטאַציע, אַז צו אים איז נישט נייטיק געווען אַ סך צו ריידן.

אויפן ווונק האָט ער אַלץ פאַרשטאַנען, אויספירנ־דיק זיינע הונדערטער באַשטעלונגען פּינקטלעך און גענוי, גלייך ווי די אויפטראַג־געבער וואָלטן אַליין גע־יעקן דערביי. בערל אַפּעלבוים האָט זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין קלייניקייטן. פון אַ נאָדל ביז אַ פאָדעם, פון אַ קאָפּיטע ביז אַ דראַטווע — אַלץ האָט

ער אויפגענומען באהבה, נישט בייזערנדיק זיך און אויסגעפירט בשלמות.

האָט ווער געדאַרפט מיטגעבן אַ ביסל שמאַלץ, קיכלעך פאַר אַ שטודירנדיקן זון, ברענגען אַ שטרויע־נעם הוט, אָדער גאָר פאַריכטן אַ פלייש־מאַשינקע — איז דער זיכערסטער אַדרעס געווען בערל שפּיליטער. מיט די באַן־קאָנדוקטאָרן איז ער געווען אַזוי „אויס־געקאָכט", אַז נישט איינמאָל האָט ער שוין אין „איינ־ווענס" אַדורכגעשמוגלט וועמען פון די סטודענטלעך, וועלכע זענען געפאָרן קיין וואַרשע שטודירן, נישט באַזיצנדיק קיין פרוטה אין טאַש.

אָבער אַזוי רירעוודיק און פלינק ווי ר'איז געווען אַ גאַנצע וואָך, אַזוי בנעימות'דיק, רואיק איז ער גע־ווען שבת. דאַמאָלט האט ער אַרויסגעלאָזט אַלע גע־שעפטן פון קאָפּ, באַפרייענדיק זיך פון דער אָנגעלאָ־דענער שפּאַנונג פון אַ גאַנצער וואָך. טריט ביי טריט פלעגט ער דאַמאָלט, ווי גאָרנישט זיין טבע, פייערלעך שפּאַצירן אין שול אַריין צום דאַווענען.

באַפרידיקט זיינע גייסטיקע באַדערפענישן, פלעגט ער שפּעטער אָנגענעם פאַרברענגען אין שויס פון דער אייגענער משפחה און באַקאַנטע, כדי שבת'צונאַכטס באַלד ווידער זיך איינשפּאַנען אינעם פרנסה־יאָך.

אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און אַ קינד אין 1943 אין צוויזמערער „יודנשטאַט". איבערגעלאָזט 2 טעכטער און אַ זון אין קאַנאַדע.

### אברהם ניסנבוים

פון די ערשטע, לאַנג־יאָריקע שפּיליטערן אין שטעטל, האט זיך אברהם ניסנבוים, אַ רואיקער, דורכ־געטריבענער סוחר, גוט ארויפגעאַרבעט — ביז ר'איז אַליין געוואָרן אַן אייגנטימער פון אַ גוט־געפירט גאַ־לאַנטעריע־געשעפט אין סאַמע מיטן מאַרק.

אברהם ניסנבוים, זייענדיק אַן אָנגעזעענער, טיכ־טיקער געזעלשאַפטלעכער טוער און געהערנדיק צו די וויכטיקסטע און איבערגעגעבנסטע מזרחי־עסקנים אין שטעטל, האט ער פיל כוחות און מי געווידמעט דער תלמוד־תורה און „חדר מתוקן" און אויך אָנטייל גענומען אין אַלערליי אַקציעס און אינסטיטוציעס פון נאַציאָ־נאַלן כאַראַקטער.

אברהם ניסנבוים איז אויך געווען פון די ערשטע מזרחי־פאַרשטייער אין שטאָט־ראַט, קהלה א.א.וו.

אומגעקומען דורך די נאַציס.

### חיים גאָלדפאַרב

אויספירנדיק זיינע פליכטן בשלמות און אָנשטענ־דיק צו זיינע קליענטן, ווי די אַנדערע שפּיליטערן, איז אָבער חיים גאָלדפאַרב געווען אַ מענטש פון אַ שווע־רערן כאַראַקטער. אַ שטרענגער און ווייניקער עלאַס־טיש האָט ער טיילווייז פון זיך אָפּגעשטויסן. אָבער צוליב זיין פּינקטלעכקייט און ערלעכקייט האָבן זיך דווקא פיל סוחרים ביי אים געהאלטן צענדליקער יאָרן. אומגעקומען אין סקאַרזשיסקער לאַגער.

### אפרים זינגער

זיין געשעפטלעכע טעטיקייט האט ער אָנגעהויבן אַלס שפּיליטער. אָבער מיט זיין אומגעוויינלעכער רי־רעוודיקייט און שאַרפן קאָפּ, טראָץ זיינע קנאַפּע ידי־עות אין די קליינע אותיות, האט ער גיך זיך איבער־געוואָרפן צום האַנדל, פירנדיק אַ גרויס, שיין געשעפט. אָבער צוליב זיין ברויזנדיקער. אימפּולסיווער נאַטור האט דאָס אים ווייט נישט באַגנוגנט. ער איז געוואָרן דער דינאַמישסטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין שטעטל. ער איז געווען אַזוי באַגאַבט און דער קאָפּ איז געווען אַזוי שאַרף אַז זיין בולט'ע עם־הארצות אין דער פאַקט, וואָס ר'איז נישט אימשטאַנד געווען אַרויסצוברענגען קיין איין אָנשטענדיקן זאַץ, נישט נאָר אין פּויליש נאָר אַפילו נישט אין יידיש — האָבן אים לחלוטין נישט געשטערט צו פאַרנעמען דעם ערשטן פלאַץ אַלס געזעלשאַפטלעכער־און פאַרטיי־טוער אין שטעטל. זיינע פיינע מאַניערן און אויס־סערלעכע עלעגאַנץ האָבן אויך צוגעגעבן גלאַנץ און רעספּעקט צו זיין פערזאָן. ווי איינער פון די חשוב־סטע, פעאיקסטע אגודה־עסקנים, איז ער לאַנגע יאָרן געווען פרעזעס פון דער יידישער קהילה און שטאָט־ראַט־מיטגליד, און שטאָלצער פאַרטיידיקער פון די

יידישע אינטערעסן — ווי ער האט זיי פאַרשטאַנען. אויך אין קריגס־צייט האט ער זיין יידישן שטאלץ נישט פאַרלוירן. שטייענדיק בראש פון „יודנראַט" האט ער אָפט אַרויסגעוויזן גרויסן מוט אין זיין באַציאונג צו דער דייטשער מאַכט.

געפאַלן דער ערשטער קרבן אין טאָג פון דער „אויסזידלונג" — כ"ח חשון, 8.11.1942.



שמעלקע אייזנבערג

אַ יונגערמאַנטשיק, אַן אַזוי־גערופענער „ווויל־לערנער", אַ שטיקל משכיל און גוטער בעל־תפילה — איז ער נישט געווען געבוירן פאַר אַ שפּיליטער. אָבער וואָס טוט מען נישט צוליב פרנסה? פאַרדינגט מען זיך אַפילו פאַר אַ בער אין אַ צירק!

אָבער וואָס טוט מען, אַז די הויפּט־ליניע סטאַשעוו—וואַרשע איז שוין געווען פול באַזעצט? האט ער נישט לאַנג געטראַכט און „גענומען" אַן „אייגענע" ליניע: סטאַשעוו—לאָדז.

ויהי היום — געווען איז דאָס אין די ערשטע טעג פון זיין פּראַקטיק — און ר' שמעלקע איז אָנגעקומען אין לאָדז צו דער באַן מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג. זייענדיק, ווי געוויינלעך אין דעם פאַך, שטאַרק באַלאַסטעט מיט אַ היפּש ביסל פּעקלעך, און מורא־האָבנדיק אַז די באַן זאָל נישט פון אים „אַנטלויפן" — האָט ער געבעטן אַ „זיידענעם" יונגערמאַנטשיק, וואָס האט זיך „צופעליק" געיאָוועט, ער זאָל אים צוהעלפן אַרויפוואַרפן די פּעקלעך אין וואַגאָן אַריין.

ר' שמעלקע איז געשטאַנען אונטן, בעת דער יונגערמאַנטשיק, דער „מלאך פון הימעל", האט פון אים געכאַפּט די פּעקלעך און זיי „מסדר" געווען... אַרויסוואַרפנדיק זיי פון דער צווייטער זייט פון וואַגאָן. ביים לעצטן פייף איז ר' שמעלקע, אין איין אָטעם, אַרויף אויף די באַן מיט די לעצטע פּעקלעך. ווען ער האָט זיך געכאַפּט אויפן שווינדל — איז שוין געווען צו שפּעט! אַזוי האָט ער באַצאָלט זיין ערשטע „רבי־געלט"!

נישט פאַרלירנדיק דעם מוט, טראָץ דעם דורכפאַל, איז ער שפּעטער געוואָרן אַ טיכטיקער, גוט־אָריענטירטער שפּיליטער, וועלכער האט זיין אַרבעט אויסגעפירט נישט ערגער פון די אַנדערע „פאַך"־חברים.

אין געזעלשאַפטלעכן זין איז ער געווען איינער פון די אַקטיווסטע מזרחי־עסקנים, לייסטנדיק אומדערמידלעכע אַרבעט פאַרן מזרחי־חינוך, ווי פאַר יעדער ציוניסטישער אַקציע בכלל. ער איז אויך געווען אַ סימפּאַטישער, נוח־לבריות'דיקער מענטש, וועמעס גלייכווערטלעך און פריילעכקייט האָבן אים געמאַכט זער באַליבט אין אַלע קרייזן פון דער שטעטלשער געזעלשאַפטלעכקייט.

אומגעקומען דורך די נאַציס.

### אנשעל היימאן

אַן „אייגענע" ליניע" האט אויף „באַזיצט" אנשעל היימאן. אַ סאָלידער, דורכגעטריבן־דערפאַרענער מענטש, איז ער יאָרן־לאַנג געווען דער איינציקער שפּי־ליטער אויף דער ליניע סטאַשעוו־טארנע־קראָקע — אויספירנדיק זיינע פליכטן מיט פאַרשטאַנד און אָנ־שטענדיקייט.

ווי אַ בן־תורה און מיט פיל פאַרשטענדעניש פאַר די נייע אידייען, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער יידישער גאַס — האט ער זיינע קינדער געגעבן פולע פרייהייט אין אויסוויילן זייער וועג אין לעבן. אַליין איז ער געווען אַן איבערגעגעבענער מזרחי־טוער, מיט־ווירקנדיק, מיט חסידישער התלהבות און לעבנס־אָפּטימיזם, אויף אַלע געביטן פון דער מזרחי טעטי־קייט אין שטעטל.

באַזיצנדיק אַ גוטן מוזיקאַלישן געהער און אַן אָנ־גענעמע שטימע איז ער לאַנגע יאָרן געווען בעל־תפילה און בעל־קורא אין מזרחי־מנין, און פריער אויף אינעם שטיבל פון ר׳ וואלוועלע פרידמאן.

אומגעקומען צוזאמען מיט זיין קהילה בעת דער „אויסזידלונג".

השם יקום דמם!

# זייגערמאכער און גאלדשמידן

פון גאָר אַלטע צייטן זענען זייגערמאַכעריי־ און גאָלדשמידעריי־פאַכן פאַרעכנט געוואָרן ביי יידן, ווי איידעלע, ריינע און בעל־הבת׳ישע מלאכות. אַ בעל־הבת׳ישער ייד, ביי וועמען די פרנסה איז נישט געווען אַזוי בריווח, בעת ער האט גענומען זאָרגן וועגן אַן עקזיסטענץ אויף דער צוקונפט פאַר די אונטערוואַקסנדיקע קינדער — איז דער ערשטער געדאַנק געפאַלן אויף זייגערמאַכעריי אָדער גאָלדשמידעריי. און האט זיך אַ ייד, וועלכער האט געהאט אַ צוטריט צו די קליינע אותיות, דערמאַנט אין דער באַקאַנטער תלמוד׳ישער עצה: „לעולם ילמד אדם את בנו אומ־נות נקיה וקלה" — האָט ער דאָס גלייך אַסאָציאירט מיט די דאָזיקע 2 מלאכות, פאַר וועלכע די כאַראַק־טעריסטיק: „נקיה וקלה" איז געווען ווי אָנגעמאָסטן.

היינט, ביי די געוואַלטיקע טעכנאָלאָגישע דער־גרייכונגען, עקזיסטירן שוין צענטליקער, אַפילו הונ־דערטער פאַכמענישע ספּעציאַליטעטן, וואָס שטייגן אומפאַרגלייכלעך איבער די פּרעציזקייט פון די זייגער־מעכאַניזמען. די דערפינדונגען פון עלעקטרי־ציטעט, ראַדיאָ, טעלעפאָן, און די עלעקטראָנישע אַנטוויקלונג האָבן געבוירן אַזאַ פאַרצווייגונג פון צאָל־רייכע ספּעציאַליטעטן־מלאכות, פאַר וועלכע דער קענצייכן: „נקיה וקלה" קאָן מיט פילמער רעכט אָנ־געוואָנדן ווערן ווי פאַר די דערמאָנטע צווי פאַכן.

אָבער דאַמאָלט, מיט היפּשע צענדליקער יאָרן צוריק, האָבן עקזיסטירט גאָר ווייניק מלאכות, וואָס האָבן געקאָנט קאָנקורירן אויף דעם געביט.

זענען טאַקע די, וועלכע האָבן געהאַט אַ נייגונג צו מעכאַניק און באַזיצט גלייכצייטיק אַביסל אינטע־ליגענץ און פינגער־געשיקטקייט, געשיקט געוואָרן דורך זייערע עלטערן צו לערנען די דערמאָנטע פאַכן. און אין דער ווירקלעכקייט זענען טאַקע כמעט אַלע טרעגער פון די דאָזיקע פרנסות געווען בני־תורה, קלוגע יידן און מאַנכע אויך גאַנץ נישקשה־דיקע משכילים און באַלעזענע מענטשן.

### ר׳ ישראל׳קע זייגערמאַכער

אַלס דעם עלטסטן זייגערמאַכער אין סטאַשעוו געדענק איך ר׳ ישראל׳קען. אַ קלוגער ייד, אַ בן־תורה צו וועלכן מ׳פלעגט אָפט קומען זיך אַן עצה האַלטן, אַדורכשמועסן אַביסל אין אַ דבר־תורה, אָדער סתם אויסהערן זיינס אַ מיינונג וועגן אַן אַקטועלער קהל׳שער פראַגע. מיט זיין פּאַטריאַרכאַלן אויסזען, ברייטער שיינער באָרד און ליכטיקן פּנים, האָט ער געמאַכט גאָר אַ גוטן איינדרוק אויף יעדן, מיט וועמען ער איז געקומען אין באַריר.

ער איז געווען באַטראַכט ווי אַ גוטער פאַכמאַן נישט נאָר אַלס זייגערמאַכער נאָר אויך אַלס גאָלד־

שמיד, אַ מבין אויף איידל־שטיינער און געפירט אַ שיין געשעפט. געווען אַן אנגעזעענער בעל־הבית אין שטעטל און שפּעטער איז ער אַריבער קיין לאָדז, ווו ר׳האָט געפירט אַ שיין יובילער־געשעפט.

ר׳ פיניע גאָלדשמיד — ווײַנבערג

דער פאָטער פון חיימל און מאָשקו ווײַנבערג, איז ר׳ פיניע געווען אַ באַקאַנטער גאָלדשמיד, וועלכער פלעגט אַרויסגעבן פון זיין האַנט קונסטפולע שמוק־אַרבעטן: געפּרעסטע, געשניצטע און גראַווירטע.

ר׳איז אויך געווען אַ קלוגער ייד, אַ שטיקל בן־תורה און טיכטיקער טוער אין דער אָרטיקער מזרחי־אָרגאַניזאַציע. אויך זיינע זין האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער מלאכה, צוהעלפנדיק דעם פאָטער אין דער פּרנסה. באַזונדערס האָבן זיי זיך ספּעציאַליזירט אין אויסאַרבעטן גאָלדענע און זילבערנע „חזק־ואמץ׳ ווּוקעס״ פאַרן השומר־הצעיר.

משה דוד וועקסלער

גערופן: דער טויבער משה דוד, איז ער אַלס פאַכמאַן, וואָס אַן אמת, נישט געווען לעילא ולעילא־דיק, אָבער דערפאַר איז ער געווען, טראָץ זיין פעלער — טויבקייט — זער קלוג, אויפן לאָקאַלן דיאַלעקט האָט מען דאָס גערופן „געביפט״, און באַזיצט אַ גיכע, שאַרפע תפיסה. ער איז אויך געווען אַ פּאַנאַ־טיש־פרומער און אַ גרויסער קבצן דערצו. אין שטעטל פלעגט מען זיך טאַקע וווּנדערן: „ווי קומט עס, אַז אַ גאָלדשמיד זאָל גיין מיט די פינגערלעך אין דרויסן״?

יאָסעלע גאָלדשמיד — גליקליך

איבערגענומען דאָס פאַך פון זיין פאָטער ר׳ סאַנע גאָלדשמיד, איז יאָסעלע געווען אַ שטיל, רואיק מענטשל — אויף אַזאַ שטייגער מענטש פלעגט מען זאָגן: דאָס איז אַן „אבן־טוב״ — וועלכער איז שטענ־דיק געזעסן ביים אַרבעטס־טיש, עוסק זייענדיק אין דער „גאָלדענער״ מלאכה. ר׳איז נישט געווען קיין גרויסער עושר — אָבער ער האָט זיך מיט זיין פאַמי־ליע מפרנס געווען בכבוד, פירנדיק אַ בעל־הבת׳יש הויז.

אומגעקומען אין אַ בונקער, פאַראָטן פון גוישע שכנים, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פאַמיליעס. צווישן זיי: ישראל׳קעלע חזן, מענדל ליפשיץ׳ס פאַמיליע און אַנדערע.

ר׳ יחיאל קלאַפּ

פון די בעסטע, רעיעלסטע זייגערמאַכער אין שטעטל. אַנשטענדיק און ערליך, נישט וויסנדיק וואָס ס׳הייסט מאַכן אַ קרומען שריט. צוליב נאַטור־אומגליקן, וואָס האָבן זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזן, האָט ער זיך גע־שלייכט ביי דער זייט פון דער געזעלשאַפט, אויס־מיידנדיק, ווי ר׳האָט נאָר געקאָנט, צו קומען אין באַריר מיט מענטשן.

מרדכי זייגערמאַכער — גאָלדוואַסער

אין אונזער רובריק „סטאַשעווער משכילים״ האָבן מיר שוין פאַרגעשטעלט אָט דעם טייערן ייד. אָבער, „מכיוון דאייתינא להכא אימר בה מילתא״— אַז מיר רייד̈ן וועגן דעם זייגערמאַכער־פאַך אַלס פּרנסה־צווייג, קאָנען מיר נישט פאַרבייגיין, נישט דעמאָנען־דיק, כאָטש אין עטלעכע שורות, איינעם פון אידע ווירטועזסטע פאַרשטייער — מרדכי זייגערמאַכער.

כאָטש מען האָט אים אין שטעטל גערופן: מרדכי זייגערמאַכער — איז דאָס נישט געווען זיין עיקר ספּעציאַליטעט. דאָס וואָס ס׳האָט אים באַזונדערס אויסגעטיילט פון אַלע זיינע פאַך־חברים איז געווען זיין בקיאות אין אַלערליי מאַשינען. ווו אַ ניי־מאַשין, גראַמאָפאָן, פאָטאָפּאַן און יעדער אַנדערער קאָמפּלי־צירטער מעכאַניזם, האָט עפּעס נישט „געקלאַפּט״, האָט מען אים געבראַכט צו ר׳ מרדכי׳ן. און ער, ווי אַ גאָניטער דאָקטאָר, האָט געקאָנט אַלע ווייען און לרוב אויך געגעבן די ריכטיקע רפואה. אָבער מרדכי זייגערמאַכער האָט נישט אַנגענומען סתם קיין אַרבעט, באַקומען זיין שכר־טרחא און... פאַרטיק.

מרדכי זייגערמאַכער האָט געמוזט דערקלערן דאָס געניע פונקציאָנירן פונעם מעכאַניזם, און דאָס נישט

האָבן זיין אָפּגעזונדערטקייט געהאַלטן פאַר אַן איינגעוואורצלטע נייגונג. די אָבער, וועלכע האָבן אים געקאַנט נענטער, ווייסן דאָס פאַרקערטע. זיי ווייסן, אַז זיין איזאָלירונג איז אַ טראַגעדיע.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט געוואָלט אָפּזונדערן פון כלל. ס'איז דאָך אַ פאַקט, אַז אין פוילן האָט ער, פאַר און נאָך דעם קריג, פאַרנומען אַ פּאָזיציע פון אַ וועגווייזער און גייסטיקן פירער, זיך באַטייליקט אין אַלע רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע מלחמות, נישט אָפּשרעקנדיק זיך פאַר קיין זאַך, נאָר מיט שטאָלץ און ווירדע געלאָזט הערן זיין שטים. אין פוילן איז ער געשטאַנען אין סאַמע ברען פון ייד. רעליגיעזן און סאָציאַלן לעבן.

אַ גאַנץ לעבן האָט ער געטראַכט פאַר דער אויפהיטונג און אויפהאַלטונג פון דער יידיש־רעליגיעזער גאַנצקייט. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער געהאַלטן אין איין עפּענען פאַר דער אָרטאָדאָקסיע נייע וועגן און נייע אידייען, האָבנדיק דעם פולן בטחון אין זייער רעאַליזירונג, און האָפנדיק צו זען אַ שענער, געזונטער און בעסער יידנטום. איז ער אָבער פאַרוואָרפן געוואָרן אויף דעם צפון־אַמעריקאַניש־קאַנאַדישן קאָנטינענט, אין אַ קליינעם יידישן ישוב, ווו זיין איינפלוס האָט נאָר געווירקט אויף אַ קליינעם טייל פון דער היגער אינטעליגענטער אָרטאָדאָקסישער יוגנט, צו וועלכער ס'האָט אויך געהערט דער שרייבער פון די שורות.

נישט קאָנענדיק דאָ אויפשטעלן קיין באַוועגונגען, האָט ער זיך באַגרענעצט צו אַן ענגן קרייז. דאָרט געזאָגט דעם ריינעם, אָפּטמאָל ברוטאַלן אמת, נישט רעכענענדיק זיך דערמיט וואָס עס וועט אים אויסקומען צו בלייבן אַליין, עלנט... זיין וואָגיק וואָרט, איז אָבער געווען שטאַרק גענוג, דורכצוברעכן אַלע מחיצות און געהערט צו ווערן אומעטום, ווו די לערע פון מאָראַל און עטיק האָט געקאָנט דערגרייכן.

זיינע פעאיקייטן אַלס פירער און אָרגאַניזאַטאָר האָט ער מערסטנס אַרויסגעוויזן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1915. ווען ער איז פאַרשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד פון דער צאַרישער מאַכט אַלס „זאַקלאַדניק", מאַכנדיק אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר „אַ מעגלעכן אויסברוך פון שפּיאָנאַזש מצד דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן". ער איז פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט מאַסן רבנים, גדולים און סתם פוילישע יידן.

דאָרט אין גלות האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אַ הערלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון רוסיש־אָרטאָדאָקסישן יידנטום. זיינע אויפטוען אויפן רעליגיעזן, סאָציאַלן און דערציערישן געביט פאַר דעם פעריאָד וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין רוסלאַנד, זענען אויספירלעך באַשריבן אינעם „ספר זכרון", וואָס דער לייענער וועט אינגיכן האָבן די מעגלעכקייט צו לייענען אין יידיש. די מעמוארן זענען ביז גאָר אינטערעסאַנט און שפּאַנענד. זיי דערציילן פון פיר יאָר מלחמה, באַגלייט מיט מהומות, מלוכה־איבערקערענישן, רעוואָלוציעס, עפּידעמיעס, עקאָנאָמישע קריזיסן, נויט און הונגער.

אין יענע יאָרן האָט רבנו ז"ל מיטן גרעסטן פלייס זיך אַ נעם געטאָן צו לינדערן די יידישע נויט, צו העלפן זיינע ברידער אין גשמיות און רוחניות. ער האָט זיך אַקטיוויזירט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן: אויפגעבויט שולן, (בתי תפלה און בתי ספר), דערציאונגס־אינסטיטוציעס, הילפס־געזעלשאַפטן, א.אַ.וו.

ס'איז דאָ נישט דער פּלאַץ צוציען סך־הכלן פון זיין פאַרצווייגטער אַרבעט אין די מלחמה יאָרן. ס'וועט זיין גענוג צו דערמאָנען בלויז דעם פאַקט, אַז ער האָט אָרגאַניזירט 42 שולן פאַר עלעמענטאַרער און העכערער יידישער דערציאונג — אַ נעץ פון בתי־ספר, כמעט איבער גאַנץ רוסלאַנד, ווו קיין חינוך אַנשטאַלטן זענען פריער נישט געווען. ער האָט געזאָרגט פאַר זייערע קוריקולומס, פאַר זייערע לערער און פאַר די שכירות וואָס האָט דערגרייכט אין די צענדליקער טויזנטער רובל אַ הודש.

אויך די אויסגאַבן פאַר מקוואות האָבן באַטראָפן אין די שווערע טויזנטער. דאָס אַלץ איז געטאָן און געשאַפן געוואָרן כמעט פון איין מענטש — אַזוי ענערגיש און טעטיק איז ער דעמאָלט געווען.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע זיינע כוחות צו פאַרשפּרייטן יהדות אין רוסלאַנד. הונדערטער דרשות פאַר חינוך און שמירת שבת האָט ער דאָרט געהאַלטן.

דאָס האָט ער געטאָן טראָץ די אינערלעכע שטערונגען מצד די יידישיסטן און די אַסימילאַטאָרן, וועלכע האָבן געוואָלט צו נישט מאַכן זיין אַרבעט. ער האָט אָבער מיט דער גרעסטער מסירת־נפש פאַרטיידיקט דאָס רעליגיעזע לעבן, דעם רעליגיעזן חינוך־וועזן, די תורה בכלל.

אין יעדן שטעטל האָט ער געשאַפן אַ „ועד החינוך", אין וועמענס שפּיץ ער האָט געשטעלט די פּראָמינענטסטע לאָקאַלע פּערזענלעכקייטן. זיי אינספּירירט איינצו־אָרדנען שעורים, צו לערנען בציבור, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען און גייסט פון אָרט. ער האָט אַפילו באַזאָרגט לעקטאָרן אויף פאַרשידענע מקצועות אין יהדות.

די אָבליגאַטאָרישע למודים פאַר די שולן זענען ביי אים געווען: סדור־לייענען, דקדוק, העברעאיש, תנ"ך, תלמוד, געשיכטע, שולחן ערוך (דינים).

כדי צו פאַרפולקאָמען די קינדער אין העברעאיש, רעקאָמענדירט ער די דעמאָלטיקע בעסטע ספרי דקדוק און כרעסטאָמאַטיעס, נעמט אַפילו אַריין דערציילונגען פון מאָדערנע שרייבער, צוגעפּאַסט צום קינד'ס פּסי־כאָלאָגיע. תנ"ך, הייסט ער אָנהייבן „בראשית" * מיט רש"י און לערנען כסדר. אין דער לעצטער קלאַס פון עלע־מענטאַר־שול זאָל געלערנט ווערן דער חומש „ויקרא", וואָס רעדט בלויז פון קרבנות און איז מערסטנס אַ „תורת כהנים". ער הייסט לערנען אַ סך למודים בעל־פּה, אַזוי די דינים ווי די עטישע פליכטן, וואָס יעדער ייד דאַרף דערפילן אינם טאָג־טעגלעכן לעבן: „לשמור ולעשות"...

זייער פיל האָט ער דערגרייכט אויפן געביט פון יידישער דערציאונג, פאַר וועלכער ער האָט געקעמפט מיטן כח פון ישראל סבא, קעגן די גייסטיקע שונאים פון יידישן דת און אמונה. זיין גאַנצע אַרבעט איז צע־שטערט געוואָרן נאָך דער באָלשעוויסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט דערקלערט אַ חרם אויף לערנען רעליגיע אָדער העברעאיש.

זייענדיק אין רוסלאַנד, מערסטנס אין מאָסקווע, האָט ער זיך געשאַפן אינטימערע באַקאַנטשאַפט מיט די אָנ־געזעענסטע גדולים פון רוסישן און ליטווישן יידנטום, ווי ר' יעקב מזא"ה ז"ל, דער „חפץ חיים", ר' חיים עוזר גראָדזענסקי ז"ל, ר' יוסף ראָזען ז"ל (דער באַרימטער וועלט־גאון, באַקאַנט אַלס דינאַבורגער עילוי) און מיט די פּראָמינענטסטע פּערזענלעכקייטן ווי רפאל גאָץ, איידעם פון יידישן טיי־מאַגנאַט אין אַלטן רוסלאַנד, ר' קלמן זאב וויסאָצקי, באַראָן דוד גינזבורג ז"ל און פיל אַנדערע, וועלכע ער האָט צוגעצויגן צום קאָמיטעט פאַר הײמלאָזע.

אין שייכות מיט זיין קאַמף פאַר רעליגיעזן חינוך האָט הרב גרויבאַרט אַרויסגעלאָזן אַ פייערדיקן אויפרוף צום רעליגיעזן יידנטום אין גאַנץ רוסלאַנד. דער אויפ־רוף איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין מאָסקווע, ערב פסח אין יאָר תרע"ו (1916).

מיר ווילן איבערגעבן אייניקע אויסצוגן פון דעם אויפרוף, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש, אויך פאַר דער איצטיקער צייט.

אין דעם אויפרוף דערציילט ער דעם רוסישן יידנ־טום, אַז צענדליקער טויזנטער יידן געפינען זיך איצט אין רוסלאַנד, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען פון גאַנץ פוילן, גאַליציע און ליטע. ער ווייזט אָן אויף דער שווערער לאַגע פון אָט די היימלאָזע וואַנדערער.

אָבער „די גרעסטע טראַגעדיע פון די היימלאָזע", זאָגט דער אויפרוף, „איז די גייסטיקע ירידה צווישן די היימלאָזע". ער קריטיקירט אין זיין אויפרוף די שטע־לונג פון די יידישיסטישע שולן וועמעס דערציאונגס־פּראָגראַם שליסט נישט איין אַ רעליגיעזן חינוך, נאָר באַגנוגנט זיך מיט אַ מינימום אָבי יוצא צו זיין. ער קריטיקירט אויך די יידישע לערער אין יענע שולן

---

* ביי סתם פרומע יידן, וועלכע האַלטן זיך ביים „מצות אנשים מלומדה", ווערט שטאַרק געהיט די טראַדיציע אָנצו־הייבן מיטן קינד „ויקרא", נישט רעכענענדיק זיך מיטן קינדס נשמה'לע און זיין אויפנאַם־פעאיקייט.

דער מקור פון מנהג נעמט זיך פון מדרש (ויקרא רבה פ"ז): „א"ר אסי מפני מה מתחילין לתינוקות בתורת כוהנים ואין מתחילין בבראשית, אלא שהתינוקות טהורים והקרבנות טהורים, יבואו טהורים ויתעסקו בטהורים", זע פסיקתא רבתי פ. ט"ז די פאַרשידענע נוסחאות, זע אויך דעם מבוא צו דער מכילתא פונעם באַרימטן משכיל און למדן מאיר איש־שלום, אַז ס'זענען געווען פאַרשידענע מנהגים און אַז דער אויסדרוק „תורת־כוהנים" אינעם מדרש איז געמיינט ביז „ויהי ביום השמיני" און נישט תזריע־מצורע, אחרי־מות א. אַ. וו., וואָס אָנטשפּרעכן נישט צו לערנען מיט קינדער.

פאַרוואָס זיי, די כלומר׳שטע מחנכים און דערציער, זע־נען אַליין מחלל שבת בפרהסיה און עסן טרפות בפני כל עם ועדה.

ער באַווייזט אין זיין אויפרוף מיט היסטאָרישע פאַקטן און ציפערן, אַז יידישקייט האָט זיך גראָד אין אַלע צייטן פאַרשטאַרקט ווען מען האָט דעם יידן גע־רודפ׳ט. „אָבער יעצט״, זאָגט זיך אין אויפרוף „זעט מען נישט אָט דעם פאַל ווייל מיר אַליין גראָבן אונטער די יסודות פון אונזער אמונה און דת״...

און דער מחבר איז ממשיך: „אַמאָל איז יידישקייט געווען פול מיט תורה און יראת שמים, האָט מען זיך אָבער מיישב געווען, אַז יידישקייט קאָן אויך עקזיס־טירן אָן תורה — אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן נאַציאָנאַליזם און די העברעאישע שפּראַך. שפּעטער האָט מען אַרויס־געוואָרפן די העברעאישע שפּראַך און זיך באַגנוגנט מיט נאַציאָנאַליזם. איצט האָט מען שוין אַרויסגע־וואָרפן אי נאַציאָנאַליזם און אי העברעאיש און מען באַהויפּטעט אַז יידיש, די יידישע שפּראַך, איז גענוג אויפצוהאַלטן יידישקייט אין רוסלאַנד״.

דער אויפרוף וועקט דאָס רעליגיעזע יידנטום זיך צו אָרגאַניזירן אין איין גרויסער קערפּערשאַפט — צו שאַפן אַ רעליגיעזע אַטמאָספער און דעת הקהל און צו גרינדן רעליגיעזע שולן איבערן לאַנד, ווו די קינדער פון די היימלאָזע יידן זאָלן קריגן אַן אמת׳ע רעליגיעזע דערציאונג.

הרב גרויבאַרט פאַרענדיקט זיין פייערלעכן מאַני־פעסט מיט אַן אינטערעסאַנטן העברעאישן שיר, ווו ער דריקט אויס זיין האָפענונג, אַז יונג און אַלט וועט זיך פאַראייניקן אונטער דער לאָזונג פון רעליגיע און אַזוי אַרום ראַטעווען דאָס רוסישע יידנטום פון געפאַר פון אינטערגאַנג.

דער אויפרוף האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין די אָרטאָדאָקסישע רייען. פירער פון רעליגיעזן יידנטום האָבן גענומען וועקן צו פאַראייניקונג, און אַזאַ קער־פּערשאַפט איז טאַקע שפּעטער געגרינדעט געוואָרן, אין וועמעס שפּיץ עס זענען געשטאַנען וועלט־באַרימטע רבנים און גדולי ישראל און וויכטיקע פירער פון יידנטום.

אין דער צייט פון דער ערשטער רעוואָלוציע, אין פעברואַר 1917, האָט ער אָרגאַניזירט די באַוועגונג „מסורה וחרות״,* צו וועלכער ער האָט צוגעצויגן כמעט אַלע רבנים פון רוסלאַנד און פיל אָנגעזעענע יידישע פערזענלעכקייטן, צווישן אַנדערע די באַרימטע רבנים: מזא״ה, ראַבינאָוויטש, נוראָק, גאָץ, פּערסיץ. צו דער ערשטער פאַרזאַמלונג זענען געקומען צענדליקער דע־לעגאַטן, צווישן וועלכע עס זענען פאַרצייכנט די רבנים פון קאָוונע, מאָסקווע, סמאָלענסק, מינסק, אָדעס, ניזשני־נאָווגראָד, וולאַדימיר, באָברויסק, א.אַ.וו.

נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון פיר יאָר, איז ער צוריק־געקומען אין זיין רבנות־שטאָט, סטאָשעוו. אין יענער צייט האָט ער זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ פון „אגודת ישראל״, בעת וועלכער מען האָט אים פאָרגע־שלאָגן אַן אַמט אין דער „מועצת גדולי התורה״. אָבער צוליב זיינער קעגנערישער שטעלונג צום ציוניזם, אַפילו צום רעליגיעזן ציוניזם, האָט ער דעם אַמט נישט אָנ־גענומען.**

ער ווערט טעטיק אין דער „מזרחי״ באַוועגונג, ווו ער פאַרנעמט דעם אויבנאָן. ער אַדרעסירט גרעסערע פאַרזאַמלונגען אין אַלע גרעסערע שטעט פון פּוילן, ליטע און גאַליציע און פאַרעפנטלעכט צענדליקער אַר־טיקלען איבער צייט־פראַגן. ס׳גייט אָן אַ שטאַרקע באַ־וועגונג ער זאָל קאַנדידירן צום פּוילישן סיים (פאַר־לאַמענט). מען שלאָגט אים אויך פאָר ער זאָל אָננעמען דעם אַמט פון ראש ישיבה (רעקטאָר) אין „תחכמוני״ (פון דעם גרויסן רבנים סעמינאַר אין פּוילן), מיט דער מיטאַרבעט פון באַרימטן היסטאָריקער פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן און באַרימטן גאון און וויסנשאַפטלער ר׳ חיים העלער שליט״א.

---

* וועגן די אויפגאַבן, טעטיקייט און פרינציפּן פון דער „מסורה־וחרות״, וועט דער לייענער געפינען באריכות אין זיין מעמואַרן בוך „ספר זכרון״.

** אין זיין „כפר זכרון״ (לט, ז״ז 183—185) גיט ער איבער אַ טייל פון זיין בריוו צו הער י. ד. מ. (מאזעס), וואָס ער האָט צוגעשיקט כ״ח אדר תרע״ט, דערקלערנדיק זיין שטאַנדפּונקט וועגן אגודה. ער האָט געוואָלט, אַז אין דער פירערשאַפט זאָלן אויך זיין פאַרטראָטן רבנים נישט בלויז רביים... והנה אי אפשר להסכים, כי כל עניני היהודים בקודש ובחול, דברים הצריכים לנסיון, בקיאות וידיעות שמושיות הרבה יעמדו תחת ממשלת רביים...



הרב גרויבארד יו״ר וועדת־חינוך בוועידת המזרחי בפולין, בטבת תרע״ט — הרב גרויבארד פארזיצער פון חינוך־קאמיסיע בעת דער מזרחי־קאנפערענץ, אין טבת תרע״ט.

ס'איז געווען א צייט ווען ער איז געשטאנען אין איין ריי מיט אזעלכע פערזענלעכקייטן ווי מיכל פינס, זאב יעבץ (זיין אינטימער פריינט), בערלין, ניסנבוים, בראדט און יבדל לחיים, פישמאן א. א.

ער איז געווען א שטארקער אנהענגער פון פאליטישן ציוניזם. א גרויסער פארערער פון הערצל, וועלכן ער האט תמיד געלויבט פאר זיין נאבעלער ארבעט און גרויסן אויפטו לטובת דעם יידישן פאלק.

ער האט געהאלטן פאר א גרויסע עוולה די פאסיווקייט פונם רעליגיעזן יידנטום צום ציוניזם. ער האט מיר דערציילט, אז רעדנדיק אמאל מיט סאקאלאוו'ן וועגן פארשידענע ציוניסטישע פראבלעמען, האט ער אים פארגעהאלטן, פארוואס דער אלגעמיינער ציוניזם העלפט נישט אויפבויען רעליגיעזע קאלאניעס אויפן באזיס פון תורה ומסורה. האט סאקאלאוו אים געענטפערט: „אונזער ארבעט איז אריינצוברענגען וואס מער יידישע עולים אין ארץ ישראל. מיר מאכן נישט קיין אויסנאם פון וואס פאר א שיכט די עולים זאלן זיין. אויב איר ווילט בויען א רעליגיעזע ארץ ישראל טא בויט זשע; ארגאניזירט זיך, פארט קיין ארץ ישראל, און בויט קאלאניעס על פי תורה ומסורה"...

נו, — פלעגט ער פארענדיקן — פארשטייען דאס אונזערע פרומע יידן? יענער שרייט „טא בויט זשע!" און זיי שטייען מיט פארלייגטע הענט. אוי, וואס פאר אן אומבאוווסטזיניק פאלק זיי זענען!"

אין חודש ניסן תר״פ האט ער דערהאלטן אן אפיציעלע איינלאדונג פון טאראנטער קהילה צו פארנעמען דעם רבנות־אמט אלס רב הכולל. אין אנהייב האט ער נישט געוואלט פארלאזן זיין היימאט. פארשידענע סיבות האבן אבער געפירט דערצו, אז ער זאל זיין געצוווּנגען צו פארלאזן פוילן.

אין זומער פון יענעם יאר איז ער געפארן צו דער אלוועלטלעכער ציוניסטישער קאנפערענץ, וואס איז אפגעהאלטן געווארן אין לאנדאן. ער האט דארטן געהאלטן א רעדע אין העברעאיש אין נאמען פון אלוועלטלעכן מזרחי. די באשרייבונג פון דער קאנפערענץ און א טייל פון דער רעדע, וואס ער האט דארט געהאלטן געפינען זיך אין „ספר זכרון". דערוויל איז אויסגעבראכן דער קריג צווישן ניי־פוילן און באלשעוויסטישן רוסלאנד. באין ברירה האט ער זיך געמוזט לאזן אין וועג קיין טאראנטא, וווהין ער איז אנגעקומען דאנערשטיק ד' אלול תר״פ.

קומענדיק אויפן נייעם קאנטינענט האט ער נאכגעפאלגט דעם חכמ'ס עצה: „בבקר זרע... ולערב אל תנח"... ער האט באלד געפונען פאר זיך א ברייט פעלד פאר טעטיקייט. ער האט זיך פארנומען מיט חנוך, זיך אנגעשטרענגט אויפצובויען די גרעסטע, שטרענג ארטאדאקסישע תלמוד תורה אין שטאט. געארבעט איבער די כוחות פאר שמירת שבת און כשרות. ער האט איינגעארדנט „עירובין" אין שטאט, וואס איז א חידוש אין גאנץ אמעריקע. זיין „תקנת עירובין" ווערט באטראכט פאר א מאדעל ביי די גרעסטע אייראפעאישע רבנים, פון וועלכע ער איז שטארק געלויבט געווארן.

ער האט אויך פיל געארבעט פאר „היתר עגונות", צו באפרייען די פאראומגליקטע פרויען, וועמעס מענער ס'זענען פארלוירן געווארן אין דער גרויסער וועלט־מלחמה. ער האט זיך וועגן דעם ענין דורכגעשריבן מיט די גרעסטע רבנים פון דור, מיטן לובלינער רב ר' אלי' קלאצקין, מיטן דינאבורגער עילוי, ר' יוסף ראזען, מיטן אסטראווצער רב ר' מאיר יחיאל, און מיטן הרב קוק זכרונם לברכה.

אין טאראנטא האט ער אויך פארעפנטלעכט זיינע ספרים „ימין ושמאל", „דברים ככתבם", „יביע אומר" און די לעצטע דריי בענדער שאלות ותשובות „חבלים בנעימים".

מיט וואָרט און שריפט, נישט אַרויסלאָזנדיק קיינמאָל די פעדער פון האַנט, האָט דער שרענצקער עילוי, איבעראַל ווו ר'איז נאָר געווען טעטיק, באַלויכטן דעם מהות פון יהדות, די יידישע אנשויאונגען און פרינציפּן און מיט זיינע לאָגישע אַרגומענטן אַרויסגעבראַכט זייערע אמת'ן.

ער איז געווען אַ ליכטיקער שטראַל אין אונזער פינסטערער צייט, קעמפנדיק פאַרן אויפהאַלט פון אונזער טראַדיציאָנעלער תורה ליטעראַטור, וואָס איז „ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים" (איוב י״א ט').

ס'איז אָבער שוין דער גורל פון די „בני עליה" צו לעבן איזאָלירט פון דער אַרומיקער וועלט. די יחידי סגולה פון יעדן דור פאַרברענגען זייער הייליק לעבן פאַרוקט ערגעץ אין אַ ווינקעלע, אין די ד' אמות של הלכה.

נישט זיי פאַרלאַנגען כבוד, נישט זיי יאָגן זיך נאָך פרסום. זיי אַרבעטן פאַר זיך און אויף זיך אין די ראַמען פון תורה און עבודה. אַ טראַגעדיע, — אָט די דער־ווייטערונג פון גאון פון ציבור — אַ טראַגעדיע פאַרן גאון, וואָס קאָן עפּעס אויפטאָן פאַר דער מענטשהייט, צו לעבן אָפּגעזונדערט, איינזאַם. נישט ווייניקער איז עס אָבער די טראַגעדיע פונם צבור וואָס איז פאַר־בלענדט, און ווייסט נישט ווי אַזוי פאַר זיך אויסצו־שניידן אַ וועג צום גאון, צו באַגרייפן זיין שיטה, זיינע געדאַנקען און געפילן.

### ז. מיסטיקער און ראַציאָנאַליסט

הרב גרויבארט ז״ל האָט פאַראייניקט אין זיך עטלעכע שיטות אויף אַ גאָר האַרמאָנישן אופן. ער איז געווען חסיד און מתנגד, מיסטיקער און ראַציאָנאַליסט, ראָמאַנ־טיקער און רעאַליסט. ער האָט געגלויבט *באמונה שלמה אין משיחן און דאָך געהאַלטן שטאַרק פון ציוניזם. ער* איז געווען קעגן סאָציאַליזם און אַוודאי קעגן קאָמוניזם, אָבער געאַכטעט און רעספּעקטירט דעם פּשוטן אַרבעטער, וואָס לעבט אַ נאָרמאַל און אָרנטלעך לעבן פון זיין *אייגענער פּראַצע און פּראָדוקציע**. *אין זיין צוואה* האָט ער אונטערגעשטראָכן דעם פאַרלאַנג צו זיין אין שכנות מיט אַן אָרעמען, אָבער ערלעכן מענטשן — „מקום רק אצל עני, איש ישר נהנה מיגיע כפו.." ער האָט איבערגעלאָזט געלט פאַר אַלע דריי אַרבעטער באַוועגונגען: פּועלי־ציון (הסתדרות), פּועלי מזרחי, און פּועלי אגודת ישראל.

זייענדיק אָנגעלערנט אַזויפיל פון דער סכאָלאַסטיש־ראַציאָנאַליסטישער ליטעראַטור, האָט ער שטאַרק געהאַלטן פון „תורת הנגלה". אַלע זיינע ספרים זענען באַזירט אויף תורת הנגלה, אויף טיפער לאָגיק און ריינעם פאַרנונפט. נישט נאָר האָט ער זיך געהאַלטן שטאַרק ביי דעם תלמוד, דער מקור פון אַלע שפּעטערע שאַפונגען, ביי די ספרי הפוסקים פון די „ראשונים" און ביי דער טרוקענער סכאָלאַסטישער ליטעראַטור, באַזירט אויף די ד' חלקי שולחן ערוך, נאָר, ווי שוין דערמאָנט, אויך געלערנט און געקאָנט דעם „כוזרי", „מורה נבו־כים", ר' סעדיה גאונ'ס עיקרים און אַנדערע פילאָזאָ־פישע ווערק, ווי אויך אַלע פּאָעטישע שאַפונגען פון די גדולי הפיטנים אינם מיטלאַלטער.

ער איז געווען אַ „מתנגד", אינ'ם זין פון פאַרטיידיקן מתנגדישע רבנים, אויב זיי זענען געווען גערעכט. אין „ספר זכרון" נעמט ער זיך שטאַרק אָן פאַרן וואַרשעווער רב ר' יעקב געזונדהייט ז״ל, אַ באַוווסטער „מתנגד" און „גאון עצום", וועלכער איז אומברחמנות'דיק גע'רודפ'ט געוואָרן פון חסידים אין וואַרשע. ער שטעלט זיך אַרויס פאַרן „מופת הדור", דעם מלבי״ם, וועלכער איז געווען רב אין לונשיץ (אַ קליין שטעטעלע אין פּוילן), און צוליב די רדיפות פון די חסידים געמוזט פאַרלאָזן און אַוועקפאָרן קיין מאָהילעוו, פאַרנעמענדיק דאָס דאָרטיקע רבנות בכבוד גדול. אַזוי נעמט ער זיך *אָן פאַר ר' יוסף ענגעל, דער וועלט באַרימטער פּוילישער גאון, פאַר ר' יהושועלע קוטנער* (מחבר פון „ישועות ישראל", „ישועות מלכו" א. אַ. וויכטיקע ספרים) וועלכער איז גערודפט געוואָרן פון חסידים. ער האַלט אָבער פון חסידות און פון געוויסע רביים. *ער האָט ליב דאָס חסידות און אַנערקענט דעם היסטאָרישן באַטייט* און וויכטיקייט פון חסידיזם.

**די פּראָטאָטיפּן פון חסידישע רביים ביי אים זענען**

* זע, יעקב מאַנדעל, הגאון ר' יהודה ליב ז״ל, „יידישער זשורנאַל", טאָראָנטאָ, אָקט. 10, 1937.

געווען: דער פשיסכער רבי ר׳ בונם, וועמעס גוטע ווערטלעך ער דערמאָנט אַזוי אָפט אין אַלע זיינע ספרים; דער קאָצקער רבי ר׳ מענדעלע מארגנשטערן, פון וועמען ער האָט שטענדיק גערעדט און אים כאַראַקטע־ריזירט אין פיר ווערטער: למדן, חריף, פילוסוף, משכיל; דער ערשטער גערער רבי, ר׳ יצחק מאיר אלטער (רי״ם), וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר אַ ריז, פאַרן גרעסטן למדן אין זיין צייט, מחבר פון זיבן ספרים „חדושי הרי״ם", „תשובות הרי״ם", א. אַ. וו. דער טשע־כאַנאָווער רבי און זיין זון ר׳ זאב לאנדא (שפעטער סטריקאָווער רבי), כאַראַקטעריזירנדיק אים אַלס פילאָ־זאָף און דיכטער; סאָכאַטשאָווער רב ר׳ אברהם־אלע (אידעם פון קאָצקער רבי׳ן און מחבר פון ספר שו״ת „אבני נזר"), און פון נאָך אַנדערע גדולי הרבנים.

אין „ספר זכרון" טרעט ער שאַרף אַרויס קעגן דעם בוך „אין פוילישע וועלדער" פון דעם גרויסן קינסטלער י. אפּאַטאָשו, וועלכער זאָל האָבן באַליידיקט אין זיין ווערק דעם קאָצקער רבי׳ן מיט זיין זון ר׳ דוד, זאָגנדיק, אַז „לא מניה ולא מקצתיה", „והוא ממש כאומר על משה רבנו שעבד אלילים, ועל שלמה המלך שהיה האיש היותר סכל בדורו, וכי אלכסנדר המוקדוני מפורסם למוג־לב כארנבת"...*.

זייענדיק אַ שטאַרקער אַנהענגער פונם ציוניזם, גלויבנדיק, אַז יידן קאָנען ווערן אַ נאָרמאַל פאָלק דורך ארץ־ישראל, איז ער דאָך נישט געווען קיין „שולל הגלות". דאָך נישט מבטל געמאַכט די גלות־טרוימען אויף משיחן. שטאַרק געהאַלטן פונם גלות־כוח, פון אויסדויער און אמונה; שטאַרק געגלויבט אינם כוח פון טראַדיציע, פון ירושה־קוואַל וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

פונקט ווי אַלע רעליגיעזע דענקער האָט ער שטאַרק געגלויבט אין דער מיסיע פון אונזער פאָלק, מיט וועלכער ס׳איז פול אונזער קבלה־ליטעראַטור, אַז מיר זענען אַן אַנדער פאָלק, אַן „אתה בחרתנו׳דיקס", מיט

* „ספר זכרון" קאַמענטאַר, ז. 176.
אין יאָר תר״פ. האָט ער אין ארגאַן „המזרחי" פאַרעפנטלעכט אַ מאמר אין העברעאיש א. נ. „להצדיק את הצדיק", פאַר־טיידיקנדיק דעם קאָצקער רבי׳ן און זיין שיטה אין חסידות.

אַן אַנדערן געשיכטלעכן גורל און מיט אַן אַנדערער היסטאָרישער צוקונפט.

קאָן איך זיך דאָ באריכות נישט אָפּשטעלן אויף ציטאַטן פון זיינע ספרים, אום קלאָר אַרויסברענגען די פילאָזאָפיע, וואָס איז אַ סינטעז פון רעליגיעזן גלויבן, סאָציאַלן בטחון און נאַציאָנאַלן אָפּטימיזם. איך האָב דאָ נאָר געוואָלט אונטערשטרייכן דעם פאַקט, אַז ביי אים האָבן געקאָנט האַרמאָנירן די ציוניסטישע אידעאַלן צוזאַמען מיט דער טיף־טראַדיציאָנעלער, איינגע־ווורצלטער אמונה, אַז יידן זענען אַ „גוי קדוש", אַן אויסנאַם־פאָלק און ווערן דירעקט געפירט פון דער השגחה העליונה.

אַלע זיינע יאָרן האָט ער געשטרעבט צו זען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, דער עם התורה, זאָל זיין אַן אמת הויך פאָלק, און זיך פירן לויט דער מאָראַל און עטיק פון זיינע נביאים. האָט פיל מאָל דערמאָנט, אַז דער אנהייב פון דער תורה און די ענדע איז גמילות חסדים (גמרא סוטה) און אַז גאָט וויל מען זאָל זיך באַהעפטן אין זיינע מדות: מה הוא רחום אף אתה רחום. ער האָט געוויטיקט אויף דעם וואָס די פועלי־ציון פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַ לאַנד אָן יידישער טראַדיציע. און ער — דער גרויסער צדיק און טרוימער פון אַ בעסערער יושר־דיקער וועלט בעט גאָט, ער זאָל עפענען זייערע אויגן און זיי זאָלן דערזען זייער פאַלש־קייט „ואך עינינו אל ה׳ כי ילמד תועים בינה ויקוים „ואסירה כל בדיליך" *.

## ז. זיין מסירת נפש פאַר יידן אין פוילן

עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן אויפן פּאַפּיר זיין געוואַלטיקע „אהבת ישראל", זיין מיטלייד מיט די יידן פון פּוילן, רומעניע, אונגאַרן און אַזוי ווייטער. די קריי־טישע לאַגע פון דאָרטיקן יידנטום (די אָפּטע פּאַר־פאָלגונגען און פּאָגראָמען) האָט אים ממש צובראָכן זיין האַרץ. אין די ליידן און פיין פון די מזרח־אייראָ־פּעאישע יידן האָט ער נישט געזען בלויז אַ קאַטאַסט־ראָפע וואָס טרעפט אַמאָל; ער האָט אין דעם געזען אַ טראַגעדיע פון אַ פאָלק וואָס האָט נישט קיין באָדן,

* דאָרטן ז. 130.

קיין לאַנד און מוז זיך אָנלענען אויף יענעמס חסד. אײַפּן „חסד לאומים חטאת״.

ער האָט געװײטיקט איבערן גורל פונם פּױלישן ידנטום. זײַן האַרץ איז אָנגעפּילט געװען מיט צער פון די בריװ װאָס ער פלעגט כסדר דערהאַלטן פון רבנים, גדולי ישראל, און סתם אָרעמע יידן, װעלכע פלעגן ביי אים בעטן הילף און שטיצע, זיך צו ראַטעװען פון נױט, פון אונטערגאַנג.

צו אים זענען אָנגעקומען הונדערטער רעטונגס בריװ אַזעלכע, און ער, מיט זײַן ברייט האַרץ, האָט זיי אַלעמען געענטפערט מיט אַ פאַר דאָלער. ס׳ליגט ביי מיר אַ בריװ צו אים פון קאַלישער רב ר׳ יחזקאל ליפשיץ ז״ל, װעלכער פלעגט זיך קאָרעספּאָנדירן מיט אים װעגן פאַרשידענע ענינים און איבערהויפּט װעגן אױפװעקן שלאָפנדע אַמעריקאַנער הערצער זיי זאָלן שטיצן זײערע אָרעמע קרובים אין פּױלן. דער לעצטער פרעגט „החרש היה לבם?״ זענען די אַמעריקאַנער טויב צו די אַלאַרמען פון זײערע שװעסטער און ברידער אין פּױלן? און װאָס פאַר אַ שמערצן און װײטיק ס׳האָט אים פאַרשאַפט די פּאַסיװע און גלייכגילטיקע שטעלונג פון די היגע יידן צו זײערע נויטליידנדע פּױלישע ברידער.

ער האָט זיך אַ לאַנגע צייט אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן, װעגן שאַפן אַ פאַר מיליאָן דאָלער אויף צו באַזעצן אַ הונדערט טויזנט יידן פון פּױלן אויף קאַנאַדער ערד. װעגן דעם פּלאַן האָט ער אַ סך גערעדט. האָט זיך אַמאָל װעגן דעם געװענדעט צו דעם באַװוּסטן שיקאגער מיליאָנער־פילאַנטראָפּ יוליוס ראָזנװאַלד.

דער לעצטער האָט אָבער נישט געװאָלט זיך פאַר־אינטערעסירן מיט דעם פּלאַן. בנוגע דעם האָב איך אים אַמאָל געפרעגט: איר װילט גאָר שאַפן אַ קאָנקורענץ־באַװעגונג קעגן ציוניזם? האָט ער מיר דאַרויף געענט־פערט: „ראשית, קלער איך אַפילו נישט װאָס מיינע ציוניסטישע פריינט װעלן זאָגן. ס׳איז איצט „עת לעשות״, נישט צו חקרנ׳ען — מען דאַרף עפּעס טאָן פאַרן פאָלק, נישט זיך אָפּצושרעקן פאַר קיין זאַך. והשנית, האָלט איך אַז דאָס װאָלט גאָר נישט געװען קיין „כנגד״ באַװעגונג צום ציוניזם. אדרבא, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע װאָלט געקאָנט האָבן איר הויפּט השגחה אויף צו באַזעצן יידן פון פּױלן, װעלכע קאָנען נישט פאָרן קיין ארץ ישראל, אויף קאַנאַדער באָדן. דאָ זיי צוגרייטן צו ערד־אַרבעט, דאָ זאָלן זיי דורכמאַכן די הכשרה, אַזוי, אַז קאַנאַדע זאָל זײַן דער „פּרוזדור״ צו דעם ארץ־ישראל׳דיקן „טרקלין״.

ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט׳ן געדאַנק אַליין אַרומצופאָרן און שאַפן אַזאַ באַװעגונג.

טראָץ זײַן עלטער האָט ער געדענקט, אַז ער װאָלט זיך נאָך געקאָנט אונטערנעמען אַזאַ ריזיקאַלישע נסיעה, און שאַפן, סיי די מאַטעריעלע מיטלען, די מיליאָנען, װאָס זענען נייטיק פאַר אַזאַ אונטערנעמונג, און סיי דעם מענטשן מאַטעריאַל, װאָס זאָל באמת זײַן פעאיק צו ערד אַרבעט.

### ח. זײַן קאַמף פאַר חינוך און שמירת־שבת אין אַמעריקע

איז קיין ספק נישט, אַז פאַר די נאָענטע אַרום אים, איז הרב גרויבארט ז״ל געװען אַ ליכט קװאַל, דערמיט אַליין װאָס ביי אים איז פאַראייניקט געװען תורה־גאונות מיט װעלטלעכע װיסן. אָבער אויך פאַר אַנדערע איז ער געװען אַ מורה־דרך. אויך פאַר אַנדערע האָט ער זיך באַװיזן אין געשטאַלט פון אַ קעמפער פאַרן אמת, פאַר דעם ידישן גייסט.

אַ לעבן לאַנג האָט ער אָפּגעגעבן פאַר הנוך, פאַרן רעליגיעזן חנוך־װעזן. געקעמפט קעגן פריידענקער, באַװייזנדיק מיט גרויס חכמה, אַז די תורה איז דער בעסטער קװאַל פון װיסן.

אויפנעמענדיק דעם קאַמף מיט דעם כפירה גייסט האָט ער גלייכצייטיק געמונטערט די עלטערע פרומע יידן, װאָס זענען אַריין אין אַ חוני־המעגל שלאָף און זיך פון קיין זאַך נישט װיסנדיק געמאַכט.

מערסטנס אָבער האָט ער געקעמפט קעגן חלול השבת, װאָס ער האָט נישט געקאָנט צוזען און צוליב װעלכן ער האָט אַזױפיל געװײטיקט.

אָנגעהויבן האָט ער אין דער עפנטלעכקייט זײַן קאַמף פאַר שמירת שבת אין אַ זײער נישט גינסטיקער צייט, אין דער צייט פון דער װעלט מלחמה. זײענדיק אַליין אַ פאַרטרײבענער אין אַ פרעמד לאַנד האָט ער

גענומען אויף זיך די מיסיע, און מיט דער גרעסטער מסירת נפש, צו אָרגאַניזירן רעליגיעזע שולן און היטן שבת אין פרייען רוסלאַנד.

איז ער געקומען אין שטעטל מארום און דערזעענדיק ווי די קינדער וואַקסן עם הארצים, ווילד; די עלטערן זענען מחלל שבת און היטן נישט קיין יידישקייט — האָט ער מיט דער גרעסטער ענערגיע דאָרט געעפנט חדרים, שולען און געווירקט אויף די איינוואוינער נישט מחלל שבת זיין.

די פאַרזאָרגונג פון שפייז און קליידונג האָט ער איבערגעגעבן אַנדערע; פאַר זיך האָט ער געלאָזן די גייסטיקע פאַרזאָרגונג.

איך וויל דאָ דורכלאָזן זיין אָנגעשטרענגטע אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון חדרים און תלמוד תורה׳ס. איך וויל זיך בלויז אָפּשטעלן אויף זיין אָנשטרענגונג פאַר שמירת שבת.

זיין מאטא איז געווען: „כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם״... זיינע הונדערטער רעדעס זענען געבויט אויף דעם מאָטיוו. נאָך דער קערענסקי איבערקערעניש אין פעברואַר 1917, ווען יידן איז געגעבן געוואָרן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, האָט ער דאָס אויסגענוצט אויפ־צושטעלן די אָרגאַניזאַציע „מסורה וחרות״.

אין דער צווייטער דעקלאַראַציע, ווו עס ווערן דערקלערט די גרונט פרינציפּן און אויפגאַבן, ווערט שוין דערציילט וועגן חלול שבת אין רוסלאַנד וואָס דאַרף באַקעמפט ווערן. „אונזער שטרעבונג — ווערט דאָרט געזאָגט — איז, אַז שבת זאָל זיין אַ פול־שטענדיקער רו טאָג און אַז יידן וואָס האַלטן געשלאָסן זייערע געשעפטן שבת זאָל זיין דערלויבט זיי עפענען זונטיק״.

און נישט נאָר פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג האָט ער געפאָדערט שבת־רו, ער האָט אויך געפאָדערט, דורך דער נייער אָרגאַניזאַציע, אַז יידיש־מיליטער און אַלע יידישע רעגירונגס־אָנגעשטעלטע, זאָלן קענען היטן אומגעשטערט יידישע ימים־טובים און שבת.

צו דער נייער באַוועגונג זענען צוגעשטאַנען הונ־דערטער רבנים, אויך דער „חפץ חיים״ ר׳ ישראל מאיר הכהן, ראַדינער רב ז״ל, האָט אונטערגעשטיצט די דאָזיקע באַוועגונג, אין וועמעס שפּיץ ס׳האָט זיך געשטעלט נישט בלויז הרב גרויבאַרט נאָר אויך הרב מזא״ה, הרב שמואל ראבינאָוויטש און דער באַרימטער למדן ר׳ שלמה גאָף (אַלע זענען שוין אין גן־עדן).

אַ סך האָפענונגען האָט הרב גרויבארט געלייגט אויף דער נייער פאָלקס־רעגירונג, וואָס וועט געבן נאַציאָ־נאַלע אויטאָנאָמיע אַלע מינדערהייטן און דערמעגלעכן אויסצובויטערן דאָס יידישע דערציאונגס וועזן און היטן אומגעשטערט די רעליגיע. צום באַדויערן זענען אַלע זיינע שטרעבונגען געבליבן אַ גוטער ווונטש. צום סוף אָקטאָבער 1917 איז די קערענסקי רעגירונג געפאַלן און מיט איר אַלע גוטע ווונטשן.

די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן זייער דיקטאַטור אויך אויף דער יידישער גאַס. די ליכטיקע טעג זענען איבערגעקערט געוואָרן צו פינסטערע. דיאמאנטשטיין איז געוואָרן דער קאָמיסאַר איבער יידישע אָנגעלעגנ־הייטן, און האָט געשלאָסן אַלע נאַציאָנאַל־העברעאישע און טראַדיציאָנעלע שולען. תנ״ך, תלמוד איז בכלל פאַרבאָטן געוואָרן. זיין היסטאָרישע אויפגאַבע אין רוסלאַנד האָט זיך געענדיקט. און ער האָט זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט פון׳ם דאָרטיקן גיהנום.

פאַר די איבער דריי יאָר וואָס ער איז געווען אין רוסלאַנד האָט ער געהאַלטן אומצייליקע דרשות אין העברעאיש, יידיש און רוסיש. דרייצן דרשות האָט ער געלאָזן אָפּדרוקן אין זיין מלחמה־בוך „ספר זכרון״. אַלע דרשות זענען פול מיט דברי מוסר, באַזירט אויף לאָגיק און וויסנשאַפט... זייענדיק אין קאַזאַן האָט ער געהאַלטן אַ טיפזיניקן רעפעראַט וועגן שמירת שבת, אין וועלכן ער האָט געזאָגט: „זכור — געדענק, אַפילו אויף אַזאַ אָרט ווו שבת איז שוין פאַרגעסן געוואָרן און היטן שבת מיינט ברענגען אַ קרבן... „שמור את יום השבת כאשר צוך ה׳ אלקינו״ — אַפילו דו האָסט נישט מורא פאַר קיין מענטשן, שעמסט זיך נישט פאַר זיי — זאָלסטו היטן שבת צוליב גאָטס באַפעל״.

אַמעריקע, וווהין ער איז אָנגעקומען אין תר״פ, איז אים נישט געפעלן, צוקוקנדיק ווי די יסודות פון דת ווערן דאָ אַזוי פאַרלעצט, צוקוקנדיק די מחלוקות׳ן אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן, זעענדיק ווי אַ רב שטרענגט

זיך אָן מיט אַלע כוחות אַרונטערצורייסן דעם צווייטן און צו שטערן זיין אַרבעט מעג זי זיין ווי נוצלעך... ווי אין רוסלאַנד אַזוי אויך דאָ האָט ער געשטורמט קעגן חלול שבת. אין ניסן תרפ״ב האָט ער פּובליקירט אין יידיש און ענגליש אַן „אָפענעם שבת־בריוו צו די אַמעריקאַנער מאַנופעקטשורער און אַרבעטער״ א. נ. „אגרת שבת״.

אָט מיט די ווערטער הייבט ער אָן זיין בריוו: „איך פּרינצעסין „שבת״ אַפּיל צו אייך, איך בין גענוג פּאָפּולער און ברויך נישט פאָרצושטעלן מיין יחוס. איך בין אַזוי אַלט, ווי לאַנג אידען עקזיסטירען... איך בין די קרוין פון אידענטום, גאָט און ישראל׳ס ליעבלינג.

„אַלזאָ, פרעגט זיך ווי קענט איר אַמעריקאַנער אידען דולדען ווי איך ווער שענדלעך אַטאַקירט און באַליידיגט, און במנוחה צו קוקען ווי עס ווערט געשטערט די מנוחה פון שבת?...״

(איך האָב נישט געענדערט נישט די אָרטאָגראַפּיע און נישט דעם סטיל נ. ש.).

ער האָט אַפּעלירט צו אַלע שולען זיי זאָלן נישט צולאָזן צו קיין אַמט די יעניקע וואָס זענען מחלל שבת, און אודאי נישט אַז אַ מחלל שבת זאָל זיין אַ פּרעזידענט פון אַ שול.

אין אַ צווייטן אויפרוף א. נ. „לעשות את השבת״ איז ער שפּעטער אַרויסגעקומען מיט פּראַקטישע פּלענער וועגן שמירת שבת. ער פאָדערט למשל מען זאָל זיך ווענדן צו דער רעגירונג, אַז זי זאָל דערלויבן אַרבעטן זונטיק, די וואָס אַרבעטן נישט שבת. אָדער צו פאַרגרעסערן פּראָפּאָרציאָנעל די אַרבעטס־שטונדן פון די 5 וואָך־טעג, אום צו „דעקן״ דעם שבת.

הרב גרויבאַרט האָט אין אַלע זיינע ספרים אַגיטירט פאַר שבת־רו, טראָץ דעם וואָס ער האָט געהאַלטן אַז פאַר שבת דאַרף מען נישט קיין אַגיטאַציע. געווען אַ צייט, ווען ער איז אָפן אַרויס אין קאַמף קעגן חילול־שבת. עטלעכע שבתים איז ער מיט אַ עדה יידן אַרויס אויף קענזיגטאָן (יידישער מאַרק אין טאָראָנטאָ), דאָרטן געהאַלטן זיינע דרשות קעגנאיבער די געוועל־בער, מיינענדיק אַזוי אַרום צו ווירקן אויף די מחללי שבתות. נישט איינמאָל איז ער באַליידיקט געוואָרן פון ווילדע עם־הארצים וואָס האָבן זייערע געשעפטן אין יענער געגנט. ער האָט אָבער אַלץ פאַרליב גענומען, זאָגנדיק:

„אויב אַ רב זעט, אַז עס איז וויכטיק צו וואָרענען קעגן חילול שבת אין זיין שטאָט, וואָס פאַר אַ רעזול־טאַטן קאָנען ברענגען זיינע רעדעס אין שול צווישן שומרי שבת? די בעלי־דבר זענען דאָך דאָרטן נישטאָ. זיי זענען דאָך פאַרנומען אין זייערע עסקים — דער רב דאַרף דעריבער אַרויסגיין צו זיי! רעדן אויף די ערטער וווּ זיי געפינען זיך?...״

ער ברענגט ראיות פון אַמאָל, ווען מען האָט גע־פּריידיקט אין די גאַסן:

דער פסוק זאָגט (משלי א׳ כ): „חכמות בחוץ תרונה, ברחובות תתן קולה״. אברהם אבינו האָט עפנטלעך און אומעטום געפּריידיקט גאָטהייט. חזקיה האָט גערעדט צום פאָלק „ברחוב שער העיר (דברי הימים ב׳ ל״ב ו׳) און אַזוי עזרא הסופר (עזרא, ט. י.) און אַזוי נחמיה האָט געלייענט אין דער תורה אין גאַס, פאַרן „שער המים״ (נחמיה ח. ג.).

באַווייזנדיק די חשיבות פון שבת פון סאָציאַלן, הומאַנען, רעליגיעזן שטאַנדפּונקט *, האָט ער געגלויבט, אַז ער וועט קאָנען אויפטאָן עפּעס ממשות׳דיקס. ער איז געווען ערלעך צו דער זאַך, און אַזוי ווי יעדער ערלעכער מענטש מוז זיין אַביסל נאַאיוו, אַזוי האָט ער געגלויבט, אַז עס וועט אים געלינגען עפּעס מתקן זיין בנוגע שמירת שבת. זיינע ספרים: „דברים ככתבם״, „ימין ושמאל״, „יביע אומר״, וואָס לייכטן מיט תורה און וויסן, זענען עדות אויף זיין אָנגעשטרענגטער באַמיאונג אויף דעם געביט. מיט דער קראַפט פון זיין פעדער, און דער שיינקייט פון זיין ריידן האָט ער געוואָלט איבערציייגן און אויפקלערן די יידישע מאַסן אין אַמעריקע...

די נאָענטע אַרום אים האָבן פאַרשטאַנען ווי אָפּ־צושאַצן זיינע שבת־דעקלאַראַציעס, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט באַפעסטיקן דעם „ושמרו״, אין וועלכן דער ייד קאָן זיך פאַרטיפן און קומען צו דער אצילות

* זע, „דברים ככתבם״, תרצ״ב, ז״ז 198—199.

וועלט, זייענדיק דער אייביקער צייכן, וואָס פאַראייניקט די יידן מיט גאָט:

„ברית עולם ביני ובין בני ישראל אות היא לעולם״.

**ט. דער גרויסער עניו**

במקום גדולתו שם אתה מוצא ענותנותו. זייענדיק אַזוי מפורסם בכל קצוי תבל, טיטולירט צו ווערן „רבן של כל בני הגולה״, האָט ער זיך געהאַלטן באַשיידן צו זיינע נאָענטע, איבערהויפּט צו זיינע תלמידים, מיט וועלכע ער האָט פאַרברענגט אַזוי פיל צייט און ענער־גיע, נישט נאָר אין לערנען, נאָר אויך אין שמועסן, אין שיחות חולין, וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען מיט ידיעות און בקיאות, אַז פון זיי אַליין האָט מען גענוג געלערנט.

מיט זיינע תלמידים האָט ער זיך שטענדיק געהאַלטן ווי אַ חבר. זיינע בריוו צו תלמידים זענען געווען „ידידות״ בריוולעך. ווען איך בין אין יאָר תרצ״ב אַוועק פון טאראנטא האָט ער זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט מיין לאַגע און געשריבן צוויי בריוולעך, אין וועלכע ער באַציט זיך צו מיר ווי צו אַ „ידיד״ נישט ווי צו אַ „תלמיד״. אַזוי ווי דאָס ערשטע בריוול האָט צו טאָן מיט פריוואַטע ענינים וועל איך דאָ נאָר איבערגעבן דעם תוכן פון צווייטן בריוול, וואָס לייענט זיך ווי פאָלגט:

ב״ה ג׳ כ״ו אלול צ״ב טורונטו.

כבוד חביבי בחור כהלכה (דעמאָלט נאָך געווען אומפאַרהייראָט נ. ש.) חריף ובקי, מבין ושלם מר. נחמן בומיל (שמן) יחי׳.

קבלתי יקרתך, ולא שבעתי רצון בראותי כי אין לך עוד בסיס קיים למשלח יד. אך אם אינך רואה כי יגעת ומצאת — תאמין כי לא יגעת כראוי. הי׳ מוצל ואל תתרפה, חפש וחפש.

על אודות חב״ד, ראה פי׳ רמב״ם אבות פ״ו מי״ז (ודבריו סתומים) ותפארת ישראל ופי׳ משלי להגאון מלבים פרשה א׳ ובכמה מקומות שם שהוא קובע גדרים, ובס׳ גן נעול שכמעט כולו מוסד ע״ז, ובאמת נראה שאין הבדל בשמות הנרדפים, ומי היודע חלוק בין אויל, בער, חסר לב, כסיל, סכל, נבוב, פתי, פותה, טפש, שוטה, יבין מה בין חכמה בינה דעת.

פה הכל כדאתמול. תכלה שנה וקללותי׳ ומלכותה יתן המלך לרעותה הטובה ממנה. יחדש ה׳ עלינו את השנה לטובה ולברכה.

ידידך

יהודא ליב גרויבארד, דר״ש מכל ב״ב

ער האָט אָפט ליב געהאַט צו דיסקוטירן מיט זיינע תלמידים אין ענינים פון הלכה און געווען שטאַרק צופרידן, ווען ער האָט געמוזט נאָכגעבן. אין מסיבות תלמידים האָט אויף אים גערוט דער יום־טוב צויבער, די נאָענטקייט, צוגעבונדנקייט און פרייד פון טאַטע צו זיינע קינדער.

מיר, די גאַר נאָענטסטע, האָבן דאָס געפילט און געוווּסט ווי דאָס אָפּצושאַצן. אונזער באַציאונג צו אים איז אויך נישט געווען פון בלויז „מורא הרב״... נאָר אַ ליבשאַפט, אַן אהבת נפש צו אַ ליבן, איבערגעגעבע־נעם מורה דרך...

אין זיין צוואה, וואָס ער האָט אָנגעשריבן צוויי יאָר פאַר זיין טויט, האָט ער פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים באַערדיקן לעבן אַן אָרעמען ערלעכן יידן, וואָס האָט געלעבט „מיגיע כפיו״. ער האָט אָנגעזאָגט, אַז זיין לויה זאָל זיין אַן איינפאַכע; קיינער אויסער די קינדער, זאָל נישט מאַכן קיין הספדים. אויף זיין מצבה זאָל מען נישט אויסקריצן קיין טיטולן, בלויז זיין און פאָטערס נאָמען.

**י. די פטירה פונם גאון**

הרב גרויבארט איז נפטר געוואָרן מיטוואָך בייננאַכט, ב׳ מרחשון תרצ״ח. (דעם 6־טן אָקטאָבער 1937). נישט קוקנדיק דערויף וואָס ער איז שוין געווען קרוב צו די „גבורות״, איז זיין טויט געקומען אומדערוואַרטעט און ווי אַ דונער אונז אַלעמען געטראָפן.

גאַנץ טאראנטא איז געקומען באַגלייטן צו זיין „מנוחת עולמים״ איר גרויסן רעליגיעזן פירער און אויטאָריטעט. טאראנטא האָט נאָך אַזאַ לויה נישט געזען. נאָך דער מטה זענען נאָכגעגאַנגען די הונדערטער

קינדער פון דער תלמוד תורה „עץ חיים״. די געוועל־בער, אַרום דער געגנט ווו די לוויה האָט זיך געצויגן, זענען געווען געשלאָסן.

אָפּשאַצונגען און נעקראָלאָגן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער יידישער, העברעאישער און ענגלישער פרעסע פון דער גאַנצער וועלט.

די לאָקאַלע יידישע צייטונג „דער אידישער זשור־נאַל״ איז אַרויס אין אַ שוואַרצער ראַם, אין טרויער אויפן גרויסן פאַרלוסט. דער רעדאַקטאָר ש. מ. שאפירא איז אַרויסגעקומען מיט אַ לייט אַרטיקל א. נ. „אַ שטערען איז געפאַלען״, וואָס האָט געמאַכט אַ טיפן רושם. אויך אַנדערע אַרטיקלען זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון הרב ש. א. פרדס, י. י. וואלגעלערנטער, הרב ש. פ. וואלגעלערנטער, י. מאנדעל, הרב בנימין גרויבארט, הרב פנחס גרויבארט, הרב דוד גרויבארט, הרב יצחק וויינגאַרטן, פונם שרייבער פון די שורות און פון פיל אַנדערע. אין מאָנטרעאַלער „קענעדער אדלער״ איז דערשינען אַ גרעסערע אָפּשאַצונג וועגן נפטר פון באַקאַנטן קאַנאַדער זשורנאַליסט מ. גינזבורג.

צו די שלושים האָט די שטאָט טאראנטא דורכ־געפירט אַ טראַדיציאָנעל־איינדרוקספולע הזכרה נאָכן גרויסן נפטר, אין דער באַוווסטער גרויסער אסטראָוער־צער שול, ביי וועלכער ס׳זענען אַנוועזנד געווען די חשוב׳סטע רבנים פון לאַנד: הרה״ג ר׳ אליעזר סילווער רב הכולל פון סינסינעטי (ערן פרעזידענט פון אגודת הרבנים פון אַמעריקע און קאַנאַדע), הרב ר׳ שאול זילבער (פרעזידענט פון „בית מדרש לתורה״ אין שיקאגע), הרב ר׳ שמואל אהרן הלוי פרדס (רעדאַקטאָר פון רבנישן חודש־זשורנאַל „הפרדס״), הרב י. הירשהארן פון מאָנטרעאַל, הרב ש. לעווין פון האמילטאן, קאַנאַדע, הרב ר׳ מנחם זאקס פון שיקאגע און אַנדערע אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן אין דער אָרטאָדאָקסישער וועלט.

די הזכרה איז דורכגעפירט געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פונם באַקאַנטן כלל טוער (פרעזידענט פון טאראנטער קהילה) ר׳ יוסף לעווין, וועלכער איז געווען אַ ידיד נאמן פונם גרויסן נפטר; ר׳ ישראל וויינבערג, פרע־זידענט פון אסטראָווצער שול; ר׳ יצחק מאיר קאראל־ניק, ערן פרעזידענט פון ת״ת עץ חיים; ר׳ אברהם טענענבוים, פרעזידענט פון ת״ת עץ חיים און אַנדערע.

די מקורבים פונם גרויסן גאון האָבן, אויף דער איניציאַטיוו פון ר׳ יצחק מאיר קאראלניק, אָרגאַניזירט אין טאראנטא אַ ישיבה אויפן נאָמען פון מהר״יל גרויבארט ז״ל. זיי האָבן דערמיט מקיים געווען דעם מאמר חז״ל אויפן פסוק „וכבוד עשו לו במותו״ (דברי הימים ל׳ ג׳): מלמד שהושיבו ישיבה על קברו״ (בבא קמא ט״ז ע״ב). קיין גרעסערן כבוד פאַר חזקיהו׳ן האָט דער תלמוד נישט געקאָנט געפינען, און תוספות (דאָרטן) דערקלערט, אַז דעריבער איז אים געקומען דער כבוד „לפי שהרבה תורה בישראל כדאמרינן בחלק (סנהדרין צ״ד ע״ב) שבדקו מדן ועד באר שבע ולא מצאו איש ואשה, תינוק ותינוקת שלא היו בקיאים בטומאה וטהרה״.

הרב גרויבארט ז״ל האָט נישט געהאַט דאָס גליק צו זען אַזאַ געלערנטן דור. זיין ווונטש איז אָבער געווען דער זעלביקער ווי חזקיהו׳ס. ער איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך פון יידישער דערציאונג. פשוט זיין געזונט געאָפּפערט פאַר חנוך־אַרבעט.

מיט דער פטירה פון רבנו י. ל. גרויבארט איז אַוועק איינער פון די גרעסטע און געניאַלסטע אין אונזער דור.

הרב ד״ר דוד גרויבארט שיקאגו

# הרב ר׳ משה שאלתיאל גערשט

## דער סטאַשעווער מורה־הוראה

אונזער מורה־הוראה, הרב ר׳ משה שאלתיאל גערשט, איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און פון די באַ־ליבטעסטע פערזענלעכקייטן אין שטעטל. אָבער נישט נאָר אין לומדות האָט זיך דער מענטש אויסגעצייכנט. ער איז אויך געווען אַ ייד אַ פּיקח און בכלל אַן אָנגענעם־פריינטלעכער מענטש, וועלכער האָט מקרב געווען און אויפגענומען בסבר פנים יפות יעדן, וואָס איז מיט אים געקומען אין באַריר. ווי לעבעדיק איז מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון די ליכטיקע, הדרת־פנים׳דיקע געשטאַלט פון אָט דעם טייערן ייד און מענטש, וועמעס בלאַס פּנים, באַצירט מיט דער פּעך־שוואַרצער באָרד און גוטמוטיק־וואַרעמען שמייכל, שטייט קלאָר פאַר מיר ווי ס׳וואָלט געווען היינט. הרב גערשט איז געווען דאָס, וואָס אַ שפּעטער פּאָפּולער־געוואָרענע פראַזע האָט באַצייכנט: אַ פאָלקס־מענטש.

די כהונה פון מו״צ און הויפּט־דיין האָט הרב גערשט פאַרנומען אין דער צייט, ווען אויף דעם סטאַשעווער כסא־הרבנות איז געזעסן דער גרויסער גאון הרב ר׳ יהודה לייב גרויבארט. אָבער ער איז נישט בטל בששים געוואָרן און אַ דאַנק זיין לומדות און חריפות, פּיקחות און באַהאַוונטקייט אין הוויות־העולם איז הרב ר׳ שאלתיאל גערשט געווען דער רוח־החיים אין סטאַשעווער בית־דין, — און אין די סוחרי׳שע דין־תורה׳ס, וואָס זענען פאָרגעקומען אין שטעטל, איז זיין עצה, פּשרה אָדער פּסק־דין אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס רעספּעקט.

ר׳ משה שאלתיאל גערשט איז געווען אַן אָסטראָוור־צער חסיד, אַ תלמיד מובהק פון יענעם גאון און צדיק, הרב ר׳ מאיר יחיאל הלוי האַלבשטאַק, וועלכער האָט געפירט אַן אַסקעטיש לעבן, פראַווענדיק תעניתים מערב שבת לערב שבת, זייענדיק באַקאַנט מיט זיין צדקות אין דער לענג און ברייט פון גאַנץ פּוילן.

ווי אַ טרייער תלמיד און חסיד פון זיין גרויסן רבין, האָט הרב גערשט איבערגענומען דיזעלבע התנהגות, פאַסטנדיק אויך אָפטע תעניתים. דאָס האָט אים טאַקע אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער איז לסוף יונגערהייט נפטר געוואָרן.

בעת דער אָסטראָווצער רבי זצ״ל פלעגט קומען קיין סטאַשעוו באַזוכן זיינע חסידים, פלעגט ער איינשטיין ביי זיין איבערגעגעבענעם תלמיד, דעם מורה־הוראה, וועלכער האָט געוווינט האַרט נעבן דעם חסידישן בית־המדרש, אויף דער, אַזויגערופענער, דאַלנע־ריטוויאַנס־קער גאַס. אַגב, בעת איינעם פון די דאָזיקע באַזוכן האָט מיך דער אָסטראָווצער רבי געבענטשט, געבנדיק מיר במתנה אַן „אָפּגעשפּראָכענע״ מטבע.

הרב גערשט האָט געהאַט געראָטענע און חריפות׳־דיקע קינדער. איינער פון זיי, ר׳ ישראל, איז שפּעטער געוואָרן סטאַשעווער מו״צ, אַלס ממלא־מקום פון זיין גרויסן פאָטער. ווי זיין פאָטער איז אויך ר׳ ישראל געווען אַ גרויסער למדן, גוטער בעל־הוראה, חסיד און גרויסער מבין במלי־דעלמא. אַן אַנדערער זון, נחמן, — מיט וועלכן כ׳בין אגב געגאַנגען אין חדר, — איז ממש געווען אַ שטיק עילוי. פון דער צייט איז מיר געבליבן אין זכרון אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד. איך בין נאָך דאַמאָלס געווען אַ קינד, בעת מיר זענען געפאָרן קיין קלימענטעוו צו דער חתונה פון איינעם פון מורה־הוראה׳ס זין: אלימלך. אויפן וועג האָבן די פּאַסאַזשירן פּלוצים אַנדעקט שטענז אין דעם וואָגן. אַלע זענען אַראָפּגעשפּרונגען מיט דער כוונה זיך צו לאָזן צופוס אַהינצו. ערשט נאָכדעם, ווי מיין פאָטער, הרב גרויבארט, האָט גע׳פּסק׳נט, אַז מ׳מעג ווייטער פאָרן, האָט זיך דער עולם באַרואיקט און פאָרגעזעצט די רייזע.

הרב גרויבארט, אין זיין אייגנשאַפט אַלס שטאָט־רב, האָט שטאַרק געהאַלטן פון ר׳ שאלתיאל׳ן. און נישט נאָר ווי אַ גדול בפוסקים און גלענצנדיקן בעל־הוראה, נאָר אויך ווי אַ קלוגן און דערפאַרענעם מענטש אין וועלטלעכע ענינים. איז טאַקע נישט קיין וואונדער, וואָס אין אַלע וויכטיקע תורה־פראַגן ווי אין שטעטלשע אָנגעלעגנהייטן, האָט זיך הרב גרויבארט מיט אים שואל־עצה געווען, רעכענענדיק זיך שטאַרק מיט זיין



הקהילה עורכת ליל־סדר לחיילים יהודיים — אַ סדר־אָוונט, איינגעאָרדנט דורך דער קהילה פאַר די יידישע סאָלדאַטן.

חוות־דעת. אגב זענען זייערע פערזענלעכע באַציאונגען געווען ברודערלעך־האַרציקע. ס׳איז ממש געווען אַ נחת צוצוקוקן ווי די 2 גדולים האָבן צווישן זיך געלעבט באהבה ואחווה, בשלום ובריעות.

דעם מורה־הוראה׳ס גדלות אין לומדות איז צו זען פון די תשובות, וועלכע הרב גרויבארט האָט צו אים געשריבן און פאַרעפנטלעכט אין זיינע שאלות־ותשובות, ספרים „חבלים־בנעימים״. דאָרט זעט מען בפירוש, אַז נעבן דער גרויסער פריינטשאַפט, מיט וועלכער הרב גרויבארט באַציט זיך צו הרב גערשט, באַטראַכט ער אים אויך אַלס גרויסן ידען אין הלכה־פראַגן. אין די דערמאָנטע ספרים — חלק שני, סימן כ״ד, ווארשע, תר״ע, ווערט הרב גערשט טיטולירט בזה הלשון: „לכבוד ידידי הרב הגדול מ׳ משה שאלתיאל נ״י מו״ץ מפה״. דעם זעלבן נוסח טרעפן מיר אויך אויף אַנדערע שטעלען, סימן נ״ג און סימן פ׳. בעת ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ שאלה פון היתר מאה רבנים, ציטירט דער מחבר דעם מורה־הוראה׳ס מיינונג אין אַ לאַנגער שטעלע, וואָס באַווייזט בולט, ווי וויכטיק זיין מיינונג איז אים חשוב. ס׳וועט נישט זיין אומוויכטיק צו באַמערקן, אַז אין דער אויבנדערמאָנטער ציטאַטע האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרזוך פון הרב גערשט צו פאַרענטפערן אַ קשיא פון קאָוונער רב, הגאון רבי יצחק אלחנן ספעקטאָר, וואָס ווערט געברענגט אין זיין ספר „עין־יצחק״. אגב באַמיט זיך

דארט מיין פאטער. אין א לענגערער שקלא־וטריא, צו פארטיידיקן דעם קאוונער רב. אויך אין פראגן פון „חושן־משפט", ד. ה. פון ציווילן געזעץ (דארט סימן ק"ד), קארעספאנדירן זיך די צוויי און אומעטום די זעלבע רעספעקטפולע באציאונג צו זיין חכמה און טיפע קענטעניש אין תורה.

אויך נאכן פארלאזן סטאשעוו, באזעצנדיק זיך אין ווייטן טאראנטא, קאנאדע, האט הרב גרויבארט נישט פארגעסן זיין גרויסן פריינט. ווענדנדיק זיך צו אסך גדולי ישראל, אין צוזאמענהאנג מיט אן עירוב, וואס ער האט אדורכגעפירט אין טאראנטא, האט הרב גרויבארט אויך נישט פארגעסן זיך שואל עצה צו זיין מיט הרב גערשט. אין דעם פאל ווערט ער טיטולירט (חבלים־בנעימים, חלק ג׳ סימן כ"ט, הוצאת מסורה, לודז, תרפ"ח): כבוד ידידי, הגאון המנוח מ׳ שאלתיאל ז"ל ראב"דק סטאשעוו. (דער ספר איז געדרוקט געווארן שוין נאך הרב גערשט'ס פטירה). און דא איז דאס ארט אונטערצושטרייכן, אז דער סטאשעווער רב, ר׳ יהודה ליב גרויבארט, האט זיך נישט געווארפן מיט טיטולען סתם אין דער וועלט אריין. און אויב הרב ר׳ שאלתיאל גערשט איז פון לעצטן באטראכט געווארן אלס גדול בתורה און גאון, האט ער דאס אוודאי כשר פארדינט און אן ספק ראוי געווען לאותה איצטלא.

סומירנדיק: הרב ר׳ שאלתיאל גערשט איז געווען א גרויסע, ליכטיקע און מוסטערהאפטע פערזענלעכקייט, וועלכער האט אחוץ זיינע גרונטלעכע תורה־ידיעות, הכמה און יראת־שמים אויך געשפרודלט מיט אויפריכטיק־ערלעכער אהבת־ישראל צו יעדן ר׳ ישראל. אבער אויך זיין קהילה, דאס ידישע סטאשעוו, וועמעס רועה נאמן ר׳איז געווען פיל יארן, האט אים צוריקגעצאלט מיט דער זעלבער מידה פון טרייקייט און ליבשאפט — ווען און ווו ס׳האט נאר געקאנט.

# אלחנן ארליך גבעתיים / ההסתדרות הציונית ושלוחותיה

### הרקע הכללי



שנות 1929־1930 ולאחריהן, תקופה שבה התנהלה התמודדות עזה וקשה בפולין המדינה על צורת המשטר הפוליטי ודרכי ביצועו— היתה גם תקופה של מאבק מר, חריף וסוער על עיצוב דמותה הרעיונית של יהדות פולין בכללותה.

ניגודי אינטרסים חומריים מחד גיסא, והשקפות עולם סותרות, לחלוטין או בחלקן, זו את זו מאידך, איפיינו את התקופה המסוכסכת הזאת ומצאו את ביטויים בהתכתשויות בלתי־פוסקות בשטח הרעיוני, המדיני והחברתי.

בעטייה של העובדה, שרוב יהדות פולין השתייך למעמד הבינוני, מאחר ובתוך יהדות זו מעטים היו פועלי חרושת בכלל וחרושת כבדה בפרט, ומכל שכן שנפקד מקומו של הגורם היהודי במכרות השונים שבמדינה, ומן הצד השני גם הבורגנות היהודית הגדולה לא היוותה מעמד ניכר בתוך יהדות זו — עיקר המאבק, בתוך הציבוריות היהודית, התנהל במישור הרעיוני־מדיני ולא במישור הכלכלי־חומרי. וודאי, קיים היה, כאמור, פיצול מסוים גם במישור הזה, וחוגים וזרמים שונים השתדלו להדגיש ולהבליט דווקא את הצד הזה של הבעייה היהודית ולהיבנות ממנו. ברם, בסולם העדיפויות של הבעיות המנסרות ועומדות ברומו של העולם היהודי בכלל ושל הציבור היהודי בפולין בפרט, נודע לצד הזה של הבעייה היהודית חשיבות משנית גרידא, ואפילו למטה מזה. הבעיות של קיום האומה, המשכה, גורלה ועתידה, שאלת דמותה המסורתית־שמרנית או חילונית־מתקדמת, שאלת חיוב הגולה והנצחתה או שלילתה וחיסולה, ולבסוף: שאלת המשטר החברתי הרצוי — הן־הן הבעיות שהעסיקו את טובי המוחות בציבוריות היהודית, ועליהן צריך היה להציע פתרון, ופתרון דחוף.

במסכת מסוכסכת זו של בעיות מצא הציבור היהודי החושב, הדואג ומשקיף מלא חרדה בצפונות העתיד, כר נרחב להתגדר בו. כאן התייצבו זה לעומת זה, — לעיתים, בצורה החריפה ביותר — הדתיים, ממשיכי המסורת ומטיפיה מול החילוניים מתנגדיה, הציונים, שוללי הגלות מיסודה — מול ה„דאָאיסתים" מחייביה. בתוך כל גוש וגוש זרמים ואפיקים צדדיים, שכל אחד מהם בנפרד הדגיש והציע דרכים משלו לפתרון הבעייה הכאובה, עתיקת־יומין זו.

### עיירתנו, סטאשוב, כחממה

למרות היותה עיירה קטנה שימשה סטאַשוב בבואה נאמנה, בזעיר אנפין כמובן, למתרחש בתוך יהדות פולין בכלל. העיירה, בעלת מסורת תרבותית עניפה, בעלת בתי־מדרשות, לומדים ותופשי תורה, החרדים להמשכה, והרואים בה את הגורם המלכד האחד והיחיד לקיום היהדות והאומה, ומשום כך התנגדו באופן הקיצוני ביותר לכל מה שריח רוח חדשה נודף הימנו; בעלת משכילים, הסתדרויות ציוניות, דתיות־ציוניות ואנטי־ציוניות, שוקקי־חיים ותנועה, שהצד השווה שביניהם, שכולם הסתכלו על העולם דרך שפופרת רחבה יותר, בהיותם חדורי־הכרה עמוקה, שדווקא ההתמדה באורח־החיים המסורתי, היא שמסכנת את קיום האומה; ואין להסיח את הדעת גם מאלה שראו את

ייעודם, או עיקר ייעודם, במהפכה ותיקון העולם, גם אם על ידי כך תיפגע האומה ותיעלם ממפת העולם — העיירה הזאת שימשה כעין חממה למאבק האידיאולוגי על כל הסתעפויותיו וגווניו.

עם כל הצניעות והענווה — כיוצא עיירה קטנה — אני רוצה לציין — תוך אמונה כנה לא לחטוא לאמת — שמבחינה זאת, לפחות, הפכה עיירתנו לכעין מרכז רוחני־תרבותי לכל הסביבה הקרובה. כי זאת עלינו לדעת ולזכור, שסטאשוב זו, על־אף קטנותה וריחוקה מהערים הגדולות והמרכזיות שבמדינה, וייתכן שדווקא בגלל זה, — האצילה מרוחה ומכוחותיה בהדרכה והכוונה לסביבה ושימשה, ללא צל של ספק, גורם מדרבן, מעורר ומתסיס, בעל משקל, לעיירות הקטנות בסביבה, ואפילו לערים הגדולות ממנה, בהרבה או במעט.

## הכול לשם שמיים

באווירת הדיפרנציאציה התרבותית והרעיונית הנזכרת לעיל, שרוי היה לא רק הנוער, שברובו הגדול והמכריע לא בילה את ימיו בשעשועים, בטלה והתגנדרות ריקנית, אלא כנוער חושב וכואב את בעיות הזמן היה מוגדר ומאורגן בכל מיני הסתדרויות, תנועות וחוגים — כי אם גם חלק ניכר מהמבוגרים ובעלי־הבתים, שברובם היו בעלים ללא בתים, השתתף באופן פעיל בהווי מיוחד זה. הללו, למרות היותם טרודים ושקועים למעלה ראש בקשיי פרנסה, שתכופות היתה ממש קשה כקריעת ים־סוף — והיום קל לנו הרבה יותר להעריך את הדבר, מאשר אז בעודנו צעירים ופרנסתנו עליהם — הקדישו גם הם מזמנם וכוחם, מכספם ומחשבתם, מנסיונם וידיעותיהם — ורובם ככולם שלא על מנת לקבל פרס — להחדרת דעותיהם ופתרונותיהם, כפי שנראו להם, לתוך הציבור. אלה, כדי לפרסם, להסביר ולקדם את הדרכים החדשות, שהזמן גרמן — ואילו אלה, כדי לשמור על הקיים ולהתגונן מפני רוחות הזמן החדש.

אין, איפוא, להתפלא, שהחיים באקלים הזה של אמונה וכפירה, של בטחון וספקנות, של סטטוס־קוו ופריצת החומות, של שמירה על הקיים ופריקת עול, של השתרשות במסורת ובסייגיה וההסתערות על כל מה שריח העבר נודף הימנו, — והצורה והאופן, בהם בא לידי ביטוי מאבק איתנים זה — גרמו לכך, שבאוויר היו מנסרים תמיד ויכוחים סוערים ונרגשים. וכל מקום מפגש, בין אישי ובין ציבורי, ברחוב או בשטח המוסדות המשותפים, הפך לזירת התגוששות, שבה ניסה הצד האחד, בכל כוח השיכנוע ובכל להט נשמתו, לקעקע ולמוטט את היסודות הקיימים עד כדי הפיכתם על פיהם — ואילו הצד השני עשה מאמץ נואש להחזיק מעמד ולהציל מצפורני הזמן את הניתן להצלה.

כזאת היתה דמותה של עיירתנו! כי הרצינות והכנות משלו בכיפה. הכוונות הרצויות והרצון המכוון להשתתף באופן אישי בעיצוב דמות הדור ועתיד האומה — שלטו שלטון בלי מצרים. מועטים ביותר היו הצבועים וגונבי־הדעת. רובו המכריע של הציבור היהודי החושב בעיירתנו, ובעיקר הנוער שלו — מלא־אמונה עמוקה באמת שבחר לו היה. והאמת הזאת, נכונה או מדומה, מובילה למטרה ולחוף מבטחים את ספינת האומה, הנטרפת בגליה האכזריים של ההיסטוריה, או, שבסופה, עשויה היתה להסב לנושאיה ולציבור, שלמענו היתה מיועדת, מפח־נפש והתדרדרות תהומה — על מזבח אותה האמת מוכנים היו בני עיירתנו להקריב מהיקר להם ביותר ולהיאבק עד כלות הנפש, אם לא למעלה מזה.

כי הכול לשם שמיים!

## הערגה לשינוי

לאותה סביבה, רוויית־וספוגת־מתיחות ורצינות, דאגה וחרדה לדרך וגורל היהדות בכלל ושל היישוב היהודי בפולין בפרט; לאותה אווירה של התגוששות והתמודדות בין האמיתות השונות, הנוגדות זו לזו והמוציאות זו את זו — נקלעתי גם אני, בחור צעיר באותם הימים, המום, נרעש ונפחד מגודל המשימה והאחריות בבחירת הדרך בתוך המערבולת הכללית הזאת.

אמון על התלמוד ותורת נביאי־האמת וחזונותיהם; מושפע, עד כדי הזדהות נפשית מוחלטת, משירי הזעם, העידוד והנחמה של משורר האומה — ח. נ. ביאליק;

הרב בנימין גרויבארט טאראנטא /

# דער אנהייב פון „מזרחי" און „צעירי־מזרחי"

אין די ערשטע יאָרן פונעם וועלט־קריג, וואָס איז אויסגעבראָכן אין 1914, איז לחלוטין נישט מעגלעך געווען צו טראַכטן וועגן אַ וועלכן ס'איז יידישן אָר־גאַניזאַציאָנעלן לעבן. די פּאָליטישע באַגרענעצונגען, ווי די עקאָנאָמישע לעבנס־באַדינגונגען פון יידישן ישוב אין פּוילן, אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, זענען געווען אַזעלכע שווערע — צומאָל אַפילו פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות — אַז יעדע אידייאיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז פון די אָקופּאַנטן, פון פאַרויס, באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ פּרוּוו פון שפּיאָנאַזש אָדער קאָנטר־רע־וואָלוציע ר"ל. ערשט אין 1916, בעת די עסטרייכישע חיילות זענען, צום צווייטן מאָל, צוריקגעקומען און ס'האָט זיך אָנגעמערקט אַן אַלגעמיינע, באַדייטנדיקע פאַרבעסערונג פון דער יידישער לאַגע — איז פאַרגעקו־מען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג צום גוטן אויך אויף דעם געביט. באַלד ווי ס'איז נאָר דערמעגלעכט געוואָרן צו־באַקומען יידישע צייטונגען, וואָס זענען דערשינען אין לאָדזש — האָבן נייע, דערפרישנדיקע ווינטן אָנגע־הויבן בלאָזן אין שטעטל. דער ציוניסטישער געדאַנק איז, וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, אַריינגעדרונגען אין ברייטע קרייזן, בעיקר: צווישן די בית־המדרש־בחורים. דערמוטיקט פונעם תחית־המתים'אויפגעשטאַנענעם נאַ־ציאָנאַלן פרייהייטס־געדאַנק—האָבן די לעצטע אָנגעהויבן חלום'ען אויפן קול, איבער דער באַפאַרשטייענדיקער, גרונטזעצלעכער ענדערונג אין דעם יידישן קיום און צוקונפט.

פאַרשטייט זיך, אַז דער מזרחי־אידעאַל: „ארץ־ישראל לעם ישראל על־פי תורת־ישראל" — איז גע־ווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר די בית־המדרש'ניקעס און סתם רעליגיעז־געשטימטער יוגנט. איז טאַקע נישט קיין וווּנ־דער, אַז אין אַ קורצער צייט האָט זיך די „מזרחי"־באַוועגונג שטאַרק פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן. דער פּעאיקער און ענערגישער הרב *זלאָטניק* (היינט: אבידע, לעבט אין ישראל), וועלכער איז צו יענער צייט גע־שטאַנען אין שפּיץ פון דער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן — האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויפן רעלי־גיעזן יידנטום, בתוכם אויף מיר. אַ דאַנק אַ גרופּע סטאַשעווער יידן, ווי: ר' בנ'מין טאָכטערמאַן, ר' יאָסעלע רייך, ר' מרדכי זייגערמאַכער און אַנדערע — איז אויך אין סטאַשעוו, ווי אין אַנדערע ערטער, אויפגעשטעלט געוואָרן אַ „מזרחי"־סניף, וועלכער האָט באַלד גענומען אַנטוויקלען אַ לעבהאַפטע טעטיקייט.

אַחוץ דער ריין־אָרגאַניזאַציאָנעלער און ציוניסטי־שער אַרבעט — האָט דער סטאַשעווער „מזרחי" אַ באַ־זונדערע אויפמערקזאַמקייט געשאַנקען דעם דערצי־אונגס־געביט. איינע פון זיינע וויכטיקסטע אויפטוען אין דער צייט, וואָס האָט דעם „מזרחי" פאַרשאַפט גרויס כבוד אין דער אָרטיקער געזעלשאַפטלעכקייט — איז געווען דאָס גרינדן אַ תלמוד־תורה פאַר אָרעמע קינדער.

די תלמוד־תורה האָט נישט נאָר דערצויגן אַ יונגן דור אין גייסט פונעם סינטעטישן ציון־און תורה־אידעאַל, ווי דאָס האָט געפּריידיקט דער „מזרחי" — די תלמוד־תורה האָט אויך דערמעגלעכט פאַר אָרעמע, מיטללאָזע עלטערן צו געבן זייערע קינדער אַ מאָדערנע דערציאונג און בילדונג, וועגן וועלכע זיי האָבן לחלוטין נישט געקאָנט חלום'ען אָן דער תלמוד־תורה־אינסטי־טוציע.

בעת דער שרייבער פון די שורות האָט פאַרנומען דעם תפקיד פון סעקרעטער — איז דער רוח־החיים פון דער תלמוד־תורה געווען: הרב ר' פנחס ראב"ד ז"ל. אין דער צייט בין איך אויך, צוזאַמען מיט אַ גרופּע בית־המדרש־חברים, געוואָרן טעטיק אין צעירי־מזרחי, ווע־רנדיק געוויילט אַלס פאַרזיצער פון סניף. אונזער הויפּט־טעטיקייט איז באַשטאַנען פון ריידן העברעאיש און לערנען שרייבן גראַמאַטיקאַליש. פאַרשטייט זיך,



„המזרחי״ ווי די „תלמוד־תורה״ — דער „מזרחי״ און די „תלמוד־תורה״ קינדער.

אַז פּאַר יוגנט, וועלכע שפּרודלט מיט ענערגיע און זוכט וועגן און מיטלען ווי זי אויסצולאָדן, איז דאָס געווען צו ווינציק.

איינער פון די דאָזיקע וועגן, אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן שטח, איז געווען: דאָס שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע צעירי־מזרחי־סניפים און אָרגאַניזירן אַ קרייז־קאָנפערענץ פון דער גאַנצער סביבה, וועלכע איז אגב צושטאַנד געקומען אין אַפּט (אָפּאַטאָוו).

אויפן בית־המדרש־שטח, האָבן מיר, ווי פּנחס דאָמ־בראָווסקי און אַנדערע, אונזער ענערגיע אויסגעלאָדנט דורך אַרויסגעבן אַ וואָכנבלאַט, אין דער העברעאישער שפּראַך, אונטערן נאָמען: „בית־המדרש״. דאָס בלעטל, קאָפּירט מיט בליישטיפט, איז דערשינען אין אַ צענטליק עקזעמפּליאַרן, במשך פון עטלעכע חדשים. אויב כ׳האָב נישט קיין טעות האָט זיך אין דעם בלעטל באַטייליקט אויך אַ בחורה, אַ געוויסע פּרל׳ חיה גלאָבערמאַן. אחוץ אַקטועלע נייס און שטאָטישע געשעענישן — איז אין דעם בלעטל געווען אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פאַר חידות און גלייכווערטלעך. דאָס באַקאַנטע ווערטל פון פּרקי־אבות: „קנאת סופרים תרבה חכמה״ — האָט מען, למשל, באַדאַרפט אויסגעפינען מיט דער הילף פון בילדער און ציפערן. קנאת = אַ נעסט (קן) און אַ שפּאַדעל (את). סופרים = 10 און אָקסן (פרים) א.אַ.וו.

אין דער טעטיקייט פון צעירי־מזרחי אין סטאַשעוו האָב איך זיך באַטייליקט ביזן יאָר 1919, בעת כ׳האָב פאַרלאָזן דאָס שטעטל, באַזעצנדיק זיך אין טאָמאַשעוו־לובעלסק, ווו כ׳בין געוואָרן העברעאישער לערער פון דער אָרטיקער מזרחי־שולע.

נאָך אַ געוויסער צייט בין איך פון טאָמאַשעוו גע־פאָרן קיין מעלעץ, ווו כ׳האָב חתונה געהאָט. צוליב סיבות, וואָס נישט דאָ איז דאָס אָרט איבערצוגעבן, בין איך פון דאָרט אַנטלאָפן קיין נייטרא, טשעכאָסלאָוואַקיע, מיטן ציל צו פאָרן קיין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע.

פון דעמאָלט אָן האָב איך, ליידער, איבערגעריסן יעדן קאָנטאַקט מיט מיין געבוירן־שטעטל, סטאַשעוו. אָבער פון ידיעות, וואָס כ׳האָב פון צייט צו צייט דער־האַלטן, איז מיר קלאָר געוואָרן די דערפרייענדיקע דערשיינונג, אַז די „מזרחי־צעירי־מזרחי״־טעטיקייט

איז נישט נאָר ווייטער אָנגעגאַנגען — נאָר איז מיט פילפאַכער ענערגיע און פאַרנעם פאָרגעזעצט געוואָרן. ס'איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ס'איז דאָרט אויפגעשטאַנען אַ דור מיט איבערגעגעבענע עסקנים, וועלכע האָבן דעם תורה־ציון־אידעאַל פאַרפלאַנצט אין די ברייטסטע שיכטן פונעם שטעטל — ביז ס'איז געקומען דער טראַגישער, אומגלויבלעכער סוף, וואָס האָט אָפּגעמעקט אונזער אַלטע, זאַפטיקע יידישע קהילה סטאַשעוו, צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך, וועלכע זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער נאַציש־שטנ'דיקער שליטה.

יהא זכרם ברוך!

# „מזרחי"-אָרגאַניזאַציע אין שטעטל

**יוסף בלושטיין בני־ברק**

די טעטיקייט פון דער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע אין סטאַשעוו איז געקניפּט און געבונדן מיט דעם פילפאַרביק־פאַרצווייגטן געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און רעליגיעזן לעבן אין שטעטל, ווו די „מזרחי"־אָרג. האָט פאַרנומען אַ ביז גאָר וויכטיקן און אָנגעזעענעם פּלאַץ.

ווי אַ חבר פון „השומר־הדתי", אַן אָפּצווייגונג פון דער „מזרחי"־אָרג. און איינער פון די ווינציק געבליבענע, וועלכער האָט די טעטיקייט פון דער לעצטער, ווי אויך אירע אָנפירנדיקע חברים, געקאָנט פון דער נאָענט, וועל איך מיך באַמיען — און איך האַלט דאָס פאַר מיין הייליקן חוב! — צו ברענגען צום אויסדרוק מיינע זכרונות און איינדרוקען, וועלכע כ'האָב אַליין בייגעוווינט, כדי צו שילדערן, לויט מיינע באַשיידענע כוחות, די דאָזיקע טעטיקייט — אַזוי ווי כ'האָב זי געזען, געפילט און איבערלעבט.

### א. דער „מזרחי" אַלס קולטורעל־געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר

כ'בין נאָך אַ קליין יינגל געווען ווען מיין פאָטער, ר' נח בלושטיין הי"ד, האָט מיך מיטגענומען צום דאַווענען אין „מזרחי"־לאָקאַל, וואָס האָט זיך נאָך, צו יענער צייט, געפונען אין מאַרק. אָבער שוין דעמאָלט, און וואָס שפּעטער אַלץ מער, האָב איך קאָנסטאַטירט, אַז דער „מזרחי" איז נישט נאָר אַ בית־תפילה, נאָר אויך, און אפשר בעיקר, אַ זאַמל־פּונקט, ווו מ'האָט זיך געזעלשאַפטלעך, פּאָליטיש און קולטורעל אויסגעלעבט.

וויכטיקע געשעענישן אין יידישן לעבן; געדאַנקען און אַנשויאונגען, סיי פון אָרטיקן, סיי פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס האָבן באַשעפטיקט די יידישע מוחות; קעגנווערטיק־פּראַקטישע און לעתיד־לבוא'דיקע ציוניסטישע פּראָבלעמען; רעליגיע און וועלטלעכקייט — אַלע די דאָזיקע פראַגן, וואָס האָבן געבילדעט דעם יידישן זיין און באַוווסטזיין אין גלות, האָבן באַקומען זייער באַלויכטונג אויף די אָפטע צוזאַמענטרעפן און פאַרזאַמלונגען אין לאָקאַל פון „מזרחי".

יידישע ימים־טובים אין שטעטל האָבן זיך בכלל גוט אָנגעזען. אויף אַלעמענס פּנים'ער האָט זיך ממש געמערקט אַן איתערותא דלעילא'דיקע פייערלעכקייט. אָבער אין ערגעץ האָט מען נישט אַזוי מקיים געווען דעם „ושמחת בחגך", ווי אין „מזרחי". דאָרט האָט מען נישט נאָר מיט אינערלעכער שמחה און געזאַנג אָנגענעם פאַרברענגט ביי אַ גלעזל משקה — דאָרט האָט מען אויך געזאָרגט פאַר דער נשמה, פאַר מזון רוחני.

אין שווערן געראַנגל פאַר פרנסה אַ גאַנצע וואָך פאַרהאָרעוועט, שטייט דער ייד אינמיטן אַ פרעמדפיינטלעכער סביבה אַליין, אָפּגעריסן פונעם כלל, אין קאַמף פאַר זיין גורל. איז אָבער געקומען אַ יום־טוב — פאַרשווינדט באַלד די איינזאַמקייט. מיט אַמאָל דערזעט זיך דער ייד ווי אַ רינגעלע אין אַ לאַנגער, פעסט־געשלאָסענער קייט, ווי אַן אָנגעהעריקער צו אַ גרויסער, זעלבסט־באַוווסטער עדה יידן, וועלכע שמידן צוזאַמען — צילבאַוווסט — דעם בשותפות'ן גורל. דער דאָזיקער באַוווסטזיין פון קאָלעקטיוון כוח און ציל איז אין „מזרחי" נאָכמער אַקצענטירט געוואָרן — דורך דערקלערן און קאָמענטירן יעדן יידישן יום־טוב, סיי פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, סיי פון זיין רעליגיעז־געזעל־

שאַפטלעכן באַדייט. די דאָזיקע אומגעהויער־וויכטיקע געפילס־ענדערונג אינעם לעבן פון יעדן יידישן יחיד איז אַזוי אַרום געוואָרן פאַר אים אַ דעצידירנדיקער ווענד־פונקט, שטאַרקנדיק דעם פרט, פּסיכיש און גייסטיק, אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבנס־קאַמף.

די אָפטע שמועסן און דיסקוסיעס, בעת וועלכע ס׳זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַלע צייט־פראַגן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, צי זענען דאָס געווען אָרטיקע ענינים ווי שטאָט־ראַט, יידישע קהילה, אָדער ענינים פון אַלגעמיין נאַציאָנאַלן אָדער רעליגיעזן כאַראַקטער — די דאָזיקע שמועסן און דיסקוסיעס האָבן גורם געווען, אַז כמעט אַלע חברים זענען געווען גוט אָריענטירט אין אַלע שטרייט־פראַגן, און יעדעס מאָל גרייט געווען, מיט האַרץ און איבערצייגונג, צום „ודע מה שתשיב״.

בעת דער „מזרחי״ איז אַריבער אין זיין אייגענעם, 2־שטאָקיקן הויז, אויף דער ריטווינער גאַס, איז די דאָזיקע וויכטיקע און באַלערנדיקע טעטיקייט מיט פאַרשטאַרקטער ענערגיע פאָרגעזעצט און נאָך אויסגעברייטערט געוואָרן.

דער פאָרזיצער פון „מזרחי״ אין שטעטל, ר׳ בנימין טאָכטערמאַן און מיין פאָטער, ר׳ נח בלושטיין, האָבן געגעבן דעם טאָן אין דער פאַרצווייגטער „מזרחי״־טעטיקייט ביי אונז און געווען די ראשי־המדברים אויף אַלע געביטן.

דער ערשטער, ר׳ בנימין טאָכטערמאַן, אַ ייד אַ בן־תורה און משכיל, האָט אַחוץ וועגן אַקטועלע פראַגן, זער אָפט געהאַלטן שיחות אויף פאַרשידענע טעמעס, ווי יידישע געשיכטע און אַנד.

דער צווייטער, ר׳ נח בלושטיין, איז געווען דער אַזוי־גערופענער טריבון פון „מזרחי״. ביי וויכטיקע שטאָט־אָדער אַלגעמיינע ענינים, פלעגט ער אויפטרעטן אין גרויסן בית־המדרש. אַדורכפלעכטנדיק זיינע רעדעס מיט אַ ים פון ציטאַטן פון מדרש, תלמוד און תנ״ך — פלעגט ער אויפקלערן און פאַרטיידיקן די „מזרחי״־שטעלונג מיט טיפן גלויבן און שטאַרקער איבערצייגונגס־קראַפט.

אויף די אינערלעכע „מזרחי״־אסיפות האָבן זיך אויך באַטייליקט פיל פון די חברים. מאַנכע, ווי ר׳ שמואל בלושטיין הי״ד און ר׳ מאָטיס פרידמאַן ז״ל, האָבן זער אָפט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס און בייפאַל ביי דעם עולם מיט זייערע וואָגיקע און אייגנאַרטיקע מיינונגען און צוגאַנג צו פראַגן בכלל.

איך וויל נאָך דערמאָנען 2 טוער, וועמעס התלהבות און איבערגעגעבנקייט צו דער „מזרחי״־זאַך האָט געדינט אַלס ביישפיל פאַר פיל אַנדערע. די צוויי: ר׳ שמעלקע אייזנבערג הי״ד און ר׳ אַנטשל היימאַן הי״ד זענען שטענדיק געווען די ערשטע, וועלכע האָבן פרייוויליק גענומען אויף זיך יעדע אַקציע, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום שוועריקייטן. אגב, זענען די דערמאָנטע 2 חברים געווען אויך גוטע בעלי־תפילה, בייטראָגנדיק זער אַ סך צו דער אַלגעמיין־פריילעכער אַטמאָספער אין די שבתים און ימים־טובים.

### ב. דער אַקצענט אויפן „דור בא״

די אָרטיקע „מזרחי״־עסקנים האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז לחלוטין נישט גענוג צו באַגרענעצן די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט צו פּראָבלעמען און דערשיינונגען, וועלכע האָבן אַ ווערט אויסשליסלעך פאַר דעם שוין דערוואַקסענעם אָדער עלטערן דור. האָבן טאַקע אונזערע „מזרחי״־עסקנים, באַלד און אָנהייב פון זייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, זייער הויפּט־אויפמערקזאַמקייט געווידמעט דעם אַזוי־גערופענעם „דור בא״, דעם אונטערוואַקסנדיקן יונגן דור, אונטערנעמענדיק ענערגישע שריט כדי אויפצושטעלן אַ דערציאונגס־וועזן ראוי לשמו.

און באמת, אַ דאַנק דער מסירות׳פולער אַרבעט, שלא על מנת לקבל פרס, פון אַ ריי חברים, וועלכע האָבן זיך איבערגעגעבן דעם אַזוי וויכטיקן, חיוניות׳דיקן ענין — איז דער דאָזיקער ציל פולשטענדיק דערגרייכט געוואָרן. אין דער „מזרחי״־שולע פאַר יינגלעך, אין דער „יבנה״־שולע פאַר מיידלעך און אין דער תלמוד־תורה פאַר אָרעמע קינדער — איז דעם „מזרחי״ געלונגן צו קאָנצענטרירן די גרעסטע צאָל תלמידים אין שטעטל, שטעלנדיק צו זייער דיספּאָזיציע די בעסט־

מעגלעכע פעדאגאגישע כחות, ארטיקע ווי ספעציעל ארויסגעפאדערטע. די „מזרחי"־עסקנים האבן אויך ארויסגעוויזן גרויסן מוט אונטערנעמענדיק א געוואגטן, צו דער צייט, ביי דער קאנסערוואטיור־רעליגיעזער יידי־שער באפעלקערונג, אומפאפולערן שריט, איינפירנדיק נעבן די רעגולערע לימודי־קודש אויך לימודי חול — און נישט אבי יוצא צו זיין — ווי, היסטאריע, עברית, חשבון א.אנד. און אויך אנגעשטעלט א ספעציעלן לע־רער פאר דער פוילישער שפראך.

דער „מזרחי" האט אומדערמידלעך געזארגט דער־פאר, אז די סאניטאר־היגיענישע באדינגונגען זאלן שטיין אויף דער אנטשפרעכיקער הויך, טוענדיק אלץ כדי איינצופירן ווייטערע פארבעסערונגען. אין דעם צוזאמ־מענהאנג מוז אונטערגעשטראכן ווערן, אז דער רוח־החיים אין דער דאזיקער ארבעט איז געווען דער שוין דערמאנטער ר׳ שמעלקע אייזנבערג, וועלכער האט נישט געקארגט קיין מי, כחות און צייט פאר דעם דאזיקן צוועק, און אים איז טאקע פיל צו פארדאנקן די הויכע מדרגה, וועלכע די „מזרחי"־שולן האבן דער־גרייכט.

זאלן דא דערמאנט ווערן אייניקע לערער פון די דאזיקע שולן, וועלכע האבן אויף אונז תלמידים גע־מאכט א באזונדערן רושם:

ישראל מעצקער הי״ד, אן אויסגעצייכנטער קענער פון עברית און תנ״ך, האט מיט איבערגעגעבנקייט און ליבע געלערנט די דאזיקע צוויי קענטשאנדן, באמי־ענדיק זיך, ווייט איבער זיינע פיזישע כחות, איינצו־פלאנצן די דאזיקע אייגנשאפטן אין די הערצער פון זיינע יונגע תלמידים. פיל סטאשעווער אין דער וועלט האבן אים צו פארדאנקן זייערע עברית־און תנ״ך־קענ־טענישן, זייער פיעטעטפולע באציאונג צו די לעצטע און דערמאנען אים לטובה.

יעקב גראמב הי״ד. אויסערלעך א ייד א בטלן און א שטארק־אפגעלאזענער אין קליידונג — איז ער גע־ווען א גרויסער תלמיד־קענער, מחבר פון א פלפול־ספר און בכלל א מזג טוב, וועלכן מ׳האט קיינמאל נישט געזען זיך בייזערן. אחוץ דעם האט דער מענטש באזיצט גרויסע ידיעות אין מעדיצין. פיל סטאשעווער האבן פון אים זייער שטארק געהאלטן.

צום סוף: דער לערער גוזשאנסקי. אן איידעם פון ר׳ חיים אלבוים הי״ד, איז גוזשאנסקי, א יונגער־




הוועד, המורים והתלמידים של חדר „מזרחי" בסאשוב — פארוואלטונג, לערער און תלמידים פון „מזרחי"־חדר אין סטאשעוו
מימין — פון רעכטס: שמואל הרשקופ, הרשל שיף, יוסף בלושטין, שמלקה איזנברג, יוסף שפינרד, יוסף קסטנברג, נח בלושטין, אנשל הימן, חיים שטרוזברג.

מאַן מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען, געווען אַן אָפטער גאַסט ביי די צעירי־מזרחי און השומר־הדתי, ווו ער האָט געהאַלטן ערנסטע לעקציעס איבער דער העברעאישער ליטעראַטור און תנ"ך.

### ג. ציוניסטישע טעטיקייט פון „מזרחי"

די גרויסע שוועריקייטן, מיט וועלכע ס'איז געווען פאַרבונדן די עלייה קיין ארץ־ישראל, ווי די פראַגע פון עלטער, פּרנסה, באַגרענעצטע סערטיפיקאַטן־צאָל א. א. וו. — האָבן אומפאַרמיידלעך רעדוצירט די טעטיקייט פון „מזרחי", אויפן ארץ־ישראל'דיקן געביט, צו פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער ציוניסטישער אידיי אַלס אַזעלכע, בעת די פּראַקטישע אַרבעט האָט זיך קאָנצענטרירט בעיקר אַרום די קרנות. איז געקומען אַ שליח פון ארץ־ישראל, אָדער פון וואַרשעווער דירעקטאָריום, דורכצופירן אַ זאַמלונג לטובת דעם ק.ק.ל. אָדער קרן־היסוד — איז דאָס געווען דער „מזרחי", וואָס האָט זיך מיט דעם שליח פאַראינטערעסירט, אים דער־מעגלעכט אויפצוטרעטן אין גרויסן בית־המדרש, און לסוף זיך אויך אַריינגע־וואָרפן מיט אייפער אין דער אַקציע, ביז זי איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

שטאָלץ איז געווען דער „מזרחי" אויף יעדן סטאַשעווער ייד, וועלכער האָט זוכה געווען עולה צו זיין אינעם לאַנד פון די אבות. ווער געדענקט נישט מיט וואָס פאַר אַ שמחה דאָס שטעטל האָט באַגלייט די משפחה ראַוועט, בעת זייער אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל? ממש אין אַ יום־טוב איז דער טאָג פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר דער גאַנצער שטעטלשער עדה!

דער „מזרחי", ווי דער ציוניסטיש־דענקנדיקער טייל פון יידישן סטאַשעוו בכלל, האָט אין דער עלייה, הגם פון אַן איינצלנער משפחה אָדער פון אַ יחיד, געזען אַ סימבאָליש אידענטיפיצירן זיך מיטן גורל פון א"י, האָפנדיק גלייכצייטיק צום דערלייזנדיקן מאָמענט ווען ס'וועט קומען צו אַ מאַסנהאַפטן: „ושבו בנים לגבולם".

דער אינטערעס און איבערגעגעבנקייט צו ציון און

# תכנית:

**I.**

**שירים ודקלמות:**

א) הדלקת הנרות ע"י התלמיד — י. ברושטין
ב) מעוז צור „ המקהלה והמנצח — ש. נולדברג
ג) תכנית הנס „ התלמיד — מ. בלושטין
ד) הנרות הקטנים (כיהודות) ע"י המקהלה
ה) דקלמה „ „ — אבן־בחולה

**II.**

ו) מחזה „החשמונאים"
(מערכה אחת)

טפוסים:

| | | | |
|---|---|---|---|
| | | יונתן | א. איש־שלום |
| מתתיהו | ש. פרידמן | אליעזר | ש. שטרוזנברג |
| מרים אשתו | ש. הר־זהב | יוחנן | מ. ברושטין |
| שמעון בנם | א. בום | יהודה | י. הימן |

**III.**

ז) מחזה יעקב ועשו

מערכה א:

טפוסים:

| | | | |
|---|---|---|---|
| רבקה | מ. שיף | יהודית אשת עשו | מ. טוהר |
| תמנע | ש. ולברומסקי | בשמת | א. ציברינבום |
| זליכה | ב. הירשקוביץ | יעקב | מ. בלושטין |
| יסכה | מ. הימן | עשו | ל. ריפר |

מערכה ב:

יצחק — ש. ונגר — רבורה המשרתת — ל. צוטכבל

**IV.**

ח) הבעת תודה לנאספים ע"י התלמיד ש. איש־שלום
ט) הרצאה (מענינא דיומא) ע"י המנהל מר י. גרומב
י) התקוה ע"י המקהלה

הנשף נערך ע"י י. גרומב מנהל ב"ס המזרחי

הצגת־חנוכה בבית־ספר מזרחי — אַ חנוכה־פאָרשטעלונג אין מזרחי־שולע

אַלץ, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט ציון־פּראָבלעמאַטיק, להלכה און למעשה — איז ביי די „מזרחי"־חברים געווען אַ מושכל ראשון. דאָס אָרגאַניזירן די שקלים־פֿאַרשפּרייטונג, זאַמלונגען לטובת די קרנות, עפֿנטלעכע אסיפֿות, זיצונגען פֿון די בשותּפֿות׳דיקע קאָמיטעטן, אין וועלכע ס׳זענען געווען פֿאַרטראַטן אַלע ציוניסטיש׳ע גרופּירונגען אין שטעטל — אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין „מזרחי"־לאָקאַל; דאָרט איז געווען דער צענטער, וווּהין ס׳האָבן זיך געצויגן אַלע פֿעדעם פֿון דעם ציוניסטישן סטאָשעוו.

האָט ווער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ שלעכט וואָרט וועגן א"י — און אין אונזער שטעטל האָבן אַזעלכע נישט געפֿעלט — האָט דאָס ווײ געטון מער ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג. דאָס ציוניסטישע סטאָשעוו איז באַזונדערס געטראָפֿן געוואָרן בעת די געשעענישן אין לאַנד. די ידיעות וועגן די יידיש־אַראַבישע קאַמפֿן און די געפֿאַלענע קרבנות האָבן אַרויסגערופֿן טיפֿן ווייטיק און זאָרג פֿאַרן עצם גורל פֿונעם אויפֿבוי־ווערק — די איינציקע שטראַל פֿון האָפֿענונג אינעם פֿינצטערן גלות.

פֿון דער תּקופֿה געדענק איך אַן אינצידענט, וואָס איז אויסגעבראָכן בעת אַ מיטינג, איינגעאָרדנט דורך אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, געווידמעט די געשעענישן. דער פֿאַרשטייער פֿון אָרטיקן השה"צ האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט, אַז ער באַדויערט נישט נאָר די יידישע נאָר אויך די אַראַבישע קרבנות, ווי אומבאַוווּסטזיניק אונטערגעהעצטע פֿון רעאַקציאָנערע כּוחות. דער טאָן און דער מעמד, בעת וועלכן די דאָזיקע אויסערונג איז געמאַכט געוואָרן, האָבן אַרויסגערופֿן פֿיל אומצופֿרידנקייט און העפֿטיקע וויכּוחים.

אַן אינצידענט פֿון אַן אַנדערן כאַראַקטער געדענק איך בעת איינער פֿון די כ׳ תּמוז־אזכּרות, וועלכע פֿלעגן איינגעאָרדנט ווערן יעדעס יאָר אין דער שטאָטישער שול. באַלד ווי דער שטאָט־חזן, ר׳ יאָסקע דיזנהויז ז"ל, האָט געענדיקט דעם „אל מלא רחמים", האָט מיין פֿאָטער, ר׳ נח בלושטיין, אָנגעהויבן זיין אָפּשאַצונג איבער הערצל און זיין ווערק, ווי זיין שטייגער איז געווען יעדע רעדע צו פֿאַרפֿלעכטן מיט ציטאַטן פֿון חז"ל, מיטן באַקאַנטן מאמר: „יעקב אבינו לא מת". זיין כּוונה איז געווען צו באַווייזן, אַז די אידיי פֿון פֿאַרשטאַרבענעם וויזיאָנער איז אומשטערבלעך, היות דער ציוניזם איז אַ היסטאָריש־אומפֿאַרמיידלעכער פּראָצעס, וואָס ציט זיין יניקה פֿון די טיפֿסטע מקורות פֿון דער יידישער פֿאָלקס־נשמה פֿון איין זייט, און פֿון די אויסנאַם־באַדינגונגען, אין וועלכע ס׳קומט די יידן אויס צולעבן אין דער צעשפּרייטקייט, פֿון דער אַנדערער זייט. דער אומשולדיקער, גוט־געמיינטער פֿאַרגלייך איז, אָבער, בכוונה, אָדער שלא בכוונה, שלעכט פֿאַרשטאַנען געוואָרן, אַרויסרופֿנדיק אַ שטאַרקע פּאָלעמיק מצד דער אָרטיקער „אגודה", וועלכע איז „דערשיטערט" געוואָרן פֿונעם עצם געדאַנק: צו פֿאַרגלייכן הערצלען מיט יעקב אבינו!

דער דאָזיקער אינצידענט איז נאָר איין עפּיזאָד פֿון אַ לאַנגן און פֿאַרביטערטן קאַמף, וועלכן דער „מזרחי" איז געצוווּנגען געוואָרן צו פֿירן מיט דער „אגודת־ישראל", ביי וועלכער, צו יענער צייט, „ציון" איז געווען אַ טריפֿה־פּסול אידיי ר"ל, וואָס איז מכלומרשט מעביר על הדת. נישט געקוקט אויף דעם האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד — האָט דער „מזרחי" גרויסע פֿאַרדינסטן אויפֿן געביט פֿון פֿאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן אמת צווישן די רעליגיעזע יידן בכלל און ישיבה־און בית־המדרש׳בחורים בפרט.

אָפּערירנדיק לרוב מיט אַרגומענטן, גענומענע פֿון די מקורות — איז דער „מזרחי", מיט זיין אומדערמידלעכער אויפֿקלערונגס־אַרבעט, אַריינגעדרונגען טיף אין די הערצער פֿון דעם טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג, זיי אַריינציענדיק, אַלס אַקטיווע מיטהעלפֿער, אָדער סימפּאַטיקער, אינעם קרייז פֿון די בויער פֿון אַ נייעם געזונטן לעבנס־יסוד אויפֿן באָדן פֿון דער היסטאָריש־יידישער היים — אויפֿן באָדן פֿון די פֿאַרהייליקטע אבות.

## ד. „מזרחי" און וועלטלעכקייט

טראָץ דעם, וואָס דער „מזרחי" האָט אויסגעקריצט אויף זיין פֿאָן: אַ באַנייטע יידישע היים, באַזירט אויף טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע יסודות, טוענדיק אַלץ, אין די

ראַמען פון די געגעבענע באַדינגונגען נאַטירלעך, כדי דעם דאָזיקן לעבנס־אידעאַל צו פאַרפלאַנצן אין דער ווירקלעכקייט — האָט דער „מזרחי“ אויך פאַרשטאַנען נישט אָפּצוזונדערן זיך פון די וועלטלעכע קרייזן. דער „מזרחי“ האָט זיך נישט נאָר אינטערעסירט, נאָר אפילו געשטיצט, מיט ראָט און טאָט, יעדע קולטור־וועלטלעכע אונטערנעמונג, שטעלנדיק נאָר דעם איינאונאיינציקן באַדינג, אַז איר דורכפירונג זאָל נישט זיין פאַרבונדן מיט חילול־שבת אָדער קעגן די יסודות פון יהדות בכלל.

ווען ב. יאושזאָן ז״ל, רעד. גאָלדבערג ז״ל, פון „היינט“, און יבדל לחיים יצחק גרינבוים, האָבן אין שייכות מיט די סיים־וואַלן, אין 1930, באַזוכט סטאַשעוו—זענען זיי איינגעשטאַנען דווקא ביי אַ „מזרחי“־טוער, ר׳ אברהם ניסנבוים, וווּ מ׳האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט אַ קעניגלעכן קבלת־פנים. דער באַזוך האָט אגב איבערגעלאָזן אַ געוואַלטיקן רושם אין שטעטל, זייענדיק פאַר אַ לאַנגער צייט די הויפּט טעמע, איבער וועלכער מ׳האָט זיך אונגעהאַלטן.

בעת די אָרטיקע ציוניסטישע יוגנט האָט אָרגאַניזירט אַ באַזאַר לטובת דעם „קרן־קימת־לישראל“, וועלכער איז געווען איינגעאָרדנט מיט גרויס טעם און טיף באַאיינדרוקט יעדן באַזוכער — איז אויך דער „מזרחי“ געווען צווישן די, וועלכע האָבן צוגעלייגט אַ האַנט, מיטהעלפנדיק, אַקטיוו, צום דערפאָלג פון דער שיינער, איינדרוקספולער אימפּרעזע.

אַבסטראַהירנדיק פונעם יסודות׳דיקן אַנטאַגאָניזם צווישן „מזרחי“ און „אגודת־ישראל“ אין שייכות צום מאָדערנעם „שיבת־ציון“, וועלכן דער „מזרחי“ האָט פון דער ערשטער מינוט פון זיין אַנטשטייאונג באַטראַכט, נעבן דעם רעליגיעזן יסוד, אַלס זיין עיקר׳דיקע אויפגאַבע — האָט עקזיסטירט נאָך אַ וועזנטלעכער אונטערשיד צווישן די 2 רעליגיעזע פּאַרטייען: דאָס איז געווען די באַציאונג פון „מזרחי“ צו דעם טייל פון יידישן פאָלק, בתוכם די יוגנט, וועלכע זענען אַוועק פון דורות־לאַנגן, טראַדיציאָנעל־אויסגעטראָטענעם וועג, און וועלכע האָבן געוואָלט — און אויך מקיים געווען — דינען די פאָלקס־אינטערעסן דורך אַנדערע, מער וועלטלעכע אופנים, איגנאָרירנדיק דעם רעליגיעזן פּרינציפּ, אָדער אַפילו אַרויסטרעטנדיק קעגן אים.

נישט אָפּגעשטויסן האָט זיי דער „מזרחי“. נישט געשטעלט אַלץ אויפן „קוצו של יוד“, זאָגנדיק: „הלנו אם לצרינו?“

אהבת־ישראל איז געווען דער הויפּט־קריטעריום, לויט וועלכן „מזרחי“ האָט געמאָסטן זיין באַציאונג צו די אַנדערש־דענקנדיקע. אין דעם שייכות האָבן זיי אָפט ציטירט דעם באַקאַנטן מאמר חז״ל: „ישראל אף־על־פי שחטא — ישראל הוא“. און אויף אַזויפיל אויף וויפל דער זינדיקער ישראל איז געבליבן טריי די אינטערעסן פון פאָלק ישראל, האָט דער „מזרחי“ אים מקרב געווען און באַטראַכט אַלס אַ בן־ישראל.

אַזוי האָט דער „מזרחי“, אַליין טריי־בלייבנדיק זיין סינטעטישן וועג פון תורה פאַרפלאָכטן מיט ציון, בבחינת: אחוז בזה וגם מזה אל תנח ידיך — זיך נישט פאַרשלאָסן און איזאָלירט אין זיין ענגן קרייז. אין פּאַרטייאידעאָלאָגישן זין נישט געזאָגט: „אני ואפסי עוד“, דערוויטערנדיק, אַזוי אַרום, פּאָטענציעלע פריינט און מיטהעלפער צום אַלגעמיין־בשותפות׳דיקן ווערק. דער „מזרחי“ איז געווען וואַך און הילפס־באַרייט צו יעדער נייער דערשיינונג, וואָס האָט באַצוועקט צו הייבן דעם גייסטיק־קולטורעלן מצב פונעם יידישן פאָלק, אַלס אַזעלכן, פון וועלכער זייט דאָס איז נישט געקומען. און פון דער אַנדערער זייט איז דער „מזרחי“ גרייט געווען מיטצואַרבעטן מיט אַנדערע, אויך קעגנזעצלעך־דענקנדיקע קרייזן אין זייער באַגער צו ציון, אין דער מאָס ווי דאָס איז נישט געשטאַנען אין ווידערשפּרוך צו די תורה־געבאָטן, וועלכע זענען אין דער „מזרחי“ וועלט־אַנשויאונג באַטראַכט געוואָרן אַלס עיקר׳דיקער פונדאַמענט פון יידישן פאָלקס־קיום.

# „לינקע פּועלי־ציון" / חיה סאַלניק חיפה



נישט גרויס אין כמות, אָבער חשוב אין איכות איז געווען די יידישע באַפעלקערונג אין סטאָשעוו. די דאָזיקע באַפעלקערונג האָט, וואָס אַן אמת, לרוב געלעבט אין דלות און דחקות, אָבער דאָס איז פאַר קיין פאַל נישט געווען קיין גורם פאַר טעמפּקייט און גלייכגילטיקייט צום גורל. פאַרקערט: די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען אויפן אָרט, און דער ספּעציפישער סאָציאַל־פּאָליטישער מצב פון די יידישע מאַסן בכלל, האָבן געווירקט ווי אַ מעכטיקע טרייב־קראַפט צו באַגרייפן דעם אָרום און אָרום, כדי צו לייזן אויף דעם בעסט־מעגלעכן אופן די טאָג־טעגלעכע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע, ווי מאַטעריעלע פּראָבלעמען. די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט, פּאָליטישע פּאַרטייען, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס א.ד.גל. — זענען אַ דירעקטער פועל־יוצא פון דעם דאָזיקן דראַנג צים וויסן און צו נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט.

איינער פון די וויכטיקע פאַקטאָרן פאַרן דערוועקטן סאָציאַלן באַוווסטזיין צווישן דער שטעטלשער אַרבעטנדיקער יוגנט — איז געווען די פּ.צ.־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט צו פאַרצייכענען גרויסע פאַרדינסטן אויפן געביט פון אָרגאַניזירן די אַרבעטער צום קאַמף פאַר אַן 8־שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג, און פאַר בעסערע סאָציאַלע און סאַניטאַר־היגיענישע אַרבעטס־באַדינגונגען בכלל. די ברייטע אויפקלערונגס־טעטיקייט פון דער פּאַרטיי איז אַריינגעדרונגען אין מערערע חוגים און משפּיע געווען מיט וואָרט און טאַט.

איר הויפּט־אויפמערקזאַמקייט האָט די פּאַרטיי געווידמעט דער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט, דעלעגירנדיק אין די לייטונגען פון די פּראָפ. פאַריינען אירע בעסטע כוחות. אַ גאָר חשוב'ע טעטיקייט אויף דעם געביט האָט אַנטוויקלט דער חבר יעקב בלאָך (היינט אין ישראל). ווו אַ פרייער אָוונס האָט בלאָך פאַרברענגט אין פּראָפ. פאַריין, שטעלנדיק זיין ענערגיע און וויסן אין דינסט פון דער אַרבעטער־זאַך. מיט געדולד און ליבשאַפט האָט ער זיך באַציגן צו אַלע אַרבעטנדיקע, פאַרזוכנדיק צו לייזן די פאַרשידענע, צומאָל אָנגעווייטיקטע פראַגן פון יעדן באַזונדער. עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אויף שטאָטישע פאַרזאַמלונגען, אָרגאַניזירונג פון שטרייקן, פאַרהאַנדלונגען מיט אַנדערע פּאַרטייען אָדער מיט די אַרבעטס־געבער — איבעראַל איז געווען די האַנט פון ח' בלאָך, תמיד האָט ער זיין שליחות אויסגעפירט בשלימות, ווי ווייט ס'האָבן דאָס דערמעגלעכט די געגעבענע אָביעקטיווע באַדינגונגען.

אין הסכם מיטן פּרינציפּ: סאָלידאַריטעט איז די בעסטע גאַראַנטיע פאַר דערפאָלג — האָט די פּאַרטיי זיך נישט באַגנוגנט מיט איר טעטיקייט בלויז אויף דער יידישער גאַס, נאָר איז אויך מיט איר אָרגאַניזיר־און אויפקלער־אַרבעט אַריינגעדרונגען צווישן דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט אין שטעטל. די חברים: י. בוכמאַן, י. בלאָך, א. גאָלדפלוס, מ. קאַניאַס און די אויבן געחתמ'עטע — האָבן פאַרהאַנדלט מיט דער פּוילישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „פּ.פּ.ס.", כדי צו אָרגאַניזירן די שיסטער־אַרבעטער, אַ פאַך, וואָס איז כמעט לחלוטין געלעגן אין נישט־יידישע הענט.

אַ פאַרשמאַכטער, אַרבעטנדיק 16 שעה און מעתלעת, אין שווערע סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען, און פאַר אַ זער נידעריקן לוין — איז דער פּוילישער אַרבעטער, פאַרשטייט זיך, געווען העכסט פאַרביטערט. נישט געקוקט דערויף איז נישט לייכט אָנגעקומען צו אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן מענטשן־מאַטעריאַל, צוליב דער זער נידעריקער קולטורעלער מדרגה, אויף וועלכער ער איז געשטאַנען.

ס'איז פיל לייכטער געווען אים אויפצוהעצן — צו זיין אייגענעם שאָדן — קעגן דעם ייד, אַלס מכלומרשטן נאַציאָנאַלן שונא, ווי אים איבערצייגן — פאַר זיין איי־

גענער טובה — מיטצואַרבעטן אויפֿן סאָציאַלן געביט מיטן ייִדישן אַרבעטער פֿאַר בשותפֿות׳דיקע אינטערעסן. אָבער די פּ. צ. האָט נישט אויפֿגעהערט פֿאַרצווזעצן אירע אָנשטרענגונגען, כדי צונויפֿצוזאַמלען דעם אָפּגע־שטאַנענעם פּוילישן עלעמענט, אויפֿקלערן אים זײַן שווערן מצב, איבערצייַגן אים אין דער רעאַלער מעג־לעכקייט פֿון אויסבעסערן זײַן לאַגע און דערמוטיקן אים, דורך פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג, צו אַ גע־מיינזאַמען קאַמף פֿאַר בעסערע באַדינגונגען.

געוויינלעך זענען די דאָזיקע פֿאַרזאַמלונגען גע־שטערט געוואָרן פֿון דער פּוילישער פּאָליציי. די לעצטע פֿלעגט קומען מיט געווער און נאַגייקעס (גומענע שטע־קנס), דראָענדיק די רעפּערענטן, ביי יעדן זאַץ, וואָס איז זיי נישט געפֿעלן געוואָרן, מיט אויפֿלעזן די פֿאַר־זאַמלונגען און אַרעסט.

טראָץ די פּאָליציי־רדיפֿות און די דערמאָנטע אָביעק־טיווע שוועריקייטן, וועלכע האָבן געצויגן זייער יניקה, מיט רעכט אָדער אָן, פֿון דורות־איינגעוואָרצלטן ייִדיש־פּוילישן אַנטאַגאָניזם — איז אונז געלונגען ממשיך צו זײַן אונזער וויכטיקע אַרבעט, אויפֿפּלאָנטערנדיק אויף די פֿאַרזאַמלונגען די פּראָגן פֿון טאָג־טעגלעכן קאַמף פֿאַר ברויט און פֿרייהייט.

די ייִדישע אַרבעטנדיקע יוגנט אין סטאַשעוו, וועלכע האָט נישט געקאָנט ממשיך זײַן די לימודים נאָך דער פֿאָלקס־שול, צוליבן פֿעלן פֿון פֿינאַנציעלע מיטלען — האָט אָבער נישט אויפֿגעהערט נאָכצופֿאָלגן אַלע לעבנס־דערשיינונגען, בלעטערנדיק אין די קליינע אותיות, כדי צו געפֿינען אַן ענטפֿער אויף מאַטערנדיקע פּראָגן.

דער זײַן פֿונעם ייִדישן יוגנטלעכן, וועלכער האָט געמוזט זאָרגן נישט בלויז פֿאַר זײַן אייגענעם קיום, נאָר צומאָל אויך פֿאַרן קיום פֿון זײַנע אָרעמע עלטערן און די באַלאַסטעטע משפּחה — האָט געשאַפֿן דעם באָדן פֿאַרן סאָציאַלן און פּאָליטישן באַוווסטזיין. אומוואַנדלען דעם דאָזיקן באַוווסטזיין אין אַן אָרגאַניזירטן סאָציאַל־שעפֿערישן כוח — דאָס האָט דער יוגנטלעכער אַרבע־טער געזוכט און געפֿונען אין די רייען פֿון פּ. צ.

ווען די פּאַרטיי איז דערקלערט געוואָרן פֿאַר אומ־לעגאַל און איז אויפֿסניי דערשינען אונטערן שילד:

„געזעלשאַפֿט־אונט־קורסן״, איז די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט ווייטער אָנגעגאַנגען, אָבער ס׳איז אומבאַ־דינגט נייטיק געווען, איבער דער גאַנצער לענג פֿון דער „טומאה״־גאַס, ווו ס׳האָט זיך געפֿונען אונזער לאָקאַל, אויסשטעלן אַ וואָך מיט אַ באַשטימטער סיגנאַליזירונג, כדי נישט איבעראַשט צו ווערן פֿון דער פּאָליציי. אין דער צייט זענען די קאָמיטעט־זיצונגען פֿאָר־געקומען אין פּריוואַטע וווינונגען און יעדעס מאָל אויף אַן אַנדער אָרט. אויך די פּאַרטיי־צירקולאַרן און אויפֿרופֿן, אין וועלכע די באַפֿעלקערונג איז גערופֿן געוואָרן צום קאַמף קעגן עקאָנאָמישער און פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער אונטערדריקונג, זענען געוואָרן געהיים רעדאַקטירט און פֿאַרשפּרייט. טראָץ די שטרענ־גע פֿאַרזיכט־מיטלען — איז די פּאָליציי נישט מיד געוואָרן פֿאַרצווזעצן דעם ווילדן טאַנץ און ווי די רויב־פֿייגל געלויערט צו פֿאַנגען וועמען אין זייער נעץ. יעדע אַנטדעקטע זיצונג איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַרעסט אין דער „קאַזע״ (שטאָט־תּפֿיסה). דער פּאַרטיי־קאָמי־טעט, אין די פֿערזאַנען: י. בוכמאַן, י. בלאָך, א. גאָלד־פֿלוס, מ. טשאַפּניק און ח. סאלניק — האָבן נישט גע־לייגט קיין אַכט אויף די שוועריקייטן און ווייטער פֿאַר־געזעצט די אַרבעט און אַפֿילו זי נאָכמער פֿאַרברייטערט, אָנבינדנדיק אַ קאָנטאַקט מיט די אַרומיקע שטעטלעך, ווי: סטאָפּניץ, כמיעלניק, פּאַצאַנאָוו, איוואַנסק און אַנ־דערע, כדי מיט דער הילף פֿון אונזערע חברים צו פֿאַר־שטאַרקן די טעטיקייט פֿון די אָרטיקע סניפֿים.

אין „יונג־באָר״, אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס די פּאַרטיי האָט אויפֿגעשטעלט, זענען ווערבירט געוואָרן קינדער פֿון 10 יאָר אָן. בעיקר, האָבן די לעצטע גע־שטאַמט פֿון די אָרעמסטע שיכטן פֿון דער ייִדישער באַ־פֿעלקערונג, פֿון היימען, וואָס זענען צומאָל באַשטאַנען נאָר פֿון 1 צימער, אין וועלכן ס׳האָט געלעבט אַ גרויסע משפּחה און וואָס האָט אויך, אין דערזעלבער צייט, גע־דינט אַלס אַרבעטס־ווערקשטאָט.

די דאָזיקע קינדער פֿון דלות, וועלכע זענען באַ־רויבט געווען פֿון זייערע עלעמענטאַרסטע באַדערפֿע־נישן און אויסגעוואַקסן אין הונגער און קעלט, זענען, דורך דער מיזאַמער אַרבעט פֿון דער אָרגאַניזאַציע,

פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שפּעטערדיקע פּאַרטיי־טוער און קולטור־פאַרשפּרייטער פון שטעטל.

מיט דער דערציִערישער טעטיקייט פון „יונג־באַר" האָבן זיך אָפּגעגעבן: ש. ערליכמאַן, י. בלאך, ט. וואַ־סערציער, ח. סאָלניק און נאָך.

די פּאַרטיי איז געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלע, וועמעס צוגעשיקטע שליחים ס'האָבן אונז פון צייט צו צייט דערמוטיקט אין אונזער פּאָלי־טיש־קולטורעלער אַרבעט. אויף אונזער איינלאַדונג האָבן אין דער קולטור־אַרבעט אויך אָנטיילגענומען שטאָטישע כוחות מחוץ פון דער פּאַרטיי. איינער פון זיי איז געווען מאיר ווייל, אַ לערער, דערציִער און לי־טעראַטור־קענער.



וועד הנוער ע"י פ. צ. שמאל — יוגנט־קאָמיטעט ביי די לינקע פ. צ.

יושבים — זיצן: חיה סולניק, ....., י. צ'פניק, יעקב יוסף בלאך.

עומדים — שטייען: ק. ווסרציאר, ט. ווסרציאר, מ. ל. צ'פניק.

אויף די קעסטל־שמועסן, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן יעדן שבת'צונאַכטס, האָט יעדער געהאַט די מעגלעכקייט אַרייננצוואַרפן אַלערליי פראַגן, וואָס האָבן געדריקט אויף דער נשמה. ס'האָט נישט איינמאָל גע־טראָפן, אַז נאָך אַ רעפעראַט אָדער אַן אַנדערן גייסטיקן פאַרברענגען האָט זיך דער עולם אַרויסגעלאָזן אין די פעלדער און, צעשטראַלטע פון פרייד און געזאַנג, מאַר־שירט צום טאַקט. די דאָזיקע געלעגנהייטן האָבן די חברים אין דער פולער מאָס אויסגענוצט, שלינגנדיק ממש די פריש־שמעקעדיקע לופט, וואָס איז אַזוי נייטיק געווען נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג ביי דער מאַשין, אין דער ענג־שטיקנדיקער היים.

נישט ווינציק זענען געווען די פאַלן, ווען אונזער פרייד איז ברוטאַל געשטערט געוואָרן דורך די אַזוי־גערופענע „מאָראַל־היטער", די פּוילישע פּאָליציי, וועל־כע האָט נישט געקאָנט צוזען ווי מיר פאַרברענגען און געניסן אין שויס פון דער נאַטור. דערנענטערנדיק זיך מיט זייערע שווערע, מיט נעגל אונטערגעקלאַפּטע, שיך און דראָענדיק מיט קלעפּ און אַרעסט זענען מיר זיך, באין ברירה, פונאַנדערגעלאָפן. אָבער פאַרלאָזן דאָס פעלד — זענען מיר דערשינען אין מאַרק; פאַרטריבן פון מאַרק — זענען מיר אויסגעוואַקסן אין שטאָטישן פּאַרק. אַזוי איז דער שפּיל אָנגעגאַנגען ביז שפּעט אין די נאַכט. מיר זענען אָבער נישט מיד געוואָרן, נישט אונ־טערגעגעבן, פאָרזעצנדיק ווייטער אונזערע קאָלעקטיווע טיולים אין די הינטערשטעטלשע ברייטקייטן.

הערנדיק די פּאָליצייאישע טריט האָבן מיר גע־טראַכט: „אָט גייען שוין די שענדער פון אונזער פריי־הייט!" אָבער אונזער גלויבן איז געווען אומדערשי־טערלעך, אַז אָט־אָט און ס'קומט דער טאָג פון באַפריי־אונג, דער טאָג, אין וועלכן די דאָזיקע מאַכט־קליקע וועט באַזייטיקט ווערן און אויף איר אָרט וועט אויפ־שטיין אַ רעזשים פון רעכט און גערעכטיקייט פאַר אַלע אונטערדריקטע.

אין דעם דאָזיקן אומגלייכן קאַמף האָבן מיר גע־זען נישט נאָר אַן אויסדרוק פון אונטערדריקונג פון אַן אַנדערער סאָציאַלער שיכט, נאָר אויך און בעיקר

אַן אַנטפּלעקונג פון דער אייביק־איינגעוואָרצלטער שנאה צו אונזער פֿאָלק. אינעם באַוווסטזיין, אַז מיר ווערן פֿאַרפֿאָלגט בעיקר צוליב אונזער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט, זענען מיר געשטאַרקט געוואָרן אין אונזער ווילן: צו קעמפן פֿאַרן אידעאַל פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, גענוי ווי פֿאַר דער סאָציאַלער — דער אידעאַל, וואָס איז נאָך אַזויפיל דורות פון אונטערדריקונג פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אין מדינת־ישראל.

# יעקב בוכמאַן פּאַריז / די פּועלי־ציון אין סטאַשעוו



געאָגראַפֿיש האָט זיך סטאַשעוו געפֿונען 22 קילאָמעטער פון דער ווייסל, וואָס האָט אָפּגעטיילט רוסיש פּוילן פון גאַליציען און האָט אָנגעהערט צו דער קעלצער וואָיעוואָדסטווע, סאַנדאָמיעזשער פּאָוויאַט. די שטאָט האָט געציילט צען טויזנט איינוווינער, דערפֿון אַ העלפֿט ייִדן.

מיטן אויסנאַם פון עטלעכע געציילטע נגידים האָט ביי אונז געהערשט אַ גרויסע אָרעמקייט. דערפֿאַר אָבער האָט דאָס שטעטל, כ׳מיין דאָ אונזערע ייִדן, גייסטיק זיך זייער אינהאַלטסרייך אויסגעלעבט. סטאַשעוו האָט פֿאַרמאָגט צוויי בתי־מדרשים און דאָס קול פון תורה האָט אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן שטעטל. פון די בתי־מדרשים זענען אַרויסגעקומען נישט נאָר רבנים, נאָר אויך טוער פון די פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטורעלע באַוועגונגען. סטאַשעוו האָט שטאָלצירט מיט איר רייכער ביבליאָטעק, וואָס איז געווען באַרימט אַפילו אין דער ווייטער אומגעגנט. מיט די גייסטיקע איינפֿלוסן, וואָס זענען צו אונז דערגאַנגען פון וואַרשע אָדער פון ווילנע, האָבן מיר זיך אי געטיילט, אי ווייטער געשפּייזט די אָרומיקע קלענערע שטעטלעך.

פון אייגענער איניציאַטיוו זענען ביי אונז אויסגעוואַקסן דראַמאַטישע קרייזן, דערציאונגס־אַנשטאַלטן, ספּאָרט־קלובן און לייען־זאַלן. דער רוב פון אונזערע אונטערנעמונגען זענען באַזוכט געוואָרן, נישט נאָר פון אייגענעם סטאַשעווער עולם, נאָר אַפילו אויך פון חברה וואָס איז געקומען פון דער אומגעגנט. דערביי איז אינטערעסאַנט צו דערציילן, אַז גרעסערע גרופּן פלעגן זיך צונויפֿלייגן צו דינגען אַ וועגעלע, זיך שלעפּן צו דריי פיר שעה מיט אַקס און קומען זינגענדיק צופֿאָרן אין שטעטל. קוים אָבער האָט נישט געסטאַיעט אויף קיין בעל־עגלה פלעגט עולם, באַהערשט פון אַ פלאַמיקן אינטערעס צום ייִדישן וואָרט, קומען פון די אָרומיקע שטעטלעך צופֿוס. און עס דאַרף דערביי דערציילט ווערן, אַז פיל מאָל פלעגן אונזערע שטעטלשע אימפּרעזעס זיך אָנהייבן ערשט 11 ביינאַכט, ווארעם מען האָט געוואַרט אויף חברה, וואָס פלעגן זיך שלעפּן צופֿוס איבער די וועגן און מען האָט זיי נישט געוואָלט פֿאַרשאַפֿן קיין עגמת נפש פון האָבן פֿאַרשפּעטיקט.

דער פּיאָנער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין סטאַשעוו איז געווען דער „בונד". ער האָט דאָ פֿאַרזייט די ערשטע קערנער. אָבער לאַנגזאַם, אין רעזולטאַט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אַנדערע ווינטן. די פֿאַראָרעמטע באַפעלקערונג און איבערהויפּט די יוגנט האָט שטאַרק געגלויבט, אַז אַלע אירע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען וועלן דורך דער רעוואָלוציע געלייזט ווערן. דער דאָזיקער גלויבן האָט אַרויסגעריסן די ייִדישע יוגנט פון די בתי־מדרשים און פון דעם טאַטנס איינפֿלוס. עס האָבן זיך געשאַפֿן און אַנטוויקלט פֿאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אינגאַנצן געענדערט דעם גייסטיקן כאַראַקטער פון שטעטל.

די בירגערלעכע פּאַרטייען אין סטאַשעוו האָבן

געפירט זייער עקזיסטענץ אויף אַ לעגאַלן אופן, אָבער מיר, די לינקע פועלי־ציון, זענען דורך דער פוילישער פּאָליציי באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ שעדלעכער עלע־מענט און מיר האָבן געהאַט פון זיי אויסצושטיין אַ סך צרות. די פּאָליציי פלעגט זיין אַן אָפטער גאַסט אין אונזער לאָקאַל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „גע־זעלשאַפט פאַר אָוונט־קורסן". און אין וועלכן מיר פלעגן פירן אונזער קולטור־דערציערישע טעטיקייט. לסוף זענען מיר געווען געצוווּנגען צו פירן אונזער טעטיקייט אויפן פעלד, אָדער אין פּריוואַטע שטובן, אויף אַ ריין קאָנספּיראַטיוון אופן, ווארעם אין די אויגן פון דער ווילד־רעאַקציאָנערער און אַנטיסעמיטישער פּאָליציי איז יעדע אונזערע אַקטיוויטעט געווען טריף.

ס'פלעגט טרעפן, אַז די פּאָליציי פלעגט אַריינפאַלן אין אונזער לאָקאַל און קוים האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף עפּעס אַ פאַרזאַמלונג פלעגן זיי אונז זידלען מיט די ערגסטע ווערטער, דראָענדיק צו פאַרמאַכן די „בודע". און איינמאָל, ביי אַזאַ געלעגנהייט, האָט דער סטאַ־שעווער פּאָליציי־קאָמענדאַנט געפּאָדערט פון מיר, אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן לאָקאַל, כ'זאָל מיך אָפּזאָגן פון מיין אַמט אַלס פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן". אַנשטויסנדיק זיך אויף מיין אָפּזאָג האָט ער געדראָט מיך און אַפילו מיינע עלטערן צו רואינירן עקאָנאָמיש.

נישט נאָר האָט מיך דער טעראָר נישט אָנגעשראָקן, נאָר כ'האָב געדינט מיין אידעאַל מיט נאָך מער איבער־געגעבנקייט און מיט שטאָלץ אים פאַרשפּרייט צווישן דער יוגנט, גלויבנדיק, אַז דורכן רעאַליזירן פון סאָציאַ־ליסטישן אידעאַל וועט מען קאָנען פּטור ווערן פון אַזעלכע אויסוואורפן.

גאָר ספּעציעל האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט אַריינ־ציען אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג די קינדער פון אָרעמע היימען, וואָס האָבן געליטן פון אַ מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס. אַדאַנק זייער סאָ־ציאַלן אָפּשטאַם זענען די קינדער פון שניידערס, שוס־טערס, בעלי־עגלות און אַנדערע באַטראַכט געוואָרן, אין יענער צייט, דורך אונזער „פּני", פאַר מינדער־ווערטיקע מענטשן. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג בכלל און די יידיש־סאָציאַליסטישע קרייזן אומעטום און אויך ביי אונז אין שטעטל, ווי דער „בונד", דער „השומר־הצעיר" און די פועלי־ציון האָבן געקעמפט קעגן די דאָזיקע פאַראורטיילן. מיר האָבן באַווירקט די דאָזיקע שיכטן און טאַקע פון דער יוגנט זענען אויסגעוואַקסן מענטשן מיט אַ געזונטער אַרבעטער־פּסיכאָלאָגיע, און יידן מיט אַ שטאָלצן סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן באַוווּסט־זיין.

מיר האָבן זייער אַ סך געליטן פון אַ מאַנגל אין דערציער און לערער. דאָס האָט זיך גענומען פון צוויי סיבות: ערשטנס, וואָס מיר האָבן געהאַט אַ גאָר קליינע אייגענע אינטעליגענץ, ווארעם אונזער פּאַרטיי איז באַשטאַנען פון אַרבעטער, וואָס זענען צוליב זייער גרויסער אָרעמקייט נישט אימשטאַנד געווען פאַרצוזעצן זייערע לימודים.

די צווייטע סיבה איז געווען די עמיגראַציע, צוליב וועלכער מיר האָבן זייער אָפט פאַרלוירן שוין גוט אויסגעשולטע פּאַרטיי־פירער, קולטור־טוער, דערציער און פּראָפעסיאָנעלע פאַריין־טוער. אַלע זענען זיי געווען קינדער פון אָרעמע עלטערן, און אַליין האָבן זיי עקאָנאָמיש זיך אויך נישט געקאָנט אויסלעבן און געמוזט עמיגרירן, אויסוואַנדערן.

דער „פּאַלעסטינע־אַמט" האָט, צו יענער צייט, קיין לינקע פועלי־ציון נישט אַריינגעלאָזן קיין ישראל, און די חברים פאַר וועמען דאָס עמיגרירן איז געווען אַ נויטווענדיקייט און וואָס זייער הייסעסטער ווילן איז געווען צו פאָרן קיין ישראל האָבן גאָר געמוזט אויס־וואַנדערן, קעגן זייער ווילן, ערגעץ אַנדערש. איז יעדעס מאָל, ווי דורך אַ רויב־פויגל, אונז צוגענומען געוואָרן אַן אַנדערער פירנדיקער חבר. אַזוי זענען אַוועק חבר פּענטשינע[1], ש. טענענבוים, מ. טשאַפּניק, א. קראַקאָ־ווער, פ. אייזנבערג, וועלכע לעבן היינט אין די אַמע־ריקאַנער לענדער. איינצלנע, ווי י. בלאַך און חיה סאָלניק איז געלונגען אַדורכצוברעכן די מויער פון פּאַלעסטינע־אַמט און לעבן היינט אין ישראל.

[1] פּענטשינע איז געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן צוליב פּאָ־ליטישע סיבות.



חברי פּועלי־ציון שמאל — אַ גרופּע חברים פון פּועלי־ציון

יעדעס מאָל, נאָכן פאַרלירן אַן אַקטיוון פירנדיקן חבר, האָט אַ צווייטער אויף זיין אָרט זיך געמוזט אָנשטרענגען, כדי אים צו פאַרטרעטן — אָנשטרענגען דורך לערנען און בילדן זיך. אַזוי אַרום האָבן זיך כסדר געשאַפן פרישע קאַדרען פון חברים, וועלכע זענען פריער געווען הינטערשטעליק און באַגרענעצט אין וויסן און אין פּאַרטייאישן סטאַזש און זענען אין רע־זולטאַט פון זייער אָנשטרענג געשטיגן אויף דער פּאַר־טייאישער לייטער.

אַוודאי האָבן אין אונזער דערציאונגס־אַרבעט אויך געהאָלפן, פון צייט צו צייט, די חברים פון השומר־הצעיר. ווארעם יענע האָבן זיך רעקרוטירט פון דעם פאַרמעגלעכן קלאַס און אַ סך פון זיי האָבן שוין געהאַט אַ קולטור־סטאַזש; זיי זענען געווען שילער אין דער שטאַטישער גימנאַזיע, אַ זאַך וואָס איז פאַר דעם אָרע־מען קינד געווען בלויז אַ חלום. גאַנץ באַזונדער מוז דאָ דערמאָנט ווערן דער חבר מאיר ווייל (לעבט אין ישראל), וואָס האָט זיך גאָר ספּעציעל פאַרדינט כ׳זאָל דאָ דערמאָנען זיין נאָמען. דער השומר־הצעיר, וואָס האָט אין די גלות־לענדער נישט געפירט קיין שום פּאָליטישע אַקטיוויטעט, האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז מיר, די פּועלי־ציון, זענען זיי אידייאיש אַמנאָענטסטן און זיי האָבן אונז אַ סך מאָל אונטערשטיצט, סיי אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אין קולטור־אַרבעט, אין פּאָליטישער אַרבעט, סיי ביי וואַל־קאַמפּאַניעס.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ סך אויסצושטיין און צו קעמפן קעגן דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג, וואָס איז פון דער גרויסער שטאָט אויף אַריינגעדרונגען צו אונז, קיין סטאַשעוו. גאַנץ ספּעציעל האָבן מיר זיך געמוזט פאַרטיידיקן קעגן די שילער פון דער פּוילישער גימנאַזיע, וואָס האָבן אָרגאַניזירט בויקאָטן און אָנפאַלן אויף דער יידישער יוגנט, וואָס האָט ליב געהאַט צו לייענען און שטודירן אויפן שויס פון דער שיינער, פרייער נאַטור: אינעם שטאָטישן גאָרטן און גאַליעווער וועג, וואָס האָט געפירט אין פעלד און צום וואַלד און איז געווען דער באַליבטסטער שפּאַציר פּאַר אונזער יוגנט. פון אָט די אַלע ערטער האָבן די פּוילישע גימנאַ־זיאַלע שילער אונז געזוכט צו פאַרטרייבן און מיר זענען געווען געצוואונגען צו שאַפן אַ זעלבסטשוץ, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַלע יידישע פּאַרטייען. רעאַגירנדיק מיט פיזישן כוח קעגן די, וואָס האָבן געזוכט אונז אַריינצוטרייבן אין אַן ענגן געטאָ, האָבן מיר צוריק דעראָבערט אונזער רעכט צו געניסן פון דער פרייער לופט.

שרייבנדיק און דערמאָנענדיק די אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען פון די פּוילישע שילער קעגן דער

יידישער יוגנט, קומען, אגב, אויפן געדאַנק ביטערע זכרונות וועגן דער האַנדלונג פון דער דערוואַקסענער פּוילישער באַפעלקערונג, די ענדעקעס, און גאָר ספּעציעל פון דעם א. ג. באַוווּסטזיניקן פּוילישן אַרבעטער־קלאַס, כ׳מיין די פּוילישע סאָציאַליסטן, בעת דער נאַציִשער אָקופּאַציע. אָבער וועגן דעם אַביסל ווייטער.

ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה בין איך געווען איינער פון די צוויי ראַטמענער פון די לינקע פּועלי־ציון אין סטאַשעוו (דער צווייטער פּ. צ. ראַטמאַן איז געווען דער חבר מרדכי גאָלדפעדער[2]). טראָץ דעם וואָס די פּוילישע פּאַרטיי „פּ.פּ.ס.״ האָט אויך געהאַט צוויי ראַטמענער, פלעג איך אָבער, אויף די זיצונגען, זייער אָפט אַרויסטרעטן קעגן דעם קלער, קעגן דער רעאַקציע און פאַרטיידיקן דעם אַרבעטער קלאַס, דעם פּוילישן ווי דעם יידישן. די זיצונגען פון שטאָט־ראַט פלעגן צוציען אַ סך פּוילישע סאָציאַליסטיש און קאָמוניסטיש געשטימטע אַרבעטער, וואָס פלעגן זיך צוהערן צו מיינע רעדעס, מיר אַפּלאָדירן און לסוף, נאָך די זיצונגען, פלעגן זיי צו מיר צוקומען און דריקן די האַנט, פאַר מיין איבערגעגעבנעם פאַרטיידיקן די אַרבעטער אינטערעסן.

[2] גאָלדפעדער איז דורך דייטשע רוצחים דערשאָסן געוואָרן אין גאָליעוווער וואַלד.

דאָס אַלץ איז געווען ווייל אין פיין ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה און ביזן אַריינקומען פון די דייטשן. דאַן האָב איך גלייך, פון ערשטן טאָג אָן ממש, דערזען די טראַגישע געפאַלנקייט פון דעם פּוילישן, כלומרשט באַוווּסטזיניקן אַרבעטער. פון זייער סאָציאַליזם איז געבליבן נאָר איין זאַך: אַנטיסעמיטיזם. אַלע זענען זיי, פּונקט ווי דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק, געווען משוגע אויף יידן־האַס און יידן־פאַרניכטונג.

זאָל דאָ אויך דערציילט ווערן פאָלגנדער פאַקט:

גלייך מיטן אַריינקומען פון די דייטשן און זייער אָנגעהויבענער יידן־פאַרפאָלגונג, האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז קריסטלעכע דאָקטוירים טאָרן נישט אויפנעמען און נישט געבן קיין שום מעדיצינישע באַהאַנדלונג קיין יידן. האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז מיין פרוי איז שווער קראַנק געוואָרן. בין איך פונדעסטוועגן אַריין מיט איר צום פּוילישן דאָקטאָר ניעוויראָוויטש, אויך אַ געוועזענער ראַטמאַן, מיט וועלכן כ׳בין געווען נאָענט באַפריינדעט. ווי גרויס איז געווען מיין איבעראַשונג, ווען ניעוויראָוויטש האָט זיך נישט נאָר אָפּגעזאָגט צו באַטראַכטן און העלפן מיין קראַנקער פרוי, נאָר מיר גופא האָט ער נישט געוואָלט אַפילו דערלאַנגען מער די האַנט.



פּוע״צ שמאל עם יעקב בוכמן בראש — לינקע פּוע״צ מיט יעקב בוכמאַן בראש.

די געזונקנקייט פון די פּאָליאַקן און גאָר ספּעציעל פון די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן זיך אַזוי שנעל געאייניקט מיט אַלע יידן שונאים — איז געווען נאָך אַ שווערע און טראַגישע איבערלעבעניש פאַר מיין יידיש־סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין.

פונקט ווי גאַנץ פּוילן, וואָס איז אויף אַזאַ שוידערלעך־טראַגישן אופן אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן, אַזוי איז אויך סטאַשעוו היינט יידן־ריין. נישטאָ דאָרט מער קיין יידיש לעבן און אַוודאי נישט מער קיין יידישע יוגנט, וואָס פלעגט גיין מיט געזאַנג איבערן גאָליעווער וועג צו די פעלדער און צום וואַלד און פאַרברענגען דאָרט אירע בעסטע שעה׳ען. די ביימער פון וואַלד פלעגן זיך צוהערן סיי צו די שטימען, סיי צום געלעכטער פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט דאָרט, אויפן שויס פון דער פרייער נאַטור, גע׳חלומ׳ט וועגן וועלט־באַפרייאונג, וועגן אויפריכטונג פון אַ יידישער היים אין ארץ־ישראל, זיך געפרייט, געליבט און זיך געפילט גליקלעך. די יידישע יוגנט איז פאַרשניטן, אומגעבערענגט געוואָרן און דער וואַלד דאָרט שטייט אַ פאַר׳יתומ׳טער; ער געדענקט און טראַכט וועגן יענע גאָלדענע חלומות און טעג, וואָס זענען אַזוי טראַגיש איבערגעריסן געוואָרן.

ישעיהו לאַוטשיק מאָנטעווידעאָ /

# סטאַשעווער אַרבעטער אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

אינעם הערויִשן קאַמף פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, אין דער עפּאָכע פון נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, האָבן סטאַשעווער אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן — אינספּירירט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און אַנדערע פאַקטאָרן — אַריינגעשריבן אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל פון עקשנות׳דיקן, אומדערשראָקענעם קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן.

אין דער צייט, פון וועלכער ס׳איז דאָ די רייד, האָט דער יידישער ישוב אין סטאַשעוו געהערט צו די אַממיינסטן אַנטוויקלטע אין דער גאַנצער קיעלצער געגנט, סיי אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן, סיי אין קולטורעלן זין.

ווער געדענקט דאָס נישט, ווי אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן האָט געשפּרודלט מיט פּאַרטייען, אינסטיטוציעס, כאָרן, קלובן, שולן, ביבליאָטעקן, לייען־זאַלן א.אַ.וו.? ווער געדענקט דאָס נישט, ווי נאָך דער אַרבעט פלעגן מיר — מיט די ביכער אונטערן אָרעם — אָנפילן די גאַסן, גערטנער און פעלדער מיט געזאַנג און דיסקוסיעס, וואָס האָבן אָפּגעהילכט קילאָמעטער־ווייט? און היינט די פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן און מאַסוּוּקעס פון די פאַרשידענע ריכטונגען, פון עקסטרעם־רעכט ביז עקסטרעם־לינק? ווען אַ רעפערענט איז אויפגעטרעטן אין שטעטל — און מיר פלעגן אַראָפּברענגען די בעסטע רעפערענטן — זענען די גרעסטע לאָקאַלן, לרוב דאָס גרויסע בית־המדרש, פול געפּאַקט געווען פון צוהערער, וועלכע האָבן געלעכצט נאָך וויסן און אינפאָרמאַציע, נאָכפאָלגנדיק אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אין דער גרויסער וועלט. נישט איינמאָל האָבן מיר אויך איינגעלאַדן רעפערענטן צו קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען, פאַרשטייט זיך אין פּריוואַטע וווינונגען, זייענדיק אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר אַנטדעקט צו ווערן פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט איר נאָז אַריינגעשטעקט אין אַלע ווינקעלעך. ווער שמועסט נאָך פונעם ברען און פאַנאַטיזם אין די וואַל־קאַמפּן צום סיים (פאַרלאַמענט), אָדער שטאָט־ראַט, בעת וועלכע יעדע פּאַרטיי האָט געפּרוּווט איבערשטייגן די אַנדערע מיט איר אַגיטאַציע און סענסאַציאָנעלע לאָזונגען. ס׳געדענקט זיך מיר אַ וואַל־קוריאָז פון יענער צייט, ווען איין פּאַרטיי האָט אויף ריזיקע טראַנספּאַרענטן פאַרשפּרייט, צווישן אַנדערע, די לאָזונג: „ווילט איר ברויט, דירות און אַרבעט? — טאָ שטימט פאַר דער ליסטע...... !"

אויפן פאָן פונעם דאָזיקן, סאָציאַל־פּאָליטיש „אויסגעקאָכטן" יידישן ישוב, האָט דער סטאַשעווער יידישער

אַרבעטער, — אַן אָרגאַניזירטער כמעט אין די גאַנצע 100 פּראָצענט אין שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס — אַדורכגעפירט פיל דערפאָלגרייכע שטרייקן, דעראָבערנדיק אַ ריי וויכטיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָזיציעס. ס׳דאַרף אָבער דאָ באַזונדער אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אינערהאַלב דער דאָזיקער, באַוווסטזיניקער, דינאַמישער סטאַשעווער אַרבעטערשאַפט האָט אַ בכבוד׳יקן פּלאַץ פאַרנומען איר ראַדיקאַל־לינקער פליגל.

נישט געקוקט אויף די אומלעגאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע דער לעצטער איז געצוווּנגען געוואָרן צו פירן זיין אויפקלערונגס־אַרבעט, בעת בלויז דער פאַרדאַכט פון אָנגעהעריקייט צו אים האָט געדראָט מיט יאָרן־תפיסה — האָבן מיר אונזער טעטיקייט אויף אַלע געביטן אומדערשראָקן ווייטער געפירט.

יאָרן פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג האָט שוין דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער טייל פון דער סטאַשעווער אַרבעטערשאַפט אינסטינקטיוו געפילט די סכנה פונעם אָנקומענדיקן קריגס־געשפּענסט און האָט שוין דעמאָלט, אין די דורך אים פאַרשפּרייטע פּראָקלאַמאַציעס, אגב אונטער דער נאָז פון דער פיינטלעכער פּאָליציי, געלייגט די הויפּט־געוויכט אויפן קאַמף קעגן דער מלחמה־געפאַר.

צו דער דאָזיקער צייט געהער אויך דער געוואַגטער פּרווו צו אָרגאַניזירן אַן עפנטלעכע ערשטער־מאַי מאַניפעסטאַציע, אַ פּרווו, וועלכן אויך באַדייטנדיקערע אינדוסטרי־שטעט, מיט אַ היפּש גרעסערן פּראָלעטאַריאַט, האָבן נישט ריזיקירט איינצואָרדענען, צוליב די דעמאָלט הערשנדיקע פּאָליטישע באַדינגונגען אין פּוילן. אגב, האָט זיך די דאָזיקע דרייסטקייט זייער שלעכט פאַרענדיקט. מחמת אַ פּראָוואָקאַציע האָט זיך אַ כוואַליע פון אַרעסטן מיט לאַנגיאָריקע תפיסה־אורטיילען אַ לאָז געטאָן אויף אונזערע פאַראַטענע חברים. אָבער, נישט געקוקט אויף דעם שווערן קלאַפּ, האָבן מיר אונזער אידייאישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפקלערונגס־טעטיקייט נישט אויפגעגעבן. נאָכמער: ס׳איז באַקאַנט, אַז די זעלבע געטראָפענע חברים, צוריקקומענדיק אין שטעטל נאָכן „אָפּזיצן״ זייערע תפיסה־שטראָפן, האָבן זיך פרייוויליק אַליין ווידער איינגעשפּאַנט אין דער פּאַרטיי־אַרבעט — טראָץ די סכנות מיט וועלכע דאָס איז געווען פאַר זיי פאַרזענלעך פאַרבונדן.

דער דאָזיקער אומאויפהערלעכער און האַרטנעקיקער אַרבעטער־קאַמף קעגן די פאַרשקלאַפנדיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און קולטורעל־פּאָליטישע באַדינגונגען איז, טראָץ זיין אויסזיכטלאָזיקייט און כסדר׳דיקע קרבנות, אָנגעגאַנגען ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־שרפה. אָט־אָ־די שרפה, אין וועלכער דער היטלעריזם, געשטיצט לוידער פון אַנדערע כוחות, האָט אומגעבראַכט אַלע יידישע ישובים, וועלכע זיין טמאדיקע ממשלה האָט דערגרייכט — דערונטער אונזער טייערע סטאַשעווער יידישע קהילה.

ערע זייער אייביקן אָנדענק!

לעכער געפונען געוואָרן אין די טיפע זומפן פון דער סביבה.

## ימים־טובים אין שטעטל

נאָכן שווערן פראָסטיקן ווינטער האָבן יידן מיט גרויסער פרייד אויפגענומען די פרילינגס־שיינע ערב־פסח טעג. דאָס באַפרייען די „חדרים“־קינדער אויף יום־טוב פון דער שווערער האַנט פון רבין, כאָטש אויף אַ קורצער צייט, האָט סימבאָליזירט פאַר זיי דעם באַגריף פון פסח־פרייהייט. גלייכצייטיק זענען די פסח־הכנות אין אַלע הייזער אַנגעגאַנגען מיטן גאַנצן ברען. מ׳האָט געוואַשן און פריש געקאַלכט די דירות, איינגעקויפט מצות און וויין, ניס און אַנדערע גוטע זאַכן, גענייט פאַר אַלע נייע מלבושים און געלאָזן באַשטעלן נייע שיך. בקיצור, אַלץ איז באַנייט און אויפגעפרישט געוואָרן. אפילו די לופט איז ווי געוואָרן אָנגעזאַפּט מיט פרייד פון די יידישע הערצער. די, אַ גאַנץ יאָר, שווער אַרבעטנדיקע „עמך“ האָבן אַביסל לייכטער אָפּגעאָטעמט, גרייטנדיק זיך מיט זייערע אָרעמע מעגלעכקייטן צום אָנקומענדיקן יו״ט.

פיל פרייד און נייגיר האָבן אַריינגעבראַכט די עלטערע קינדער אין דער משפחה, וועלכע זענען צוריקגעקומען אויף יו״ט פון די גרעסערע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש א. ד. גל., וווהין זיי זענען געפאָרן זוכן אַ תכלית... זיי זענען שוין געווען גרויס־שטעטיש געקליידט, מיט ווייס־געפרעסטע קעלנער, שטייפע מאַנזשעטן, גלאַנציקע שטיוועלעך און ווויל־יונגערישע היטעלעך. זייערע דערציילונגען און איבערלעבונגען פון דער גרויסער שטאָט האָבן שטאַרק אימפּאָנירט דער אָרטיקער יוגנט, וועלכע האָט אַליין, לרוב, גע׳חלומ׳ט וועגן אַרויסרייסן זיך אין דער „גרויסער וועלט“.

אַ ספּעציעל יום־טוב׳דיקן כאַראַקטער האָבן געטראָגן די, אין יעדן הויז, געפּראַוועטע „סדרים“ און די פייערלעכע צערעמאָניעס, וואָס זענען מיט זיי געווען פאַרבונדן.

## שבועות

שבועות האָט דאָס שטעטל געפייערט אויף אַ גאָר פריילעך־פאָלקסטימלעכן שטייגער, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אינעם באַקאַנטן, האַרציקן פאָלקס־ווערטל: „מ׳עסט וואָס מען וויל, ווי מען וויל און ווען מען וויל“. די אייגנטימלעכקייט פון שבועות־יום־טוב איז אויך אַקצענטירט געוואָרן נישט נאָר דורך אויסלייגן די הייזער און בתי־מדרשים מיט מענגען גרינס, נאָר אויך אינעם קינסטלערישן טאַלאַנט פון מלמדים און תלמידים ביים קאָמבינירן פאַרשידנפאָרמיקע און פאַרשידנפאַרביקע אַזוי־גערופענע „רייזעלעך“, צו באַצירן די פענצטער פון די יידישע הייזער.

דעם יום־טוב האָבן אויך צוגעגעבן אַ טעם לשבח די מילכיקע מאכלים, צוליב וועלכע אַפילו די הייסעסטע חסידים האָבן דערלויבט אַביסל צו פאַרבייגן די שטרענגע דינים, וואָס זענען אַנגענומען אין שייכות מיט מילכיקס און פליישיקס.

## סוכות

אין אַ פריילעכער שטימונג איז אויך געפייערט געוואָרן דער סוכות־יום־טוב, אין וועלכן די יוגנט האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל. דעם ערשטן פלאָקן פאַר דער סוכה האָבן טאָקע די עלטערן אַריינגעקלאַפּט און דאָס נאָך אין מוצאי יום־כיפור, דאַקעגן דאָס אויסענדיקן און דעקאָרירן די סוכה האָבן שוין געמאַכט די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן אגב געזוכט איינער דעם אַנדערן איבערצושטייגן אין וואָס שענער זי אויספּוצן פון אינעווייניק.

כ׳וועל אַוודאי נישט איבערטרייבן זאָגנדיק, אַז דאָס דעקאָרירן די סוכות האָט געטראָגן ממש אַ קונסט־כאַראַקטער. שוין אַ היפּשע צייט פאַר סוכות פלעגן קינדער אויספּויעלן ביי די מאַמעס נישט צוצוברעכן די שאָלן פון די פאַרברויכטע אייער, נאָר אַרויסבלאָזן דעם אינהאַלט דורך אַ קליין שפּילקע־לעכל, כדי די אייער־שאָל זאָל בלייבן גאַנץ. פון וואַקס פלעגן די קינדער אויסאַרבעטן קעפּלעך און פיסלעך צום אייער־שאָל־קערפּער און נאָכן צוקלעבן, פון קאָלירטע פּאַפּיר, פליגעלעך און ווידלעך פלעגן זיך באַקומען „לעבעדיקע“ פייגעלעך. די דאָזיקע פייגעלעך זענען געוואָרן צוגעבונדן צום סכך פון דער סוכה און פלעגן זיך באַוועגן אין לייכטן הערבסט ווינטל.

אַחוץ דעם פלעגן די קינדער אויספּוצן די סוכות מיט שנורן אָנגעצויגענע קאַשטאַנעס, קרעלן א. אַ. וו., וואָס האָבן צוגעגעבן די סוכות אַ ספּעציעלן חן.

נישט יעדער איינער האָט זיך געקאָנט דערלויבן אויפצושטעלן אַן אייגענע סוכה. דעריבער פלעגן עטלעכע שכנים זיך צוזאַמענעמען און אויפשטעלן אַזעלכע מיט בשותפות׳דיקע כוחות און זיך משמח זיין בחברה אינעם שיינעם יום־טוב.

אגב, אין דעם צוזאַמענהאַנג איז כדאי צו דערמאָנען דאָס יידישע פאָלקס־ווערטל: „ווען עסט אַ פרוי גוט? — אין קימפּעט; ווען עסט אַ מאַן גוט? — אין דער סוכה; ווען עסןביידע גוט? — אויף אַ פרעמדער חתונה!”

## פּורים

פּורים האָט שוין געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. דאָס איז געווען אַ וואָכעדיקער יום־טוב, ווען ס׳האָט געפעלט די פייערלעכקייט און הייליקייט פון אַנדערע ימים־טובים, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן איסור פון אַרבעט און אַנדערע איסורים. דערפאַר האָט זיך דער יום־טוב אויסגעצייכנט מיט זיין פריילעכקייט, מיט אָראָפּוואַרפן פון זיך די ערנסטקייט און זאָרגען פון אַ גאַנץ יאָר. בעיקר האָבן גענאָסן פון פולער פרייהייט צו שטיפן, וויפל ס׳לאָזט זיך, די אַזויגערופענע „פאַרשטעלטע”, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעלאָזן מיטן פּזמון: „היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס, גיט מיר אַ גראָשן און לאָזט מיך אַרויס”. גאַנצע כאַליאַסטרעס פון יונגוואַרג פלעגן דעמאָלט זיך לאָזן איבער די הייזער, פאַרמאַסקירט און איבערגעקליידט אין אַלערליי משונה׳דיקסטע צורות, און באַקומענדיק זייער פּורים־געלט, נאָכן אָפּזינגען עטלעכע פּורים־לידער, זיך געלאָזן ווייטער אין וועג.

אינמיטן דער דאָזיקער זאָרגלאָזער הייטערקייט זענען אויך דערשינען די באַקאַנטע „פּורים־שפּילער”, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט „מכירת־יוסף”, די „קראַקאָווסקיע וועסעליע” א. אַ., אַרויסרופנדיק אַלגעמיינעם ביי פאַל.

אין יעדן הויז האָט מען געפּראַוועט די טראַדיציאָנעלע פּורים־סעודה, און משלוח־מנות זענען געשיקט געוואָרן צו כלי־קודש און פריינט מיט אַ ברייטער האַנט. כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן פאָלקס־כאַראַקטער איז געווען די וויכטיקע פילאַנטראָפּישע אַרבעט פון די מלמדים־פאָרלעך, וועלכע פלעגן, אין פּורים, זיך אַרויסלאָזן איבער די יידישע הייזער, כדי צו קלייבן געלט פאַר אָרעמע משפּחות אויף פּסח. אַפילו אין דעם זאָרגלאָזן עד־דלא־ידע׳דיקן פּורים־יום־טוב, האָבן די דאָזיקע יידן געדענקט מקיים צו זיין דעם שיינעם יידישן מנהג פון „מתן־בסתר” פאַר די, וועלכע האָבן אַליין זיך געשעמט אויסצושטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה.

## די שול און בתי־מדרשים

סטאַשעוו האָט פאַרמאָגט גאָר אַן אַלטע שול. אויף איר עלטער האָט עדות געזאָגט די ציגל־אויסגעטראָטענע פּאָסאַדסקע, אויף וועלכער ס׳זענען קענטיק געווען די סימנים פון דורות מתפּללים. זייער אָטעם און קדושה האָבן זיך ממש געפילט אינעם חלל פון דער הויך־געוועלבטער שול, וועמעס ווענט ס׳האָבן אין זיך איינגעזאַפּט די האַרציקע, אויפריכטיקע, מתיקות־דיקע, פילדורות׳דיקע תפילות.

די „מזרח”־וואַנט איז געווען אַ פּרעכטיק קונסטווערק, מיט אירע שיין־אויסגעאַרבעטע, פילפאַרביקע טירלעך און פענצטערלעך. די לעגענדע האָט געוווּסט צו דערציילן, אַז ביים עפענען דעם ארון־הקודש האָבן זיך אויך די לעצטע אויטאָמאַטיש געעפנט און אויסגעשפּילט פאַרשידענע מעלאָדיעס. פון מיינע צייטן ווייס איך, אַז די דערמאָנטע טירלעך און פענצטערלעך האָבן געבילדעט אַן אידעאַלן פּלאַץ פאַר פייגל־נעסטן, וועלכע האָבן אָפטמאָל אַרויסגעהאָלפן דעם שול־חזן, ר׳ יאָסעלע, מיט זייער פייגלשן כאָר.

די שול האָט אויך פאַרמאָגט אַ שיינעם „באַלעמער”, קינסטלעריש אויסגעאַרבעט, ווו ס׳האָט זיך געפונען אַ וואַנט־הענגנדיקע אַנטיטשנע קאַנאַפּע, גערופן: „אליהו הנביא׳ס שטול”. מ׳האָט דערציילט, אַז אין די אַלטע צייטן זענען דאָרט פאָרגעקומען די ברית־מילה׳ס פון ניי־געבוירענע קינדער.

אויף לאַנגע קייטן זענען געהאָנגען פיל הענגלייכטער, וועלכע האָבן אַרויסגערופן, בעת מ׳האָט זיי אַלע אָנגע־

צונדן לכבוד יום־טוב, אָן אומפאַרגעסלעכן רושם אויף אַלע דערבייאיקע. שבועות פלעגט די שול ווערן דעקאָרירט מיט גרינס און פרישע בערעזע־ביימלעך און שמחת־תורה — מיט אומצייליקע פענדלעך, וואָס האָבן אַ סך מוסיף געווען צו דער אימפּאָזאַנטער יום־טוב׳דיקער שטימונג.



עקיבא שמש ועוזרו מציבים מוטות־חופה — עקיבא שמש מיט זיין געהילף שטעלן חופה־שטאַנגען.

אַנטקעגן דער שול האָט זיך געפונען דאָס גרויסע בית־המדרש. דער ענגער פּלאַץ צווישן דעם בית־המדרש און שול האָט געדינט פאַר חופות. סיי אַרעם און סיי רייך האָבן דאָ געפּראַוועט זייערע חתונות אונטערן פרייען הימל. דאָס „גאַנצע שטעטל" פלעגט זיך משמח זיין אין יעדער חתונה, אַפילו אומגעבעטענערהייט, כדי מקיים צו זיין די מצווה פון „הכנסת כלה".

צווערשט פלעגט אָנקומען דער חתן מיט זיינע „אונטערפירער", באַגלייט פון די פאַרויסגייענדיקע כלי־זמרים. גלייך פלעגט זיך באַווייזן די כלה אין באַגלייטונג פון מחותנים און פריינט. האַלטנדיק פילפאַרביקע, אָנגעצונדענע ליכטעלעך אין די הענט. אויך פאַר דער כלה האָבן די כלי־זמרים מאַרשירט בראש. ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט פלעגט דער רב, אָדער דער מורה־הוראה, אָפּריכטן די חתונה־צערעמאָניע און דערנאָך האָבן די כלי־זמרים באַגלייט דאָס יונגע פּאָר און די געסט מיט אַ פריילעכן „חתן־כלה האָט דאָך חתונה".

סטאַשעווער כלי־זמרים זענען געווען אַ שם־דבר אין דער גאַנצער סביבה. דער הויפּט־קינסטלער אין נגינה איז געווען ר' ישראל בער מיט דער געדיכטער שוואַרצער באָרד. ר' ישראל בער מיט זיינע זין האָבן געהערט צו דער מוזיקאַלישער משפחה אין שטעטל. דער באַגאַבטעסטער פון אַלע זיינע קינדער איז געווען רפאל, וועמעס מוזיקאַלישער רום ס'האָט זיך אויסגעשפרייט ווייט־ווייט איבער סטאַשעוו, און וועלכער איז טאַקע שפּעטער אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס ערשטער פידלער אין ווינער און בערלינער אָרקעסטערס.

סטאַשעוו האָט אויך פאַרמאָגט אַ באַוווּסטן בדחן — ר' טוביה מאַרשאַלעק, אַ ייד אַ בן־תורה און אַ חסיד. ר' טוביה האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אימפּראָוויזירן פערזן און לידער אין גראַמען און צוזאַמענשטעלן אַלערליי גימטריאות אין אויגנבליק. זיינע צוהערער זענען זייער אָפט געוואָרן איבעראַשט נישט נאָר פון זיין למדנות, נאָר אויך פון זיינע וועלטלעכע קענטענישן, וואָס זענען באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק אויף פריצישע חתונות, צו וועלכע ער איז נישט איינמאָל איינגעלאַדן געוואָרן.

אין סטאַשעוו האָבן עקזיסטירט 2 בתי־מדרשים: איינער, דער גרויסער, האָט זיך געפונען אין דער שול־גאַס, און דער צווייטער — אין דער דאַלנע־ריטווינער גאַס. דער גרויסער בית־המדרש האָט געדינט, סיי פאַר דאַווענען, סיי פאַר לערנען. צו די ערשטע „מנינים", אין פריען באַגינען, פלעגן שוין קומען די בעלי־מלאכות אָדער די, וועלכע האָבן באַדאַרפט אָפּפאָרן אין זייערע געשעפטלעכע ענינים.

דאַקעגן אין די שפּעטערדיקע „מנינים" האָבן געדאַוונט די באַלעבאַטים און חסידים, וועלכע האָבן זיך נוהג געווען פאַרן דאַוונען זיך אַוועקצוזעצן לערנען אַ בלאַט גמרא. דאָס לערנען האָט זיך געצויגן פון די פרימאָרגן שעה'ן ביז אין דער טיפער נאַכט, און דאָנער־

שטיק פלעגן יידן אַפילו עוסק זיין אין לערנען אַ גאַנצע נאַכט.

מיט התלהבות האָט מען אויך געלערנט אין צווייטן בית־המדרש. די לערנער אין די בתי־מדרשים זענען געווען יונגע בחורים׳לעך, אין עלטער פון 14—15 יאָר הויפּטזעכלעך. ס׳זענען אָבער אויך געווען לערנער עלטערע בחורים און יונגעלייט, וועלכע זענען געזעסן על התורה ועל העבודה, אַזוי אַז דער אַנגענעם־מתיקות־דיקער גמרא־ניגון האָט כמעט קיינמאָל נישט אויפגעהערט.

אין סטאַשעוו איז געווען פאַרשפּרייט אַ נעץ פון פאַרשידענע חסידים־שטיבלעך, ווי דאָס גערער שטיבל, דאָס טריסקער שטיבל, מ׳האָט עס אויך גערופן דאָס דאָמבראָווער אָדער קוזמירער שטיבל, ווו ס׳האָבן געדאַווענט דעם רבין ר׳ מאָטעלע׳ס חסידים. אגב, האָט דער לעצטער, צוליב אַ מסירה געמוזט אַנטלויפן קיין גאַליציע.

אַחוץ די אויביקע האָבן זיך אויך געפונען דאָס ראַזוואַדאָווער שטיבל, דאָס פּאָקשעוויניצער־אָזשערעווער שטיבל, דאָס ניישטעטער שטיבל און דאָס קראָקעווער, פון רבין ר׳ אשר׳לס חסידים. דאָס לעצטע שטיבל האָט געהערט צו די „האַלב־אינטעליגענטן" פון שטעטל.

דער רבי אַליין, אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, איז געווען אַ היינט־וועלטיקער, וועלכער האָט זיך אגב גוט פאַרשטאַנען אויף מעדיצין און פלעגט פאַרשרייבן רעצעפּטן, וועלכע די קראָקעווער אַפּטייקן פלעגן האָנאָרירן.

אַ באַזונדערן אָרט האָבן פאַרנומען די אַזויגערופענע „מנינים", ווי, למשל, פון רבין ר׳ אברהמ׳לע, פון רבי מרדכי׳לע א. אַ. ס׳האָבן זיך אויך געפונען קליינע גרופּן חסידים, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט דערלויבן אויף אַן אייגן שטיבל און פלעגן דאַווענען אין קליינעם בית־המדרש אויף דער ריטווינער גאַס, און דעריבער האָט מען דעם לעצטן גערופן: דער חסידישער בית־המדרש. אין שטעטל האָבן אויך געלעבט 3 כענטשינער חסידים: ר׳ בערל דודס, אלי בלום און דער ראַדזינער חסיד מיט די בלויע ציציות — חיים נטע ערליכמאַן.

די סטאַשעווער רביים האָבן קיין חסידים נישט געהאָט. אָבער די פּשוט׳ע סטאַשעווער עמך, און די דאָרפס־יידן פון דער סביבה, האָבן ליב געהאַט די דאָזיקע ר׳ביים און אין אַן עת־צרה געקומען צו זיי זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, געפונענדיק אַ טרייסט אין רבינ׳ס אַ גוט וואָרט און גלויבנדיק, באמונה שלמה, אינעם רוחניות׳דיקן כוח פון רבין און זיינע זכות־אבות.

וויפיל מופתים די סטאַשעווער רביים האָבן באַוויזן איז מיר נישט באַקאַנט. אָבער דאָס פירן בעל־הבתי׳שע הייזער און אויסגעבן זייערע קינדער מיט שיינע נדנים, דאָס אַליין, — גלייב איך, — איז געווען דער גרעסטער מופת!

## מלמדים אין שטעטל

פון דערציאונגס־שטאַנדפּונקט איז דאָס מלמדות געווען אַ חשוב׳ע באַשעפטיקונג ביי יידן. די דאָזיקע מענטשן האָבן דאָך געגעבן די ערשטע, עלעמענטאַרסטע יסודות פון יידישקייט, לויטן טראַדיציאָנעלן, פון דורות פעסטגעלייגטן, סדר.

די לערן־באַדינגונגען זענען אָבער דעמאָלט געווען פרימיטיווע און געשטאַנען אויף אַ גאָר נידעריקער מדרגה. דער „חדר", ווי דער לערן־אָרט פון די יונגע תלמידים, איז אין רוב פאַלן געווען נאָר אַ ווינקל אין הויז פון מלמד, ווו ער אַליין האָט געוווינט אין גרויס דחקות און ענגשאַפט, און אַן די עלעמענטאַרסטע היגיענישע באַדינגונגען.

די מלמדים אַליין זענען, על־פּי־רוב, נישט געווען צופרידן פון זייער באַשטימונג. זיי זענען געווען אַנטוישט און פאַרביטערט, ווייל זייער אַרבעט איז נישט געווען אַנטשפּר׳עכיק אָפּגעשאַצט און באַצאָלט. דאָס באַקאַנטע ווערטל: „ווער ס׳איז נישט מצליח אַלס סוחר — ווערט אַ מלמד", האָט בולט אילוסטרירט זייער מצב. דערפון האָט אויך געשטאַמט דער ווידערווילן פון די מלמדים צו זייערע תלמידים, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין מלמד׳ישן ווערטל: „וואָס איז דער אונטערשיד צווישן אַ האַלץ־העקער און אַ מלמד? ווען אַ האַלץ־העקער קריגט צו נאָך אַ גוי, ווערט אים גרינגער, אָבער אַז אַ מלמד קריגט צו נאָך אַ גוי — ווערט אים שווערער".

דער סדר הלימוד איז געווען אַ כאַאָטישער, סיסטעם־לאָז. דעם וויכטיקסטן פּלאַץ האָט פאַרנומען דער פּלפּול. מ'האָט מער געלערנט פון אויסווייניק ווי פון אינעווייניק. און אַ גוטער, איבעראַל־געשעצטער תלמיד איז געווען דער, וואָס האָט געקאָנט מיט מער חריפות אויפשטעלן פּלפּול'יסטישע לופט־שלעסער און פאַרענטפערן מכלומרשטע סתירות, וואָס האָבן אין דער־אמת'ן גאָרנישט עקזיסטירט.

דער ערשטער דרדקי־מלמד איז געווען ר' מאיר. די חומש און גמרא־מלמדים זענען געווען משה יחיאל, שמואל מאָקרע, משה אבא, הערשל קירישער, הערשל וויסליצער, פּיוול, יצחק, דער בלינדער בעריש, חיים־יאָסל שוואַקסמאַכער, הערשל קאַרש, נתן דוד סאַליאַזש, שימעלע, יענקל יחיאל ברוכ'ס און הערשל קאַרעז־וואנקער. ביים לעצטן, וועלכער האָט גע'שמ'ט אַלס גרויסער למדן, האָבן געלערנט די נגידישע קינדער — כמעט ביז צו דער חתונה.

דאָס לערנען אין „חדר" האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ פרי און זיך געענדיקט שפּעט אין אָוונט. ווינטער־צייט, אין די פינצטערע נעכט, פלעגן די יונגע תלמידים מיטברענגען לאַמטערנעס, כדי צוזען אַהיימצוגיין דורך די אומבאַלויכטענע גאַסן, וואָס האָבן געשראָקן די קינדערשע נשמות. יעדעס קינד האָט אויך באַדאַרפט, יעדע וואָך, מיטברענגען אַ ליכט אָדער אַ „קאָפּיקע" אין חדר אַריין, כדי אָנטיילצונעמען אין די באַלייכטונגס־הוצאות פונעם רבין. אגב, פונעם שטענדיקן שטאָפּן די תלמידים מיט אויסטערלישע מעשיות וועגן שדים און רוחות, האָבן די קינדער מער „געוווּסט" פון גיהנום, ווי פון דער רעאַלער וועלט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט.

דאָס קינד איז געווען צוגעבונדן צום „חדר" כמעט די גאַנצע 7 טעג אין דער וואָך. אַפילו שבת פלעגט דער תלמיד מוזן צוריקגיין אין חדר אַריין, כדי צוזאָגן „פּרק" אין זומער אָדער „ברכי־נפשי" אין ווינטער. אָפטמאָל האָט נאָך דער פאָטער געלערנט מיטן יונגן קינד אַ שטיקל „מדר'ש", אָדער געלייענט פון אַ חסידישן ספר, ווי „קדושת־לוי", „תפארת־יהונתן" א. אַ. וו.

שבת איז אויך געווען אַ מנהג צו „פאַרהערן" די תלמידים ביי באַקאַנטע לומדים אין שטעטל, אָדער ביי ניי־אָנגעקומענע „איידעמלעך אויף קעסט". איז דער „פאַרהערער" געווען אַ גוטמוטיקער מענטש, האָט ער דעם תלמיד אויסגעהערט רואיק, דערמוטיקנדיק אים אין זיין לערנען. ס'זענען אָבער אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט, כדי אַרויסצווייזן זייער אייגענע גרויסע חכמה, שטעלנדיק דעם יונגן קינד אַזעלכע קלאָץ־קשיות, פון וועלכע דאָס צעטומלטע קינד האָט נעבעך נישט געוווּסט ווו אַריין און ווו אַרויס.

אַ געוויסע פאַרגיטיקונג, כאָטש נישט קיין גענוגנדיקע, פונעם שווערן, ערנסטן לערן־רעזשים, האָבן די קינדער באַקומען אין די 2 פרייִלעכע ימים־טובים: ל"ג בעומר און חנוכה.

ל"ג בעומר פלעגן די תלמידים, מיטן מלמד בראש, מיט הילצערנע שווערדלעך און פענדלעך, זיך אַרויסלאָזן אין וואַלד אַריין, פאַרברענגנדיק פריי אין שויס פון דער פּרעכטיקער נאַטור. חנוכה ווידער פלעגן די תלמידים, מיט דער בפירוש'ער דערלויבעניש פון רבין, וועלכער האָט בכוונה אַביסל פאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען, — שפּילן אין דריידלעך, עסן לאַטקעס און געניסן מיט הנאה פונעם באַקומענעם „חנוכה־געלט". אינגאַנצן פריי פון לערנען, זענען די תלמידים געווען אין דער אַזויגערופענער „ניטל־נאַכט", להכעיס דעם „אותו האיש" (ישו), וועלכער קאָן נאָך חלילה דורכן לערנען קריגן אַ „תיקון". ס'איז אָנצונעמען, אַז די אמת'ע סיבה פון איבעררייסן דאָס לערנען אין די וויי־נאַכטן איז געווען דער פחד פאַר פּאָגראָמען, וואָס כוליגאַנעס פלעגן אויספירן איבער יידן אין דער נאַכט פון „דערשיינען פון ישו" — און אַרויסשיקן יידישע קינדער אין אַזאַ אָוונט איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות.

ווי שוין דערמאָנט זענען די מלמדים געווען מרי־נפש און זיך נישט אויסגעצייכנט מיט צופיל ליבשאַפט צו זייער פאַך. ס'זענען אָבער אויך געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זענען דווקא געווען צוגעבונדן צו זייער פּראָפעסיע און ליב געהאַט די תלמידים אהבת־נפש. צו דער קאַטעגאָריע האָט געהערט ר' נתן דוד מלמד. דער לעצטער האָט איינגעפלאַנצט אין די הערצלעך פון זיינע

יונגע תלמידים אומבאַגרענעצטע אהבת־ישראל און ליבשאַפט צו ארץ־ישראל. אין תשעה־באב פלעגט ער, שעה׳ן־לאַנג, זיצן מיט די קינדער, דערציילנדיק זיי וועגן חורבן בית־המקדש, וועגן די עשרת הרוגי־מלכות און מיט די קינדער צוזאַמען וויינען אויפן קול אויפן חורבן פון פאָלק און לאַנד.

## כלי־קודש

מיטן רעליגיעזן לעבן פון דער סטאַשעווער יידישער קהילה האָבן אָנגעפירט אַ רב און אַ מורה־הוראה. ביי דער קהילה זענען אויך געווען אָנגעשטעלט 2 חזנים: אין דער שול — ר׳ יאָסעלע חזן און אין גרויסן בית־המדרש — ר׳ משה לייב. קיין גרויסע עמוד־קינסטלער זענען זיי טאַקע נישט געווען, אָבער דעם חסרון האָבן זיי משלים געווען דורך יראת־שמים. אַלס שמשים זענען געווען אָנגעשטעלט אברהמ׳ל און שפּעטער זיין איידעם, עקיבא, דער צווייטער שמש איז געווען ר׳ אהרון, וועלכער האָט באַדינט דעם חסידישן בית־המדרש.

די שווערסטע און אַמוויניקסטן דאַנקבאַרע איז געווען די אַרבעט פונעם שמש. ער איז געווען אַלעמענס באַדינער, ממש פון דער געבורט ביזן קבר. ער האָט באַדאַרפט אויספירן אַלערליי אַרבעטן פון דער קהילה און אויך געמוזט אָפּהיטן די ריינקייט אין בית־המדרש. די לעצטע אויפגאַבע איז לגמרי נישט געווען קיין לייכטע, ווייל דאָס בית־המדרש האָט געדינט נישט בלויז ווי אַ מקום־תפילה, נאָר אויך אַלס אַ פּלאַץ פאַר היימלאָזע און סתם אָרעמעלייט.

דער שמש איז אויך געווען פאַרפליכטעט צו באַזאָרגן פרעמדע „מדינה־גייער״ מיט קעסט אויף שבת; קלאַפּן יעדן פרימאָרגן אין שול אַריין; באַזאָרגן קימפּעטאָרינס מיט „שיר־המעלות״־צעטלען; אָפּפירן קינדער צו די דרדקי־מלמדים; אָפּהיטן די אָרדנונג אויף חתונות און באַזייטיקן אומגעבעטענע געסט; באַזאָרגן די בעלי־בתים מיט אתרוג־בענטשן; באַגלייטן דעם „דאזאר״, בעתן פירן די יידישע פריזיוויניקעס צו די לאָסאָוואַניעס קיין צוויזמער; באַשטעלן די חברה־קדישא ביי טויט־פאַלן; בייזיין בעת דער קבורה און נאָך און נאָך.

טראָץ דער שווערער און אומדאַנקבאַרער אַרבעט — האָט דער שמש געלעבט אַן אָרעמען לעבן, ממש אין גרויס דחקות.

## די השכלה־תקופה

די השכלה־ווינטן האָבן מיט דער צייט אויך דער־גרייכט סטאַשעוו. די ערשטע, וועלכע האָבן פאַרזוכט אַריינצוברענגען „מייפיפיתו של יפת באהלי־שם״ — האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן, לאַנגדויערנדיקן פאַרביטערטן קאַמף מיט דער דעמאָלסדיקער, פאַנאַטיש־רעליגיעזער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך מיט אַן אַבסאָלוטער קעגנערשאַפט באַצויגן צו אַלץ וואָס איז ניי.

מיט ריקזיכטסלאָזער שאַרפקייט האָבן עלטערן באַ־קעמפט זייערע פאַרדעכטיקטע קינדער, און די גאַנצע עדה האָט פיינטלעך געקוקט אויף אַלע די, וועלכע האָבן געוואַגט עטוואָס צו מאָדערניזירן דאָס אַזוי צוריקגעשטאַנענע יידישע לעבן.

דער ערשטער יידישער משכיל אין שטעטל איז געווען — ר׳ ישראל הערש ראָזנצווייג, גערופן דער סטאַפּניצער. ר׳ ישראל הערש האָט שוין דעמאָלט פאַרמאָגט אַ גרויסע ביבליאָטעק, מיט דער גאַנצער השכלה־ליטעראַטור פון יענער צייט. ווען די ביבליאָטעק איז איינמאָל אַוועק מיטן רויך, האָט ס׳שטעטל דאָס געהאַלטן פאַר אַן „אצבע־אלוקים״, אַ שטראָף פאַר דער אפּיקורסות פון אייגנטימער. ווי אַנדערע משכילים אין זיין צייט, האָט אויך ר׳ ישראל הערש געהאַט אויס־צושטיין די שאַרפסטע פאַרפאָלגונגען פון דער איבער־וויגנדיקער מערהייט אין שטעטל. אָבער זיין מסירות־נפש און עקשנות פאַר די נייע אידייען, זענען אים בייגעשטאַנען, און די ערשטע קערנער, וואָס ער האָט פאַרזייט צווישן דער דעמאָלסדיקער יוגנט, האָבן מיט דער צייט געגעבן פּרוכטן. דער ערשטער משכיל איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געשיקט זיין זון קיין וואַרשע לערנען אַ פאַך. אַזאַ שריט אין יענער צייט האָט ממש באַדייט אַן איבערקערעניש אין די, פון דורות איינגעוואורצלטע, יידישע באַגריפן וועגן ייחוס און ביטול׳דיקער באַציאונג צו מלאכה.

אַ צווייטער איינפלוסרייכער משכיל אין שטעטל — שוין פון יונגערן דור — איז געווען הערש לייב דייטלבוים, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן: הערש לייב זלמנ׳ס (לעבט אין קרית חיים, אין ישראל), וועלכער איז געווען אַ גרויסער בקי אין דער העברעאישער, רוסישער, פוילישער און דייטשער ליטעראַטורן. נישט קאָנענדיק רעאַליזירן זיין שטרעבונג צו שטודירן אינעם אַנטיסעמיטישן רוסלאַנד, איז ער, מיט פירשט ראַדזשיוויל׳ס הילף, וועלכער האָט שטאַרק געשעצט זיינע פעאיקייטן, געפאָרן שטודירן קיין דייטשלאַנד, מיט זיינע נייצייטיקע אידייען און שטרעבונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ גינסטיקן אָפקלאַנג אין שטעטל, האָט ער באַזונדערס באַאיינפלוסט זיין יונגסטע שוועסטער פערל און זיין ברודער משה׳ל דייטלבוים. דער לעצטער האָט אגב, נישט זוכנדיק קיין פערזענלעכן נוצן, געווידמעט אַלע זיינע גייסטיקע ווי פיזישע כוחות דער רעוואָלוציע פון 1904—1905 און געהערט צו די גרינדער פון דער „בונד״־באַוועגונג אין שטעטל.

אַן אַנדערער משכיל אין שטעטל איז געווען אברהם יאסל ראָטנבערג, אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן מיט אַן עילוי׳שן מוח.

כדי אַרויסצושלאָגן פון זיין קאָפּ די „השכלה־נאַרישקייטן״ האָבן אים זיינע עלטערן פרי חתונה געמאַכט. פאַרלירנדיק אַזוי־אַרום די מעגלעכקייט צו רעאַליזירן זיין יוגנט־טרוים און ווערן אַ דאָקטער איז ער טאַקע געוואָרן אַ פאָטאָגראַפיסט, אָבער גלייכ־צייטיק האָט ער, ווי אַן אויטאָדידאַקט, אַליין שטודירט מעדיצינישע ליטעראַטור — אַ געווויסע צייט האָט ער אויך געלערנט אין וואַרשע — ביז ער איז געוואָרן אַן ערנסטער קאָנקורענט צו די אָרטיקע פעלדשערס, ווי ר׳ חיימל ריי און ר׳ בעריש הײמאַן, ווי אויך פון ד״ר קאַרבאָווניצקי.

נאָך אַ משכיל מיטן נאָמען לייבעלע זילע׳ס איז געווען באַקאַנט אין שטעטל, אָבער דער איז געווען אַ אין־זיך פאַרשלאָסענער מענטש, און מ׳האָט וועגן אים קיינמאָל קיין סך נישט געהערט.

מיטן אָנקום פון 20־סטן יאָרהונדערט האָט זיך די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לאַגע אין שטעטל געענדערט נישט צום דערקענען. די ידישע יוגנט האָט געפיבערט מיט נייע אידעאַלן, וועלכע האָבן אַרומגע־כאַפּט די גרויסע רוסישע מדינה. די רוסישע מיליטע־רישע מפּלה, אינעם קריג מיט די יאַפּאַנער, האָט נאָכמער פאַרשטאַרקט די, אַזוי אויך טיף פאַרוואָרצלטע, רעוואָלוציאָנערע דראַנגען פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער און קלאַסן אין רוסלאַנד. אויף אַ ספּעציעל גינסטיקן באָדן האָבן זיך די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע נטיות אָנגעטראָפן ביי די פאַגראָמירטע ידן. האָבן טאַקע דער ציוניזם און בונדיזם איבעראַל געבליט.

די אָנגעזאַמעלטע פאַרביטערונג פון דורות־לאַנגע שיקאַנעס און פסיכישער דערנידעריקונג האָט באַקומען איר אויסדרוק אין די ספּאָנטאַן־געשאַפענע פאָלקס־לידער, אין וועלכע מ׳האָט אָפּגעשפּאָט פון די גרויסע, מיט מעדאַלען באַהאָנגענע, רוסישע גענעראַלען, וועלכע זענען געווען גרויסע בריה׳ס צו פאָגראָמירן שוצלאָזע פרויען און קינדער — און אַליין אַנטלאָפן ווי די האָזן פאַר די קליינע יאַפּאַנער. דער דאָזיקער מצב האָט אומגעהויער געווירקט אויף דער פאַרטיפונג פונעם ידישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און „שיבת־ציון״ באַוועגונג אין שטעטל.

אויך אין שייכות פון אויסנוצן די רעוואָלוציע פאַר די אָרטיקע, שטאָטישע אינטערעסן, איז סטאַשעוו נישט אָפּגעשטאַנען פון אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן. איגנאָרירנדיק אינגאַנצן די רוסישע פּאָליציי, בורמיסטזש און מאַגיסטראַט, האָבן ידן, צוזאַמען מיט פּאָליאַקן, איבערגענומען די אָנפירערשאַפט אין שטעטל, אויפשטעלנדיק אַ פאָלקס־געריכט, אין וועלכן ס׳זענען געווען פאַרטראָטן די שענסטע שטעטל׳דיקע באַלע־באַטים פוןביידע נאַציאָנאַליטעטן. דאָס געריכט האָט געקעמפט קעגן דער קאָרופּציע פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט — צוליב פּאָליטישע טעמים — פאַרדעקט פיל פאַרברעכנס. דער שאַרפסטער אורטייל איז אַרויס־געטראָגן געוואָרן קעגן דעם שכנות׳דיקן דערפל פּאָטשאַסקע, וואָס איז „באַרימט״ געווען מיט אירע גנבים, וועלכע האָבן גאַסטראָלירט אין דער גאַנצער סביבה. דאָס דערפל איז, לויטן אורטייל, אונטערגעצונדן און אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. אַזוי זענען אויך

אויסגערוימט געוואָרן אַלע אַנדערע נעסטן, וואָס האָבן זיך קונה־שם געווען מיט זייערע שלעכטע מעשים. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין קאָמישע קוריאָזן. צווישן אַנדערע, ווען אַ מיטגליד פון יידישן פאָלקס־קאָמיטעט, וועלכער האָט אַליין אום׳ברחמנות׳דיק באַקעמפט די אַנטדעקטע גנבים, איז נכשל געוואָרן מיט נישט קיין כשר׳ע מעשים.

אין דער צייט איז די גאַנצע סטאַשעווער פּאָליציי פאַרשוווּנדן געוואָרן, בעת די רוסישע סאָלדאַטן זענען געוואָרן אָפּגעשלאָסן אין זייערע קאַזאַרמעס אויפן פּאָלוואַרק, נישט וואַגנדיק זיך צו ווייזן אין די גאַסן.

די פרייע פרילינגס־טעג נאָך דער רעוואָלוציע האָבן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די סטאַשעווער „זעלבסט־רעגירונג״ האָט נישט זוכה געווען צו אריכות־ימים. נאָך דער מפּלה קעגן יאַפּאַן האָט די רוסישע רעאַקציאָנערע מאַכט גענומען דערטרינקען אין בלוט יעדע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. אַממייסטן איז איר צאָרן געוואָנדן געוואָרן קעגן יידן, און פּאָגראָמען זענען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אין יענע שווערע טעג איז געבוירן געוואָרן די יידישע „סאַמאָ־אָבראָנע״, זעלבסטשוץ.

ווען קיין סטאַשעוו האָט זיך דערטראָגן דער קלאַנג, אַז די פון דער רעגירונג אָרגאַניזירטע באַנדעס, די „שוואַרצע־מאה״ („טשאַרנאַ־סאָטניאַ״), גרייטן זיך צו פּאָגראָמירן סטאַשעוו, האָט זיך די שטעטלדיקע יידישע „זעלבסטשוץ״ אָנגעהויבן גרייטן, כדי אָפּצושלאָגן דעם אָנגריף. די הויפּט־באַראַטונג וועגן ווידערשטאַנד איז פאָרגעקומען אין גרויסן בית־המדרש, ווו ס׳איז גלייך רעגיסטרירט געוואָרן יעדער, וואָס פאַרמאָגט געווער. ביי דער געלעגנהייט האָט זיך עזריאל אייזנקרעמער פאַרפליכטעט צו שאַפן קאַלט געווער פאַר אַלע וואָלאָנטערן.

אינצווישן איז די, אויף אַ ווייל פאַרשוווּנדענע, פּאָליציי צוריק געוואָרן טעטיק. זי האָט אָנגעהויבן אויספאָרשן די, וועלכע האָבן אָנגעהערט צו דער נייער שטעטלדיקער זעלבסט־פאַרוואַלטונג. פאַרשטייט זיך, אַז די פאַרמעגלעכע האָבן זיך ווי ס׳איז אַרויסגעדרייט פון שטראָף; ווער ס׳האָט געקאָנט איז אַנטלאָפן; דאַקעגן די אַנדערע — זענען געגאַנגען הינטער די קראַטן.

מיטן פאַרשאַרפן זיך פונעם דרוק פון דער מלוכה־שער אַדמיניסטראַציע קעגנאיבער דער רעוואָלטירנדיקער באַפעלקערונג בכלל און כלפּי דער יידישער בפרט — האָט די שטעטלדיקע יידישע יוגנט דערפילט, אַז דער באָדן הייבט אָן ברענען אונטער די פיס און אויסגענוצט יעדע מעגלעכקייט, כדי עוקר צו זיין פון שטעטל.

דער ערשטער, וועלכער האָט פאַרלאָזן סטאַשעוו און אַוועק קיין אַמעריקע איז געווען הערשל, רחל דער בעקערינס, וועלכער האָט דאָרט, ביי די שווערסטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, שטודירט יורי; וואָלף בולוואַ איז געפאָרן קיין וואַרשע און שטודירט מעדיצין; אויך ישׂראל׳קע, עמנואל׳ס שוואָגער, איז, נאָכן באַפרייען זיך פון צוויזמערער תפיסה, ווו ער איז געזעסן פאַר פּאָליטישער טעטיקייט, אַוועק קיין וואַרשע, שטודירנדיק דאָרט מוזיק; שיינדל, די טאָכטער פון מאַטיס פרידמאַן, האָט, קעגן ווילן פון אירע רייכע עלטערן, זיך געלאָזן אין זעלבן וועג און געלערנט דענטיסטיק; מאיר פעפער, דער זון פון גרשון פעדערהענדלער, האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, געענדיקט דאָרט מעדיצין און געהאַט גרויסן דערפאָלג. אַ חשובן אָרט פאַרנעמט אין אַמעריקע דער סטאַשעווער דוד איידלסבערג, דער גוטער העברעער און זשורנאַליסט אין דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע.

אָט די זענען בלויז עטלעכע געציילטע, שטעטלדיקע באַן־ברעכער, וועלכע האָבן געפלאַסטערט דעם וועג פאַר דער באַשיידענער, דענקנדיקער סטאַשעווער יידישער יוגנט — די יוגנט, וועלכע האָט מיטן פולן ערנסט אויפגענומען און טיילווייז אויך געפּרוּווט פאַרווירקלעכן, סיי די נאַציאָנאַל־יידישע אידעאַלן, סיי אירע וועלטלעך־סאָציאַלע.

## די שטאָט־ביבליאָטעק

די ביבליאָטעק איז נישט געווען בלויז אַ צאָל געזאַמלטע ביכער אין איין פּלאַץ, נאָר אַ באַגריף פון אַ קולטורעלן צענטער, וואָס האָט באַדינט די נאָך וויסן דורשטיקע יוגנט. סטאַשעווער יוגנט האָט מיט התלהבות

געטרונקען פון דעם נייעם קוואַל, מיט דער אויסדריקלע־כער כוונה אַרויסצורייסן זיך פון דער ענגער געטאָ־סביבה, מיט אירע קהל׳שע קליינלעכע ענינים און פאַרייניקן זיך — ווייניקסטנס אין געדאַנק — מיט די גייסטיק־אידייאישע פּראָבלעמען פון דער נייער צייט.

דער יסוד פאַר דער שטעטלדיקער ביבליאָטעק איז געלייגט געוואָרן דורך אַ ייִדישן סאָלדאַט, וועלכער האָט געדינט אין סטאַשעווער פּולק און געזאַמלט אַ גרע־סערע געלט־סומע, כדי איינצוקויפן די ערשטע ביכער. אגב, די ביבליאָטעק איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער פּריוואַטער וווינונג פון עמנואל׳ס שוואָגער. די אידיליע האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין סטאַשעוו האָבן נישט געפעלט קיין מענטשן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט און נישט געקאָנט טאָלערירן אַזאַ טריפה־פּסול סחורה, וואָס איז עלול געווען צו „פאַר־סמ׳ען" די מוחות פון דער יוגנט און זי אָפּווענדן פון עם טראַדיציאָנעל־אויסגעטראָטענעם וועג. און די האָבן אויפגעצווונגען די ביבליאָטעק־טויער זי אויפצוגעבן. מ׳מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז די מענטשן האָבן זיך אונטערגעגעבן, נישט אַזוי צוליב די שיקאַנעס מצד די רעליגיעזע קרייזן, נאָר בעיקר אונטערן דרוק פון דער רוסישער רעגירונג, וועלכע האָט פאַרבאָטן צו לייענען „רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור". פון דעמאָלט אָן איז די ביבליאָטעק געוואָרן קאָנספּיראַטיוו און איז אויס־באַהאַלטן געוואָרן אין אַ געהיימען אָרט. בראש פון דער ביבליאָטעק זענען געשטאַנען: נתן נוסבוים, הערשעלע רחל׳עס, יענקל טוכמאַן, הערשל פאַמעראַנצ־בלום און מרדכי גענענדלס.

די פאַרוואַלטונג האָט אַריינגעלייגט אַ סך מי צו פאַרגרעסערן די ביבליאָטעק און דערמעגלעכן די יוגנט צו באַקומען די נייסטע ביכער. יעדעס נײַ־דערוואָרבענע בוך האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע שמחה און באַדייט אַ געשעעניש צווישן דעם לייענער־קרייז.

די ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט בעיקר העברעאישע, ייִדישע, רוסישע און זייער ווייניק פּוילישע ביכער, צוליב דער שוואַכער נאָכפראַגע נאָך ביכער אין דער דאָזיקער שפּראַך.

אין אַ געוויסן מאָמענט זענען אָנטשטאַנען אומדערוואַרטע שטערונגען קעגן דער ביבליאָטעק מצד דעם בונד". משה׳לע זלמנ׳ס, מיטן דענטיסט׳ס שוואָגער, אגב, נישט קיין סטאַשעווער, האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף איבערצונעמען די ביבליאָטעק צו זייער דיספּאָזיציע.

דאָס אויסצומיידן האָט די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו גרינדן אַ פּועלי־ציוניסטישע פּאַרטיי, כדי אָנצושליסן אָן איר די ביבליאָטעק.

די פאַרוואַלטונג האָט זיך דרינגנד געוואָנדן צו הערשעלע, רחל׳ע די בעקערינס, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין וואַרשע און געבעטן אים אַריינ־צושיקן אַ פּועלי־ציוניסטישן רעפערענט. באַלד איז אַראָפּגעקומען אַ יונגער בחור מיט לאַנגע האָר, אָנגעטון אין אַ רויטער רובאַשקע מיט אַ טראָלדז איבער די הויזן. דער בחור, מיטן נאָמען יצחקי, האָט זיך איינ־קוואַרטירט ביי פיניע גאַסטהייזער.

אַ רוסישער זשאַנדאַרם האָט גלייך „באַזוכט" דעם וואַרשעווער גאַסט, פאָדערנדיק פון אים אַ פּאַספּאָרט. אַ דאַנק אַ שיינער מטבע, איז דער ענין באַלד דערליי־דיקט געוואָרן.

דער פּועלי־ציוניסטישער גאַסט האָט אַרויסגערופן די אָרטיקע בונדיסטן אויף אַ „דעבאַטע". די בונדיסטישע פירער פונעם שטעטל האָבן זיך דערשראָקן פאַרן נסיון און אויף גיך אַרויסגעפאָדערט צו הילף אַ באַקאַנטע בינדיסטין פון ראַדעם. די דעבאַטע איז פאָרגעקומען אויף אַ געהיימען אָרט און יעדער צד האָט געמאַכט די מאַקסימאַלסטע אָנשטרענגונגען איבערצוצייגן דעם צווייטן צד, אַז ער, און נאָר ער, וועט ברענגען די גאולה פאַרן ייִדישן פאָלק און אויפן אַרבעטער־קלאַס.

---

סטאַשעוו האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר ערנסטער, דענקנדיקער און אמת־זוכנדיקער ייִדישער יוגנט. אַפילו די קעסט־איידעמלעך, אָפּשטאַמיקע פון צוריקגעשטאַ־נענע שטעטלעך — זענען, נאָך אַ קורצער צייט, אָנגעשטעקט געוואָרן פון די יונגע, אָרטיקע בתטאַרן, וועלכע האָבן אויפגעהויבן אַ צוויי־פראָנטיקן קאַמף, סיי קעגן דער רעאַקציאָנערער צאַרישער רעגירונג, סיי קעגן דעם, פון דורות־לאַנג, אָנגעוואַקסענעם רעליגיעז־ייִדישן פאַנאַטיזם.

די תמימות׳דיקע, רעליגיעז־פאַנאַטישע יידישע באַ־פעלקערונג אין סטאַשעוו, האָט, אונטערן מאַנטל פון טראַדיציע און רעליגיע, וועלכע זיי האָבן יסודות׳דיק פאַלש פאַרשטאַנען, מיט אַלע מיטלען געשטערט די אַלע, וועלכע האָבן, אין זייער טיפער זאָרג פאַר דער צוקונפט פונעם יידישן פאָלק, געזוכט אַ קאָנסטרוקטיווע לייזונג פאַר זיינע אָנגעווייטיקטע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פראָבלעמען — פראָבלעמען, וועלכע זענען נאָך אין דער לעצטער צייט פיל בולט׳ער און צו־געשפּיצטער געוואָרן.

פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף די דאָזיקע שווערע באַדינגונגען, האָט די סטאַשעווער יוגנט ממשיך געווען איר גייסטיקע און קולטורעלע טעטיקייט — ווערנדיק די טרעגערין פון די נייצייטיקע אידעאַלען, וואָס האָבן זיך סיסטעמאַטיש פאַרשפּרייט און לסוף אויך דעראָבערט די יידישע גאַס.



בית־ספר יהודי עממי — יידישע פאָלקס־שול.

# י. שטיינבוים ניו־ג׳ערסי / הערצל׳ס יארצייט אין סטאשעוו

פון קינדווייז אן האב איך זיך ארומגעטראגן מיטן פיינלעכן געפיל, אז אין סטאשעוו מוז מען לעבן מיט מורא — מורא פארן שגץ, וואס איז תמיד גרייט צו פארפירן א געשלעג מיט א ידיש קינד; מורא פאר די אפיצירן פון רוסישן פולק, וואס האבן זיך ארומגע־שפאצירט מיט בייטשן־שטעקלעך אין די הענט און געשמיסן איבער די קעפ פון פארבייגענדיקע ידישע קינדער. נישט קלענער איז געווען אונזער מורא פאר די פוילישע סטראזשניקעס, וואס זענען געווען ספעצן אין מסר׳ן און פאר וועמען מיר האבן זיך געשראקן אימת־המוות. און גאר גרויס איז געווען אונזער מורא ווען ס׳האט זיך דערנענטערט א חגא און די פוילישע איינ־וווינערשאפט האט זיך צולייגט איבער דער ברייט און לענג פון דער שטאט מיט די צלמים און מיט די מאטקע־באסקעס. אין אזוינע טעג האבן טאטע־מאמע פארהאקט די לאדנס גאר באצייטנס, אריינגעשלעפט דאס קינד־ווארג אין די שטובן און פאראזאגט יעדן באזונדער נישט ארויסצושטעקן דעם קאפ אפילו דורכן פענצטער.

די מורא איז פארפלאנצט געווארן גאר פרי — אין די ערשטע חדר־טעג, שפעטער ביים חומש־רבי׳ן און גמרא־רבי׳ן און אפילו ווען מ׳איז שוין אויסגעוואקסן און געווארן א בית־מדרש־ניק. פון אנהייב ביזן סוף, ווער מיט א סטראשנדיקער פויסט, ווער מיטן קאנטשיק אדער מיטן פאסיק און נישט גאר זעלטן מיט א שפאציר־שטעקן — יונגווארג האט זיך כסדר געמוזט באשיצן, אנטלויפן פון די כל׳ערליי מורא׳ס און זיך אויסבא־האלטן פון די אנשטייענדיקע קלעפ.

אפילו פאר אייגענע טאטע־מאמע, דער עיקר פארן טאטן — האט מען מורא געהאט און זיי שטענדיק אסאציאירט מיט שטראף און מיט קלעפ, מיט שטרענג־קייט און מיט שרעק. די ליבשאפטלעכע באציאונגען, וואס די עלטערן, ספעציעל די מאמע, האבן ארויס־געוויזן קליינווארג ביי ספעציעלע געלעגנהייטן, בא־זונדערס אין יומטוב׳דיקע טעג — די ווארעמקייט און די ליבשאפטלעכקייט זענען בטל בששים געווארן אינעם ים פון מורא׳ס און סטראשונקעס, וואס האט ארומגע־רינגלט דעם וואקסנדיקן קינד אין סטאשעוו אנהייב היינטיקן יארהונדערט, ווען איך און מיינס גלייכן האבן אנגעהויבן שטעלן אייגענע טריט אין דעם טייל פון גאטס וועלטל אין פוילן.

און וואס גרעסער די מורא — אלץ שטארקער איז געוואקסן דער ווילן איבערצושאפן די וועלט, וואס נערט און האדעוועט אזוינס. יעדע באוועגונג, וואס איז צו אונז אין שטאט דערגאנגען יענע יארן ווי אן אויסדרוק פון רעוואלט, פון פראטעסט — האט ביי אונז יונגווארג ארויסגערופן סימפאטיע, סימפאטיע און וועליקייט זיך מוסר־נפש צו זיין פאר די אידייען, וואס די באוועגונג האט ארויסגעשטעלט. מיר האבן זיך אנגעשלאסן און מיטגעהאלפן יעדער גרופע, וואס האט דירעקט און אומדירעקט ארונטערגעריסן דעם שימל, וואס איז געוואקסן ווי אויף הייווען פון יאר צו יאר. אז מ׳האט געדארפט האקן שויבן אין די הייזער פון די ביטשיסקע־מאכערס, ווייל זיי האבן נישט געוואלט העכערן דעם ארבעטס־לוין — זענען מיר יונגווארג, כאטש שוין בית־מדרש׳ניקעס, געשטאנען אין דער ערשטער ריי. אז מ׳האט געדארפט שפעט ביינאכט, אויף שנעל, אפראטעווען די ביכער פון א געהיימער ביבליאטעק, וואס איז גע׳מסר׳ט געווארן פאר דער פאליציי — זענען מיר געקראכן אויף דעכער, געטראגן די ביכער און זיי אויסבאהאלטן פון אן אנשטייענדיקער אבלאווע.

אבער דער עיקר האט אונז צוגעצויגן דער געדאנק פון שיבת־ציון — פון אויסלייזן אלע ידען, אויסלייזן זיי און זיך פון די מורא׳ס, מיט וועלכע מ׳איז אויפגעשטא־נען גאנץ פרי און זיך געלייגט שלאפן גאנץ שפעט.

ס׳איז געווען אין 1910, אויב מיין זכרון דינט מיר. פון די ווארעמע געפילן פאר שיבת־ציון איז אויסגע־וואקסן א גרייטקייט צו טאן עפעס ממשות׳דיקס. מיר האבן געשריבן קיין אדעס און זיך אנגעפרעגט וואס מיר קענען טאן, מיט וואס מיר קענען דינען דער ציוניסטישער זאך. און ס׳האט לאנג נישט געדויערט און מיר האבן באקומען א תשובה מיט לויבגעזאנגען פאר אונזער גרייטקייט מיטצוהעלפן אין רעאליזירן דעם

ציוניסטישן חלום — און אונטערגעשריבן אויפן בריוו איז געווען אוסישקין אַליין. די שמחה, וואָס מ׳ווענדט זיך צו אונז יונגוואַרג, מיטצושטיין אין אַזאַ איבערשאַפונג פון יידישן גורל איז געווען אין לשער. אויב ווער פון אונז האָט פריער מורא געהאַט זיך אַרויסצושטעלן ווי אַן אינאָוואַטאָר, ווי אַן אַוואַנגאַרדיסט, וואָס וויל מער נישט וואַרטן אויף ביאת־משיח — איז דאָס בריוול געווען ווי אַ גייסטיקער קאַטאַרסיס[1], וואָס האָט אונז אין יענעם מאָמענט באַפרייט פון אַלע אַזעלכע מורא׳ס.

פיר־פינף בחורים פון בית־המדרש זענען מיר געווען, 13—14 יאָריקע, איבערגעלאָדענע מיט מלחמות און צאַנקערייען מיט די עלטערן, מיט די שטאָט־באַלע־באטים, מיט די שקצים הינטער דער זשיקע און ביי דער מיל, וואָס האָבן זיך געשטעלט אָפּן אויף די אייגענע פיס און מודיע געווען בפרהסיה, אַז מיר אָרגאַניזירן זיך אין אַ פאַריין אונטערן נאָמען „בני־ציון״.

צווישן אונז איז שנעל אויסגעבראָכן אַ וויכוח צי מיר זאָלן יאָ אָדער נישט אַריינעמען אין פאַריין די פיר־פינף מיידלעך, וואָס מיט זיי פלעגן מיר, ס׳רוב באַהאַלטענערהייט, זיך טרעפן העט־ווייט הינטער דער צערקווע, אויף דער טומאה־גאַס, און צוזאַמען חלומ׳ען וועגן נייע וועלטן און אויסגיסן ס׳האַרץ איינער פאַרן צווייטן. געווונען האָבן די אָנהענגער פון פרויען־רעכט און פון דעם פאַריין „בני־ציון״ איז גיך געוואָרן: „בני־ובנות־ציון״, מיט אַן אָפיציעלן שטעמפּל.

דער פאַריין האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע אחריות׳ן, דער עיקר מיט אייגענער אויסבילדונג. מיר זענען געגאַנגען פון טיר צו טיר, פון געשעפט צו געשעפט און געבעטן נדבות פאַר ארץ־ישראל. מיר האָבן צוזאַמען געלערנט העברעאיש און מיט גרויס התמדה זיך איינגע׳חזר׳ט און אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק אַלע כללים און אַלע יוצאים מן הכלל פון טביוב׳ס דקדוק המעשי. מיר האָבן געשפּאַצירט איבערן מאַרק און אַרום דעם ראָטהויז און דעמאָנסטראַטיוו גערעדט העברעאיש. מיר האָבן זיך איינגעשאַפּן און בגנבה, אינמיטן דער נאַכט, געשלונגען אַזוינע געפיל־צעטרייסלענדיקע ביכער, ווי: אהבת־ציון, אוהל תם, לאָן — און פאַרשטייט זיך אַלץ, וואָס מיר האָבן געקענט קריגן נאָך מער צו פאַרהערלעכן דאָס טיף־פאַרהערלעכטע געשטאַלט פון דר. הערצל.

כאָטש צווישן די עלטערע בית־מדרש׳ניקעס זענען געווען גרעסערע למדנים אין העברעאיש און אין ציוניזם ווי אונזער גאַנצע גרופּע צוזאַמענגענומען, האָט זיך צווישן זיי, אין אונזערע צייטן, נישט אַרויסגעשטעלט קיין איינציקער מיט עפּעס אַ געוואַגטן שריט, מיט אַן אָנווונק אויף אַן אַקציע, וואָס די צייטן האָבן גורם געווען. מורא פאַר דעת־הקהל, פאַר אייגענע אין דער משפחה, האָט מן־הסתם גובר געווען אַזוינע באַגערן און זיי זענען געבליבן ביים לייענען די הצפירה, באַהאַלטן צווישן די גמרא־בלעטער.

ס׳האָט זיך געפאָדערט יוגנטלעכע אומגעניטקייט, ענטוזיאַסטישע באַגייסטערונג פון אומשולדיקער אומדערפאַרנקייט אַרויסצוקומען מיט אַן אַקט, וואָס זאָל אויפטרייסלען און אויפשטורעמען די גאַנצע שטאָט פון אונטן ביז אַרויף.

דאָס האָט אונזער „בני־ובנות־ציון״ טאַקע באַוויזן. שטילערהייט, אויס מורא פאר שטערער, האָבן מיר אָנגעהויבן צוגרייטן אַ דעמאָנסטראַטיוון יאָרצייט אין אָנדענק פון דעם ציוניסטישן משיח — הערצל, און נישט סתם אין אַ שטיבל נאָר טאַקע אין דעם גרויסן צענטער פון תפילה און תורה — אין גרויסן בית־מדרש גופא.

פון אונזער פּלאַן האָט ביז דער לעצטער מינוט קיינער זיך נישט דערוווּסט, אַפילו נישט די עלטערע בית־מדרש׳ניקעס, צווישן וועלכע מיר האָבן געהאַט אי פריינד, אי מדריכים. מיט קלאַפּנדיקע הערצער, וואַרטנדיק אויף דער גרויסער געשעעניש, האָבן מיר אין כ׳ תמוז, אין דעם טאָג פון הערצל׳ס יאָרצייט, זיך פאַרהאַלטן נאָכמיטיק לענגער ווי געוויינלעך, און געציילטע מינוטן איידער דער עולם האָט זיך פאַרזאַמלט צו מנחה־מעריב, זענען מיר אַרויף אויף די טישן, אַריינגעשטעלט ליכט אין אַלע הענגלייכטער איבערן גאַנצן בית־מדרש און אויפן סיגנאַל פון אָנפירער — זיי אָנגעצונדן כהרף עין.

[1] אַ טערמין אין דער פסיכאָ־אַנאַליזע, וואָס באַדייט דערמו־טיקונג. (— רעד.).

יידן, בעלי־בתים, קומען אַריין אין בית־מדרש, ווונדערן זיך — וואָס עפּעס אַזויפיל ליכט, שטעלן פראַגן, ריידן איינער מיטן צווייטן, אָבער קיינער טוט גאָרנישט. ערשט ווען מיר יונגוואַרג שרייען אויס בקול רם, אַז דאָס איז אַלץ אין ליכטיקן אָנדענק פון דעם גרויסן דר. הערצל — ערשט דעמאָלט ווערט אַן אמת גערודער, אַ קאָכעניש. וואָס דער בית־מדרש האָט שוין גאָר לאַנג נישט דורכגעמאַכט.

אין סאַמע מיטן גערודער באַווייזט זיך אין בית־מדרש דער געלער מאָטל, אַ פאַרברענטער חסיד, מיטן שטעקן אין האַנט. אויך ער, אַ יוסטער בעל־הבית, אַ שטיקל מנהיג אין הלכות יאָ און ניין — אויך ער ווונדערט זיך וואָס דאָ גייט פאָר. אין געציילטע סעקונדן דערוויסט ער זיך דעם סוד און אָן שהיות שפרינגט ער אַרויף אויף אַ טיש, וואַרפט אַראָפּ די ליכט פון די הענגלייכטער, בעת אַנדערע יידן אויף אַנדערע טישן נעמען אים נאָכטוען.

מיר האָבן זיך דערויף געהאַט צוגעגרייט. מיר האָבן לכתחילה פאַרשטאַנען, אַז די געלע מאָטלס וועלן צו אַזאַ „חילול־השם" נישט דערלאָזן. ווי נאָר זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן די ליכט פון איין הענגלייכטער זענען מיר אַרויפגעשפרונגען אויף די טישן און אַריינגעשטעלט אַנדערע. ווען אַלטוואַרג האָט דערזען, אַז דאָס איז אַ שפּיל פאַרן טייוול, און אַז מ'קען זיך נישט שטעלן דאַוונען מנחה־מעריב — האָט דער געלער מאָטל אויסגעשריגן: „מ'דאַרף זיי ברעכן הענט און פיס..." און איידער ער האָט נאָך פאַרענדיקט זענען מיר שוין געלעגן אין דרויסן. מ'האָט אונז איינציקווייז גענומען ביי די הענט און פיס, אַרויסגעטראָגן פון בית־מדרש און אַנידערגעוואָרפן אויף יענער זייט טיר.

אויף דערויף האָבן מיר זיך אינגאַנצן נישט געריכט. זענען מיר אַ ווײַלע געבליבן אַזוי ליגן אין חרפּה און בושה. אַז מיר זענען צו זיך געקומען איז גלייך אַנטשטאַנען די אַמביציע ווידער אַריין אין בית־מדרש און אויפסניי אָנהייבן די צערעמאָניע. אין דער מינוט האָט זיך באַוויזן אַן עלטערער בית־מדרש'ניק און געוואָרנט: גייט נישט אַריין צוריק, ס'קאָן נאָך קומען צו בלוט־פאַרגיסונג. בעסער גייט אַרויף צו הרב גרויבאַרט און פאַרפירט אַ דין־תורה מיטן געלן מאָטל הלמאי ער האָט אייך, בית־מדרש'ניקעס, אַזוי פאַרשעמט בפני כל עם ועדה, און זאָל הרב גרויבאַרט אַרויסגעבן זיין פסק־דין.

מיר האָבן געפאָלגט. אין דרייען זענען מיר אַוועק צום רב, פאַר ווערמען די מערסטע יידן אין שטאָט זענען געווען קנאַפּ וואָס באַגייסטערט. וועגן אים און זיין משפחה, ספּעציעל וועגן די טעכטער פון זיין צווייטער פרוי, האָבן זיך אַרומגעטראָגן כל'ערליי רכילות'ן. אויף אים פלעגט מען זאָגן, אַז אונטער די גמרות האָט עמעצער אַמאָל דערשנאַפּט טאָלסטאָיס אַ בוך אויף רוסיש. אויף די טעכטער פלעגט מען אויסטראַכטן כל'ערליי בלבולים, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט די פּולק־אָפיצירן, און חברה פלעגט זיך נישט פוילן און דאָס טאַקע אָנמאַלעווען אויף הייזער אָדער אויף קוימענס, כדי די וועלט זאָל זיך דערוויסן.

זענען מיר, ווי געזאָגט, אַוועק צום רב אין דרייען — איין שפּרעכער און צוויי עדות. ער האָט אונז זייער פריינטלעך אויפגענומען, זיך פאָטערלעך צוגעהערט צו אונזערע טענות און גלייך דערנאָך געשיקט דעם שמש רופן דעם געלן מאָטל. מיר האָבן געוואַרט און געוואַרט ביז דער שמש האָט זיך ענדלעך צוריקגעקערט און געלאָזט וויסן, אַז דער געלער מאטל זאָגט: דער רב איז קיין רב נישט, דער דין־תורה — קיין דין־תורה נישט און אַז בכן וועט ער נישט קומען.

הרב גרויבאַרט איז געבליבן זיצן אַ פאַרזאָרגטער און מסתמא אַ פאַרצאָרנטער, אָבער דאָס נישט אַרויסגעוויזן. ער איז גיך געקומען צו זיך, געהאַלטן אַ לומדישע דרשה וועגן דער געשעעניש מיטן אויספיר, אַז דער געלער מאָטל איז מחויב, טאַקע אין בית־מדרש, בעטן מחילה ביי די, וואָס ער האָט אַזוי מבייש געווען — און טאָן דאַרף ער דאָס בפני כל עם ועדה.

דער דאָזיקער פסק־דין איז פאַרן געלן מאָטל געווען נישט־געשטויגן און נישט געפלויגן, אָבער פאַר אונז יונגוואַרג איז דאָס געווען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון אייגענע כוחות און פון דערמונטערנדיקן זיג.

ווען די התלהבות פון זיג האָט זיך אָפּגעקילט, זענען מיר געוואָרן באַהערשט פון אַ געפיל פון אַנטויר־




בית־ספר עממי יהודי — יידישע פֿאָלקס־שול

שונג און פון דער איבערצייגונג, אַז סטאַשעוו וועט בלייבן סטאַשעוו. די געלט מאַסלס וועלן זיך נישט ענדערן און וועלן פון דאַנען נישט אַוועק. מיר מוזן דעריבער זוכן די ישועה אויף אַנדערע וועגן, אין אַנדערע לענדער — אין אַמעריקע.

מיר האָבן זיך פלייסיק גענומען צו ענגליש. פון דעם דעמאַנסטראַטיוון ריידן העברעאיש אין די גאַסן זענען מיר אַריבער צו אַלנדאָרפס און האַרקאַוויס ענגליש.

מ׳האָט פאַרלייגט פלענער ווער ס׳זאָל זיך פריער אַרויסלאָזן איבערן ים און ווער מען אַרונטערבערענגען אין דער גאָלדענער מדינה נאָכן איינשטעלן זיך. די „בני־ציון" זענען זיך געבליבן געטריי ביז גאָר — איינער האָט געהאָלפן דעם צווייטן און אין משך פון גאָר אַ קורצער צייט האָבן זיי אַלע זיך באַזעצט אין אַמעריקע. אַז די „בנות־ציון" האָט מען לײדער פאַרגעסן.

געהייליקט זאָל בלייבן זייער אָנדענק!

# נתן איידלסבערג ז״ל עקס־לע־בען / זכרונות

## (פון 1905 ביז 1923)

### רוחניות אין שטעטל

„סטאַשעוו איז אַ שטעטל מיט אינטעליגענץ אַ סך. יעדער בחור קאָן דאַרווינען, יעדעס מיידל לערנט תנ״ך" — אַזוי האָט מען געזונגען אין סטאַשעוו מיט 35 יאָר צוריק.

„אין סטאַשעוו פילאָזאָפירן די שטיינער". זיי זענען זער איטעליגענט — פלעגן די שכנים, פון די אַרומיקע שטעטלעך, זאָגן אויף די סטאַשעווער. „נאָר אויף קיין ביסן חמץ קאָנען זיי נישט פאַרדינען".

סטאַשעוו האָט געגעבן דעם טאָן פאַר דער אַרומיקער אומגעגנט, שיקנדיק „מיסיאָנערן" אין די שכנות׳דיקע שטעטלעך, ווי: סטאָפּניץ, פּלאַנטש, קלימענטעוו, אָסטראָווצע און אַנדערע, כדי דאָרט צו פאַרשפּרייטן פּועלי־ציוניזם, בונדיזם, שומריזם א. אַ. וו.

סטאַשעוו איז נישט נאָר געווען אַ שטעטל פול מיט רוחניות. ווו איר האָט זיך געקערט און געווענדט האָט איר באַלד באַמערקט, אַז אַלץ ווערט געמאַכט מיט התלהבות, ברען און טיפן גלויבן אין דעם, וואָס מ׳זאָגט און טוט.

„מאָדנע טשודאַקעס איירע לאַנדסלייט — האָט מיר געזאָגט אַ פרוי אין בערלין, ביי וועלכער ס׳האָבן זיך אויפגעהאַלטן פריש אָנגעקומענע סטאַשעווער — ווער ס׳קומט פון אייער שטעטל קלערט ער נישט וועגן תכלית, וועגן אַרבעט און לעבן ווי אַלע מענטשן, נאָר ער וויל שטודירן!"

### אמר רבא, אמר אביי

מיט 40 יאָר צוריק. אין גרויסן בית־המדרש. אַוונט. עקיבא שמש האָט שוין אַלע לאָמפּן אָנגעצונדן. רעכטס און לינקס, אַרום לאַנגע טישן, זיצן יידן ביי אָפענע גמרות און לערנען מיט התלהבות. אמר אביי, האָט אביי געזאָגט, האָט אַביי געזאָגט — פאַרגייט זיך הערשעלע שלמה׳ס אין מתיקות, חזר׳נדיק אומאויפהערלעך איבער דעם אמר אביי. און ס׳דוכט זיך ווי ער וואָלט געשטאַנען מיט אַביי אַליין, זייענדיק זיך מיט אים מתווכח אין אַ האַרבער סוגייה.

„לימא מתניתין דלא כסומכוס ז" וועלן מיר דען זאָגן, אַז די „משנה" וועט נישט אויסקומען ווי סומכוס ז" — שרייט אים איבער דער געלער שלמה דוד.

די דערמאָנטע 2 בעלי־בתים זענען אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן גאַנץ פּראַקטישע מענטשן און פּיפּיקע סוחרים — אָבער אין אַוונט, בעת דעם „שיעור" אין בית־המדרש, זענען זיי „פּרינצן פון גייסט", ווערמען אויסער די ד׳ אמות פון דער „הלכה" גייט זיי די גאַנצע וועלט נישט אָן.

דערהאַלטן דאָס „חיות" מיטן לערנען, לייגט מען אַרויף די פּאַטשיילע אויף דער גמרא און מ׳נעמט שמועסן „פּאָליטיק". לייביש נתע׳לעס, אַ ייד אַ מלמד, אַ גרויסער לאַ־יוצלח אין הלכות פּרנסה, אויף וועמען די שוואַרצע פּייגל, זיין ווייב, האָבנדיק אַ שוואַכקייט צו לשון־קודש׳דיקע ווערטער, פלעגט זאָגן: „לייביש טפש

קאָן אַלצדינג, נאָר שלושה דברים, 2 זאַכן: קינדער און שבת קאָן ער נישט מאַכן!" — פירט אַ וויכוח מיטן געלן שלמה דוד. דער לעצטער, וועלכער לייענט אַ „בלאַט־צייטונג", דערציילט נייעס פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, פון מאַנדזשוריען, ווו די יאַפּאַנער גיבן „פּאָניען" פּולווער צו שמעקן און מיט אַ געפיל פון נצחון רופט ער אויס: „אַ ליאַדע טאָג ווערט אויך פּאָרט־אַרטור פאַלן!"

דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים שפּרינגט לייביש נתע'לעס האַסטיק אויף און, בעת דאָס בערדל טרייסלט זיך אין אַלע זייטן, שרייט ער אויס: „שלמה דוד! דיינע אַלע מעשיות זענען שוא ושקר! להד"ם! ווער יאַפּאַן, וואָס פּאָרט־אַרטור? „דיינע" גאַזעטן! וואָס, יעדן טאָג האָבן „דיינע" גאַזעטן וואָס צו שרייבן? ווען זיי וואָלטן איינמאָל כאָטשבי אַרויס מיט ווייסע, אומגעדרוקטע זייטן: „היינט איז נישטאָ קיין נייעס" — וואָלט איך זיי נאָך געגלויבט, אָבער יעדן טאָג נייעס?"

אויף אַזאַ „וואָגיקער" אַרגומענטאַציע האָט אַפילו דער באַרעדעוודיקער שלמה דוד נישט קיין ענטפער!

## „עספּרי"

אין 1910 פאָר איך קיין לאָדזש. איך דרינג אַריין אין פאַרשידענע קרייזן: לומדים, משכילים, ציוניסטן און אַנד. אָבער דעם ברען און טיפן גלויבן, וואָס מ'פילט אומעטום אין סטאַשעוו — געפין איך נישט אין ערגעץ.

בעת דעם גרויסן הונגער אין לאָדזש, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, לאָז איך מיך צופוס צוריק קיין סטאַשעוו.

ס'שפּרודלט מיט גייסטיקן לעבן!

איבערגעגעבן מיט „לייב און לעבן", פירט אָן שמעון זינגער, אַ צוריקגעקומענער פון וואַרשע, מיט דער ניי־געשאַפענער ביבליאָטעק, אין וועמעס פאַרוואַלטונג ער האָט אַריינגעצויגן אַלע ריכטונגען און שיכטן פון שטעטל.

מ'לייענט נישט, נאָר מ'שלינגט די ביכער! מען שטודירט „דאָס פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס" פון הלל צייטלין, מען פּלפּול'ט זיך איבער זשיטלאָווסקי'ן בציבור, מען קאָמענטירט דאָס דורכגעלייענטע. בקיצור: אידייען און ביכער זענען עלעמענטן, אָן וועלכע די סטאַשעווער געזעלשאַפטלעכקייט קאָן נישט אויסקומען, און ס'שאַפן זיך זעלבסטבילדונגס־קרייזן, כ'וואָלט אַפילו געזאָגט: מיניאַטור־אַקאַדעמיעס.

איינער אַ בחור, טענענבוים[1] — כ'ווייס נישט צי ער איז געווען אַ בן־עיר, יעדנפאַלס נישט אין גייסט — האָט געגרינדעט אַ סקויטן־אָרגאַניזאַציע: „השומר". לכתחילה האָט דער „השומר", אין וועלכן ס'זענען געווען פאַרטראָטן פאַרשידענע שיכטן, בתוכם אויך די אָרעמסטע, געהאַט אַן ענלעכע פיזיאָנאָמיע ווי אַלע סקויטן־אָרגאַניזאַציעס אין דער גאַנצער וועלט. מ'האָט זיך פאַרנומען מיט ספּאָרט, מיליטערישע פּאַראַדן א.אַ.וו. ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און דער סטאַשעווער עספּרי האָט גובר געווען.

באַלד האָט די גייסטיק־קולטורעלע טעטיקייט, מיט וועלכער סטאַשעוו האָט געאָטעמט, פאַרנומען דעם אויבנאָן, און מ'האָט גענומען אינטענסיוו לערנען העברעאיש, יידיש — העברעאישע ליטעראַטור א.ד.גל.

פון אָט דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע זענען אויסגעוואַקסן מענטשן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן רעספּעקט ביי אַלע, איינשליסנדיק קעגנער.

## „ליטעראַטור־סאַלאָן"

דאָס הויז פון די ערליכמאַנס האָט געדינט ווי אַ מין ליטעראַטור־סאַלאָן. אין די אָוונטן האָט מען אין איין צימער, זער אָפט, געקאָנט טרעפן דעם עלטסטן זון פון דער משפחה, אַרומגערינגלט פון דורשטיקע צוהערער, קנעלנדיק דעם „מסביב־לנקודה" — בעת אין צווייטן צימער איז מיט אַ גרופּע אַרבעטער געזעסן די טאָכטער וועלקע, דיסקוטירנדיק הייס די 21 פּונקטן, וועלכע זינאָוויעוו האָט צוגעשטעלט דעם „בונד", אַלס תנאי, אויפגענומען צו ווערן אין דעם דריטן „אינטערנאַציאָנאַל". וועלקע איז לכתחילה געווען אַ הייסע אָנהענגערין פון מאָסקווע און איז טאַקע שפּעטער, אויך פאָרמעל, אַריבער צו די קאָמוניסטן.

---

[1] טענענבוים איז געווען יאָסעלע חזנ'ס אַן איינִיקל, אַ זון פון אַבעלע טענענבוים, געוווינט אין בענדין, אין קריגס־צייט געקומען קיין סטאַשעוו. (— רעד.)

### די ברידער שניפער

אן אנדערער קרייז, וועלכער איז געשטאנען אויף א העכער קולטורעלער מדרגה, האט זיך גרופירט ארום אליעזר שניפער, דינסשע פעפער, צאמל געטליכמאן, מאיר וואגנער און פנחס דאמבראווסקי. געבוירן אין אן אָרעמער היים, א זון פונעם מלמד משה'ל שניפער (קארזש) — האט אליעזר פארמאגט א קלארן בליק אויף פארשידענע וועלט־פראבלעמען, סיי יידישע, סיי אלגעמיינע. מיט זיין קלארן קאפ און אנאליטישן מוח האט אליעזר שניפער געקאנט תמצית'דיק ארויסברענגען דאס וועזנטלעכסטע פון א בוך אדער אידעי, באַרירנדיק די צארטסטע סטרונעס פון זיינע צוהערער.

ישראל, דער יונגסטער ברודער, האט פרי פארלאזן דעם „בונד", איבערגייענדיק צו די „רויטע". און אויב שוין א קאמוניסט — איז מיט אלע רמ"ח איברים! האט ער טאקע שפעטער באקומען זיין „שכר", שמאכטנדיק 10 יאר אין פוילישע תפיסות.

מיר דערמאנט זיך א פרייטיקצונאכטס. די גאנצע שטעטלדיקע יוגנט „דרייט" זיך אויף די טראטוארן ארום דעם פירקאנטיקן מארק. איך שפאציר מיט ישראל שניפער, וועלכער איז ערשט נישט לאנג געהאט צוריקגעקומען פון רוסלאנד.

צוויי זעגען זיי געווען, וועלכע האבן געהאט „עולה־רגל" געווען אין דעם לאנד, וואס האט דעמאלט אזויפיל צעשטראלטע האפענונגען ארויסגערופן ביי דער כפל־שמונה'דיקער שטעטלשער אָרעמקייט. אבער אפילו אין ווארט האבן זיי נישט געוואלט דערציילן פון דעם, וואס זיי האבן דארט געזען. אלע באמיאונגען עפעס ארויסצובאקומען פון זיי אויף דעם געביט האבן זיך אנגעשטויסן אויף א הארטנעקיקן שווייגן. מיטאמאל קומט צו אליעזר — „ישראל, קום אהיים, מ'עט מאכן „קידוש"! ישראל ענטפערט נישט. — „די מאמע איז, אלע יארן, געוווינט פרייטיקצונאכטס צו הערן קידוש, לאמיר איר נישט אנטון קיין עגמת־נפש" — פרווט אליעזר צו אים אפעלירן. במקום א תשובה, ווענדט זיך ישראל צו מיר: — „נתע'לע, וואס זאגסטו עפעס צו דעם צעקראכענעם קליינבירגער? קידוש זאל איך אים מאכן, אנדערש קאן דאך די רעוואלוציע נישט קומען!"

ישראל האט זיין לעבן, דוכט זיך, אין פילסודסקי'ס תפיסות פארענדיקט. אליעזר איז א קרעמער געווארן. א ייד מיט א געל בערדל, און א מטופל מיט קינדער. האב איך אים, אין יארן ארום, געטראפן אין לאדזש — א גאנץ אנדערער מענטש געווארן. די פרנסה־דאגות האבן אים צוגעשמידט צו זיינע קליינלעכע טאג־טעגלעכע זארגען, איינשרומפנדיק זיין גייסטיקן האריזאנט. אבער פון זיין טאש האט ארויסגעקוקט ניטשעס צאראטוסטרא — א סימן, אז ער האט זיך דאך, נישט אינגאנצן אונטערגעגעבן!

טייערער אליעזר! ווו האסטו דיין נשמה אויסגע־הויכט?

### חיים פענטשינע

איינמאל, אין חול־המועד פסח, דער הויפט־סעזאן פאר שטעטלשע פארטייען צו ווערבירן נייע מיט־גלידער, — קומט אן אין שטעטל א פועלי־ציוניסטישער רעדנער צו פאפולאריזירן דעם באראכאוויזם. און כאטש דער רוב פון דער יוגנט האט שוין אנגעהערט, ווער צו די שומרים און ווער צום בונד — האט ער נאך באוויזן אויפצושטעלן א היפשע ארגאניזאציע. איינער, וועלכער האט מיט „לייב און לעבן" זיך אריינגעווארפן אין דער נייער באוועגונג — איז געווען חיים פענטשינע. אין שטעטל האט זיך דעמאלט נאך געפונען א געוויסע שיכט יוגנטלעכע, וועלכע זענען געווען, אונטערן איינ־פלוס פון דער פיל־צוזאגנדיקער רוסישער רעוואלוציע, באגייסטערטע אנהענגער פון סאציאליזם. דאס זענען געווען בעיקר בעל־הבתי'שע קינדער, וועמען די שומרים האבן נישט אימפאנירט, דאקעגן דער בונד — שאקירט. די ערשטע צוליבן פעלן פונעם „סאציאליסטישן עלע־מענט, די צווייטע, צוליב דעם צו „פשוטן" מענטשן־מאטעריאל, פון וועלכן דער בונד האט זיך רעקרוטירט.

אט פאר דער שיכט יוגנטלעכע האט דער באראכא־וויזם באזיצט אלע מעלות, זייענדיק פאר זיי ממש ווי אנגעמאסטן.

ווי האט מען, אין יענער צייט, געזונגען וועגן פועלי־ציוניזם?: „פון מארקסן א לעק — פון ציון א שמעק".

פענטשינע, א מענטש מיט א שטארקן ווילן און

עקשנות, האָט פאַרשטאַנען צו צעמענטירן דעם דאָזיקן מענטשן־מאַטעריאַל, שאַפנדיק פאַר אים אַ בשותפותדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם.

פענטשינע האָט זיך אויך פאַרנומען מיט דערציאונגס־אַרבעט, שאַפנדיק באַלד אַ יידישע פאָלקסשול, אין וועלכער ס׳זענען אַרייַנגעצויגן געוואָרן צום לערנען, לייענען און שרייבן, די אָרעמסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיקע טעטיקייט האָט פענטשינען זער פאָפולער געמאַכט, ווערנדיק דער אָפגאָט פון דער שטעטלשער יוגנט.

איינמאָל, באַווייזן זיך אין שטעטל פלאַקאַטן, אין וועלכע ס׳איז, שוואַרץ אויף ווייס, געשריבן: שבת, נאָכמיטיק, וועט חיים פענטשינע האַלטן אַן עפנטלעכן רעפעראַט, אויף דער טעמע: „מאַרקס, ניטשע, טאָלסטאָי, — 3 גייסטער אין 19־טן יאָרהונדערט״.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ בהלה אין שטעטל. חיימ׳ל פענטשינע שפּרינגט אַזוי הויך? צום אָנגעזאָגטן טערמין איז די שולע, נעבן דעם פייערלעשער־זאַל, פול געפּאַקט מיט נייגיריקע מענטשן. נסים ונפלאות!!! פענטשינע האָט אויסגעצייכנט באַהאַנדלט די טעמע, געבנדיק אין דער שענסט־מעגלעכער פאָרם אַן אויסשעפּנדיקע, קאָנדענסירטע אָפּהאַנדלונג איבער טאָלסטאָיס רעליגיעזער אויפפאַסונג, ניטשעס „אויבער־מענטש״ און מאַרקסנס „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם״.

אַלע זענען מיר געבליבן געפּלעפט. משה׳לע בלעכערס אייניקל באַזיצט אַזאַ ערודיציע?!

אויפגעקלערט דאָס רעטעניש האָט אליעזר שניפער. צומאָרגנס האָט ער מיר געברענגט זשיטלאָווסקי׳ס „געקליבענע שריפטן״, ווו דער גאַנצער רעפעראַט איז געווען אָפּגעדרוקט פון א׳ ביז ת׳.

זאָל מיר פענטשינע, מיין בן־עיר, מוחל זיין!

צוליב דער מייסטערהאַפטער אויספירונג פונעם פּלאַגיאַט האָבן מיר, טראָץ דעם, פענטשינען געשעצט. זיין דרייסטע, ענערגישע, פילזייטיקע קולטור־טעטיקייט — אַפילו דורך פסול׳ע וועגן — איז אונז פיל ליבער געווען ווי זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און דעגענערירן.

פענטשינע איז דערנאָך געוואָרן דער מיסיאָנער פון באַראָכאָוויזם אין דער גאַנצער אומגעגנט. אין פלאַנטש, אָשיעק, קלימענטעוו, אַפּט און אָסטראָווצע — איבעראַל איז ער אַרומגעפאָרן פּריידיקן די נייע אידיי.

איך טרעף מאַנכעסמאָל אין פּאַריז גרויסע פאַבריקאַנטן, פילפּאַכיקע מיליאָנערן, וועלכע פאַרגעסן קיינמאָל נישט זיך פאָרצושטעלן: „איך בין חיים פענטשינעס אַ תלמיד״. זיין „פּראָלעטאַריזאַציע״ און „סטיכישן דראַנג קיין פּאַלעסטינע״ — האָבן זיי שוין לאַנג פאַרוואָרפן, אָבער זיי זענען שטאָלץ, דערמאָנענדיק זיך, אַז אין דער יוגנט זענען זיי געווען זיינע תלמידים.

## ר׳ משה יחיאל מלמד

דערמאָנט איר אייך אָן ר׳ משה יחיאל מלמד? אַ פּאָעטישע נשמה און גרויסע פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן האָט דאָס קליינע מענטשעלע פאַרמאָגט. מיט זיינע שיינע, וווּנדערבאַרע מעשה׳לעך, געשעפּטע פון „ספר־הישר״ און פאַרפּוצטע מיט זיין אייגענער, רייכער פאַנטאַזיע — האָט ער די ווילדעסטע תלמידים איינגעצוימט. אַפילו אַזאַ „תכשיט״ ווי בן־ציון טשייקאָווסקי, פאַר וועלכן ס׳גאַנצע שטעטל האָט געציטערט אימת־המוות — איז משה יחיאל׳ן, מיט זיינע פאַנטאַסטישע מעשה׳לעך, געלונגען צו באַהערשן.

כעס האָט ער אויסגעמיטן ווי אַן עיפּוש. זיין באַליבט ווערטל איז געווען דער באַקאַנטער תלמוד׳ישער מאמר: „כל הכועס כאילו עובד עבודה זרה״. און אַז די תלמידים האָבן אים שוין גאָר שטאַרק דערקוטשעט האָט ער געגומען קנעטן וואַקס צווישן די פינגער — דער כעס זאָל איבערגיין. האָט ער זיך צוגעלייגט כאַפּן אַ דרעמל, פלעגט ער אָנזאָגן די תלמידים: שקצים! טאָמער קומט דערווייל משיח — בין איך מתיר מיך אויפצוּוועקן; פאַר קיין פאַל זאָלט איר מיך נישט לאָזן ביאת־המשיח פאַרשלאָפן!

אָנגעטון אין אַ גרויסן שטריימל, פלעגט דאָס קליינע יידעלע, אין שמחת־תורה, מיט דעם ספר־תורה אין האַנט, האָפּקן מיט אַזאַ פרייד און ענטוזיאַזם, אַז מ׳האָט געקאָנט מיינען, אַז ערשט די מינוט האָט ער אויפן באַרג סיני די תורה מקבל געווען.

זיינע פאַר׳חלומ׳טע אויגן, פון וועלכע ס׳האָט אַזויפיל

גוטמוטיקייט אַרויסגעשטראַלט. זעען מיר ביז צום היינטיקן טאָג, טיף־טיף, אין זכרון איינגעקריצט.

## יאַריד

יידישע בעלי־מלאכות: שניידער, שיסטער, סטאָליאַרעס און סתם יידן, וועלכע פאַרקויפן פאַר אַ גראָשן קעז און אַ פּירעגער ציקאָריע — שטעלן אויס אויף מאַרק־געשטעלן זייערע סחורות. דער מאַרק, מיט אַלע אַרומיקע גאַסן און געסלעך, איז פול געפּאַקט מיט פּויערים און פּויערטעס. קולות פון קוויטשנדיקע חזירים, הירזשנדיקע פערד און קוואַקנדיקע עופות, וואָס יידישע ווייבער לויפן אַרום טאַפּן — לאָזן זיך הערן פון אַלע זייטן. איבעראַל פּאַטשט מען זיך אין די הענט — דאָס האַנדלט מען אַזוי אויס דעם פּרייז. נישט איינמאָל טרעפט, אַז אַ טשייקעווער (אַ דאָרף נעבן סטאַשעוו), פעסט־געבויטער פּויער, איז מכבד מיט אַ פּאַטש אין דער האַנט אַ שוואַך יידל, וועלכער ווערט בלייך פאַר ווייטיק, אָבער דאָס יידל האַלט „פּאַסאַן". דאָס שפּיל ווערט פאַרגעזעצט ביז די טראַנזאַקציע ווערט געשלאָסן.

בעת'ן יאַרידס־טאָג ווערן אַלע „אויפגעקלערטע" זיין און טעכטער מאָביליזירט. אין דעם טאָג פאַרגעסן זיי די אידעאַלן פון פּראָדוקטיוויזאַציע א. ד. גל. און העלפן די „צוריקגעשטאַנענע" עלטערן — שניידנדיק זיך אויף גאַנץ לייטישע סוחרים.

אין דעם אַלגעמיינעם הו־האַ, דרייען זיך צוויי בחורים אַרום, ווי קיין זאַך וואָלט זיי נישט אָנגעגאַנגען. איינער פון די צוויי איז מאיר וואַגנער — אַ ראַפּינירטער ווינער אינטעליגענט, וועלכער ציטירט אויף רעכטס און לינקס אַרטור שניצלער און סטעפאַן צווייג.

נאָכדעם ווי ער האָט, אין 1915, היפש צוגעהונגערט אין ווין איז ער צוריקגעקומען קיין סטאַשעוו צו זיין אָרעמער מאַמען, וועלכע האָט זיך דערנערט פון פליקן פעדערן. דאָ האָט ער געגעבן עטלעכע לעקציעס, אויף דייטש און פראַנצויזיש, אויסהאַלטנדיק זיך בדוחק.

אין יאַרידס־טאָג, בעת דאָס שטעטל איז געגאַנגען „חאָדאָראָם", איז ער אַריין אין שטאָטישן גאָרטן. דאָרט האָט ער מיך געטראָפן, מיך — אַ קיילעכדיקן יתום, וועלכער האָט נישט געהאַט וווּ זיך אַהינצוטאָן,



יום־השוק בעיירה — אַ „יריד" אין שטעטל.

און וועלכער האָט זיך, פון צייט צו צייט, אַריינגע־גנב׳עט אין גרויסן בית־המדרש איבערצונעכטיקן, אויב עקיבא שמש איז געווען גוט געשטימט. וואַגנער, וועלכער האָט געהאַט עטלעכע בעלי־בתי׳שע לעקציעס, האָט זיך נישט געקאָנט פּרעזענטירן מיט אַזאַ פּאַריסע־נעם „לאַכודראַק״. אָבער אין אַן „עת־צרה״, ווען ס׳איז נישטאָ מיט קיינעם אַ וואָרט אויסצוריידן — איז אַזאַ „בראָדיאַגע״ אויך לטובה.

באַמערקט, אַז דער גערטנער קוקט אונז אָן מיט פּאַרדאַכט — גייען מיר צוריק אין מאַרק אַריין. קאָנען מיר נישט זיין קיין אַרטיסטן, לאָמיר ווייניקסטנס זיין צושויער. מיר וואַרפן אונזערע בליקן אין אַלע זייטן. שמואל מאָקרע מיט די צוויי טעכטער שטייען פּאַר־שוויצט, נישט באַוויזנדיק צו באַדינען די אומגעדול־דיקע פּויערים. אין זלמן נודלמאַנס שניט־קראָם, זעען מיר זיינע חנ׳עוודיקע טעכטער זיך דינגנדיק מיט די פּויערטעס

ניקעס״. אַ פּויער, אַ האַמאַן (Chłopisko), שטייט און מעסט ביי אַ ייד אַן אַנצוג. דאָס רעקל גייט אים נישט צו. די אַרמעל — שמאָל און קורץ. — „זשידקו, וואָס שלעפּסטו? זעסט דאָך, אַז דאָס רעקל איז צו קליין אויף מיר!״ — „איי פּאַניע דאָבראָדזשעיו, היינט איז אַזאַ מאָדע. היינט טראָגט מען נישט לאַנג און אַלץ איז אויפ־געקנעפּלט!״ מילא, וואָס זאָל דער פּויער טאָן און ענטפערן אויף אַזאַ אַרגומענט? ער וועט דאָך נישט גיין קעגן דער מאָדע!

### שעקספּיר וועגן... דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז צוריק־געקומען פון סאָסנאָווצע אַלטער ליִלנבלום, וועלכער האָט געלערנט אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע. אַלטער, אַ טאַטנס אַ קינד, האָט צוזאַמענגערופן די שענסטע יונגלעך און מיידלעך אויף דער „בלאָניע״, אָפּהאַלטנ־דיק אַ פּאַרזאַמלונג וועגן סאָציאַליזם אין דער פּוילישער



נוער הבונד „צוקונפט״ — יוגנט־בונד „צוקונפט״.

אין דעם מאָמענט דרייט מאיר וואַגנער אַוועק דעם קאָפּ. די סיבה: איינע פון די טעכטער איז זיינע אַ שילערין און „ס׳פּאַסט״ אים נישט, אַז זי זאָל באַמערקן, אַז ער האָט זי געטראָפן אין אַזאַ „פּראָזאַאישער״ פּאָזע! כדי זי נישט צו שטעלן אין אַ פּאַרלעגנהייט — ציט מיך וואַגנער אין מאַרק אַריין. מיר גייען צו די „טאַנדעט־

שפּראַך — און ס׳איז געבוירן געוואָרן די יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציע „צוקונפט״. אגב, האָב איך אַ באַגרינדעטן חשד, אַז ליִלנבלום, וועלכער האָט שטאַרק פיינט געהאַט דעם „בונד״, האָט, צו יענער צייט, אַליין נישט געוווּסט, אַז „צוקונפט״ איז אַ בונדישער בריקנקאָפּ.

אין דער נייער אָרגאַניזאַציע האָט ליִלנבלום אַריינ־

געצויגן אַ פיינע חברה פון יונגע אַרבעטער, צווישן אַנדערע: דעם קליינעם יוסף געטליכמאַן, נחמיה גאָלד־פלוס, טעוול לעוונשפּיל, עקיבא שמש׳ס 2 זין, יחיאל מגיד׳ס זון און נאָך. מיט יוגנטלעכער ענערגיע האָבן זיך די דערמאָנטע אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. דעטראַ־ניזירט די עלטערע, שוואַכע אַנפירערשאַפט — ביז ס׳איז געקומען די שפּאַלטונג פון „קאָמבונד". דעמאָלט איז אַ גרופּע חברים, ווי ישראל שניפּער, וועלקע ערליכמאַן, דן קעניגסבערג און אַנדערע, אַרויסגעטרעטן פון בונד און איבערגעגאַנגען צו די קאָמוניסטן.

בעת איינער פון די פּאָליטישע דיסקוסיעס אין גאָליעווער וואַלד, ווו מ׳האָט דעבאַטירט איבער דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט — האָט זיך פּלוצים איין בונדישער טוער אויפגעשטעלט, אויס־רופנדיק מיט גרויס פּאַטאָס: „לויט שעקספּיר איז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט געגליכן צו אַ וואַלד, ווו דער פּראָלעטאַריאַט בלאָנדזשעט, נישט קאָנענדיק גע־פינען דעם וועג".

אויף דעם יסוד האָט דאָס שטעטל די ווייטערדיקע פערזן פאַרפאַסט:

שעקספּירן קאָן יעדער גוט
איינער אַ בחור, אַ כוואַט
ווייס אַפילו זיין מיינונג
איבער דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

## ישראלקע הייזעריקער

מיר פאָרן אַמאָל אַהיים פון אָסטראָווצע. דער בעל־עגלה פּאַקט אַריין אין וועגעלע וויפיל מענטשן ס׳לאָזט זיך. פּלאַץ איז דאָך קיין דאגה נישט! וואָס איז, רוקט מען זיך אַביסל צוזאַמען. ס׳איז אָן אומגליק? אַדרבא, ס׳איז נאָך היימישער! מיט אונז פאָרט אויך חיים פענטשינע, אַ צעשטראָלטער, דערציילט ער פונעם גרויסן דערפאָלג, וואָס ער האָט געהאַט אין אָסטראָווצע. אין אַט דער פרומער פעסטונג איז אים געלונגען אויפ־צושטעלן אַ פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. און ווי מ׳האָט אים אויפגענומען! מ׳האָט אים, ממש, אויף די הענט געטראָגן!

איינגעבויגן, און אַריינגעקוועטשט צווישן אונז, איז אויך געזעסן ישראלקע הייזעריקער. אַנטיפּאַטיש, און אַפילו אָפּשטויסנד, איז זיין אויסערלעכן אויסזען, איז אָבער ישראלקע הייזעריקער געווען אַ ייד אַ בן־תורה מיט אַ שאַרף אויג. צוהערנדיק זיך צו אַט דעם כאָרכ־לענדיקן יידן האָט זיך גלייך געלאָזט באַמערקן, אַז זיין מוח הערט נישט אויף צו אַרבעטן.

דערהערט די „נסים ונפלאות" רופט ער זיך אָן צו פענטשינע: — „דו טריפה׳ניאַק! ווייניק דיר סטאַשעוו, פאַרסטו נאָך פאַרשפּרייטן דיין טומאה אויך אין אַנדערע שטעט?"

פענטשינע לייגט נישט די מינדעסטע אַכט אויף זיינע רייד, ממשיך זייענדיק זיין עקזאַלטירטן סיפּור. דער טיף־עמפּינדלעכער ישראלקע הייזעריקער איז שטאַרק געטראָפן און רעדט מער נישט, איבער דעם גאַנצן וועג, מיט פענטשינע.

אין דרויסן איז פרילינג. די פעלדער זענען באַדעקט מיט אַ ים פון זאַנגען און וואונדערבאַרע בלומען. די לופט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, אַז ס׳איז ממש אַ מחיה.— „זע נאָר, נתע׳לע שמדניק", — ווענדט ער זיך נאָר צו מיר, אויסמיידנדיק בכוונה פענטשינע — "דעם בורא עולם׳ס יצירה! און איר זאָגט נאָך, אַז דאָס אַלץ מאַכט זיך נאָר אַליין. לויט אייך איז דאָך אַפילו דער מענטש אַליין — די דאָזיקע קרוין פון דער יצירה! — אַ פּראָדוקט פון דער מאַלפּע, רחמנא לצלן. וואָס פאַר אַ שטותים!!!"

דער פּלוצימדיקער אָנגריף רופט ביי מיר אַרויס אַ שטאַרקע רעאַקציע. מיט היץ הייב איך אָן צו ריידן וועגן דער „עוואָלוציע פון דער מאַלפּע" פון אַמעריקאַניש־יידישן שרייבער פייגנבוים, וואָס כ׳האָב געהאַט, מיט אַ קורצער צייט צוריק, געלייענט. ישראלקע הייזעריקער הערט זיך אויפמערקזאַם צו. איין אויג איז אים פאַר־מאַכט, די בולע אויפן האַלז וועגט אים רויט, אַ סימן, אַז ר׳איז אָנגעשטרענגט. ער לאָזט נישט אַדורך קיין איין פּרט. אַלץ איז פאַר אים אויסערגעוויינלעכער חידוש. ס׳פאַרכאַפּט אים פּשוט אַט די שפּאַנענדיקע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן און די לאַנגע, אומגעהויער לאַנגע, פּילטוריזנט־יאָריקע עטאַפּן פונעם אורשפּרינג־

לעכן ווערימל ביז איר לעצטער אַנטוויקלונגס־פאַזע — די מאַלפּע.

מ׳זעט בחוש ווי דער מוח זיינער אַרבעט אינטענסיוו און ווי ער וואָלט געפירט מיט זיך אַליין אַ שווערן געראַנגל. אָבער פּלוצים גיט ער זיך אַ כאַפּ אויף, קוקט מיך שטרענג אָן און זאָגט: „כאָטש וואָס דו דערציילסט איז זער שיין צוזאַמענגעשטעלט — זענען דאָס נאָר פאַנטאַסטישע השערות, וואָס לייגן זיך נישט לגמרי אויפן שכל. אָבער לדידך, לאָמיר זאָגן, אַז ס׳איז יאָ דאָ אין דעם אַ קערן פון אמת — קאָן דאָס נאָר האָבן אַ שייכות צו די אומות־העולם, אָבער נישט צו אונז יידן. מיר — זענען גאָטס באַשאַף אַליין!״

### אברהם יאסל ראַטנבערג ז״ל /

# דער בלוטיקער יום־כיפור אין סטאַשעוו



אין יענעם טראַגישן טאָג זענען אָנגעקומען קיין סטאַשעוו פיל דראַגונער־קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלטביים פּאָסט־ביורא. דאָרט זענען זיי געשטאַנען מאַרש־גרייט, טאָמער וועלן זיי דאַרפן בחיפזון צוריק אַנטלויפן.

אַ פּאַניק איז באַפאַלן נישט נאָר די יידישע באַפעלקערונג, נאָר אויך די פּוילישע. די ערשטע האָבן מורא געהאַט פאַר די קאָזאַקן און די צווייטע — בעיקר פאַרן אָנקומענדיקן דייטשן מיליטער, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו סטאַשעוו.

די קאָזאַקן האָבן צוערשט נישט געראַבעוועט; זיי האָבן בלויז „גענומען״ אין די יידישע געשעפטן, נישט באַצאָלנדיק.

דאָס איז געווען ערב יום־כיפור. פיל מענטשן גרייטן זיך צו ברויט, אויס מורא ס׳זאָל נישט אויסּפעלן מיטן אָנקום פון פרישן מיליטער אין שטאָט.

עס איז גאָרנישט קענטיק, אַז היינט איז ערב יום־כיפור. מען טרינקט נישט אין בית־המדרש קיין בראָנפן צובייסנדיק מיט לעקעך, ווי געוויינלעך יעדעס יאָר. די געשעפטן זענען האַלב־צוגעמאַכט, אויס מורא פאַר די קאָזאַקן, וואָס לידיקן זיי אויס.

ס׳קומט אָן אַ באַפעל, אַז יעדער אייגנטימער דאַרף אָפּריניקן די גאַס און טראָטואַר פאַר זיין הויז. אַלע פירן גלייך אויס דעם באַפעל. אויך ווערט פאַראָרדנט, אַז אַלע בעקערס אין שטאָט דאַרפן גלייך באַקן ברויט פאַרן אָנגעקומענעם מיליטער. דאָס ברויט האָט מען אַרויסגענומען פון אויוון ערשט נאָך „כל נדרי״. אין גאַס זעט מען כמעט קיינעם נישט. ס׳איז תשעה־באבֿ׳ שטימונג. נאָר איינצלנע דערשראָקענע יידן לויפן אַדורך אין שול אַריין.

אין שול איז אַ געדריקטע שטימונג. נישט קיין סימן פון „קערות״ און אַפילו קיין ליכט זענען נישט אָנגעצונדן. ס׳איז שוין נאָך מנחה. יידן האָבן עפּעס „אַריינגעכאַפּט״ ביי דער סעודה פאַרן תענית... מען צינדט־אָן ליכט און מען ווינשט זיך איינער דעם צווייטן, מער מיט שטיקנדיקע טרערן, ווי מיט ווערטער. בלויז מענער גייען צו „כל נדרי״. פרויען און קינדער בלייבן אין שטוב. די תפילות ווערן אָפּגעריכט שנעל און יעדער לויפט אַ היים. די קאָזאַקן נוצן דערווייל אויס די געלעגנהייט און רייסן זיך אַריין אין פריוואַטע הייזער, רויבנדיק אַלץ וואָס קומט זיי אונטערן האַנט.

די לאַגע איז געוואָרן ערנסטער ווען פאַר „כל נדרי״ איז אַרעסטירט געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע יידן אַלס ערובניק, אַז די יידישע באַפעלקערונג וועט אין פאַרלויף פון 3 שעה צושטעלן 200 פּוד האָבער

פארן מיליטער — אנדערש וועט מען דעם ייד אויפ־הענגען. פארשטייט זיך, אז יידן האבן זיך באלד ארויסגעלאזט, טראץ דעם הייליקן יו"ט, צווישן די ארטיקע קריסטן, כדי אויפצוקויפן דעם געפאדערטן האבער. דער ייד איז באפרייט געווארן, ווען 300 פוד האבער, במקום 200, זענען צוגעשטעלט געווארן אויפן אנגעוויזענעם פלאץ.

א גאנצע נאכט זענען די מענער ארומגעגאנגען פאר זייערע הייזער, אפהיטנדיק זייערע פאמיליעס קעגן איבערפאלן. ווען זעלנער־כוליגאנעס האבן זיך געוויזן ביי א יידישער שטוב האבן אלע אנגעהויבן שרייען, ביז פאליציי מיט א הויכן מיליטער־אפיציר פלעגן פארטרייבן די אנפאלער. אויך די יידן אליין, ארגאניזירטערהייט, האבן אין עטלעכע פאלן אפגע־שלאגן איינצלנע כוליגאנעס.

יום־כיפור אינדערפרי. די שטימונג איז א שווערע. מען הערט די הארמאטן־שאסן פון דער נאענטער גרע־נעץ ביי סטאפניץ. גאר פרי דאוונט מען שוין אין אלע „מנינים", כדי וואס־פריער צוריקצולויפן אהיים.

פלוצים, פאראורדנט דער בלוט־דורשטיקער גענעראל, אז יידן זאלן עפענען זייערע קראמען. דער ארטיקער רב איז מתיר און יידן פירן אויס די גזירה. נאך שחרית פאראורדנט דער גענעראל, אז די היטל־מאכער אין שטאט זאלן צושטעלן ביז אוונט 50 היטלען פאר זיינע אפיצירן. יידן פירן אויס אויך דעם באפעל. אבער, דער כוליגאנישער גענעראל רוט נישט. ער ארעסטירט 3 חשוב'ע בעלי־בתים און פאדערט פון זיי אן אונטער־שריפט, אז יידן וועלן נישט פארקויפן קיין לעבנסמיטל די אנקומענדיקע עסטרייכער, אין פאל ווען זיי וועלן פארנעמען סטאשעוו. ער פאדערט אויך פון די ארעס־טירטע יידן, זיי זאלן זיך ארויסלאזן אין דער סביבה און צונויפקלייבן פאר אים שפייז, און אז אלע בעקערס זאלן באקן פארן מיליטער ברויט א"א"וו.

מיטיק־צייט איז אין שטאט־שפיטאל אנגעקומען א



קברות 11 הקדושים, שנרצחו בסטאשוב ביום־כיפור 1914 — די קברים פון די 11 אומגעקומענע יידן אין סטאשעוו אין יום־כיפור 1914

פויער פון שטשעגום, אַ נאָענטן דאָרף, מיט אָפּגעבריטע הענט פון אַ שריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין זיין הויז. אַן אַנטיסעמיטישע קריסטין האָט אונטערגעהעצט דעם פויער זיך צו פאַרקלאָגן פאַרן כוליגאַנישן גענעראַל, אַז די דאָרפס־יידן האָבן אים אונטערגעצונדן. דער גענעראַל האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט אָן דער מציאה און פאַראָרדנט גלייך ברענגען פאַר אים די „שולדיקע".

פאַרנאַכט האָבן די קאָזאַקן געבראַכט 11 יידן פון יענעם דאָרף, צווישן זיי אויך אַ סטאַשעווער ייד, אַ באַוווּסטער בן־תורה, וואָס איז געווען אין דאָרף בעל־תפילה. די סטאַשעווער יידן מיטן רב בראש, זענען געלאָפן צום גענעראַל אויפצווייזן דעם אַבסורד פון דער באַשולדיקונג, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס אין הייליקן יום־טוב, יום־כיפור, טאָרן יידן איבערהויפּט נישט אָנצינדן קיין פייער — אָבער אָן דערפאָלג. ער האָט אַפילו נישט צוגעלאָזן קיין איינעם פון דער דעלעגאַציע צו זיך, דראָענדיק זיי צו דערשיסן.

איינער פון די 11 אומשולדיקע איז גלייך אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף אַ לאַמטערן־סלופּ אין מיטן מאַרק, און די אַנדערע 10 זענען הינטערן שטאָט דערשאָסן געוואָרן, נאָכדעם ווי זיי זענען אכזריות'דיק צעשלאָגן געוואָרן מיט די קאָזאַקישע נאַגייקעס. די יידישע קרבנות זענען באַגראָבן געוואָרן אין אַ פריער־צוגעגרייטן גרוב, נעבן דעם עקזעקוציע־פּלאַץ.

די בהלה ביי „נעילה" איז געווען גרויס. קיינער איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן. דער גענעראַל האָט באַפרייט די 3 פריער־אַרעסטירטע יידן מיטן באַדינג, זיי זאָלן צומאָרגנס פאָרן פאָרויס פאַרן מיליטער אין די נאָענטסטע שטעטלעך, ווי באָגאָריע, איוואַנסק און אָפּט, כדי צוצוגרייטן פאַרן אָפּטרעטנדיקן מיליטער אַלע זיינע באַדערפענישן.

צומאָרגנס זענען די קאָזאַקן אָפּגעטראָטן. דאָס עסטרייכיש־דייטשע מיליטער איז אַריין אין שטאָט. די טויט־איבערגעשראָקענע יידן האָבן געבעטן אַ דערלויבעניש אויסצוגראָבן די 10 דערשאָסענע יידן און ברענגען זיי צו קבר־אבות. אין טיפן טרויער האָט די יידישע באַפעלקערונג באַוויינט די קדושים, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם אין דעם הייליקסטן יום־טוב ביי יידן — יום־כיפור.

דעם גאַנצן טאָג גיסט אַ שלאַקס־רעגן, אַ מבול — ווי די גאַנצע נאַטור וואָלט מיטגעוויינט אויף דעם אומגליק...

# פנחס גאלדהאר טבעון / זכרונות און באטראכטונגען

די ערשטע שטראלן פון דער אויפגייענדיקער זון זענען געפאלן אויפן שפיץ־טורם פון דער „טומאה" (קירכע), וועלכע איז געלעגן אין סאמע סוף פון טומאה־גאס, צום מזרח פון שטעטל. די לעצטע שטראלן פון דער אונטערגייענדיקער זון זענען געפאלן אויפן הויכן בלעכענעם דאך פון דער שול (בית־כנסת), וואס איז געשטאנען אין שול־גאס, צום מערב פון שטעטל. די „טומאה", דער לעצטער בנין אין סאמע עק פון שטעטל, איז געווען ארומגערינגלט מיט א מויער, מיט אלטע שאטנדיקעביימער, נעבן פעלדער פון ווייץ, האבער און גערשטן. — די שול איז געשטאנען אין סאמע מיטן פון יידישן דלות, נעבן די גאסן זלאטע[1], בלאטנע, און א צייכן פון א גרעזל אדער א ביימל, געסטראשעט א גאנצע וואך, אויפוועקנדיק זיך צום לעבן אין שבתים און ימים־טובים. פון דער „טומאה" האט געפירט א שיינע אליי, אויסברוקירט מיט קיזל־שטיינער (קייַלעכיקע נאטור־שטיינער), צום צמענטאזש (קריסטלעכער בית־עולם). וואס האט זיך געפונען אויף א בערגל, מיט א סך געמויערטע משפחה־קברים, מיט א סך ביימער אין שויס פון נאטור — און אליין א שטיק נאטור. דאס אלטע יידישע בית־הקברות, וואס איז געלעגן אין סאמע סוף פון דער שול־גאס, א וואלד פון פארקרומטע, איינגעזונקענע, קוים־לעזבארע מצבות, ארומגערינגלט מיט א מויער, מיט איינגעבראכן דא און דארט, ווו ציגן האבן זיך געפאשעט אדער געשפרונגען איבער די מצבות. דאס נייע בית־עולם איז שוין געווען פיל סימפאטישער, זייענדיק באוואקסן מיט א סך סאסנע־ביימער, וואס האבן אזוי אנגענעם געראשט בעת שטילע ווינטלעך. אבער ער איז געלעגן אזוי ווייט, צום דרום פון שטעטל, און דער וועג אהין א האלב־זאמדיקער, אז ביז חברה מ׳סאסקין (מתעסקין) זענען געקומען מיטן מת — איז מען ממש געפאלן פון די פיס.

דער פיר־עקיקער מארק, פון אומגעפער 400 מ׳ פון יעדער זייט, איז באשטאנען בלויז פון איינשטאקיקע הייזער — אונטן געוועלבער און אויבן וווינונגען.

די דעכער געדעקטע מיט בלעך און אייביק־ראוויקע קוימענס. געצווי אין מיטן איז געשטאנען א ראט־הויז, אין א שטאט־ראט, בלויז געוועלבער ארום און ארום, געדעקט מיט רויטע דאכווקעס און א טורם פול מיט סאוועס. און א גלאק האט דער טורם געהאט, וואס האט „מראליש" (געמיינט: אימה׳דיק) געקלונגען ביינאכט, בעת ס׳איז אויסגעבראכן א שרפה. נאר 2 מארק־זייטן האבן געהאט ביימער־אלייען, איינע פון קאשטאנעס־ביימער און די אנדערע: בעז־ביימער (אקאציען). די בעז־ביימער האט מען גערן געהאט צווישן פסח און שבועות, צוליב דעם אנגענעמען ריח וואס זיי האבן פארשפרייט, און די קאשטאנעס־ביימער אין סוכות־צייט, צוליב די קאשטאנעס, א פרוכט, וואס מ׳האט טאקע נישט געקאנט עסן, אבער דערפאר אזוי שטארק געגלאנצט פון דער שאל ארויס, און גלייכצייטיק געדינט אלס „געווער" פאר די קונדסים — דארט ווו ס׳איז געווען צו חוצפה׳דיק צו ווארפן א שטיין. אין א ווינקל פון מארק, נישט ווייט פון גענשליצער און אפטער גאסן, איז געשטאנען — ווי להכעיס די שטעטלשע יידן — א קליינער מאנומענט צום ערן פון קריסטוס, ארומגעצוימט מיט א פירעקיקן פלויט, מיט ביימלעך, מיט טרעפ און א בימה אפצוריכטן עפנטלעכע געבעטן. אחוץ דעם שיין־פלאנירטן שטעטל זאל מען דא דערמאנען די זשיקע (טייך) און דעם פארק (גארטן). די זשיקע האט זיך געשלענגלט צו דרום פון שטעטל. לענגאויס א דריי קלם. איז געשניטן געווארן א פאראלעלע ליניע, אביסל העכער פון דער נאטירלעכער, וואס האט דערמעגלעכט צו לאזן אין גאנג טורבינעס און באוועגן 2 מילען. א דאנק דעם זענען אנטשטאנען טיפע ערטער, ספעציעל ביי די „קייטן" (שליוזן) וועלכע האבן רעגולירט די הויך פון וואסער, און אין וועלכע יונגווארג, נאכנישט האבנדיק אנטוויקלט, צו יענער צייט, וועלכן ס׳איז ספארט, האט אין זומער איר ענערגיע אויסגעלאדנט אין דער קונסט פון שווימען.

דער טייך איז געווען דער איינציקער וואסער־מקור פארן שטעטל מיט זיינע גוישע, און בעיקר יידישע

[1] די „גאלדענע" בלשון סגי־נהור — אויף אפצוהוקן ...

וואַסערטרעגער, וועלכע האָבן מיט שעלקעס און האָלצערנע עמערס צוגעשטעלט וואַסער פֿאַר דער גאַנצער באַפֿעלקערונג. ווינטער־צייט איז דער טייך געווען פֿאַרפֿרוירן ביז אַ האַלבן מעטער גראָב, און מיט העק האָט מען געהאַקט שטיקער אייז, באַהאַלטן אין אַזוי גערופֿענע „לאַדאָווניעס", צוגעדעקט מיט זעגעכץ, כּדי צוצוגרייטן אויף זומער סאָדע־וואַסער, אַ ליאָדע, אַ שטיקל אייז פֿאַר אַ קראַנקן אויפֿן שטערן א. אַ. וו. אין דער זשיקע האָט מען אויך געשווענקט און אויסגעקלאַפּט די וועש. די זשיקע איז אויך געווען, ווייניקסטנס איינמאָל אין יאָר, אַ סצענע פֿון פֿאַרפֿלייצונגען. און זעענדיק אויף די מיטרייסנדיקע כוואַליעס פּגרים פֿון חזירים, עופֿות, שטיקער ווענט פֿון האָלצערנע כאַטעס, צווייגן,ביימער א.ד.גל. — האָט מען זיך אין דער קינדערישער פֿאַנטאַזיע פֿאָרגעשטעלט, אַז אָט אַזוי האָט אויסגעזען דער מבול און אַז אָט אַזוי איז פּרעה מיט זיינע רייטוועגן דערטרונקען געוואָרן.

צו דרום פֿון שטעטל האָט זיך אויסגעשפּרייט דער פּראַכטפֿולער גאָרטן. פֿון איין זייט דער טייך, פֿון דער צווייטער אַ שיינער פּלויט אויף אַ יסוד פֿון שטיינער און פּילאַרן אויך פֿון שטיינער, יעדע עטלעכע מעטער שיין פֿאַרמויערט. די וועגן און שטעגן פֿונעם שטאַרק־און גלאַט־געפּרעסטן באָדן, דורכגעשניטן מיט אומצייליקע בלומען־אינזלען פֿון כּלערליי געאָמעטרישע פֿאָרמען, מיט הויכע שאָטנדיקע ביימער און בענק, און דאָס ציכטיקע הייזקעלע פֿון אָגראָדניק (גערטנער), אַרומגערינגלט מיט אַ ים פֿון בלומען אינמיטן — דאָס אַלץ האָט געמאַכט אַן אומגעהויערן רושם אויף יעדן באַזוכער. אין אונזערע קינדער־יאָרן איז דער גאָרטן אין אַלגעמיין געווען אַ פֿאַרווייליגס־אָרט נאָר פֿאַר די פּאָליאַקן. שפּעטער, נאָכן באַפֿרייען זיך פֿון דער מאַמעס פֿאַרטוך און טאַטנס שטיבלעך און בתּי־מדרשים — איז דער גאָרטן אויך באַליבט געוואָרן פֿון יידן און ספּעציעל פֿון יוגנט.

## שטעטלשע פּרנסות

אין אָט דעם שטעטל האָבן געלעבט העכער 5000 יידישע נפֿשות, וואָסערע 50% פֿון דער אַלגעמיינער אָרטיקער באַפֿעלקערונג. נישט נאָר די וווינונגען נאָר אויך די געשעפֿטס־לאָקאַלן אין מאַרק זענען געווען באַזעצט אויסשליסלעך פֿון יידן, מיטן אויסנאַם פֿון די צוויי פּוילישע אַפּטייקערס און עטלעכע חזיר־סוחרים. און וואָלט חזיר נישט געווען אַזוי מיאוס און נמאס, דער סימבאָל פֿון נישט טאָרן און נישט מעגן, וואָס איז אַמבעסטן געקומען צום אויסדרוק אינעם אָפֿטן ווערטל: „אסור־חזיר" — וואָלטן אַוודאי די עטלעכע געשעפֿטן אויך געווען יידישע. די יידן האָבן אויך באַוווינט אַלע גאַסן און געסלעך, וואָס זענען געלעגן נאָענט צום מאַרק. אַ גרויסע צאָל פּאָליאַקן זענען געווען לאַנדווירטן. אין דער פֿרי פֿלעגן די פּאַסטוכער טראָמביען מיט הערנער, ווי שופֿרות, און צונויפֿגערופֿן די בהמות און קעלבער, טרייבנדיק זיי אויף די בלאָניעס (ספּעציעלער פּאַשע־באָדן). שניט־צייט פֿלעגן פֿורן, אָנגעפּאַקטע אין דער ברייט און הויך מיט בינטלעך זאַנגען, דורכפֿאָרן דעם מאַרק, בעת מיר, יידישע קינדער, אויסגעהונגערטע נאָך אַ ביסל נאַטור, פֿלעגן זיך אונטער׳גנב׳ענען און אַוועקזעצן זיך אויפֿן הינטערשטן דישעל, אָן פּחד צו כאַפּן אַ שמיץ פֿונעם גוי׳ס בייטש. אָבער די גרעסטע שׂמחה איז פֿאַר אונז געווען אין הערבסט. יידן, וואָס פֿלעגן זיך אָנגרייטן סאָנגעס האָלץ אויפֿן ווינטער, פֿלעגן מאַנכעסמאָל מיטשיקן זייערע קינדער אין וואַלד אַריין צו היטן דעם פֿויער, ער זאָל נישט אַראָפּוואַרפֿן עטלעכע ליפֿעס פֿאַר זיך. אין אַזאַ פֿאַל האָט מען זיך שוין אויסגעפֿאָרן פֿאַר אַ גאַנץ יאָר, גענומען אַפֿילו די לייצעס אין די הענט אַריין און געזען אַ נייע וועלט פֿאַר זיך: אַ וואַלד פֿון ריזיקע דעמבעס, בעריאָזעס, סאָסנעס, — אַ וועלט צו וועלכער מיר האָבן אַזוי שטאַרק געגאַרט.

יידישע פּרנסות האָבן באַזירט אויף מלאָכה, ווי: שיסטערס, שניידערס, היטלמאַכערס, סטאָליערס, קאָוואַליעס, סטעלמאַכערס, ביטשיסקע־מאַכערס, בעקערס, קצבֿים, גאַרבערס, קירזשנערס, מאַלערס, זייגערמאַכערס, גאָלדשמידן, קוניאָזשעס און בעלי־עגלות — און פֿאַר אַלעם: סוחרים. די אַלע דערמאָנטע מלאָכות זענען געווען בטל־בששים אין באַצוג צו מסחר. די בעלי־מלאָכות אַליין זענען אין זייער מערהייט אויך געווען

סוחרים, פאַרקויפנדיק זייער אייגענע פּראָדוקציע. ערשט אין די יאָרן פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות האָט זיך גענומען אויסקריסטאַליזירן אַ קערן פון אַ יידישן אַרבעטער, פּראָלעטאַריער, עני ואביון ווי דער פינגער, וועלכער האָט געקאָנט פאַרקויפן נאָר זיין אַרבעטס־קראַפט. און ווי עס פּאַסט פאַרן עם־הספר האָט אַ געוויסער פּראָצענט יידן געלעבט פון גייסטלעכע פּראָפעסיעס. רבנים מיט מורי־הוראות (לייען: מוירע רואיס), שוחטים מיט גבאים, מלמדים מיט בעלפערס, סופרים (וואָס האָבן געשריבן ספרי־תורות, תפילין און מזוזות־סת״ם), שמשים, שדכנים און בדחנים. אגב, האָבן די לעצטע געטראָגן דעם ערן־טיטול „מאַרשאַליק" (פּאַרוואָס?). כדי צו דערגענצן דאָס בילד פון די יידישע שטעטלשע פרנסות מוז מען אויך דערמאָנען די פּראָפעסיע פון... בעטלעריי. די מינדסטע געשעעניש איז נישט פאַרגעקומען אָן בעטלערס. טאָג־איין טאָג־אויס האָט מען מאַרשירט פון טיר צו טיר נאָך אַ נדבה, אַ שטיקל ברויט, אַ קלעצל צוקער א. אַ. וו. ס'זענען געווען אָרטיקע בעטלערס און דורכפאָרנדיקע, מענער און פרויען, געוויינלעכע און „בכבודיקע", „פּראָפעסיאָנעלע" און צופעליקע שנאָרערס. אַ חתונה ביי יידן — אַ ספּעציעלער טיש פאַר בעטלערס, אַ לוויה להבדיל — ווידער בעטלערס, צווישן זיי פּראָפעסיאָנעלע וויינערס. צום שבת־יום־טוב־טיש פלעגט יעדער בכבוד'יקער בעל־הבית (לייען: באַלעבאָס) אַהיימנעמען אַ בעטלער, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן אַן אורח (לייען: אוירעך).

ביי דער געלעגנהייט לאָמיר דערציילן 2 וויצן, אום אַ ביסל חוזק צו מאַכן פון קמצנ'ישע נגידים. 1) אַ קאַרגער נגיד האָט אויף זיין שבת'דיקן טיש — להיפוך צום מנהג — אויך אַרויפגעלייגט ברויט נעבן דער חלה. דער אויסגעהונגערטער אורח האָט נאָר „געריפּעט" (געגעסן) פון דער חלה, בעת דער נגיד האָט שיער נישט געפּלאַצט.

און דאָ הייבט זיך אָן אַזאַ קורצער דיאַלאָג:

נגיד: — פעטער, עסט אַ שטיקעל ברויט אויכעט!

אורח: — חלה איז בעסער.

נגיד: — האָט גאָט אין האַרצן, חלה איז דאָך טייער!

אורח: — ס'איז אָבער ווערט.

2) צו אַ קאַרגן גביר, מיט אַ פּאַטשישער נשמה, איז צום שבת'דיקן טיש אַריינגעפאַלן אַן אורח מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און הויכן שטערן. בעת דער נגיד האָט באַמערקט ווי דער אורח פרעסט נאָר חלה האָט ער אים, אָנדייטנדיק אויף זיין אויסזען, כאָטש אַריינגעזאָגט בזה הלשון: — פעטער, איר זייט געגליכן צו אַ ווינטערדיקער, פּראָסטיקער נאַכט: אויבן אויסגעשטערנט, אונטן ווייס־שניי און... פ ר ע ס ט!!!

## יעדער טאָג — זיין פּרצוף

אין אונזער ישראל'דיקן לעבנס־שטייגער פאַרגעסט מען צומאָל דעם טאָג אין דער וואָך. נישטאָ קיין אָנהאַלט־פונקט אונטערצושיידן צווישן איין טאָג און דעם אַנדערן. אין סטאַשעוו דאַקעגן האָט מען דאָס נישט געקאָנט פאַרגעסן. יעדער טאָג האָט דעם מאַרק, דער צענטראַלער נערוו פונעם שטעטלשן מאַטעריעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, געגעבן זיין ספּעציפישן אויסזען. אין דער לופט האָט זיך ממש געפילט די בולט'ע אַנדערשקייט פון יעדן טאָג באַזונדער. און אָט איז אַ כאַראַקטעריסטיק פון די 7 וואָכן־טעג.

## ז ו נ ט י ק

פוילישער חגא (לייען: כאַגע). יידן האָבן געמוזט האַלטן די געשעפטן געשלאָסן און זיך געדרייט אַהין און אַהער, אַריינגייענדיק אין די געשעפטן דורך דער הינטערשטער טיר, אָדער בגנבה אַביסל געעפנט די פאָדערשטע טיר. די 2 „טומאה"־גלאָקן האָבן גערופן די קריסטן צום געבעט, בעת די לעצטע האָבן פון אַלע ריכטונגען געשטראָמט אַהין און צוריק.

## מ אָ נ ט י ק

יאַריד. די פויערישע וועגעלעך פון די אַרומיקע דערפער האָבן אָנגעפילט דעם מאַרק „אָן די ביך", אָדער: אַז „אַ שפּילקע צו דער ערד איז נישט צו וואַרפן", און דאָס אין אַזאַ פלאָנטער, אַז ס'איז געווען „קריעת־ים־סוף" זיך דורכצורייסן אַ שטייגער פון דער פּאָטשענע (טראָטואַר) צום ראָטהויז. דער אַלגעמיינער טומעל און רעש פון די מענטשן, עופות, בהמות און

חזירים, דאָס פּאַטשן זיך אין די הענט אַריין בעת'ן האַנדל, די מאַסן מענטשן אויף די טראָטואַרן און מאַרק — דאָס אַלץ האָט געקאָנט פּאַסירן נאָר מאָנטיק.

און ווער שמועסט נאָך, אַז אין אַזאַ יאַרידס־טאָג איז אויסגעבראָכן אַ שריפה'לע, און די פּויערים האָבן גענומען אַנטלויפן מיט פערד און וואָגן, אויס פחד מ'זאָל צום אויסדרוק, וועלנדיק קושן, האַלדזן און אַלץ אָוועק־געבן. ענדלעך האָבן די באַבעס (פּויערטעס) גענומען די לייצעס אין די הענט — און וויאָ אַהיים. דער דאָזיקער פריילעכער ספּעקטאַקל, אויף וועלכן, אגב, מיר קונדסים פלעגן קוקן און פּלאַצן פאַר געלעכטער, — האָט געקאָנט פּאַסירן נאָר מאָנטיק.



ככר־השוק — שטעטלשער מאַרק

זיי נישט כאַפּן די פערד צו שלעפּן די שיקאַוואָקעס (האַנט־פּאָמפּעס) און דער ליאַרם פון אַלע קעגן אַלע איז דערגאַנגען עד לב השמים, אַז איינער זאָל עפענען אַ וועג פאַר דעם צווייטן כדי זיך צו באַפרייען פונעם פלאָנטער, אין וועלכן זיי האָבן זיך אַליין, ווי מיט אייגענע הענט, אַריינגעדרייט — דעמאָלט איז געווען דער אמת'ער יאַריד אין שטעטל. פּאַרנאַכט פלעגן נאָך בלייבן עטלעכע שיכור'ע גויים ליגן אין די אייגענע וועגעלעך, אָדער אין אַ רינשטאָק (אָפענער קאַנאַל פאַרן וואַסער־אָפּלויף), אָדער זיך וואַקלנדיק ווי ס'איז זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס און געכאָרכלט, געשריגן און געשאָלטן מיט דער גאַנצער רציחה. און ס'זענען אויך געווען שיכורים, אויסנאַמען, וואָס די גאַנצע גוטסקייט פון אַ מענטש איז ביי זיי דעמאָלט געקומען

### דינסטיק

דער מאַרק איז ליידיק. אַ חוץ די פערד און וועגעלעך פון די יידישע בעלי־עגלות זעט מען נישט קיין סימן פון אַ פּויעריש וועגעלע. אַלץ איז שטיל, ווי אויסגעשטאָרבן. אין די אָפענע געשעפטן זיצן קרעמער און גענעצן. נאָר מאַגיסטראַטסקע (שטעטלשע) גוי'שע סטרוזשעס זענען באַשעפטיקט — זיי קערן אויס דעם מאַרק פון נעכטיקן יאַרידס־שמוץ און פערד־מיסט.

### מיטוואָך

דער מאַרק איז שוין ריין. נאָך שטילער פון דינסטיק. אין מיטן מאַרק שפּאַצירן עטלעכע זקנים און ריידן וועגן חידושי־תורה. בין ענין לענין באַהאַנדלט מען שוין אַביסל קהל'שע ענינים און פּאָליטישע נייס פון

דער גרויסער וועלט, ווייטער צו לויפט אַ כאַפּטע ייִנגלעך נאָך אַ משוגענעם.

## דאָנערשטיק

אַ קליינער, נאָכגעמאַכטער יאַריד. אַ שאָטן פון אַ יאַריד.

## פרייטיק

פרייטיק איז נישט געווען קיין טאָג, וואָס האָט געלעבט מיט זיין אייגענעם זכות. פרייטיק איז ערב־שבת און ווערט באַלויכטן — ווי די לבנה פון דער זון — פון שבת. קודם כל האָט מען פרייטיק געלערנט נאָר אַ צוויי־דריי שעה ביי די רבי״ס (מלמדים). און נאָר אַרויס פונעם חדר, פונעם שטיקנדיקן קרימינאַל אויף דער פרייער לופט — איז מען גלייך געלאָפן אויף די בלאָניעס, צו נחום גאָרבער אויף די פּיאָסקעס (זאַמדי־קער שטח), דער איינציקער ייד אין סטאַשעוו, וואָס האָט געלעבט ווי אַ פּויער איינער אַליין אַ קילאָמעטער ווייט פון שטעטל. מ׳האָט געשפּילט אין פּאַליאַנץ (אַזאַ באַלעם־שפּיל), אין רושאָקעס (קנעפּ פון רוסישע מונ־דירן) א. אַ. וו. אינדערהיים האָט מען באַקומען אַ ספּעציעל געבעקס, אַ רודישל. זיידע און באָבע האָבן געטיילט אַלע אייניקלעך שאַבעשויבס (שבת־אויבסט). די הכנות צום שבת זענען געווען אין פולן גאַנג. דאָס באַקן און קאָכן אויף שבת האָט אַוודאי געקאָסט מער ווי די פּרנסה פאַר אַ גאַנצער וואָך. די פלאָדנס, די אייער־קיכלעך, די יויך פול מיט אויגן, די פעטע הינער און גענז, דאָס רוימען די שטיבן, רייבן די האָלצערנע פּאָדלאָגעס, וואַשן און צוואָגן די קינדער (צווישן אַ האַלב אין אַ גאַנץ טוץ אין אַ משפּחה), דאָס לויפן פון די עלטערע יידן און יידענעס אין מקוה אַריין, אין באָד אַריין, דאָס פוצן פון די זיידענע און סאַמעטענע כאַ־לאַטן, ייִפּיצעס און שטריימלעך. בקיצור: אַלץ האָט געשמעקט מיט ערב־שבת.

## שבת אַליין — שבת קודש

די גאַנצע וואָך איז נישט באַשאַפן געוואָרן נאָר כדי צו זען דעם אונטערשיד צווישן וואָכיקייט און הייליקייט, בין חול לקודש. די גאַנצע וואָך האָט געדינט נאָר ווי אַ קאָרידאָר אין דעם פּאַלאַץ פון שבת. אַ גאַנצע וואָך זיך אַרומגעטליקעט, אַרומגעוואָלגערט, אָפּגעקומען מיט שמעס־צעסקעס, מיט בילעוואָס, מיט אַ קאַפּושניאַק און פּאָסנע זשעמיקעס (טרוקענע קאַר־טאָפל), איז אָבער געקומען דער שבת איז דער מאַן — אַ מלך, די ווייב — אַ מלכה און גראַפן די קינדער. שבת באַקומט אַ ייד אַ נשמה־יתרה און רוט מיט דער געט־לעכקייט אַליין (וישבות ביום השביעי... ויקדש אותו). די פרייטיקצונאַכטס־און שבת־סעודות ווערן געפּראַ־וועט לויט געניע פאַרשריפטן פון שולחן־ערוך. צווישן איין פּאָרציע און דער צווייטער ווערן געזונגען ספּעציעלע זמירות. אַלץ איז ציכטיק. ווייס געדעקטער טיש מיט אַלעם בעסטן, מיט זילבערנע לייכטערס און בעכערס, זייד און סאַמעט. די שטימונג איז פייערלעך און יידן פילן, ווי זיי וואָלטן געזעסן ביים כסא־הכבוד און מלאכים זינגען שירה.

צוליב דעם שטאַרקן קאָנטראַסט צום לעבן פון אַ גאַנצער וואָך איז יעדער שבת געווען אַן איבערלעבע־ניש. פאַר אונז, חדר־ייִנגלעך, איז שבת אויך געווען אַ באַפרייאונג פון אַ קאַשמאַר, פאַראורזאַכט פונעם פּחד פאַרן רבי׳ן און זיין אכזריות׳דיקן שלאָגן. שבת נאָכ־מיטיק איז דער מאַרק מיט די אַרומיקע גאַסן געווען נאָך שטילער פון אַ גאַנצער וואָך. די געוועלבער פאַר־האַקט און יידן שלאָפן זייער שנה־בשבת־תענוג. אַ לעבעדיקן נפש איז נישט געווען צוזען אין די גאַסן, אַ חוץ טיילמאָל אַ בעל־עגלה, וועלכער האָט געמוזט פירן זיינע פערד צו דער זשיקע אָנפויען (אָנטרינקען). שבת פאַרנאַכט האָט מען געפּראַוועט די לעצטע שבת־דיקע סעודה — שאַלישידעס (אַוודאי אַ מעטאַמאָרפאָזע פון סעודה שלישית), ביז אין דער נאַכט אַריין, זיצנדיק אין דער פינצטער און זינגנדיק מיט דבקות און צער אויף דעם אַוועקגייענדיקן שבת. און אַז דער הימל איז פול געוואָרן מיט שטערן (ס׳זענען גענוג דריי), האָט מען אָנגעצונדן אַ ליכטל און געמאַכט די „הבדלה״. באַלד האָט זיך געפילט אַ וואָכיקייט, אויס שבת, ווידער קאַלאַמוטנע אויף דער נשמה. און מיר, חדר־ייִנגלעך, ווידער צוריק אין ביטערן חדר אַריין — צו די בייזע מלמדים.

און זאָל מיר ביי דער׳ געלעגנהייט דערלויבט זיין עפּעס צו באַמערקן: דער אויבנדערמאָנטער קאָנטראַסט צווישן אַ גאַנצער וואָך און שבת איז אין איינקלאַנג צו דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויאונג פון גאָט און טייוול, גן־עדן און גיהינום, גוטס און שלעכטס, צדיק און רשע, ליכט און פינצטערניש — און ממילא: ייד און גוי, חול וקודש, וואָכיקייט און יומטוב׳דיקייט. אַזוי איז ביי אַלע רעליגיעס, אָבער ביי יידן האָט דער׳ קאָנטראַסט אָנגענומען זיינע שאַרפסטע פאָרמען. דאָס קולטור־לעבן, וואָס מיר געניסן, כמעט יעדן טאָג, דורך צייטונג, ביכער, טעאַטער, קינאָ, אָפּערע, ראַדיאָ א. אַ. וו., איז ביים רעליגיעזן יידנטום קאָנצענטרירט געוואָרן, אין זין און פאָרם, אויפן שבת און ימים־טובים.

אין זיינער צייט איז איין אַבסאָלוטער רו־טאָג נאָך 6 אַרבעטס־טעג אַוודאי געווען אַ גרויסע סאָציאַלע דערגרייכונג. און ס׳לייגט זיך אופן שכל, אַז די פאַר־שטעלונג פון בריאת־העולם, ווי מיר לייענען זי אין דער׳ פרשה „בראשית״, איז מער אַ רעזולטאַט פון אָט דער סאָציאַלער דערגרייכונג, ווי פאַרקערט. היינט, ווען מ׳קאָן שוין זען קלאָר אויפן האָריזאָנט דאָס דערנענטערן זיך פון צייטן ווען מענטשן וועלן אַרבעטן איין טאָג אין דער וואָך און 6 טעג האָבן שבת, צייטן פון סאָציאַ־ליזם און קאָמוניזם, אָדער אין לשון פון יידישער טראַדיציע: צייטן פון אחרית־הימים, פון מלכות שדי עלי־אדמות — קאָנען מיר נישט מער אַזוי פייערן און פאַרהייליקן דעם שבת. מיר באַמיען זיך צו ליקווידירן איבעראַל די קאָנטראַסטן, ווי צווישן רייך און אָרעם, צווישן ייד און גוי, און אויך אַוועקשטעלן אַ האַרמאָניע צווישן שבת און ששת ימי המעשה — איין לאַנגער שבתון וועט האָפנטלעך זיין בעסער.

## אונזערע מלמדים און זייערע דערציאונגס־מעטאָדן

אונזערע מלמדים, יעדנפאַלס די, ביי וועלכע איך האָב געלערנט, האָבן אונז דערצויגן מיטן קאַנטשיק און אומ׳ברחמנות׳דיקן שלאָגן. קיין גרויסע טענות צו זיי, און צו אונזערע עלטערן, קאָן מען נישט האָבן. ביי יידן, און נישט נאָר ביי יידן, האָט געהערשט די אויפפאַסונג, אַז „יצר לב האדם רע מנעוריו״, און נאָר מיט אָנוואָרפן אַ פּחד קאָן מען דאָס קליינוואַרג ברעמזן און איינהאַלטן זייער צער׳שטערערישן אינסטינקט. און ווער איז אונז אַ גרעסערער אויטאָריטעט פון שלמה המלך וואָס האָט געשריבן: „חושך שבטו שונא בנו ואהבו שחרו מוסר״ (משלי י״ג כ״ד).

צו דריי יאָר האָט מען מיך געשיקט צו חיימ׳ל ראַפּניק (ראַפּניק איז געווען אַ צונאָמען. אין סטאַשעוו האָט יעדער צווייטער געטראָגן אַ צונאָמען — נאָר וועגן דעם אַביסל ווייטער). מיר זענען געזעסן אויף דער גאָלער פּאָדלאָגע, און יעדעסמאָל האָט דער רבי צוגע־רופן אַן אַנדער קינד און מיט אַ טאַטעלצל (טייט־העלצל) אין איין האַנט און קאַנטשיק אין דער צווייטער אונז געלערנט דעם קמץ־אלף אָ: א. אַ. וו. שפּעטער האָב איך געלערנט ביי יחיאל מגיד, זאַנוועלע מלמד, בלינדער בעריש און אַנדערע. שווער צו געדענקן אונ־זערע דערציער׳ צום גוטן. זיי האָבן (מיט גוטע כוונות) אונזערע קינדער־יאָרן פאַרוואַנדלט אין... פינצטערע יאָרן. (זאָלן זיי, זייערע קינדער און קינדס קינדער מיר מוחל זיין. מיר שרייבן נישט עמיצן צו באַליידיקן, נאָר צו שילדערן אַווירקלעכקייט פון פריידן און ליידן, אַ ווירקלעכקייט וואָס איז אַ רעזולטאַט פון באַשטימטע באַדינגונגען — אין דער איבערצייגונג, אַז ווען מיר וואָלטן געלעבט אין זייער׳ היינט און צייט וואָלטן מיר אויך ענלעך געהאַנדלט. דור דור ודורשיו).

כ׳געדענק נישט מען זאָל אונז אַמאָל האָבן געוויזן אַ שמייכעל, אַ פרייען ווונק, מ׳זאָל אונז זאָגן אַ גוט וואָרט, אַפילו ווען מ׳האָט יאָ געקאָנט דאָס שטיקל חומש־רש״י, אָדער דעם שיעור גמרא. די אימה, דאָס „פאַלכעס״ פאַרן רבין איז אייביק אויף אונז געפאַלן. אַז מיר האָבן געזען דעם מלמד אין צווייטן עק מאַרק — זענען מיר אַנטלאָפן וווהין ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. און בכלל פאַר וואָס מיר האָבן אַלץ באַדאַרפט מורא האָבן: פאַר גאָט און להבדיל פאַרן טייוול, פאַרן מלאך־המוות („ער שפּאַצירט דאָ אַרום צווישן די הייזער״ — פלעגט מען זאָגן, אַז עמיצער׳ איז געווען שווער־קראַנק, אויפן אָרטיקן דיאַלעקט האָט מען דאָס גערופן: „געהאַלטן שמאָל״), פאַר שדים און רוחות, פאַרן ציגיינער, פאַר יעדן גוי און שייגעץ, פאַרן גלח׳ס הינטעלע (אויף אַ

**גרויסן רשע פלעגט מען זאגן: „בעסער האבן צוטאן מיטן גלח'ס הינטל ווי מיט אים"). בלויז די מאמע, די יידישע מאמע, די „זינדיקע אשה", ווי זי איז גערופן געווארן — איז געווען דער איינציקער מקום־מקלט וווּ זיך צוצוטוליען, צו באהאלטן אין איר פאטשיילע דאס דערשראקענע קינדערשע קעפל. נישט איינמאל האבן מיר זיך אין טויט־אנגסט, באגאסענע מיט שווייס, אויפגעכאפט פון שרעקלעכע קאשמאר־חלומות, טרייסטנדיק זיך אז ס'איז געווען נאר א בייזער חלום. אויב נאך דעם אלעם זענען מיר ווי ס'איז אויסגעוואקסן נארמאלע מענטשן, מעגן מיר טאקע גומל בענטשן.**

## זאנוול מלמד פאקט אונז אויף דער „הייסער מינוט"

אין א שבת נאך דער סעודה, בעת טאטע־מאמע האבן הנאה געהאט פונעם „שנה־בשבת־תענוג", האבן מיר קינדער שטיל זיך ארויסגע'גנב'עט פון שטוב, מוחל־טובות געווען טאטע־מאמעס־תענוג, און געמאכט אין אונזער הויף (דוד אבא'לע פישל'ס, זעליג קינסטלערס און אלטער זייגערמאכער'ס הויף איז געווען גענוג גרויס און פאסיק פאר כל'ערליי שפילן) דעם ריכטיקן „פאליאנץ" (א שפיל אזא).

ס'איז א תמוז־הייסער שבת, און זייענדיק זיכער, **אז אויך אלע מלמדים שלאפן האבן מיר זיך געפילט פריי ווי די פייגל. פלוצלינג, אין מיטן שפיל, שפאצירט זיך אריין, פון דער זלאטע־גאס, א ייד, אנגעטון ווי אין א פראסטיקן ווינטער־טאג, מיט א פאר ווייליקאווע שטיוול, א צאפע, א פוטער, בעת דער הויך־אויפגעשטעלטער קאלנער פארדעקט זיין גאנץ פנים. דער ייד שטעלט זיך אוועק אין א זייט, צוקוקנדיק זיך, רואיק, צו אונזער שפיל. ווער פון די קינדער שרייט נאך אויס: אוועק אין א זייט, א משוגענער! נאך א פינף מינוט ווארפט דער ייד פון זיך אראפ די ווינטער־מלבושים און פאר אונזערע אויגען דערשיינט... זאנוועלע! פאר איבעראשונג און שרעק האבן מיר אפילו אנטלויפן נישט געקאנט. ווי לוט'ס ווייב זענען מיר, יעדער אויף זיין ארט, געבליבן שטיין מיט פארגליווערטס בלוט אין די אדערן. דער מלמד האט זיך גיך אפגעטראגן, נישט זאגנדיק קיין ווארט. אבער זיין שווייגן איז געווען אימה'דיק, נישט אנזאגנדיק קיין גוטס. גייענדיק צומארגנס אין חדר אריין, האבן מיר געקושט די שול־ווענט, בעטנדיק גאט אז דער רבי זאל זיך מרחם זיין. אבער דער רבי האט קיינמאל נישט געהאט קיין רחמנות — און דאסמאל נאך ווייניקער פון אלעמאל.**

## א לערן־שטרייק

**א צען יינגלעך, אין עלטער פון 11—10 יאר, ווי:** פויש „געמבע" (אייזיק קוניאזש'ס זון), אימשע בעקער (עוזר קוניא.ש'ס זון), ישראל'קע באנד, קאפקע „יוקעפקע" (מענדל פרידמאנ'ס זון), יודל „פאצקע" גאלדהאר — מיין ברודער), **אלע עליהם השלום, און איך און נאך וועלכע, האבן זיך צונויפגערעדט צו מאכן א שטרייק נישט צו לערנען מער ביי זאנוועלען, נאר אין מזרחי־חדר.**

טאטע־מאמע האט מען געזאגט, אז מיר ווילן חדר מזרחי ווייל דארט לערנט מען דקדוק. די אמת'דיקע **סיבה איז געווען דאס מערדערלעכע שלאגן. אבער גיי דערצייל דאס דעם טאטן, אז טאקע צוליב דעם האט מען דאך אונז „אנגעדונגען" צו זאנוועלע. א וואך צייט האבן מיר אויסגעהאלטן דעם דרוק פון די עלטערן. טאג־טעגלעך האבן מיר זיך פארזאמלט אין דער סטאדאלנער גאס, ווו יעדעסמאל איז אן אנדערער ארויף אויף א קופע שטיינער און געהאלטן א רעדע צו דערמוטיקן די חברה. לסוף, נאך א וואך־צייט שלאגן אונז און אנדערע סטראשונקעס, איז אונזער „אויפשטאנד" געבראכן געווארן. זאנוועלען איז נישט געווען צו דערקענען. אפשר א חודש־צייט האט ער אונז נישט געשמיסן. מסתמא, אויס פחד צו פארלירן זיין שכר־לימוד פאר א גאנצן „זמן" (זעקס חדשים). שפעטער, פילנדיק אז ער זיצט שוין ווידער פעסט אין זאטל, האט ער זיך גענומען נוקם זיין. יעדעסמאל האט ער א צווייטן „אויפשטענדלער" ארויפגעשטעלט אויפן טיש און אנגעהויבן מיט אים „לערנען" א פרשה דקדוק. און אט אזא בילד, א שטייגער מיט מיר: „האסט געוואלט לערנען דקדוק אין מזרחי־חדר, הא?! פ'נטשאלע דריבצע, מבושם! קום, און אלע וועלן זען ווי איך וועל דיך לערנען דקדוק".**

באַלד האָט ער גענומען די האַנט, און צוזאָגנדיק מיטן טאַקט: אמרתי, אמרת, אמר א.אַ.וו., זי געבויגן ביז געפּערלעכן ווייטיק. דאָס איז געווען, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, בלשון זכר. באַלד האָט ער גענומען די צווייטע האַנט און איבערגע׳חזר׳ט די דאָזיקע „גימנאַס־טיק״ — בלשון נקבה.

אַזעלכע זענען געווען אונזערע מלמדים, אַדער רבי׳ס, ווי מ׳האָט זיי גערופן. אַלע אכזריות׳דיק, ווער מער ווער ווייניקער, אָבער אָן דעם איז עס נישט געגאַנגען. יעדנפאַלס איך האָב נישט זוכה געווען. אויך אין דערהיים איז נישט געווען אַ סך בעסער. אויך דער טאַטע האָט געשלאָגן, געשריגן, געסטראַשעט, אָבער דאָך אַמאָל אויך געגעבן אַ גלעט, געזאָגט אַ גוט וואָרט, און אַמאָל, אין אַ נאַווינע, מיך אויך גענומען ביי דער האַנט און געגאַנגען שפּאַצירן, צוזאַמען מיט דער מאַמען, שבת נאָכמיטיק צו נחום גאַרבער.

אויפן הינטערגרונט פון דער אויבנגעשילדערטער שווערער קינדהייט, דערמאָנען זיך דאָך די געציילטע גוטע זכרונות מיט אַ געפיל פון שטילן צער און זיסער בענקשאַפט. זיי שטראַלן דורך די דיקע, בלייענע וואָלקנס פון די פאַרגאַנגענע עטלעכע צענטליק יאָר און שיקן די וואַרעמקייט פון אַ היים, וואָס ליגט טיף איינ־געבאַקן אין אונזער באַוווסטזיין, אַ היים וועמעס מענטשלעכן און נאַטירלעכן פּייזאַזש מיר האָבן דאָך אַזויפיל צו פאַרדאַנקען — אַ היים וואָס עקזיסטירט לײדער נישט מער.

## שפּילערייען און „פּרינציפּן״

מיט וואָס פאַר אַ שפּילערייען האָבן מיר זיך געקאָנט באַשעפטיקן אין יענע צייטן? אונזערע מלמדים האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם גרויסן ווערט פון גימנאַסטיק און ספּאָרט פאַר דער נאָרמאַלער דערציאונג פונעם יוגנטלעכן. קיין שפּילצייג און פאַרשידענע שפּיל־פּאַ־טענטן האָט מען אויך נישט פּראָדוצירט, יעדנפאַלס האָבן זיי צו אונז נישט דערגרייכט. און דאָך האָבן מיר אויסגעפונען כל׳ערליי שפּילערייען, וואָס האָבן אויסגעפילט אונזער גאַנצע פרייע צייט. דער כוח פונעם נאַטירלעכן באַדאַרף! קודם־כל די שוין דערמאָנטע שפּילן פון פּאַליאַנץ און רושאַקעס. דאַן האָבן מיר פיל צייט אָפּגעגעבן מיט שפּילן זיך אין שטרולקעס, כאָטש דאָס איז אין אַלגעמיין געווען אַ מיידלשער שפּיל. אַ סך צייט האָבן מיר פאַרברענגט מיטן שווים־ספּאָרט, כאָטש מיר האָבן נישט געוווסט דאָס אַזוי אָנצורופן. אָבער דער הויפּט־שפּיל איז געווען מיט שטיינער. מיט דינע, שפּיציקע שטיינדלעך, וואָס מיר האָבן געוואָרפן איבער דער אויבערפלאַך פון דער זשיקע, האָבן מיר געמאַכט „קאַטשקעס״, קאָנקורירנדיק צווישן זיך וועמעס „קאַטשקע״ ס׳וועט מערערע באַוועגונגען מאַכן, ביז דאָס שטיינדל וועט אַריבער אויף דער צווייטער זייט.

מיר האָבן אויך געצילט אין טעלעגראַף־סלופּעס, אַדער אין ביימער און פייגל־נעסטן. אָבער אַמ־פּריילעכסטן איז געווען צו צילן אין שויבן אַריין. דער עיקר אין שויבן, וואָס מ׳האָט נישט געזען, פון אַ צווייטער גאַס למשל, און מ׳האָט זיך נאָר געקאָנט פאַרשטעלן די ריכטונג. טיילמאָל פלעגט איינער אַרויפּ־קריכן אויף אַ דאַך, געבנדיק אָנווייזונגען: אַביסל רעכטס, אַביסל לינקס, נידעריקער, א. אַ. וו., ביז דער שטיין האָט געטראָפן אין ציל, פונקט ווי די גרויסע מאַכן דאָס מיט אַרטילעריע. אָבער מיר האָבן נישט געוואָרפן „סתם״ אין יעדער שויב. מיר האָבן געהאַט „פּרינציפּן״. שטענדיק זענען געווען „וואַגיקע״ סיבות, אַ שטייגער אַ טאַטע ווי מענדל פרידמאַן (ע״ה)׳, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר זיין בן־יחיד און אונז גע־שלאָגן — האָט „זוכה״ געווען צו אונזערס אַ שטיינדל אין פענצטער אַריין. און אַז ס׳זענען דאָך נישט געווען קיין ממשות׳דיקע סיבות עמעצן „מכבד״ צו זיין מיט אַ שטיינדל אין שויב, איז אַ ייד מיט אַ צעקוועטשטער נאָז אויך נישט געווען אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט. אין שטעטל האָט מען אים גערופן ישראל׳קע נאָסיק, און מיר האָבן איבער דער הייזער און דעכער געצילט אין זיינע שויבן. פאַרוואָס? פאַר גאָרנישט! ווייל ווער האָט אים געהייסן האָבן אַזאַ נעזל?

## צונעמען אין שטעטל

אַ דערשיינונג, וואָס עקזיסטירט כמעט היינט נישט מער איז געווען די פּרשה פון צונעמען אין שטעטל.

יעדער צווייטער ייד אין שטעטל האט געהאט א צונאמען. און אז מ'האט עמעצן אזעלכן צוגעקלעפט האט ער זיך אזוי צוזאמענגעוואקסן מיטן אייגענעם נאמען ווי ס'וואלט געווען איין נאמען מששת ימי בראשית. אין אזא פאל איז דער פאמיליען־נאמען אינגאנצן פארגעסן געווארן —ר'איז נאר געווען פארשריבן ערגעץ־ווו, ביי ר' יאנקל זאמפערל, אין מאגיסטראט.

יעדער נאטירלעכער פעלער אדער קאריקאטוריס־טישער שטריך איז געווען א גענוגנדיקע סיבה צו־צוקלעבן א צונאמען — אן רחמים — און דער קרבן האט אים געמוזט טראגן ביזן קבר אריין. ווי א שטייגער: דער בלינדער בעריש, דער לאמער יאסקע, דער טויבער דוד, חיימל שטשערב (אן אויפגעהאקטע ליפ), אייזיק באַרד, יאסל ליסע א. א. וו.

צונעמען לויט ווקס: דער הויכער שלמה, יאנקעלע קרוציק, דער דארער מאיר א. א. לויט פארבן: דער געלער מאטל, דער שווארצער יאנקל, שמואל צ'ארנע, דער ווייסער מאיר, דער בלויער חיים נטע (לייען: כאמנאטע) א. א. צונעמען לויט אויפפירונג, געזינונג, באשעפטיקונג א. א.: איטשעלע גוי, שאול באלשעוויק, שמואל בארשט, אברהם יאסל פאטאגראפיסט, לייביש רימארוש, יוסיפ שוסטער, יחיאל לעקעך־בעקער, עקיבא שמש, טוביה מארשאלעק און נאך און נאך.

אגב, האט מען, אויף דעם געביט, אויך די פרויען נישט געשוינט, און אפילו די ארומיקע שטעט און שטעטלעך זענען געקרוינט געווארן יעדע מיט איר כאראקטעריסטישן צונאמען.

ביי דער געלעגנהייט פון דערמאנען טוביה מאר־שאלעק, א ייד, וואס איז געווען בארימט אין דער גאנצער געגנט אלס ערשטקלאסיקער בדחן, א ייד א תלמיד־חכם, א בקי, א חריף, וועלכער פלעגט שיטן מיט וויצן און גלייכווערטלעך ווי מצה־וואסער, כלאחר־יד, „פון די האנט אפיר", אימפראוויזאטאריש — וויל איך פארצייכענען עטלעכע פון זיינע בארימטע ווערטלעך.

טוביה האט זיך געטראפן אין מקוה מיט א ייד אן עושר. און דער עושר האט, ווי דער שטייגער און אביסל איבער דעם שטייגער, געהאט א גרויסן בויך און „געפרייכט" (שווער געאטעמט) פון פעטקייט. (פארשטענדלעך, אז ר'האט געטראגן דעם צונאמען „בויך"). דערזעענדיק אים האט טוביה געזאגט בזה הלשון: וואלט איך דיר געווען א שונא, וואלט איך דיר געווונטשן זאלסט דאס פארמאגן וואס דיין בויך איז ווערט און איך זאל דאס פארמאגן וואס ער האט אפגעקאסט. א צווייט מאל, אויך אין דער מקוה, האט זיך ווער צו טוביה'ן געוואנדן ער זאל אים אויסבארגן, אויף א ווייל, דעם קאם — דערויף האט אים טוביה מניה וביה געענטפערט: איך וויל נישט זאלסט מוציא „לעז" זיין אויף מיין קאם.

ווי באקאנט איז ביי יידן א מנהג נישט חתונה צו האבן מיט א פרוי, וועמעס נאמען ס'איז ווי דער נאמען פון חתנ'ס מוטער. איז אין סטאשעוו געווען א ייד איטשעלע גוי, וועלכער האט דערויף נישט מקפיד געווען און גענומען א פרוי, מיטן נאמען רישע, ווי דער נאמען פון זיין מוטער. האט דערויף טוביה געזאגט: ווען איטשעלע גוי זאל אוועק'הרג'ענען די מוטער מיטן ווייב וואלט אים גארנישט נישט געקומען. ס'איז דאך א בפירוש'ער מאמר: „משום רשעה אחת אתה מחויב — ואי אתה מחויב משום שתי רשעות". א יונגערמאן האט אמאל גערופן טוביה'ן: ר' מארשאלעק! האט אים טוביה אפגעמאסטן פון אויבן ביז אראפ און געזאגט: — יונגערמאן, ס'פאסט דאך נישט פאר דיר! ס'איז דאך באקאנט: „אומרים מקצת שבחו של אדם בפניו וכולו שלא בפניו" — און דו זאגסט מיר דעם גאנצן שבח אין פנים אריין? — איז ווי האב'ך געדארפט זאגן? — פרעגט דער אין פארלעגנהייט געשטעלטער יונגערמאן. גאנץ פשוט איז געקומען די תשובה: — מארש פון פארנט און... ל־ק פון אונטן!

4 יידן זענען געווען אין שטעטל, שווערע טיפן. איינער א טויבער, דער צווייטער א תלמיד חכם, אבער א גרויסער אביון, דער דריטער א גביר, נישט חס וחלילה א גראבער יונג, אבער נישט געקאנט לערנען — און דער פערטער: נישט טויב, געקאנט לערנען און געהאט געלט אבער געווען קליין. (און פארשטענדלעך געהייסן דער „קליינער"). האט טוביה געזאגט: ווען דער

טויבער וואָלט געהערט, דער לערנער וואָלט געהאַט געלט, דער גביר וואָלט געקאָנט לערנען און דער קליינער וואָלט געוועזן גרויס — וואָלט סטאַשעוו קיין קיום נישט געהאַט!

## אונטער אייביקער שרעק

די שאַרפע קעגנזאַצן צווישן ייד און גוי זענען זיכער געווען גרעסער אין דער פאַרגאַנגנהייט ווי אין אונזערע צייטן. דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם, די קליי־דונג, דאָס עסן, די מנהגים, די שפּראַך, דאָס לשון פון די תפלות — אַלץ איז געווען ווי פון צוויי פעלקער פון פאַרשידענע פּלאַנעטן. אין די וואָכן־טעג האָבן זיי טאַקע, אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן, געלעבט איינער פון דעם צווייטן און דורך דעם צווייטן. אָבער אין די שבתים און ימים־טובים, ווי אין די קריסטלעכע חגאות, האָבן ביידע פעלקער געלעבט לגמרי אָפּגעזונ־דערט, יעדער אין די ראַמען פון זיין משפחה און געבעט־הייזער. אין סטאַשעוו, ווי ווייט איך ווייס, זענען נישט פאָרגעקומען קיין ספּעציעלע פּאָגראָמען. נישט געקוקט דערויף האָט די יידישע באַפעלקערונג געלעבט אין אייביקער שרעק און פחד, ספּעציעל אין די קריסטלעכע חגאות און בעיקר אין „באָזשע נאַראָ־דזעניע", וועלכער איז אויסגעפאַלן אין חנוכה־צייט, אין די גרויסע פרעסט. די סיבות פון דעם פחד זענען נישט געלעגן אינעם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער אַלס אַזעלכן, נאָר אין דער אַבסאָלוטער אומבאַהאָלפנקייט און אויסזיכטלאָזיקייט צו געפינען וועלכע ס'איז הילף אין פאַל פון פּאָגראָמען אָדער אומרוען. איז דעריבער דער איינציקער וועג געווען נישט צו רייצן דעם גוי, זיך באַהאַלטן אין די קעלערן, פאַרמאַכן די לאָדנס און טירן מיט אייזערנע פרענטן — עד יעבור זעם. אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָט זיך אַנטוויקלט ביז צום אויסערסטן דער קאָנטראַסט צווישן ייד און גוי, צווישן יידישער אויסדערווײלטקייט, מענטשלעכקייט און דער־הויבנקייט און גוישער רציחה און געפאַלנקייט. דאָס איז לגמרי נישט געווען קיין טעאָריע פון ראַסן־העכער־קייט, נאָר אַן אומפאַרמיידלעכער גייסטיקער פאַנצער זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן, במשך די לאַנגע יאָרן פון פינצטערן גלות. נישט קאָנענדיק די אַרומיקע גוישע

וועלט, נאָר בלויז איר פּאָגראָמישן אַספּעקט, פון וועלכן דאָס יידנטום האָט אַזויפיל געליטן, האָט זיך זעלבסטפאַרשטענדלעך אויסקריסטאַליזירט דער דראַס־טישער קעגנזאַץ פון ייד־מענטש קעגן גוי־אוממענטש — פונקט ווי דער גוי, פון דער זעלבער סיבה, נישט קאָנענדיק דעם ייד, האָט אין אים געזען אַ טייוול, אַ מכשף, אַ יודאַש, אַ שיילאָק א. אַ .וו. אַזוי האָט זיך דאָס וואָרט ייד צוזאַמענגעוואַקסן מיט די באַגריפן: אַ ייד אַ צדיק, אַ ייד אַ למד־וו'ניק, אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַן עלוי, אַ שיינער ייד, אַ טייערער ייד, א. אַ. וו., באַגריפן וועלכע האָבן זיך פאַר קיין פאַל נישט געפּאַסט מיטן וואָרט גוי.

כ'קאָן נישט פאַרענדיקן די פרשה פון די יידיש־גוישע באַציאונגען נישט מאַכנדיק די פאָלגענדע פעסטשטעלונג: די גויים האָבן נישט בלויז נישט אויסגעשטרעקט די צווייטע באַק נאָכן באַקומען אַ פּאַטש אין דער ערשטער. זיי האָבן זיך אַפילו נישט צוריקגעהאַלטן פון שחט'ן און קוילן די יידן און צומאָל אויך איינער דעם צווייטן, אין נאָמען פון זעלבן גאָט. און פון דער אַנדערער זייט האָבן די יידן נישט בלויז נישט מקיים געווען דעם עין־תחת־עין־פּרינציפּ, נאָר האָבן אַפילו אויסגעשטרעקט דאָס צווייטע אויג, די צווייטע באַק און צומאָל אויך דעם האַלז. דיאַלעקטישער גאַנג פון געשיכטע!

## נייע ווינטן האָבן גענומען בלאָזן

און פּלוצים האָט דאָס דאָזיקע פאַרשטיינערטע לעבן, וואָס האָט זיך אין משך פון הונדערטער יאָרן אַרומגע־רינגלט מיט אַ דיקער מויער פון תרי"ג מצוות, און „כל מה שתלמיד וותיק עתיד לחדש", מיט אַ „שולחן־ערוך", וואָס האָט גענוי פאַרגעשריבן דאָס לעבן פון ייד אויף אַלע 365 טעג פון יאָר, אויף אינדערוואָכנס און יום־טוב, אויף בייטאָג און ביינאַכט, אויף חתונות און לוויות, מיט אַלע דענקבאַר־מעגלעכע פּיטשעוקעס, אַזוי פון פּריוואַט־אינטימען ווי פון געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ייד, — דאָס דאָזיקע אַנאַרמאַלע לעבן, וואָס האָט נישט זיין גלייכן ביי וועלכן ס'איז אַנדערן פאָלק, האָט, אין אָנהייב פון 20־טן יאָרהונדערט, און ספּעציעל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פּלוצים גענומען קראַכן. ווי

אומעטום איז דער טרעגער פון דער דאָזיקער רעוואָלר־ציע געווען אַן אַנגעזעענער טייל פון דער יוגנט, וועלכע האָט אויפגעהערט צו גלייבן אין גאָט און מער נישט געוואָלט וואַרטן אויף משיחן. די ווערטער פון ביאַליק: „אם יש אלוהים בשמים יופע מיד, אך אם אחרי השמד, יופיע ימוגר נא כסאו לעד" האָבן ווי אַריינגעטראָפן אין פינטל — אויפן אָרט פון שמע ישראל. מ'האָט געגומען טראָגן טאַטע־מאַמע און גע־נומען דעם גורל אין האַנט אַריין, פאַרזוכנדיק צו שמידן אַ נייע ווירקלעכקייט.

פון די נעכטיקע אויסגעקוועטשטע, איינגעשרומפּענע, פחדנות'דיקע ישיבה־בחורים (ליין: באָכערים), מיט באָרד און פיאות, מיט שוואַרצע היטעלעך און לאַנגע קאַפּאָטעס — זענען אויסגעוואַקסן יונגאַטשעס, געזונטע זשלאָבעס, אָנגעטון ווי די גויים, ספּאָרטמעניש, און שטאָלצע אַרויס אין גאַס, אין מאַרק, מיט השכלה־ביכער אונטערן אָרעם, מיט פענער — ווער מיט רויטע, ווער מיט בלוי־ווייסע און ווער מיטביידע צוזאַמען — אין דעמאָנסטראַציע־טעג. די בלאָניעס זענען פול געוואָרן מיט פוטבאָליסטן. די אַליי צווישן דער „טומאה" און צמענטאַזש (ס'פּוילישע גוטאָרט) איז אין די אָונטן באַלעבט געוואָרן פון דער שפּאַצירנדיקער יוגנט, פון דיסקוסיעס און געזאַנג. די ריזן־גאַליעווער וועלדער זענען פול געוואָרן מיט לעבן, מיט אספות פון יוגנט־לעכע פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און אין לבנה־נעכט פלעגן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געלודקעוועט אין דער אָזיערע און געזונגען ביז צוויי־דריי ביינאַכט, בעת דער ווייטער עכא פון די הויכע אַלטע סאָסנעס און דעמבעס פלעגט צוריקשאַלן ווי הימלישע מוזיק.

ס'זענען אַנטשטאַנען פאַרטייען און יוגנט־באַוועגונ־גען פון עקסטרעם־לינקס ביז רעכטס. ייִדישע און קריסטלעכע קינדער זענען געזעסן צוזאַמען אין דער רעגירונגס־צוואַנגס־שולע. דאָ און דאָרט האָבן זיך גענומען וועבן חבר'ישע באַציאונגען צווישן קינדער און צומאָל אויך צווישן דערוואַקסענע פון ביידע פעלקער, און די שרעקלעכע אייביקע שנאה, צוליב דער פאַרפרעמדונג, רעליגיעזע פאָראורטיילן און פאַנאַטיזם, האָט איינציקווייז אָפּגענומען פון איר שאַרפקייט. שייגעץ און שיקסע האָבן פאַרלוירן זייער שפּראַכלעכן באַטייט פון אַ זידל־וואָרט, און באַקומען זייער נאַטיר־לעכן גלאַנץ מיטן צוגאָב פונעם ספּעציעלן רייץ, וואָס יעדע פרעמדע וועלט איבט אויס אויף אַ יונגן מענטש. און די דאָזיקע נאָענט־ווייטע וועלט האָט טאַקע שטאַרק געלאָקט. די אידייען פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, סאָציאַליזם און קאָמוניזם האָבן דערנענטערט. דיזעלבע פּראָבלעמען האָבן פאַראינטערעסירט ביידע פעלקער צוגלייך. אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זענען ייִדן און פּאָליאַקן צומאָל געווען מער אחים לצרה ווי אַ



וועד הליגה למען א"י העובדת — פאָרוו. פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן א"י.
עומדים מימין לשמאל — פון רעכטס אויף לינקס שטייען: זלצברג, רוזאק, סולניק. יושבים — זיצן: איזנברג, ווגנר, סגל ואורח.

ייִד מיט אַ ייִד אָדער אַ פּאָליאַק מיט אַ פּאָליאַק, און אַ חוץ די געוויינלעכע דעמאַרקאַציע־ליניעס צווישן ראַסן, פעלקער און רעליגיעס, האָבן זיך אָנגעהויבן אָנצייכענען אויך נייע: צווישן רייך און אָרעם, בורזשוי און פּראָלעטאַריער.

דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציע אין די מוחות פונעם יונגן דור. דער צוגאַנג צו פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּראַגן, פּעדאַגאָגישע און געשלעכטס־פּראָבלעמען — איז געווען פון אַ פרייען מענטש, אָן דער לאַסט פון דורות־לאַנגע פאָראורטיילן. אונזער דור איז געווען ערנסט, און אַפילו שווער־ערנסט, זוכנדיק אַ תיקון פאַר דער וועלט — פאַר דער ייִדישער און גוייִשער צו־זאַמען — אויף אַ וויסנשאַפטלעכן באַזיס. אין אַ וועלט, אין וועלכער אַלע נאַטור־וויסנשאַפטן זענען באַזירט אויף פאַקטן און עקספּערימענטן, קאָן נישט פילאָזאָפיע און געזעלשאַפטס־פּראָבלעמען זיין אַן אויסנאַם, אַ צאַצקע, אַ שפּילצייג, אַן אַבסטראַקט־אויסגעקליגלטער סיסטעם אָן פאַרבינדונג מיט דער ווירקלעכקייט. אַזוי איז אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט געקומען צום מאַרק־סיסטישן מעטאָד פון דענקן.

די אַנטשטאַנענע פּראָלעטאַריש־אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג, וועלכע האָט געקעמפט מיט וואָרט און „שווערד" (בספרא וסיפא) קעגן יעטוועדער נאַציאָנאַ־לער אונטערדריקונג, איז ביי אונז ייִדן, וועלכע האָבן אייביק געפרעגט וועלט־קושיות (ליין: קאַשעס), טרוימענדיק וועגן תיקון־העולם, באַטראַכט געוואָרן ווי דער אָנהייב פון דער פאַרווירקלעכונג פון דער „אחרית־הימים"־וויזיע.

אונזערע עלטערן, וועלכע האָבן אויף אַלע שווערע קושיות געהאַט איין לייכטן תירוץ: „אין מהרהרין אחר מדותיו של הקדוש ברוך הוא" אָדער „אַל תחקור במה שלמעלה ממך ובמה שלמטה ממך" א. אַ. וו. — האָבן אונז פאַרשריגן אַלס לאָבוזעס, עולם־הזה׳ניקעס. אינ־דער׳אמת׳ן האָבן מיר גאָרנישט געזוכט אונזער לעבן צו פאַרלייכטערן. מיר זענען געווען פאַר׳שיכור׳ט פונעם אויפברויז און דראַנג צו אַ נייער וועלט, אַ וועלט, וועלכע האָט צו אונז געפינקלט פון צוויי ריכטונגען: פון ארץ־ישראל, און ספּעציעל פון קיבוץ אין ארץ־ישראל, און פונעם טרוים פון אַלע אונטערדריקטע, קעמפנדיקע באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַריער אין גאָר דער וועלט פאַר אַ נייער, גערעכטער סאָציאַלער אָרדנונג.

## דאָס שטעטל אין צערפּאַל און אומקום

אינצווישנצייט איז די עקאָנאָמישע לאַגע אין שטעטל געוואָרן שווערער פון יאָר צו יאָר. דער רעזשים פון באַפרייטן פוילן איז געוואָרן וואָס אַמאָל רעכטער, דער אַנטיסעמיטיזם גרעסער. די ייִדן, וועמעס מערהייט ס׳איז באַשטאַנען פון פּראָלעטאַריער, אָרעמע בעלי־מלאכות און אַביסל בעסער פּראָספּערירנדיקן מיטל־שטאַנד, האָבן געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט. מ׳האָט זיך געוואָרפן אין די גרויסע שליאַכן פון דער וועלט־עמיגראַציע, הויפּטזעכלעך אין די צוויי אַמעריקעס. אַ טייל איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל, בעיקר פון השומר־הצעיר. דאָס שטעטל איז געווען אין פּראָצעס פון צערפּאַל — אָן פּערספּעקטיוו, אָן צוקונפט. אַלץ האָט געלעבט מיטן כוח פון אינערציע, אָן ברירה. בעל כרחך אתה חי. אַזוי האָט דאָס שטעטל געצאַפּלט און געשלעפּט זיין בידנע לעבן ביז אין די ביטער־טראַגישע טעג פון ייִדישן אומקום דורכן דייטשן פאַשיזם. די מערהייט איז פאַרטריבן געוואָרן, ווי אַ סטאַדע שעפּסן, אין די גאַז־אויוונס. אַ קלענער טייל איז געגאַנגען אין די אַרבעטס־לאַגערן, גלייבנדיק נאַאיוו, אַזוי אַרום אויסצוווערפן אַביסל די חיה׳שקייט פון די נאַציס. אַ טייל איז אַנטלאָפן קיין ראַטן־פאַרבאַנד, אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַרישע פּאַפּירן, געציילטע ביי פריינטלעכע גויים, און מ׳מעג צוגעבן — העלדישע גויים — און עטלעכע הונדערט זענען אַוועק אין די גאָליעווער וועלדער, זיך איינגעגראָבן אונטער דער ערד, שוועבנדיק צוויי יאָר צווישן טויט און לעבן. די מערהייט איז אומגעקומען און נאָר עטלעכע צענטליק האָבן זוכה געווען איבערצולעבן.

סטאַשעוו, דאָס ייִדישע שטעטעלע, איז מער נישטאָ. אַבער אין די זכרונות פון זיינע קינדער, וועלכע זענען צעשפּרייט אין גאָר דער וועלט, לעבט עס וואַרעם און טייער. (אין דעם צוזאַמענהאַנג דערמאָנט זיך דאָס ווערטל פון חז״ל: „צדקה עשה הקדוש־ברוך־הוא עם

עמו ישראל שפזרם בין האומות״). איינמאָל אין יאָר קומען מיר זיך צוזאַמען צו זאָגן קדיש און מאַכן אַן „אל מלא רחמים״. אָבער נאָך דעם געשעענעם האָט נישט קיין זין צו וואַרטן אויף עמעצנס רחמים. מיר האָבן דערלעבט צו זען די מפלה פון היטלער מיט זיינע מלאכי־חבלה, וואַנדאַלן, הונען, מענטשן־פרעסער. מיר האָבן זוכה געווען צום אַנטשטיין פון אַ ידישער מדינה, וווּ סטאַשעווער, מיט קינדער און אייניקלעך, זייען און אַקערן אום צו האָבן אייגן ברויט, בויען הייזער און פאַבריקן, שאַסייען און בריקן, פירן שיפן אויף אַלע ימים און גרייטן זיך משפטן זייער מלאך־המוות אייכמאַן אין זייער נייער היים. האָט עמעצער אין יענע שוואַרצע יאָרן פון 1941—44 געגלייבט דאָס צו דערלעבן

איז עס טאַקע אַ גרויסע נחמה אָבער אויך אַ גאַנץ קנאַפּע נקמה, בעת אַזויפיל נאַצי־פאַרברעכער דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי און גיפט־שפייענדיקע נאַצי־באַוועגונגען זענען טעטיק אין אַ גאַנצער ריי לענדער.

און אויב חס־וחלילה די געשיכטע זאָל זיך איבער־חזר'ן (דער טאָג זאָל עס נישט באַטאָגן און די נאַכט זאָל עס נישט באַנאַכטיקן), ווער זענען אונזערע פאַרבינדעטע, אונזערע פריינט? צו גוט קאָנען מיר די הילף פון דער גוישער וועלט, אין וועלכער מיר זענען געווען פאַרוווּרצלט אויף הונדערטער יאָרן, אַז מיר זאָלן נאָך קאָנען בלייבן גלייכגילטיק צו די דאָזיקע גורל'דיקע פראַגן. איז עס אונזער הייסעסטער ווונטש, אַז די דאָזיקע פראַגן זאָלן זיין איינגעקריצט ביי יעדן אין האַרצן, בעת'ן בויען די נייע „סטאַשעווס״ דאָ אין ישראל און אין גאָר דער וועלט.

## משה ראטנכערג חיפה / אונזערע קינדער־יאָרן

**פון חדר ביזן בית המדרש**

ווער פון אונז געדענקט נישט דאָס דרדקי־חדר פון ר' מאיר מלמד, וואָס האָט זיך געפינען אויף דעם ברייטן חורבה־פּלאַץ צווישן דער גורנע און דאָלנע־ריטווינער גאַסן? אָט אויף דעם חורבה־פּלאַץ, וואָס איז געווען פאַרלייגט מיט ציגל און ליים־רעשטלעך פון געוועזענע גרויסע שרפות, האָבן די יונגע קינדערלעך פאַרבראַכט זייערע ערשטע לערן־יאָרן אין לערנען און שפּילן זיך אין פערדלעך און אין פאַרשידענע אַנדערע שפּילערייען. פאַרקאַטשעט די פּאָלעס פון די קאַפּאָטקעלעך פלעגן מיר אַרומלויפן איבער די שטיינער און ליים־גרוזן און אויסלאָדן אונזער קינדערשע ענערגיע. קיין שפּילצייג האָבן מיר נישט געהאַט, אָבער מיר האָבן שוין אַליין געזאָרגט פאַר אונזער פאַרווייילונג: פון דעם געפונענעם ליים האָבן מיר געקנאָטן מענטשעלעך, פייגעלעך און פייפעלעך און אַ ברעט אויף אַ באַרג־ציגל האָט געדינט אַלס „הושטאַווקע״; פון האָלץ האָבן מיר געשניצט שווערדלעך און שטריקלעך האָבן געדינט אַלס לייצעס צו שפּילן אין פערדלעך. בקיצור, מיר האָבן אַליין געזאָרגט פאַר אונזער פאַרווייילונג און נישט מיט קליינער הצלחה.

צו אונזער מזל האָט אונזער מלמד געהאַט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר אונזערע שפּילערייען און אונז ספּעציעל נישט געשטערט.

ר' מאיר מלמד איז געווען אַ גוטמוטיקער און ברייטהאַרציקער ייד. גוטמוטיק און רואיק האָט ער אויך געלערנט מיט זיינע תלמידים.

דער באַהעלפער, שמחה'לע אפל, פלעגט אָפּפירן די קינדערלעך אַ היים, ברענגען דאָס עסן און אַפילו „אונטערוואַשן״ די נגידישע קינדערלעך.

מיר האָבן אַ באַזונדערע הנאה געהאַט צו רייצן זיך מיטן באַהעלפער און זינגען אים אַ לידל: „ברוך היא — באַהעלפער פלי, ברוך שמוי (שמו) — באַהעלפער איז אַ פלוי...

ביי ר' מאיר מלמד האָבן מיר געלערנט בלויז אלף־בית און לייענען. פון אים זענען מיר אַריבער צו מלמדים פון די „העכערע קלאַסן״, וווּ מיר האָבן שוין געלערנט חומש מיט רש״י און אַ שטיקל גמרא. די אַנדערע מלמדים זענען געווען: חיים מלמד (קעגנאיבער ראָזוואַדאָווער שטיבל), ראוב'לע מלמד (קעגנאיבער דעם באָד), ר' יצחק'ל מלמד, שמואל־הערש מלמד, ר' נטע־מאיר (קירשנבוים) מלמד א״א.

פון די לעצטע פלעגט מען שפּעטער אָנקומען צו די אָנגעזעענערע מלמדים, ווי ר׳ שימעלע מלמד, ר׳ זאַנוול מלמד, ר׳ פּייוול מלמד און ערשט נאָכדעם איז מען געגאַנגען אין בית־המדרש אָדער אין דער ישיבה.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איבערגיין פון איין מלמד צום צווייטן איז נישט געווען אַזוי פּשוט און נישט דער תלמיד האָט געהאַט עפּעס צו זאָגן דערין. דעם ייִנגלס פאָטער און אַפילו דער זיידע האָבן באַשטימט צו וועלכן מלמד שיקן דאָס קינד, רעכענענדיק זיך מיט יחוס, מיט די עקאָנאָמישע באַדינגונגען און אַספּיראַצ־יעס פון די עלטערן. ווען די דעציזיע איז געפאַלן, איז דער גורל פון תלמיד געוואָרן פאַר׳חתמ׳עט אויף אַ גאַנצן „זמן״, צום גוטן אָדער צום שלעכטן, און ווי איז געווען דעם ייִנגל וואָס איז אַריינגעפאַלן צו אַ שטרענגן מענטש, ווי למשל צו זאַנוול מלמד. דעמאָלט איז געווען קלאָר, אַז דער קאַנטשיק, פּעטש און רייסן די פּיאות וועלן זיין די פּעדאַגאָגישע מיטלען, מיט וועלכע מען וועט לערנען תורה. ווען אָבער דער תלמיד איז אַריינ־געפאַלן, למשל, צו ראובן מלמד איז ער „אָפּגעקומען״ בלויז מיט חוזק־ווערטלעך און מאָראַלישער דערמו־טיקונג צו לערנען מיט מער חשק...

דער רואיקסטער פון אַלע איז געווען דער פלעגמאַ־טישער שימעלע מלמד, וועלכער איז בעבעך שטענדיק געווען הונגעריק און געפרוירן. און ווען שימעלע האָט נאָך געמוזט צוהעלפן זיין ווייב פּאַשן גענז — האָבן זיינע תלמידים גענאָסן פון דער פולער פרייהייט, צו־העלפנדיק אַפילו דעם מלמד פּאַשן די גענזלעך אָדער זיי אַריינטרייבן אין שטייג אַריין.

אַ גרויסער עניו און פרומער ייִד איז געווען פּייוול מלמד. אָבער אויך ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין „שטראָף־רייד״ זיינע תלמידים.

ר׳ פּייוול פלעגט מיט זיינע תלמידים אַריינלערנען אַ שטיקל גמרא מיט תוספות, אַ פּרק משניות און שול־חן־ערוך, און פלעגט זייער מקפּיד זיין אויף פאַרשידענע הלכות: נטילת ידים, בענטשן אַאַז״וו, סטראַשענדיק די קינדער מיטן גיהנום און רוחות ווען ס׳איז נישט גע־גאַנגען מיט גוטן. ר׳ פּייוול איז געווען געאַכטעט ביי אַלע עלטערן און זיינע תלמידים, מחמת ער האָט אַריינ־געלייגט אַלע זיינע כּוחות צו דערציִען די קינדער אין ייִדישן גייסט. עלטערן פלעגן אים אָפּט אַריינשיקן מת־נות, ווי למשל אַ פורל האָלץ אויף ווינטער אָדער אַ פּאָר פלעשער וויין אויף יום־טוב.

ר׳ פּייוול האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט לער־נען קינדער. ער האָט אויך אַריינגעקנעלט מיט די על־טערע אין שול אַ פּרק משניות, אַ פּרק תהילים אָדער שולחן־ערוך. די אַלטע ברילן אויף זיין שפּיץ נאָז האָבן אים צוגעגעבן פיל חשיבות און אַזוי, אין אַ שטיקל איכה־טאָן, האָט ער געלערנט תורה מיט די „עמך״־ייִדן אין שטעטל.

אַן ענלעכער טיפּ ווי ר׳ פּייוול איז געווען ר׳ נטע־מאיר מלמד (פאָטער פון דעם שפּעטערדיקן באַוווּסטן מאָלער יחזקאל קירשנבוים). ר׳ נטע־מאיר איז געווען אַ ייִד אַ בן־תורה, אַן ערלעכער און באַשיידענער מענטש. זיין גאַנץ לעבן איז געווען געווידמעט תורה לשמה און נישט צוליבן פאַרדינסט. ר׳ נטע־מאיר האָט געלערנט מיט די עלטערע קינדער גמרא און תוספות, און איז תמיד געווען אַריינגעטאָן אין שווערע סוגיות און קושיות.

פון די אַנדערע מלמדים דאַרף מען דערמאָנען ר׳ יחיאל מלמד (יחיאל מגיד), ר׳ נתן דוד, ר׳ בעריש, ר׳ אריה (מיטן צונאָמען קר־קו, צוליב די גרויסע ברילן, וואָס ער האָט געטראָגן, מחמת זיין שוואַכער ראיה, און פלעגט שטאַרק צובייגן דעם קאָפּ צום ספר בעתן לייענען) און אַנדערע.

אָט די מלמדים־למדנים האָבן געווידמעט זייער לעבן צו לערנען קינדער תורה און דרך־ארץ, ייִדיש־קייט און מענטשלעכקייט. מיט גרויס יראת הכבוד דערמאָנען מיר די אַלע, וועלכע האָבן, נישט קוקנדיק אויף זייער גרויסער דחקות, נישט אויפגעגעבן דאָס פאַך. אַ טייל האָט דאָס אַפילו באַטראַכט ווי אַ גרויסן זכות: צו זיין די טרעגער פון דער ייִדישקייט־קולטור, דערציִענדיק דעם יונגן דור.

אויך אַנדערע זכרונות זענען אונז פאַרבליבן פון די חדר־יאָרן: אָט, למשל, דאָס גיין אין די ווינטער־אָוונטן אין חדר מיטן לאַמטערן אין די פינצטערע געס־לעך פון שטעטל. יעדער לאַמטערן איז געווען אַנדערש

דעקאָרירט, וואָס האָט אימפּאָנירט די חדר־ייִנגלעך. פון חדר האָט דער רבי, אָדער זיין באַהעלפער, צוריקגע־פירט די קינדערלעך אַ היים, אין די שפּעטע אָוונט־שעהן, אויס פחד פאַר שקצים און שיכורים. אָבער, ווי נאָר דער באַגלייטער האָט אונז פאַרלאָזן, האָבן מיר אָנגעהויבן זיך באַוואַרפן מיט שניי־קוילן, אָדער אַרויס־שלעפן פון הינטער די פאָלעס אַ פּאָר ברעטלעך, צו־בינדן זיי צו די שיך מיט אַ שנירל און ווי אויף ליזש־וועס זיך אַ לאָז טון איבערן טיפן שניי. אויסגעפרוירן און צעביילט פלעגן מיר, אין די שפּעטע אָוונט־שעהן, זיך צוריקקערן אַהיים.

אַזוי פלעגן מיר טאַפּטשן אַ גאַנצן ווינטער אין שניי און בלאָטע, גייענדיק טאָג־איין טאָג־אויס אין חדר אַריין, מיטנעמענדיק אַ ליכטל אָדער אַ קאָפּיקע צו קויפן נאַפט און האָלץ פאַר דער רביצין.

**מנחה־מעריב אין אַ וואָכן־טאָג**

טאָג־איין טאָג־אויס זענען מיר מיטגעגאַנגען מיט אונזערע עלטערן אָדער זיידעס אין בית־המדרש אַריין דאַווענען מנחה און מעריב. די לופט אין בית־המדרש איז געווען געדיכט און פאַרנעפּלט. נאָכן אַריינכאַפּן אַ מנחה, וואָס איז בדרך כלל צוגעגאַנגען שנעל, האָט דער עולם נאָך אַ קורצער אָדער לענגערער הפסקה — ס'איז טיילמאָל אויך געווען אַ בעל־דרשן — אָנגע־הויבן דאַווענען מעריב. מאָנאָטאָן און טרויעריק האָט לייב־יש ראַכעס אָנגעהויבן די תפילה: „והוא רחום יכפר עוון ולא ישחית"... און דער עולם האָט שנעל אונטער־געכאַפּט און נאָכגעזאָגט אַ פּרק נאָך אַ פּרק ביז מען איז צוגעקומען צו דער „שמונה עשרה", וועלכע האָט אויפגעשטעלט דעם גאַנצן עולם אויף די פיס און איז געזאָגט געוואָרן אין אַ שטילן שעפּטשן און גרויס דבֿ־קות, אין דער בחינה: „רק שפתיה נעות וקולה לא ישמע".

אין מיטן מעריב זענען נאָך אָנגעקומען פאַרשפּעט־טיקטע יידן, כדי נאָך אַריינצוכאַפּן אַ תפילה לכבוד דעם בורא. אָט קומט אַריין דער קרעמער מיט זיינע פאַרבלאָטיקטע שטיוול, באַנעצט זיינע הענט אין האַנט־פאַס, ווישט אָפּ שנעל אין דער אויסגעפּעצטער פאַטשיי־לע, שטעלט זיך אַוועק אין אַ ווינקל, דאַווענט אָפּ אין גרויס איילעניש מנחה און אָט האָלט ער שוין ביים „עלינו לשבח", שפּייט אויס אויף לינקס און רעכטס און איז שוין פאַרטיק צום מעריב, גלייך מיט אַלעמען. און אויב ער האָט דאָך איינגאַנצן פאַרשפּעטיקט, דאַווענט ער שנעל פאַרזיך און איז יוצא פאַרן באַשעפער, ווייל זיין כוונה איז דאָך געווען אַ גוטע.

נאָכן דאַווענען כאַפּט יעדער איינער אַ שמועס, ווער וועגן די עסקים אין קרעמל, וועגן די פּרייזן פון נאַפט, ליכט, הערינג און זאַלץ און וועגן פדיון אין משך פון טאָג. און ווער וועגן פּאָליטיק. אַלץ אינטערעסירט דעם עולם: וואָס הערט זיך אין פּאַרט אַרטור, ווי האַלט עס מיטן ביילים פּראָצעס, וועגן קיסר ווילהעלם און נאָך וויכטיקע וועלט־פּראָבלעמען. מען פרעגט נישט בלויז, מען פאַרענטפערט פּראַגן און מען גיט עצות די פירער פון דער וועלט. און קיינער איז נישט שולדיק, אַז אָט די מנהיגים הערן זיך נישט צו צו די עצות און פירן די וועלט ווי זיי פאַרשטייען. האָט טאַקע דעריבער די וועלט אַזאַ פּנים...

אַזוי זענען פאַרביי טעג און וואָכן, חדשים און יאָרן.

אַ גאַנץ אַנדערע שטימונג האָט זיך געפילט בעתן אָנקומען פון די ימים־טובים. חנוכה האָט מען מיט גרויס פייערלעכקייט געצונדן ליכטלעך און געזונגען דעם „מעוז צור ישועתי". אַפילו דער מנחה און מעריב האָט דעמאָלט געהאַט אַן אַנדער פּנים. מ'האָט געדאַוונט מיט מער כוונה, נישט אַזוי שאַבלאָניש ווי אַ גאַנץ יאָר.

אין אַזאַ חנוכה־אָוונט האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געפעלט קיין קונדסים־שטיק מצד די חדרים־קינדער און ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן באַוואָרפן דעם באַ־לעמער מיט שניי־קוילן אד"ג... אין די חנוכה־טעג האָבן מיר אויך אָנגעהויבן מאַכן דריידלעך, געשניצטע פון האָלץ אָדער געגאָסענע פון בליי. די לעצטע זענען גע־ווען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, ווייל נישט איין מאָל האָט מען זיך דערביי גוט אָפּגעבריט די הענט.

אַ ספּעציעלן פאַרגעניגן האָבן מיר געהאַט אין דער „ניטל" נאַכט (וויינאַכטן) ווען מען האָט נישט געטאָרט לערנען און ס'איז געווען אַ מצווה צו שפּילן אין דריידלעך אָדער אפילו אין... קאָרטן. דער יום־טוב פון חמי־

שה־עשר בשבט און דער מנהג צו עסן א״י־פּרוכטן האָט געבראַכט פיל פרייד פאַר די יוגנטלעכע. דער ראש־חודש לאילנות אין הייליקן לאַנד האָט באַהערשט אונזערע יונגע נשמות און אָנגעפילט אונזערע הערצלעך מיט פרייד, שטאָלץ און בענקשאַפט צום לאַנד פון תנ״ך און פון פאָלק ישראל.

אָבער דער יום־טוב פון די ימים טובים איז געווען פאַר אונז דער אָנקומענדיקער פּורים, מיט זיין לוסטיקייט און פרייהייט. שוין מיט אַ צייט פריער האָבן מיר אָנגעהויבן קלייבן אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, כדי איינצוקויפן די פּאַסיקע מאַטעריאַלן צום „פאַרשטעלן" זיך און זיך גרייטן צום „גיין ביינאַכט" איבער די הייזער. די פּורים־סעודה איז געווען ממש אַ „קעניגלעכע" און איז באַשטאַנען פון ווייסן ברויט, הערינג, „קראַץ־באָרשט", וועלכן די רעביצין האָט צוגעגרייט פון די מילך־רויגנס געהאַקט מיט ציבעלע. בעת דער סעודה האָבן מיר זיך צעלאָזן אין אַ פריילעך זמר'ל און טענצל, נישט מורא האָבנדיק פאַר דעם רבינס קאַנטשיק, ווייל „היינט איז פּורים און מאָרגן איז אויס..."

דער אמת מוז געזאָגט ווערן: נישט נאָר צוליבן פּורים איז דער רבי געוואָרן ווייכער צו זיינע תלמידים, נאָר בעיקר, ווייל מיר האָבן זיך שוין דערנענטערט צום סוף פון „זמן", פּסח צייט, ווען מען הייבט שוין אָן זוכן נייע מלמדים. דעריבער האָט אַפילו די רביצין אָנגעהויבן שמייכלען צו יעדן קינד, ער זאָל וועלן בלייבן נאָך אַ „זמן".

ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אויפגעקומען אַ תלמוד־תורה און אַ רעפאָרמירט חדר, דער אַ״ג „חדר מתוקן", אָרגאַניזירט דורך די מער־פאָרגעשריטענע בעלי־בתים, ציוניסטן, מזרחי א״אַ, האָבנדיק די פאָרעם פון אַ שולע, מיט אַ פון פאָרויס פעסט־באַשטימטן פּראָגראַם.

מיר „סאָלידע" קינדער, וועלכע זענען געשטאַנען צוגעבונדן צום טאַטן מיטן סידור אין האַנט, האָבן מקנא געווען די קונדסים אין דרויסן, וועלכע קאָנען שפּאַסן און זיך שפּילן פראַנק־און־פריי, אויסלאָדנדיק זייער יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט. מיר האָבן געמוזט שפּילן די ראָל פון געהאָרכזאַמע קינדער און פאַרשאַפן דעם טאַטן אַ ביסל נחת. און ווער שמועסט נאָך, אַז דער טאַטע האָט צוגעפירט זיין קינד צום מורה־הוראה ר' שאלתיאל גערשט, און יענער האָט „פאַרהערט" דעם תלמיד אַ פּרשה חומש אָדער אַ שטיקל גמרא, דעמאָלט איז נישט געווען דעם טאַטנס גלייכן אין די אויגן פון די אַנדערע חשוב'ע יידן אין בית המדרש.

ווען מיר זענען עלטער געוואָרן האָבן מיר אינערלעך זיך אַנטקעגנגעשטעלט דאָס אויטאָמאַטישע נאָכגיין דעם פאָטער אין שול אַריין, און נאָכזאָגן די שוין אויף אויסוועניק באַקאַנטע תפילות. מיר האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַרפעלן אַ תפילה, אַ צווייטע און אַ דריטע ביז מיר האָבן כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען אין בית־המדרש.

די מערהייט יוגנט האָט אָנגעהויבן אַריינטרעטן אין די ערשט־אַנטשטייענדיקע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, און אַנטוויקלען אַ רירעוודיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין שטעטל.

די דאָזיקע מעטאַמאָרפאָזע איז אַנטשטאַנען טיילווייז אונטערן דרוק און אָנשטעקנדיקער השפּעה פון דעם ניי־אַנטשטאַנענעם חדר, מיט זיינע מאָדערנע דערציאונגס־מעטאָדן. איינציקווייז האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן די דורות־לאַנגע תקופה פון אַבסאָלוטער שליטה פון רבין מיטן קאַנטשיק איבערן גורל פון זיינע תלמידים.

די אַלטע חדרים, ווו דאָס לערנען איז פאָרגעקומען אין ענגן וווין־צימער פונעם רבין, אָן לופט און ליכט, און ווו דער ריח פון ציבל און קראָפּניק, פון דער רביצנס קיך, פלעגט ממש פאַרהאַקן דעם אָטעם פון די יונגע תלמידים — האָבן געמוזט אָפּטרעטן פאַרן מאָדערנעם חדר, מיט זיינע באַקוועמע לופט־און ליכט־בריווח'דיקע לערן־באַדינגונגען, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער דאָזיקער אַלטער חדר־טיפּ מיט זיינע מלמדים האָבן דערפילט אַ געוואַלטיקע היסטאָרישע שליחות אין דער דערציאונג און קיום פון יידישן פאָלק.

אַ דאַנק דער נייער ריכטונג אין שטעטלשן דערציאונגס־וועזן האָט זיך מיט דער צייט אויסקריסטאַליזירט, סיי פיזיש און סיי גייסטיק, אַ מער געזונטער דור, פון וועלכן ס'איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דער

רעזערוואַר פון אַ גוטער און באַוווסטזיניקער יוגנט פאַר דער חלוצישער און ציוניסטישער באַוועגונג פון אַלע שאַטירונגען ווי פאַר די סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע פאַרטייען אויפן אָרט.

ביי דער געלעגנהייט מוזן דערמאָנט ווערן די שטעטלשע בעלי־בתים, ווי אברהמ׳לע ניסנבוים, בנימין טאָכטערמאַן, יאָסעלע בלושטיין א. אַנד., וועלכע האָבן אַריינגעלייגט זייערע אַלע כוחות און פעאיקייטן צו שאַפן אַ מאָדערנעם שול־וועזן אין סטאַשעוו.

## די רזשיקע און דער ראַזעוואַנער סטאָק

די פרעכטיקע נאַטור אַרום שטעטל — די וועלדלעך, דער ברוך־שטיין, די בלאָניעס (לאָנקעס)' און דאָס „טשאַרנע" טייכל, אָדער ווי מען האָט עס גערופן די „רזשיקע", האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפעה אויף דער יוגנט, אויף איר אַרט דענקן, אויף איר פאַנטאַזיע און ראָמאַנטיק...

דאָס שטיל פליסנדיקע טייכל האָט באַצויבערט יעדן. נישט איין מאָל פלעגן מיר פאַרשווינדן פון בית־המדרש אַהינצו, פליושקן זיך אין וואַסער און צוהערן זיך צו זיינע שטילע כוואַליעס.

אויך די גרויסע פלעגן אין די הייסע זומער־טעג זיין אָפטע באַזוכער פונעם טייכל: ווער באָדן זיך, און ווער סתם זיך אַביסל אָפרוען אין דער ריינער און קילער לופט. אויף די גרינע לאָנקעס, ביים טייכל, זענען פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונגען פון די ערשטע משכילים און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. ציוניסטישע מעלאָדיעס, מיט חסידישע ניגונים און רעוואָלוציאָנערע לידער האָבן זיך אויסגעמישט אין דער לופט, שאַפנדיק אַ קלאַנגען־רייכע סימפאָניע פון אַ טרוימערישער יוגנט, וועלכע האָט געלעכצט נאָך גאולה. ווער ס׳האָט געזוכט באַהעפטן זיך מיט זיין בורא, ווער ס׳האָט געטרוימט צום לאַנד פון זיינע אבות, כדי צו בויען דאָרט אַ נייעם נאַציאָנאַלן לעבן און ווער ס׳האָט געהאָפט צו ברענגען די גאולה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

פיל האָבן אָפט פאַרברענגט ביי דעם באַליבטן טייכל. דאָרט פלעגן מיר, חדר־יינגלעך, זיך אַראָפּלאָזן דורכן באָד־געסל גלייך צו דער „רזשיקע", זיך שפילן ביים ברעג, אַרויסציען פון וואַסער פאַרשידענע מושלען אַא״וו. ביים טייכל האָבן מיר זיך געפילט זיכער, ווייל די סביבה איז געווען באַוווינט דורך יידישע גאַרבערס און דאָס באָד־געסל דורך די מלמדים און אַנדערע. צום טייכל זענען געקומען די וואַסער־טרעגער מיט זייערע עמערס שעפן וואַסער; אַהין פלעגן ווייבער קומען אָפּשווענקן זייער גרעט (וועש), און אַהין האָבן די בעלי־עגלות געבראַכט זייערע פערדלעך אָנצוטרינקן זיי מיטן פרישן, ריינעם וואַסער.

ווען מיר זענען עלטער געוואָרן פלעגן מיר זיך שוין דערווייטערן פון די נאָענטע הייזער און גיין ביזן מאַגיסטראַט, ביזן בריק און ביז דעם פאָלוואַרק און דאָרט ביים „ראַזעוואַנער סטאָק" האָט אונז דערוואַרט אַ סיורפּריז — אַ קאַלט און געשמאַק ביסל וואַסער פון קוואַל ממש. דער „סטאָק" איז אַרויסגעפלאָסן פון הינטער דעם בערגל, ווו ס׳איז געשטאַנען דער מאַגיסטראַט מיט די „קאָזעס" (אַרעסט־קאַמערן). דער דאָזיקער קוואַל איז געפלאָסן אין דער רזשיקע אַריין.

דאָס טייכל איז געווען ליב און היימיש פאַר אַלעמען. עס איז ממש געווען יידישלעך. יידישע קינדערלעך האָבן זיך אין אים געבאָדן און געשפּילט, יידישע ווייבער האָבן אין אים גע׳טובל׳ט די פסח׳דיקע כלים, דאָרט האָט מען געשווענקט די וואַלגער־האָלצן, אַהין פלעגן יידן גיין צו „תשליך" און מקדש זיין די לבנה. ערב שבת איז דאָס טייכל סאָלידער און רואיקער ווי שטענדיק מאַיעסטעטיש געפלאָסן לענג אויס די ברעגן. די לופט איז דעמאָלט געווען אָנגעזאַפּט מיט קדושה, מיט אָנגעצונדענע ליכט, מיט האַרציקע תפילות פון די בתי־מדרשים, מיט יום־טוב׳דיק געקליידטע יידן אין זיידענע קאַפּאָטעס און סידורים אונטער זייערע אָרעמס. ס׳האָט אויסגעזען ווי דאָס טייכל וואָלט מיטן שטילן שעפּטשן פון זיינע כוואַליעס אָרגאַניש זיך אַריינגעפלאָכטן אין דער שבת׳דיקער האַרמאָניע פון דעם אַ גאַנצע וואָך שווער־אַרבעטנדיקן יידישן מענטש, וועלכער האָט שבת באַקומען זיין גייסטיקע רו און נשמה־יתירה׳דיקייט. אין זיין לויף איז דאָס טייכל געפלאָסן צום צווייטן גן־עדן ווינקעלע פון שטעטל — צום

פּרעכטיקן גאָרטן, ווו דער אַלטער גערטנער האָט מיט גרויס ליבשאַפט געפּלעגט יעדע בלום אוןביימל.

די שיינע אַקאַציע־ביימער, די קאַשטאַן־ביימער און די אַנדערע געדיכטע קזשאַקעס האָבן געשאַפן פּרעכטיקע נאַטור־ווינקעלעך פאַר די שפּילנדיקע קינדערלעך און פאַר די שפּאַצירנדיקע דערוואַקסענע.

די לופט איז דאָ געווען אַ מחיה־נפשות׳דיקע. יידן האָבן זיך פּשוט נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם שיינעם גאָרטן און ס׳האָט אַפילו געטראָפן, אַז אַ פאַרשפּעטיקט מנין יידן האָט אַריינגעכאַפּט אַ מנחה־מעריב אין שאָטן פון אַ פאַרצווייגטן בוים.

אָבער איין חסרון האָט דער גאָרטן געהאַט: אַ גאַנצע וואָך און דער עיקר שבת איז ער געווען אַ יידישער, אָבער זונטיק — אַ גוי׳שער.

שבת פלעגן הונדערטער יידישע יוגנטלעכע און עלטערע אָנפילן דעם גאָרטן. יונגע מיידעלעך מיט אויסגעצוואָגענע קעפּלעך, מיט שיינע זיידענע סטענגעס אויף זייערע האָר, אויסגעפּוצט אין שיין קאָלירטע קליידעלעך, און ייִנגלעך און בחורים, אויסגעסטרויעט אין שיינע שבת־מלבושים זענען געגאַנגען געאַרעמט, גערעדט און געזונגען, געלייענט און דיסקוטירט, קולטורעל, יידישלעך.

אָבער שוין אויפצומאָרגנס האָט דער גאָרטן באַקומען אַ נייעם פּנים: אַ שקצ׳ישן, אַ רווישנדיקן, אַ שיכור׳ן, אַ הפקר׳דיקן. שקצים מיט שיקסעס האָבן זיך הפקר׳דיק אַרומגעשלעפּט, שיכור׳ע זעלנער האָבן זיך ממש געקאַטשעט אויף דער ערד. קיין ייד האָט ממש נישט געוואַגט אין אַ זונטיק־טאָג דורכצוגיין דעם גאָרטן און איינשטעלן זיין לעבן אָדער זיין כבוד.

אַזוי אַרום האָבן דאָס טייכל און דער שיינער שטאָטגאָרטן דערפילט אַ וויכטיקע שליחות אין דער דערציאונג פון יונגן דור, אַריינברענגנדיק אַ ביסל חיות אין די הערצער פון די האָרעפּאַשנע יידן, וועלכע האָבן שווער און ביטער געקעמפט פאַר זייער עקזיסטענץ. אין שויס פון די צוויי שיינע נאַטור־מתנות האָבן יידן זיך אויסגעלעבט יידישלעך און געשפּינט זייערע טרוימען אויף אַ בעסערן און שענערן לעבן אין דער צוקונפט.

**די דריי וואָכן און די ניין טעג**

אין דער תקופה איז דער רבי געוואָרן אַ ביסל מילדער צו זיינע תלמידים, סיי צוליב די טרויער־טעג אויפן חורבן, סיי צוליב די געשמאַקע געקעכטסן פונעם באָרשט מיט די פרישע קאַרטאָפל, וועלכע די רביצין פלעגט דעמאָלט צוגרייטן פאַר איר בני־בית. בעת די „רוגזה״ פון רבין איז אַראָפּ, האָט אויך זיין „רוזגע״ גערוט...

מיט גרויס צער און אומעט האָט דער רבי מיט אונז געלערנט דאָס טרויעריקע קלאָג־ליד „איכה ישבה בדד העיר״ און מיר האָבן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט די לעגענדעס וועגן חורבן בית־המקדש און זיך שטאַרק איבערגענומען. דער העלדישער קאַמף פון אונזערע אבות פאַר זייער זעלבסטשטענדיקייט, און זייער אָפּפערוויליקייט ביים פאַרטיידיקן די יידישע גרעסטע הייליקייט, דעם בית־המקדש, — האָט ביי אונז, קינדער, אַרויסגערופן שטאָלץ און כבוד צו אונזערע אבות און אַ טיפן יאוש אויף אונזער מאַכטלאָזיקייט אין לאַנגן און פינצטערן יידישן גלות, פון חורבן בית־המקדש ביז היינט...

ווען אַ מידקייט האָט באַהערשט דעם רבין און זיינע תלמידים, פלעגט ער באַפעלן עטלעכע פון אונז אַרונטערצוגיין צום נאָענטן טייכל און ברענגען אַביסל קאַלט וואַסער. די שמחה פון די קליינע וואַסער־טרעגער איז נישט געווען אָפּצושאַצן: אין דרויסן האָבן זיי געקאָנט פריי זיך אַ שפּיל טון ביים טייכל און דער עיקר — נישט אָנקוקן דעם רבין כאָטש אויף אַ ווייל...

אין די 3 וואָכן, און בעיקר, אין די ניין טעג, האָט מען געפילט די עצבות אויף אַלע פּנימער אין שטעטל. קיין חתונות און תנאים זענען דעמאָלט נישט פאָרגעקומען; יידן האָבן זיך נישט געשוירן, קיין מוזיק האָט מען נישט געהערט. אַלץ האָט געטרויערט איבער דעם גרויסן נאַציאָנאַלן חורבן פון יידישן פאָלק, פון קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר צוריק.

דער הויך־פּונקט פון טרויער איז געווען ערב תשעה־באב אין שול. גלייך נאָך דער סעודה מפסקת האָט זיך אָנגעהויבן דער טרויער און דער מעת־לעת פון פאַסטן

און תפילות. מ׳איז געזעסן אויף איבערגעדרייטע בענק און,ביים שיין פון גרויסע חלב־ליכט, געזאָגט מיט גרויס צער „איכה״.



ילדי־חדר — חדר־יינגלעך

דער תשעה־באב האָט זיך אָנגעזען אויף אין שטעטל. פרויען און מיידלעך זענען געזעסן אויף קלעצער אָדער אַרום די רינשטאָקן און פלעגן שטילערהייט זיך שושקן. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן געמוזט אָנטון טיכלעך אויף די קעפּ, ווייל די קונדסים אין שטעטל האָבן זיי באַוואָרפן מיט די טראַדיציאָנעלע „שישקעס״ (שטאַכיילען), וואָס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין די האָר און ס׳איז שווער געווען פון זיי זיך צו באַפרייען.

נאָך תשעה־באב זענען שוין די טעג גיך פאַרשווונדן, בעת אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו די אָנקומענדיקע ימים נוראים.

**ביים ברוך־שטיין און אויף דער פּיפּאַלע**

אין יענע יאָרן איז דער וועג צום ברוך־שטיין און צו דער פּיפּאַלע געווען דער הויפּט־שפּאַציר פאַר דער יוגנט.

די ערשטע משכילים פלעגן זיך עפּעטערס אַפּרייסן פון דער גמרא און שפּאַצירן לענג־אויס דער דאַלנע־ריטווינער גאַס, כדי צו פירן אַ פרייען שמועס איבער עפּעס אַ וועלט־פּראָבלעם...

שפּאַצירנדיק אַזוי געמיטלעך זענען זיי פאַרקראָכן ביזן „ברינדל״. און אַז מ׳האָט נאָר איבערגעשפּרייזט דעם „רינשטאָק״, ווו ס׳איז טאָג און נאַכט געפלאָסן דאָס געזאָלצענע ברינדל־וואַסערל, איז מען שוין דערגאַנגען ביזן ברוך־שטיין (בערג פון שטיינהאַקעריי).

אָט דאָס וואונדער־ווינקעלע אין דער סטאַשעווער נאַטור האָט צוגעצויגן די יוגנט און זי באַצויבערט. דאָ האָבן די יונגע בחורים און מיידלעך געטרוימט און געשפּינט זייערע חלומות וועגן אַ וועלט פון גערעכטיקייט, אָדער וועגן אַ היים פאַרן געפּייניקטן יידישן פאָלק אין לאַנד פון זייערע אבות.

דאָ, ביים ברוך־שטיין, האָבן די יוגנטלעכע אַרויסגעצויגן פון די קעשענעס פאַרשידענע אומלעגאַלע ביכער און בראַשורן, כרעסטאָמאַטיעס און ראָמאַנען און זיי שלינגען מיט אומגעזעטיקטן דורשט. דאָ האָט די יוגנט געלייענט דעם „אהבת ציון״, „אשמת שומרון״, אָדער „הצפירה״, אַלץ וואָס איז געווען פּסול־טריף אין שטעטל.

אין דעם ווינקעלע האָבן זיך מיט דער צייט אויסקריסטאַליזירט קרייזן, וועלכע זענען רייף געוואָרן אויפצונעמען די נייע אידייען, וואָס האָבן דעמאָלט באַהערשט די יידישע וועלט.

די יוגנט הייבט אָן לייענען און דיסקוטירן איבערן ציוניזם, איבער ד״ר הרצל, און זיין „יודנשטאַט״, איבער מאַקס נאָרדאַי און זיין „מוסקול־יידנטום״, איבער דער גורל׳דיקער פראַגע: אוגאַנדע אָדער ארץ־ישראל. דאָס אַלץ האָט פאַרכאַפּט די יוגנט און אויך דעם עלטערן דור.

די נייע אידייען וועגן נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט, וועגן גלייכהייט אויף דער וועלט און וועגן

שלום און פאַרשטענדעניש צווישן פעלקער, האָבן אַריינגעבלאָזן אַ קוואַל פון גלויבן און כוח אין דער יוגנט, און די האָט זיך מיט איר גאַנצן ברען אַריינגע־וואָרפן אין דער אַרבעט, צו אָרגאַניזירן זיך, צו פאַר־פולקאָמען זיך, כדי צו זיין גרייט צו רעאַליזירן אָט די אידייען ווען די פּאַסיקע שעה וועט קומען.

בעת זייערע שפּאַצירן איז די יוגנט פאַרקראָכן ווייטער פון ברוך־שטיין, אין דער ריכטונג צו דער „פּיפּאַלע", ווו ס'האָט געוווינט דער ישוב'ניק נפתלי וואָלמאַן, וועלכער האָט אַליין באַאַרבעט זיין שטיקל באָדן און מיט שווייס אַרויסבאַקומען זיין ברויט. אָט דער נפתלי וואָלמאַן איז אין דער פאַנטאַזיע פון דער יוגנט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ חלוץ, וועלכער ציט אַרויס זיין ברויט פון דער מוטער־ערד מיט כבוד און שטאָלץ, און ווייזט אַזוי אַרויס דעם וועג פאַר די, וועל־כע שטרעבן נאָך ציון.

די יוגנט האָט באַקומען אַן אינהאַלט אין לעבן. הייסע דיסקוסיעס האָבן זיך אומעטום צעפלאַקערט און אַלץ האָט אָנגעהויבן צו לעבן און אָטעמען מיט אַן אַנ־דערן טעמפּאָ. די יוגנט איז אויפסניי געבוירן געוואָרן.

די ערשטע שוואַלבן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט דעם נאַציאָנאַלן סאָציאַלן פרילינג אין שטעטל זענען געווען איטשע וואָלמאַן, זיין שוואָגער מאָטל גאָלד־פּאַרב, דער שפּעטערדיקער שילער פון דער חזנים־שולע אין טשענסטאָכאָוו (ביי ר' אברהם בער בירנ־בוים), און שפּעטער דער באַקאַנטער חזן אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, ר' אברהם יצחק שערמאַן, דער גרויסער חזן און לייטער פון דער באַוווסטער חזנים־שולע אין ברוק־לין; ר' אברהם יאָסל ראַטנבערג, דער לערער און שפּע־טערער פאָטאָגראַפיסט; דער בלינדער הערשל; יענ־קעלע גאָלדמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן יענקעלע קרופּניק; שמואל זאַלצמאַן, זלמן היטלמאַכערס איידעם; הערש לייב דייטלבוים, היינט — ד"ר לעאָן תמרי; יחיאל ערליך, שפּעטערדיקער לערער אין וואַרשע, און נאָך פיל משכילים און געזעלשאַפטלעכע טוער.

אין די דעמאָלסדיקע יאָרן — אָנפאַנג פון 20־טן יאָרהונדערט — איז די „פּיפּאַלע" געווען דאָס באַליב־טסטע ווינקעלע, ווו משכילים און יוגנטלעכע האָבן פאַר־בראַכט אין לערנען, לייענען, שטודירן און דעבאַטירן... אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן זיך דאָרט אויך פאַר־זאַמלט די פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און קול־טור־קרייזן.

צו דער פּיפּאַלע פלעגן אויך די מלמדים אַרויסגיין מיט זייערע תלמידים אין ל"ג בעומר, און פרומע יידן מיט זייערע פאַמיליעס האָבן דאָרט געכאַפּט אַ שפּאַציר שבת נאָכמיטיק.

## די בלאַניעס און די דריטע קייטן

ווער געדענקט נישט די „בלאָניעס" — אָט די גרויסע און גרינע לאָנקעס, פּאַשע־פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן לענג־אויס דעם טייך „טשאַרנע", גאָר נאָענט ביים שטעטל, ביז צום קאַרעזוואָנקער וועלדל.

לענג־אויס דעם גאַנצן שטח האָט זיך געשלענגלט דער טייך אין פאַרשידענע פאָרמען: רואיקע און רוי־שיקע, שמאָלע און ברייטע, ערטערווייז אויך געדיכט באַוואַקסן מיטביימער און קוסטעס ווי אַ דזשונגל ממש. קינסטלעכע קאַנאַלן לענג־אויס די לאָנקעס האָבן גע־דינט אָפּצוציען די וואַסערן פון טייך, אין פאַל פון אַ פאַרפלייצונג. דאָס זענען געווען די אַזוי־גערופענע „שליוזן", מיט די הילצערנע דאַמבע־ווענט, וועלכע זענען געהאָנגען אויף גרויסע אייזערנע קייטן און זע־נען געוואָרן געעפנט ווען מען האָט באַדאַרפט אָפּלענ־קן דאָס וואַסער. 3 שליוזן זענען געווען און זענען גערופן געוואָרן: די ערשטע קייטן, די צווייטע קייטן און די דריטע קייטן.

די ערשטע קייטן האָבן זיך געפונען נאָענט צום שטעטל, נישט ווייט פון דער מיל און כמעט אַקעגנ־איבער דעם פּאַלאַצל פון ר' ישראל קאַרפּן. דאָס וואַסער ביי די ערשטע קייטן איז געווען רואיק און גוט זיך צו באָדן. דאָ האָט מען נישט קיין מורא געהאַט פאַר שקצים און אויך, אָפּטמאָל, פאַר יידישע לאָבוזעס.

די צווייטע קייטן האָבן זיך געפונען אַביסל ווייטער, ביים אַלטן בית־עולם. דאָ האָט שוין געשמעקט מיט אַ ביסל איינשטעלעניש, מיט גבורה און מיט באַרימעריי:

„אוי, בין איך געשפרונגען פון בריק אין וואַסער אַריין און געשווומען" אאַ"וו.

אָבער דער חלום פון יעדן יוגנטלעכן זענען געווען די „דריטע קייטן". ווייל ווער האָט באמת געוואַגט צו פאַרקריכן אַזוי ווייט אויב נישט דרייסטע חברה, וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קלעפּ פון שקצים און פאַסטוכער און פון סתם אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן אָנגערייצט זייערע ווילדע הינט אויף די יוגנטלעכע. און נישט איינמאָל איז אַ בחור׳ל אַהיים געקומען מיט צעריסענע הויזן...

דאָס איז אַלץ געווען אין די פריסטע יוגנט־יאָרן, ווען מיר זענען געווען חדר־יינגלעך. אָבער שפּעטער האָט דאָס ווינקל געדינט דער יוגנט אַלס פּלאַץ צום לערנען, לייענען און דיסקוסיעס.

דאָ, אויף די בלאָניעס, איז אַנטשטאַנען דער „השומר" (שפּעטער דער „השומר־הצעיר") אונטער דער אָנפירונג פון צייטווייליקן גאַסט אין סטאַשעוו, יצחק טענענבוים פון בענדין. דאָ, אויף די בלאָניעס, איז אויך געווען דער „לאָקאַל" פון „בונד" און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי...

## דער גאַליעוווער וואַלד און צמענטאַרנער וועג

אַנדערע וויכטיקע נאַטור־פּלעצער אין שטעטל זענען געווען דער גאַליעוווער וואַלד, ווי אויך דער שפּאַציר־וועג צום צמענטאַזש (קריסטלעכער בית־עולם).

די שענסטע חלומות האָט די יידישע יוגנט געשפּינט דאָ, ביי די קלאָרע וואַסערן פון די אָזיערעס, אָדער אין די זייטיקע וועלדלעך, ווי די „אַדאַמוּװקע" „פּאָטשאַסקע", אָדער שפּאַצירנדיק אין די לבנה־נעכט, לענג־אויס דעם וועג צום צמענטאַזש.

פאַרשטייט־זיך, אַז די יוגנט האָט קיין לייכט־לעבן נישט געהאַט אין אָט די אַלע שיינע ערטער. זיי זענען אויסגעשטאַנען פיל צרות און שרעק פון די שקצים, וועלכע זענען זיי באַפאַלן און נישט איינמאָל גוט צעשלאָגן. אונזער יידישלעך אויסזען — מיט קאַפּאָטקעלעך און פיאה׳לעך — האָט אַרויסגערופן זייער פאַראינטערעסירונג און „פּראָוואָצירט" אונז אָנצוגרייפן. אָבער מיר זענען נישט געבליבן היינטערשטעליק און פלעגן קעמפן פאַר אונזער יידישן כבוד. בעיקר האָבן די שקצים דערפילט אונזער שטאַרקע האַנט, ווען מיר זענען געווען אָרגאַניזירט אין פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס.

דער וואַלד מיט זיינע הויכע סאָסנע־און דעמבביימער, קוסטעס, געוויקסן און אָזיערעס, האָט טריי געדינט דער יידישער באַפעלקערונג. יונג און אַלט האָט דאָרט געפונען פּלאַץ אויסצורוען די נערוון, איינאָטעמען פרישע לופט און זיך צוהערן צו דער אומענדלעכער וואַלד־סימפאָניע, צום רוישן פון די בלעטער, צום וויגן זיך פון די צווייגן און צום געזאַנג פון די פייגל. זענען טאַקע די דאָזיקע ערטער געווען פאַר דער טרוימענדיקער יוגנט אַן אידעאַלער פּלאַץ צו וועבן אירע חלומות וועגן אַ שענערער צוקונפט.

דער וואַלד האָט מיט דאַנקבאַרקייט אָפּגעדינט אַ טייל פון דער יוגנט, בעתן אומקום פון דער יידישער באַפעלקערונג דורך די רוצחישע נאַציס. אָט די יוגנטלעכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אינעם וואַלד, אין בונקערס אָדער צווישן די געדיכטע צווייגן און אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פון טויט. דער וואַלד האָט אָפּגעהיטן דעם סוד פון די זיך אויסבאַהאַלטנדיקע, שיצנדיק מיט זיינע צווייגן און הויכן גראָז די אונטערערדישע בונקערס. אָט־אַזוי האָט דער וואַלד דערפילט זיין פליכט סיי אין שמחה און סיי אין נויט און סכנה.

# מוזיקער, חזנים און מוזיק־מעלאָמאַנען

אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין דער קולטורעלער טעטיקייט פונעם שטעטל שטעלן מיט זיך פאָר די צאָלרייכע מוזיקער, חזנים, כלי־זמרים און סתם מוזיק־מעלאָמאַנען.

צוזאַמען מיטן באַגער צו וועלטלעכער בילדונג און צום וויסן בכלל, וואָס די השכלה־עפּאָכע האָט דער־וועקט ביי אונזער שטעטלשער יוגנט, האָט גלייכצייטיק זיך געלאָזט פילן אַן ערנסטער דראַנג צו מוזיקאַלישער אויסבילדונג.

אין אָנהייב האָבן גרופּן יונגעלייט, קעסט־איידעמלעך און ישיבה־בחורים, זיך פאַרזאַמלט ערגעצוו אין אַ בוידעם־שטיבל, אָדער אויף די הינטערשטעטלשע פעל־דער, ווי ביי דער „פּיפּאַלע", „ברוך־שטיין" און אַזוי ווייטער און פאַרצויגן אַ זמר'ל. דעמאָלט האָט מ'זיך נאָך באַגנוגנט מיטן אויסזינגען די „פּעטע" טראַדיציאָ־נעלע שטיקלעך, ווי: „כבקרת רועה עדרו", „ארשת שפתינו", „אבינו מלכנו" און אַנד. שפּעטער, מיטן אַריינדרינגען פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, איז מען אַריבער צו די סענטימענטאַלע ציון־לידער, ווי: „במקום שם ארזים", „שאו ציונה נס ודגל", פאַרפלאָכטן מיט נייע יידישע פאָלקס־לידער פון אברהם רייזן, פּרוג א. אַ. וו.

פון יענער צייט אָן, ווו מ'איז געגאַנגען האָט זיך געלאָזט הערן אַ האַרציק געזאַנג. אין בית־המדרש — אַ שיין חסידיש זמר'ל; אין גאַס — געזאַנג פון יוגנט־לעכע און אין פעלד, אָדער וואַלד, האָט זיך קיין איין פאַרזאַמלונג נישט אָנגעהויבן און אויך נישט געענדיקט אָן אַ מוזיקאַלישן, צוגעגרייטן, אָדער אימפּראָוויזירטן, פּראָגראַם.

פון דער גרויסער צאָל נגינה־אַמאַטאָרן טיילן זיך אויס יחידים, וועלכע הייבן אָן בגנבה צו לערנען שפּילן פידל און פאָרן אויך אין קאָנסערוואַטאָריע. אַנדערע נעמען לערנען פלייסיק נאָטן און אין זייער ווייטערער אַנט־וויקלונג ווערן זיי באַקאַנטע חזנים און אַפילו אָפּערע־זינגער.

צווישן די לעצטע האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אַ באַגאַבטער בחור'ל, מיט אַ שיין שטימעלע: אברהם יצחק שערמאַן. צוערשט אַ משורר ביי די שטעטלשע חזנים, ר' יאָסעלע און ר' משה לייב, האָט שערמאַן שפּעטער שטודירט ביי ר' אברהם בער בירנבוים, לייטער פון דער באַקאַנטער חזנים־שולע אין טשענסטאָ־כאָוו. נאָכדעם האָט ער לאַנגע יאָרן אַמטירט אַלס חזן אין בענדין. פון דאָרט איז ער אַוועק קיין טאָראָנטאָ און פאַראייניקטע שטאַטן, ווו ער איז — עד היום — חזן און לייטער פון דער חזנים־שול אין ניו־יאָרק.

אברהם יצחק שערמאַן איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אין שטעטל די קונסט פון לייענען און זינגען פון נאָטן — דעם סאָלפעדזשיאָ. דער צווייטער באַקאַנטער בעל־מנגן און נאָטן־לערער אין שטעטל איז געווען יאַנקעלע גאָלדמאַן. אַלע שטעטלשע מוזיק ליבהאָבער האָבן ביי גאָלדמאַנען — דער איינציקער מוזיק־לערער אין שטעטל אין דער צייט — געלערנט, אַזוי טעאָרעטישע ידיעות ווי פּראַקטישע מוזיקאַלישע אויסבילדונג. אַ ייד מיט אַ ברייטלעך שוואַרצער באָרד, אָנגעטאָן לויט דעם טראַדיציאָנעל־שטעטלשן שטייגער — איז ר' יאַנקעלע גאָלדמאַן געגאַנגען פון איין תלמיד צום אַנדערן, לערנענדיק דעם קווינטן צירקל, די שווערסטע אונטערוואַלן, ריטמוס א.ד.גל. קיינער האָט נישט געוווּסט פונוואַנען ס'האָט דער דאָזיקער ייד געשעפּט זיין באַדייטנדיקן מוזיקאַ־לישן וויסן. ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז די פלעיאַדע פון מוזיקער און חזנים אין שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער טעטיקייט פון אָט דעם דאָזיקן פּשוט'ן ייד.

ווייטער קומט אַ רשימה פון די טעטיקע אויף דעם געביט — ווי ווייט כ'געדענק: מאָטל גאָלדפאַרב ז"ל. ער האָט שטודירט אין דער שוין דערמאָנטער בירנבוים־שולע. שפּעטער איז ער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווו ר'האָט פאַרנומען אַ בכבוד'יקן אָרט אין דער חזנים־קאָמפּאָזיטאָרן וועלט, ספּעציעל אין טאָראָנטאָ. אַ פאַנאַטישער מוזיק־מעלאָמאַן איז געווען איטשע וואָל־מאַן. ער האָט שפּעטער פיל מי און געלט געשפּענדעט, כדי צו דערמעגלעכן אַ מוזיקאַלישע דערציאונג זיינע

2 פּאַיקע טעכטער. די יונגערע טאָכטער, האַלינקע, האָט געענדיקט די וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און איז געוואָרן לערערין אין דער ביאַליסטאָקער מוזיק־שולע.

עטלעכע יאָר שפּעטער דערשיינט אין סטאַשעווער מוזיק־וועלטל אַ נייער, גרויסער שטערן. דאָס איז: פּנחס שערמאַן, דער יונגערער ברודער פון פריער דערמאָנטן חזן, אברהם יצחק שערמאַן. אויף דעם חזנים קאָנקורס, וואָס איז אויסגערופן געוואָרן פון דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע אין וואַרשע — איז פּנחס שערמאַן אויסגעוויילט געוואָרן אַלס חזן שני, ביי דער זייט פון די באַרימטע חזנים: גרשון סיראָטע און משה קוסעוויצקי.

דער אויסברוך פונעם ערשטן וועלט־קריג, אין 1914, האָט נאַטירלעך איבערגעריסן די מוזיקאַלישע טעטיקייט פון דער סטאַשעווער יוגנט. אָבער, ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָבן סטאַשעווער יוגנטלעכע מיט פאַרטאָפּלטער ענערגיע אויפסניי גענומען שטרעבן צו מוזיקאַלישער אויסבילדונג. ווי ווייט די שטעטלשע יוגנט איז געווען באַהערשט פונעם דראַנג צו מוזיק, קאָן אַמבעסטן אילוסטרירן דער פאָלגנדיקער פאַקט: אין אַ שיינעם פרימאָרגן ווערט מען געוואויר, אַז עטלעכע בעל־הבתי׳שע זינדלעך זענען פלוצים נעלם געוואָרן, צוזאַמען מיט עטלעכע הונדערט קערבלעך פון די שופלאָדן. ס׳שטעטל האָט גענומען קאָכן ווי אין אַ קעסל. ס׳טייטש? בעל־הבתי׳שע קינדער זאָלן מאַכן אַזעלכע שטיק? ס׳האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און ס׳שטעטל האָט זיך באַרואיקט. אָנגעקומענע בריוו פון ווין האָבן דאָס רעטעניש אויפגעקלערט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די חברה שטודירן דאָרט מוזיק, און נישט האָבנדיק קיין אַנדערן וועג צו רעאַליזירן די דאָזיקע שטרעבונג, האָבן זיי זיך אַפילו נישט אָפּגעשטעלט פאַר אַזעלכע מיטלען! צווישן די אַנטלאָפענע געדענק איך יעקב גרינבאַל, אַ בית־המדרש בחור, און מאיר וואַגנער — ביידע: זין פון פעדערן־סוחרים.

מיט געציילטע יאָרן שפּעטער האָט זיך די געשיכטע איבערגע׳חזר׳ט. ווידער זענען עטלעכע טאַטנס זינדלעך פאַרשוואונדן מיטן ציל צו שטודירן מוזיק אין דער גרויסער וועלט. צווישן די לעצטע האָט זיך געפונען יוסף נחמיה גינזבורג, דער זון פון יחזקאל יוסף נחמיה׳ס און מאַטל חעלמער — דער זון פון שמואל חעלמער. ביי דער געלעגנהייט איז אָבער וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז אין שטעטל זענען שוין געווען געגנוג וועלטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן זייערע קינדער געגעבן זייער פולע מאָראַלישע און מאַטעריעלע אונטערשטיצונג, כדי זיי צו דערמעגלעכן פאַרווירקלעכן זייער טרוים פון אַ מוזיקאַלישער קאַריערע.

צווישן די מוזיקאַלישע טוער אין שטעטל האָט אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָל אויסגעפירט די אָנגעזעענע מוזיקאַלישע משפחה שוואַגער, פון וועלכער כמעט אַלע ברידער האָבן געענדיקט די וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע.

זייער ערשטער קאָנצערט אויף פידל, פּיאַנאָ און וויאָלאָנטשעל, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט געהאַט גרויס בייפאַל. ס׳שטעטל איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם און פיל חשוב׳ע בעלי־בתים האָבן געשיקט זייערע קינדער לערנען ביי די שוואַגערס. אַ באַגאַבטער מוזיקער איז אויך געווען מיין ברודער, דוד ראַטנבערג. זיין מוזיקאַלישע בילדונג האָט ער באַקומען אין וואַרשע. פאָרנדיק, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, קיין בערלין אויף אַרבעט, האָט ער גלייכצייטיק פאַרגעזעצט זיין שטודיום: האַרמאָניע און קאָנטראַפּונקט. ער איז געווען כאָר־דיריגענט אין דער לאָדזשער אַלט־שול און אין דער גרויסער א. גער. דייטשער שול.

די סטאַשעווער חזנ׳ישע משפחה האָט זיך נישט באַגרענעצט צו די 2 באַרימטע חזנים: די ברידער שערמאַן. אונזער שטעטל האָט אויך צו פאַרצייכענען נאָך אַ גאַנצע ריי חזנים און בעלי־תפלה פון באַדייטונג. כ׳וועל דערמאָנען עטלעכע פון זיי:

אַ מוזיקאַלישער טאַלאַנט איז געווען ר׳ ירחמיאל חזן. זיין שטעלונג האָט ער זיך דערוואָרבן נישט אַזוי צוליב זיין שטימע, ווי אַלס אויסגעצייכנטער בעל־תפלה און בעל־נוסח, און בעיקר, צוליב זיינע אייגענע, זער געלונגענע, יום־טוב קאָמפּאָזיציעס. צווישן אַנדערע: די אָריגינעלע פאַרפאַסונג צו „קרוץ מחומר", וועלכע מיר גיבן דאָ.

Largo

Moderato

יצירה מוסיקאלית של ירחמיאל חזן ל־.קרוץ־מחומר" — מוזיקאַלישע פאַרפאַסונג פון ירחמיאל חזן צו „קרוץ־מחומר". נרשמה על־ידי — פאַרצייכנט דורך: משה רוטנברג.

אין די עלטערע יאָרן איז אַגב ר׳ ירחמיאל חזן עולה געווען קיין ישראל און אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין ירושלים, ווו ער איז געשטאָרבן אין גוטן עלטער פון 83 יאָר.

אַ בעל־תפילה, וועלכער האָט געהאַט אומגעהויערן דערפאָלג און געווען באַקאַנט ווייט איבער די גרענעצן פון סטאַשעוו — איז געווען ישראל׳קעלע חזן (ווייצ־מאַן). מיט זיין זאַפטיקער, באַצויבערנדיקער שטימע — טעמבער און קאָלאָריט — אַלאַ קוואַרטין אָדער הערש־מאַן — האָט ער זיינע צוהערער ממש פאַרהיפּנאָטיזירט. אַפילו אַ וואָכעדיקער שחרית פון ישראל׳קעלע האָט געהאַט טויזנט טעם! ווער שמועסט נאָך וועגן אַ הלל אין אַ ראש־חודש אָדער אין די ימים־טובים? אין די לעצטע יאָרן האָט מען אים וויניקער געהערט אין שטעטל, ווייל אין די ימים־נוראים פלעגט ער דאַווענען ביים קוזמירער רבין, ר׳ לייבעלע, אין זאַמאָשטש, אָדער אין קראָקע. צווישן די חסידים פלעגט מען זיך שושקען, אַז דער גאַנצער רבי׳שער הויף האַלט זיך אויף ישראל׳־קעלע חזן. אין די ימים־נוראים האָט ישראל׳קעלע אָנגעפירט מיט אַ גרעסערן כאָר, אַזוי גערופענע „צוהאַלטערס", וועלכע ר׳האָט מיט זיך מיטגענומען. צווישן אַנדערע פלעגט אויך מיטפאָרן פינטשע ניסנ־גאַרטן, וועלכער האָט אויך געדאַוונט שחריתים.

ישראל׳קעלע איז נישט נאָר געווען אַ חזן מיט אַ וווּנדערבאַרער, מתיקות׳דיקער שטימע. ער איז אויך געווען אַ מענטש מיט אַ סך גרויסע מעלות. אַחוץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ שיינער תלמיד־חכם, איז ער אויך געווען אַ חכם, גוטער רעדנער און אַ שיין שרייבער. ער איז אויך געווען אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, מיט ברענענדיקע, אייביק־באַוועגלעכע, פעך־שוואַרצע

אויגן. בקיצור, אַ ייד אַ מושלם בכל המעלות. אומגע־קומען דורך אַ פּוילישער מסירה. הי״ד.

לאַנג־יעריקער חזן אין לודמיר איז געווען דער סטאַשעווער מלך שמעון גרינבאַל. ער האָט באַזיצט אַן איידעלן, לירישן טענאָר, ועמען צו הערן איז ממש געווען אַ גייסטיקער געזנוס. ס׳איז אויך נישט געווען אויעקצומאַכן מיט דער האַנט דעם שול־חזן, יאַסקע דיזנהויז, וועלכער האָט מיט זיין מעכטיקער שטימע אגב יאָר־יערלעך אויסגעפירט די הזכרה־צערעמאָניע אויף ד״ר הערצלס יאָרצייט.

אחוץ אַ גאַנצער ריי פון גוטע בעלי־תפלה האָבן געווירקט אין שטעטל אינטערעסאַנטע מוזיק־ליבהאָבער, וועלכע האָבן שפּעטער פאַרנומען וויכטיקע שטעלן אויסערהאַלב סטאַשעוו. איינער פון זיי: יעקב צימערמאַן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן זער פּאָ־פּולער אין די וואַרשעווער מוזיק־קרייזן, פלעגט נאָך אַלס בית־מדרש׳ניק און קעסט־איידעמל זיך אַריינכאַפּן צו אַן אָרטיקן כלי־זמר, כדי צו לערנען שפּילן די „התקווה״ אויף אַ פידל. צוליב דער אַנטשטאַנענער מחלוקת אין דער משפחה האָט צימערמאַן זיך געג׳גט און אוועק אין די „וועלט אַריין״. ער איז געוואָרן אין וואַרשע אַ באַוווסטער פידל־קאָרעקטאָר, און שפּעטער אַפילו אַן אָנערקענטער פידל־קאָנסטרוקטאָר. צימער־מאַנס אַ פידל האָט געהאַט אַ גרויסן ווערט. און באַ־קאַנטע פידל־ווירטואָזן פלעגן באַצאָלן גרויסע סומען פאַר זיינע פידלען. ווי ווייט זיין פּאָפּולאַריטעט האָט דערגרייכט קאָן אילוסטרירן דער פאַקט, אַז וועלט־באַרימטע קינסטלער, ווי הובערמאַן, שיגעטי, קרייזלער, און אַנדערע, פלעגן זיך רעכענען מיט זיין מיינונג און אַפילו אים באַזוכן אין זיין אַרבעטס־צימער.

ווייניק מענטשן איז אַוודאי באַקאַנט דער פאַקט, אַז די פּאָפּולערע פאָלקס־זינגערין: זמרה זעליגפעלד, די פרוי פון קיפּניסן, דעם מוזיקער און פּראָפעסאָר פון יידישן מוזיק־פאָלקלאָר — האָט געשטאַמט פון סטאַ־שעוו.

אָבער נישט נאָר יחידים האָבן זיך אויסגעלעבט, אָדער געזוכט אין מוזיק זייער העכסטע שטרעבונג אָדער קאַריערע. די גאַנצע שטעטלשע יוגנט האָט זיך באַמיט אין געזאַנג זייערע אידעאַלן און לעבנס־טרוי־מען אויסצוקעמפן. זאָלן דאָ ספּעציעל דערמאָנט ווערן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, מיט „השומר־הצעיר״ בראש, ביי וועלכע ס׳האָבן שטענדיק פונקציאָנירט פּרעכטיק־איינשטודירטע כאָרן, און ווו געזאַנג איז געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון זייער גאַנצן וועזן און טעטיקייט. ווער פון די סטאַשעווער געדענקט נישט, מיט טיפער, סענטימענטאַלער בענקשאַפט, די יומטוב׳־דיקע, ליטעראַריש־מוזיקאַלישע אָוונטן און חנוכה־קאָנצערטן, אונטער דעם אונטערגע׳חתמ׳עטנס לייטונג, — דער ליטעראַרישער טייל איז געווען אָנגעפירט פון משה לייב דייטלבוים, — בעת וועלכע ס׳זענען אויסגעפירט געוואָרן ערנסטע מוזיקאַלישע שאַפונגען צוזאַמען מיט קאַמעראַלער מוזיק, טיילווייז מיט שטרייך־קוואַרטעטן, ביי דער מיטהילף פון די שטעטל־שע כלי־זמרים?

דאָס האַרץ טוט ווי ווען מ׳דערמאָנט זיך, נישט נאָר צוליב דעם, ווייל דאָס אַלץ געהער שוין צו דער פאַרגאַנגנהייט, נאָר בעיקר צוליב דעם אומפאַרגעסלעכן פאַקט, וואָס פון די נאָבעלע, נשמה׳דיקע טרעגער פון דער דאָזיקער פאַרגאַנגנהייט — צוליב דער אומגלויב־לעך־טעמפּער וועלט־רשעות! — איז קיין שפּור נישט געבליבן!

# שבת בין - השמשות

מיט טיפער סענטימענטאַלער דבקות האָבן יידן אין שבת־קודש׳דיקן בין־השמשות אַרויסבאַגלייט דעם שבת־מלכתא. ווען דער שטאָלצער, יידישן קיום אויפהאַלטנ־דיקער, שבת־פּרינץ האָט זיך דערנענטערט צו זיין סוף און די מתפללים האָבן גענומען לייענען, אין דער בית־המדרש׳טונקלקייט, די קומענדיקע פּרשה פון דער וואָך, בעת די פּאַרנאַכטיקע שאָטנס האָבן דעם גאַנצן אַרום איינגעהילט אין אַ געהיימער סודות׳דיקייט; ווען די עקזאַלטירטע באַוועגונגען פון די מתפּללים, בעת דער שטילער שמונה־עשרה, וועלכע האָבן, ווי אַן אויסדרוק פון זייער צער אויף דער אַוועקגייענדיקער שבת־קדושה, צוגעלייגט זייער קאָפּ צו דער קאַלטער וואַנט, טיף אונטערקרעכצנדיק; און דער ספּעציפישער נוסח פון „אתה אחד ושמך אחד", מיט זיינע עקזאָטיש־אָריענטאַלישע טענער, האָט זיך מתיקות׳דיק צעטראָגן איבער דעם בית־המדרש׳חלל — האָט אַ מין מיסטישע אַטמאָספער אַלעמען באַהערשט און זיך צעגאָסן איבער די בענקנדיקע נשמות נאָך דער שבת־דערהויבנקייט.

ערשט אָפּגעדאַוונט מנחה און אַהיימגעגאַנגען אָפּעסן די שלוש־סעודות — און שוין איז דער עולם צוריק דאָ, מיט אַ כזית חלה אין טאַש, כדי אינעם מקום קדוש און בציבור פאַרענדיקן די שלוש־סעודות מיט זמירות און מזומן בענטשן.

לכתחילה האָבן זיך די זמירות אָנגעהויבן מיט אַ שטילן באָמבלען, אָבער וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער האָט זיך דער עולם דבקות׳דיק צעזונגען. און אַז ס׳איז געקומען צו „בני היכלא דכסיפין" און אַנדערע שלוש־סעודות׳ זמירות מיט די סקאַרבאָווע־טראַדיציאָנעלע ניגונים זענען אויך די קינדער, וועלכע האָבן זיך מיטגעכאַפּט מיט די עלטערן, מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער אַטמאָספער פון קדושה און מיס־טעריעזער באַהעפטונג מיט די עולמות העליונים.

ס׳האָט געטראָפן, אַז אין סאַמע מיטן פון די עקס־טאַטישע זמירות איז פּלוצלינג געוואָרן אַ טומעל און אַ געשריי: „לאָבוזעס! שקצים! אַרויס!!!" דאָס פלעגן, ווינטער־צייט, חברה קונדסים אויסנוצן די פינצטערניש און באַוואַרפן די חברותא מיט קוילן שניי. ווידער־זומער־צייט פלעגן זיי זיך איינרייבן די הענט מיט „קירישע זאַפּאַלקעס" און באַלייכטן מיט די פלאַמיקע, ווי פאַר׳כישוף׳טע, הענט דעם גאַנצן בית־המדרש, באַ־קומענדיק זייער „פּסק", אויפן אָרט: „שקצים! מחלל שבת׳ניקעס! אַרויס פון דאַנעט! מ׳טאָר נאָכנישט אָנצינדן קאַ ליכט!" אָבער ווי נאָר ס׳האָט זיך באַ־רואיקט, האָט דער עולם ווייטער ממשיך געווען, זינגענדיק די מאָנאָטאָן־סענטימענטאַלע שלוש־סעודות׳ זמירות.

איז אָנגעקומען אין שטעטל אַ פרייש איידעמל, ווי מלך שמעון, אָדער אַן אַנדערער זיידענער יונגער־מאַנטשיק מיט אַ גוט קעלעכל — האָט מען אים גלייך מכבד געווען מיט „אל מסתתר" אָדער מיט אַ „ידיד נפש אב הרחמן" און אַלע אַרומיקע פלעגן מיט באַגייסטערונג זיך צוהערן און שטילערהייט צוברומען, „אונטערהאַלטנדיק" דאָס געזאַנג מיט אַ טיפן קרעכצן און זיפצן און דאָס מן הסתם דערפאַר, ווייל ס׳האָט זיך פּשוט נישט געגלוסט צו שיידן מיטן הייליקן שבת און איבערגעבן זיך די פּראָזאַאישע זאָרגן פון די קומענדיקע וואָכעדיקע טעג.

צום סוף, אַז ס׳איז שוין געוואָרן גענוג שפּעט, האָט מען געזונגען דעם „מזמור לדוד ה׳ רועי לא אחסר" און מכבד געווען אַ „שיינעם ייד", ווי למשל ר׳ הערשל קיר־ישער, מיט בענטשן מזומן.

מיט זאָרג, עצבות און בענקשאַפט, באַגלייט דאָ און דאָרט מיט אַ קרעכץ און „אוי־ווײ" — האָט מען דאָס בענטשן פאַרענדיקט און בלית־ברירה זיך געשטעלט דאַווענען מעריב, כדי אָנצוהייבן אַ נייע, מזל׳דיקע וואָך — אין אומגעדולדיקער דערוואַרטונג אויפן קומענדיקן שבת.

# ראובן בלאנק חיפה / זכרונות

ס'איז קלאָר: ווען די היסטאָריקער וועלן שרייבן די געשיכטע פון אייראָפּעאישן יידנטום, צווישן אַנדערן ווען דעם טראַגישן אומקום פון די 6 מיליאָנען יידן אין צווייטן וועלט־קריג, בתוכם דער גרויסער רוב פון יידישן קיבוץ אין פוילן — וועלן זיי, בדרך־הטבע, זיך קאָנען פאַרנעמען אויסשליסלעך נאָר מיט די וויכטיקסטע יידישע צענטערן, וואָס האָבן געשפּילט אַן אָנשטיינדיקע ראָל אין דער געשטאַלטונג און אַנט־וויקלונג פון יידישן לעבן. און פון דער אַנדערער זייט וועט זייער אויפמערקזאַמקייט געווידמעט ווערן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נאָר די טראַגישע יידישע קהי־לות, וואָס האָבן זיך, אין דער נייסטער יידישער געשיכטע, באַקאַנט געמאַכט מיט זייער העראָאישן ווידערשטאַנד — אין זייער אומגלייכן, פאַרצווייפלטן, אויסזיכטסלאָזן געראַנגל מיט דעם בלוטדורשטיקן, „קולטורעלן" נאַצי־געשפּענסט.

דאָקעגן די קליינע, צווייטע און צעשפּרייטע, יידישע קהילות, וואָס האָבן געבילדעט דעם רוב מנין און רוב בנין פון יידישן פאָלק; אָט־די דאָזיקע גראָע מענטשן־מאַסע, וואָס האָט אין פאַרלויף פון יאָרן און יובלות, אין פריידן און ליידן, געפּירט אַן אומאויפהערלעכן, און צומאָל ביטערן עקזיסטענץ־קאַמף מיט דעם פיינטלעכן אַרום; אָט־אָ־די אָרטיקע אומבאַקאַנטע העלדן, וואָס האָבן אַלע זייערע כוחות, פיזישע ווי גייסטיקע, געשטעלט אינעם רשות פונעם כלל צום קאַמף מיט דער דאָזיקער ווירקלעכקייט, האָפנדיק אויף אַ שענערן און בעסערן מאָרגן — דער דאָזיקער אומאויסשעפּלעכער און אומאָפּשאַצבאַרער טייערער אוצר וועט בלייבן ווי אַ פאַרזיגלט בוך פאַר די היסטאָריקער און די קינפטיקע דורות.

איז דעריבער מיין ווונטש צו באַשרייבן איינס פון די דאָזיקע שטעטלעך — מיין שטעטל סטאַשעוו — אַזוי ווי ס'איז איינגעקריצט אין מיין זכרון; מיין שטעטל, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ — סיי־לנדיק דעם אַכזריות'דיקן גורל פון אַלע אַנדערע יידיש־פּוילישע קהילות.

## 1905 און משה דייטלבוים

די רוסישע רעוואָליוציע אין 1905 האָט אונזער שטעטל נישט געטראָפן אומפאַרבאַרייטעט. צו יענער צייט האָט אין שטעטל שוין עקזיסטירט אַן אָרגאַני־זירטער כח פון יידישע באַוווסטזיניקע אַרבעטער, ווי ביטשיסקע־מאַכער, שניידער, שטעפּער, שיסטער, סטאָ־ליאַרעס און אַנדערע. אונטערן איינפלוס פון דער רע־וואָליוציע, וועלכע האָט, אין יענער צייט, אויפגערי־דערט די גאַנצע געזעלשאַפט, סיי אין צאַרישן רוס־לאַנד זעלבסט, סיי אין אָקופּירטן פוילן — זענען אין אונזער שטעטל אויסגעבראָכן אַ ריי שטרייקן, בתוכם דער גוט־באַקאַנטער שטרייק פון די ביטשיסקע־מאַכער.

דער רעזולטאַט פון די אַלע שטרייקן איז נאָטיר־לעך נישט געווען קיין פריילעכער. ווי איבעראַל אַזוי אויך ביי אונז, האָבן זיך די צאַרישע זשאַנדאַרמען — באַלד נאָכן אונטערדריקטן אויפשטאַנד — גענומען אַרעסטירן די שטרייק־פירער און זיי פאַרשיקן. בעת איינער פון די פּאָליצייאישע אַבלאַוועס, איבער די יידי־שע הייזער אין שטעטל, איז אויך אַרעסטירט און פאַר־שיקט געוואָרן דער אין סטאַשעוו גוט־באַקאַנטער משה דייטלבוים.

אַן אַנטוישטער איז משה דייטלבוים, אין די שפּע־טערע יאָרן, געוואָרן איינער פון די גרינדער פון דער סטאַשעווער סקויטן־אָרגאַניזאַציע, לערער אין דער יידישער שולע ביי דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע און רעזשיסער פון אָרטיקן יידישן אַמאַ־טאָרן־טעאַטער.

סטאַשעווער יוגנט האָט אים פיל צו פאַרדאַנקען. ער איז געווען פון די ערשטע, וועלכער האָט געוועקט די יוגנט צו זעלבסטשטענדיקייט אין געדאַנק און טאַט, און האָט, אין אַ גרויסער מאָס, געדינט אַלס מוסטער פאַר פיל אַנדערע.

## אויסוואַנדערונג

די שווערע גייסטיקע דעפּרעסיע, וואָס איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון די פּאָליטישע רדיפות, נאָכן אונ־

טערדריקטן אויפשטאַנד; די עקאָנאָמישע שוועריקייטן און אויסזיכטלאָזיקייט אויף דער צוקונפט, באַזונדערס פאַר דער יוגנט, און דער באַרעכטיקטער אומווילן צו גיין דינען אַלס סאָלדאַטן ביי דעם רוסישן צאַר — די אַלע דערמאָנטע סיבות האָבן דערמוטיקט פיל סטאַשעווער צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט, לאָזנדיק זיך זוכן פרייהייט און פרנסה מעבר לים.

דער אויסוואַנדערונגס־פּראָצעס, וועמעס הויפּט־ריכטונג ס׳איז געווען געצילט צו קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג אין 1914. דעמאָלט איז מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן די מעגלעכקייט אַרויסצורייסן זיך פונעם שטעטל מיט אירע דעפּרימירנדיקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, און מ׳האָט אויך מער נישט געקאָנט אָנהאַלטן קיין קאָנטאַקט מיט די, וועלכע זענען שוין אַוועק.

דאָס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַרן שטעטל, וואָס איז פּלוצים, אויף כוח, צוגענאָגלט געוואָרן צום אָרט, ווו די לופט איז געוואָרן וואָס אַמאָל געדיכטער דאַקעגן די פרנסות... שיטערער. די איינציק געבליבענע האָפענונג איז געווען: אַז דער קריג וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן און די וועלט וועט זיך ווידער פריי עפענען.

## מלמדים אין שטעטל

### ר׳ קאָפּעלע מלמד

אַ קליין איינגעדאַרט יידל, מיט שוואַרצע, לאַכנדיקע אייגעלעך, אַן אַלמן מיט 6 טעכטער, כמעט אַלע בוגרות׳ן, — האָט קאָפּעלע מלמד זיך שטאַרק דערפרייט, דער׳זעענדיק אַ נייעם תלמיד. נאָך עטלעכע „קערבלעך" אין „זמן" איז אַוודאי אַ גרויסע פאַרלייכטערונג צו דער פרנסה, וואָס איז שווערער ווי קריעת ים־סוף.

קאָפּעלע מלמד׳ס „חדר" האָט זיך געפונען אין אַ קעלער־שטוב, נאָענט צום באָד־געסל. די תלמידים זענען געזעסן אַרום אַ לאַנגן טיש, וואָס האָט פאַרנומען בערך דריי פערטל פון דער גאַנצער דירה. אַז ס׳האָט אויסגעפעלט פלאַץ צו זיצן אויף די לאַנגע בענק איז נישקשה — מ׳קאָן אויך די בעטן אויך לערנען תורה!

די תלמידים, שוין „דערוואַקסענע" און „זעלבסטשטענדיקע", זענען 8 אינדערפרי געקומען אין „חדר" אַריין, מיטגענומען צום עסן פאַר אַ גאַנצן טאָג און אַהיימגעגאַנגען 8 אינאָוונט. ווינטערצייט, האָבן מאַנכע אַפילו מיטגעבראַכט לאַמטערנעס מיט חלב־ליכטלעך, צו זען אַהיימצוגיין אין דער פינצטער. ווען דער רבי, דאָס קליינע, גוטמוטיקע יידל, איז געווען, ביים ליכט פון אַ קליין נאַפט־לעמפל, פאַרטיפט מיט אַ תלמיד אין לערנען — באַשליסט חברה שטיפערס אָנטאָן דעם רבין אַ שפּיצל. דער רבי פילט גאָרנישט ווי איין קינד צינדט אָן אַ שוועבעלע און וואַרפט עס אַריין אין רבינס פאַרפעצטער, זיידענער, שוואַרצער קאַפּאָטע. ס׳ברעכט אויס אַ פייער און די תלמידים לויפן אַרויס אין גאַס מיט אַ געוואַלט „דער רבי ב ר ע נ ט!!!" שכנים פון אַלע זייטן קומען זיך צולויפן, מ׳גיסט אויפן רבין עמערס וואַסער און דער רבי ווערט אָפּגעראַטעוועט.

אין אַ צייט אַרום פלאַנירט חברה עפּעס נייס. ערשטנס, איז סתם אַ נחת צו זען דעם רבין אין אַזאַ לעכערלעכער פּאָזע. צווייטנס, דערווייל לערנט מען נישט און דאָס איז דאָך ריינער ריווח! בקיצור, בעת איינער פון די הפסקות, ווען דער ר׳בי גייט עפּעס אָפּעסן, נאָר כדי אויפצוהאַלטן דעם שוואַכן גוף, נעמען די תלמידים־לאָבוסעס און דרייען איבער דעם רבי׳נס שטול, קלאַפּן אַריין דינינקע טשוועקעלעך מיט די שפּיצן קאַפּויר, און בליץ־שנעל ווערט די שטול צוריקגעשטעלט אויפן פריערדיקן אָרט — ווי קיינמאָל גאָרנישט. חברה זיצט רואיק, ערנסט און וואַרט מיט אומגעדולד אויפן צוריקקומען פון רבין. אַ צופרידענער אָפּגעגעסן, בענטשט דער רבי דעם ר׳בונו של עולם פאַר די גוטע, שיינע וועלט, וואָס ר׳האָט באַשאַפן, קומט צוריק און זעצט זיך אויף זיין פלאַץ, נישט אַנענדיק וואָס אים דערוואַרט. מיט אַמאָל — געוואַלט!!! די געשרייען דערגייען ביזן בית־המדרש. יונג און אַלט קומען צולויפן, זען וואָס ס׳האָט פּאַסירט. ווידער גיסט מען אויפן רבין קאַלטע עמערס וואַסער, מ׳דערלאַנגט אים וואַלעריאַן־טראָפּנס, בקיצור: ס׳איז ליהודים׳דיק. צום סוף קומט אָן שמואל רופא, טוט וואָס מ׳דאַרף, ביז דעם רבין ווערט לייכטער. „קומענדיק" צו זיך, האָט קאָפּעלע

מלמד מיט ביטערע טרערן באַוויינט זיין שווערן גורל, דעם גיהנום ביים לעבן, וואָס ער האָט אויסצושטיין פון זיינע „ברויטגעבערס“.

## ר׳ הירש מלמד

גאָר אַן אַנדערער טיפּ פון אַ רבין איז געווען ר׳ הירש מלמד. אַ יונגער, הויך־געוויקסיקער מאַן, מיט אַ קליין, ציכטיק געהאַלטן בערדל, האָט ר׳ הירש אַרויסגערופן אַכטונג און דרך־ארץ צו זיך מצד זיינע, שוין מער דערוואַקסענע תלמידים. דאָ האָבן מער נישט געלערנט קיין דרדקי־קינדער; דאָ איז מער נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר שפּילערייען און שפּיצלעך; דאָ, ביי ר׳ הירשן — האָט מען געלערנט גמרא מיט תוספות און מ׳האָט געמוזט גוט קאָפּ „צולייגן“, כדי נאָכצוקומען די, וואָס אַמאָל גרעסערע, פאָדערונגען פון רבין. אויך די אָביעקטיווע לערן־באַדינגונגען זענען דאָ געווען פיל בעסערע, באַקוועמערע. דער „חדר“ האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן, לופטיקן צימער, און איז נישט געווען אַזוי אָנגעפּאַקט מיט תלמידים ווי אַנדערע „חדרים“. דאָ האָט דער יונגער מלמד, וואָס האָט, אגב, גענומען אַ טאָפּלטן שכר־לימוד פון אַנדערע מלמדים, לייכטער באַהערשט די לאַגע אין „חדר“, קאָנענדיק זיך מער אָפּגעבן מיט יעדן איינעם פון די תלמידים, און צופּאַסנדיק דעם סיסטעם־און לערן־מאַטעריאַל צו די אינדיווידועלע אויפנאַם־מעגלעכקייטן.

האָט טאַקע ר׳ הירש אַרויסגעגעבן איינעם און אייגעם גוטע לערנער און דערוואָרבן זיך אַן אויסגעצייכנטן נאָמען ביי די בעלי־הבתים פון שטעטל.

## 1914

בעת ס׳איז אין 1914 אויסגעבראָכן דער וועלט־קריג און דער פראָנט האָט זיך צו אונז דערנענטערט האָבן זיך — אַחוץ אַנדערע צרות, ווי מאָביליזאַציע און אויסנאַם־צושטאַנד, כולל די שווערע פאָלגן, וואָס זענען מיט דעם געווען פאַרבונדן — אויך אַראָפּגעלאָזן אויף אונזער שטעטל צעווילדעטע רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געראַבעוועט און געשענדעט אַלץ און ווו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזן. די טעראָריזירטע יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרשלאָסן און פאַרהאַקט די וווינונגען, איבערטראָגנדיק זיך מיטן גאַנצן האָב און גוטס אין די קעלערן. מ׳האָט מיטגענומען דאָס פּעקל בעטגעוואַנד און די וויכטיקסטע געשיר, כדי זיך איינצוואָרדנען אין דער נייער, בשותפות׳דיקער „היים“. דאָס ביסל „צירונג“, ווי גאָלד, פּערל און דיאַמאַנטן, האָבן די פרויען פאַרשטעקט אין מעגלעך־זיכערסטן פּלאַץ — אין בוזעם. אין טייל קעלערן האָבן זיך „אויפגעהאַלטן“ פון 10 ביז 20 משפחות. ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, וועלכע „אידעאַלע“ באַציאונגען ס׳האָבן געהערשט אין דער נייער „היים“. די קעגנזייטיקע זידלערייען און קללות, מיט וועלכע איינער האָט „מכבד“ געווען דעם אַנדערן, האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט. אַלס צוגאָב איז מען נאָך אין די נעכט געזעסן אין שטאָק־פינצטערניש — פון אַ בייז אויג נישט באַמערקט צו ווערן.

## „זאַקלאַדניקעס“

אינצווישנצייט, איז די לאַגע אין שטעטל ערגער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. אַ ייד האָט נישט געטאָרט באַווייזן ס׳פּנים אין גאַס. יידיש בלוט איז געוואָרן הפקר. די שול און בתי־מדרשים — געשלאָסן. שיכור׳ע סאָלדאַטן זענען ממשיך זייער מלאכה: ראַבירן, שענדן און וואַרטן אויף יידישע קרבנות. פּלוצים קומט אָן אַ באַפעל פון קאָמענדאַנט פון שטאָט־גאַרניזאָן: יידן מוזן צושטעלן אַ גרויסן קוואַנטום האָבער פאַרן מיליטער!

„דרך־אגב“ ווערן עטלעכע חשוב׳ע שטאָט־בעלי־בתים גענומען אַלס „זאַקלאַדניקעס“, צווישן זיי: אויך דער באַליבטער רב, הרב יהודה לייב גרויבאַרט.

פאַרסאָפּעטע לויפן אַרום די קהילה־לייט, צווישן די אָרטיקע קריסטן, און אין די דערפער, צוזאַמענצושטעלן ווי אַמשנעלסטן דעם געפאָדערטן האָבער, און טאָן אַלץ, כדי אויסצומיידן די געפאַר פון אַ שחיטה, וואָס האָט געשוועבט איבער דער איבערגעשראָקענער יידישער באַפעלקערונג.

## יום־כיפור אין „שטיבלעך“

די שטימונג איז אַ געדריקטע. גיך שלייכן זיך יידן דורך די גאַסן און לויפן — מיט אונטערוועגן — דאָ־

װענען אין די „שטיבלעך", װוּ ס'איז נאָר דאָ אַ ספֿר־תּורה. מען שטעלט צונױף „מנין" און מ'נעמט זיך זאָגן „כּל־נדרי". אין אײנעם פֿון די „שטיבלעך" איז דער בעל־תּפֿילה: יאָסל דער מילכיקער, אַ ייִד אַ מטופּל מיט קלײנע קינדער, בעיקר מײדלעך. אַ גאַנצע װאָך איז ר' יאָסל אַרײַנגעטון אין גשמיות, שלעפּנדיק די שװערע מילך־קאַנען פֿון די פּריצישע הײף, צו פֿאַרטײלן אין די ייִדישע הײמען. אָבער, װי ס'איז נאָר געקומען דער שבת — דער הײליקער שבת — איז ר' יאָסל אַן אַנדערער מענטש געװאָרן. נישט צו דערקענען! פֿון קלײנעם, נידעריקן, לײמענעם הײזל פֿלעגט זיך דערטראָגן די פֿרײלעכע, אָנגענעמע שטים פֿונעם מילכיקער, זינגנדיק שבת־קודש'דיקע זמירות מיט האַרץ און געפֿיל, בעת די װײַבער פֿון די שכנות'דיקע הײזער: רײזל די בעקערין, שׂרה די באַרלאַטש־מאַכערין און אַנדערע — פֿאַר פֿרײד אָדער בענקשאַפֿט — װישן, מיט די פֿאַרטעכער, די טרערן פֿון די אױגן. אין דאָזיקן טרױעריקן יום־כּיפּור איז דאָס דאַװנען פֿון יאָסל דעם מילכיקער געװען באַזונדערס מתיקות'דיק. בעצם, איז דאָס געװען אַ הײס געבעט צום אױבערשטן: ענדלעך אַ סוף צו מאַכן צו די ייִדישע צרות, מיט װעלכע דאָס ייִדישע פֿאָלק איז אַזױ אָנגעזאַפּט פֿון דור־דורות. יעדע תּקופֿה מיט אירע נײַע, משונה'דיקע גזירות, און קײן סוף זעט זיך נישט!

## די 11 קרבנות

נעילה־צײַט קומט אָן די טרױעריקע בשׂורה: פֿון שטשעגום, אַ שכנות'דיקן דאָרף, האָט מען געברענגט 11 ייִדן, צװישן זײ דעם בעל־תּפֿילה — ר' װאָלף כּץ, אונזערס אַ שטעטלדיקער. אױף װעלכע אַ דאָרפֿישער גױ האָט עדות געזאָגט, אַז זײ האָבן אונטערגעצונדן זײַן כאַטע. אױף דעם „זיכּערן" סמך האָט די מיליטערישע מאַכט די ייִדן פֿאַר אַ פֿעלד־געריכט געשטעלט, צום טױט פֿאַר'משפּט און דעם פּסק־דין באַלד אױסגעפֿירט. 10 ייִדן זענען אין מיטן מאַרק דערשאָסן געװאָרן און דעם 11־טן, ר' יענקעלע קראַקאָװער פֿון שטשעגום — האָבן זײ אױפֿגעהאָנגען. דערשיטערט איז די גאַנצע עדה ייִדן אױסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געװײן.

אינסטינקטיװ האָבן זיך אַלע געפֿילט װי אַ סטאַדע גע'רודפֿ'טע און שוצלאָזע שעפּסן — אָן אַן אױסװעג און אױסזיכט.

מיט קעגנזײטיקע װוּנטשן מ'זאָל דערלעבן צום צװײטן יאָר, און אַז דער גרױזאַמער קריג זאָל זיך װאָס גיכער ענדיקן — איז זיך דער עולם, מיט צעבראָכענע הערצער, אײנציקװײז, פֿאַרזיכטיק פֿונאַנדערגעגאַנגען.

## די עסטרײַכער

מיטן אַרײַנמאַרש פֿון די עסטרײַכער האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געביטן. דאָס באַװעגן זיך איז געװאָרן פֿרײַער, דאָס לעבן זיכערער, לײַכטער. די סאָלדאַטן, אַלײן הונגעריקע, אױסגעמאַטערטע פֿון די לאַנגע מאַרשן, האָבן אַלץ געקױפֿט אין די בודקעס, װאָס די ייִדן האָבן אין מאַרק אױפֿגעשטעלט. באַזונדערס איז דער פּדיון געװאַקסן בײַ די פֿרױען און מײדלעך, װעלכע האָבן פֿאַרשטאַנען בעסער צו שמײכלען און קאָקעטירן. אַחוץ דעם האָט זיך פֿאַר דער אָרעמער באַפֿעלקערונג אַ נײַער קװאַל פֿון פּרנסה געעפֿנט: דער שמוגל. פֿון די אַרומיקע דערפֿער און קלײנע שטעטלעך האָט מען, אין די נעכט, פּעקלעך מיט פֿאַרשידענע לעבנס־מיטל געשמוגלט און, אַז ס'איז דורכגעגאַנגען בשלום — האָט מען נישקשה'דיק פֿאַרדינט און מחיה געװען די פֿאַמיליע. אױך מיטן מיליטער האָבן ייִדן געהאַנדלט, אױפֿקױפֿנדיק אָפּגעשונדענע פֿעל און אַנדערע סחורות. אױך דער האַנדל איז בעיקר פֿאָרגעקומען בײַ נאַכט — קײן בײז אױג זאָל נישט שאַטן.[1] בקיצור, די ייִדן האָבן זיך מיט די עסטרײַכער װי ס'איז אײַנגעלעבט, חיונה מער אָדער װײניקער געצױגן, און דער עיקר: מען איז געװען פֿרײַ און זיכער מיטן לעבן, אָן מורא פֿאַר פּאָגראָמען א.ד.גל., װי דאָס איז געװען פֿריִער.

## יצחק'ל שוחט בױט אַ באַן־ליניע

אָבער קריג איז קריג און אָן אַ צרה גײט עס דאָך נישט! אַז די עסטרײַכישע מאַכט האָט זיך גענײטיקט אין אַרבעטס־כּוחות, ספּעציעל פֿאַר לאַנדװירטשאַפֿט,

[1] אַ לאָקאַלער אױסדרוק װאָס באַדײַט: ס'זאָל קײנער נישט באַמערקן און גורם זײַן אַ שאָדן.

שאָסיי־און באַן־אַרבעטן, און קיין פּריוואַטליקע האָבן זיך נישט צוגעשטעלט — האָבן די אָקופּאַנטן גענומען כאַפּן מענער פון 13 ביז 65 יאָר, פאַרשיקנדיק זיי קיין עסטרייך־אונגאַרן.

ווידער איז געקומען די צייט פון די ביידעמער און קעלערן; יידן באַהאַלטן זיך ווי זיי קאָנען, אַנטלויפן אָדער מאַכן זיך קראַנק. ועמען אָבער מ׳כאַפּט — העלפן נישט די געוויינען פון פרויען, קינדער אָדער עלטערן. די געכאַפּטע ווערן געהאַלטן אין אָן אָפּגעשלאָסענעם לאַגער, און ועמען דער קאָנטינגענט ווערט פאַרפולט, ווערן זיי מיט דער שטעטלשער קליין־באַן צו די אַר־בעטס־פלעצער אָפּגעשיקט.

צווישן די געכאַפּטע איז אויך געווען יצחק שוחט, אַ מענטש, וואָס אַחוץ אַ חלף האָט ער אין זיין לעבן קיין שום אַנדער געצייג אין האַנט נישט געהאַלטן.

וועגן אים זענען אין שטעטל אומגלויבלעכע מע־שיות דערציילט געוואָרן: ווי ער שלעפּט שווערע באַן־רעלסן, גראָבט קאַנאַלן און נאָך אומצייליקע, פאַר־שידענע שווערע אַרבעטן — גלייך ווי אַן אים וואָלט די האַבסבורגער מאַנאַרכיע קיין קיום נישט געקאָנט האָבן!

## טיפוס

די שווערע עקאָנאָמישע און סאַניטאַרע באַדינגונ־גען, — אַ נאָרמאַלע דערשיינונג אין יעדן קריג, — האָבן גורם געווען, ווי דער שטייגער איז, פאַרשידענע אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. איינע פון די דאָזיקע קראַנקהייטן, דער טיפוס, איז זייער פאַרשפּרייט געווען אין שטעטל און פיל זענען געווען זיינע קרבנות. איז ווער אין דער קראַנקהייט פאַרדעכטיקט געוואָרן — איז תיכף דערשינען דער מיליטערישער אַמבולאַנס פון „רויטן־קרייץ״ און עטלעכע קראַנקן־שוועסטער, אָנגעטאָן אין ווייסע כאַלאַטן און לענטעס, האָבן די גאַנצע משפחה אין מיליטערישן שפּיטאָל אָפּגעפירט. די דירה פונעם באַטראָפנדן איז געוואָרן פאַרשלאָסן און פאַר׳חתמ׳עט און די מלבושים און בעטגעוואַנט — צוזאַמענגענומען און פאַרברענט. דער טיפוס האָט זיך גוט אָנגעזען אין שטעטל. אַז מ׳האָט באַמערקט פּע־

דערן פליען האָט מען שוין געוווסט, אַז אַ נייער קרבן איז צוגעקומען! פיל פון די קראַנקע, אויסגעמאַטערטע פון הונגער און שרעק, האָבן דאָס נישט געקאָנט איבער־טראָגן און אויסגעהויכט זייערע נשמות. דאָס שטאַרבן פון דער קראַנקהייט איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. און האָט ווער שוין יאָ זוכה געווען גע־זונט צו ווערן — איז ער צוריקגעקומען אין אַ ליידיקער וווינונג, אָן קליידונג און אַ שטיקל ברויט, זייענדיק געצוווּנגען אָנצוקומען צו ווייכהאַרציקע שכנים, זיי זאָלן זיך דערבאַרעמען און עפּעס אַריינברענגען מקיים צו זיין דעם גוף, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די שוואַכע, ציטערנדיקע פיס.

## מיליטאַריזם

וואָס די דערוואַקסענע טאָן — מאַכן די קליינע נאָך. און אַז די ערשטע זענען פאַרנומען מיט קריג, ווי קאָנען די צוויטע זיין אינטערעסעליק? האָט חברה קליינוואַרג טאַקע באַשלאָסן צו שפּילן אין סאָלדאַטן! געזאָגט און געטון. עס אָרגאַניזירן זיך 3 „אַרמייען״: איינע, מיט ישראל׳קע „קיסר״ אין דער שפּיץ, וועלכער „קיניגט״ איבער דעם מאַרק און קראָקעווער גאַס, די 2־טע, אונ־טער דער אָנפירונג פון רפאל, „באַהערשט״ די געסלעך אַרום דער שול און די 3־טע „אַרמיי״ מיט אהרן יחיאל שוחט׳ס בראש, וועלכער האָט דעם טיטל: „פירער״ — נעמט אַרום די געגנט פון די שוחטים־געסלעך. חברה נעמט דעם שפּיל גאָר ערנסט. די קאַמפן ווערן גע־פירט מיט געווער אין האַנט, וואָס באַשטייט פון שטיי־נער, אַלטע בלעך און שטיקער אייזן. איינמאָל, אין אַ פרייטיק פאַרנאַכט, קומט אָן ישראל׳קע „קיסר״ מיט זיין „אַרמיי״ און דערקלערט „קריג״ די שוחטים־געס־לעך. שטיינער, בלעכן און אייזנס פליען פון אַלע זייטן. שויבן פּלאַצן, קינדער ספּאַזמירן און ווייבער רייסן זיך ביי די האָר, אָבער ס׳העלפט נישט — קריג איז קריג! די „אַרמיי״ פון די שוחטים־געסלעך שלאָפט אויך נישט. גיך ווערט אַ קעגן־אָפענסיווע אונטערגע־נומען און די „שלאַכט״ גייט אַן פאַרביטערט און מיטן פולן ברען. ערשט ווען אין דרויסן איז שוין גוט פינצ־טער, פאַרענדיקט זיך די „מלחמה״.

דער רעזולטאַט: צענטליקער צעבראָכענע שויבן, אַ צוויי־צענטליק קינדער מיט געשפּאָלטענע קעפּ, און נישט קיין קלענערע צאָל מיט אונטערגעהאַקטע אויגן און צעקלאַפּטע הענט און פיס.

זונטיק אינדערפרי רודערט זיך ביי הערשל גלעזער. „מ׳רייסט״ פון אים שטיקער. אַלע בעטן זיך ביי אים אַריינצוזעצן שויבן. אַזאַ אומגעריכט גליק האָט זיך אים אַפילו נישט גע׳חלומ׳ט. אַזוי פיל שויבן אויף איין מאָל! באמת, מ׳זעט באַשיינפּערלעך, אַז ס׳איז דאָ אַ האַר אין הימל, וועלכער געדענקט אויך אַמאָל אין הערשל גלעזער! מיט זיין ווייב, יענטל, מאַכט ער שוין חשבונות, וואָס ער וועט אַלץ קאָנען קויפן פאַר דעם אומגעריכטן פּאַרדינסטל: די באַרוועסע קינדער — שיכלעך; יענטלען — אַ ניי קלייד, און פאַר זיך אַליין — אַ נייעם כאַלאַט, וואָס ער וועט אָנטאָן נאָר צום דאַוונען אין שול!

אויך שמואל רופא איז נישט געשטאַנען מיט פאַר־לייגטע הענט. אַזויפיל קעפּלעך צו באַנדאַזשירן און אַזויפיל אויגן, הענט און פיס צו היילן! הכלל, ס׳איז געווען פריילעך אין שטעטל — קינדער האָבן זיך אין סאָלדאַטן געשפּילט!

### 1918

דער קריג ענדיקט זיך. מ׳טאַנצט און מ׳שפּילט אין די גאַסן פאַר פריידן. יידן גלייבן, אַז אויך פאַר זיי הייבט זיך אָן אַ ניי לעבן און זענען פול מיט טראַדיציאָנעלן יידישן אָפּטימיזם. די גרענעצן עפענען זיך און פונ־דאָסניי ווערט צוריקגעשטעלט דער קאָנטאַקט מיט דער גאַרער וועלט. בקיצור, נייע באַדינגונגען מיט נייע מעגלעכקייטן און האָפענונגען. ווי איבעראַל, ווערט אויך דאָס שטעטל מיטגעריסן מיטן אַלגעמיינעם פריילינגס־גייסט און נעמט איינפירן מאָדערניסטישע ענדערונגען. צווישן אַנדערע, ווערט רעאָרגאַניזירט די יידישע שולע, וואָס איז געוואָרן אויסגעהאַלטן פון



המורה לעברית סרנה עם קבוצת תלמידות — אַ גרופּע שילערינס מיטן העברעאישן לערער סאַרנע.
יושבות מימין לשמאל — זיצן פון רעכטס אויף לינקס: ליבה גרשט, רבקה בלוך, המורה סרנה, שפרינצה רוזנשטוק.
עומדות — שטייען: לאה רושר, דבורה רוזנטל, לאה בולבה.

אַמעריקאַנער „דזשוינט", און געווען אונטערן פּאַטראָנאַט פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער העברעאישער־און תנ"ך־לערער, שמואל זאלצמאַן, אַ תמיד קרענקלעכער מענטש, און דער שוין דער־מאָנטער משה דייטלבוים, לערער פון אַלגעמיינע לימודים אין דער שולע — ווערן אָפּגערוקט אין אַ זייט, אין אויף זייער אָרט ווערן אַרויסגעפּאָדערט 2 נייע לערער פון וואַרשע: דוד גרינבערג און סאַרנע.

## „מאָדערנע" דערציאונגס־מעטאָדן

פון דער נאַטור אַ באַפעלערישער, כדי נישט צו זאָגן אַ דעספּאָט, האָט דוד גרינבערג נייע מעטאָדן איינגעפירט אין דער שולע. זיין „מאָדערניזם" אין דערציאונג האָט געהייסן: ברוטאַלע שטראָפן פאַר יעדער קלייניקייט. ער פלעגט, צום ביישפּיל, צווינגען די תלמידים שטיין 5 ביז 10 מינוט אויף די שפּיץ פינגער, אָדער זיי אויפהענגען אויפן אַיוון און נאָך פיל אַנדערע ענלעכע „אויפטועך". פון דער אַנדערער זייט, מוז מען אָבער צוגעבן, אַז גרינבערג האָט געהאַט קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן פאַר דער שולע און פאַר דער אָרטיקער יוגנט בכלל. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט איינגעפירט ספּאָרט און גימנאַסטיק אַלס מקצוע, און האָט אויך פיל בייגעשטייערט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שומרישער סקויטן־אָרגאַניזאַציע. דאָס אויבנדערמאָנטע ווי אויך דער פאַקט, וואָס גרינבערג איז תמיד געווען ריין און ציכטיק צוזאַמענגעשטעלט און האָט גלייכצייטיק באַמיט זיך צופּאַסן צו דער נייער סביבה, נישט איינרייסנדיק מיט קיינעם — האָט אַרויסגערופן צו אים גרויסן רעספּעקט און אים באַליבט געמאַכט אין שטעטל.

אַ מענטש פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער איז געווען דער לערער סאַרנע. דאָס איז געווען אַ רואיקער, ערנסטער, איבערגעגעבענער, קוואַליפיצירטער און פּראָפעסיאָנעלער לערער, וועלכער האָט אַ חוץ דעם רעגולערן אונטערריכט אין דער שולע אויך פיל צייט און ענערגיע געווידמעט דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דערצו האָט ער נאָך, אין די פרייע אָוונטן, געפירט העברעאישע קורסן פאַר דער נאַציאָנאַלער יוגנט אין שטעטל, וועלכע איז געווען אַריינגעטאָן מיט ברען און פייער אין דער ציוניסטישער טעטיקייט.

## הערשל „באָבע"

אין דער ריטווינער גאַס, ווו ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט די יידישע בעלי־מלאכות פון שטעטל, ווי שיסטער, שניידער, שטעפּער, סטאָליאַרעס, בעלי־עגלות, בעקער און אַנדערע, האָט אויך געוווינט דער אַלטער וועטעראַן פון סטאַשעווער „בונד", הערשל „באָבע" מיט דער לאַנגער באָרד. באַקאַנט אין שטעטל אַלס באַוווסטזיניקער פריידענקער, איז ער, מן הסתם, אונטערן דרוק פון זיין פרוי — וואָס טוט מען נישט פאַר שלום בית? — יעדן שבת פרי געגאַנגען „דאַווענען" אין בעל־מלאכה'שן „שטיבל", ביי משה לייב שטעפּער. מאַכט זיך אַמאָל און ווער פון די מתפּללים באַמערקט, אַז הערשל דאַוונט עפּעס פון אַ צו דיקן סידור. היות, זיי האָבן שוין פון לאַנג „געהאַט" אויף אים אַן אויג, האָט זיך איינער פון „מנין" יוחנן סטאָלער, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן: דער קליינער יוחאלע, נישט געפוילט, אויף די שפּיץ־פינגער זיך אונטערגעגנב'עט און געכאַפּט הערשלען ביי דער „מעשה". ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז במקום אַ סידור, לייענט גאָר הערשל „באָבע" אַ „טריפה־פסול"־בוך. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן דעם טומל, וואָס איז אַנטשטאַנען אין „שטיבל". פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן זידלערייען: „גוי איינער, שמד־ניק, אין אַ מקום קדוש לייענסטו גאָר גוישע ביכער?" מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ פאַר בושה, פאַרלאָזט הערשל דאָס „שטיבל", אין וועלכן ער קומט מער נישט צוריק. זיין לײדנשאַפט צום לייענען און אָנהאַלטן ווייטערע פאַרבינדונג מיט דער וועלט — ווי ער האָט זי פאַרשטאַנען — האָט ער אָבער נישט אויפגעגעבן. נאָר במקום אין „שטיבל", האָט מען הערשל'ן, יעדן שבת פרי, געקאָנט טרעפן מיטן בוך אין האַנט, אַ פאַרטיפטן אין לייענען, ווייט הינטער דער שטאָט, ביים טייך — ווו קיינער האָט אים מער נישט געשטערט.

## דער „סגי־נהור"

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ פון וועלכן די שטעטלדיקע יוגנט און משכילים האָבן פיל געלערנט, איז געווען

דער בלינדער הערשל. אַ סגי־נהור פון קינדווייז אָן, האָט הערשל, מיט זיין פייערדיקן קאָפּ און שאַרפן זכרון, פיל פון די אַלטע און מאָדערנע ספרים געקאָנט אויף אויסווייניק. פיל פון די, וועלכע האָבן געשטרעבט צו וויסן און שלמות, האָבן זיך ביים בלינדן הערשל געטראָפן. דאָ האָט מען געלערנט תנ"ך, יידישע און וועלטלעכע ליטעראַטורן געלייענט און אַזוי ווייטער. ווו אַ שווערע סוגיה איז מען צו ר' הערשל'ן געקומען. פאַר אים איז אַלץ געווען לייכט. אויף אַלץ און אַלעם האָט ער אַ קלאָרע, לאָגישע און טרעפלעכע תשובה געהאַט.

סטאַשעווער אין דער גאָרער וועלט געדענקן נאָך ביזן היינטיקן טאָג דעם תלמיד־חכם און שאַרפן מוח, וועלכער איז געווען אַ קוואַל פון חכמה און וויסן, און אַרום וועלכן ס'זענען תלמידים תמיד געזעסן און געשעפּט מיט פולע הויפנס.

## „פאָלקס־אוניווערזיטעט"

אַ צווייטער פלאַץ, ווו יוגנט איז זיך אָפּט צוזאַמענגעקומען, איז געווען: דאָס הויז פון הינדעלע, יצחק'ל ר' חיים יששכר'ס. דאָרט האָט זיך חברה גרופּירט אַרום דער קליינער שרה'לע, אַ צוריקגעקומענע פון וואַרשע, ווו זי האָט אַ סעמינאַר־שול געענדיקט. דאָרט האָט מען זיך גאַנץ פריי געפילט און אומגעשטערט געקאָנט לערנען און דיסקוטירן איבער כל'ערליי פראַגעס. הינדעלע, אַ היינטצייטיקע, קלוגע און אינטעליגענטע פרוי — האָט יעדן האַרציק אויפגענומען. זי האָט אויך אירע קינדער — ביים אויסוויילן זייער לעבנס־וועג — איבערהויפּט נישט געשטערט. יעדעס קינד איז אַן אַנדער גרופּירונג — האָט מען פון איר הויז די פּאַרטיי־רשימה פונעם גאַנצן שטעטל געקאָנט צוזאַמענשטעלן. אַן אָפן הויז פאַר יעדן — האָט עס געדינט, אַלס אידעאַלער טרעפּ־פּונקט פאַר זעלבסטבילדונג, ווו ס'זענען צום אויסדרוק געקומען די פאַרשידנסטע, קעגנזעצטסטע מיינונגען און וועגן אין לעבן, און דאָס מיט פולן רעספּעקט פאַר זייערע טרעגער. נישט אומזיסט האָט מאַירל, דער ציניקער, דער גרופּע אַ נאָמען געגעבן: „פאָלקס־אוניווערזיטעט". די באַצייכענונג איז נישט געווען קיין צופיל איבערטריבענע. דאָס הויז האָט באמת מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שטיק אוניווערזיטעט, ווו מ'איז געקומען באַרייכערן דעם האָריזאָנט פון וויסן און איבערדיסקוטירן די נייע אויפפאַסונגען פון וועלט־און יידישקייט־באַנעם, וואָס האָבן אַבסאָרבירט די מוחות פון דער יוגנט, אין יענער צייט.

## פּראָפעסיאָנעלער־פאַריין

2 פאַקטאָרן, איינער אַ פּאָליטישער, דער צווייטער — אַן עקאָנאָמישער, האָבן בייגעשטייערט צו דער אַנט־



מייסדי ה„אוניברסיטה העממית" — די גרינדער פון פאָלקס־אוניווערזיטעט.

שטייאונג פון א שטאַרקן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין אין שטעטל. דער פּאָליטישער: די עקזיסטענץ פון א ריי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווי א פּועל־יוצא פון דעם גוט־אַנטוויקלטן סאָציאַל־פּאָליטישן באַוווסטזיין פון דער סטאַשעווער יוגנט, אַרבעטער און געזעלשאַפטלעכקייט בכלל. דער עקאָנאָמישער: די עקזיסטענץ פון א באַשטימטער קליין־אינדוסטריע, בעיקר — די שיך־פּראָדוקציע, וועלכע האָט, בדרך הטבע, געוועקט ביי די אַרבעטער דעם דראַנג זיך צו אָרגאַניזירן, כדי צו שיצן צוזאַמען זייערע פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן און אויסקעמפן בעסערע סאָציאַלע באַדינגונגען.

דער אַמבעסטנס אָרגאַניזירטער טייל פון דער סטאַשעווער אַרבעטערשאַפט איז געווען די שטעפּערסעקציע, ביים לעדער־פאַריין, וואָס האָט געדינט אַלס מוסטער פאַר אַרומיקע שטעטלעך, ווו אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן.

פון דריי גרופּן איז באַשטאַנען דער פּראָפ. פאַריין: איינע, — דער רוב — פון „בונד", אונטער דער אָנפירונג פון מאיר צימערמאַן, פאַריינס־סעקרעטער. די צווייטע — די קאָמוניסטן, מיט ישראל שניפער אין דער שפּיץ און די דריטע — פון די לינקע פּועלי־ציון, מיט יעקב יוסף בלאָך בראש (היינט אין ישראל). אייגנטלעך האָט נאָך עקזיסטירט א פערטע גרופּע אויך — פון „השומר־הצעיר" — אָנגעפירט פון חיים בעריש ראָזנמוטער. אָבער, נישט פאַרטרעטנדיק קיין זעלבסטשטענדיקע פּאָליטישע שטעלונג — האָט זיך די לעצטע, אין רוב פראַגן, סאָלידאַריזירט מיט די פּ. צ. און זיך געהאַלטן ווי איין גרופּע.

אין דעם צוזאַמענהאַנג איז כדאי צו פאַרצייכנען א קוריאָזן פאַקט: אויפן געביט פון אַרבעט האָט זיך אין שטעטל א מין נאַציאָנאַלע פאַרטיילונג אויסקריסטאַליזירט. בעת, כמעט די גאַנצע יידישע אַרבעטער־יוגנט איז געווען קאָנצענטרירט ביים שטעפּער־פאַך — איז דאָס שוסטער־פאַך, אין איר גרויסן רוב, געלעגן אין קריסטלעכע הענט.

**מאיר צימערמאַן**

נישט געקוקט אויף דעם העפטיקן פּאָליטישן קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען, צווישן די פאַרשידענע אידעאָלאָגישע גרופּירונגען, און נישט מיט קיין קלענערער קראַפט צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַליין, וואָס זענען געווען פאַרטראָטן אין פּראָפ. פאַריין — האָט ח' מאיר צימערמאַן, אַלס סעקרעטער, אַרויסגערופן צו זיך אַלגעמיינע אַכטונג און דרך־ארץ, כאָטש ער איז געווען דער פירער פון אָרטיקן „בונד".

פון די פריסטע יוגנט־יאָרן א יתום, איז מאיר צימערמאַן געווען אַן איבערגעגעבענער סאָציאַליסטישער טוער. אין די שפּעטערע יאָרן האָט ער — ווי מ'האָט דערציילט אין שטעטל — געשוואַרצט די רוסישע גרענעץ, מיט דער כוונה, דאָרט, אין לאַנד פון זיינע חלומות, צו פאַרבלייבן. ער איז אָבער דורך דער פּוילישער מאַכט פאַרהאַלטן געוואָרן, אין תפיסה איינגעשפּאַרט און נאָך א געוויסער צייט — א צעבראָכענער און קראַנקער — צוריקגעשיקט געוואָרן אין שטעטל.

צוריקקומענדיק האָט מאיר צימערמאַן געאַרבעט, אַלס שטעפּער־געזעלן, ביי שמואל ראָטנבערג פון פּאָלוואַרק. טראָץ דער ספּעציעלער פלעגע האָט צימערמאַן מער נישט געקאָנט קומען צו זיך. די שווינדזוכט־באַצילן, פון דער אַזוי גערופענער „פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט", האָבן זיך שוין געהאַט טיף איינגעפרעסן אין זיין יונגן קערפּער, און איז אין א קורצער צייט אַרום געשטאָרבן.

די סטאַשעווער אַרבעטערשאַפט, אומאָפּהענגיק פון פּאַרטיי און ריכטונג, האָט אים איינגעאָרדנט א גראַנדיעזע לוויה, אויף וועלכער עס זענען אגב אויך געווען פאַרטראָטן פאַרשטייער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין די הספדים, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן, ביים אָפענעם קבר, איז געקומען צום אויסדרוק דער ווייטיק און טרויער איבער דער גרויסער אבדה פונעם יונג־פאַרשטאָרבענעם אַרבעטער־טוער. ביי דער געלעגנהייט איז אויך „געמאַכט" געוואָרן דער „חשבון" מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וועלכע איז דער הויפּט־גורם — אויב נישט דער איינציקער שולדיקער — פון אַזעלכע און אַנדערע טרויעריקע, סאָציאַלע דערשיינונגען.

# שלמה היימאן רמת־גן / אַ דענקמאָל אונזער שטעטל



די קינדער־יאָרן און די געבוירן־היים באַזיצן אַן אומגעהויערע אַנטשיידנדיקע השפעה אויפן לעבן פון יעדן שטערבלעכן. יעדער פון אונז, דערמאָנענדיק זיך אָן זיין היים, דאָרט, ווו זיין וויגעלע איז געשטאַנען; דאָרט, ווו ער האָט זיינע ערשטע וואַקלדיקע שריט געשטעלט; דאָרט, ווו ער האָט אָנגעהויבן דענקן און פאַרשטיין, וואָס ס'קומט פאָר אַרום אים — איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט באַרירט זיין קערפּער. אָבער דער דאָזיקער באַריר איז אַזוי אָנגענעם, אַזוי זיס און צאַרט, אַז יעדעס מאָל ווען דאָס טרעפט באַמערקסטו פלוצלינג, ווי די' אויגן הייבן אָן פינקלען מיט אַ ליכטיק פייערל, ווערן נאַס, און אינגאַנצן ווערסטו באַהערשט פון אַ סענטימענטאַל־גליקלעכן געפיל, וועלכן וואָלסט געוואָלט איינהאַלטן אַזוי לאַנג ווי נאָר מעגלעך.

אויך אין די אויטאָביאָגראַפיעס פון באַוווּסטע מענטשן, ווי אין זייערע ווערק בכלל, שפּיגלען זיך אָפּ מיט ליכטיקע שטראַלן די קינדער־יאָרן פון זייער געבוירן־היים. מיט בענקשאַפט און ליבע דערמאָנען זיי זיך, נאָך אַ סך יאָרן, אין פאַרשידענע פּרטים און קלייניקייטן פון זייער קינדעריש־גליקלעכער צייט, וועלכע, זייענדיק אַליין מינדערוויכטיק און באַדייטונגסלאָז — האָבן זיי דאָך אומגעהויער באַווירקט און געשטאַלטיקט זייער כאַראַקטער און גייסט, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין זייער לעבן און שאַפן. באַרימטע מענטשן קומען אָפטמאָל צוריק אין זייער אַלטער היים איינצוזאַפּן אין זיך פונדאָסניי אָט די ספּעציפיש־לאַנדשאַפטלעך־מענטשלעכע אַטמאָספער, וואָס האָט געלייגט איר סטעמפּל אויף זייער גייסטיקן און מאָראַלישן איך, כדי באַהויכט צו ווערן מיט נייע אָנרעגונגען אויף זייער ווייטערדיקן לעבנס־וועג.

אויך סתם מענטשן, וועלכע זענען אַוועק פון זייער יוגנט־היים מיט פיל יאָרן צוריק, מאַכן רייזעס, אָפטמאָל, פון טויזנטער קילאָמעטער, כדי צו כאַפּן אַ בליק אויפן מקור פון זייער אָפּשטאַם, באַנייענדיק דעם קאָנטאַקט מיט דעם היימישן קלימאַט, וואָס איז אַן אינטעגראַלער, אָפטמאָל אַן אומבאַוווּסטער, באַשטאַנדטייל פון זייער מענטשלעכן זיין — ביז צום לעצטן אָטעם־צוג.

מיר האָבן, ליידער, מער נישט די מעגלעכקייט צו באַזוכן אונזער יידיש שטעטל, כדי צו באַנייען דעם דאָזיקן, נשמה'דיק־אָנגענעמען קאָנטאַקט. אונזער יידיש סטאַשעוו, אַזוי ווי אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך אין דער ספּערע פון היטלער־ממשלה, איז אויף אַ בייזווייליקן אופן אָפּגעמעקט געוואָרן און עקזיסטירט נישט מער. דער דאָזיקער טראַגישער אומשטאַנד איז טאַקע די סיבה, וואָס אויף אונז, דעם הייפל איבערגעבליבענע, וועלכע קאָנען נישט מער פיזיש־וויזיאָנעל זיך באַהעפטן מיט דעם יידישן סטאַשעוו, ווי ס'האָט געלעבט און געקעמפט, געלערנט און געהאָפט, ליגט אַן אומגעהויערע פליכט און אחריות צו פאַראייביקן דעם טייערן אָנדענק פון אונזערע פאָטערס און מוטערס, ברידער און שוועסטער, פריינט און נאָענטע — אָט די אַלע קדושים, וועלכע קאָנען מער נישט דערציילן וועגן זייער טאָג־טעגלעכן, פיזישן ווי גייסטיקן, געראַנגל, ווי אויך וועגן זייער בלוטיקן, כמעט טאָטאַלן אונטערגאַנג.

*

סטאַשעוו, אויסערלעך אַ שטעטל ווי אַנדערע שטעטלעך מיט די זעלבע דאגות פאַרן שווערן עקאָנאָמישן קיום — אַ רעזולטאַט פון דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק מצד דער הערשנדער מאַכט. די גייסטיקע פּראָבלעמאַטיק, וואָס האָט באַשעפטיקט די יידישע קיבוצים אין דער צעשפּרייטקייט — האָט אויך געהערט צום פאַראינטערעסירונגס־קרייז פון סטאַשעווער יידישן

ישוב אין אַלע זיינע חלקים. און דאָך האָט סטאַשעוו מיט זיך פאָרגעשטעלט עפּעס אייגנאַרטיקס. אמת, די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט, אַנדערשקייט, איז זייער שווער צו דעפינירן, איינצופאַסן אין אַ באַשטימטער, לאָגישער, שפּראַכלעך־קאָנקרעטער ראַם. און דאָך האָט זיך די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט — און אין איר עקזיסטענץ האָב איך קיין שום ספק נישט — דאָס איז אויך נישט איינ־מאָל אָנערקענט געוואָרן פון די אַרומיקע ידישע ישו־בים — געפילט אויף יעדן שריט און טריט. סטאַשעוו האָט גייסטיקע פּראָבלעמען, ווי דאָס לעבן בכלל, נישט אויפגענומען לייכט. מיטן פולן ערנסט און לשם שמים־דיק האָט מען ביי אונז געקעמפט פאַר פּרינציפּן און וועלט־אַנשויאונגען, נייע ווי אַלטע. נישט געקוקט אויף דער קעגנזעצלעכקייט פון באַנעמען די פאַרשידענע ידישקייט־פּראָבלעמען, ווי די אַקטועלע צייט־פראַגן, דורך די העפטיק זיך באַקעמפנדיקע צדדים — האָט זיי אַלע צוזאַמען כאַראַקטעריזירט דער טיפער גלויבן אין דעם אַרויסגעזאָגטן אמת און אויסגעקליבענעם לעבנס־וועג.

זענען מיר טאַקע שטאָלץ געווען אויף אונזער שטעטל, וואָס האָט געשפּרודלט מיט איר געזעלשאַפט־לעכער, קולטורעלער טעטיקייט; וואָס איז פול געווען מיט בתי־מדרשים, שטיבלעך, אָרגאַניזאַציעס, פּאַרטייען, רעפערענטן, ביבליאָטעקן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אייגענע אַמאַטאָרן־טרופּן, כאָרן, ספּאָרט־קלוב א. אַ. וו.

אַלע עקזיסטירנדיקע גרופּן אין שטעטל האָבן אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט, סיי אויפן אָרגאַ־ניזאַציאָנעלן געביט, מיטן ציל אַריינצודרינגען אין וואָס ברייטערע קרייזן, סיי אויפן רוחניות׳דיקן געביט, כדי צו פאַרטיפן זייערע ידיעות און פעאיק זיין שלאָגן די קעגנער מיט וואָס שטאַרקערע אַרגומענטן.

אין דעם צוזאַמענהאַנג מוז מען אונטערשטרייכן די באַזונדערס־וויכטיקע ראָל פון קן פון „השומר־הצעיר" פאַר דער דערציאונג פון דער סטאַשעווער יוגנט און זיין אַלגעמיינע השפעה אויפן שטעטל. דער „השומר־הצעיר" האָט ווייט איבערגעשטיגן, לכל־הפחות אין מיין צייט, אַלע אַנדערע אָרגאַניזירטע שטעטלדיקע גרופּן,



המקהלה של „השומר־הצעיר" — דער כאָר פון „השומר־הצעיר"

און זיך דערוואָרבן אַן עקסטרע פּלאַץ אין דער דינאַמיש־ברויזנדיקער אַטמאָספער פון דער אָרטיקער געזעלשאַפטלעכקייט.

ווי ווייט די השפעה פון סטאַשעוו האָט געווירקט אויף די שטעטלדיקע, קאָן, צווישן אַנדערע, אויך אילוסטרירן דער פאַקט, אַז די סטאַשעווער, קומענדיק אין דער גרויסער וועלט, האָבן זיך ווייניק אַסימילירט און האַלטן אָן ענג־וואַרעמע פאַרבינדונגען אַזוי צווישן זיך ווי מיט אונזערע בני־עיר אין ישראל, סיי אַלס פּרטים, סיי לאַנדסמאַנשאַפטלעך. דאָס קומט אויך צום אויסדרוק, ביי באַגעגענישן מיט סטאַשעווער, וועלכע האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל אַפילו מיט מערערע צענטליקער יאָרן צוריק, ווי אויך אין זייער וואַרעמער באַציאונג צו אונז בעת׳ן באַזוכן ישראל.

*

אונזער שטעטל האָט זיך פאַרדינט, אַז מ׳זאָל עס פאַרצייכענען און איר אויפשטעלן אַן אייביק־דויערהאַפטיקע מצבה.

אַ דויערהאַפטיקע מצבה **צום אָנדענק פון דעם טראַגישסטן דור אין דער יידישער געשיכטע — וואָס איז אַזוי רייך אין טראַגיק — אַ דור, וועלכער האָט געהאָפט צום לעבן און איז אויף אייביק פאַרשוווּנדן — קוים איבערלאָזנדיק אַ זכר.**

איז עס די הייליקע פליכט פון דאָזיקן זכר: **רעגיסטרירן פאַר די קומענדיקע דורות, פאַר אונזערע קינדער און זייערע נאָכפאָלגער, דאָס מענטשלעכע, גייסטיקע בילד פון אונזער טייער שטעטל אין איר ביטערן געראַנגל פאַר עקזיסטענץ, אינמיטן פון אַ פיינטלעכער סביבה, און איר שוידערלעכן אומקום.**

און מיטן אויפשטעלן דעם זכר **דורך דעם איבערגעבליבענעם זכר** — פאַראייביקן מיר זייער קיום!

**די נשמות פון די אומשולדיק־אומגעקומענע באַגלייטן אונז אין דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט...**

# יחיאל וויינשטאַק הרצליה / געווען א שטעטל סטאשעוו



איבער רחבות׳דיקע פּוילנ׳ס פעלדער און וועלדער האָבן האַלב־קולטיווירטע וועגן געפירט צו דעם קליינעם שטעטעלע סטאַשעוו, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט צווישן די אַרומיקע דערפער, מיט די אָרעמע קליינע הייזקעס און שטרוי־באַדעקטע דעכער.

איבער גרויסע שטחים האָבן זיך גרינע פעלדער־פליינען געצויגן, איבער זיג־זאַג וועגן האָבן זיך סאַזשעלקעס דורכגעריסן, און צווישן איין טייל שטעטל און דעם צווייטן איז געפלאָסן אַ טייכל, רואיק, שטיל, ווי דאָס לעבן פון די מענטשן אין שטעטל.

אָפט האָט זיך דאָס וואַסער צעברויזט, אַרויס פון די ברעגן און פאַרפלייצט די אַרומיקע סביבה; דערגרייכט די אָרעמע הייזקעס פון עק־שטעטל און צום פאָלוואַרק דערגאַנגען. געשען איז עס אין סוף ווינטער, ווען די וואַרעמע זונען־שטראַלן האָבן געשמאָלצן דעם שניי און דעם דיקן אייז פון טייכל. גרויסע „קריעות״ פון אייז זענען זיך ברחבות׳דיק געשווומען מיטן שטראָם, אָנזאָגנדיק די ענדערונג אין דער נאַטור. און בעת דאָס טייכל האָט באַקומען פאַרשטאַרקונג פון די אַרומיקע צוגעפלאָסענע וואַסערן, האָט ער זיך גענומען „בלאָזן״ ווי יענער אויפגעקומענער גביר — ווייזנדיק וואָס ער קאָן.

יידן פון שטעטל האָבן דאָס געהאַלטן אַלס שטראָף פאַר זייערע זינד פון אַ גאַנץ יאָר,— דאַקעגן די וואַסערטרעגער, באַלאָדן מיט זייערע האָלצערנע עמערס, זענען אין האַרצן געווען צופרידן פון די אויפגעהויבענע וואַסערן צום ברעג, וועלכע האָבן פאַרלייכטערט דאָס

אנשעפן די עמערס־וואַסער פאַר זייערע גבירישע באַלעבאַטים...

די אימה׳דיקע פאַרפּלייצונגס־טעג זענען פאַרביי און דאָס טייכל האָט זיך צוריקגעצויגן אין זיין דורות־לאַנגן וועג און געפלאָסן ווידער שטיל איבער גערטנער און פעלדער, פאַרשווינדנדיק העט־ווייט אין דער גרויסער ווייסל.

אין די שיינע פרילינגס־טעג האָבן מענטשן פאַר־בראַכט ביים טייכל זייערע אַפּרו־שעה׳ן; קליינע שיפלעך מיט זינגנדיקער און לאַכנדיקער יוגנט פלעגן זיך וויגן איבער די מילדע כוואַליעס; שטיפערישע קינדער זענען אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער און אַוועק־געשוווּמען ווייט, צום האָריזאָנט... פון די קוסטעס, אַרום ברעג, האָבן זיך דערטראָגן הילכיקע שמועסן און געלעכטער פון יוגנטלעכע שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך. די ברעגן פון טייכל האָבן וויברירט מיט לעבן און די מילדע כוואַליעס האָבן געשעפּטשעט ליבע צו די אַלע, וואָס האָבן אָנגעפילט די אַטמאָספער אַרום מיט טרוים און האָפענונג.

די זון איז פאַרגאַנגען אין מערב. די לעצטע שטראַלן זענען געפאַלן אויף דעם שטילן טייכל און אַלץ האָט געאָטעמט מיט פרילינג, יוגנטלעכקייט און לוסט. עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, די יוגנט איז זיך פונאַנדערגע־גאַנגען און דאָס טייכל האָט אָנגעהויבן זיין שעפּטשנדיקע נאַכט־תפילה.

---

געווען אַ שטעטל סטאַשעוו. אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך אין פוילן און דאָך אַנדערש ווי אַלע.

בערגיקע און גלייכע געסלעך האָבן באַצירט דאָס שטעטעלע; נידעריקע הייזקעלעך האָבן זיך געשלענגלט לענג־אויס די געסלעך. די לאַנגע יאָרן האָבן געלאָזן זייערע שפּורן אויף די הייזקעס און דער גרינער מאָך האָט באַצירט זייערע אַלט־געבויגענע שינדל־קעפּ...

אינמיטן שטעטל האָט זיך געפונען אַ פּירקאַנטיקער מאַרק, אַרומגערינגלט פון אַלע פיר זייטן מיט ברייטע טראָטואַרן און אינמיטן — אַ ברוקירטער פּלאַץ. אין צענטער פון מאַרק האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט דאָס אַלטע ראָטהויז, מיט געשעפטן אינמיטן די דיקע מויערן־ווענט. יידן און קריסטן האָבן דאָרט געהאָט קראָמען און געצויגן פון זיי חיונה.

דער מאַרק, באַצירט מיט ווייסע הייזער, איז געווען די קרוין פונעם שטעטל. דאָ האָט געבליט יידישער מסחר. דאָ זענען אין די לעצטע יאָרן געקומען און געגאַנגען אויטאָבוסן אין מרחקים, געפירט און געבראַכט מענטשן און סחורות. יעדע נייעס פון דער גרויסער שטאָט האָט זיך, מיט יעדן אָנקומענדיקן אויטאָבוס, גלייך פאַר־שפּרייט אין שטעטל, און גרופּן נייגיריקע האָבן איבער זיי דיסקוטירט אונטער די גרויס־צעוואַקסענע קאַשטאַן־ביימער.

אַ ספּעציעלע געשעעניש אין לעבן פון שטעטל זענען געווען די מאַרק־טעג, בעת הונדערטער פויערן פון דער גאַנצער סביבה פלעגן אָנקומען מיט זייער פּראָ־דוקציע. די אויסגעשפּאַנטע פערד זענען צוגעבונדן געוואָרן צו די פאַרקאַנעס און די געבראַכטע סחורה איז אויסגעשפּרייט געוואָרן איבערן וואָגן: קאַרטאָפל, הינער, מערן, ציבעלעס, קרויט א.אַ.וו.

ווי אויסגעהונגערטע זענען הונדערטער מענטשן „באַפאַלן" די פויערן און אָפּגעקויפט אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געלאָזן. די צופרידענע פויערן האָבן מיטיק־צייט זיך אַלאַז געטאָן איבער די יידישע געשעפטן, כדי איינצוקויפן זייערע נייטיקע באַדערפעניש: בלוזעס, הויזן, היטלען, שיך, האַלץ־אויסאַרבעטונגען, אַרבעטס־מכשירים און דער עיקר — צו נעמען אַביסל משקה, כדי צובאַנעצן דעם אויסגעטריקנטן גאַרגל. אַ גרויס געפילדער האָט געהערשט אין די שענקן. פלעשער יי״ש זענען אויסגעליידיקט געוואָרן אין אויגנבליק; האַלב־שיכורע פויערן זענען מיט געוואַלד אַרויסגעשלעפּט געוואָרן דורך זייערע פויערטעס פון דאָרטן, מורא האָבנדיק פאַר די לעצטע עטלעכע זלאָטעס, וואָס זענען נאָך ביי זיי פאַרבליבן פון זייער גאַנצן פדיון אין מאַרק־טאָג.

יונגע שקצים מיט שיקסעס האָבן זיך אַרומגענומען און געשפּאַצירט איבער די געשעפטן, קויפנדיק פאַרביקע לענטעס, ביליקע שפּילקעס, קרעלן אדער הייליקע איקאָנעס פאַר זייערע געליבטע.

אַלע גאַסן האָבן אויפגעלעבט אין אַ מאַרק־טאָג.

אַלץ האָט געוואַרט אויף דעם: סוחרים, בעלי־מלאכות און כל־מיני הענדלער און פּעדלערס. דאָס שטעטל האָט געהאַט פון דעם מאַרק־טאָג חיונה אויף אַ גאַנצער וואָך. אויך קבצנים האָבן געשעפּט „פּרנסה" אין דעם טאָג; ווען דער האַנדל גייט איז אויך די האַנט אָפן און אַלע גיבן נדבות. אָט זיצט צווישן רוישיקן עולם אַן אַלטער בלינדער פּויער, גרימפּלט אויף זיין צעבראָכע־נעם מוזיקאַלישן אינסטרומענט עפּעס אַ לידל און ברומקעט אונטער צום טאַקט. פאַר יעדער אַריינגע־וואָרפענער מטבע אין זיין פאַרשמאַלצענעם היטל אַריין, מורמלט ער עפּעס צו און צלמ'ט זיך אָפּ מיט גרויס הכנעה.

ווען דער פאַרנאַכט איז אָנגעקומען האָבן די פּויערן, גאַנץ אויך האַלב שיכור'ע, אָנגעהויבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל מיט ווילדע געשרייען. אַ טייל האָט געריטשעט עפּעס אויסטערלישע מעלאָדיעס און אַ טייל האָט סתם אַרויסגעלאָזט אַ רייך־פאַרביקע קאָלעקציע מיט זאַפּטיקע קללות אויפן חשבון פון כלל...

געקומען איז מאַיעסטעטיש די נאַכט. יידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט פון מאַרק־געפילדער און פון די שיכורים. זיי זענען געווען שטאַרק צופרידן פון מאַרק־פדיון, דאַנקנדיק דעם אויבערשטן פאַר זיין געבן פרנסה עמך ישראל, אָבער אין האַרצן האָט גענאָגט אַ טיפער צער אויפן גורל פון אַ פאָלק, וואָס איז אָפּ־הענגיק אין זיין עקזיסטענץ פון פרעמדער גאָב...

די יוגנט פון שטעטל און די אַרבעטער האָבן געהאַט זייער אינטערעס אין די אָוונטן. זיי פלעגן זיך פאַר־זאַמלען גרופּנווייז אין די גאַסן אָדער אין זייערע קלובן און דיסקוטירן איבער פאַרשידענע וועלט־פּראָבלעמען און איבער זייער אייגענער צוקונפט. פאַרליבטע פּאָרלעך שפּאַצירן איבער די האַלב־פינצטערע געסלעך, הייבן אויף זייערע בליקן צום אויסגעשטערנטן הימל און חלומ'ען וועגן אַ שיינער פריי'ער צוקונפט ערגעץ ווייט, אין לאַנד פון די אבות; אין לאַנד, ווו דער הימל איז בלויער ווי בלוי, ווו דעם באָקסער עסן די ציגן און מאַראַנצן וואַלגערן זיך אין די גאַסן; אין לאַנד, ווו חלוצים מיט חלוצות פלאַסטערן שאָסייען, בויען הייזער און פלאַנצן גערטנער; אין



פעילי ספריית „פרץ" — אַקטיווע טוער פון פרץ־ביבליאָטעק

לאַנד, ווו אַלע זיינע איינוווינער זענען יידן און ווו קיין שיכור קאָן מען אַפילו אויף קיין רפואה נישט געפונען...

אָבער, נישט אַלע טרוימען וועגן דעם שיינעם כרמל־באַרג אָדער יזרעאל־טאָל. פאַראַן אַזעלכע וואָס טרוימען וועגן אַ וועלט פון גערעכטיקייט גאָר ערגעץ אַנדערש, אָדער: „ווו עס איז מיר גוט — דאָרט איז מיין פאָטערלאַנד". די דאָזיקע טרוימען און אידעאַלן רופן אַרויס הייסע דעבאַטן. די יוגנטלעכע באַמיען זיך מיט זייער גאַנצן טעמפּעראַמענט צו איבערצייגן זייערע קעגנער אין דער ריכטיקייט פון זייער וועג. דאָס שטעטל איז ווי אויף רעדלעך...

דאָס שטעטל איז געווען ענג פאַר דער דינאַמישער יידישער יוגנט, זי האָט פאַרגעזעצט איר טעטיקייט אויף די אַרומיקע פעלדער און נאָענטן וועלדל.

נישט ווייט פון דער קירכע פירט דער וועג צום קריסטלעכן צמענטאַזש און פון דאָרט — צו די גרינע ברייטע פעלדער.

די קירכע — אַ גרויסע, אַ מעכטיקע, מיט אַ געל ברייטן טויער, שטייט צום סוף פון שטעטל, ווי די היטערין פון סטאַשעוו. אירע הויכע טורעמס און טורעמלעך, לויטן גאָטישן סיסטעם, רייסן זיך ווי אין הימל אַריין. דער גרויסער מעשענער גלאָק צעקלינגט זיך יעדן אָוונט, רופנדיק זיינע גלויביקע צו תפילה און מעשים טובים. דער טרויעריקער מאָנאָטאָנער קלינג־קלאַנג וואַרפט אַן אַ מורא אין דער טיפער שטעטלשער שטילקייט.

אָבער ווען די יוגנט לויפט אַדורך מיט שנעלעטריט די דאָזיקע קירכע און קומט־אָן אין פעלד אַריין, דערפילן זיי גלייך די ענדערונג אין דער נאַטור. וואָס פילט־אָן זייערע הערצער מיט פרייד און לוסט. די גרינע פעלדער. די ריחות פון די בלומען און אַנדערע געוויקסן, די ברייטקייט און רייכקייט פון דער נאַטור, די בלויע הימלען מיט די ווייסע וואָלקנדלעך, דאָס אַלץ שאַפט אַ געפיל פון יוגנטלעכקייט און פרישקייט.

דער טאָג פאַרגייט און די זון שיקט אירע לעצטע שטראַלן אויף דער שפּאַצירנדיקער יוגנט אין די פעלדער און וועלדל. די זאַנגען אין פעלד שאָקלען זיך מאַיעסטעטיש אין לייכטן ווינטעלע, זאָגן תפילה צום באַשעפער און זענען שטאָלץ אויף זייער ווירקזאַמער אויפגאַבע אין לעבן: אָנצוהאַלטן די עקזיסטענץ פון דער קרוין פונעם באַשאַף — דעם מענטש.

די שטילע רואיקייט פון וואַלד רייסט איבער יוגנטלעכער הילכיקער געלעכטער און האַרציקער געזאַנג. אַט גייסטו פאַרביי דעם צמענטאַזש און פון דער ווייט, ביי אַ בוים, צעזינגט זיך אַ טרויעריקער ניגון, באַגלייט דורך אַ מאַנדאָלינע, בעת די חבריה האַלט אונטער אין כאָר.

אין דער רעכטער זייט פון באַרגיקן אַראָפּגאַנג געפינט זיך דער טיפער טאָל. דאָרט פירן יוגנטלעכע הייסע דיסקוסיעס אָדער זיצן פאַרטיפט אין אַ בוך איבער דאַרווין, קראָפּאָטקין אָדער קאַרל מאַרקס. דאָ, אין דעם טאָל, לעבט די יוגנט איר גייסטיקן לעבן. דאָ ווערט געשמידט איר באַוווסטזיין, דאָ טרוימט זי איבער הויכע אידעאַלן פון בויען אַן אייגענע יידישע היים, פון איינפלאַנצן גערעכטיקייט אויף דער וועלט און ליבשאַפט פון מענטש צו מענטש.

## חיה סאלניק חיפה / כ׳פארלאז דיך, סטאשעוו, מיין שטעטל

נישט נאָר אַ טאָג פון גליק, נאָר אויך פון ראַנגלעניש איז געווען דער טאָג, ווען כ׳האָב דיך פאַרלאָזן, מיין שטעטל סטאַשעוו.

די נשמה׳דיקע צוגעבונדנקייט צו דער נאָנטער משפחה און די פּאַרטיי־חברים און פריינט האָט אַנטפּלעקט געפילן פון ברודערלעכער איבערגעגעבנקייט און גורל־געמיינזאַמקייט, סיי אין מאָמענטן פון פרייד, סיי אין מאָמענטן פון צער.

די דערמאָנטע חבר׳ישע אייגנשאַפטן זענען געקומען צום אויסדרוק אויף פאַרשידענע וועגן און אומשטענדן. איז דאָס געווען אין דער פאָרם פון פינאַנציעלער הילף, אין וועלכער ווער פון די חברה האָט זיך גענייטיקט דרינגנד, אָדער וועלכע ס׳איז הילף פון אַן אַנדערן כאַראַקטער — שטענדיק איז דאָס געווען די פּאַרטיי, וועלכע האָט אויסגעשטרעקט, די ערשטע, איר חבר׳ישע האַנט, שטיצנדיק יעדן נויטבאַדערפטיקן, מיט וואָס און ווען זי האָט נאָר געקאָנט.

באַזונדערס האָט זיך די דאָזיקע חברי׳שע האַרציקייט אַנטפּלעקט, בעת ווער פון די חברים איז קראַנק געוואָרן. אין די פאַלן זענען אַלע געווען וואַך און אָפּגעגרייט צוטאָן אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר געווען אין זייערע מעגלעכקייטן, אַבי דעם קראַנקן צוריקצושטעלן אויף די פיס, פיזיש ווי מאַטעריעל. אַזעלכע איז געווען די פיזיאָנאָמיע פון דער שטעטלשער יוגנט — פון איר מענטשלעכער זייט. אָבער אויך אין גייסטיק־קולטורעלער הינזיכט איז אונזער יוגנט געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. ס׳איז גענוג געווען נאָר אַרויסצוברענגען פון מויל די 2 ווערטער: „סטאַשעווער יוגנט" — און באַלד האָבן זיך די אַסאָציאירט מיט קולטורעלער אַנטוויקלונג און סאָציאַלן באַוווסטזיין.

ס׳איז דעריבער נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז אין דער אויבנגעשילדערטער חבר׳יש־וואַרעמער אַטמאָספער — איז זער שווער אָנגעקומען צושיידן זיך פון משפחה, חברים און פריינט.

אָבער פון דער אַנדערער זייט, האָט דער אידייאיש־פּאַרטייאישער באַוווסטזיין און קאָנסעקווענץ געפאָדערט דאָס זייעריקע, אַרויפלייגנדיק זייער סטעמפּל אויף אונזערע מעשים, אויך דעמאָלט ווען זיי זענען געווען

דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעך צו מענטשלעכע און חברי׳שע געפילן. דער אידעאַל פון „בנין־הארץ״, פאַר וועלכן מיר האָבן, לאַנגע יאָרן, געפירט אַ שווערן און קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף, מיט די אַנדערע יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען אין שטעטל, ווי: דער בונד און די קאָמוניסטן — האָט גובר געווען און געשטעלט אין שאָטן געפילן און סענטימענטן.

דעריבער, ווען ס׳איז געקומען דער אַנטשיידנדיקער טאָג פון אָפּפאָר — האָבן געמישטע געפילן, פון פרייד און טרויער גלייכצייטיק, מיך באַהערשט. פרייד — ווייל איך האָב געהערט צו די ווינציקע, וועלכע האָבן זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייער לאַנגיאָריקן, אויסגעבענקטן טרוים: פּערזענלעך אָנטיילנעמען אין דער אויפריכטונג פון אַ היים פאַרן היימלאָזן פאָלק; טרויער — ווייל כ׳האָב געמוזט, מיט איין מאָל, איבעררייסן די טיפע צוגעבונדנקייט צו די נאַטור־שיינקייטן פון אונזער שטעטל: די ברייט־אויס־געשפּרייטע, גרינע פעלדער; דעם פּרעכטיק־געפלעגטן גאָרטן; דעם ראָמאַנטישן גאַליעווער וואַלד מיט דער אָזיערע, ווו מ׳האָט זיך, אין באַצויבערנדיקע נעכט, געלודקעוועט ביי לבנה־ליכט. און דער עיקר: צוליב דעם דראַסטישן איבעררייסן, — אפשר אויף שטענדיק — מיט דעם האַרציקן מענטשלעכן פּייזאַזש — מיט דער גלענצנד־אַנטוויקלטער, אויפריכטיק־איבערגעגעבענער סטאַשעווער יוגנט, וועלכע איז אַזוי טיף איינגעבאַקן אין האַרצן

די אויבנגעשילדערטע קאָלעגיאַלע אייגנשאַפטן האָבן זיך, אין זייער גאַנצער שיינקייט, אַנטפּלעקט אין טאָג פון מיין אָבפאָר. די גאַנצע פ. צ. באַוועגונג, אין שטעטל, האָט אין דעם טאָג געוואָרפן די אַרבעט, צונויפזאַמלענדיק זיך אין מיטן מאַרק, פון וואַנען די מאַשינען זענען אָפּגעפאָרן — כדי אָנטיילצונעמען אין דער שמחה פון אַ חבר, מיט וועמען מ׳האָט צוזאַמען גע׳חלומ׳ט און געקעמפט. פון די פּנימ׳ער, וואָס האָבן געשטראַלט פאַר פרייד, און פון די פייכטע אויגן, וואָס האָבן געגלאַנצט פון גערירטקייט — האָט מען בפירוש געזען, ווי די פאַרזאַמלטע לעבן ממש איבער די גע־שעעניש. ספּאָנטאַן, פון קיינעם נישט פאַראָרדנט, האָט זיך האַנט אין האַנט פאַרפלאָכטן און אַ הילכיקער הורה־



חתונת בת הרב — די חתונה פון רב׳ס טאָכטער

טאַנץ האָט אַלע אַרומגעכאַפּט. אגב, אין סאַמע מיטן פון דער אַלגעמיינער התלהבות, האָט זיך פלוצים באַוויזן די פּוילישע פּאָליציי, וועלכע האָט נישט „געקאָנט״ פאַרטראָגן דעם גערויש פון דער טאַנצנדיק־זינגנדיקער יידישער יוגנט, וואָס „שטערט״ די עפנטלעכע רו — און ווער ווייס, אפשר איז דאָס גאָר אַן אָנזאָג פון דער רעוואָלוציע ר״ל — נעמענדיק טרייבן דעם עולם פון מאַרק, ווייט־ווייט, אין דער אָפּטער גאָס אַריין. אָז די „רעוואָלוציע״ איז געוואָרן צוריקגעשטויסן — האָט דער עולם באַנייט דאָס זינגען און טאַנצן, ביז די מאַשין האָט גערירט פון אָרט, פאַרשווונדנדיק אין די אומזע־באַרע ווייטקייטן.

מיט טרערן אין די אויגן האָב איך געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויף מיין פאַנטאַסטיש־געליבט שטעטל — וועלכעס כ׳האָב מער נישט זוכה געווען צוזען.

# יצחק קאזוכאוויטש אור־יהודה / דער גאליעווער וואלד



דערמאנענדיק די, גלייך ווי א טיש, אויסגעשפרייטע הינטערשטאטישע לאנקעס, דעם צמענטארנע וועג, און בעיקר דעם גאליעווער וואלד — וועט נישט איינער פון אונז סטאשעווער, ווו ער זאל זיך נישט געפונען, באהערשט ווערן פון זיך אנהויפנדיקע אסאציאציעס און מחשבות, וועלכע זענען אומצערייסבאר־פארבונדן מיט די דאזיקע פארברענג־ערטער. דאבייַ וועלן אן ספק פארביישוועבן דורכן זכרון, ווי דורך א קאלידאסקאפ, אנגענעמע איינדרוקן, איבערלעבטע אויפן „שויס" פון די דאזיקע פרעכטיקע נאטור־לאנדשאפטן: אונטער די שטאלצע, שטיל־פליסטערנדיקעביימער, אויף די טיפע, זאפטיקע, שמעקעדיקע גראזן, אדער צווישן די זיך־וויגנדיקע, פאלנדיקע זאנגען.

צו אונזער גרויסן באדויער איז נישטא קיין שום פראפארץ צווישן דער טעטיקייט פון מלאך פון שכחה און דער פון מלאך פון זכרון. דאס איז די סיבה, וואס פונעם רייכן אוצר פון אינטערעסאנטע איבערלעבענישן, זענען אין קעניגרייך פון אונזער געדעכעניש, נאך אזויפיל יארן, ווייניק שפורן געבליבן — און נאר א ברוך־טייל פונעם עבר, וואס די אכזריות'דיקע צייט האט נאכנישט באוויזן צו פארטושן ווייל איך דא ברענגען אויפן פאפיר.

פול מיט לעבן און שווונג — דאס איז געווען דער קען־צייכן פון דער סטאשעווער יוגנט. צוליב איר אימפולסיוויקייט און דינאמישן טעמפעראמענט — האט די דאזיקע יוגנט, וועלכע האט, מיט אלע פיבערן פון דער נשמה, געגארט צו פרייהייט, נישט געקאנט משלים זיין מיט די ענגע, דושנע גרענעצן פונעם שטעטל. האט טאקע די יוגנט געזוכט, און אויך געפונען, וועגן און מיטלען צו באפרייען זיך פונעם שטרענגן, אומסאלידאריאנטן בליק פון די קאנסערוואטיוו־צוריקגעשטאנענע עלטערן, פון א „גיט־אויג", און סתם רכילות־טרייבער, וואס האבן אגב נישט איינמאל גורם געווען צו אומזיסטע, אומאנגענעמע שטרייטיקייטן.

איינער פון די אידעאלסטע פלעצער פארן דאזיקן צוועק איז געווען דער גאליעווער וואלד, ווו מ'האט געקאנט שעה'ן־לאנג אנגענעם פארברענגען, נישט ווערנדיק פון קיינעם געשטערט, און אפילו פון א זייטיק־מענטשלעך אויג נישט באמערקט.

די, אן א שיעור, „שטילע" ווינקעלעך, האבן נישט נאר געדינט פאר ראמאנטיש־פארליבטע פארלעך, אדער פאר סתם שפאצירנדיקע, וועלכע זענען ספעציעל געקומען, כדי איינצואטעמען די געזונטע, ריינע, פרישע, שמעקעדיקע וואלד־לופט — נאר אויך ווי א פארזאמלונגס־פלאץ פאר פארשידענע לעגאלע ווי אומלעגאלע פארטייען און באוועגונגען, וועלכע האבן דארט, אויף דער פרייער לופט, אומגעשטערט פון קיינעם, געפירט א היפשן טייל פון זייער ארגאניזאציאנעלער טעטיקייט.

נישט איינמאל האט אויך געטראפן, אז גאנצע מחנות פון יידישע יוגנטלעכע, אויסדעקארירטע מיט פענער און סקויטישע מונדירן, האבן זיך א לאז געטאן אין וואלד אריין, ווו זיי האבן, אונטערן פרייען הימל, פארברענגט א גאנצן טאג, איינזאפנדיק דעם פארשיכור'נדיקן, געזונטן אראמאט פון די סאסנע ביימער.

און דא איז דאס ארט אונטערצושטרייכן — און דאס איז איינער פון די וויכטיקסטע כאראקטער־שטריכן פון דער סטאשעווער יוגנט — אז די „פרייהייט", וועלכע אונזער יוגנט האט געזוכט, איז נישט געווען פון דעם מין, וואס האט געצילט אראפצווארפן פון זיך יעדן עול, כדי זארגלאז, אן העמונגען און סקרופולן, צו מאכן א לעבן. באשיידנקייט, צוריקגעהאלטנקייט, נישט איבערשרייטנדיק די גרענעצן פון אנשטענדיקייט — דאס איז געווען איר דעוויז!

נישט געווען ביי דער דאָזיקער יוגנט קיין מער פאַרהאַסטער באַגריף ווי: פּיליסטעריע. האָט דעריבער אונזער יוגנט נישט יעדן עול — נאָר אַ באַשטימטן עול פון זיך אָפּגעטרייסלט: דעם עול פון געדאַנקן, מנהגים און לעבנס־שטייגער, וועלכע זענען זיי אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך דעם עלטערן דור, און אין וועלכע זיי האָבן — מיט רעכט אָדער אָן — געזען דעם מקור פון וועגעטאַציע, אָפּגעשטאַנענקייט, אויסזיכטלאָזיקייט. נאָכנישט אַבסאָלוט באַפרייט פון פריערדיקן יאָך — און שוין האָט אונזער יוגנט גענומען אויף זיך פרייוויליק, און מיטן ברען פון חסידי׳שער התלהבות, — אַ ירושה־אייגנשאַפט פון די זעלבע „צוריקגעשטאַנענע" עלטערן — נייע פליכטן און אויפגאַבן, פאַר וועלכע זי איז גרייט געווען צו „גיין" אין פייער און וואַסער.

מיט טיפן רעספעקט און אמונה האָט אונזער יוגנט אויפגענומען די נייע אידייען, אַלגעמיין־וועלטלעכע ווי די ספּעציפיש־יידישע, באַהאַנדלנדיק זיי מיט אַזאַ אויפ־ריכטיקן אינטערעס, ווי ס׳וואָלט פון דעם געווען אָפּ־הענגיק דער פערזענלעכער קיום פון יעדן פון זיי. יעדעס ניי־דערשינענע ליטעראַריש ווערק, פון סאָציאַל־פּאָליטישן ווי פון וויסנשאַפטלעכן אינהאַלט — איז נישט געווען פרעמד אונזער יוגנט. הערצל און מאַרקס, פרויד און דאַרווין, פּרץ און ניטשע, ביאַליק און בייראָן — זענען געלעזן געוואָרן מיט ברען, אינעם באַוווסטזיין, אַז מען באַטייליקט זיך אין אויפשטעלן אַ נייע בעסערע וועלט אויף די חורבות פון דער אַלטער.

אין גרונט גענומען איז די סטאַשעווער, אַזויגערופע־נע, „פרייע" יוגנט, ווי 2 וואַסער־טראָפּנס ענלעך געווען צום רעליגיעז־טראַדיציאָנעלן עלטערן דור. ביידע: די „פרייע" יוגנט ווי די רעליגיעזע עלטערן, האָבן מער געלעבט אין זייער גייסטיק־אויסגעטרוימטער וועלט, ווי אין דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט פון זייער אוממיטלבאַרער סביבה; ביידע — יעדער צד אויף זיין שטייגער — זענען געווען טיף איינגעגלויבט אין זייערע פאַרפאַנצערטע, אַבסטראַקטע אמת׳ן, און מיט דער פולער ערנסטקייט און אויפריכטיקייט פון זייערע כשר׳ע, דאָן־קישאָטישע נשמות אַלע אָנשטרענ־



סטודנטים בסטאשוב משנת 1925 — אַ גרופּע סטודענטן פון 1925

גונגען געמאַכט, כדי זיי צו פאַרפלאַנצן אין קאָנקרעטן, טאָג־טעגלעכן לעבן.

אַ גאַנץ נייע ווענדונג אין די „באַציאונגען" צווישן דער סטאַשעווער יוגנט און גאַליעווער וואַלד איז איינגעטרעטן אין דער לעצטער, אומגליקלעכער מלחמה, בעת די האַקנקרייצלער האָבן אַדורכגעפירט די אַזוי־גערופענע „אַקציעס", ד. ה. יידן־פאַרניכטונג. די דאָזיקע „באַציאונגען" האָבן דעמאָלט אָנגענומען טראַ־גישע פאָרמען. נישט מער קיין פאַרוויילונג־און אָפּרו־פלאַץ איז דער וואַלד געווען — נאָר אַ מקום־מקלט פאַר הונדערטער יידישע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן

ביכשטעבלעך זייער לעבנס־גירל פארבונדן מיטן וואלד, זוכנדיק דארט שוץ און רעטונג.

אין דאזיקן וואלד — א פון גאט־געבענטשטער ארט פאר אלע מידע, קראנקע און טרוימערישע נשמות אין נארמאלע צייטן — האט זיך א דערשיטערנדיקער געראנגל אפגעשפילט צווישן דער אומשולדיקער, טיף־דענקנדיקער, סטאשעווער יידישער יוגנט און די פאטאלאגישע האקנקרייץ־הענקער, וועלכע האבן גע־צילט צו פולער פארניכטונג פונעם לעצטן יידן־רעשטל.

וואלטן די ביימער געקאנט ריידן — וואלטן זיי דערציילט וועגן אויפטרייסלנדיק־שרעקלעכע סצע־נעס, וועגן דעם שפלות'דיקן דזשונגל־געיעג פון „מענטש" קעגן מענטש, בעת וועלכן הונדערטער יידישע בחורים און מיידלעך, צווישן זיי אויך קינדער, וועלכע האבן זיך אזוי געריסן צום לעבן — האבן זייער לעבן פארלוירן.

אבער די ביימער קאנען נישט ריידן — האבן זיי, אין דער דאזיקער שוידערלעך־אימה'דיקער צייט, פאר שאנדע זייערע קעפ אראפגעבויגן, מורמלנדיק א שטילן קדיש פאר די אומשולדיק־אומגעקומענע קדושים.

מיכאל טשאפניק בוענאס־איירעס /

# געשטאלטן און געשעענישן אין שטעטל



שוין 33 יאר ווי כ'האב פארלאזן מיין געבוירן־שטעטל סטאשעוו. ס'איז אבער נישטא דער טאג, אז כ'זאל זיך נישט דערמאנען, מיט טי־פער בענקשאפט, אן דעם שטעטל מיט איר אייגנארטיקן פארביקן יידישן לעבן, וועלכע איז, טראץ איר גרויסער ארעמקייט, פול געווען מיט שבת־קודש'דיקע יידן, מיט גייסטיקער אקטיוויטעט און טראדיציאנעל־יידישער גוטהארציקייט.

## ר' ישראל קארפן

אן אידעלע מענטשלעכע געשטאלט, נישט קיין חסיד און נישט קיין למדן, אבער א מענטש מיט א זעלטן גוט יידיש הארץ איז געווען דער שטעטלשער גביר ר' ישראל קארפן.

אין די שווערע ווינטער־טעג, טאפטשנדיק אינעם טיפן שניי, צומאל איבער די קני, האט מען אפט געזען ר' ישראל'ן, אנגעטאן אין א שיין פוטער און ווייליק־שטיוול, ווי ער באגלייט א ריי פורמאנקעס, פול־באלא־דענע מיט האלץ און קארטאפל, אנווייזנדיק די בעלי־עגלות ווו אריינצווארפן א זאק קארטאפל, ווו א בינטל האלץ — און ווו אן אנדער וויכטיקע מתנה פאר א בכבוד'יקער נויט־באדערפטיקער משפחה.

נישט איינמאל פלעגט ער אויך, אויף זיין חשבון, לאזן פאריכטן די שול און בכלל זארגן פאר אנדערע קהל'שע הצטרכותן. דאס איז געווען א זעלטן־גוטער מענטש, וועלכער האט ווייניק גערעדט, אבער פיל, זייער פיל געטאן.

## ר' יחיאל מארגנשטערן

ר' יחיאל מארגנשטערן, אדער ווי מ'האט אים גערופן: „יחיאל מגיד", האט, אזוי לאנג ווי כ'האב אים געקאנט, מזכה געווען דעם פראסטן „עמך"־ייד מיטן ליכט פון דער תורה, אין דער בחינה פון „יגדיל תורה ויאדיר". יעדן שבת נאכמיטיק האט איר דעם פשוט'ן פאלקס־מענטש געטראפן אין גרויסן בית־המדרש, ארומגערינגלט פון צענדליקער יידן, בעלי־מלאכות, קנעלנדיק מיט זיי אין די קליינע אותיות. נישט

האַבנדיק אַליין קיין צוטריט צו די לעצטע — מסתמא צוליב סיבות פון דערציאונג און פרנסה — איז ר׳ יחיאל געווען פאַר זיי דער פאַרזאָגער און דערקלערער. זומער האָט ער מיט זיינע „תלמידים" געלערנט, מיט אַ מתיקות׳דיק־האַרציק־צעצויגענעם ניגון, פרקי־אבות, בעת דער קליינער יאָסעלע פלעגט אים ברענגען שניידנדיק־קאַלט וואַסער פונעם „סטאַק". ווינטער דאַקעגן פלעגט ער קנעלן, מיט די שווער־פאַרהאַרעוועטע יידן פון אַ גאַנצער וואָך, אַ שטיקל משניות, אַ מדרש־תנחומא אָדער חומש־רש"י, צופאַסנדיק די דערקלערונגס־מיטלען — באַנוצנדיק זיך מיט משלים פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן — צו דער אויפנאַם־פעאיקייט פון זיינע „פרייע צוהערער", בעת דער זעלבער יאָסעלע פלעגט מכבד זיין מיט הייסער טיי. אין דער דאָזיקער גרויסער מצווה פון מזכה זיין פראָסטע יידן אַריינצודרינגען אין די סודות פון די, ווי פאַרזיגלטע פאַר זיי, ספרים האָט אויך אָנטיילגענומען הערש וואָלף ניימאַן, וועלכער האָט יעדן איינעם צוגעטראָגן דעם אַנטשפּרעכיקן ספר. און בעת דער גאַנצער עולם איז געזעסן און מיט התמדה מיטגעלערנט מיטן „רבין", פלעגט פון הינטער דעם אויוון, מיט אויסגעשטעלטע אויערן און קנאה׳דיקע בליקן, אַפּירקוקן פּייוועלע וואַסערטרעגער. פּייוועלע, אַ פרומע, כשר׳ע, תמימותדיקע יידישע נשמה, האָט מיט אַלע כוחות אויך געוואָלט מיטלערנען און זוכה זיין צו אַ שטיקעלע „עולם־הבא". ער האָט דאָס אָבער נישט געקאָנט טאָן, נישט האָבנדיק קיין אַנונג, וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן אין די דראָבנע אותיות. ווענדנדיק זיין פאַר׳חלומ׳טן בליק אין דער ריכטונג פון די טיש־זיצער האָט ער זיך באַרואיקט, זעענדיק זיך ווי ס׳איז מיטבאַטייליקט אין דער דאָזיקער גרויסער מצווה.

### 1905

דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די צאַרישע אימפּעריע האָט אויך אָנגעשפּאַרט אין אונזער שטעטל. סטאַשעוו מיט אירע עטלעכע הונדערט יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אין דער אָרטיקער לייכט־אינדוסטריע, ווי:




תזמורת מועדון הספורט „הכח" — אָרקעסטער פון ספּאָרט־קלוב „הכח"

גארבערייען, שיסטער־קאמאשנמאכער, שניידער־און ביטשיסקע־ווערקשטאטן — האט די רעוואלוציע, ווי אלץ, אנגענומען זייער ערנסט — אפילו צו ערנסט. אין א געוויסן פּרייטיקצונאכטס האבן סטאשעווער ארבעטער, ווענדיק אפנים באווייזן, אז זיי זענען חלילה נישט הינטערשטעליק אין פארגלייך מיט די גרויסשטאטישע ארבעטער, אונטערגעלייגט א באמבע אין הויז פון זיסל ניסנצווייג. צום גליק זענען קיין קרבנות נישט געווען. א קורצע צייט שפּעטער האבן די „רעוואלוציאנערן" געווארפן א פלאש וויטריאל אויף נחמיה ויטוצווייג, דעפארמירנדיק אים דאס פנים.

## 1917

די באלפור־דעקלאראציע רופט ארויס אומגעהויערע פרייד אין שטעטל. יידן טאנצן אין די גאסן, באגריסנדיק זיך מיט „גוט־יום־טוב" און „מזל־טוב". אלע ציוניס־טישע גרופירונגען און סימפאטיקער קומען זיך צונויף אין „מזרחי"־לאקאל, כדי עפנטלעך צו ברענגען צום אויסדרוק די פרייד איבער דער היסטארישער גע־שעעניש.

## 1925

מאסן יידן פארזאמלען זיך אין שול, כדי צו פייערן די דערעפענונג פונעם העבּרעאישן אוניווערזיטעט אויפן הר־הצופים אין ירושלים. יידן זעען אין דער דאזיקער געשעעניש א באשיידענעם אנהייב צו דער פארווירקלעכונג פונעם דורות'לאנגן ווונטש: „כי מציון תצא תורה...".

משה דייטלבוים הייבט אן ריידן אין העברעאיש וועגן דער געוואלטיקער באדייטונג פון דאזיקן קולטור־יום־טוב פארן יידישן פאלק. ס'ברעכט אויס א סקאנדאל, בעת יידישיסטן פאדערן יידיש. יאסל איידלקאפ (ליסע) און לייזער קאוואל מאכן, מיט זייערע לייבן־הענט, ארדענונג, ארויספירנדיק די שטערער.

אינעם זעלבן יאר ווערן אין שטעטל אדורכגעפירט א ריי קולטור־אונטערנעמונגען. צווישן אנדערע טרעט אויף יואל מאסטבוים, וועלכער רעפערירט וועגן מענ־דעלע, שלום־עליכם און פרץ.

## 1926

אין א געוויסן מיטוואך אוונט ברענגט מיר מרדכי גאלדפעדער א טעלעגראמע פון ווארשע, אין וועלכער מ'איז אונז מודיע וועגן אנקומען פון זרובבל אין שטעטל, ווו ער וועט אויפטרעטן שבת מיט 2 רעפע־ראטן. 1 : קרים און פאלעסטינע. 2 : פון פרץ ביז לייוויק. ס'איז קלאר, אז מ'מוז, אויף גיך, באקומען די דערלויבעניש פון דער מאכט אויף אדורכצופירן די 2 עפנטלעכע פארזאמלונגען. די דאזיקע דערלויבעניש איז צו באקומען נאר אין פאוויאט, אין צווזמער. בעת אין דרויסן פאלט א געדיכטער שניי האבן מיר זיך געווענדן צו א פארטיי־חבר, זעליג מאנסטער, פנחס דאלער'ס זון, און דערלאנגנדיק אים די נייטיקע פאפירן און געלט ארויסגעשיקט קיין צווזמער. טראץ דעם שווערן וועטער האט מאנסטער אן שהיות און וואקלונ־גען, זיך געלאזן אין וועג, דערקלערנדיק: „דער באשלוס פון דער פארטיי איז פאר מיר הייליק". אינדערצווישנצייט האבן מיר אפגעדונגען דעם פייער־לעשער־זאל. פרייטיק פארנאכט האבן מיר באקומען א טעלעגראפישע תשובה פון זעליג'ן, אז אלץ איז בסדר. אויך די פאליציי האט איר צושטימונג געגעבן. אבער באלד איז אויפגעשווומען א נייע שוועריקייט. אזוי ווי זרובבל האט געזאלט אנקומען שבת — האבן די שטעטלשע פרנסים, מיט אפרים זינגער בראש, מרעיש עולמות געווען : ס'טייטש, אזא חילול שבת בפרהסיא! בקיצור, זיי האבן געפועלט ביים בירגערמייסטער, קראוזע, מבטל צומאכן דעם אויפטריט אין פייער־לעשער־זאל. זוכנדיק אן אלטערנאטיווע האבן מיר אפגעדונגען א פריוואטע וווינונג, ווו דער רעפעראט איז אגב אדורך מיט גרויס דערפאלג.

בעתן ערשטן רעפעראט האט אברהם זילבערשטיין געמאכט צווישנרופן, אז אין קרים באקומט מען אומ־זיסטע ערד.

היינט איז אברהם זילבערשטיין אין ישראל. דאס דינען פרעמדע אפגעטער האט נישט געהאלפן. נאך א לענגערן נע־ונד זיין אין פארשידענע לענדער האט ער זיין מנוחה באקומען אין דער... יידישער היים.

# חיים וואגנער סאן־פאולא / סטאשעוו, מיין שטעטל



איך האָב אַ סך גע׳חלומ׳ט וועגן מיין שטעטל. נישט איינ־מאָל געטראַכט וועגן אַריבערכאַפּן זיך אַהין און ווידער זען די שיינע לאַנדשאַפט פון דאָרט; דעם שטיל־פליסנדיקן טייך, וואָס זיינע ברעגן פון ביידע זייטן הייבן זיך אויף ביז צו די שפּיצן פון די׳ גרינע געדיכטע קוסטעס. נישט איינמאָל זיך צעבענקט נאָך די גרינגראַזיקע לאָנקעס און נאָך יענע געדיכטע וועלדער, וואָס ציען זיך אַוועק העט־ווייט אויף קילאָמעטערדיקע שטרעקעס.

געבענקט נאָך די שיינע זומערנעכט, וואָס האָבן אָפּגעהילכט מיטן ווידערקול פון דער צעזונגענדיקער אַרבעטער־יוגנט.

ווי ליב איז מיר דער אָנדענק פון מיין שטעטל. אַפילו מיט איר אָרעמקייט, מיט איר דחקות און דלות, מיט די שרעקן פון נאַכט־שריפות, מיט מיין קאַלטער היים, ווו די שויבן זענען אַ גאַנצן ווינטער געווען באַצויגן מיט פראָסטיקע בלומען און די ווענט אין שטוב האָבן געגלאַנצט און געפינקלט פון געפרוירענע שניי־פליטערלעך.

זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערמאָנען עטלעכע טיפּן בלויז, וואָס זענען באַזונדערס פאַרבליבן אין מיין זכרון און האָבן זיך פאַרדינט מיר זאָלן זייערע נעמען פאַראייביקן.

איינע פון די שענסטע געשטאַלטן, וואָס איך האָב געקענט אין מיין לעבן — דאָס איז הינדל ערליכמאַן. זי איז געווען די מאַמע פון דער גאַנצער סטאַשעווער יוגנט. אַלע האָבן מיר ביי איר געפונען שוץ און טרייסט אין שווערע מינוטן פון אונזער יוגנטלעכן געראַנגל.

וועמען ס׳האָט געדריקט דער צוים פון זיינע אָפּ־געשטאַנענע עלטערן, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם שטורם און דראַנג פון דער יוגנט און האָבן נישט געפונען די דערציערישע וועגן צו זייערע קינדערשע ליידן; ווער ס׳האָט זיך סתם גענייטיקט אין הילף — אַלץ איז געגאַנגען צו איר. זי האָט פאַר אַלעמען געפונען צייט און מיטלען פון פאַרלייכטערונג און דערמוטיקונג. זי איז אויך געווען באַוווּסט אַלס ספּעציאַליסטקע אין היילן אויסגעדרייטע גלידער. זייער אַ סך צייט האָט זי אָפּגעגעבן פאַר די רעוומאַטיש־ליידנדיקע. אויף יעדן רוף איז זי געלאָפן צו די קראַנקע — ביי רעגן און ווינט, שניי און פראָסט, ביי טאָג און ביי נאַכט — קיינמאָל נישט צו פרי און קיינמאָל נישט צו שפּעט צו קומען צו הילף דעם וואָס נייטיקט זיך. דאָס אַלץ אָן לוין — ריינע, פרייוויליקע אַרבעט איז דאָס געווען.

אָט אַזאַ איז געווען הינדל ערליכמאַן פון סטאַשעוו.

די צווייטע אין דער ריי איז רחל סגל. דאָס איז געווען אַ יונגע צאַרטע נשמה מיט אַ סך יידישן חן. איינע פון די בעסטע רעציטאַטאָרקעס אין אונזער שטעטל. יעדעס מאָל, בעת איר אויפטרעטן האָט זי איבערגעלאָזן אויף דעם עולם אַ רושם, וואָס האָט אַרויסגערופן אַכטונג און ליבע.

זי איז זייער אָפט איינגעלאַדן געוואָרן פון פאַר־שידענע געזעלשאַפטן אויפצוטרעטן מיט רעציטאַציעס, וועמעס הכנסה ס׳איז באַשטימט געווען פאַר וווילטעטיקע צוועקן, שוין נישט ריידנדיק וועגן די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן קיין שום אימפּרעזע נישט איינגע־אָרדנט אָן רחל סגל׳ס מיטבאַטייליקונג.

און איצט עטלעכע ווערטער וועגן דער פּראָפעסיאָ־נעלער טעטיקייט ביי אונז אין סטאַשעוו.

באַזונדערס מוסטערהאַפט אָרגאַניזירט איז געווען דער לעדער־פאַריין. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט דורכגעפירט די גרעסטע צאָל שטרייקן און באַוויזן צו דערגרייכן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען. דערביי וויל איך דערמאָנען די חברים: חיים בער (דב) ראָזנמוטער און איסר גאָלדבערג, וועלכע האָבן אַקטיוו זיך באַטיי־ליקט אין דער פאַרוואַלטונג.

אַלס איינער פון די אַקטיווע חברים פון דער פאַר־וואַלטונג קאָן איך עדות זאָגן, אַז די דערמאָנטע האָבן אַ סך געליטן פון די רדיפות פון דער פוילישער מאַכט, וואָס האָט מיט שנאה פאַרפאָלגט די טעטיקייט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע גוט־דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציעס.

איז עס דער חוב פון אונזער תקופה — נאָכדעם וואָס איז געשען — צו קלאַמערן זיך אַרום דער שארית־הפליטה, וואָס קאָנצענטרירט זיך אין מדינת־ישראל, — דער פונדאַמענט פון אונזער קיום. מיר, ביים לעבן געבליבענע, מוזן ווייטער שפינען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון אונזער גרויסער פאַרגאַנגנהייט — פאַר־בינדן דעם נעכטן מיטן היינט אַנטקעגן אַ נייער און שיינער צוקונפט, אָנהאַלטן ברידערלעכן קאָנטאַקט און מיט אַן ערנסטער פאַראינטערעסירונג נאָכפאָלגן די טעטיקייט פון אַלע אונזערע לאַנדסמאַנשאַפטן אויף דער גאָרער וועלט.



הצגת „דער ווילדער מענטש", בימוי: מ. דיטלבום — אויפפירונג פון „דער ווילדער מענטש" רעזשי: מ. דייטלבוים.
יושבים מימין לשמאל — זיצן פון רעכטס אויף לינקס: וו. איזנברג, י. פרידמן, ח. גולדפלוס.
עומדים — שטייען: ש. אידלסברג, ל. פרידמן, ...., ירמי, ...., פ. פרידמן.

# רייזל בוקשפּאַן לאָס־אַנדזשעלעס / דאָס גייסטיקע סטאַשעוו

סטאַשעוו איז געווען אַ קליין שטעטל, אָבער דאגות האָט עס געהאַט גאַנץ גרויסע. קודם כל אין מאַטעריעלער הינזיכט. די פראַגע: ווו נעמט מען אויף שבת, איז קיינמאָל נישט אַראָפּ פון סדר־היום. שווער איז געווען דער געראַנגל פאַר דער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ, און נישט ווינציק פלייס, אונטערנעמונגס־ווילן און דערפינדערישקייט האָבן זיך געניטיקט בייצושטיין די שוועריקייטן, כדי ווי ס׳איז זיך צו האַלטן אויף דער אויבערפלאַך. אָבער נישט געקוקט אויף די האַרטע מאַטעריעלע באַדינגונגען — האָבן די דאגות פאַר בילדונג, אייגנטלעך, זעלבסט־בילדונג, און גייסטיקער אַקטיוויטעט בכלל, פאַרנומען דעם אויבן־אָן ביי דעם רוב מנין און רוב בנין פון דער אָרטיקער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אויב אויפן עקאָנאָמישן געביט האָט דאָס שטעטל, אין גרויסן רוב, ממש וועגעטירט, האָט זיך, אין קעגנטייל, אויפן גייסטיקן געביט געלאָזט מערקן אַן אומאויפהערלעכער פאָרשריט.

ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג איז אַ מין וועטגעיעג אָנגעגאַנגען: ווער ס׳וועט מער לערנען, מער וויסן א. אַ. וו. האָט טאַקע דאָס גייסטיקע לעבן אין שטעטל געבליט און געוואַקסן. די בתי־מדרשים זענען פול געווען מיט לערנער, וועלכע האָבן זיך מתנצח געווען אין הלכה. פאַרבייגייענדיק האָט זיך כמעט שטענדיק געלאָזט הערן דער מתיקות׳דיקער ניגון פון די לערנער־מתמידים, וועלכע זענען טריי געבליבן דער תורה־ירושה, איינזאַפּנדיק אין זיך דעם אוצר פון אונזער גייסטרייכער פאַרגאַנגנהייט. פון דער אַנדערער זייט, האָט אונזער ערנסטע, דענקנדיקע יוגנט, געוויינלעך נאָך אַ דערשעפּנדיקן אַרבעטס־טאָג, זיך געזאַמלט אין די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ווו מ׳האָט, מיט פּאַטאָס און פאַנאַטיזם, געפּריידיקט די נייע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידייען. וואָס אַן אמת, זענען די דאָזיקע אידייען גאָרנישט געווען אַזוי ניי. זייער חידוש איז נאָר באַשטאַנען אין דער מאָדערנער טערמינאָלאָגיע, אין נייצייטיקן לבוש, אין וועלכן זיי זענען געקומען צום אויסדרוק. אין זייער איבערלעכן וועזן, האָבן די דאָזיקע, מכלומרשט נייע אידייען, געצויגן זייער חיונה פון דער רייכער ירושה פון אונזערע גרויסע נביאים. אָט־אָ־די גייסטיקע און מאָראַלישע ריזן, וועלכע האָבן נאָך, מיט העכער 2 טויזנט יאָר צוריק, פעסטגעלייגט די נאָבלסטע, שטאַנדהאַפטיקסטע יסודות, אַזוי פאַר דעם פעלקער־צוזאַמענלעבן, ווי פאַר די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, יסודות, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די קרוין פון די איידלסטע שטרעבונגען פון מענטשלעכן מין אַלס אַזעלכן.

ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די פּרעכטיקע צוקונפטס־וויזיען פון אונזער גרויסן טרוימער: ישעיהו הנביא. „לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה; „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות; „כי מלאה הארץ דעה את השם כמים לים מכסים”, אָדער די שטרעבונג צו רעכט און גערעכטיקייט, וואָס איז דער בשותפות׳דיקער קען־צייכן אין די אומשטערבלעכע שאַפונגען פון אַלע נביאים — כדי זיך צו איבערצייגן, ווי ווייט אונזערע היינטצייטיקע „נייע” אידייען זענען, אויף אַזאַ געניאַלן און פּאַטעטישן אופן, פאָרמולירט געוואָרן נאָך אין יענע דורות, ווען דער רוב פעלקער זענען נאָך געווען פאַרזונקען אין רויב און פאַרברעכן. און נאָך היינט זענען אַ סך פעלקער נישט באַפרייט פון די דאָזיקע אייגנשאַפטן, און מאַנכע האָבן אַפילו, אויף אַ שוידערלעך־קאַלטבלוטיקן אופן, עפנטלעך מאַניפעסטירט זייער אינטימע נאָענטקייט מיט זיי, פאַרזוכנדיק — און דאָס איז זיי ליידער אין אַ גרויסער מאָס אויך געלונגען — אויסצומאָרדן דווקא דאָס פאָלק, וועמען די מענטשהייט האָט צו פאַרדאַנקען די באַצויבערנדיקסטע שיין־גייסטער און אידעאַליסטישע טרוימער פון סאָציאַלן רעכט און פרידלעך־גליקלעכן מענטשן־און פעלקער־קיום. איז טאַקע טרויעריק זיך צו דערמאָנען, אַז אויך אונזער טייערער, גוטהאַרציקער, מענטשן־ליבנדיקער סטאַשעווער קיבוץ, וועלכער האָט אַלע זיינע כוחות געשטעלט אין רשות פון דער געזעלשאַפט אין איר קאַמף פאַר רעכט, גערעכטיקייט און



תלמוד־תורה בסטאשוב — די תלמוד־תורה אין סטאַשעוו

פעלקער־שלום — איז אויף אַזאַ פאַרברעכעריש־סאַ־דיסטישן אופן פון דער ערד אָפּגעווישט געוואָרן.

ס׳טוט ווײ דאָס האַרץ אויף דער פיזישער פאַרניכ־טונג פון אונזערע טייערסטע, אויף דער פאַרניכטונג פון דער הונדערטער יאָרן איינגעזעסענער ײדישער קהילה אין סטאַשעוו. ס׳טוט אויך ווײ דאָס האַרץ אויף דעם מאָראַלישן חורבן פון דער מענטשהייט, וועלכע האָט געקאָנט, ווען זי וואָלט נאָר געוואָלט, פאַרהינדערן די קאַטאַסטראָפע — ווייניקסטנס, באַדייטנדיק זי קלע־נער מאַכן.

צום שלום:

אויב די זענען די רעזולטאַטן פון די איבערמענטש־לעכע אַנשטרענגונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין פאַרלויף פון דורות, אונטערצואָרדענען די נידעריקע חיה׳שע אינסטינקטן פונעם מענטשלעכן מין אונטער דעם דערלייזנדיקן דיקטאַט פון מאָראַלישן געזעץ? — בלייבט אונז, פיזישע און גייסטיקע פליטים פון יענע נביאים, נאָר איין וועג: דער וועג פון פאָלקס־באַפריי־אונג, דער וועג פון פרייוויליקער און טאָטאַלער ליקווי־דירונג פון דער גלות־צושפּרייטקייט, פון פולן קיבוץ־גלויות און פון פיזישער און זעלישער פאַרבינדונג מיט אונזער אויפגעריכטער מדינה אין ישראל!

## שפרינצע ווארגער סאן־פאולא / די פארשטעקטע קאסטנס

ווי אין אַנדערע פּוילישע שטעט און שטעטלעך, האָט אויך די ײדישע באַפעלקערונג אין סטאַשעוו, וועלכע איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון קליינע סוחרים, האַנט־ווערקער און אַרבעטער, אין איר גרויסן רוב געלעבט אין ענגשאַפט און אָרעמקייט.

די יוגנט, לרוב אַ באַוווסטזיניקע און אַ פונאַנדער־געטיילטע אין פאַרשידענע פּאָליטישע גרופּירונגען, האָט טאַקע געהאַט אַ סך גרויע טעג, אָבער דערפאַר — אינטערעסאַנטע און צומאָל גייסטרייכע אָוונטן, אין וועלכע העפטיקע דיסקוסיעס און אָפטער געזאַנג האָבן אַריינגעבראַכט געפילן פון פרייד און יומטוב׳דיקייט אין דער וואָכעדיקער טאָג־טעגלעכקייט.

אין די דאָזיקע אָוונטן האָבן זיך יונגע, געזונטע נשמות אין איין געזאַנג פאַראייניקט, אַ געזאַנג, אין וועלכן טרוים, האָפענונג און גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן, אין דער פאַרווירקלעכונג פון באַצויבערנדיקע אידעאַלן — זענען געווען דער בשותפות׳דיקער קען־צייכן פון דער אַזוי שטאַרק דיפערענצירטער סטאַשע־ווער יוגנט.

מיין היים איז אין אַלע הינזיכטן ענלעך געווען צום אַלגעמיינעם מצב, אין וועלכן ס׳האָט געלעבט און געווירקט די ײדישע באַפעלקערונג אין שטעטל. די־זעלבע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, פּאָליטישע און גייסטיקע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געפּייניקט דעם רוב פון אָרטיקן ײדישן יישוב — האָבן אויך געהערט צו אונזער משפּחה׳דיקן פאַראינטערעסירונגס־קרייז. ס׳האָט אָבער עקזיסטירט איין געביט, וואָס האָט ספּעציעל גערייצט מיין פאַנטאַזיע און האָט מיך, דעמאָלט אַ יונג מיידעלע, אָנגעפילט מיט באַזונדערן שטאָלץ, וואָס דאָס פּאַסירט נאָר ביי אונז און נישט ביי קיינעם. דאָס זענען געווען די גאַנץ אָפטע פּאָליציי־באַזוכן ביי אונז אין דער וווינונג.

עפּעס אַ געהיימע, אומפאַרשטענדלעכע וועלט איז דאָס געווען פאַר מיר, אַ וועלט, וואָס האָט געשראָקן און אָפּגעשטויסן, אָבער אויך גלייכצייטיק מאַגנעטיש צוגעצויגן. ווי איצט, זע איך פאַר מיינע אויגן: די שלאַנק־הויכע געשטאַלט פון מאיר צימערמאַן, וועלכן די פּאָליציי נעמט מיט זיך מיט, בעת באַלד דערויף לויפט מיין מוטער אַרויף אויפן בוידעם, פון אונזער הויז. ערשט שפּעטער, בעת כ׳האָב זיך, אומבאַמערקט פון קיינעם, אַרויפגעכאַפּט אַהינצו — איז פאַר מיר דאָס געהיימניש געוואָרן אויפגעדעקט. צו מיין גרויסער איבעראַשונג האָב איך דאָרט געפונען גרויסע קאַסטנס, פול־אָנגעפּאַקטע מיט אומבאַקאַנטער, אומלעגאַלער ליטעראַטור, הונדערטער ביכער און בראָשורן, אונטערן נאָמען: „וואַלקאַ״ (Walka) זענען געווען אַרומגע־

הילט מיט שמאַטעס, אַפּנים אויס מורא זיי זאָלן חלילה קיין ווינטל נישט „כאַפּן". ווי אַ מאַגנעט פלעגט מיך ציען יעדן טאָג צו די קאַסטנס. די אומלעגאַלע ביכער האָבן מיך אַריינגעפירט אין אַן אַבסאָלוט נייער וועלט. דורך זיי זענען מיר פאַרענטפערט געוואָרן די סודות־פולע לידער, וועלכע לאה׳טשע פוקס, רבקה וואַגנער און אַנדערע פלעגן זינגען, זיצנדיק ביי די אַרבעטס־מאַשינען. איך האָב ענדלעך ליבער באַקומען דעם בוידעם פון די שטוב. די דאָרט פאַרשטעקטע קאַסטנס האָבן אַנגעזאָגט אַ נייע, גערעכטע, גליקלעכע וועלט, אַ וועלט, וועלכע איז נאָך דערווייל אַ פאַרבאָרגענע, וואָס וואַרט אָבער מיט זיכערקייט אויף דעם כוח, אויף דעם אומפאַרמיידלעכן כוח, וואָס וועט זי אַנטדעקן און איבערפירן — מיט יובעל און טריומף — אין ווירקלעכן לעבן.



הרב דמתא משביע את החיילים היהודיים בשוק — דער שטאָט־רב נעמט אָפּ די שבועה ביי די יידישע סאָלדאַטן אין מאַרק.

# אבערגלויבנס און פאלקס־ווערטלעך

מיר ברענגען דאָ אַ טייל פון די אַבערגלויבנס און כאַראַקטעריסטישע פאָלקס־ווערטלעך, וואָס זענען געווען גאַנגבאַר אין סטאַשעוו און סביבה און מאַנכע פון זיי אויך אין פיל ווייטערע געגנטן.

## אַבערגלויבנס

קינדער, וועלכע שפּילן זיך מיט קעץ... וועלן האָבן פאַרשטאָפּטע קעפּ.

די זעלבע געפאַר דראָט קינדער, וועלכע עסן הערצלעך.

קינדער, וועלכע גייען דורך אַן אָפן פענצטער... וועלן נישט וואַקסן.

קינדער, וואָס שאָקלען מיט די פיסלעך ...שעלטן די עלטערן.

קינדער ביז אַ יאָר ...טאָר מען נישט וואַשן די קעפּלעך.

עלטערן, ביי וועמען קינדער האָבן זיך נישט געהאַלטן, זאָלן אָנטאָן אין ווייס זייערע לעבנגעבליבענע קינדער.

אַז מ׳נייט וועמען עפּעס צו אָנגעטאָנערהייט זאָל ער בשעת מעשה עפּעס קייען, מ׳זאָל אים נישט פאַרנייען דעם ...שכל.

ער ניסט דערויף! — איז געווען דער בעסטער סימן, אַז וואָס מ׳דערציילט איז אמת.

בעת׳ן ניסן האָט מען באַדאַרפט אַ ציִ טאָן ביים אויער.

האָט ווער געשלוקערצט — אַ סימן, אַז מ׳רעדט פון אים.

נישטאָ קיין בעסערע סגולה צו אַ ווונד, ווי שפּינוועבס.

צום „אָפּשפּרעכן" אַן „עין־הרע" האָט מען באַנוצט 7 שטיקלעך ברויט און 7 שטיקלעך הייסע קוילן.

אַנטקעגן קומען מיט פולע קאַנען איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גוטער סימן, מיט ליידיקע — אַ שלעכטער סימן.

אַ געפּערלעך־קראַנקן דאַרף מען אַלס סגולה מוסיף זיין דעם נאָמען חיים.

## פאָלקס־ווערטלעך

מיט אַן אייגענעם איז גוט קוגעל צו עסן.

מיט אַן אייגענעם איז גוט צוגיין אין שול אַריין.

אַז מ׳קלינגט איז חגא.

אַ קאַץ קאָן אויך קאַליע מאַכן.

ווענט האָבן אויערן.

יאַק יצר־הרע נאַפּאַדניע טאָ תקיעת־כף ניע פּאָמאָזשע.

אַ צדיק אין פּעלץ.

אדם אַ מענטש און קאַטשקעלע ריר זיך.

יעדער זעט יענעמ׳ס הויקער.

אַלץ אינאיינעם איז נישטאָ ביי קיינעם.

זי האָט שוין געמעגט הערן שפּילן.

ווי מ׳בעט זיך — אַזוי שלאָפט מען.

ס׳אַראַ גוט מאָרגן — אַזאַ גוט יאָר.

פון מלך סאָביעסקי׳ס צייטן.

פון אסתר תענית ביז פּורים.

אַז אַ נאַר וואַרפט אַ שטיין אין וואַסער קאָנען אים 10 קלוגע נישט אַרויסנעמען.

מ׳לעבט אָפּ 70 יאָר און מ׳בלייבט אַ נאַר.

אַלע נאַראָנים האָבן איין פּנים.

אַ חלום איז אַ נאַר.

ס׳איז בעסער מיט אַ קלוגן צו פאַרלירן, ווי מיט אַ נאַר צו געווינען.

אַ חכם פון די מה נשתנה.

וואָס איינער האָט אין זיך וואַרפט ער פון זיך.

קליינע קייען, וואָס גרויסע שפּייען.

ס׳עפּעלע פאַלט נישט ווייט פוןביימעלע.

גאָט זיצט אויבן און פּאָרט אונטן.

גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה.

אַז גאָט וויל שיסט אַ בעזעם אויך.

אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט.

אַז מ׳האַקט האָלץ פליען שפּענער.

ווען מ׳שערט די שעפסן ציטערן די לעמער.
אַ געהאַנגענעם זאָגט מען נישט: הענג מיר אויף דעם ראָק.
אַ געשלאָגענעם הונט ווייזט מען נישט קיין שטעקן.
מ׳קלאַפּט אין טיש — רופט זיך אָן די שער.
ער האָט אַ מויל פון פעך און שוועבל.
אַ פּאַטש פאַרגייט און אַ וואָרט באַשטייט.
ביים שווערן וואָגן איז לייכט צופוס צו גיין.
דאָס קריגל גייט אַזוי לאַנג צום וואַסער ביז דאָס אויער רייסט זיך אָפּ.

שכנא, וואָס לויפסטו?
ביזט נאָך נישט ביי מאַליעוווסקין! (אויפן וועג צום בית־עולם).
ביי איינעם לאַכט זיך, ביים צווייטן וויינט זיך.
ר׳וועט שוין געוויר ווערן, וויפיל קאָרן גילט!
מ׳עט שוין מיט אים לערנען בלק!
זיי פאַסן זיך ווי שבת־הגדול מיט קורץ פרייטיק.
איין פייגעלע קאָן קיין זומער נישט מאַכן.
נו, מאַך אַ המוציא!



יושה הבכיין — יאשע וויינער

# מ. ש. גשורי / החזן פנחס שירמן הי״ד - יליד סטאשוב

בין חזני המעלה, מנצחים, מוסיקאים וגדולי המוסיקה היהודית בישראל, שנספו בידי הנאצים בגיטו וורשה, נמנה גם החזן הנודע בכל רחבי העולם היהודי, פנחס שירמן. מלבד חזנותו, היה שירמן גם תלמיד־חכם גדול, חכם וסופר, בעל נפש פיוטית ועסקן בצורכי ציבור החזנים, מארגן „אגודת החזנים והמנצחים" בפולין ומייסד ירחון „עולם החזנים" בוורשה, שהטביע את חותמו ואת רוחו על חיי המוסיקה הדתית.

את קורות חייו כתב בהזדמנות חצי־יובלו, תוך דרישת הציבור, ויש בהן חומר רב הקשור לעיר־מולדתו סטאשוב. בכוונה התחמק מלמסור פרטים על עצמו, כי היה בורח מהכבוד ומהפירסום ולא החזיק גדולה לעצמו. וחובה עלינו, לאחר השואה הגדולה שבאה על יהדות פולין, ועל החזן שירמן בכללה, לתאר את אישיותו מרובת־הגוונים ולהנציחה, בתולדות יהדות פולין בכלל ובתולדות החזנות והעסקנות החזנית בפרט, כאישיות דגולה שהאצילה מהודה, ושבעולם צליליו ורנן תפי־לותיו מצאו אלפי־ורבבות נשמות משתוקקות את סיפוקן הרוחני ומרגוען העילאי. — זכרו יישאר תמיד בתוכנו ביראת כבוד שהיה ראוי לה.

בשנות נעוריו בסטאשוב עבר שירמן דרך סבל ועי־נויים, השכיחים בחיי האדם. אך סבלו לא העביר את הנער פנחס על דעתו ונפשו היתה יוצאת מרוב כמיהה לצלילי מוסיקה דתיים ועממיים, שהשפיעו רוב אושר על נפש הנער. בצר לו פנה לאילן הגדול, שעליו נשענו הרבה נערים ובחורים מלאי־כיסופים לצליל החי והרונן, הוא החזן והמלחין, הסופר והמורה הגדול אברהם בר בירנבוים מצ'נסטוחוב, ללמוד את תורת החזנות והמו־סיקה היהודית. בירנבוים העלה אז בצ'נסטוחוב את העבודה שבלב — זו תפילה — על גפי מרומי קרת. הוא ניסה לשפר את כהונת החזנות, לעדן את עבודת התפילה ולהעלותה לדרגת טהרת הקודש. הוא אף התנדב להרצות ברבים בשבתות בבית־הכנסת, ובמשך שעות עמד והטיף על הנושא הזה. אחר כך ייסד את בית־הספר לחזנים, שחינך תלמידים רבים, שלא על־מנת לקבל פרס. בירנבוים ציין תמיד לשבח את שירמן, שהיה מתלמידיו הטובים ביותר, ביושבו תמיד על התורה ועל העבודה, לומד בחריצות וברצינות, שומע ומקשיב בתשומת־לב גם לתנועה קלה שיוצאת מפי רבו.

פנחס שירמן סלל לו את דרכו בחיים בכוחות עצמו והתרומם על רבים מחבריו. בעודו בן 11 שר כמשורר אצל אחיו הגדול, החזן אברהם־יצחק, ובעודו נער היה מקסים את שומעיו בקולו הנעים והחם וכל מאזיניו ניבאו לו עתיד כחזן ומנגן גדול. אחרי שלמד חזנות אצל בירנבוים התמסר גם ללימודי היהדות בהתמדה רבה והשתלם בידיעת ענפי המוסיקה, כמו תורתה ותולדותיה, הרמוניה וחיבור לחנים ושקע בעולם התלמוד והיהדות לכל ענפיה. עם זאת קשה היה למצוא בו סימן להת־הדרות, או רצון להופיע בפני אחרים כעולה עליהם בפיקחותו, בידיעותיו, ותמיד נדמה היה לו כאילו טרם יצא ידי חובתו בלימודיו.

והנה נתפנה מקום חזן־שני בבית־הכנסת הגדול שברחוב טלומצקה בוורשה הבירה, וההנהלה פירסמה תחרות בעתונות. לתחרות התייצבו חזנים שונים, בי־ניהם גדולים ונודעים. אף בירנבוים הוזמן לבחינה, התפלל בשבת וזכה לכבוד הראוי לו. אך הוא תפס מיד שמשרה זו אינה הולמת אותו, משום שלא היה כבר צעיר, והציע במקומו אחד מבחירי־תלמידיו, אברך בעל חיוך ילדותי על פניו הרעננים, שזקנו אך החל לצמוח. תלמיד זה נשא חן בעיני כל. בשעת הבחינות ואחר כך בתפילתו לפני התיבה הרגישו שהנה נמצא

המועמד המתאים, איש בעל קול בריטון מצליל, הרצאה מוסיקאלית נאה, ונוסח התפילה — יהודי־מודרני, וגם בעל־קריאה טוב עם דיקציה מזהירה.

פנחס שירמן, שטרם מלאו לו 21 שנים, בא איפוא לוורשה ונתמנה לחזן־שני בביהכ"נ הטלומצקאי, מש־רה שחזנים גדולים ורבים שאפו לה. והאברך נכנס לכהונתו כזקן ורגיל, ובה שימש למעלה משלושים שנה, עד שבאה השואה, וקהילת וורשה על רבניה וחכמיה, חזניה ואמניה נספו בידי הנאצים הטמאים, ובתוכם גם פנחס שירמן.

ב.

הציבור היהודי בוורשה בא על סיפוקו במינויו של שירמן כחזן־שני בביהכ"נ הטלומצקאי. יום־יום, עוד בטרם עלה השחר, קם והתייצב בטלית ותפילין לפני העמוד בביהכנ"ס הגדול ביותר בפולין (ואולי בכל העולם היהודי) וערך את תפילת השחרית. וכשרק נראו צללי־ערב אפשר היה לראותו שוב באותו מקום, ומכל־שכן בימי שבתות וחגים, ביומי דפגרא של החזן הראשי, או בתקופת בין חזן־לחזן. תפילתו היתה לשם־דבר בוורשה ובכל חוגי חובבי־הנגינה.

שירמן היה מיחידי סגולה בין חזני־דורו, איש הצמא תמיד לידע ולהשתלמות, ועל הכול האיש הפיקח, בעל תרבות גבוהה, בעל נשמה יפה ומעורב עם הבריות. בשירמן נפגשו אהדדי שני זרמים חזניים, שלא הצליחו להתמזג ולהתאחד אצל שום חזן אחר ורק אצלו היו לזרם אחד. כוונתי לחזנות המסורתית העתיקה וחזנות־הסדר׳ מיסודם של שלמה זולצר וליבנדובסקי. הוא מיזג את צורת האחרונים בתוכן הראשונים, וחזנותו הפכה קלאסית־יהודית, שכמעט אין דוגמתה אצל חזני־דורנו. הוא היה ה„אירופאי" בחזנות, בעל הטעם ומידות טובות, היודע את הזמן המתאים לכל דבר וכיצד לשוות לו צורה נאותה.

החזן הנודע גרשון סירוטה, שעמד במחיצה אחת עם שירמן כעשרים שנה באותו בית־הכנסת, העיד, שתפילת שחרית של שירמן בימים־הנוראים הוסיפה לו עוז ואומץ למוספיו, ובעת שהותו בחו"ל, ובהתפללו שם את מוספיו בימים־הנוראים, הרגיש בחסרון שחריתיו הני־שאים של שירמן. נוסחו, מצב־רוחו וחמימותו של שירמן בתפילות־שחרית הועילו הרבה לסירוטה במוספיו המוצלחים, וכה הורגשה בביהכנ"ס הטלומצקאי שלמות מסוימת בעבודת ההפילה. שלמות זו השאירה רושם כביר על המאזינים, שתמיד יצאו את בית־הכנסת מלאי־התפעלות וסיפוק.

ואחד החזנים הצעירים, שעלה בשלבי־הפירסום והתהילה, החזן יעקב גולדשטין, יליד וורשה, היה מספר, שבעודו בחור׳ חסידי חובב־נגינה, היה מתגנב (בשנת תרע"ה) בלילי־שבת לביהכנ"ס הטלומצקאי, חבוש כובע קטיפה, כדרכם של בחורי־החסידים. אז היו שונאים בחור חסידי בביהכנ"ס ה„אשכנזי", ואף אביו התנגד לביקוריו אצל האשכנזים. אך מה רב היה אושרו, כשהגיע פעם לשער ביהכנ"ס, ובלי למצוא בחוץ את השמשים נכנס פנימה, עמד באחת הפינות והאזין לק־בלת־שבת הנהדרה של החזן שירמן, בעל קול הבריטון הלירי הנאה, שהיה משתפך בחלל כל ביהכנ"ס, בלי לטפס על הקירות, בזמרו עם המקהלה בסולם הטונים הטהור. שירמן היה שר את כל היצירות הקלאסיות והי־פות ביותר, בניצוחו של דוד איזנשטאט, ועורר את התפעלותו והתפעלות כל המאזינים בזימרתו הערבה ובצורת ביצועה כאחת.

שירמן לא הסתפק במשרתו המכובדת, כדי לנוח קצת מעמלו הרב במשך 25 שנות לימודיו. להיפך. במשך כהונתו שאף להשתלמות בחזנות, וגם בהתפתחות רוחנית כללית, וחיש מהר עשה חיל, מלבד בידיעותיו המקצועיות, גם כמארגן ועסקן מוכשר. שירמן, הצעיר בשנים, היה ספוג ידיעות ומשכיל גדול בשטחים שונים ומרובים. הוא שימש דוגמה ומורה־דרך לחזנים רבים אחרים במילוי שליחותם; היה סבור, שעבודה קדושה ורצינית כעבודת התפילה יש להכין כדבעי. תמיד היה אומר, שכשם שהתפילות כסדרן נקבעו לעולם ועד, כך יש להקפיד ולשמור על זימרת הנוסח ללא שינוי. וכן היה אומר, שבמידה והמקהלה מאריכה בזימרת יצירה והחזן מאריך בהנעמת הרצ׳יטטיב, התפילה נקלטת יותר באוזן המתפלל. הוא היה מתנגד לאותם החזנים שהיו הופכים את תפילת בית־הכנסת לנשף־זמירות, ולאלה אמר: „מקומכם לא בבית־הכנסת — מקומכם בתיאטרון".

המנצח הנודע דוד איזנשטאַט, הי"ד, שעמד במחיצת

שירמן החזן במשך שנים, העיד, שהיו תקופות בביהכנ"ס הטלומצקאי, שהחזן־ראשון היה באמריקה, או שמשרה זו היתה פנויה לגמרי, ושירמן, שהוטל עליו למלא את מקומו במשך חורף שלם ואף בחג־הפסח, ביצע בהצלחה גדולה את היצירות החשובות והמסובכות ביותר מתוך הרפרטואר, בתוכן יצירות חדשות, כמו קבלת־שבת של דוד נובקובסקי (אס־דור) ו„אדון־עולם" (אס־דור), עד שלא טנור אחד יכול היה להתקנא בו. באותו זמן הציעו לו משרות כחזן־ראשי בערי־חו"ל: ריגה, ביר־מינגהאם, שלא רצה לקבלן.

שירמן למד הרבה והיה „בור סוד שאינו מאבד טיפה". הוא היה „מכיר את מקומו". לא שכח מעולם את שליחותו הציבורית ובית־הכנסת היה לו להיכל הקדו־שה, שהתייחס אליו ביראת־כבוד. הוא אף גרם נחת־רוח למשוחחים אתו בשיחות חולין. לא בכדי נתמנה לכוהן החזנות בוורשה. ברם הוא היה כוהן לאל עליון לא רק לעדתו בוורשה היהודית, אלא גם למעמד החזנים והמנצחים בפולין. שליח־ציבור של שליחי־הציבור, דורש טובתם ואיש־המעשה, איש הרוח ומורה דרכם ומחנכם. שאיפתו ומטרתו היו: תועלת מעמדו, תועלת וטובת החזנים והמנצחים והצלחתם. גם בתקופת כהונתו באו עליו ימים קשים. בשנות המלחמה (תרע"ד—תרע"ח) סבל שם באופן חומרי, אך הוא חשב רק על שיפור התפילה ושכח את כל צרותיו, ובכוח תפילתו השכיחן גם ממאזיניו.

ג.

בניגוד לחבריו החזנים לא תחם שירמן תחום צר לעצמו באמנות החזנות. הוא הכיר את החיים היהודיים לכל צדדיהם, נגעיהם ועינוייהם ומסקנותיהם לחבריו. הוא היה איש מעשה, פיקח שהציץ לחיי המציאות של החזנים והמנצחים, ובפיקחותו זו התרומם למדרגה, שאליה לא הגיע אף אחד מחבריו. הוא דמה לרופא היגע למצוא את תורפת המחלה כדי לדעת מהי התרופה שיש לתתה לחולה. הוא גילה את סיבת הסיבות שהו־רידה את קרנם של החזנים בפולין, את מצבם החומרי החמור ואת העלבונות הקשים בחיי יום־יום שמטיחים כלפיהם הגבאים. הוא שאף להתגבר על כל המכשולים בפעולה גדולה וכבירה, שמחד תעודד את לבות החז־נים והמנצחים, ומאידך תסתום פעם ולתמיד את פיות המקטרגים, הלועגים והמזלזלים בערכם ובכבודם של הללו. ואז נולד הרעיון להוצאת הירחון „די חזנים וועלט". כתלמידו של בירנבוים, שהוציא בשעתו את „ירחון החזנים", נעשה אף הוא המורה לרבים. הוא החל להזהיר נגד יחסים מתוחים בין חזן לחברו. יום־יום, בכל הזדמנות, הזהיר, שבמקום שיש חזן, אל לחזן שני לרדת לחייו ולתפוס את מקומו — הרי זה עמק־הבכא ביחסי החזנות הפולנית. לא כל החזנים אבו לשמוע בקול דברו, ועל זה דווה לבו.

שירמן ייסד את עתונו לחזנים לא לשם פירסום, כדי להראות את יכולתו, אלא כדי לשפר את חיי החזנים ולהעשיר את החזנות. הוא ייסד את בטאון החזנים בשביל לבשר את בשורת התקופה החדשה לחזנים ולמנצחים, להוכיח, שהשאיפה הראשית של התקופה החדשה צריכה להיות: השכלה, כלומר: שעל החזן ללמוד ולדעת הכול, שעל חזן מודרני לדעת. היה זה ממאווייו החמים ביותר של שירמן, שהביע והשמיע בעת הכריזו על „עולם החזנים". וכשהתחיל לקבל מכתבים מכל אפסי־העולם, מחזנים, מנצחים, מוסיקאים וחובבי־נגינה, שעם ייסוד העתון „נפל דבר גדול בישראל" — נתגלו לו שמיים חדשים ואופקים, שמקודם לא חשב עליהם. הוא החל לחשוב על קרן להוצאת חיבורי־מלחינינו הגדולים, שנשארו בכתב־יד, לייסד סמינר לחזנים, ועוד.

נר לרגליו בפעולתו הציבורית בשביל קהל החזנים היה רגש היושר והצדק, ודבר זה חיפש אצל כל חבריו, החזנים והמנצחים. לא פעם טען, שהחזנים עצמם אשמים במצבם, משום שאחד עלול לבלוע חיים את השני, שלא תיתכן אצלם סולידריות וחברות כמו אצל מעמדות אחרים. הוא עזר לארגן את אגודת החזנים והמנצחים בפולין ונטל חלק חשוב בהתפתחותה, השתתף במפעלים חברתיים אחרים הנוגעים לחזנים וחזנות, והיה העורך החי בקרב חזני פולין. אך לא הסתפק בזה, ומרצו דחפו לעבור את תחומי הארץ, ועמד על משמר החזנים והחזנות גם מחוץ לפולין. בבטאונו חלם להעשיר את ספרות זימרת בית־הכנסת בלחנים ורצ'יטטיבים, ברוח הנוסח היהודי המסורתי. הוא ייחס ערך רב לאגודת

החזנים והמנצחים בפולין, שהיתה בעיניו מעין הפגנה חיה והצהרה לקיום על כל התוצאות הנובעות מכך.

הודות לכשרונו האירגוני והכרתו, שרק בכוח האיחוד אפשר לקדם את טובת חבריו למקצוע ולהועיל לענייניהם, המשיך ללכת בדרך שהתווה לעצמו, בהק־ריבו את ענייניו הפרטיים והחומריים. פעולתו הצי־בורית בהקמת אגודת החזנים וייסוד הבטאון היתה רבת־תוצאות ורכשה לה חיבה לא רק בקרב עדתו וחבריו למקצוע, אלא גם בחוגים אחרים בוורשה. ובחירתו כנשיא הסתדרות החזנים בפולין באה כתופעה טבעית, לאות תודה וזכויות־כבוד בעד פעולתו הציבו־רית לטובת כלל החזנות והספרות החזנית.

הוא נלחם כארי לטובת חזני כל פולין. ואם נגעו באצבע קטנה של חזן בעיירה קטנה בפולין, גרם לו הדבר כאב ואחז מיד באמצעים נאותים. את כל נשמתו הקדיש ל„עולם החזנות" וכל גליון חדש שהופיע היה לו לחג. בעבודת העתון הכניס את כל בני־ביתו. כולם עשו להדפסתו ולפירסומו, תוך ידיעה שבעתון מקצועי לחזנים יבואו לידי ביטוי ענייניהם הציבוריים, תביעו־תיהם ומאווייהם ויפיץ ביניהם את הידיעות המקצועיות־מדעיות באמצעות מאמרים ורשימות מלאי תוכן.

ד.

הירחון „עולם החזנים" הופיע בוורשה מחשון תרצ"ד עד סיון תרצ"ה. אחריו המשיך פ. מילאקובסקי בהוצאת „עתון הקהילה והחזנים", שהופיע עד פרוץ המלחמה העולמית. ביחד הופיעו עשרים גליונות מלאים וגדושים על גדותיהם. התוכן היה שופע מאד: על המוסיקה היהודית ועל החזנות וגם על נוסחאות־התפילה עם תוכניות והצעות שונות להרמת קרן התפילות. עוד בגליון הראשון באה הצעת תוכנית של תקנון ל„אגודת החזנים" בפולין, שאושרה בוועידה הארצית הראשונה של חזני פולין. שירמן עצמו הופיע במאמריו המאלפים כמעט בכל גליון על נושאים שונים, כמו: על חזני האתמול, האם חזנות היא מקצוע ראוי לשמו, חזנים המופיעים באולמות הקונצרטים, תולדות אישים: פנחס מינקובסקי, מנחם קיפניס, א. מ. ברנשטיין מוילנה, יוסל'ה רוזנבלט, גרשון סירוטה, על יצירותיו החזניות של יהושע וייסר, על לחני בית־הכנסת של ב. גוטמן, כוחו של איחוד ואירגון, הסיכום השנתי של השנה הראשונה להופעת בטאון החזנים, מימי נעורי בסטאשוב, אברהם צבי אידלזון, על ספרים מועילים לחזנים, חיים חייקל ינובסקי, ועוד. עידוד רב קיבל מידידיו המקורבים, הרב ד"ר פוזננסקי, פרופסור משה שור והחכם חיים יחיאל בורנשטין, וכן עודדו אותו ידידיו, נחום סוקולוב והסופר דוד פרישמן.

על יחס הכבוד והחיבה, שרחשו יהודי וורשה וחזני פולין לפנחס שירמן, אפשר היה להיווכח בזמן חגיגת חצי־יובלו לכהונתו בבית הכנסת הטלומצקאי בוורשה. גליון מיוחד של „עולם החזנות" הוקדש למאורע החגיגי, בעריכתו של פ. מילאקובסקי (גליון טבת תרצ"ה), ובו מאמרי שבח ותהילה לחתן־היובל עם שפע אחולי ברכות מגדולי המלחינים והחזנים, כמו: החזן דוד רויטמן מניו־יורק, המלחין והמנצח שמואל אלמן מלונדון, משפחת החזן והסופר א. מ. ברנשטין מוילנה, החזן גרשון שאפושניק מקושטא, החזן יוסף הלל לוי ממינכן, החזן צבי מאירוביץ מלונדון, אגודות החזנים ביוגוסל־ביה ורומניה, החזן דוד משה שטינברג, פרופסור מאיר בלבן, ד"ר גרשון לוין, יוחנן קיהן מוינה, דובריש טורש מוורשה, ליאו ליוב ועוד.

בבית־הכנסת הטלומצקאי בוורשה נתארגנה ועדה לחגיגת היובל מה"ה: המנצח אברהם דוידוביץ, פ. מילאקובסקי וא. סימצס. התוכנית הכילה: א) בשבת פ' שמות כיבדו את בעל היובל בעלייה מיוחדת לתורה, והמקהלה, בניצוח דוד איזנשטאט ומשה קוסביצקי, שרה פרק תהלים. בחגיגה זו נכחו כל חברי אגודת החזנים והמנצחים בוורשה, מערכת „עולם החזנים" וחברי מועצת ביהכנ"ס הטלומצקאי ועוד אישים חשובים; ב) ביום ראשון, 6 לדצמבר 1934 בשש בערב, נערך קונצרט דתי גדול בביהכנ"ס הטלומצקאי בהשתתפות חתן היובל, החזן מ. קוסביצקי ומקהלת ד. איזנשטאט, בבצעם את האורטוריה „בריאת העולם" ליוסף היידן בתירגום עברי; ג) בו ביום, בערב, נערכה מסיבה חגיגית באחד האולמות הגדולים ביותר בוורשה. כל העתונות בוורשה ובערי אירופה הקדישו מאמרי שבח וידיעות לכבוד חתן היובל. בסוף המסיבה הושמעה

יצירת חתן היובל „הבן יקיר לי" בפי עצמו בלוויית מקהלה, וכן שר שירמן בלוויית מקהלה „קול דודי" לדוד נובקובסקי, הרפסודיה „במה מדליקין" לא. ב. בירנבוים מצ׳נסטוחוב ועוד. אחד מהמשתתפים בערב המסיבה אמר, שביושבו ובשומעו ברציפות את כל התוכ־נית העשירה בנגינה ובזימרה נדמה היה לו, כאילו נמצא בבית המקדש בירושלים, שבו השמיעו מאות לוויים את זימרתם מלאת־ההוד והקסם.

אין כאן המקום למנות את פרטי הגדולה והיקר שחולקו לחתן־היובל. מכל הנאומים ודברי הברכה שהושמעו כדאי להביא בזה את דברי החזן הראשי, משה קוסביצקי, בעברית. וכה אמר: „יושבים כאן חברים המכירים אותך זה עשרים וחמש שנה מראשית עבודתך פה, ואני רק שבע שנים מכירך. אבל חושבני שלא אגזים אם אומר, כי במשך הזמן שעבדתי אתך „בצוותא חדא" הכרתיך לדעת הרבה יותר מכולם. הכרתי את כל מעלותיך ומידותיך הנעלות והרבות, והרבה יכולתי לדבר עליהן, אך בעקבות האימרה „מקצת שבחו של אדם בפניו..." אסתפק רק בשמץ. חידוש גדול חידשת בבית־התפילה שלנו שהנך מכהן בו כ"ה שנים, חידוש שלכאורה הוא פשוט בתכלית הפשטות, אך דווקא פשטותו היא היא גדולתו, והוא: יחס הערצה ויראת־כבוד לנוסח הקבוע בתחום המסורת. אתה הראית לדעת כי העמוד של שליח־ציבור איננו קניינו הפרטי לעשות בו כאדם העושה בתוך שלו. מי כמוך, המומחה במקצוע החזנות, שיכול להרשות לעצמו שנויים קולעים להגדיל תהילתך ותפארתך. אבל בשוותך לנגד עיניך תמיד דברי חז"ל: „אין עומדין להתפלל אלא מתוך כובד ראש" ידעת, כי התפילה היא עבודת־הקודש והיא צריכה להיות נקייה מכל פנייה זרה ומכל מחשבת פיגול, ולכן מאסת בכל האפקטים הזולים ותבחר לך ללכת בעקבות המסורה, לבלתי סור ממנה ימין ושמאל. זוהי גבורתך והיא תהילתך. עשרים וחמש שנים הנך עומד איתן על משמרתך, לא יעצרך הגשם והקור, לא יעכבך השרב והחום, אף פעם לא עשית מלאכת ה׳ רמיה.

עוד על פרט אחד חפצתי להעיר, והוא: אם כי מומחה גדול אתה במקצועך ויש לך הבנה עמוקה בכל התפילות ובקי אתה בכל מכמניהן עד שרבים יקנאו בך, בכל זאת אינך אומר די וכתלמיד חכם אמיתי, ההוגה בתורתו יומם ולילה, תוסיף להשתלם ולהתפתח. וזהו החידוש השני המוסיף לך לוויית חן, וכל יודעיך ומכיריך על זאת יהללוך". עם סיום הנאום מסר קוסביצקי לידי חתן־היובל תעודת־גוויל בחתימות וועד מועצת בית־הכנסת ומוסדות מוסיקאליים שונים. מסיבה זו יחד עם כל חגיגות היובל נחרתו בלב הנוכחים לשנים רבות.

*

יהודי פולין חיו את חייהם, כאילו הכל הלך למישרים ושום סכנה אינה מרחפת מעל לראשיהם. פנחס שירמן היה אחד המעטים שהביט בדאגה לקראת העתיד. במכתבו האחרון לגיסו באפריקה, מסוף יולי 1939, הוא כתב: „כולנו מלאי דאגה על עתידנו. מי יודע מה צפוי לנו מידי הצורר היטלר ימ"ש. עננים קודרים מכסים את פני השמיים ואין אנו יודעים מה יביא לנו יום מחר". שירמן ניבא וחזה את האחרית המרה שנשקפה ליהדות פולין, והוא נשא את יד הגורל יחד עם כל היהודים בפולין. זמן קצר לפני פרוץ המלחמה ייסד את הסמינר לחזנים בוורשה ואף חשב לייסד קונסרבטוריה יהודית. ובבוא יום הפקודה נכלא יחד עם אחיו המת־פללים בגיטו היהודי בוורשה. הוא החזיק מעמד בתקופת קיום הגיטו יחד עם חבריו, החזן גרשון סירוטה, דוד איזנשטאט, המנצח אברהם דוידוביץ, המנצח משה שניאור ואחרים. הוא עבר את תקופת „מרד הגיטו" בוורשה בערב פסח 1943, ואחר המרד נשלח יחד עם אחיו לצרה למיידאנק עם רעייתו רחל. שם חיו כמה שבועות. וביולי 1943 נספו באורח אכזרי. שני בניו, יעקב ויצחק, שניהם נשואים, עם נכד, נסחבו עוד לפני זה למקום הכבשן ונספו.

וכה נדמו פיות הקודש, שכל חייהם השמיעו זימרת קודש ופרקי הללויה לאל הנצח.

ישמשו דברי אלה נר־זכרון לחזן פנחס שירמן ומשפחתו ותעודת נצח לנשמתו הנעלה.

אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט און נישט געמישט זיך אין קהל׳שע ענינים. ר׳איז אָבער אייביק געבליבן אַ גוטמוטיקער, מיט אָפּטימיזם שפּרודלדיקער מענטש, און געווען זער באַליבט ביי יונגע מענטשן אין וועמעס געזעלשאַפט ר׳האָט זיך באַזונדערס גוט געפילט.

ווי אַ ליבהאָבער פון מוזיק און געזאַנג פלעגן זיך ביי אים, אין שבת׳צונאַכטסן, צוזאַמענקומען חברה משכי־לים־מנגנים און איינאָרדנען אַ „קאַפּעלע״, אַ כאָר. מיט זיין הייזעריקער שטימע, אָבער גוטן געהער, פלעגט ער אַליין אויספירן די שווערסטע חזנ׳ישע און אַנדערע מו־זיקאַלישע שאַפונגען.

א. י. ראַטנבערג האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו קונסט, וואָס איז, צוו. אַנדערן, געקומען צום אויסדרוק אין דעם אַליין געמאָלענעם בילד, וואָס האָט אויסגע־דריקט די נביא׳ישע וויזיע פון „והיה באחרית הימים״ און איז געווען אַן אייגנאַרטיקע קאָמבינאַציע פון צײ־כענונג, אַקוואַרעל — און פּאַסטעל־פאַרבן.

אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גאַנצער סטאַשעווער קהילה. כבוד זיין אָנדענק!

### מרדכי גאָלדוואַסער (זייגערמאַכער)

אויסערלעך אַן איינפאַכער שטילער בעל־מלאכה, אַ פּשוט׳ער ייד מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד, תמיד מיט אַ קאַפּעלע אויפן קאָפּ, אַרומגערינגלט, אין זיין באַשיידענעם וואַרקשטאַט, מיט אַ גאַנצן אַנטיקוואַריום פון די פאַרשידנסטע זייגערס, ביי־מאַשינען, פּרימוסן, פּאַטעפאָנען א. ד. גל. — איז מרדכי זייגערמאַכער גע־ווען אַ צנא מלא ספרי, אַ ייד פול מיט בקיאות און תורה און תלמוד, און דערביי אויך נישטקשה׳דיק באַ־האַוונט אין מילי דעלמא.

אָפיציעל האָט מרדכי זייגערמאַכער זיך געהאַלטן ווייט פון די שטעטלשע משכילים. ער האָט אויך נישט געוואָלט זיין פאַרעכנט צו די אַזויגערופענע „אויפגע־קלערטע אַפּיקורסים״ אין שטעטל. ער איז עס טאַקע אויך נישט געווען. טראָץ זיין באַהאַוונטקייט אין וועלט־לעכע לימודים און נייגונג צום בוך בכלל, אַחוץ דער תורה־ליטעראַטור, האָט ער זיך שטאָל־און־אייזן גע־האַלטן ביי זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען. ער איז געווען און געבליבן אַ טיף־רעליגיעזער מענטש, אָנגע־הערנדיק צו די חשוב׳סטע „מזרחי״־חברים אין שטעטל. פון דער אַנדערער זייט, האָבן אָבער די שטעטלשע מש־כילים געגערן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אָט דעם אייגנ־אַרטיקן, רעליגיעזן, אינטעליגענטן מענטש, האָבנדיק אַ הנאה פון זיינע שיחות־חולין, וואָס זענען תמיד גע־ווען דורכגעפלאָכטן מיט תורה און חכמה, מיט מש־לים און כאַראַקטעריסטישע דערציילונגען, וואָס האָבן לייכטער געמאַכט דאָס אויפנעמען אַפילו דעם טיפסטן געדאַנק. די דאָזיקע שיחות־חולין זענען נאָך באַקרעפ־טיקט געוואָרן דורך דעם רואיקן, געלאַסענעם און זאַכ־לעכן טאָן, אין וועלכן זיי זענען געפירט געוואָרן. קיינ־מאָל האָט זיך מרדכי זייגערמאַכער נישט געהיצט. ווען די חילוקי־דעות זענען געווען נאָך אַזוי שאַרף — האָט ער קיינמאָל נישט פאַרלוירן זיין גייסטיקע גלייכ־געוויכט, נאָר תמיד געווען בבחינת „...גבור הכובש את יצרו״ און מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן אַרויסגע־ברענגט זיין קלאָרן, לאָגישן אני־מאמין.

אויך אין פּריוואַטן לעבן און אין באַציאונגען מיט זיינע קליענטן איז ער געווען אַ פּשוט׳ער, רואיקער אויפריכטיק־ערלעכער מענטש, וואָס האָט נישט גע־ווּסט, און נישט געוואָלט וויסן, פון שווינדל און שאַ־כער־מאַכער — און על־כולם, אַ ייד, וועלכער האָט שטאַרק געהאַלטן פונעם גרויסן מאָראַלישן ווערט פונעם „יגיע־כפיך כי תאכל...״

אומגעקומען דורך די נאַציס אין פּאָניאַטעווו, ביי לובלין, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע 800 סטאַשעווער יידן.

### הערשל וואָלמאַן, דער סגי־נהור

ס׳איז ממש אַ רעטעניש! בלינד פון קינדהייט אָן, איז הערשל וואָלמאַן געווען אַ ייד אַ בן־תורה, וועלכער האָט אויך געקאָנט זאָגן, צומאָל גאַנץ פּינקטלעך, ווו ס׳געפינט זיך אַ געוויסער פסוק, מאמר חז״ל, אָדער וועלכע ס׳איז שטעלע אין די אַלטע יידישע מקורות, פונקט ווי ר׳האָט אויך געקאָנט ציטירן גאַנצע שטעלן פון ניי־צייטיקע יידישע און העברעאישע שרייבער, נישט אַנדערש נאָר, אַז די נאַטור, וואָס האָט אים אַזוי

שוער באַ׳עולם, צורויבנדיק פון אים זיין ראיה — האָט אים גלייכצייטיק קאָמפּענסירט מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון, אַזוי אַז אַלץ וואָס ר׳האָט געהערט אָדער מ׳האָט אים פאַרגעלייענט איז געבליבן, אויף אייביק, פעסט איינגעקריצט אין זיין מוח. וואָס ר׳האָט נישט געקאָנט דערגרייכן מיטן כוח פון זיין ראיה האָט ער באַנומען מיטן כוח פון דער אינטואיציע, מיט זיין שטאַרק־אַנטוויקלטן אינסטינקט און פאַרפילפאַכטער פאַרשטעלונגס־קראַפט—אַ צווייטע מתנה פון דער מוטער־נאַטור, וואָס האָט אים דערמעגלעכט אַנטיילצונעמען אין די שמועסן און דעבאַטעס ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע, מיט די אַנדערע שטעטלשע משכילים. און אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ שמועס — און צו דעם איז ער גרייט געווען יעדע מינוט — האָט ער דאָס נישט געטאָן אויף אַן אַקאַדעמישן אופן, גלייך ווי נישט אים מיינט מען דאָס. זיינע שמועסן זענען געווען בבחינת: „כל עצמותי תאמרנה", מיט ענטוזיאַזם און באַגייסטע־רונג, וואָס האָט אַלע מיטגעריסן. ער פלעגט אַריינפאַלן אין אַזאַ התפעלות, אַז נישט איינמאָל פלעגט ער זיך פאַרקייכן ביז סכנת־נפשות ממש.

אַחוץ זיינע ידיעות אין יידישע לימודים און אין דער יידיש־העברעאישער ליטעראַטור, האָט אונזער סגי־נהור אויך באַזיצט אַ שטאַרקן חוש פאַר מוזיק, און אַליין אויך זייער שיין געזונגען. באַזיצנדיק אַ טיפן מעטאַלענעם באַריטאָן פלעגט מען אים אַרויסהערן פון אַ גאַנצן כאָר מנגנים, ווען ער פלעגט ממש באַשיינען מיט זיין שטימע. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו נייע מוזיק־שאַפונגען און זייערע קאָמ־פּאָזיטאָרן, ווי צו מוזיקער בכלל. מיט וואָס פאַר אַ פיעטעט און ליבע ער האָט געגלעט יעדעס נייע בוך, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זיין האַנט! נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו זען, האָט ער די דאַזיקע ביכער, לפחות, גוט אַרומגעטאַפּט, אָפּשאַצנדיק די דיק, גרויס, וואָג, דעם שער און די קוואַליטעט פון פּאַפּיר.

אין מידות האָט ער דערגרייכט אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זיין ביטערן גורל, קיינמאָל נישט אָנגעדייטעט, אַפּילו מיט אַ רמז, אויף די ביטערע צרות וואָס ער האָט געהאַט אויסצר־שטיין פון זיין ווייב. מיט סטאָאישער רואיקייט פלעגט ער אַלץ אָננעמען פאַר ליב, און גלייכצייטיק טאָן אַלץ כדי צוצהעלפן אין דער פרנסה, דורך לערנען יינגלעך אַ בלאַט גמרא, אָדער געבן לעקציעס אין תנ״ך, העברע־איש א.אַ.וו.

דער דאָזיקער זעלטענער מענטש איז בעת דער „אויסזידלונג" נישט אַרויס אויפן מאַרק־פּלאַץ, נאָר זיך אָועקגעשטעלט פאַר זיין הויז און אויפן קול אויסגע־זונגען — מיט אַ דערשיטערלעך־האַרצרייסנדן ניגון — דאָס גרויסע אומגליק וואָס ס׳האָט געטראָפן זיין פאָלק. אַזוי איז ער געשטאַנען אַ לענגערע צייט — ביז אַ רוצח׳ישע קויל האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן.

## ר׳ אברהם לייב שמש

שטענדיק אַ שווייגנדיקער, אָן טענות צום רבונו של עולם און אָן פּרעטענזיעס צו קהל אָדער צו די שטאָט־פּאַרזאָרגערס, האָט ער איינער אַליין געטראָגן דעם גאַנצן עול פאַרן בית־המדרש.

אַ פּשוט׳ער ייד איז ער געווען, אָבער אַ פרומער און אַ תמימות׳דיקער. שטענדיק און אומעטום האָט מען באַדאַרפט אברהם לייבן און איבעראַל האָט מען זיך מיט אים באַנוצט.

שטענדיק געווען אַ קבצן שבקבצנים, אָבער קיינמאָל האָט ער זיך חלילה נישט באַקלאָגט אויף זיין שווערן גורל. מיט גרויסע שוועריקייטן האָט ער מפרנס געווען זיין משפּחה. דער לעצטער פלעגט ער פאַרלאָזן דעם בית־המדרש און דער ערשטער איז ער געקומען, כדי באַגינען אים צו עפענען. זיין אַרבעט איז געווען אָנצוצינדן די נאַפט־לאָמפּן, צוגרייטן וואַסער אין כיור, איינהייצן ווינטער דעם אויוון, האַלטן די ריינקייט און אָרדנונג אד״ג.

ס׳פלעגט אָפט טרעפן, אַז ער האָט אַ נאַכט נישט געשלאָפן, נאָר געהאַלטן שמירה ביי אַ גוסס׳דיקן חולה, זאָגנדיק אָן אויפהער תהילים, און אין די פרי־מאָרגן־שעה׳ן, קוים שלעפנדיק די פיס, האָט ער באַזאָרגט דאָס טהרה־ברעט, מיט אַלעם נייטיקסטן פאַר דעם בר־מינן. ער האָט געוויטיקט דעם צער פון אומגליקלעכע משפחות און זיי אַרויסגעהאָלפן אין זייער טרויער.

אַלע יאָרן האָט ער געזאָגט קדיש נאָך עמעצן, סתם נאָך פאַרשטאָרבענע, כדי צו דערמאָנען זייער נאָמען. אין תשעה־באב איז ער געווען דער אַלגעמיינער איכה־זאָגער פאַרן גאַנצן כלל. זיין טיפער קלאָגן און וויינען ביי יעדן פסוק האָט גערירט ביז טרערן. האַלטנדיק דעם ספר אין איין האַנט און דאָס ליכטל אין דער צוויטער האָט ער טיף ריר׳נדיק געזאָגט דעם „איכה ישבה בדד...״ און הייבנדיק די הענט צום בורא־עולם האָט ער מיט גרויס יאָמער פאָרגעזעצט: „אוי, דרכי ציון אבלות מבלי באי מועד״ און מיט אַ נאָך מער צעבראָכן האַרץ געקלאָגט: „פלגי מים תרד עיני על שבר בת עמי״. די מתפללים זענען געווען אַזוי אַריינגעטון אין די קינות, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געפילט די אַריינגע־וואָרפענע „שישקעס״ פון שטעכעדיקער קראָפּעווע אין זייערע פיאות און בערד. און אפשר האָבן זיי דאָס אָנגענומען באהבה, ווי אַ סימבאָל פון פיין און טיפן טרויער אויפן חורבן פון בית־המקדש.

ר׳ אברהם לייב איז געווען דער שליח פון שטעטל. ער האָט אַלעמען באַדינט, פריוויליק: די חברה קדישא, די חברה „שמירת לילה״ און אַנדערע — נישט פאָדערנ־דיק קיין לוין.

נישט איינמאָל האָט איר געקאָנט אים טרעפן מיט דער לאַמטערנע אין האַנט, אין אַ פינצטערן ווינטער־אָוונט, גייענדיק פון בית־עולם, וווּ ער האָט צוגעהאָלפן מקבר זיין אַן אָרימאַן אין פאַרשנייטן און פאַרפרוירע־נעם באָדן. מיט אַ פאַרביטערט האַרץ האָט ער געריסן „קריעה״ ביי דער פאַרטרויערטער משפחה און געזאָגט „קדיש״ נאָכן נפטר.

טראָץ זיין שווערער אַרבעט אין בית־המדרש און ביי פיל אַנדערע קהל׳שע שליחות׳ן האָט ער זיך שווער מפרנס געווען, און ווען נישט די הילף פון זיין פרוי און קינדער, וועלכע האָבן געשטריקט און געפלאָכטן וואַרעמע „בארלאטשן״, וואָלט דעם שמש׳ס משפחה באַדאַרפט פשוט הונגערן.

ווי דער ווינטער איז פאַרביי האָט דעם שמש׳ס משפחה אָנגעהויבן שטויסן מצה אויף מצה־מעל און פערפעלעך פאַרן כלל און אַזוי אַרום צופאַרדינט אויף יום־טוב. אויף אַ חתונה אָדער אַ ברית פלעגט ר׳ אברהם לייב פאַרדינען עטלעכע גראָשן ביים שלעפן די בענק און טישן. נאָך דער שמחה האָט ר׳ אברהם לייב צוריקגעטראָגן די בענק אין בית־המדרש אַריין, נאָך איידער דער ערשטער „מנין״ איז געקומען דאַוונען.

ר׳ אברהם לייב איז נישט געווען סתם אַ פשוט׳ער ייד, אַ געוויינלעכער שמש אין שטעטל. ער איז געווען אַ בן־תורה און יודע ספר. ער איז אָבער שטענדיק געווען אַן עניו און אַן איש תם וישר אין שענסטן זין פון וואָרט.

## ר׳ אהרן סופר

אַ זעלטן־גוטמוטיקער ייד איז געווען ר׳ אהרון סופר. אַ פרומער און אַ גרויסער עניו, און דערצו אויך אַ גרויסער קבצן. דער דלות האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל אין זיין שטוב. קיינמאָל נישט דערעסן צו דער זעט, אויסער די אָפיציעלע תעניתים, וועלכע ער האָט אָפּגעהיט ווי זיין אויג אין קאָפּ. און דאָך האָט ער אַלץ אָנגענומען באהבה. קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין ביטערער לאַגע און אַפילו זיך געוויצלט איבער זיין גרויסער שלימזלדיקייט...

ר׳ אהרון פלעגט שרייבן מזוזות, פרשות צו תפילין, מגילות און אַפילו ספרי־תורה.

אָבער טראָץ אַלעם איז מיט פרנסה נישט געגאַנגען. בלויז אויף שמחות פון אַ בר־מצוה, פאַר וועלכן ער האָט געשריבן די תפילין אָדער בעת דער סעודה פון פאַרענדיקן אַ ספר־תורה האָט ער זיך זאַט אָנגעגעסן. דאַקעגן ס׳רוב טעג אין יאָר האָט ער געלעבט אין פינצטערער דחקות.

ר׳ אהרון סופר האָט געהאָפט אויף עולם־הבא, ווייל אַפילו די וואָס האָבן ביי אים באַשטעלט אַ פאָר תפילין זענען אַליין געווען גרויסע קבצנים און נישט געהאַט צו באַצאָלן. די גרויסע נגידים האָבן געקויפט פרשות צו תפילין ביי ר׳ מרדכי׳לה ווייסליצער (אברהם יאסל׳ס שווער), אָדער ביי יונה בימקאס זיידע, אָדער ביים רבין ר׳ דוד׳ל. דאַקעגן אַנדערע האָבן גענוצט אַלטע תפילין פון עלטער־זיידעס און פלעגן בלויז אַריינפאַסן אין נייע שיינע „בתים״.

דאָס זעלבע איז געווען מיט שרייבן אַ ספר. ווען

מ׳האָט שוין ביי אים באַשטעלט אַ ספר־תורה פאַר אַ חברה־ש״ס, אָדער פאַר הכנסת־כלה׳געזעלשאַפט, האָט ער זעלטן דערלעבט צחען אַ לעבעדיקן גראָשן. נישט געקוקט דערויף האָט ער זיך שטאַרק משמח געווען ביים אַריינפירן דעם ספר, מיט גרויס פּאַראַד, אין שול אַריין און דערנאָך אין „שטיבל״ פון דער חברה. אַפילו אויף דער סעודה, וואָס איז געפּראַוועט געוואָרן כיד המלך לכבוד דער געשעעניש, האָבן זיך די קבצנים, מיט ר׳ אהרון סופר בתוכם, באַגנוגנט מיט אַ שטיקל הערינג און קראַץ־באַרשט, מיט אַ ווייסער בולקע און אַ גלעזל ביר, בעת די נגידים האָבן באַקומען די גענזלעך, פּיפּיקלעך א.אַ.וו. אָבער ר׳ אהרון סופר איז חלילה נישט געווען באַליידיקט, דער עיקר — ס׳איז געווען פריילעך. די מוזיק האָט געשפּילט, יידן האָבן געכאַפּט אַ זמר׳ל און אַ ריקוד׳ל, אָפּגעבנדיק כבוד דער תורה. און ווען מ׳האָט אויך דערמאָנט מיט אַ גוט וואָרט ר׳ אהרון סופר, איז צו זיין שמחה נישט געווען קיין גרענעץ — אַזאַ כבוד און זכיה, ממש אַ זיכערער פּלאַץ אין גן־עדן!

אינדערוואָכן האָט ר׳ אהרון ס׳רוב געדאַוונט אין חסידישן בית־המדרש. אָבער שבת און יום־טוב איז ער געווען אַ סטאַבילער מתפּלל אין ראַזוואַדאָווער שטיבל. דאָ האָט ער געהאַט אַ „חזקה״ צו דאַוונען שחריתים פאַרן עמוד און מנחה אין ראש־השנה און יום־כיפּור.

אַ באַזונדערע אויפגאַבע האָט ר׳ אהרון געהאַט ערב יום־כיפּור: צו געבן „מלקות״ אַלע בעלי־בתים פון שול, מיט זיין גראָבן גאַרטל. יעדער איינער האָט דערנאָך בנסתר אים אַריינגערוקט עטלעכע גראָשן אין האַנט אַריין. דעם דאָזיקן כבוד האָט מען אים אָנגעטון מחמת דעם טיפן גלויבן, אַז ר׳ אהרון סופר איז אַן אָרנטלעכער און כשר׳ער ייד, אָן קיינע חטאים. ער האָט אין זיין לעבן נישט געהאַנדלט און נישט געשווינדלט, און קיינעם חלילה נישט אָפּגענאַרט. דעריבער האָט ער באַקומען דעם זכות צו שמייסן אַנדערע און רייניקן זיי פון זייערע זינד.

ר׳ אהרון איז געווען אַ שטענדיקער תושב אין בית־המדרש, ביי אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות אָדער סתם אַביסל חקר׳ענען זיך אין עפּעס אַ פראַגע, צוזאַמען מיט אַנדערע קבצנים, און זיך וואַרעמען ביים אויוון. אין זיין הויז האָט געהערשט אַ קעלט. ס׳איז נישט געווען קיינמאָל געננוג צו קויפן אַ בינטל האָלץ און ער מיט זיין משפּחה זענען ממש געפרוירן געוואָרן. דאָס זיצן ביים וואַרעמען אויוון אין בית־המדרש איז דערבער געווען פאַר אים אַ גרויסע דערלייכטערונג.

זיין פּלונית׳טע איז געשטאַנען אין מאַרק מיטן „פּשעטיק״ בייגל און בעבעלעך און געלייזט קוים עטלעכע גראָשן אויף אַ שטיקל ברויט. דאָך האָט ר׳ אהרון געהאַט בטחון און אַפילו אויסגעלאַכט די גבירים, וועלכע האָבן נישט קיין הנאה פון זייער לעבן. „ווייל ווי קאָן אַזאַ גוי ווי דער דאָקטער ניעווירויוויטש, אָדער להבדיל ר׳ ישראל קאַרפּן, הנאה האָבן פון אַ שבת׳דיק אָדער יום־טוב׳דיק גוט עסן, ווען זיי זענען איבערגעפּרעסן אַ גאַנץ יאָר״. אָדער „וועלכע הנאה קאָן אַ מענטש האָבן ווען ער טוט איבער יעדן טאָג אַ פרישׁ העמד. צי פילט ער דעם אונטערשיד פון אַ ריין העמד ערב יום־טוב? — אַזוי פילאָזאָפירנדיק האָט ר׳ אהרון פאַרגעזעצט: „ווען איך בין הונגעריק אַ גאַנצע וואָך און עס ערב־שבת אַ שטיקל פיש, אָדער שבת אַ גוטן טשאָלנט, איז עס דאָך אַ סעודת־מלכים, און ווען איך גיי ערב־פּסח אין מקוה און טו אָן אַ פרישׁ העמד לכבוד יום־טוב, נאָך לאַנגע חדשים, צי איז דען עמעצער גלייך צו מיר און צי האָט נאָך עמעצער אַזאַ הנאה ווי איך?״ די גרויס פון דער הנאה — האָט סאָפיסטיש ר׳ אהרון ממשיך געווען — איז אין זעלטנקייט. אַ מענטש האָט אַ הנאה פון זיין שטיקל ברויט ווען דאָס איז דאָס איינציקע; יעדע זאַך וואָס מען האָט אַ סך איז ווינציקער ווערט. דער שבת׳דיקער טשאָלנט איז אַ סעודת־מלכים דווקא ווען מען הונגערט צו אַביסל אינדערוואָכן...״

ר׳ אהרון האָט זיך געשאַפן זיין אייגענע נויט־טעאָריע און איז געווען צופרידן מיט זיין ביטערן גורל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסן מאמין, וואָס איז איבערצייגט, אַז די וועלט איז בלויז אַ פּרוזדור צו יענער וועלט, און אַז ס׳איז דאָ אַ באַלוינונג פאַר די צדיקים אין גן־עדן.

# ראובן בלאנק חיפה / חיים בעריש ראזנמוטער

חיים בעריש איז געבוירן געוואָרן ביי אָרעמע, ערלעכע און פרומע עלטערן, וועלכע האָבן אַ סך געקעמפט אויף פרנסה, אָבער ווינציק מצליח געווען. זיין פאָטער, הערשל שימעלע ראקעווערס, אַ דאָרף־גייער און פעדערן־הענדלער, האָט אַלץ געטאָן מחיה צו זיין די בני־בית. אויך זיין מוטער, בלומע די פליקערין, האָט צוגעהאָלפן אין דער פרנסה, מיט וואָס זי האָט נאָר געקאָנט — און טראָץ דעם איז שווער געווען שבת צו מאַכן.

אין סתירה צו דער אומבאַהאָלפנקייט פון זיין אוממיטלבאַרער סביבה, האָט זיך חיים בעריש אויסגעצייכנט מיט דרייסטקייט, קלאָרן פאַרשטאַנד, שטיפערישקייט און אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד פון חיים בעריש'נס קינדער־יאָרן, אַלט זייענדיק דעמאָלט, בסך־הכל, 8 יאָר — וואַרפט אַ העל ליכט אויף דער דרייסטקייט פון זיין כאַראַקטער.

אין ערשטן וועלט־קריג האָבן זיך יידן, ווי באַקאַנט, מחמת פחד פאַרן רוסישן מיליטער — פאַרשטעקט אין די קעלערן. מאַכט זיך אַמאָל און 2 רוסישע סאָלדאַטן קומען אַראָפּ אין קעלער, ווו ס'איז אויך געווען באַהאַלטן, צווישן אַנדערע, חיים בעריש'נס משפחה. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן די בהלה, וואָס איז דאָרט אַנטשטאַנען. די ווייבער זענען געוואָרן צעטומלט, די קינדער האָבן גענומען וויינען און קיינער האָט נישט געוווּסט ווו און וואָס אָנצוהייבן. נאָר איינער איז געווען, וועלכער האָט זיך נישט פאַרלוירן. דאָס איז געווען דער קליינער חיים בעריש רואיק און זיכער איז ער צוגעגאַנגען צו די סאָלדאַטן און זיך גענומען שפּילן מיט די גלאַנציקע קנעפּ און זייערע ביקסן, ווי קיינמאָל גאָרנישט. דאָס האָט באַלד געהאַט אַ באַרואיקנדיקע השפעה אויף אַלע און דער „וויזיט" האָט זיך געענדיקט... בכי־טוב.

ווען חיים בעריש איז אַלט געוואָרן 13 יאָר און געענדיקט די אָרטיקע יידישע שולע האָט אים זיין מוטער — דער פאָטער איז אין צווישנצייט געשטאָרבן אין אַמעריקע — ווּעמעס מאַטעריעלע לאַגע ס'איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער, „אַוועקגעגעבן" צו אַ שטעפּער. בערך, אין דערזעלבער צייט, איז חיים בעריש אַריינגעטראָטן אין „השומר־הצעיר". דאָרט האָט ער געפונען אַ סיפוק פאַר זיין ליידנשאַפטלעכן באַגער צום לערנען און וויסן. דאָרט האָבן זיך אויך באַלד אַרויסגעוויזן זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, ווערנדיק געוויילט אין אַ ריי וועדות.

אין אַלע פאָרגעקומענע שיחות אין קן, סיי פון דערציערישן, סיי פון פּאָליטישן כאַראַקטער, האָט ער גענומען אַ לעבהאַפטן אָנטייל און געווען פון די ראשי המדברים.

חיים בעריש האָט אויך אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, ווו ר'איז געווען אַ מיטגליד. ווי איינער פון די העפטיקסטע און עקשנות־דיקסטע קעמפער פאַר סאָציאַלע רעכט, האָט אים דער השה"צ באַשאָנקן מיט זיין צוטרוי און געוויילט ווי זיין פאָרשטייער אין דער לייטונג פון פאַריין.

אויף וויפיל חיים בעריש האָט אַרויסגערופן צו זיך, נישט נאָר אַכטונג און צוטרוי, נאָר אויך גלויבן אין זיינע פעאיקייטן, קאָן אַמבעסטן אילוסטרירן דער פאָלגנדיקער פאַקט: ווען דער סעקרעטער פון פאַריין, חיים צימערמאַן, האָט, אין 1922, פאַרלאָזן סטאַשעוו, האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די שטעפּער־אַרבעטער געוויילט חיים בעריש'ן — אַ בחור'ל בס"ה נאָך קיין 16 יאָר נישט אַלט — אַלס צייטווייליקן סעקרעטער פון פאַריין!

ווען דער אויבנדערמאָנטער מאיר צימערמאַן קומט שפּעטער צוריק אין שטעטל און שטאַרבט פון שווינדזוכט, באַשולדיקט חיים בעריש די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג — בעת'ן עפנטלעכן הספד אויפן בית־עולם — אין אחריות פאַר דער אַזויגערופענער „פּראָלעטאַרישער קרענק", וואָס קומט ווי אַן אומפאַרמיידלעכער פועל־יוצא פון די שווערע סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען, אין וועלכע די אָרעמע אַרבעטער זענען געצוווּנגען צו לעבן.

אגב, ווערט חיים בעריש, דורך דעם אַרויסטריט „באַקאַנט" מיט דער פּאָליציי, וועלכע באַשולדיקט אים

אין העצן קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און „האַלט" אים, פון דעמאָלט אָן, אויפן אויג.

חיים בעריש געפינט אויך גענוג צייט און ענערגיע פאַר דער קולטורעלער טעטיקייט אין קן פון „השומר־הצעיר". צווישן אַנדערע פעולות באַטייליקט ער זיך אין זעלבסט־בילדונגס־חוגים און באַלאַנגט צו די אַנגעזעענסטע און אַקטיווסטע חברים. חיים בעריש האָט זיין טעטיקייט אין השה"צ געזען נישט ווי אַ צייט־פאַרטרייב, אָדער ווי אַן אַרט, וווּ מ'קאָן פאַרברייטערן דעם האָריזאָנט פון וויסן. אויך דאָס, אָבער בעיקר און קודם כל, איז פאַר חיים בערישן דער השה"צ געווען אַ לעבנס־וועג, צו וועלכן ר'האָט זיך באַציגן מיטן גאַנצן ערנסט. מיט דעם דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס חיים בעריש איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געזוכט אַ באַוועקטיקונג פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון קן און געפאָדערט „הגשמה עצמית".

ער באַלאַנגט טאַקע צו דער ערשטער גרופּע פון 12 מענטשן, וועלכע זענען, אין 1926, אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה. אַרבעטנדיק בייטאָג פלייסיק ביי לאַנד־ווירטשאַפט, נעמט ער אין די אָוונטן, מיט נישט קיין קלענערן פלייס, אַן אַקטיוון אַנטייל אין באַהאַנדלען די פראַגן, וואָס זענען דעמאָלט געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער שומרי'שער באַוועגונג, ווי: יידיש אָדער עברית אין גלות, פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע באַציאונג צו דעם פּאָליטישן קאַמף אין די צייטווייליקע וווין־ערטער, די אַראַבישע פראַגע א.ד.גל.

נאָכן ענדיקן דעם אַרבעטס־סעזאָן איז חיים בעריש, אין זומער 1927, צום צווייטן מאָל אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה. דאָסמאָל, האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט בוגרים פון אַנדערע שטעט. דער צוזאַמענטרעף האָט אויף אים איבערגעלאָזט אַ שווערן איינדרוק.

ווי שוין פריער דערמאָנט איז חיים בעריש, גלייך דער גאַנצער סטאַשעווער גרופּע, געווען זייער לינק געשטימט. ווי אַ קאָמפּראָמיסלאָזער קעגנער פון דער עקזיסטירנדיקער, סאָציאַלער אָרדענונג האָט ער נישט אינגאַנצן נעגירט דעם גלות, און אויסדריקלעך מחייב געווען אַקטיווע מיטאַרבעט מיט די עקסטרעמסטע פּאָליטישע פּאַרטייען.

דער צוזאַמענטרעף אויף דער צווייטער הכשרה האָט אים איבערצייגט, אַז אין דער באַוועגונג זענען אויך פאַראַן אַנדערש־דענקנדיקע, וועלכע לייגן דעם אַק־צענט — אין אַבסאָלוטן קעגנזאַץ צו זיינע אָנשוי־אונגען — אויפן נאַציאָנאַלן מאָמענט. חיים בעריש האָט זיך אַנטוישט, איינציקווייז זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, ביז ער האָט, צום סוף, אינגאַנצן פאַרלאָזן די באַוועגונג, און ווי אַ סך אַנדערע אַריבער — צו די קאָמוניסטן.

נאָטירלעך, אַז אויף דעם דאָזיקן ראַדיקאַלן שריט האָט אַ ביז גאָר גרויסע השפעה אויסגעאיבט דער אין יענער צייט אויסגעבראָכענער שווערער קריזיס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל און אין דער חלוצישער באַוועגונג בפרט; דער קריזיס, וואָס איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון די כמעט הערמעטיש געשלאָסענע טויערן פון ארץ־ישראל, דורך דער ענגלי־שער מאַנדאַטאַר־מאַכט; דער קריזיס, וואָס האָט אכזו־



חיים דב רוזנמוטר — חיים בעריש ראזנמוטער

ריות׳דיק צוגערויבט פון אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט — פון דער יוגנט, וועלכע האָט אינגאַנצן פאַרבונדן איר פערזענלעכן גורל מיט „הגשמה־עצמית״ — די מעגלעכקייט צו רעאַליזירן בקרוב, זייערע אויסגעטרוימטע שטרעבונגען; דער קריזיס, וואָס האָט, פאַר יעדן פאַל, מיט ריזן שריט צוגעאײַלט דעם דערווייטערונגס־פּראָצעס פֿון אַ טייל דענקנדיקע און אמת־זוכנדיקע יידישע יוגנטלעכע פון די אינטערעסן און באַדערפעניש פון אייגענעם, געפּלאָגטן יידישן פאָלק, שליידערנדיק זיי אויף די גליטשיקע וועגן פון — נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרלייקענונג.

ס׳איז אָבער, פון דער אַנדערער זייט, אויך קיין ספק נישט, אַז חיים בעריש׳נס ברויזנדיקע, דינאַמישע און אמת׳אייביק־זוכנדיקע נאַטור — האָט זיך נישט געקאָנט אָפּשטעלן אין מיטן וועג און זיך אַרייַנפּאַסן אין דער „ענגער״ ציוניסטיש־חלוצ׳ישער ראַם.

ער האָט געזוכט „ברייטערע האָריזאָנטן״ און געלאָקט האָבן אים די פאַרכאַפנדיקע לאָזונגען פון „וועלט־רעוואָלוציע״, „קאָסמאָפּאָליטיזם״ א. ד. גל.

אַזוי איז חיים בעריש געפאַלן אַ קרבן פון זיין אייביקן אמת זוכן, דעם אמת — וועלכן ר׳האָט קיינמאָל נישט געפונען און נישט געקאָנט געפינען.

# שרה זאלצמאן סאן־פאולא / ר׳ הערשל וואלמאן הי״ד



מיין רבי

„חזון ישעיהו בן אמוץ, אשר חזה על יהודה וירושלים״, זאָג זאָג שרה׳לע, זאָג העכער״ — אָט אַזוי האָט מיט מיר מיין רבי, ר׳ הערשל דער סגי־נהור, געלערנט תנ״ך.

נאָך אין יענער באַגינען־צייט, ווען זיין נשמה איז אויף דער זינדיקער וועלט אַראָפּ, איז אים זיין ליכטיקע שיין צוגענומען געוואָרן, בלייבנדיק אויפן גאַנצן לעבן אַ סגי־נהור. ער האָט נישט געהאַט די זכיה צו זען ווי קנאָספן עפענען זיך און בלומען בליען, ער האָט קיינמאָל נישט געזען די פּראַכט פון די רויט־וויאָלעטנע שטראַלן ביי דעם דעמערונגס־האָריזאָנט און דעם נאַכטיגאַל ביים אויסזינגען זיין שירה צום בורא־עולם.

ווען מיר האָבן זיך צוגעקוקט ווי ער זיצט אין דעם ווינקל ביים פענצטער פון דער איינציקער שטוב, וואָס האָט געדינט, סיי פאַר אַ שלאָפצימער, סיי פאַר אַ קיך, סיי פאַר זיינע ד׳ אמות של תורה, מורמלענדיק מיט די ליפּן און ווענדנדיק זיינע אויסגעלאָשענע אויגען צו דעם סודות׳פולן אין־סוף — האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז זייער שטאַרק איז זיין זע־קראַפט אַנטוויקלט און זיין בלינדקייט איז נאָר אַן אויסגעטראַכטע געשיכטע. און אין דער אמת׳ן, ווען ס׳איז ביי אים אויסגעלאָשן געוואָרן די אויסערלעכע ליכט האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט די אינערלעכע ליכט, די פעאיקייט צו אַנען, צו זען בילדער בהקיץ, אַ געוואַלטיקער זכרון און רייכע מאָלערישע פאַנטאַזיע. בעת ער האָט מיט זיינע תלמידים געלערנט די געשיכטע פון יהושוע בן נון׳ס אַריינמאַרש קיין יריחו — איז דאָס נישט געווען קיין אָביעקטיווע, אין דער ווייטער פאָלקס־פאַרגאַנגנהייט, פאָרגעקומענע פאַסירונג, נאָר אין זיין פאַנטאַזיע איז ער מיטגעריסן געוואָרן מיט דער גלאָררייכער דעראָבערונגס־אַקציע אַזוי, ווי ר׳וואָלט זי אַליין דורכגעלעבט.

ווען מ׳איז צוגעקומען צו די קאַפּיטלעך, ווו דער נביא, אין זיין פּאַטאָס, שאַלט אויס זיינע שטראָף־רייד, האָט זיך פון זיינע ליפּן געהערט אַזאַ מאָנענדיקנאָגנדיקע שטימע גלייך ווי ער אַליין וואָלט דער נביא געווען. די בלינדקייט האָט אַ מחיצה געשאַפן צווישן אים און דער ווירקלעכקייט. דערפאַר האָבן אויפגע־

לויכטן ווי מיט אַן אספקלריה המאירה די בילדער און נביא׳ישע וויזיעס פון די פאַרקלונגענע יאָרטויזנטער, פאַרלירנדיק די דיסטאַנץ מיט דער קאָנקרעטער ווירק־לעכקייט.

געווען איז דאָס אין אַ געוויסן בין־השמשות. איך גיי, ווי מיין שטייגער איז, לערנען צום רבי׳ן. איך זע שוין דורכן פענצטער ווי דער רבי זיצט און קוקט מיט זיינע פאַרלאָשענע אויגן אין... אין־סוף און אַ שמייכל באַווייזט זיך אויף זיין פנים. זיכער, טראַכט איך מיר, חלומ׳ט ער וועגן ווייטע וועלטן, וועגן גאולה און גליק. איך בלייב שטיין. איך פאַרגין זיך נישט אים צו שטערן אין זיין זיסן חלום. פלוצלינג האָט אַ געוואלדער אים פונעם חלום אויפגעוועקט. דאָס האָבן זיינע צוויי זין, דיסקוטירנדיק, אָנגעפאַנגען צאַנקן צווישן זיך. אין דעם מאָמענט קום איך אַריין. אָה, שאַ! שרה׳לע גייט, שרה׳לע איז דאָ! אַזוי פלעגן זיך תמיד מיינע לעקציעס אָנהייבן. ווען ער פלעגט מיר באַמערקן אויף געוויסע טעותים, האָט זיך בולט געזען ווי ער לעבט ממש איבער דעם אינהאַלט פון די דערציילונגען, ווי ער שפּאַצירט פריי אין די תנכ׳ישע אַלייען און ווי קלאָר ס׳איז אים יעדער פרט פון די ביבלישע געשעענישן.

איינמאָל, אין אַ נאָך שבועות, זיץ איך ביי אים און לערן חומש. פלוצלונג הערט ער אויף לערנען און זאָגט: „הער, שרה׳לע, וואָס כ׳וועל דיר דערציילן: מיט אייניקע טעג צוריק, אין שבועות, בין איך געגאַנגען שפּאַצירן אין פעלד. ווי הערלעך האָט דאָס פעלד געגרינט, ווי וווּנדערבאַר האָבן געפינקלט די פּרעכ־טיקע בלומען. איך האָב דאָס געפילט לויט זייער גלענצנדן אַראָמאַט, לויט זייער גן־עדנ׳דיקן געשמאַק". און בעת ער האָט מיר אַזוי ענטוזיאַסטיש געשילדערט די אַרומיקע נאַטור האָבן זיך פּערלדיקע טרערן פון זיינע אויגן געקייקלט. יאָ, ס׳האָט זיך ממש געפילט בחוש ווי גרויס און אין־סופ׳יק ס׳איז די וועלט, וואָס ער זעט מיט זיין אונטערבאַוווסטזיין, מיט זיין אינער־לעכן „אני". אַזוי האָט דער גורל איינגעוויגט מיין רבי׳ן אינעם שויס פונעם כוח־הדמיון, אויסקלאַפּנדיק מאַנאָטאָן דעם טאַקט פון זיין נעבעכדיקן לעבן.

זיין נעבעכדיק לעבן איז נאָכמער אַקצענטירט



ר׳ הרשל וולמן עם בנו, מיכאל, על קבר אשתו —
ר׳ הערשל וואָלמאַן מיט זיין זון מיכאל, אויף זיין ווייבס קבר

געוואָרן, ווען זיין אשת־חיל, מרמל חנה, זיין איינציקע שפּייזערין, זיינע אויגען, זיין לעצטער אָנלען איז פון אים אָפּגענומען געוואָרן. נישט געווען מער ווער ס׳זאָל פרעגן: „הערש׳ל, ס׳האָרץ איז דיר אָוועק?" נישט געווען מער ווער ס׳זאָל דערלאַנגען אַ טעפּל וואַרעמס צום מויל. אַזוי האָט זיך געצויגן, מאָנאָטאָן, יאָרן, די טראַגעדיע פון זיין מיט צער און ווייטיק עלנט לעבן.

געקומען איז אַ צייט ווען דער „אל־זועם" האָט זיינע פייער־צונגען אויפן כדור־הארץ אויסגעשפּרייט און האָט דעם שטן־המשחית אינעם גערמאַנישן געש־טאַלט אויף דער ערד אַראָפּגעשיקט, דערגרייכנדיק אויך מיין שטעטעלע סטאַשעוו. די הימלען זענען

דעמאָלט באַדעקט געוואָרן מיט רויט, איינהילנדיק די ייִדישע יישובים אין אַ שוואַרצן, גרונטלאָזן טרויער. אָט אין יענע שוידערלעכע טעג, ווען פון יעדער טיר און פענצטער פון ייִדישע הייזער האָבן טייכן בלוט און טרערן געפלאָסן — האָבן אויך דעם טייוולס פליגלען מיין אומפאַרגעסלעכן רבי׳ן ר׳ הערשל דערגרייכט, פון זיינע זיסע טרוימערישע וועלטן דורך דעם נאַצישן מלאך־המוות אַרויסגעריסן, טיילנדיק דעם זעלביקן גורל פון אַלע אַנדערע ייִדן פון סטאַשעוו.

ערע זיין אָנדענק!

# מיכאל זאלצמאן סאן־פאולא / ר׳ אלטער בוכוואלד

„דער אייזערנער קאָפּ״ — אַזוי האָט אים דער סטאַ־שעווער „קול המון כקול שדי״ גערופן. ווי צו אַ שופט פלעגן ייִדן צו אים קומען אויסגלייכן סכסוכים און ווי צו אַ רבי׳ן פרעגן עצות. ווי ניכטערן, זאַכלעך און באַרעכנט ר׳איז געווען צו די ערשטע, אַזוי אויפריכטיק, און אָן אַ שמץ פון זייטיקע פניות, איז ער געווען צו די צווייטע. ווייל וואָס ס׳האָט ר׳ אַלטערן כאַראַקטעריזירט און אויסגעטיילט פון פיל אַנדערע איז געווען די איינגעבוירענע אייגנשאַפט פון דינען און אָנווענדן דעם אמת — אין אַלע פאַלן און אין אַלע באַדינגונגען.

אין די צווישנמענטשלעכע באַציאונגען טרעפט אָפטמאָל, אַז ס׳אַנטשטייט דער באַדאַרף ווועמען עטוואָס צו זאָגן, אַריינזאָגן, וואָס איז נישט אָנגענעם. פיל מיידן דאָס אויס. מאַנכע צוליב דרכי־שלום — אַ לעגיטימע איבערלעגונג, וועלכע האָט אין פיל פאַלן איר באַרעכ־טיקונג. מאַנכע אָבער צוליב חנופה אָדער פעלן פון ציווילן מוט, אַפילו דעמאָלט ווען דאָס איז געווונטשן אָדער גאָר נייטיק.

ר׳ אַלטער בוכוואַלד האָט נישט געהערט צו דער קאַטעגאָריע מענטשן. קיינמאָל האָט ער זיך נישט אויסבאַהאַלטן מיט זיינע אמת׳ן. שטענדיק און איבעראַל איז ער גרייט געווען זיי צו פאַרטיידיקן, שליידערנדיק זיי, ריקזיכטסלאָז, דעם קעגנער אין פנים אַריין. ס׳האָט אַפילו אָפטמאָל געטראָפן, אַז כדי צו באַווייזן די ריכטי־קייט פון זיין שטעלונג האָט ער אויף זיך גענומען שווערע אחריות׳ן, אויך דעמאָלט ווען די זענען געווען פאַרבונדן מיט אומאָנגענעמע קאָנסעקווענצן פאַר זיך אַליין.

צום העכסטן קלימאַקס איז די דאָזיקע כאַראַקטער־קאָנסעקווענטקייט געקומען צום אויסדרוק אין פאָל־גענדן אינטערעסאַנטן פאַקט.

יאָרן־לאַנג, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, איז דער אַלטער בית־עלמין געשטאַנען פאַרוואָרלאָזט, מיט ברייט־צעעפנטע דורכגענג פאַר פערד, בהמות און קאָזעס, וואָס האָבן דאָרט פריי אַרומשפּאַצירט, רואיִרנ־דיק די מצבות און קברים. בעת דאָס געזעלשאַפטלעכע געוויסן איז ענדלעך אויפגעטרייסלט געוואָרן פונעם עפנטלעכן חילול־השם, און דאָס שטעטל האָט גענומען, אין אָנהייב פון די 20־קער יאָרן, אויפשטעלן אַ מויער אַרום דעם בית־עלמין, האָט זיך באַלד געיאַוועט אַ ייִד, אַן אונטערנעמער, וואָס האָט צוגעשטעלט אַ רעכענונג פון הוצאות פאַר דער מויער.

ר׳ אַלטער בוכוואַלד, מיין שווער, איז אויך געווען צווישן די שטאָט בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך מיט דעם הייליקן ענין באַשעפטיקט. דערהערנדיק דעם „חשבון״ נעמט ר׳ אַלטער זיך פאַראינטערעסירן אין די פּרטים, און גיך ווערט אים קלאָר, אַז דער ייִד באַצוועקט צו מאַכן אַ לעבן ביי די טויטע.

ר׳ אַלטער, שוין אַן עלטערער מענטש, אַ חלוש אין געזונט — נישט לאַנג צוריק אויפגעשטאַנען פון אַ האַרץ־אָנפאַל — האָט, נישט געקוקט דערויף, זיך גע־נומען אַליין, בלב ונפש, אַנגאַזשירן אין דער אַרבעט. יעדן טאָג, אין די פריע מאָרגן־שעה׳ן, איז ר׳ אַלטער שוין געשטאַנען ביים בית־עלמין, דיריגירנדיק מיט די אַרבעטער. דער רעזולטאַט: די הוצאות האָבן באַטראָפן ווייניקער פון פופציק פראָצענט פונעם אונטערנעמערס צוגעשטעלטן חשבון.

אויף דער פראַגע פונעם לעצטן: — „הייתכן, פאַר־

וואָס לאָזט איך נישט אַ ייד פאַרדינען?" באַקומט ער אַ כאַראַקטעריסטישע, בוכוואַלדיש־אָפּנהאַרציקע תשובה: — „ביי טויטע, און, ייבדלו לחיים, ביי אָרעמע יידן, וואָס מאַכן אַן אָנשטרענג מקיים צו זיין אַ „חסד של־אמת", זוכט מען נישט רייך צו ווערן".

און זאָל דערביי אונטערשטראָכן ווערן, אַז די דאָזיקע אַרבעט איז אויסגעפירט געוואָרן ביי אַ האַרטנעקיק־געוואַלטזאַמען ווידערשטאַנד מצד די אָרומיקע גוייִשע שכנים, פאַר וועלכע אַן אָפּן־צעפּראַלטער בית־עלמין איז געווען באַקוועם, נישט נאָר כדי דאָרט צו פּאַשן זייערע הויז־חיות נאָר אויך ווי אַ פרייער, נאָענטער דורכגאַנג צו די הינטערשטעטלשע בלאָניעס.

געבראָכן געוואָרן איז דער דאָזיקער ווידערשטאַנד נאָך אַן ענערגישן, שווערן, לאַנג־יאָריקן קאַמף מצד דער אָרטיקער קהילה, און באַזונדערס מצד אפרים זינגער, וואָס האָט — טראָץ די פּערזענלעכע סכנות, וואָס האָבן אים געדראָט, מצד די אויפגערייצטע און אויפגעהעצטע גויים, — אומאויפהערלעך פאַרגעזעצט די באַמיאונגען — געריכטלעכע, פּאָליצייאישע — כדי אַ סוף צו מאַכן צום עפנטלעכן חילול־השם.

געטריי זיין נאַטור: מיט ריקזיכטסלאָזער קאָנסעקווענץ צו דינען אַ גערעכטער זאַך, האָט ר' אַלטער בוכוואַלד, טראָץ זיינע פיזישע באַגרענעצונגען, און אונטער די דערמאָנטע ממש סכנת־נפשות'דיקע באַדינגונגען, פאַרגעזעצט די אַרבעט אַזוי לאַנג ביז די מויער איז געשטאַנען אַ פאַרטיקע.

אומגעקומען בעת דער סטאַשעווער „אַקציע" — כ"ח מרחשון תש"ג. ה. י. ד.

## א. א. / הערשל לעוואָוויטש

טראָץ דעם פאַקט, וואָס דער נאָמען פון צבי לעוואָוויטש איז, אין דאָזיקן ספר, אָפּטמאָל, און ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, דערמאָנט געוואָרן, קאָן איך נישט, ביים שליסן דעם דאָזיקן מדור, נישט אָפּשטעלן זיך, בכוונה תחילה, כאָטש מיט אַ פּאָר ווערטער, אויף דער ראָל, וואָס צבי לעוואָוויטש האָט געשפּילט אינעם אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן פון אונזער שטעטל.

געבוירן אין אַ העכסט־פרומער, פאַנאַטיש־יידישער היים, און דורכמאַכנדיק די נאָרמאַלע דערציאונג פון אַ יידיש יונגל, דהיינו: חדר, בית־מדרש און ישיבה — איז צבי פון זיין פריסטער יוגנט אָן געווען אַ בונטאַר. ער האָט זיך מיט אַלע כוחות פון זיין אימפּולסיווער נאַטור קעגנגעשטעלט דעם סטאַטישן לעבנס־שטייגער און אָנשויאונגען פון דער קאָנסערוואַטיווער, פרומער היים און סביבה. וואָס שטאַרקער ס'איז געווען דער ווידערווילן מצד זיינע פרומע עלטערן קעגן די נייע אידייען און די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס האָבן זיי פּערזאָניפיצירט אין שטעטל, אַלץ עקשנות'דיקער האָט זיך צבי אין זיי געקלאַמערט. נישט אָפּטרעטנדיק פאַר קיין שום מיטל, וואָס איז קעגן אים אָנגעווענדעט געוואָרן. און מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז זיין פאָטער, ר' בן־ציון לעוואָוויטש, האָט געהערט צו די טיפּישסטע רעפּרעזענטאַנטן פונעם אַלטן דור, פון זיינע אייפעריקסטע קעמפער, וואָס האָט געזען אין דער אומפאַרענדערלעכער פאַרזעצונג פון דורות־פאַרהייליקטן לעבנס־שטייגער און אידייען־וועלט אַ קאַרדינאַלן פאַרבאַדינג פאַרן ווייטערדיקן המשך פון ישראל סבא.



צבי לבוביץ — הערשל לעוואָוויטש

צו 16 יאָר, אין 1929, איז שוין צבי אַריינגעטראָטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איין יאָר שפּעטער,

אין 1930, האָט צבי, וואָס האָט שטענדיק געשפּרודלט מיט נייע פּלענער און אידייען, אויך באַוועלטיקט פון אַן אינערלעכן אומרו און דראַנג פון שאַפן און באַנייען, נישט געקאָנט משלים זיין מיט דעם דעמאָלסדיקן וועגעטירנדיקן מצב און מענטשן מאַטעריאַל פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

מיטן גאַנצן אייפער פון זיין יוגנטלעכער נשמה, מיט דער עקשנות פונעם שפּעפער, וואָס זעט דעם סוף מעשה במחשבה תחילה, מיט דער מסירות־נפש פון אַן עכטן גלויביקן, פּאַר ווענען שפּאָט און שטרויכלונגען זענען שטאַפּלען, דערמוטיקנדיקע פאַקטאָרן, ווייטער און נאָך שטאַרקער פאָרצוזעצן דעם אָנגעצייכנטן וועג — האָט צבי אָנגעהויבן אויפשטעלן און פירן — כמעט אַליין — אַ סניף פון הנוער־הציוני, וואָס איז, אגב, אין משך פון געציילטע יאָרן אויסגעוואַקסן צו אַ צאָל־רייכער מאַסן־אָרגאַניזאַציע, און געווען זיין רוח־החיים און אַקטיווסטער טוער אויף אַלע מעגלעכע טעטיקייטס־געביטן, אין משך פון זיין גאַנצער עקזיס־טענץ, ביזן אונטערגאַנג פונעם שטעטל.

אין דער צווישנצייט האָט צבי אויך אויפגעשטעלט דעם החלוץ הכלל־ציוני און געגרינדעט אַ ריי הכשרה־פּונקטן, אויפן אָרט און אומגעגנט, ווו ס'האָבן זיך יידישע יוגנטלעכע מכשיר געווען צו עליה, פון וועלכע פיל זענען טאַקע עולה געווען. אַזוי האָט צבי, ווענעס אורשפּרינגלעכע כוונה ס'איז געווען צו באַפרייען די אָרטיקע יוגנט פון עקאָנאָמישער נויט, פּאָליטישער אונטערדריקונג און נאַציאָנאַל־קולטורעלער וועגעטאַ־ציע, בייגעשטייערט זיין חלק צו דער רעטונג פון אַ ריי יוגנטלעכע פונעם נאַצי־געשפּענסט, וואָס האָט זיך שפּעטער אויף אונז אַראָפּגעלאָזן.

צבי אַליין האָט ליידער נישט קיין צייט געהאַט זיך צו ראַטעווען. זיינע הענט זענען שטענדיק פול געווען מיט אַרבעט, נישט קאָנענדיק זיך אָפּרייסן פון די אָרגאַניזאַציאָנעלע נויטן און באַדערפענישן. דאָ אַ קולטורעלע אַרבעט אָדער צוגרייטן אַ חגיגה אין קן, דאָרט אַ געזעלשאַפטלעכע שליחות אין דער סביבה אָדער צוגרייטן אַ פּגישה פון קן אָדער סניף, אָדער גאָר אַרזיסצושיקן חוזרים אין דער אומגעגנט (געדרוקט אויף אַ העקטאָגראַף) א. אַ. וו. קיינמאָל האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן וועגן זיך — ביז ר'האָט פאַרשפּעטיקט און דער נאַצי־קריג איז אויסגעבראָכן און איבערגעריסן אַלע פאַרבינדונגען.

בעת'ן נאַצי־פאַרניכטונגס־צוג קעגן יידישן פאָלק האָט צבי ממש געפיבערט און זיך געריסן מיט אַלע כוחות צו אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אָבער די אָביעקטיווע באַדינגונגען אין אונזער סביבה האָבן די דאָזיקע כוונות אין קיימען דערשטיקט — ווי דאָס איז ברייטער אויפגעקלערט אין אונזער נאָכ־קומענדיקן מדור — און צבי האָט געטיילט דעם גורל פון זיינע פאָלקס־ברידער.

ער איז געפאַלן פון אַ „פריינטלעכער" פּוילישער האַנט, באַלד אין די ערשטע 2—3 חדשים נאָך דער „אויסזידלונג".

ה. י. ד.

# חזן מאטל גאלדפארב

## 1881 - 1946

מאָטל גאָלדפאַרב איז געבוירן געוואָרן דעם 2־טן אָקטאָבער 1881 אין סטאַשעוו, דער יונגסטער פון פינף קינדער פון יצחק און חנה קאָרנבלום־גאָלדפאַרב. אַלס יונגערמאַן האָט ער שטענדיק געהאַט דעם פאַרלאַנג צו לידער רעציטאַציעס אויף שמחות און פאַרוויילונגען. זיין רעפּערטואַר פון יידישע לידער און הומאָריסטישע דערציילונגען האָט אים באַליבט געמאַכט אין שטאָט.

אין 1906 האָט ער געהייראַט מיט טויבע וואַלמאַן, און אַ מאָנאַט נאָך דער חתונה האָט דאָס יונגע פאָרפאָלק עמיגרירט קיין אַמעריקע. אָבער זיי האָבן געבענקט נאָך זייער היים־שטעטל, און נאָך דריי יאָר זיין אין אַמע־ריקע זענען זיי צוריקגעפאָרן. נאָכן צוריקקער קיין פּוילן האָט מאָטל פאַרענדיקט זיין שטודיום ביים חזן אברהם בער בירנבוים פון טשענסטאָכאָוו און האָט



באַקומען זיין חזנות־דיפלאָם. אַ קורצע צייט נאָך דעם האָט אים זיין פרוי געבוירן אַ טאָכטער. אין דעם ניי־אַנטשטאַנענעם מצב האָט ער באַשלאָסן זיך צוריקצוקערן קיין אַמעריקע. 35 יאָר האָט ער אָפּגעלעבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע אַלס חזן און אַלס קאָמפּאָזיטאָר פון רעליגיעזער מוזיק אין אַ צאָל שטעט, צווישן זיי טאראנטא, פילאַדעלפיע, אלטונא, טרױ־בארנסבארא.

געלעבט אַן אינהאַלטסרייכן לעבן, געווידמעט דער יידישער ליטורגיע און קולטור: און דער ציוניסטישער טעטיקייט, איז מאטל חזן געשטאָרבן בעת׳ן זאָגן מפטיר שבת אין דערפרי אין טאראנטער שול, אין 1946.

מאטל וועט לאַנג פאַרבלייבן אין זכרון פאַר זיין נאָבעלן כאַראַקטער, זיינע אומצאָליקע מעשים טובים לטובת דעם שוואַכן און אונטערדריקטן.

אָט דער „נעים זמירות ישראל" האָט געוווּסט נישט נאָר צו זינגען און צו דאַוונען, נאָר אויך קרעפטיק אויפהויבן זיין קול אין קאַמף קעגן אומרעכט און גיין מיט פעסטע טריט אין „פיקעט־ליין" אין קאַמף פאַר אַרבעטער־רעכט.

זיין פרוי, קינדער און זיינע נאָענטע פריינט וועלן אים געדענקן אַמבעסטן פאַר זיין לומדות, זיינע אייביקע זוכענישן און זיין עטישן גאַנג אין לעבן — פאַר זיין רוחניות׳דיקן וועג אין אַ גשמיות׳דיקער וועלט.

מרס. טילי געווירץ 2285 אטען עוו. ברוקלין, ניו־יאָרק

# א. ארליך / בנתיב הייסורים והחדלון

**החודשים האחרונים בגיטו**

בשורות איוב מגיעות לעיירה מכל העברים. המולך הגרמני תובע יומיום את קרבנותיו החדשים ומחסל באכזריות ובשיטתיות קהילה אחרי רעותה. ידיעות על ערים, גדולות כקטנות, שנעלמו כליל, לפי תוכנית שטנית מחושבת על כל פרטיה מראש — ממחישות בפני העיירה, כבאספקלריה המאירה, את הגורל הצפוי לה. חורבן קילץ ואוסטרוביץ, אופטוב וצוזמיר, כמיאל־ניק ובוסק, לאגוב וקלימונטוב ורבות דומיהן — משמשות אותות אזעקה לסכנה האיומה, ההולכת וקרבה בצעדי־ענק.

עם־זאת התנחמנו עוד, באותם הימים, באפשרות של התנגדות מזוינת כלשהי, שחלק מהנוער המאורגן הגה ותיכנן. שבועות רבים ישבה על המדוכה הנהלת־גג, נציגי ההסתדרויות המקומיות, בדירתו של יהודה גולדהר הי״ד, ודנה בעניין. הרכב ההנהלה, במידה שאני זוכר, היה כדלקמן: דוד שניפר ומנדל טננבום מהשה״צ, צבי לבוביץ וכותב השורות האלה מהנה״צ, סוצ׳ה דיזנהויז מהקומוניסטים ועוד שניים מהסת. אחרות, שאת שמותיהם איני זוכר. בפני ההנהלה עמדו שתי מטרות עיקריות: א. החדרת רעיון ההתנגדות המזוינת לבין שורות הנוער ואירגונו. ב. השגת נשק כלשהו, בכל המהירות ובכל מחיר.

לביצוע המטרה הראשונה הוחל באירגון הנוער והוקמו, בסודיות גמורה, תאים נפרדים בני 5 אנשים כל אחד, שאיש מהם לא ידע על זהותו של השני, פרט למקשר שביניהם. ביחס למטרה השנייה, שבלעדיה לכל הפעולות האחרות לא היה כל ערך, התברר מיד, לאחר שהוחל בחיפושים מזורזים אחרי נשק, שהאפשרות היחידה לקבלתו, בכמויות תואמות את המטרה — היא המפלגה הקומוניסטית הפולנית. אי־לזאת הוחלט לשגר את סוצ׳ה דיזנהויז הנ״ל — שהיתה בעצמה חברה נכבדה בשורות הקומוניסטים ובעלת קשרים בחוגים אלה — לבקש הספקת נשק לאירגוננו, בכל מחיר שיידרש.

בתומתנו סבורים היינו, כי הואיל והקומוניסטים, בעת ההיא, היו כבר לאויביהם בנפש של הכובשים הגרמניים, שניהלו — ובאותו הזמן בהצלחה רבה — מלחמת חרמה נגד רוסיה; והואיל ורוסיה נראתה בעיניהם של הקומוניסטים כמולדתם היחידה, מולדת עולם־המחר הנערצת והמקודשת, ובנוסף לכך נרדפו הם בעצמם, על צוואר ממש, על־ידי אותו הכובש — חשבנו, איפוא, שהעובדה הזאת תהא בכוחה להפוך אותם אבטומטית לבעלי־ברית שלנו, על־כל־פנים, מבחינת הספקת הנשק, בהתאם לכלל הידוע: אויב אויבי הוא ידידי. אך מהתשובה הקצרה והחד־משמעית, שהביאה לנו השליחה: „עם יהודים אין לנו כל קשר ואין לכם לצפות מאיתנו לשום עזרה״ — התבררו לנו 2 דברים: א. שנאתם אותנו שקולה כנגד כל האידיאולוגיה הקומוניסטית ואהבתם את רוסיה. ב. וזה הקובע במצבנו: באיזו מידה אנחנו מבודדים ומוקפים אויבים בנפש.

האכזבה היתה קשה והרת־תוצאות חמורות על המוראל של הנוער. אם גם דרך „תמות נפשי עם פלשתים״, זיק־האור היחיד של מות־גבורים ונקמה כלשהי במפלצות הטמאות, נופצה לרסיסים בצורה כה בוגדנית — הרי כלו כל הקיצין ואין מנוס ומפלט מהגורל המיועד!

במצב של השתלטות בהלה וחרדה, כתוצאה בלתי־נמנעת מהילכי־רוח שלאחר יאוש — האמין ה„יודנ־ראט״, בראשותו של אפרים זינגר הנועז, יהודי, שלא פעם אגב סיכן את נפשו בעומדו מול השלטונות כנציג הקהילה, לעשות מעשה רב — שיהא בו משום הצלה פורתא — בהפנותו בקשה, מלווה מתנת־יד הגונה,

למשרד העבודה (Arbeitsamt) באוסטרובייץ, להעסיק כמה מאות איש, מבין שורות הנוער בעיקר, המסוגלים לעבודה, במחנה „האַסאַג" — ביח"ר לנשק בסקארז'יסק.

ואכן, בשבת־בראשית, 10.10.1942, הגיעו 4 מכונות־משא להסיע את „המתנדבים". בהופיע המכונות הנ"ל — נזרקה לחלל היישוב היהודי המבוהל השאלה הגורלית: להתנדב או להימנע? ומי חכם וידע, איזו לחיים ואיזו למות ואם בכלל הועיד עוד לנו הגורל חיים?

אווירת דכאון משתררת בכל בית אשר שם יהודי. מתקיימות התייעצויות משפחתיות קדחתניות. באין כל אשליות לגבי המצב הנואש, מחליטים אנשים רבים להיתלות בקש — משענת־קנה־רצוץ זה. פרידה נרגשת ובכי עצור ומאופק נישאים באוויר. אני מציץ דרך החלון ורואה כיצד איש אחרי רעהו מסגיר את עצמו ללוע הארי, ואיך המכונות, העומדות באמצע השוק, הולכות ומתמלאות במיטב בניה־בוניה של קהילה עתיקה סטאשוב.

מצב, בו היתה נתונה, קשה היה לי לספר לה על המתרחש בחוץ ועל התלבטותי הפנימית: להיסחף עם הזרם או לשחות נגדו? אך מצד שני נקפני לבי לעזוב אותה, במקרה שהייתי מחליט כן, מבלי להודיע לה ולהתייעץ איתה, ואף לקבל את ברכתה. לבסוף אזרתי עוז ובעדינות וסחור־סחור התחלתי להכין אותה לעומד להתרחש. אמא, יהודייה פשוטה, אך פיקחית ומעשית מאוד, תפסה בן־רגע את המצב, היססה קמעה ובפסקנות הודיעה: „לא תסע, דיה לצרה בשעתה!"

בהרגשת רווחה קיבלתי עלי את הדין. המכונות יוצאות עמוסות כ־300 איש. בלב קשה מלווה העיירה את בניה, בעוד שאלות נוקבות, שאינן מורעלות על השפתיים, מרחפות באוויר: „האם נזכה עוד אנחנו לראותם? והם האם עוד יזכו לראותנו?"

כדי להדגים, מחד גיסא, את הרגשת הכליון הממשמש ובא, שהרגיש כל יהודי באותם הימים, ולאיזו סיטואציות מסובכות וקשות נקלענו, מאידך



גרמנים חוטפים יהודים לעבודות כפייה. בתוכם: ר' אלימלך גרשט — דייטשן כאַפּן יידן צו צוואַנגס־אַרבעט. צווישן זיי: ר' אלימלך גערשט.

רבים באים במרוצה ועולים בחפזון על המכונות, כאילו חששו מפני זרם המחשבות והספקות המציפים את המוח. אחרים באים כשקומותיהם שחוחות, שקועים ומכונסים בתוך עצמם, ועולים על המכונות, כאילו כפאם שד.

בזמן ההוא שכבה אמי ז"ל על ערש דווי. באותו

גיסא, ישמש הסיפור האבטנטי הבא: הערתי כבר למעלה, שאמי ז"ל חלתה אז קשות. באחד הימים האלה פניתי לד"ר אליהו פרידמן (חי באמריקה — מניצולי היער) שיבוא לבקרה. ד"ר פרידמן, בחור פיקח, מדד אותי מלמעלה למטה במבט, שמשמעותו: ספק לגלוג ספק רחמנות, על עוורוני ובטלנותי, ואחר הפליט:

„ארליך! היום זכות גדולה היא לאדם למות באופן טבעי על מיטתו ובחיק־משפחתו, ואתה בא לבקש רפואות לאמך כדי...".

לא נתתי לו לסיים את המשפט ואמרתי: „ובכן, ד"ר, עלי ליהפך לרוצח אמי, אם גם בעקיפין? לא, ד"ר, איני יכול! בוא אתי!"

**חמש „הדרכים"**

בשבועות ובימים האחרונים שלפני „הגירוש", משהוחוור לכולם, כי גזר־הדין נחתם ואין להשיבו — כאילו פסקה הקהילה להוות יחידה אירגונית אחת, אף־על־פי שקיים היה ה„יודנראט", מוסד המייצג את הקהילה בפני השלטונות. הקהילה הפכה לעדר של יחידים, או חבורות קטנות של אנשים, בעיקר שכנים או בני־משפחה, שבנפרד ובסודיות טיכסו עצות כיצד להימלט מהאסון. טבע הדברים מחייב, שבאותה תסבוכת טראגית של תנאים מיוחדים, ששום אדם טרם נתנסה בהם ושום הגיון קר לא היה בכוחו להתירם — לנסיון הנואש להתחמק מטבעת החנק היו צדדים רבים ושונים, בהתאם להערכת המצב וראיית הדברים מצד כל הנפשות הפועלות בדראמה ההיא.

נדמה לי שלא אטעה, אם אמיין את חילוקי־הדעות בשטח זה, בהעמידי אותם על חמישה, כדלהלן:

**א.** תפישת מקום־עבודה, שעשוי להיחשב בעיני הגרמנים כפחות או יותר חיוני למאמץ המלחמתי שלהם, ועל־ידי כך להיות מוכר כ„יהודי מועיל". כמקומות־עבודה אלה נחשבו אצלנו: חברת בנין כבישים „אמלר", „הסדנאות", לתפירת מדי־צבא, וכמה עמדות קטנות יותר, כגון זו של ה„פאלקסדויטש" אַנדרצקי ועוד. ביום ההשמדה התברר, שכל העמדות הקטנות התפקעו כשלפוחיות סבון, בשמשן למספר גרמנים ופולנים כמקור־סחיטה לצבירת הון. כל אלה ששמו את מבטחם בהם — הועברו לטראנספורט הכללי וחלקו את גורל הקהילה כולה. אפילו אנשי „אמלר" נצטוו לצאת לטראנספורט, ורק אחרי עוברם כמחצית הדרך — נתקבלה פקודה להחזירם למחנה.

נאמר אז, שהדבר אופשר לאחר פנייה נמרצת של מנהל המחנה גוליק. רק אנשי „הסדנאות" נשארו על עומדם מבלי לנגוע בהם. אך בסופו של דבר נספו אנשי הסדנאות כולם בפוניאַטוב, בתוכם אבא, ר' אלתר ארליך, ושתי אחיותי, הניה ורחל, הי"ד — ואילו חלק ניכר מאנשי „אמלר", לאחר שעברו עליהם גילגולים רבים ושונים, הצליחו להישאר בחיים.

**ב.** הקמת מחבואים, „בונקרים", בתקווה הקלושה להסתדר איכשהו לאחר הגירוש, בבחינת „בא בצור, הטמן בסלע, חבי כמעט רגע עד יעבר זעם". דרך זאת הסתיימה באופן טראגי ביותר. במידה שידוע לי, רק בודדים לבד מבאי המחבואים האלה נשארו בחיים.

**ג.** חיפוש מחבואים אצל מכרים פולניים בכסף רב. גם מאלה הצליח רק חלק אפסי ביותר לעבור את המלחמה ואילו רובם גורשו בבזיון, וחלק גם בתחתוניהם, על־ידי „מיטיביהם", לאחר שגזלו מהם את כל רכושם, כגון אלימלך בסר ואחרים. אגב, 2 בנותיו של אלימלך בסר, מניה וגוצ'ה, נרצחו אחרי זמן מה על־ידי הפולנים.

**ד.** בריחה ליער והקמת „בונקרים" בתוכו. מקרוב לאלף איש, שנקטו דרך זו, נשארו בחיים, ביחד עם אלה של סעיף ג', קרוב למאה איש.

**ה.** שב ואל תעשה. הגורסים שיטה זו היוו את רוב־רובה של קהילת סטאשוב והנמלטים אליה מהסביבה. רובם של אלה היו עד־כדי־כך אדישים לגורלם, שלא נשארו להם כוחות נפשיים להמשיך במאבק, ואילו חלק מהם פנה לדרך הזאת, אם מפני שלא יכלו לנצל את אחת הדרכים הנ"ל, ואם מפני שלא האמינו באף אחת מהן. מציבור גדול, תמים וקדוש זה — נדמה, שלא נותר אף זכר.

8 לנובמבר 1942 — כ"ח מרחשון תש"ג

תאור מפורט על יום הגירוש — ההשמדה — של קהי־לתנו, אשר בוצע באותו יום, יום אשר יגורנו ובא — תמצא ביומן יוסף גולדשטין, ב„מאבק האחרון", מאת מנחם ליפשיץ ובהספד על העיירה מאת כותב השורות האלה.

9.11—1.12.1942, כ"ט מרחשון — כ"א כסלו, תש"ג

החל מיום המחרת להשמדה נגשו הטמאים, בהש־תתפות השלטונות הפולניים ל„מכירת" רכוש היהודים —

„ליציטציה" בלע"ז. על המאורע „הגדול" הכריזו בפירסומים ענקיים בעיר ובסביבה כולה. הערב־רב המקומי, ומשל כפרי הסביבה, התאסף בהמוניו, צר על הבית או הבתים שעמדו למכירה באותו יום, ו„קנה" מכל־הבא־ביד במחיר של פרוטות. כך הלך לטמיון


Bescheinigung

Laut Verfügung des SS. und Polizeiführers vom 14. 10. 1942 wird hiermit bescheinigt, dass

der Jude Kaufman

David

gebohren am 8 1914

wohnhaft in Stasow

Str. Opatowska 3

in unserem Betriebe in Staszow als Strassenbauarbeiter beschäftigt und Kasserniert ist.

Staszow, den 26. Oktober 1942.

Straßenbaugesellschaft

Oemler

Kaufman David

Unterschrift des Inhabers

כרטיס עבודה בחברה לסלילת כבישים „אמלר", על־שם דוד קויפמן — אַן אַרבעטס־קאַרטע פון „עמלער" אויפן נאָמען פון דוד קויפמאַן.

רכוש יהודי, שבעליו עמלו עליו במשך דורות וב"ע! תוך־כדי־העבודה המזוהמת הזאת נתגלו מחבואים רבים, ואלה שנמצאו בתוכם — הוצאו מיד להורג. אך־לא־רק דרך־אגב, תוך־כדי־חיפוש אחרי סחורות יהודיות מוסתרות נתגלו יהודים. רבים מצאו את מותם על־ידי הלשנת פולנים במישרין — תוך כוונה מפורשת וגלויה לעזור לגרמנים בהשמדת אחרוני־היהודים. אסון מסוג זה אירע למקלט שבו נמצאו: ישראל'קלה ויצמן, משפ. ליפשיץ, יוסל'ה גליקליך, הצורף, ועוד.

**שלושת־ימי־חרדה**

בימים 20—22/11, י"א—י"ג כסלו תש"ג, הגיעה „מכירת" הרכוש לביתנו. הערב־רב המה במקום ככוורת „לקנות" מציאות, לחפש ולתפוש, וליהנות מן השוד והגזל.

כמנהגם הרימו רצפות, הרסו קירות וכד', כדי למצוא רכוש מוסתר. וכאשר נתמזל מזלם לגלות גם אנשים חיים יצאו לגמרי מכליהם, מרוב־אושר וצמאון לדם־יהודי. באותו בית שימשה העלייה הגדולה של משפחת סגל כמחבוא לכמה משפחות. שם הסתתרו: אבא, אמא, החולה קשה, שתי אחיותי רחל ולאה (הניה היתה ב„סדנאות"), ר' דוד גולדפדר הישיש, וינברג ביניש ועוד. עד הליציטציה רגיל הייתי, כל לילה שני, להתגנב למקום, כדי להביא משהו למשפחתי לסעוד את לבם, ובעיקר כדי לצייד אותם במיים לרוות את צמאונם. כך היה נוהג גם יצחק וינברג (חי בישראל) כלפי הוריו. אך באותם שלושת־הימים הגישה למקום בלתי־אפשרית היתה, כמובן, משום שבכל שעות־היום ועד מאוחר בלילה הסתובבו בסביבה דמויות אפלות, המתחסטות בכל פינה וזוית. אילו הייתי נתפס שם, לא רק את נפשי הייתי מסכן, אלא גם מחשיד את המקום וגורם לגילוי המקלט. בלית־ברירה נשארו האנשים שלושה ימים רצופים בלי טפת מיים ונאלצו לשתות — כפי שסיפרו לאחר־מכן — מי־שתן, כדי להרטיב את השפתיים, פרט לסכנת־המוות, שהיתה תלויה מעל לראשם, בהיותם עלולים כל רגע ורגע להתגלות. גם עלי עברו שלושת־ימי־חרדה. הואיל ולא הוצאתי לעבודה, כי שימשתי כשען במחנה — היתה לי אפשרות לקבוע לעצמי נקודת־תצפית מהחצר הגדולה של

ר' איצ'ה מונצ'ניק הי"ד, שטח מגורי־אנשי־הסדנאות, ולעקוב משך שעות ארוכות, בעיניים בוהות ותוהות, ובאוזניים קולטות כל רחש־ולחש, אחר המתרחש בביתנו.

### הדילמה

ב־23.11, י"ד כסלו, שככה התכונה. ההמולה „העליזה" הועתקה לבתים היותר רחוקים, לכיוון רח' קראקובסקה. במשך כל אותו יום לא הבחנתי עוד בשום דבר חשוד. בלילה ההוא יצאתי באין־רואים מהמחנה והתגנבתי למקלט. בהיות דלת הכניסה לחדר־המדרגות סגורה, טיפסתי על המרפסת של הקומה השנייה, בעוד שני בקבוקי מיים בכיסי המכנסיים. קראתי לפי סימן מוסכם ואבא ז"ל נגש, פתח את האשנב המוסתר ובקול חלוש וחנוק־דמעות סיפר לי על ימי־הזוועה שעברו עליהם, וכי אמא, בחוששה, ששיעוליה התכופים יישמעו בחוץ, התכסתה בכרים וכסתות רבים ככל־האפשר, וכתוצאה מחוסר־אוויר נחנקה ומתה. באותו מחבוא נפח גם את נשמתו ר' דוד גולדפדר הישיש. לפני היפרדי נגש לאשנב ביניש וינברג ובתחנונים קורעי־לב השביעני, להביא גם בשבילו קצת מיים — שאם־לא־כן יימקו כולם בצמאון. והנה הדילמה האכזרית שבפניה הועמדתי: להקשיח את לבי ולסרב לו? — הריני מסכן נפשות ממש. ואילו להיענות לו ולעשות אותה הדרך פעמיים — לא זו בלבד שאת עצמי הייתי מסכן, אלא גם את יושבי המחבוא כולו! אמרתי לו: „ר' ביניש! אין בכוחי להתחייב, משום שאיני יודע אם התנאים יאפשרו לי לקיים את התחייבותי. אך מבטיח אני: שאם הדבר יהיה תלוי בי אלך ואמלא את בקשתך!" ירדתי וטיפסתי מהמרפסת למטה, בעוד רחל'ה, אחותי הצעירה, שהיתה מזועזעת מכל מה שעבר עליה, נישאת על כתפי. משהבאתיה למקום־מבטחים, שוב הצטיידתי בשני בקבוקי־מיים ויצאתי לדרך בשנייה. לא סיפרתי על הדבר לאיש ואף לא ליצחק, בנו של ביניש וינברג, מפאת החשש, שמא לא ייזהר מספיק ויגרום לתקלה ח"ו. מסרתי את המטען היקר לתעודתו והאיש, לשונו ממש נדבקה לחכו, מבלי לדעת איך להודות לי. התכוננתי לחזור — והנה צרור־יריות מקרוב פולח את האוויר! בפני נצבה השאלה החמורה: לחזור? אני עלול להיתפס ולהעמיד בסכנה את האנשים כולם, ואילו להיכנס למחבוא? — מה יהיה גורל האנשים ללא מקשר מבחוץ! חיכיתי זמן מה. כשהיריות נדמו החלטתי, בעוד כולי רועד מפחד, לחזור. הגעתי למחנה וכאילו נפלתי לתוך „דירתי". שכני לדירה: מנדל פרידמן, לייביש פפרמן, וייבדל לחיים, פנחס דומברובסקי ואחרים, הבחינו בהתרגשותי הרבה. משסיפרתי להם על מבצעי הכפול, כאילו נזפו בי, בצורה אבהית, על ההסתכנות המופרזת. אך אני הייתי מאושר ממש על שעמדתי במבחן זה של פיקוח נפש, על־אף הרגשת הדכאון הכבד, עקב מותה הטראגי של אמא הי"ד, ועקב צערם וסבלם של אבא והאחיות, שנאלצו, בתוקף התנאים המיוחדים שהזמן גרמם, לחזות במחזה הנורא, מבלי שיהיה לאל ידם להושיע.

### השרידים מחפשים פירצה

חלק משרידי היהודים, שנשארו מחוץ למחנות „אמלר" ו„הסדנאות", אשר הצליחו להתחמק לעת־עתה מגורל ההשמדה, הן על־ידי היותם מוסתרים בבונקרים מכל המינים, וכן על־ידי הימלטם אל מחוץ לעיר — חיפשו בקדחתנות עוגן־הצלה כלשהו. צריך היה למצוא איזושהי פירצה, כדי להינצל מגורל החיה הנרדפת, העלולה כל רגע להיטרף על־ידי הרוצחים האכזריים.

שתיים היו הדרכים שנפתחו אז:

א. הסדק הצר לסדנאות.

ב. השער הגדול ל„יודנשטאט" בצוזמיר.

מפה לאוזן נמסר, שבסדנאות נותר מספר מקומות מצומצם לא מנוצל. נאחזתי בהזדמנות, ובשעת בין־ערביים התגנבתי לסוכון, ראש־העיר הערמומי ואוהב־הבצע. שיחדתי אותו במתנת־יד הגונה, וכתמורה הכניס את אבא ואחותי רחל'ה לרשימת הסדנאות, החל מ־1.12.1942. רבים קינאו בי על „הצלחתי" הגדולה. ואומנם, כך היה זה נראה בעת ההיא.

### הכזב הגדול

1.12—10.12.1942, כ"ב כסלו — ב' טבת תש"ג

העובדה, שיהודים רבים, באופן יחסי, הפרו את „חוקי" ההשמדה והעזו להתחמק מידי התליינים, בין

אונטער אַ שווערן דרוק פון יודנראַט אײַנגעגעבן דעם פּלאַן.

27.9.1942 — ט״ז תשרי, תש״ג

הײַנט, צווייטער טאָג סוכות, 2 אַזייגער נאָכמיטיק, זענען אָנגעקומען ס.ס.־לײַט און זשאַנדאַרמעריע אין געטאָ און געכאַפּט יידן אויף אַרבעט. די אַרעסטירטע זענען גלייך אַפּגעשיקט געוואָרן קיין סקאַרזשיסק. די זעלבע אַקציע צו כאַפּן אויף אַרבעט איז פאַרגעזעצט געוואָרן דעם 4־טן טאָג פון חול־המועד סוכות. די געכאַפּטע זענען איינגעשפּאַרט געוואָרן אין דעם יידישען באָד. אַדאַנק דער אינטערווענץ פון פּרעזעס פון יודנראַט, ה׳ אפרים זינגער — און באַשטימט אויך פון אַ גרע־סערער געלט־סומע — זענען די אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן.

1.10.1942 — כ׳ תשרי, תש״ג

דעמזעלבן דאָנערשטיק, ד׳ דחוה״מ סוכות, איז יענדרעק דרעסלער פון שעליעץ דערשינען ביי יעקב אריש קאָזטכאָוויטש, פאַדערנדיק פון אים לעדערנע בײַטשן. ווי נאָר יעקב אריש האָט געענטפערט אַז ר׳האָט נישט קיין סחורה, ווייל ער אַרבעט שוין נישט אַ לענגערע צייט — האָט יענדרעק אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און אים דערשאָסן אויפן אָרט.

2.10.1942 — כ״א תשרי, תש״ג

ס׳איז געווען אַ שיינער פרייטיק־טאָג, הושענה־רבה אין דער פרי. די זון האָט העל אויפגעשיינט, אָבער נישט פאַר די סטאַשעווער יידן. גלייך אינדערפרי איז דערשאָסן געוואָרן דורכן זשאַנדאַרמיסט פּאַנטער די פרוי פון מארקל ווייסוואָל, וועלכע ער האָט געטראָפן אַרויסגיין פון לייב׳ש בלוואָלס הויז. דאָס האָט פּאַסירט אויף דער שקאָלנע גאַס, וווּ ס׳האָט זיך געענדיקט די געטאָ־גרענעץ. עטלעכע מינוט שפּעטער איז אויף דער בלאָניע פאַרהאַלטן געוואָרן דאָס יינגל פון יאָסל ווײַנבוים, בעת ער איז געגאַנגען קויפן אַביסל קאַרטאָפל ביי אַ נאָענטן פויער. דער אומגליקלע־כער פּאָטער איז געלאָפן צו יענדרעק דרעסלער, וועלכן ר׳האָט גוט געקאָנט פון פריער, געפאַלן אים צו די פיס און געבעטן רחמים אויף זיין זון. יענדרעק האָט אָנגעווייזן אויף זיין רעוואָלווער און געזאָגט: „דערמיט קאָן איך דיר העלפן". דאָס יינגל איז נאָך דעמזעלבן פאַרמיטיק דערשאָסן געוואָרן.

4.10.1942 — כ״ג תשרי, תש״ג

הײַנט, שמחת־תורה, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין שידלעווו האָט מען דורכגעפירט די אַקציע און אַפּגע־שיקט די יידן קיין כמיעלניק, און אַז מאָרגן, אסרו־חג, זאָל מען אויך די יידן פון כמיעלניק אויסזידלען.

באַלד נאָך סוכות דערוויסט מען זיך, אַז אין די אַרומיקע ישובים, ווי אָסטראָווצע, אָפּט און איוואַנסק זענען שוין פאַרגעקומען די פאַרניכטונגס־אַקציעס. סטאַשעווער יידן לעבן אין גרויס פּחד. די אַקציע פון שטאָט ווערט אַלעמאָל אָפּגעלייגט אַדאַנק דער אומדער־מידלעכער אינטערווענץ פון פּרעזעס פון יודנראַט, אפרים זינגער, וועלכער גיט כאָבאַר די דייטשן, וויפל עס לאָזט זיך נאָר. ער האָט געהאָפט, אַז כל־זמן די דייטשן ווילן נעמען כאַבאַר איז נאָך דאָ אַ האָפענונג צו ראַטעווען זיך פון טויט.

10.10.1942 — כ״ט תשרי, תש״ג

דעם ערשטן שבת נאָך סוכות זענען אָנגעקומען 3 גרויסע לאַסט־אויטאָס, וואָס זענען צוגעפאָרן צום יודנראַט און געפאָדערט מענטשן אויף אַרבעט נאָך סקאַרזשיסק. נישט האָבנדיק קיין גרויסע האָפענונג זיך אויסצובאַהאַלטן ביי די אַרומיקע פּאָליאַקן האָבן אַ סך יידן באַשלאָסן זיך מעלדן פרייוויליק אויף אַרבעט אין די אַמוניציע־פאַבריקן א״ג „האסאג" אין סקאַרזשיסק. וואָסערע 300 יונגעלייט האָבן אויסגענוצט אַלע פּראָ־טעקציעס, כדי זוכה צו זיין אויף אַ פּלאַץ אין דעם טראַנספּאָרט. פון דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט איז נאָר אַ קליינע צאָל מענטשן איבערגעבליבן ביים לעבן.

18.10.1942 — ז׳ חשון, תש״ג

2 אַזייגער נ. מ. האָט מען אַהער געבראַכט די יידן פון אָשיעק און פּלאָנטש. מען האָט זיי געבראַכט קיין

סטאַשעוו, כדי אָנצושליסן זיי אין אָרטיקן טראַנספּאָרט. צו־ערשט האָט מען די יידן געהאַלטן איזאָלירט אין מיטן שטאָט־מאַרק. שפּעטער האָט מען זיי באַפרייט מיטן תנאי, אַז זיי וועלן בלייבן אין שטאָט און נישט צולויפן זיך אין זייערע ווינט־פּלעצער. ס׳באַווייזן זיך אויך יידן פון כמיעלניק, שידלעוו, ראַקעוו און קאַרעזוואַנק. אויך דער שידלעווער רב איז געווען צווישן די פּליטים, אָבער זעענדיק, וואָס ס׳טוט זיך האָט ער זיך דערנאָך צוריקגעקערט קיין כמיעלניק, צוזאַמען מיט עטלעכע פון זיין משפּחה און באַקאַנטע.

די לאַגע ווערט געשפּאַנט. צו די 5000 סטאַשעווער יידן קומען צו נאָך אַ 2000 „אומלעגאַלע" יידן פון דער סביבה. די ענגשאַפט איז גרויס. מען הייבט־אָן פאַרקויפן אַלץ וואָס איז מעגלעך צו די אַרומיקע פּאַליאַקן פאַר נישטיקע פּרייזן, כדי צו פאַרמאָגן מזומן געלט און אויסקויפן זיך דאָס לעבן אין פאַל פון אַ נויט. הייזער און אַנדערע אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס ווילן די פּאַליאַקן נישט קויפן. זיי זענען זיכער, אַז דאָס וועט ממילא אַריינפאַלן אין זייערע הענט... אַ סך יידן האָבן אָוועקגעשענקט צו קריסטן ווערטפולע זאַכן פאַרן בלויזן צוזאָגן אויסצובאַהאַלטן זיי בעת דער נאָענטער אַקציע. די קריסטן האָבן לרוב נישט געהאַלטן קיין וואָרט. זיי האָבן געמסר׳ט די יידן פאַר די דייטשן, אָדער זיי אַליין האָבן די יידן דערהרג׳עט.

מיר און נאָך עטלעכע יידן איז געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין „שאָפּ", נאָכדעם ווי ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַ קאָמבינאַציע איינצושטעלן דאָרט אַ שטעפּער־אָפּטיילונג מיט 20 אַרבעטער. די „גליקלעכע" גרופּע איז באַשטאַנען פון מענדל שניפּער, יענקל וואַגנער, יודל וויינגאַרטן, א. מ. ראָזענבלום, חיימל פרידמאַן, אייזיק וואָלמאַן, אברהם זילבערשטיין און אַנדערע.

די אַרבעט אין „שאָפּ" איז אָנגעגאַנגען מיטן פולן ברען. מען האָט געבראַכט סחורה צו נייען מיליטערישע בגדים, לכל הפּחות אויף אַ יאָר צייט. די לייטער פון „שאָפּ": דער לאָדזשער פליט ציטער, זיין געהילף א. קאַלסקי, מייסטער מ. זישע צוקער און מ. גאָלדפאַרב, האָבן געטון אַלץ, כדי די פּראָדוקציע זאָל זיין אַ הויכע און איבערצייגן די דייטשן, אַז די אַרבעטער זענען געטריי און זענען ווערט זייער לעבן. אָבער, בעת מען האָט באַדאַרפט לעגאַליזירן די דאָזיקע אונטערנעמונג ביי דער העכערער דייטשער מאַכט, זענען די 2 דייטשע אָנפירער פון „שאָפּ" נעלם געוואָרן, אַוועקפאָרנדיק קיין קראָקע. דער דאָזיקער פאַל האָט באַאומרואיקט אַלעמען, ווייל ס׳האָט זיך דערוועקט דער חשד, אַז אַלע הבטחות צו ראַטעווען כאָטש די שאָפּ־אַרבעטער זענען געווען פאַלשע.

פילנדיק, אַז די סכנה איז גאָר נאָענט, פּרווון מענטשן צו אַנטלויפן אין דער אַרומיקער סביבה. זיי ווערן אָבער געמסר׳ט דורך די פּאָליאַקן. אַזוי אַרום זענען אומגעקומען ראכטשע פּעפּער, די טאָכטער פון יחיאל ראזנבלום, צוזאַמען מיט איר קינד. וועלכע זענען אַנטלאָפן קיין יענדזשעיעוו. אָנקומענדיק אויפן פּלאַץ האָבן שוין אָפּגעוואַרט זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן זי מיטן קינד דערשאָסן אויפן באַנהויף.

1.11.1942 — כ״א חשון, תש״ג

אַ טויט־מהומה אין שטאָט. ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט די טרויעריקע ידיעה, אַז היינטיקע נאַכט קומט־אָן די „קאַרנע" עקספּעדיציע, וואָס באַשטייט פון אוקראַאינער און ליטווינער, כדי אויסצופירן די אַקציע אין סטאַשעוו. דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט אין די אָדערן. די פּאַניק איז אומבאַשרייבלעך. יידן הייבן־אָן זיך גרייטן צום לעצטן וועג. זיי גרייטן צו אַביסל עסן אין רוק־זעק פאַר יעדן איינעם באַזונדער אין דער משפּחה, אין פאַל ווען מען וועט זיך צושיידן.

מען האָט שוין אַלעמען געמאָלדן, אַז מיטן סיגנאַל פון די פייערלעשער־סירענעס מוזן אַלע יידן זיך צונויפקלייבן אין מאַרק. דער יודנראַט האָט צוגעגרייט אַ גרויסע סעודה פאַר דער עקספּעדיציע, האָפנדיק, אַז אפשר אנ׳שיכור׳נדיק זיי וועט זיין לייכטער אָפּצולייגן די ביטערע גזירה. פונקט 1 ביינאַכט זענען אָנגעקומען 2 אויטאָס מיט די באַנדיטן. זיי האָבן געמאָלדן, אַז זיי פאָרן נאָך נאָווי־קאָרטשין (ניישטאַט) און פּאַצאַנאָוו, כדי אויסצופירן דאָרט די אַקציעס. יידן האָבן אָנגעהויבן זיך באַהאַלטן אין די צוגעגרייטע בונקערס אָדער ביי קריסטן. עטלעכע פאַמיליעס זענען אַוועק קיין שידלעוו

אין כמיעלניק, האָפנדיק, אַז דאָס אומגליק וועט זיי אויסמיידן, ווייל דאָרט זענען שוין פאָרגעקומען די אַקציעס.

עטלעכע פרייען האָבן געדונגען דעם בעל־עגלה אַלטער מאַיעווסקי, גוט באַלוינענדיק אים, כדי ער זאָל זיי איבערפירן קיין כמיעלניק. אָנקומענדיק אויפן וועג קיין שידלעווּ זענען אָנגעפאַרן זשאַנדאַרמען און זיי אַרעסטירט. שפּעטער זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן. אויסער חיה יאַסקולקע, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן און צוריקקומען קיין סטאַשעוו. די אומגליקלעכע פרייען זענען געווען: פייגעלע זינגער, פרוי פון פרעזעס אפּרים זינגער; פריווע באַנד, פרוי פון אלתר באַנד; די פרוי פון מענדל פרידמאַן (בערישנס); אסתר מלכה שטערנליכט, די פרוי פון אלחנן שטערנליכט און דאָס 12־יאָריקע מיידל פון שלום פּעפּערמאַן. די דאָזיקע קדושים זענען געקומען צו קבר ישראל אויפן שידלעווער בית־עולם.

אין דעם זעלבן טאָג איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג צו דער שטראַסנבוי־געזעלשאַפט אטמלער, אַז אַלע יידן וואָס אַרבעטן ביי דער דאָזיקער פירמע, מוזן בלייבן איינגעקוואַרטירט אין דער אונטערנעמונג, ד. ה. אַז קיינער טאָר נישט פאַרלאָזן זיין אַרבעטס־פּלאַץ און גיין אַהיים, נאָך דער אַרבעט, ווי ס'איז געווען ביז איצט. דאָס איז געווען נאָך אַ רמז, אַז די אַקציע פון די סטאַשעווער יידן דערנענטערט זיך. דעמזעלבן טאָג זענען אויך געבראַכט געוואָרן דאָס רעשט ביסל יידן, בערך 20 פּערזאָן, פון נאָענטן ישוב קאָפּשעווניצע, ווו די אַקציע איז פאָרגעקומען מיט 2 טעג פריער, ד. ה. דעם 30.10.1942.

2.11.1942 — כ"ב חשון, תש"ג

די טרויעריקע בשורה פון די אומגעקומענע פרייען אין שידלעווּ האָט אַלעמען דערשיטערט. אַלץ ווערט אַפּאַטיש. די לאַגע איז הפקרדיק. די פּוילישע פּאָליציי ראַבירט כמעט עפנטלעך און אַפילו די סטרוזשעס, ווי בושאַזאַווסקי און סופּאַ, דערלויבן זיך אויסצופּרעסן געלט און זאַכן ביי יידן, צונעמענדיק אַפילו די לעצטע מאַשין ביי אָרעמע בעלי־מלאכות. צו אונזער גרויסער שאַנדע מוז באַטאָנט ווערן, אַז געוויסע יידישע פּאָליציסטן האָבן אויך אויסגענוצט דעם תוהו ובוהו און געפאָדערט געלט ביי יידן. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס זיי פאָדערן דאָס געלט האָבן די איידעלערע געענטפערט, אַז מען דאַרף געלט... דאָקעגן די אַנדערע האָבן ציניש געזאָגט: „דאָס איז קבורה־געלט".

ווען יידן זענען די לעצטע וואָך געקומען אין מאַרק אַריין (מען האָט זיי פּלוצים דאָס דערלויבט) האָבן זיי דאָרט געטראָפן אַ קריסטין פון ראָקעוו, וואָס האָט געטראָגן אַ פאַרטוך פון פאַרמעט, פון אַ יריעה פון אַ ספר־תורה.

די ענגשאַפט אין געטאָ פאַרשטאַרקט זיך. 10—12 מענטשן פרעסן זיך צונויף אין איין צימערל. דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז אָפּגעשטעלט. די איינציקע טעטיקע אינסטיטוציעס זענען: „טאָז" און „קראַפּליאַמלעקאָ". דער יודנראַט איז נישט טעטיק, אויסער דעם פּרעזעס, אפּרים זינגער, וואָס שטייט אויף דער וואָך טראָץ אַלע געפאַרן. פון די קהילה־אָנגעשטעלטע זענען געבליבן: דער מורה הוראה, ישראל גערשט, די 2 שוחטים, מאטל בלאך און יצחק פאַנטירער און דער שול־חזן, יאסקע דיזנהויז. אהרון שוחט און די 3 שמשים: עקיבא גאָלדשטיין, אברהם־לייב דיקשטיין און יחיאל מאָרגנשטערן (מגיד) און דער חזן ישראל מאיר ליבערמאַן זענען אין די מלחמה־יאָרן געשטאָרבן, מיט אַ נאַטירלעכן טויט, וואָס נישט יעדער איינער האָט דערצו זוכה געווען.

דער לעצטער סטאַשעווער רב, ר' אלתר אליעזר האָראָוויץ (דער ריגליצער רב), איז מיט 2 וואָכן פאַר דער אַקציע אַוועקגעפאָרן קיין ניישטאָט, מיט זיין יינגסטן איידעם, משה ריימאַן, אין דער האָפענונג זיך דאָרטן צו ראַטעווען.

חיים אלבוים און בן־ציון לעוואָוויטש, דעם רבי'ס ידידים, האָבן אַפילו געזאַמלט געלט פאַרן דאָזיקן צוועק. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אַריבערגעפּעקלט קיין ניישטאָט נאָך עטלעכע יידן, ווי אלתר גראָסמאַן (מלמד) מיט זיין פאַמיליע, וואָס איז געפאָרן צו זיין זון יענקל גראָסמאַן, און יחזקאל אייכן און זיין

זון ביינישן מיט זייערע פאַמיליעס. דער וויסטער גורל האָט זיי דאָרט אַלעמען דעריאָגט.

3.11.1942 — כ״ג חשון, תש״ג

אויך סטאַשעוו האָט זיך באַשטייערט אין דער אַקציע, וואָס איז נעכטן דורכגעפירט געוואָרן אין ניישטאָט און אַנדערע נאָענטע ישובים. די אויסגע־זידלטע זענען געטריבן געוואָרן צופוס איבער פּאַצאַנאָוו נאָך שטשוטשין, אויפן וועג קיין בעלזשעץ.

דער סטאַשעווער רב מיט זיין איידעם זענען דעם זעלבן טאָג דערשאָסן געוואָרן אויף דעם שטשוטשינער וועג, באַלד ביים אַרויסגיין פון פּאַצאַנאָוו. דאָס האָב איך זיך דערוווסט אין קיעלצער לאַגער פון אַ פּאַצאַנאָ־ווער ייד, וואָס איז אין יענעם טאָג געווען אין דער אָרטיקער אויפּרוים־קאָמאַנדע.

די בהלה אין שטאָט ווערט פון מינוט צו מינוט גרעסער. פויערן פון די אַרומיקע דערפער קומען שוין מיט זעק און פרעגן אָן בושה: „נו ווען שוין?...״

עס קומט אָן אַ מעלדונג פון בורמיסטזש סוכאָן צום יודנראַט וועגן שאַפן אַן אויפּרוים־קאָמאַנדע, אויפן טאָג פון דער נאָענטער אַקציע, מיט אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אין דער שפּיץ. מענטשן מעלדן זיך אויך דערצו. אַלס קברן ווערט באַשטימט שלום בראון, אַ זון פון וואָלוויש בראון (פאַטשטער), צוזאַמען מיטן אַלטן קברן נח לישקיעוויטש (נח טרעגער). כדי אַנגענומען צו ווערן אין דער אויפּרוים־קאָמאַנדע האָבן יידן אַפילו גע־צאָלט געלט מיט דער קליינער האָפענונג, אַז אפשר אַזוי אַרום וועלן זיי ניצול ווערן פון טויט.

ס׳קומט אויך אָן אַ פאָדערונג נאָך יונגע מענטשן קיין סקאַרזשיסק. דער יודנראַט האָט באַשטימט ווער ס׳זאָל פאָרן. אויך זענען אָנגעקומען באַשטעלונגען אויף אַרבעטער קיין מיעלעץ און אין אַנדערע ערטער. אַנדערע בויען פיבערהאַפטיק בונקערס, כדי זיך צו ראַטעווען פון דער נאַצישער חיה.

אין דער לעצטער וואָך פאַר דער אַקציע איז אָפּגע־נומען געוואָרן ביי די יידן די עלעקטרישע באַלייכטונג.

די אַרבעט אין „שאָפּ״ גייט־אָן מיט דער גאַנצער ענערגיע. די פאַרשווונדענע 2 פאָלקס־דייטשן, די פאַר־אַנטוואָרטלעכע פאַרן שאָפּ, באַווייזן זיך נישט צוריק. מענטשן הייבן אָן צו לויפן פון אַטמלערן אין שאָפּ אַריין און פאַרקערט, נישט וויסנדיק ווו ס׳איז זיכערער צו פאַרבלייבן.

5.11.1942 — כ״ה חשון, תש״ג

דער יודנראַט באַשליסט צו שיקן 2 שליחים קיין קראָקע אויפצוזוכן די 2 פאָלקס־דייטשן, ריכטער און שטרעקער. היות קיין ייד האָט נישט געטאָרט זיך לאָזן אין אַזאַ סכנה׳דיקן וועג, האָט מען זיך געוואָנדן צום בורמיסטזש וועגן שיקן אַ פּאָליאַק וועגן דעם. נאָכן „פאַרשמירן״ אַלע פאַראינטערעסירטע איז אָפּגעפאָרן דער רעפערענט וויטשעכאָווסקי, אַלס שליח־ציבור, מיטן שאָפער טשאָך, וועלכער האָט געהאַט אַ לאַסט־אויטאָ מיט אַ פאָלקס־דייטש.

שבת, 12 אַזייגער, איז די דעלעגאַציע צוריקגעקומען מיט דער טרויעריקער בשורה, אַז די 2 דייטשן ווילן נישט צוריקקערן, ווייל ס׳איז שוין דאָ אַ באַשלוס וועגן ריין מאַכן סטאַשעוו פון יידן. די שאָפּ־אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן זוכן פיבערהאַפטיק אַנדערע רעטונגס־פּלעצער.

6.11.1942 — כ״ו חשון, תש״ג

נעכטן איז פאָרגעקומען די צווייטע אַקציע אין כמיעלניק. מען האָט צוגענומען אַלע איבערגעבליבענע און אומלעגאַלע פון דער סביבה און זיי געטריבן קיין סטאָפּניץ, צו דער פאַרניכטונגס־אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען היינט. אין דער דאָזיקער אַקציע זענען אומגעקומען די סטאַשעווער קדושים: יחיאל ניימאַן, זיסמאַן גרויסהויז, און אברהמ׳עלע ניסנבוים. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען מ. זאַנשיין און אַנדערע, אָבער על פי נס זענען זיי ניצול געוואָרן פון דער אַקציע.

היינט, פרייטיק, 3 אַזייגער נ. מ. זענען אָנגעקומען 3 ס. ס.־לייט אין שאָפּ אַריין אויף אַ רעוויזיע — און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט זענען זיי אַוועק. דער יידי־שער לייטער פון שאָפּ, ה׳ ציטער, האָט באַפוילן די קליינע צאָל איבערגעבליבענע אַרבעטער צו אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט, אפשר וועט דאָס זיין אַ סגולה צו

ראַטעווען זיך פֿון טויט. מיר האָבן אויסגעפֿירט דעם באַפֿעל. הגם יעדער איינער האָט געפֿילט, אַז עס קלאַפּן שוין די לעצטע שעה׳ן.

7.11.1942 — כ״ז חשון, תש״ג

היינט איז שבת, פּרשת חיי־שרה, כ״ז חשון תש״ג. אפשר, חלילה, דער לעצטער שבת פֿון דער שיינער יידישער און פֿאַרצווייגטער קהילה אין סטאַשעוו. עס ווילט זיך נישט גלייבן, אַז דער מלאך־המוות לויערט שוין טאַקע אויף אונזערע אומשולדיקע נשמות. צי איז טאַקע נישטאָ קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט? פֿאַרוואָס קומט עס אונז?

אַלע לויפֿן זיך זען מיט נאָענטע, טרייסטן די דער־שלאָגענע, פּלאַנעווען רעטונגס־מיטלען און אויך זיך געזעגענען. מיר ווילן זיין אין אונזערע לעצטע מינוטן צוזאַמען...

10 אַזייגער אינדערפֿרי דערוויסט מען זיך, אַז אין שידלעוו און קאַרעזוואַנק קלייבט מען שוין אויף די לעצטע יידן, כדי אַנצושליסן זיי אין סטאַשעווער טראַנספּאָרט. 11 אַזייגער פֿאַרשפּרייט זיך די ידיעה, אַז היינט ביינאַכט קומט־אָן די קאַרנע־עקספּעדיציע מיט אַ באַפֿעל צום פּרעזעס, זינגער, צוצוגרייטן אַ סעודה פֿאַר 150 פּערזאָן פֿון דער עקספּעדיציע, וואָס וועט אויספֿירן די אַקציע אין שטאָט.

די טרויעריקע בשורה וועט צוטראָגן זייער שנעל איבערן שטעטל און רופֿט אַרויס אַ יאָמערלעכע פּאַניק ביי אַלעמען. יידן לויפֿן צום יודנראַט פֿרעגן אַן עצה, מען זוכט וועגן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. קיינער וויל נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער טרויעריקער סוף דערנעענטערט זיך.

אפֿרים זינגער ענטפֿערט קלאָר אויף יעדער פֿראַגע: ער זעט מער נישט קיין אויסוועג. עס לאָזט זיך שוין נישט מער אָפּלייגן די ביטערע גזירה. די דאָזיקע ווערטער פֿון לעצטן יידישן פּרנס אַנטמוטיקן אַלעמען. די גאַנצע באַפֿעלקערונג איז איינגעהילט אין טרויער. יעדער איינער פֿילט, אַז די לעצטע שעה׳ן פֿון זיין לעבן דערנעענטערן זיך און דער ווייטער סוף איז שוין אויפֿן שוועל. עס ווילט זיך אַלעמען לעבן. אַלע שטעלן די פֿראַגע, פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס קומט עס אים? ווייל ער איז אַ ייד, דערפֿאַר איז ער ווי אַ געה׳רגעט׳ע חיה אויף דער וועלט? פֿאַרוואָס קוקט זיך צו די וועלט און שווייגט, ווי ברוטאַלע מערדער מאָרדן אויס אַ גאַנץ פֿאָלק?

אָבער די אַלע פֿראַגן באַקומען נישט קיין ענטפֿער. די וועלט איז פֿאַרדאָרבן, נישטאָ קיין גערעכטיקייט. מען מוז זיך ראַטעווען, אָבער וווּ און ווי אַזוי?

אין זעלבן שבת, מיטיקצייט, איז אָנגעקומען קיין סטאַשעוו אַ ייד פֿון אָסטראָווצע מיטן נאָמען אברהם אימשע קערבל, אין באַגלייטונג פֿון אַ דייטשן ס.ס.־מאַן, און פֿאַרגעלייגט אָנצונעמען יידן אויף אַרבעט אין באָדזעכאָווער אַרבעטס־לאַגער, ביי אָסטראָווצע, פֿאַר אַן אָפּצאָל פֿון 1000 זלאָטעס.

יידן האָבן באַצאָלט די געפֿאָדערטע סומע אין דער האָפֿענונג זיך צו ראַטעווען. די טראַנזאַקציע האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ טרויעריקן שווינדל.

2 אַ זייגער נ. מ. האָט מען שוין געזען ווי די נאַציס טרייבן די לעצטע יידן פֿון שידלעוו און קאַרעזוואַנק קיין סטאַשעוו. מיט אַ שעה שפּעטער איז דער דאָזיקער אומגליקלעכער טראַנספּאָרט, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ 200 מענער, פֿרויען און קינדער, אָנגעקומען אין שטעטל. צווישן זיי האָט זיך אויך געפֿונען די אַלטע שידלעווער רביצין. די אַלע געבראַכטע יידן האָט מען געהאַלטן שטאַרק־באַוואַכט דורך אוקראַאינישע באַנדיטן, אויפֿן שטאָטישן מאַרק, נישט־צולאָזנדיק קיינעם צו דערלאַנגען די אומגליקלעכע אַפֿילו אַ ביסל וואַסער.

צוזעענדיק דאָס דאָזיקע בילד האָט יעדער איינער געפֿילט, אַז דער דאָזיקער גורל דערוואַרט מאָרגן יעדן איינעם. פֿון אַ סך הייזער האָבן זיך דערהערט יאָמער־לעכע געוויינען און משפּחות האָבן זיך אָנגעהויבן געזעגענען איינער מיטן צווייטן.

ס׳איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. די שטאָט איז געוואָרן פֿאַרזונקען אין אַ פֿיינטלעכער פֿינצטערניש. קיין ליכט האָט מען נישט געזען אין ערגעץ. דאָ און דאָרט זעט מען פֿאַרשווינדן אַ יידן, וועלכער צו אַ באַקאַנטן קריסט אין דער סביבה און ווער אין אַ צוגעגרייטן בונקער.

פֿון 5 אַזייגער נ. מ. איז די שטאָט שוין געווען

אָפּגעשלאָסן און באַוואַכט דורך דייטשן, אוקראַאינער און פּאָליאַקן, כדי קיינער זאָל חלילה נישט באַוויזן צו אַנטלויפן.

איך האָב באַוויזן זיך אַרויסצובאַקומען פון שטאָט און אַוועק צו אַ באַקאַנטן פויער, אין דאָרף דאַברי, כדי אַריבערצופירן אַהין מיין משפחה, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. דער פויער האָט אָבער חרטה געהאַט און נישט געוואָלט מיך אַריינלאָזן, אונטערן אויסרייד, אַז מאָרגן דאַרפן צו אים קומען די דייטשן אָפּנעמען זיין קאָנטיגענט תבואה און בעת דער רעוויזיע קאָנען זיי נאָך אונז געפינען.

אַ דערשלאָגענער האָב איך זיך צוריקגעקערט צו מיין פאַמיליע. אַ צווייטער ייד, מיטן נאָמען אהרון זילבערבויגן (פּאַווראַזשניק), האָט זיך אויך אַרויסגעלאָזט קיין דאברי, צו אַ קריסט, מיט וועלכן ער האָט אָפּגערעדט אויסצובאַהאַלטן אים. עטלעכע פויערן האָבן אים אָפּגעוואַרט אויפן וועג, אים באַראַבעוועט און גוט אָנגעשלאָגן. דער ייד איז אין אַ שווערן צושטאַנד, קוים אַ לעבעדיקער, צוריקגעקומען קיין סטאַשעוו.

אַרום 7 אַ זייגער אָוונט איז די שטאָט נאָכמער באַוואַכט געוואָרן דורך דייטשער זשאַנדאַמעריע און אוקראַאינישער און פּוילישער פּאָליציי. ס'איז פאַר אַלעמען געוואָרן קלאָר, וואָס עס דערוואַרט פאַרטאָג. ס'איז נישט געבליבן קיין וועג צו ראַטעווען זיך אויסער אין אַ נאָענטן בונקער ביים הויז.

די דייטשן האָבן אַרויסגעלאָזט קלאַנגען, אַז מען שיקט די יידן אויף אַרבעט און די אומגליקלעכע האָבן זיך באַמיט צו גלויבן אין דעם. מען האָט דאָך נאָך געוואָלט לעבן. אַנדערע האָבן געפּלאַנט צוריקצוגיין אין „שאָפּ" אַריין, אָדער צו „אַמלערס" אונטערנעמונג, כדי זיך צוראַטעווען מיט דעם וועג. אפשר וועלן די דייטשן דאָך איבערלאָזן די אַרבעטנדיקע עלעמענטן אין שטאָט און, אַזוי אַרום, וועט אפשר געלינגען צו ראַטעווען עמיצן פון דער משפחה?

איך האָב גענומען מיין רוקזאַק, זיך געזעגנט מיט מיינע טייערסטע, און אַוועק אין שאָפּ אַריין. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין זעלבן הויז, ווו איך האָב געוווינט, ביי שמואל מערזעל, עטלעכע יידן מיט די נעמען: ראובן ברך הערצאָג, יואל הירשבערג און א. בירנצווייג, וועלכע האָבן באַשלאָסן אויסצובאַהאַלטן זיך צוזאַמען ביז איבער דער אַקציע, ווי עס האָט זיי געראַטן דער בורמיסטזש סוכאַן, און זיי פאַרזיכערט דערנאָך צוראַטעווען. דער צוזאָג פון סוכאַן האָט זיך, צום באַדויערן, אַרויסגעוויזן פאַר אַ פאַלשן און די אַלע זענען געוואָרן אַנטדעקט.

אין שאָפּ האָבן זיך פאַרזאַמלט ביז 200 אַרבעטער. אַ טייל פון זיי האָט געוואָלט צוריקקערן אַ היים, אָבער עס איז שוין געווען אַ פחד־מות צוגיין אין די גאַסן. דער טויט האָט שוין געלויערט אומעטום.

10 אַזייגער אָוונט איז אָנגעקומען קיין סטאַשעוו דער סאַדיסטישער אָבערשטורמפירער שילד, דער אָנפירער פון דער אויסראָטונגס־אַקציע פון די יידן אין ראַדעמער וואָיעוודסטווע. שילד איז צוגעפאָרן צו דער יידישער פּאָליציי (אָרדענונגס־דינסט, ווי זי האָט זיך גערופן) און באַפוילן, אַז דער פּרעזעס, אפרים זינגער, זאָל אים גלייך צושטעלן 10 ק"ג פּוטער, 10 ק"ג שפּעק, 10 ק"ג רייז און 5 ק"ג טיי. גלייכצייטיק איז שילד אַריין אין פּאָליציי־ביורא, וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון הערשל ווינער, אַ קלאַפּ געטון אין טיש און געמאָלדן: אין נאָמען פון היטלערן וועט די אויסזידלונגס־אַקציע פון די סטאַשעווער יידן פאָרקומען מאָרגן — דעם 8־טן נאָוועמבער 1942. שילד האָט גלייך באַפוילן די יידישע פּאָליציסטן אָנצוזאָגן אַלע יידן אין שטאָט צו פאַרזאַמלען זיך מאָרגן, ביז 8 פרי, אין רינג (מאַרקפּלאַץ). ווער עס וועט נישט אויספילן דעם באַפעל וועט דערשאָסן ווערן. די יידישע פּאָליציסטן און זייערע פאַמיליעס וועלן נישט גענומען ווערן אין דער אַקציע.

12 אַזייגער ביינאַכט איז אין שאָפּ אָנגעקומען דער מאַגיסטראַט־רעפערענט וויטשעכאָווסקי, אין דער באַגלייטונג פון 2 פּוילישע פּאָליציסטן, און געמאָלדן, אַז דער שאָפּ איז לעגאַליזירט געוואָרן אויף 800 אַרבעטער. די אָנוועזנדיקע האָבן זיך גלייך אַרויסגעלאָזט אין שטאָט צו ברענגען זייערע באַקאַנטע. פאַר 50 זלאָטעס האָט מען באַקומען אַן אַרבעטס־קאַרטע, וואָס האָט זיך געפאָדערט פון יעדן איינעם. 1 אַזייגער ביינאַכט איז

וויסטעכאָווסקי צוריקגעקומען און פאַראָרדנט, אין נאָמען פון בורמיסטרוש סוכאָן, צו שליסן די רעגיסטראַציע. ביז דאַן האָבן זיך באַוויזן צו פאַרשרייבן 330 ייִדן, אַלס אַרבעטער אין שאָפּ. דער מייסטער פאַראָרדנט צו לאָזן די מאַשינען אין גאַנג און צושטעלן צו דער אַרבעט. די מאַשינען זענען שוין אין שוונג, אָבער די הענט פאָלגן נישט. אַ שווער געמיט באַהערשט יעדן פילנדיק, אַז אַ גרויס אַלגעמיין אומגליק דערנענטערט זיך.

איבערעם דערוויסט מען זיך, אַז דער בורמיסטרוש האָט געמאָלדן, אַז ער איז קראַנק און וועט נישט ביי זיין בעת דער מאָרגנדיקער אַקציע.

ס'איז 4 אַזייגער פאַרטאָג. די קאַרנע־עקספּעדיציע, וואָס איז באַשטאַנען פון 150 אוקראַאינישע און ליטווישע באַנדיטן, איז אָנגעקומען אין שטעטל און גענומען פרעסן און זויפן פון דער סעודה, וואָס דער יודנראַט האָט געמוזט פאַר זיי צוגרייטן. זיי האָבן זיך גוט אָנגעשיכור'ט, כדי זיי זאָלן קאָנען אויספירן זייער בעסטיאַליטעט אַקט ביי אַ בעסערער שטימונג.

## דער טרויעריקער זונטיק

8.11.1942 — זונטיק, כ"ח חשון, תש"ג

5.30 פרי האָט זיך אָנגעהויבן די שוידערלעכע שחיטה־אַקציע איבער דער ייִדישער באַפעלקערונג אין סטאַשעוו. די ייִדישע פאָליציי, אויפן באַפעל פון דעם גוט־אויסגעשולטן מערדער שילד, איז אַרומגעלאָפן אָנזאָגן אַלע ייִדן, זיי זאָלן זיך צונויפזאַמלען, ביז 8 אינדערפרי, אויפן שטאָט־מאַרק. ווער ס'וועט פאַרשפּעטיקן — וועט דערשאָסן ווערן.

זייענדיק אין שאָפּ דערוויסן מיר זיך, אַז 2 אַזייגער ביינאַכט האָט מען אַרעסטירט אייניקע פון דער פוילישער אינטעליגענץ, ווי ד"ר קאָולאָווסקי און ד"ר לעמיעשעווסקי, און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער ייִדישער פאָליציי צו היטן.

6 אַזייגער פאַרטאָג האָבן די מערדער אָפּגעזוכט דעם פּרעזעס אפרים זינגער, אים אָוועקגעפירט אין הויז פון שמעלקע אייזנבערג און נאָכדעם ווי זיי האָבן אים צוגעבונדן דאָס מויל און געפייניקט האָבן זיי אים אויפן פּלאַץ דערשאָסן. דער שוידערלעכער מאָרד איבערן פּרעזעס זינגער איז געווען דער סיגנאַל צו דער אָנגעהויבענער אויסראָטונגס־אַקציע פון סטאַשעווער ייִדנטום.

ביז 8 אַזייגער פרי האָבן זיך אויפן מאַרק פאַרזאַמלט ביז 5000 ייִדן — יונג און אַלט, קליין און גרויס, כדי אָנצוהייבן דעם טרויער־גאַנג צום טויט.

אין דערוועלבער צייט זענען צוגעקומען צום שאָפּ 3 גוט־באַקאַנטע ס. ס.־סאַדיסטן פון אָסטראָוויעץ: ווילי, פּעטער און בראַון, כדי זיך לאָזן אַביסל וווילגיין אויפן חשבון פון די ייִדישע אַרבעטער. זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף מרדכי וייגערמאַכער און אים געפרעגט: „וואָס מאַכסטו דאָ, דו אַלטער ז״ד". ער האָט זיי גלייך געענטפערט: „איך בין אַלט, אָבער איך בין דאָ דער איינציקער מעכאַניקער אין דעם אינדוסטרי־ווערק". זיי האָבן אים באַפרייט און גענומען זיך אַרומדרייען צווישן די אַרבעטער. צוקומענדיק צו דער דריטער ריי, וווּ איך בין געשטאַנען, זענען זיי צוגעגאַנגען צו יצחק פלייִשהאַקער, אַ שניידער פון שול־גאַס. דער מערדער ווילי האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און זיך געווענדט צו פלייִשהאַקערן: „דו קריפּל, דו ווילסט אויך דעם קריג איבערלעבן ז״". און שוין הערט מען אַ שאָס. דער אומגליקלעכער איז אויפן אָרט געפאַלן טויט. דער מערדער האָט זיך סאַרקאַסטיש צעלאַכט — און באַפוילן אַז אַלע זאָלן בלייבן שטיין און נישט רירן זיך פון אָרט. נאָכדעם האָט ער אַ זאָג געטאָן: „די אַלע וועלן נאָך קאָנען אַרבעטן" — און איז אַוועק מיט זיינע מאָרד־קאָלעגן אין מאַרק אַריין.

היות דער שאָפּ איז געווען לעגאַליזירט אויף 800 אַרבעטער און אין אים האָבן זיך געפונען בלויז 330, האָבן זיי פון טראַנספּאָרט אויפן מאַרק אויסגעקליבן 300 פאַכמענער און יונגע מענטשן, נישט דערלויבנדיק מיטצונעמען די קינדער, און זיי אָנגעשלאָסן אין די ווערקשטאַטן.

10 אַזייגער פרי גיט דער פאַרברעכער שילד דעם באַפעל: אָפּמאַרשירן!

דער טראַנספּאָרט פון קנאַפּע 5000 ייִדן — אַלטע פאָטערס און מאַמעס, פרויען און קינדער, שוועסטער

און ברידער און קרובים, האָבן געריכט אין זייער לעצטן וועג, אין דער באַגלייטונג פון די 150 מערדער.

ווי נאָר די ערשטע רייען זענען אַריין אין דער קראָקאָווסקע־גאַס, האָבן די מערדער אָנגעהויבן שיסן אין יידישן המון מיט דום־דום קוילן. ווי מען האָט דערנאָך איבערגעגעבן זענען די ערשטע קרבנות געווען נפתלי טענענבוים און דוד ראָזנשטאָק מיט זיין פרוי. מאיר גאָלדהאַר, ווען ער האָט געזען, אַז זיין פרוי פּעסל איז געפאַלן, איז ער אַרויס פון דער ריי און געבעטן די מערדער אויך אים דערשיסן. זיין ווונטש איז באַלד דערפילט געוואָרן. מאיר יענקל גוטערבוים איז געפאַלן אינדערנאָענט פון זיין געוועלב. אַזוי האָבן די מערדער נישט אויפגעהערט צו שיסן אין המון אַריין און געזייט דעם גאַנצן וועג מיט אומשולדיקע קרבנות. דאָס יידישע בלוט האָט געפלאָסן פון קראָקאָווסקע־גאַס ביז אין טייך־אַריין. ביים בריק פון פּאַלוואַרק איז געפאַלן יענקל רודא.

מיר זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אין שאָפּ, צו 5 אין אַ ריי, און געהערט די אומאויפהערלעכע שיסעריי. דאָס בלוט איז אונז פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן, פילנדיק, אַז אַסך פון אונזערע נאָענטסטע זענען שוין נישט מער מיט אונז. מיר האָבן דעמאָלט געטראַכט, אַז אפשר איז שוין בעסער די, וועלכע האָבן שוין פאַרענדיקט מיטן גרוילעכן קאָשמאַר פון פינצטערן נאַציזם און אוקראַאיניש־ליטוויש־פוילישן באַנדיטיזם. אָבער, פון דער צווייטער זייט, האָט גענאָגט אַ האָפענונגס־פונק אין האַרצן, אפשר וועלן מיר דאָך זיי איבערלעבן, אפשר וועט געשען אַ נס און די ווילדע האָרדעס וועלן באַזיגט ווערן דורך דער ציוויליזירטער וועלט. אַ לעבעדיקער מענטש האָט דאָך אַ שאַנס...

נאָכן אָפּמאַרשירן פון אונזערע טייערע, האָט מען פאַראָרדנט אָפּצוראַמען די טויטע. אַ שרעקלעך בילד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די מענטשן. ביז 1 אַזייגער זענען געוואָרן צונויפגענומען 189 טויטע יידן אין די גאַסן, אויסער די קרבנות פון די, וועלכע האָבן זיך נישט צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט און זענען בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן אין זייערע הייזער. צו דעם צוועק האָבן זיי מיטגענומען די יידישע פּאָליציי אויפצו־ זוכן אַלע איבערגעבליבענע יידן. מאיר ראָזען (מאיר־ משה יחיאל'ס) האָט אָנגעטון אַ טלית און תפילין און אַזוי אָפּגעוואַרט די מערדער אין זיין הויז, גרייט צו גיין אויף קידוש־השם.

יחיאל ראָזנבלום (מאַסטיקער) איז אין יענעם טאָג געלעגן ערנסט קראַנק. ווען די מערדער זענען געקומען צו אים האָט ער זיי געבעטן צו דערשיסן אים אין שטוב. די ווילדע חיות האָבן אים אויפגעהויבן און דורכן באַלקאָן אַרויסגעשליידערט אויפן גאַס.

די אַלע אומגעקומענע אין סטאַשעוו גופא, אין יענעם שחיטה־טאָג, זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין איין גרויסן ברידער־קבר אויפן יידישן בית־עלמין.

דער מאַרש פון די אומגליקלעכע סטאַשעווער יידן איז געגאַנגען דורך שטשוטשין, סטאַפּניץ קיין בעל־ זשעץ — דאָס צווייטע טרעבלינקע. ביז סטאַפּניץ זענען אומגעקומען העכער 1000 יידן. אין דאָרף ניזשין, 9 קילאָמעטער פון סטאַשעוו, האָט מען אויסגעגראָבן אַ מאַסן־קבר פאַר 740 סטאַשעווער קרבנות. אין משך פון איין־און־איינציקן טאָג איז פאַרשניטן געוואָרן די אַלט־פאַרצווייגטע יידישע קהילה אין סטאַשעוו. הי"ד.

## דער שטומער פּראָטעסט פון סגי נהור

ביז אין די נאָכמיטיק שעה'ן האָט זיך געהערט די שיסעריי אויף די אומגליקלעכע יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייערע הייזער און זענען שפּעטער געפונען געוואָרן דורך די מערדער.

דער בלינדער הערשל וואַלמאַן איז אַליין אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, זיך אַוועקגעשטעלט פאַר זיין הויז, אויף ריטווינער גאַס, און אָנגעהויבן זאָגן קינות אויפן קול נאָך זיין אומגעקומענער, הייליקער יידישער קהילה. ער האָט געזונגען טרויער־לידער, צוגעפּאַסט צו דער טרויעריקער סיטואַציע און אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער־ לעכן קלאָג אויפן חורבן פון זיין פאָלק. אַזוי איז ער געשטאַנען עטלעכע שעה און די דורכגייענדיקע דייטשע מערדער האָבן נישט געהאַט קיין „האַרץ" אים צו הרג'ענען. ערשט דערנאָך האָבן זיי געשיקט אַ ליטווישן רוצח, וועלכער האָט אים דערשאָסן.

אזוי איז געפאלן דער סני נהור, וועלכער האט אויף דעם אופן אויסגעדריקט זיין טיפן פראטעסט קעגן בארבאריזם פון דער וועלט, פון דער גאנצער וועלט, וואס האט אלץ געזען, אלץ געהערט, און דערלויבט דעם רוצח צו פארניכטן א גייסטרייכן און אומבאהאלפן פאלק.

אזוי איז געפאלן דער באקלאגער פון דער פארניכ־טעטער יידישער קהילה אין סטאשעוו, הערשל וואלמאן. השם יקום דמו.

3 אזייגער נ. מ. האב איך מצליה געווען זיך אריבער־צושמוגלען אין מיין וווינונג. אויף סטאדאלנע גאס, נומער 8, האב איך געטראפן הערשל לאדאווסקי, א דערשאסענעם אין זיין בעט.

אין זעלבן נאכמיטיק איז אנגעקומען א באפעל איינצוקוואטירן אלע שאפ־ארבעטער, צו 10 פערזאן אין א שטוב, און נאר אין די שול־און זלאטע גאסן. די רעשט־איבערגעבליבענע יידן, וועלכע האבן זיך אויס־באהאלטן פון טראנספארט, האבן אויסגענוצט די געלעגנהייט אנצושליסן זיך אין די שאפ־ארבעטער, בעת זיי זענען אריבער אין די נייע וווין־ערטער. דארט האבן זיך באזעצט איבערגעקליבענע יידישע פאליציסטן מיט זייערע פרויען. די פאליציסטן זענען געבליבן אלס אויפרוימונגס־גרופע פון די דערמארדעטע יידן.

איניקע פאמיליעס איז געלונגען זיך אריינצובאקומען אין שאפ אריין, אדער אין אטמלערס ארבעטס־פלאץ, אדאנק כאבאר און פראטעקציע, ווי למשל, יחזקאל ווייכמאן און זיין פאמיליע, איטשע זעלצער, שמואל גליקליך פון פאלווארק, מיט זיין פרוי און טאכטער.

די יידן, וועלכע האבן נישט מצליח געווען זיך ארייג־צובאקומען אין די „זיכערע" פלעצער האבן באקומען די באצייכענונג: „אומלעגאלע".

די נאכט פאלט־צו. דערשראקענע יידן קומען צולויפן צום שאפ־לייטער, ציטער, און בעטן רחמנות, אריינצו־נעמען זיי אין שאפ אריין. עס קומען אויך אזעלכע, וואס האבן זיך אויסבאהאלטן א גאנצן טאג ביי פאליאקן און קאנען דארט מער נישט פארבלייבן, ווייל זיי זענען דארט נישט זיכער מיטן לעבן. די דאזיקע פוילישע „באשיצערס" האבן פשוט ארויסגעטריבן די יידן, ווענדט פארמעגנס זיי האבן צוגענומען, צוזאגנדיק זיי ארויסצובאהאלטן, אדער געדראט זיי מיט טויט, אויב זיי וועלן, וואס שנעלער, זיך נישט אפטראגן.

מיר אלע אין שאפ האבן א גאנצע נאכט נישט צוגעמאכט קיין אויג. די טויטע־גייסטער האבן געש־וועבט פאר אונזערע אויגן און נישט געגעבן קיין מנוחה. אלע האבן געפרעגט די טראגישע האמלעט־פראגע, צי וועלן מיר נאך דערלעבן די נקמה אין שונא, אדער דער זעלבער גורל פון אונזערע ברידער און שוועסטער, פרויען און קינדער דערווארט אויך אונז?

מאנטיק, 9.11.1942 — כ"ט חשון, תש"ג

עס שיינט אויף דער פרימארגן. מיר אלע זענען נאך אונטערן קאשמאר פון נעכטיקן חורבן. מיר זענען פולשטענדיק צעבראכן, פיזיש און גייסטיק. מיר, די איבערגעבליבענע, מוזן גיין צו דער ארבעט, ווי ס'וואלט קיינמאל גארנישט נישט געשען. די צאל פון די אומלעגאלע פון די „סקריטקעס" וואקסט. אויך דער יאוש וואקסט פון שעה צו שעה. מענטשן ווייסן נישט וואס צו טון: פארזיכערן זיך א סטאבילן ארבעטס פלאץ, אדער אפשר בעסער אנטלויפן אין וואלד אריין. אומעטום האט געוויערט דער מלאך־המות. אלע וועגן זענען געווארן מיט אמאל אפגעשניטן און די ארומיקע באפעלקערונג — פיינטלעך, ווי לויט א באפעל. אין דער אנדרלוכיוסיא האט אלתר באנד מיט זיין זון ישראל'קע פארלאזן א לעגאלן ארבעטס־פלאץ און אוועק זוכן אן אנדערן רעטונגס־וועג. ס'האט נישט לאנג געדויערט און זיי זענען אומגעקומען, ווי אסך אנדערע.

דינסטיק, 10.11.1942 — א' כסלו, תש"ג

די פאליאקן סטעמפיען און יאניק, וועלכע האבן גע־האלטן די געוועלבער פון שמואל גאלדפארב און איטשע חענדל מאנדלזיס, האבן גע'מסר'ט פאר דער דייטשער זשאנדארמעריע, אז הינטער „זייער" געוועלב איז פאראן א בונקער, ווו ס'באהאלטן זיך ארויס עטלעכע יידן. גלייך איז אנגעקומען א גרופע זשאנדארמעריסטן, וועלכע האבן מיט דער הילף פון דער פוילישער פאליציי, אויפגעפעפנט דעם בונקער און ארויסגענומען פון דארט 26 יידישע נפשות. זיי זענען אלע אפגעפירט

געוואָרן אויפֿן בית־הקברות און דאָרט דערשאָסן געוואָרן. די ייִדן פֿון אַטמלער, וואָס האָבן גראָד געאַרבעט אויף דער קראַקעווער־גאַס, האָבן געזען די דאָזיקע אומגליקלעכע אין זייער לעצטן וועג. איינער פֿון די אַרבעטער, מענדל ליפּשיץ, האָט דערקענט צווישן דער גרופּע זיין פֿרוי רייזל. (די 3 ייִנגערע קינדער: פֿייגעלע, אברהם יצחק און ישראל דוד איז געלונגען צו אַנטלויפֿן. אויך זכריה האָט באַוויזן זיך צו פֿאַרשטעקן, אָבער ער איז שפּעטער באַמערקט געוואָרן דורך קאַטשמאַרסקי און איבערגעגעבן געוואָרן די דייטשן). ער האָט אָבער נישט געקאָנט העלפֿן און באַגלייט זיי מיט זיין בליק און בלוט־טריפֿנדיקן האַרץ צו זייער אייביקער רו.

## די רשימה פֿון די 26 קדושים

ישׂראל'קע ווייצמאַן (חזן) מיט זיין פֿאַמיליע; נחמיה ניסנצווייג מיט זיין פֿרוי און טאָכטער; לייביש כ"ץ (סטאָליאַר) מיט זיין פֿרוי און קינדער; רייזל ליפּשיץ מיט איר זון זכריה; יאָסל גליקליך (גאָלדשמידט) מיט זיין פֿרוי און קינד; אסתּר־רחל מאַנדלזיס און אַנדערע, וועמעס נעמען כ'קאָן זיך נישט דערמאָנען.

מיטוואָך, 11.11.1942 — ב' כסלו, תש"ג

ווי נאָר די נאַכט איז צוגעפֿאַלן, זענען פֿון מיליטערישן פּאַוויליאָן אויפֿן פּאַלוואַרק געקומען צולויפֿן, דורכן וואַסער, אַ גרופּע ייִדן, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך אויך געפֿונען מענדל שניפּער און אבנר ווייל, וועלכע דער בורמיסטוש סוכאָן האָט דאָרטן מכלומרשט באַשעפֿטיקט אויף אַרבעטן פֿאַר דער „ווערמאַכט". ביי טאָג, האָט דער בורמיסטוש דורך אַ שליח זיי מודיע געווען, אַז זיי זאָלן זיך גיך אָפּטראָגן, ווייל ער קאָן נישט מער האַלטן דעם „אַרבעטס־פּלאַץ" בסוד און אַז ס'איז אויך פֿאַראַן אַ חשד פֿון אַ מסירה. אין טויטשרעק זענען די ייִדן אינאַוונטס געקומען אין לעגאַלן קוואַרטאַל פֿון די עמלעריסטן און שאָפּ, כדי צו זוכן אַ רעטונג. בעת'ן פּאַנישן אַנטלויפֿן איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען דאָס קינד פֿון יאָסל אײדלקאָפּ'ס טאָכטער.

מיר האָבן אויפֿגענומען אַלע „אומלעגאַלע", נישט געקוקט דערויף, וואָס ס'איז אונז, אונטער דער דראָאונג פֿון טויט־שטראָף, פֿאַרבאָטן געוואָרן אַריינצולאָזן „פֿרעמדע".

## די ערשטע סעלעקציע

פֿרייטיק, 1942, 13.11 — ד' כסלו, תש"ג

פֿרייטיק, פּונקט 7 אַזייגער פֿרי, איז דער שאָפּ געוואָרן אַרומגערינגלט דורך זשאַנדאַמעריע און פּאָליציי. ווען מיר זענען אָנגעקומען צו דער אַרבעט האָט מען אונז פֿאַרהאַלטן אין דרויסן. רעווידירנדיק אַלעמען האָט מען אונז אויסגעשטעלט 5 אין אַ ריי, אָפּטיילנדיק אונז פֿון די „אומלעגאַלע".

דאַן קומט אַ באַפֿעל אָפּמאַרשירן אין מאַרק אַריין, נעבן דער אַפּטייק ביים ראָטהויז. עטלעכע „אומלעגאַלע" האָבן זיך אַליין צוגעשטעלט, ווייל ס'איז זיי שוין נמאס געוואָרן דאָס לעבן און האָבן מער נישט געזען קיין זין אויסצובאַהאַלטן זיך.

די דייטשן סאָרטירן אויס דעם טראַנספּאָרט. עלטערע שאָפּ־מענטשן ווערן אַוועקגעשטעלט באַזונדער אויף אַרויסצושיקן און די ייִנגערע „אומלעגאַלע" לאָזן זיי איבער אַלס שאָפּ־אַרבעטער.

ווי ביי יעדער אַקציע איז אויך די דאָזיקע סעלעקציע דורכגעפֿירט געוואָרן מיט קרבנות אויפֿן פּלאַץ.ביילע בוכהאַלץ, די טאָכטער פֿון דוד סאָלניק — זי האָט זיך דעמאָלט, צוזאַמען מיט אַנדערע, פֿרייוויליק געמאָלדן אין מאַרק — בעת זי האָט געזען, וואָס ס'דערוואַרט זי, האָט זי געבעטן דעם דייטשן זשאַנדאַרם ער זאָל איר דערלויבן צו ברענגען אירע באַהאַלטענע קינדער, כדי זיי מיטצונעמען מיט זיך אין איר אייביקן וועג. דער סאַדיסט האָט איר נישט געגלויבט און אַריינשלעפּנדיק זי אין אַ נאָענטן הויף האָט ער זי דאָרט דערשאָסן. אויף פֿויערישע פֿורן האָט מען אָפּגעפֿירט קיין אַסטראָווצע 50 סטאַשעווער ייִדן. פֿון שאָפּ האָט מען דעמאָלט אַרויסגענומען און אַוועקגעשיקט די פֿאָלגנדיקע מענטשן: שמואל גליקליך מיט זיין פֿרוי און טאָכטער: ישׂראל הערש גראָף; אבא ראָזנבלום; אלטע'לע מילגרוים, פֿון דער חיים בירנבוים, וועלכע האָט נישט געוואָלט אַוועקגעבן אירע קינדער און איז אַוועק מיט זיי צוזאַמען. אויך האָט מען צוגענומען עטלעכע

קינדער, יתומים, וועלכע האָבן זיך געפונען עטלעכע טעג ביי פּאָליאַקן. די דאָזיקע קינדער זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך זייערע עלטערן, פאַר אַ גוטער באַלוינונג, צו די פּאָליאַקן. ווען די עלטערן זענען אומגעקומען, האָבן די „גוטע" פּאָליאַקן די קינדער אַרויסגעטריבן.

שבת, 14.11.1942 — ה' כסלו, תש"ג

די „סקריטקע" ביי יואל שניפּער איז היינט אַנט־דעקט געוואָרן, צוליב אַ פּוילישער מסירה. דער דאָזיקער בונקער האָט זיך געפונען אונטער דעם בעקעריי־אויוון און דאָרט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן 10 מענטשן, פון פאַריקן זונטיק ביז שבת. די בעקעריי האָט אין די לעצטע יאָרן געהערט צו מיין ברודער חיים־דוד גאָלדשטיין ז"ל. אינעם בונקער האָבן זיך געפונען: יואל שניפּער; מיין ברודער מיט זיין פרוי און 3 קינדער; משה יחיאל קאַזשעניצקי און זיין שוואָגער ווי אויך פריידע־אסתר וואַלמאַן, די פרוי פון נפתלי וואַלמאַן. די אַנטדעקטע יידן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין מאַגיסטראַט, וווּ מען האָט זיי געהאַלטן, מיט נאָך 16 אַנטדעקטע יידן פון אַנדערע בונקערס, ביז מאָנטיק פרי.

מאָנטיק, 16.11.1942 — ז' כסלו, תש"ג

מאָנטיק, 6 אַזייגער פרי, האָט מען די אַלע 26 יידן אָפּגעפירט אויפן בית־עלמין און דאָרט דערמאָרדעט. די דאָזיקע איוב־בשורה האָבן מיר זיך דערוווּסט פון מיין ברודערס טאָכטער, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן, ווען מען האָט אַלע מענטשן אַרויסגענומען פון אונטערן אויוון.

10 אַזייגער פרי איז אָנגעקומען אין שאָפּ אַריין דער נאַטשאַלניק פון די פייערלעשער, פּאַנעק, און געפאָ־דערט פון שאָפּ־לייטער, ציטער, שיקן 10 אַרבעטער קובר צוזיין די נאָר־וואָס דערשאָסענע 26 יידן. דער לייטער האָט געפרעגט, ווער ס'וויל גיין פריוויליק. 10 אַרבעטער האָבן זיך געמאָלדן. איך צווישן זיי.

מיר האָבן גענומען לאָפּאַטעס אויף די אַקסלען און אין דער באַגלייטונג פון אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, זענען מיר אַוועק קובר זיין אונזערע טייערסטע.

צווישן די 10 קרבנים האָבן זיך געפונען: אהרון משה ראָזנבלום; אברהם בער לישקיעוויטש; טראַן; ראַזנצוויג, אַ זון פון פּנחס ראַזנצוויג און אַנדערע, וועמעס נעמען איך געדענק נישט.

דאָס בילד, וואָס מיר האָבן געטראָפן אויפן בית־עלמין האָט אונז אַלעמען דערשיטערט. אַרבעטס־קאָרטן האָבן זיך געוואַלגערט אַרום די טויטע און לויט דעם האָבן מיר געקענט אידענטיפיצירן די קרבנות.

אַ באַקאַנטער קריסט, וואָס האָט דאָרט געהאַט דינסט פון די פייערלעשער, האָט אונז דערנאָך דער־ציילט, אַז די טאָכטער פון חיים דוד גאָלדשטיין, מיין ברודער, מיטן נאָמען טויבעלע, האָט אין לעצטן מאָמענט זיך געאַמפּערט מיט אַ זשאַנדאַרמיסט און געוואָרפן אים אַ שטיין אין קאָפּ אַריין. דערפאַר האָט מען זי מערדער־לעך צעשלאָגן און נאָכדעם דערמאָרדעט.

מיט די אייגענע הענט האָבן מיר אַריינגעלייגט אין מאַסן־קבר אַלע אומגעקומענע קדושים, צווישן זיי: מיין ברודער חיים דוד, זיין פרוי חנה לאה, זייער טאָכטער טויבעלע און זייערע 2 זין. מיר האָבן פאַר־שאָטן דעם קבר, אָבער די פּוילישע פּאָליציסטן, וועלכע זענען געווען אויף דער וואַך, האָבן אונז באַפוילן צוצוטרעטן דעם באָדן מיט די פיס, כדי אויסצוגלייכן דעם שטח...

אַ שטומער קדיש האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונזערע פאַרקלעמטע הערצער. ווי נאָר איך האָב אַרויסגעזאָגט די ווערטער „יתגדל ויתקדש" איז צוגעגאַנגען צו מיר אַ פּאָליציסט און געזאָגט, אַז די דייטשע זשאַנדאַמעריע האָט פאַרבאָטן עפּעס צוזאָגן אויפן בית־עולם. דער פּאָליציסט איז געווען מיינער אַ באַקאַנטער און דערפאַר האָט ער מיך צוערשט געוואָרנט.

צווישן די דער'הרג'עטע האָבן זיך געפונען אויסער מיין משפּחה אויך יואל שניפּער; פריידע אסתר וואַל־מאַן; בריינטשע פרענקל; משה יחיאל קאַזשעניצקי (איידעם פון לייבל בעקער); פיגליאַזש, אַ לאַוויטשער פּליט און נאָך אַנדערע.

פון די 10 שאָפּ־אַרבעטער, וואָס האָבן מקבר געווען די קדושים, בין איך דער איינציקער, וועלכער האָט זוכה געווען צובלייבן ביים לעבן, כדי צו דערציילן

דער וועלט, ווי אַזוי די רוצחים האָבן פאַרניכטעט אונזערע טייערע יידן און חרוב געמאַכט אַ פאַרצווייגטע יידישע קהילה.

דינעסטיק, 17.11.1942 — ח׳ כסלו, תש״ג

די פאָליאַקן האָבן גע׳מסר׳ט די סקריטקע פון חיים נטע ערליכמאַן. דאָרט האָבן זיך געפונען זלמן שיינער; נח בלושטיין; יאסל בלושטיין און פאַמיליע און נאָך אַנדערע. אויך די דאָזיקע אַנטדעקטע יידן זענען געוואָרן אַרעסטירט אין מאַגיסטראַט, ביז זייער גורל וועט ווערן אויפגעקלערט.

אין יענער צייט, נאָך די גענעראַל־אַקציעס, האָבן זיך באַוויזן פיל יידן, וועלכע האָבן זיך ווי־עס־איז געראַטעוועט. דער דאָזיקער פאַקט האָט „באַאומרואיקט״ די דייטשן, וועלכע האָבן געזוכט וועגן, ווי אַזוי אַריינצו־נאַרן די דאָזיקע „ווידערשפעניקע״, וואָס ווילן דווקא לעבן טראָץ דעם באַפעל. און דייטשן האָבן נישט ליב קיין „געזעץ״־ברעכער...

די „יודנשטאַטן״

די טייוולאַנישע פאַרניכטונגס־מאַשין האָט באַ־שלאָסן צו ענדערן די אויסראָטונגס־טאַקטיק. ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַז אַלע יידן וועלכע וועלן זיך קאָנצענטרירן אין די „יודנשטאַטן״: ראַדאָמסק, צויזמער, שידלאָוצע און אַנדערע וועלן נישט אויס־געראָטן ווערן. און אַלס צייכן פון „גוטן ווילן״ האָבן זיי אַנגעהויבן אַהינשיקן אומלעגאַלע געכאַפּטע יידן פון דער גאַנצער סביבה.

עטלעכע טויזנט יידן האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן אין די דאָזיקע פּונקטן, צווישן זיי עטלעכע הונדערט סטאַשעווער יידן אין צויזמער.

מיטוואָך, 18.11.1942 — ט׳ כסלו, תש״ג

אין שאָפּ האָט מען היינט איבערגעגעבן, אַז מען גרייט־צו אַ נייע סעלעקציע. עטלעכע יידן זענען גערופן געוואָרן צו די שאָפּ־ליטערס, וועלכע האָבן זיי אַנגעזאָגט די „בשורה״, אַז זיי קאָנען זיך אויסקויפן מיט 1000 זלאָטעס, אויב זיי ווילן נישט פאָרן קיין צויזמער.

אויך אין די דאָזיקע פינצטערע טעג האָבן זיך געפֿו־נען געוויסנלאָזע מענטשן, צווישן זיי עטלעכע יידישע פאָליציסטן, וועלכע האָבן געזוכט רייך צו ווערן פון גרויסן יידישן אומגליק. אין יענעם טאָג זענען טאַקע עטלעכע מענטשן אַרויסגענומען געוואָרן פון שאָפּ און אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין צויזמער. ביים ענדיקן די אַרבעט האָט יעדער אַרבעטער באַקומען אַ נומער, אָן וועלכן מען האָט צומאָרגנס נישט אַריינגעלאָזן אין שאָפּ אַריין. די צום־טויט פאַראורטיילטע האָבן אַזעלכע נומערן נישט באַקומען.

דאָנערשטיק, 19.11.1942 — י׳ כסלו, תש״ג

7 אַזייגער אין דער פרי, גלייך ווי מיר זענען אָנגעקומען, איז דער אַרבעטס־פּלאַץ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך זשאַנדאַמעריע און פּוילישער פּאָליציי. ווידער שטעלט מען אונז אויס 5 אין אַ ריי. עטלעכע אומלעגאַלע יידן, נישט קאָנענדיק מער אויסהאַלטן צו זיין אַן אומאויפהערלעך גע׳רודפ׳טע חיה, האָבן זיך אַריינ־געדרייט צווישן עולם, כדי זייער גורל זאָל איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל דעצידירט ווערן: צום לעבן אָדער צום טויט. די דייטשן קלייבן אויס 120 געזונטע מענער און פרויען און שטעלן זיי אַוועק באַזונדער.

מיר פילן די סכנה, וואָס דערנענטערט זיך צו אונז. מיר פאַרמאָגן מיט זיך גאַרנישט אין פאַל ווען מען שיקט אונז אַוועק. מיר בעטן אַ באַקאַנטן פּוילישן פּאָליציאַנט פון סטאַשעוו, קאטשמארסקי, וועלכער האָט געהאַט די שמירה איבער אונז, ער זאָל אונז דער־לויבן צוצוגיין אַהיים און מיטנעמען אַביסל וועש און קליידונג. דער סאַדיסטישער פּאָליציאַנט האָט איראָניש געענטפערט: „ס׳איז איבעריק, איר דאַרפט שוין גאַרנישט...״

מיר, די אויסגעקליבענע, זענען געבליבן שטיין אין דרויסן, בעת אַלע אַנדערע זענען צוריק אַריין אין „שאָפּ״.

שטייענדיק אין דרויסן ז׳ערווויסן מיר זיך, אַז פון קיעלצער אַמוניציע־פאַבריק „האסאג״ איז געקומען אַ מייסטער צוזאַמען מיט דעם ווערקשוץ־לייטער און

דעם ייִדישן לאַגער־פֿירער, חײַמל ראָזנצווייג, און זיי נעמען מענטשן נאָך קיעלץ.

באַלד קומט אָן אַ באַפֿעל: אָפּמאַרשירן. מען ברענגט אונדז אין מאַגיסטראַט, וווּ מיר ווערן פֿאַרהאַלטן. דאָרט האָבן מיר שוין געטראָפֿן אַ סך ייִדן, אויפֿגעקליבענע פֿון די „סקריטקעס״. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז שוין פֿון דער פֿרי אָן האָט מען צונויפֿגעקליבן מענטשן פֿון די „אומלעגאַלע״, די עלטערע האָט מען אַוועקגעשיקט קיין צווימער און די ייִנגערע — קיין קיעלץ.

געפֿינענדיק זיך אין אַרעסט, איז עטלעכע מענטשן געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פֿון דאָרט און אַריבער־גיין צוריק אין שאָפּ אַרײַן, צווישן זיי אויך נח בלושטיין. אָנקומענדיק אין שאָפּ איז אים אַנטקעגן געקומען דער ייִדישער פּאָליציאַנט בירנצווייג און געזאָגט: „פּאַניע בלושטיין, איר קאָנט נישט אַרײַן — איר ווייסט שוין פֿאַרוואָס...״ נח בלושטיין איז אַ פֿאַרצווייפֿלטער צוריק־געקומען אין מאַגיסטראַט אַרײַן.

1 אַזייגער נ. מ. האָבן 3 אויטאָס, וואָס האָבן אונדז אָפּגעפֿירט קיין קיעלץ, געריִרט פֿון פּלאַץ. מיט שטומע בליקן האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אונדזער טײַער געבוירן־שטעטל סטאַשעוו, ביז זי איז פֿאַרשוווּנדן פֿון אונדזערע אויגן.

ביז נאָך שידלעוו זענען מיט אונדז מיטגעפֿאָרן עטלעכע ייִדישע פּאָליציאַנטן. אין דאָרף גראַבעק האָבן די אויטאָס זיך אָפּגעשטעלט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ טראַנזאַקציע מיט די דײַטשן: ווער עס גיט 1.000 זלאָטעס קאָן זיך צוריקקערן קיין סטאַשעוו. דאָס איז געמאַכט געוואָרן מיט דער פֿאַרמיטלונג פֿון די ייִדישע פּאָליציאַנטן. איינער פֿון זיי מ. ג. האָט נאָך צוגעגעבן: „ייִדן, ווער ס׳וויל געבן „אלף וחמש מאות״ וועט קאָנען אַרונטערגיין פֿון אויטאָ און צוריקגיין קיין סטאַשעוו״. עטלעכע ייִדן האָבן באַצאָלט די געפֿאָדערטע סומע און פֿאַרלאָזט דעם אויטאָ. זיי האָבן נאָך געמוזט צוצאָלן 40 זלאָטעס „פֿאַר־געלט״ צוריק קיין סטאַשעוו.

מיר האָבן פֿאַרגעזעצט אונדזער וועג איבער כמיעל־ניק, וואָס איז שוין געווען „ייִדן־ריין״. קיין קיעלץ זענען מיר אָנגעקומען, ביז 120 ייִדן, 7 אַזייגער אָוונט. צווישן די אָנגעקומענע האָבן זיך געפֿונען סטאַשעווער ייִדן ווי: יאָסל בלושטיין און זײַן זון מאיר, נח בלושטיין, יענקל וואגנער, משה אייזנבערג מיט זײַנע 2 טעכטער, יודל ווײַנגאַרטן, יענקל טאַרגאָווניק, אברהם זילבער־שטיין, דוד פרידמאן מיט זײַן פֿרוי ביילע און זײַערע 2 קינדער, פֿרוי יענטל באמשטיק מיט אירע 2 קינדער, 3 קינדער פֿון שרה עטעל קאַץ, דוד ניסנצווייג, בן־ציון גרינבאל מיט זײַן זון, משה׳לע ערליכמאן, דער זון פֿון חיים נטע, שמעלקע סאמבארסקי, די שוועסטער וואגנער, שמואל ראזנגארטן מיט זײַן שוועסטער, מעלער, הערש־קאפף, אברהם פעלדלויפער און נאָך אַנדערע. מיר, אַ 40 סטאַשעווער, האָבן זיך קאָנצענטרירט אין באַראַק נומער 5, וועלכן מען האָט גערופֿן דער „סטאַשעווער באַראַק״. אין באַראַק האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק איז דאָ דערשאָסן געוואָרן חנה ווינער, די טאָכטער פֿון מאיר ווינער.

מאָנטיק, 23.11.1942 — י״ד כסלו תש״ג

הײַנט, דעם פֿערטן טאָג זינט מיר זענען אָנגעקומען קיין קיעלץ, האָט מען שוין דורכגעפֿירט אַ סעלעקציע און אַוועקגעשיקט אַ טייל מענטשן נאָך נײַשטאָט און פֿון דאָרטן קיין צווימער, צום טראַנספּאָרט. די אָפּגע־שיקטע גרופּע האָט געציילט אַ 20 מענטשן, צווישן זיי נח בלושטיין און משה׳לע ערליכמאַן פֿון סטאַשעוו.

ווי אין אַלע לאַגערן אַזוי אויך אין קיעלץ, האָבן מיר אַדורכגעמאַכט שווערע און ביטערע צײַטן פֿון הונגער און פּײַן. ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ האַנט האָט אונדז געשלאָגן, דײַטשן ווי פּאָליאַקן, פֿאַר יעדער קלייניקייט, פֿאַר גאָרנישט.

טראָץ דער גרויסער לעבנס־סכנה, האָבן מיר אָנגע־האַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אונדזערע שטעטלשע אין סטאַשעוו, סקאַרזשיסק און צווימער. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן סטאַשעווער ייִדן, וואָס זענען אומגעקומען אינעם גיהנום׳דיקן לאַגער אין סקאַרזשיסק.

15.12.1942 — ז׳ טבת, תש״ג

הײַנט זענען אַלע אַרבעטער פֿון סטאַשעווער „שאָפּ״, צוזאַמען מיט די מאַשינען, עוואַקואירט געוואָרן קיין פּאָניאַטעוו, פּולאָווער ראַיאָן.

29.12.1942 — כ״א טבת, תש״ג

א גרופע מענטשן פון קיעלצער „האסאג״, צווישן זיי א 10 סטאשעווער, האבן באזוכט סטאשעוו. די פלאץ־קאמאנדע פון קיעלץ האט באדארפט נעמען קארטאפל אין סטאשעוו. האבן מיר געפועלט ביים לאגער־פירער ער זאל מיטנעמען אויך עטלעכע סטאשעווער יידן, אין דער האפענונג, אז ס׳וועט אונז אפשר געלונגען מיטצר־ברענגען עפעס פון דער היים אדער אפצונעמען א טייל אוועקגעגעבענע זאכן פון די קריסטן. צווישן די סטאשעווער האבן זיך געפונען אחוץ מיר אויך מאיר בלושטיין, אברהם זילבערשטיין, משה אייזנבערג, זיגי פרייס, יודל וויינגארטן, לייזער הערשקאפף און נאך עטלעכע, וועלכע איך געדענק נישט.

זייענדיק אין סטאשעוו האט מען אונז דערלויבט אראפצוכאפן זיך אין יידישן קווארטאל, ווו ס׳האבן געוווינט די אעמלעריסטן. מיר האבן מיטגעשלעפט וואס ס׳האט זיך געלאזן און וואס מיר האבן נאר געקאנט צוריקבאקומען. פיל האבן אונז געהאלפן די אעמלע־ריסטן. זיי האבן צוגעגרייט פאר אונז 120 ברויט, וואס איז געווען א גרויסע רעטונג, ווייל אין קיעלצער לאגער האט א ברויט געקאסט 30 זלאטעס, — וועלכע זענען נישט געווען...

3.1.1943 — כ״ו טבת, תש״ג

היינט האבן מיר נאכאמאל באזוכט סטאשעוו, ווידער מיט דער קארטאפל־קאמאנדע. אויך דאסמאל האבן מיר מיטגעבראכט א ביסל עסן. דער טרויער אין סטאשעוו איבער דעם חורבן פון דער קהילה איז נאך איבעראל קענטיק. אויף א סך הייזער געפינען זיך נאך בולט׳ע בלוט־צייכנס. אין משך פון די עטלעכע שעה, וואס מיר האבן זיך געפונען אין סטאשעוו, האבן מיר זיך באמיט צוטרעפן מיט וואס מערערע יידן, צווישן זיי: מיטן מורה־הוראה ישראל גערשט ז״ל. עס קלינגען מיר נאך אין די אויערן די לעצטע ווערטער פון מורה־הוראה, וועלכער האט אונז נאכגעשריגן: „איך זע ווי מענטשן רייסן זיך צו לעבן. אבער מיין באגער איז צו שטארבן אין סטאשעוו״. מיר האבן שפעטער באקו־מען א ידיעה, אז דער מורה־הוראה איז באמת געשטארבן מיט א נאטירלעכן טויט. אין דערזעלבער צייט איז געשטארבן אין קיעלצער לאגער משה פרייס, דער זון פון מאטעל און אייניקל פון הענעך פרייס.

## די לעצטע אקציע אין צויזמער

זונטיק, 10.1.1943 — ד׳ שבט, תש״ג

5 אזייגער פארטאג איז דער יידישער קווארטאל ארומגערינגלט געווארן דורך די דייטשן און נאכן צונויפקלייבן אלע יידן זיי אפטראנספארטירט קיין טרעבלינקע.

ביז 800 טויטע קערפערס זענען געבליבן יענעם טאג אין צויזמער. אין דעם אפגעשיקטן טראנספארט האבן זיך געפינען פיל סטאשעווער יידן. מרדכי זאנשיין מיט זיין פרוי און עזריאל בערלין און פרוי איז גע־לונגען די לעצטע מינוט, אראפשפרינגנדיק פון צוג, ניצול צו ווערן פון טויט. אין די קליידער פון די אומגעקומענע אין צויזמער, וואס זענען געבראכט געווארן קיין סקארזשיסק, האט מען געפונען די ארבעטס־קארטן פון עטלעכע סטאשעווער יידן.

מיט עטלעכע וואכן שפעטער האט מען געבראכט קיין קיעלץ די לעצטע יידן פון צויזמער, פון דעם ארבעטס־לאגער „ליצעאום״. די דאזיקע יידן האבן דערציילט וועגן טרויעריקן אומקום פונעם „פארשפרא־כענעם״ יודנשטאט.

אינעם טאג פון דער טרויעריקער אקציע איז געווען א שטארקער פראסט. די דערשאסענע אויפן ארט זענען פשוט צוגעפרוירן געווארן צום באדן און די יידן פון ארבעטס־לאגער „ליצעאום״ האבן געמוזט בעת׳ן צוזאמענגעמען די געפאלענע זיי אפרייסן מיט כוח.

נאכן איבערפירן די ארבעטער פון סטאשעווער שאפ האט מען נאך מער אנגעזוכט די אומלעגאלע יידן, וועלכע האבן זיך נאך אויסבאהאלטן אין בונקערס. ווער ס׳איז אנטדעקט געווארן בעת די אבלאוועס איז אויפן ארט דערשאסן געווארן.

בעת אזא גרויסער אבלאווע זענען דערשאסן געווארן אין איין טאג א 10 סטאשעווער יידן, צווישן זיי ישראליש אלסטער, זיין פרוי און מיידעלע, ווי אויך די פרוי פון פינטשע דאמבראווסקי.

אין דער זעלבער צייט האָבן די דייטשן פאַרעפנט־לעכט אַ מעלדונג, אַז וועלכער פּאָליאַק ס'וועט ברענגען אַן אויסבאַהאַלטענעם ייד וועט באַלוינט ווערן מיט 10 קילאָ צוקער. די פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן נאָך מיט מער ענערגיע צו כאַפּן יידן, און איבערגעבן זיי די דייטשן פאַ־ן צוגעזאָגטן פּרייז. די יידן האָבן שווער און ביטער געקעמפט פאַר זייער נאַקעטן לעבן. דער גרויסער רוב איז אָבער אין אומגליקלעכן קאַמף אומגע־קומען. בעת אַזאַ פּוילישער אַבלאַווע זענען דערמאָרדעט געוואָרן צווישן אַנדערע מרדכי זישע צוקער מיט זיין פרוי און 2 טעכטער. אין דער דאָזיקער שמוציקער אַרבעט האָבן זיך באַטייליקט אויך „באַוווסטזיניקע" קאָמוניסטן, ווי די 2 ברידער גרודזיען, וועלכע האָבן פּרעטענדירט צו באַפרייען די וועלט פון אומ'יושר און ראַסן־האַס... דאַקעגן דער ענדעקישער אַנטיסעמיט שט. האָט דווקא אין דער דאָזיקער צייט אַרויסגעוויזן מענטשלעכקייט און, ריזיקירנדיק מיט זיין לעבן, געבראַכט אין וואַלד אַריין זעק ברויט פאַר מאַנכע אויסבאַהאַלטענע סטאַשעווער יידן.

2.4.1943 — כ"ו אדר ב', תש"ג

ס'איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַן אַקציע אין קיעלצער „האַסאַג", בעת וועלכער ס'זענען אַוועקגעשיקט גע־וואָרן 120 מענטשן נאָך פּיאָנקי, אַן אַמוניציע־פאַבריק ביי ראַדעם. צווישן זיי האָבן זיך געפונען עטלעכע סטאַשעווער ווי, משה אייזנבערג מיט זיינע טעכטער, בוכמאַן, ברוקעוו, יענקל וואַגנער, יודל וויינגאַרטן, 2 שוועסטער פון זוסמאַן, 2 ברידער קאַץ, רבקה בוים, פייגע טענענבוים, דאַנציגער מיט זיין פרוי, מעלער און אַנד. 8 יידן פון כמיעלניק און ניישטאָט, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בעתן „אַפּעל", זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

13.5.1943 — ח' אייר, תש"ג

ווידער אַ סעלעקציע אין קיעלצער „האַסאַג" צו שיקן קיין סקאַרזשיסק. אין דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט האָבן זיך געפונען 2 סטאַשעווער: מאיר בלושטיין און משה פרידמאַן, אַ זון פון משה און ביילע פרידמאַן. די דאָזיקע צוויי זענען לעבנגעבליבן.

מיר לעבן אין כסדר'דיקער טויט־שרעק. מיר דער־וויסן זיך וועגן די אָפטע סעלעקציעס אין סקאַרזשיסק, ווו מ'שיקט נישט מער אין קיין אַרבעטס־לאַגערן, נאָר צום טויט. ס'ווילט זיך אָבער לעבן און איבערלעבן דעם גרויליקן פיינט. די ווערטער פון קלוגן שלמה המלך דרינגען אַריין אין אונזערע ביינער: „כי לכלב חי הוא טוב מן האריה המת" — ס'איז בעסער אַ לעבעדיקער הונט ווי אַ טויטער לייב. אַ לעבעדיקער האָט דאָך נאָך האָפענונג. מיטן טויט ענדיקט זיך אַלץ. דער דראַנג צום לעבן איז ביי אונז געוואָרן אַ ציל פאַר זיך און ממש אַ קונסט.

דינסטיק, תשעה־באב, תש"ג — 10.8.1943

היינט האָבן פּאָליאַקן פון דער אונטערגרונט אויסגעפירט אַ טויט־אורטייל איבער דעם פּוילישן פּראָוואָקאַטאָר מיעטעק לאַגאַבאַ, דער מאַשין־איינריכ־טער פון „האַסאַג" פאַבריק. דעם אורטייל האָט אויס־געפירט אַ 16־יאָריקער פּוילישער יינגל, לויטן באַפעל פון די „יענדרושעס"" — אונטערגרונט־"באַוועגונג אין פוילן. דער פאַרווונדעטער פּראָוואָקאַטאָר, ליגנדיק אויף דער ערד, האָט נאָך באַוויזן אַרויסצושעפּטשען, אַז די יידן האָבן אים דערשאָסן.

די פּוילישע אַרבעטער אין פאַבריק האָבן אויסגענוצט דעם פאַקט און במזיד פאַרשפּרייט דעם שקר, אַז דאָס האָבן די יידן דערשאָסן לאַגאַבן, כדי צושעדיקן דעם אַרבעטס־פּאָטענציאַל פון דער פאַבריק.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַלדיקע אויספאָרשונג קעגן די יידישע אַרבעטער אין פאַבריק. די דייטשן האָבן אַרעסטירט די 3 יידישע איינריכטער פון די מאַ־שינען: דוד פרידמאַן, הערשל קופּפער און מיך. זיי האָבן אונז באַשולדיקט אין אויספירן דעם מאָרד. נאָך 3 טעג פייניקן זענען מיר באַפרייט געוואָרן. די דייטשן האָבן גוט געוווּסט ווער ס'זענען די אמת'ע מערדער פון לאַגאַבאַ.

בעת מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין לאַגער האָבן יידן אָנגעהויבן גלייבן אין „תחיית־המתים". זיי האָבן אונז שוין געהאַלטן פאַר פאַרלוירענע.

## סטאַשעווער יידן אַנטלויפן אין די וועלדער

בעת די רוסן האָבן זיך דערנענטערט צו דער ווייסל האָבן די דייטשן אָנגעהויבן עוואַקואירן די לאַגערן אין ראַדעם, סקאַרזשיסק און קיעלץ. פאַר דער עוואַקואַציע האָבן זיי נאָך דורכגעפירט עטלעכע סעלעקציעס איבער די לאַגער־יידן און די אָפּגעקליבענע דערמאָרדעט אויפן אָרט. בעת איינער פון די דאָזיקע סעלעקציעס, דעם 30־טן יולי 1944, איז אומגעבראַכט געוואָרן אַ גרופּע פון 300 יידן.

אין דער לעצטער נאַכט פון שבת אויף זונטיק, ערב דער עוואַקואַציע, האָט אַ גרופּע יידן איבערגעשניטן די עלעקטרישע דראָטן אין סקאַרזשיסקער לאַגער און אָנגעהויבן אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון די וועלדער. די גרעסטע טייל פון די אַנטלאָפענע זענען בעת׳ן גייען נאָך זיי דערשאָסן געוואָרן.

דינסטיק, 1.8.1944 — י״ב אב, תש״ד

20 יידן, מענער און פרויען, זענען צונויפגעקליבן געוואָרן אין לאַגער און אָפּגעשיקט, אויף „קאָנטיגענט", נאָך אוישוויץ. צווישן זיי האָבן זיך געפונען די סטאַשעווער: יאָסל בלושטיין, בן־ציון סאַלאַרזש, זון פון נתן דוד מלמד, אברהם פעלדלויפער, ביילע פרידמאַן, גענענדל יאַסקולקאַ. די פרויען האָבן זיך געראַטעוועט, דאַקעגן פון די מענער איז קיינער נישט לעבנגעבליבן.

אין טאָג פון דער סעלעקציע האָבן עטלעכע יידן פּרובירט צו אַנטלויפן, זיי זענען אָבער אַלע דערשאָסן געוואָרן דורך די ווערקשוצן. מיר האָבן געמוזט אַרבעטן 20 שעה אין מעת־לעת, כדי צו פאַרפּאַקן די מאַשינען און זיי וואָס שנעלער אַפּטראַנספּאָרטירן.

זונטיק, 6.8.1944 — י״ז אב, תש״ד

אין דעם טאָג ווערן מיר פון קיעלץ אָפּגעפירט נאָך טשענסטאָכאָוו. נישט וועלנדיק אונז דאָרט אָננעמען האָבן אונז די דייטשן ווייטער געפירט קיין ראַדאָמסק, ווו מיר זענען, אַלע 450 יידן, איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די ס. ס. אין זעלבן נאָכמיטיק האָט מען אונז אָנגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און אָוועקגעפירט קיין פּשעדבאָזש, ביי פּיליצע. דאָרט האָבן מיר שווער געאַרבעט ביים צוגרייטן פאָרטיפיקאַציעס פאַר די אַנטלויפנדיקע דייטשן פון דער ווייסל.

אין פּשעדבאָזש האָבן אַלע 450 יידן געוווינט אין אַ פאַרם פון אַן אָרטיקן פּויער. דאָרט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אָנהייב אויגוסט האָבן די רוסן באַזעצט סטאַשעוו. עטלעכע באַהאַלטענע יידן זענען דורך די רוסן באַפרייט געוואָרן. בעת די דייטשן האָבן דורכגעפירט אַ קעגן־אָנגריף און באָמבאַרדירט סטאַשעוו — זענען אומגעקומען: ירחמיאל (ראַמעק) סעגאַל, מרדכי גאָלדפלוס, אברהם אנשל בערגמאַן און רויזע גאָלדפלוס. די אַלע האָבן געוווינט אין הויז פון אליהו פּאַמעראַנצבלום, אין ווינקל פון מאַרק און דער אָפּטער־גאַס. זיי זענען געפאַלן בעת׳ן אַנטלויפן פון דער שטאָט אין פעלד אַריין. די רעשט לעבן געבליבענע זענען באַלד אַוועק פון סטאַשעוו.

ערשטער טאָג סוכות, תש״ה — 2.10.1944

היינט האָט מען אונז אָוועקגעפירט פון פּשעדבאָזש קיין טשענסטאָכאָוו, ווו מיר זענען פאַרבליבן ביז דעם 16־טן יאַנואַר 1945. מיט אונז האָבן זיך געפונען אויך אַנדערע סטאַשעווער יידן פון די לאַגערן אין סקאַרזשיסק און קיעלץ.

1.1.1945. — ט״ו טבת, תש״ה

אונזער לאַגער אין טשענסטאָכאָוו איז געוואָרן אַ קאַצעט און מיר האָבן באַקומען דעם נאָמען העפטלינגע. דער קאַצעט האָט נישט מאריך ימים געווען. ס׳האָט זיך באַלד אָנגעהויבן די גרויסע רוסישע ווינטער־אָפענסיווע און דער לאַגער איז געוואָרן ליקווידירט.

15.1.1945 — ר״ח שבט, תש״ה

מאָנטיק, דעם 15־טן יאַנואַר, האָט מען פון אַלע אַרבעטס־פּלעצער אין טשענסטאָכאָוו צונויפגעקליבן ביז 300 יידן און זיי אָפּגעשיקט קיין בוכנוואַלד.

12 אַזייגער ביינאַכט איז אָנגעקומען אין פאַבריק אויף דער „טשענסטאָכאָוויאַנקע" אַ דעלעגאַציע. מיטן הויפּט־דירעקטאָר פון אַלע „האַסאַג ווערק", בודין, און פאַראָרדנט אָפּצושטעלן די אַרבעט.

דינסטיק, 16.1.1945 — ב׳ שבט, תש״ה

די רוסן האָבן איינגענומען די רעשט וואַרשע, ווי אויך לאָדזש, קראָקע און טשענסטאָכאָווע. איידער די ריסן האָבן באַהערשט די שטאָט זענען פון דאָרט אַרויסגעפירט געוואָרן ביז 10.000 יידן. דאָקעגן מיר זענען געוואָרן אָנגעלאָדן אין וואַגאָנען, איבערלאָזנדיק אונז אָן שמירה ביז 7 אַזייגער פרי. ערשט דאַן האָט די ס. ס. אונז איבערגענומען און אַוועקגעשיקט. די מענער קיין בוכנוואַלד און די פרויען — קיין בערגן בעלזן.

אין בוכנוואַלד האָט מען ביי אונז צוגענומען די מלבו־שים און אַלץ וואָס יעדער איינער האָט נאָך פאַרמאָגט און אָפגעפירט אין אַ באָד צו אַנטלויזונג. אַן ס. ס. דאָקטאָר האָט יעדן איינעם אַריינגעקוקט אין מויל און אַרויסגע־ריסן די גאָלדענע ציין. נאָכן אָפּוואַשן זיך האָט מען אונז געגעבן קאַצעט־מלבושים און יעדער איינער האָט באַקומען „אַ נומער״. איך האָב באַקומען דעם נומער 116579.

ביז 300 מאַן האָט מען אַריינגעפּאַקט אין איין בלאָק. די סטאַשעווער האָבן זיך קאָנצענטרירט אין בלאָק 52.

אין בוכנוואַלד האָבן מיר נישט געאַרבעט. מיר האָבן באַקומען יעדן טאָג אַ שוואַרץ ברויט פאַר 6 פער־זאָן און 2 מאָל אין טאָג אַביסל זופּ.

דער לאַגער־עלטעסטער איז געווען אַ דייטש און זיינע געהילפן — פּאָליאַקן. דער לאַגער איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר צענטליקער טויזנטער העפטלינגע און פון דאָרטן האָט מען זיי געשיקט אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערן.

אין בוכנוואַלד איז דער לאַגער געפירט געוואָרן, אין אַ גרויסער מאָס, דורך די קאַצעטלער אַליין. אין דעם לאַגער האָבן זיך געפונען אַ סך פּאָליטיש־פאַרפאָלגטע עלעמענטן, יידן ווי אויך דייטשן און אַנדערע. בעת אינזער זיין אין לאַגער האָבן זיך דאָרט געפונען אויך לעאָן בלום פון פראַנקרייך און ד״ר פיליפ אויערבאַך. דאָרט האָט מען אַדורכגעפירט משפּטים קעגן געוועזענע יידישע פּאָליציסטן און אַנד.. וועלכע האָבן זיך שלעכט איינגעפירט קעגנאיבער די לאַגער יידן. אויף אייניקע פון זיי זענען אַרויסגעטראָגן געוואָרן טויט־אורטיילן.

דינסטיק, 6.2.1945 — כ״ג שבט, תש״ה

מען האָט מיך אַוועקגעשיקט קיין טרעגלין, נעבן צאַיס, אין לאַגער רעהמסדאָרף. דאָרט האָבן זיך גע־פונען 2300 מענטשן, יידן, פראַנצויזן, איטאַליענער א״אַ. מיר האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק „בראַבאַק״, וואָס איז לעצטנס שווער באָמבאַרדירט געוואָרן. צוליב דער צעשטערטער וואַסער־לייטונג זענען מיר געווען גע־צוווּנגען צו ברענגען וואַסער פון 60 קל״מ ווייט.

די פאַבריק איז געווען אַ העכסט־וויכטיקער פּונקט פאַר די דייטשן, ווייל דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט בענזין פון קוילן און דערפאַר טאָקע איז זי אָפטמאָל באָמבאַרדירט געוואָרן דורך דעם „פיינט״. די לאַגע פון די אַרבעטער איז דאָרט געווען אומדערטרעגלעך.

דער לאַגער־פירער איז געווען אַ דייטשער ציגיינער מיטן נאָמען האַנס וואָלף. אַליין אַ פּאָליטישער פאַר־פאָלגטער האָט דער דאָזיקער פאַרשוין פונדעסטוועגן אָנגעטאָן די אַרעסטירטע יידן גרויסע צרות און איז נישט אָפּגעשטאַנען פון אַ ריכטיקן ס.ס.־רוצח. אין גרויסן פּראָצעס קעגן די נאַצי־רוצחים אין דאַכאַו האָט דער דאָזיקער האַנס וואָלף באַקומען טויט־שטראָף, אויפן יסוד פון דער גבית־עדות פון די לעבן־געבליבענע אין דעם לאַגער. איך בתוכם.

26.3.1945 — י״ב ניסן, תש״ה

היינט איז אין דעם לאַגער געשטאָרבן דוד פרידמאַן ז״ל, אַן איידעם פון וועלוועלע פרידמאַן פון סטאַשעוו.

אין דעם לאַגער זענען מיר פאַרבליבן ביז דעם 11.4.45. דעם טאָג ווען בוכנוואַלד איז פאַרנומען גע־וואָרן דורך די זיגרייכע אַמעריקאַנער.

דאָנערשטיק, דעם 12.4.45, כ״ט ניסן, תש״ה, האָבן אונז די דייטשן עוואַקואירט. אַ גאַנצן טאָג און נאַכט זענען מיר געפאָרן בלויז 30 קל״מ, ווייל די וועגן זענען שוין געווען אינגאַנצן צושטערט. צומאָרגנס, פרייטיק, זענען מיר געבליבן שטיין אין צייסנהיים אויף דער סטאַציע ביז מאָנטיק, 70 מענער אין אַ וואַגאָן, צווישן זיי פיל טויטע. קיין עסן האָט מען אונז די לעצטע טעג נישט געגעבן. פּלוצלינג, קומט־אָן אַ באַפעל צו רירן פון פּלאַץ. די דייטשן שליסן די וואַגאָנען. אינדעם —

א לופט־אנגריף. אונזערע ס.ס.־שומרים לויפן ארויס פון די וואגאנען און מיר — נאך זיי, כדי צו געפינען שוץ אין דרויסן. נאכן אנגריף זענען מיר געוואָרן געצוווּנגען צוגיין צופוס, ווייל די באן־ליניע איז דערווייל געוואָרן באשעדיקט. מיר זענען הונגעריק ווי וועלף און זוכן עפּעס אין מויל אריין. די קראנקע צווישן אונז, וואס קאנען נישט גיין צופוס, ווערן אפּגעזונדערט פון גאנצן שאלאן און דערשאסן אויפן ארט. אזוי ארום זענען טראגיש אומגעקומען 115 יידן אויף זייער לעצטן וועג צו דער באפרייאונג. 25 געזונטע מענטשן פון דער גרופּע האבן געמוזט מקבר זיין די דערשאסענע אין א דארף ביי צייסנהיים, כדי נישט איבערצולאזן קיין שפּורן פון דער נאצישער אכזריות...

דעם גאנצן טראנספּארט האט מען געטריבן נאך קאמאטאו, טשעכיען, אויפן וועג קיין טערעזיענשטאט. בעת דער לעצטער באמבארדירונג פון אונזער שאלאן זענען עטלעכע יידן אנטלאפן אין נאענטן וואלד אריין, אבער די ציווילע דייטשן פון דער סביבה האבן זיי דערקאנט אין זייערע קאצעטן־קליידער און צוריק־געבראכט צו אונזער שאלאן. מאנטיק, דעם זעלבן טאג, 16.4.45, 8 אוונט, זענען מיר אנגעקומען קיין קאמאטאו, טשעכיש־סודעטן.

מיטוואך, 18.4.1945 — ה׳ אייר, תש״ה

ווידער האט מען אונז געהאלטן א גאנצן טאג אן עסן. דאס ערשטע ביסל וואסער־זופּ האבן מיר באקומען ערשט היינט, 6 אזייגער פרי, איידער מען האט אונז גענומען טרייבן ווייטער קיין טערעזיענשטאט, א מהלך פון 68 קל״מ. מיר זענען שוין געווען האלב־טויט. די אפּגעשוואכטע האבן פארזוכט זיך א ביסל אפּצורוען, אבער דער טראנספּארט־פירער האט גלייך פארארדנט זיי „אומלייגן״. אזוי ארום זענען אויף א מרחק פון 8 קל״מ אומגעקומען 189 יידן פון טראנספּארט, צווישן זיי די 2 סטאשעווער: יחיאל אוועגוס און משה׳לע בייטשער, א זון פון לייבל בייטשער.

אין אוונט זענען מיר אנגעקומען קיין טעראספּאל, ווו מ׳האט אונז ארייגעפּאקט, 1800 מענטשן אין א גרויסן פערד־שטאל און ערשט דעמאלט געגעבן א שטיקל ברויט. אזוי צוזאמענגעפּרעסט האט מען אונז געהאלטן ביז צומארגנס, 12 אזייגער מיטיק. אייניקע זענען אוועקגעפאלן טויט פון הונגער און מידקייט.

פרייטיק האבן מיר פארגעזעצט אונזער טרויעריקן מארש. די טשעכן האבן ארויסגעוויזן גרויס רחמנות און מיטגעפיל. זיי האבן אוועקגעלייגט לעבנסמיטל אויף די וועגן, ווו מיר זענען אדורכגעגאנגען. אין אוונט זענען מיר אנגעקומען אין דעם טרויעריק־בארימטן לאגער לייטמעריץ, 9 קל״מ פון טערעזיענשטאט. אונטערן פרייען הימל האט מען אונז געהאלטן ביז שבת פרי.

שבת, 21.4.1945 — ח׳ אייר, תש״ה

היינט האט מען אונז געבראכט אין „יודנשטאט״ — טערעזיענשטאט. אין דער זעלבער צייט האט מען אויך געבראכט אהין נאך עטלעכע טראנספּארטן, צווישן וועלכע ס׳האבן זיך אויך געפונען פיל סטאשעווער יידן.

אין טערעזיענשטאט האבן די דייטשן צונויפגעקליבן יונג און אלט און אפילו קאליקעס, כדי צו ווייזן דער וועלט, אז נישט אלע יידן האבן זיי אומגעבראכט.

אין טערעזיענשטאט האבן זיך געפונען יידן פון האלאנד, בעלגיע, טשעכאסלאוואקיע און פוילן. צו־זאמען: 26 טויזנט יידן און 5 טויזנט רוסן, פּאליאקן א״א. אין דעם לאגער האבן מיר נישט געארבעט, אבער אויך קיין עסן צו דער זעט האבן מיר נישט באקומען. די צאל קראנקע איז געוואקסן און א טייל איז געשטארבן, נישט דערציענדיק ביז צו דער באפרייאונג. צווישן די געשטארבענע איז אויך געווען יחזקאל (זיגא) פרייס ז״ל, אייניקל פון הענעך פרייס, פון סטאשעוו. דאס איז געווען, אגב, 3 טעג פאר דער באפרייאונג.

מיטוואך, 9.5.1945 — כ״ו אייר, תש״ה

דער טאג פון אונזער באפרייאונג איז סוף־סוף געקומען. די רוסישע כוחות האבן ארײנמארשירט און ס׳האט א סוף גענומען צו אונזער 6־יאריקן גרויל און פּיין. מיר זענען געווען זייער אפּגעשוואכט און אויסגעדארט. בעת דער באפרייאונג האב איך בסך הכל

געווויגן 28 ק״ג. מיר זענען פאַרבליבן אין טערעזיענשטאָט ביז דעם 23־טן יוני 1945, ביז אונזער צוריקפאָרן קיין פּוילן. יעדער איינער האָט נאָך געהאָפט צו טרעפן עמיצן פון זיין פאַמיליע נאָכן גרויסן מבול.

מיר זענען אָנגעקומען קיין קראָקע דעם 1־טן יולי 1945, נאָך 9 טעג פאָרן פון טערעזיענשטאָט. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַ גרופּע סטאַשעווער און פאַרבליבן אויפן אָרט ביז דעם 12־טן אויגוסט 1945.

ס׳האָט אונז געצויגן קיין סטאַשעוו, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט צו ריזיקירן און פאָרן אַהין, צוליב דער סכנה צו ווערן דערשאָסן דורך די פּאָליאַקן. די „א.ק.״־באַנדעס, ווי זיי האָבן זיך גערופן, האָבן דערמאָרדעט יעדן ייד, וועלכן זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף זייער וועג נאָך דער באַפרייאונג. צווישן אַנדערע האָט דאָס אומגליק געטראָפן הארצקע בראַנדשטעטער, זיין פרוי און קינד, וועלכע האָבן זיך איבערבאַהאַלטן די גאַנצע יאָרן פון דער מלחמה און געפאַלן אַ קרבן דורך די פּוילישע אַנטיסעמיטישע הענט, שוין נאָך דער באַפרייאונג.

אויך אין קראָקע האָט זיך אָנגעהויבן אַ פינצטערע אַנטיסעמיטישע אַקציע, נאָך עטלעכע טעג פון מיטגעפיל מצד געוויסע פּוילישע שיכטן. מיר, די איבערגעבליבענע יידן, האָבן דערפילט, אַז די פאַרשאָלטענע פּוילישע ערד איז שוין נישט מער פאַר אונז און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן זי אויף אייביק. מיר האָבן זיך באַמיט אַריבערצוקלייבן קיין לינץ אָדער פּראַג, וווּ ס׳האָבן זיך קאָנצענטרירט גרעסערע מחנות לעבנגעבליבענע יידן, כדי פון דאָרט אַנטלויפן אין דער „וועלט אַריין״, וווּ מיר זאָלן קאָנען געפינען אַ שטיקל מנוחה.

## דער פּאָגראָם אין קראָקע

שבת, 11.8.1945 — ב׳ אלול, תש״ה

די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז אַ קליינע צאָל יידן איז ניצול געוואָרן פון די נאַציִשע מערדערישע הענט, איבערלעבנדיק די מוראדיקע מלחמה. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן צו פאַרענדיקן מיט די רעשטלעך איבערגעבליבענע און צוריקגעקומענע יידן.

אַ פּאָגראָם־שטימונג האָט זיך פּלוצלונג פאַרשפּרייט איבערן שטאָט. פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן שלאָגן יעדן דורכגייענדיקן ייִדן אין גאַס און זיי אַרויסגעוואָרפן פון די טראַמווייען, נישט שוינענדיק קיין פרוי און קינד. די פּאָגראָם־העצע האָט אַרומגעכאַפּט כמעט אַלעמען. פּאָליציי און מיליטער לייט זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַקציע און ענערגיש מיטגעהאָלפן די כוליגאַנעס.

כדי צו שטאַרקן די פּאָגראָם־העצע האָבן די פּאָליאַקן בכוונה צעבלוטיקט אַ פּויליש יינגל און אים אַריינגעשטופּט אין שול אַריין, אויף דער שעראָקע גאַס, בעת אַ סך מתפללים האָבן זיך דאָרט געפונען. דער איינפאַל איז געלונגען. גרויסע צערייצטע מאַסן האָבן זיך געוואָרפן אויף די אומגליקלעכע יידן אין שול און אין דרויסן און זיי מערדערלעך צעשלאָגן. די פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן ראַבעווען יידיש פאַרמעגן. אויף פּשעמיסקע גאַס, נומער 3, האָבן די צעווילדעוועטע הארדעס באַלאַגערט דאָס הויז, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען יידישע פּליטים, מיט דער כוונה צו מאָרדן. צום גליק זענען, אין דער צייט, פאַרביי געגאַנגען 2 יידישע נ.ק.וו.ד., וועלכע האָבן אונטער דער דראָאונג פון געווער, פאַראָרדנט די פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך געפונען דערביי, צו מאַכן אָרדענונג אין משך פון 15 מינוט. די דראָאונג האָט געהאָלפן און די באַלאַגערטע יידן זענען ניצול געוואָרן פון טויט.

אָט די שטאָט, וואָס גרויסט זיך אַזוי מיט איר הויכער קולטור, מיט אירע אוניווערזיטעטן און סעמינאַרן פאַר גייסטלעכע, מיט אירע שטאַרקע סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען און סתם פּראָגרעסיווע עלעמענטן, האָט איינגעאָרדנט דעם פינצטערן פּאָגראָם — און ס׳איז נישט געווען קיינער וואָס האָט פּרובירט צו פאַרטיידיקן די באַפאַלענע יידן, וועלכע האָבן געוואָגט איבערצולעבן די מלחמה, און וועמעס איינציקע שולד ס׳איז זייער יידישקייט. דאָס „קולטור־רעלע״ קראָקע האָט נישט געקאָנט גובר זיין אירע אַנטיסעמיטישע, בלוט־דורשטיקע אינסטינקטן, און באַפאַלן ברוטאַל די אומגליקלעכע רעשטלעך יידן, וואָס זענען קוים אַרויס מיטן נאַקעטן לעבן פון גרויליקן

**דייטש־באַרבאַרישן גיהנום. 4 אומגליקלעכע יידן זענען דעם טאָג געפאַלן פון די פוילישע כוליגאַנישע הענט.**

זונטיק, 12.8.1945 — ג׳ אלול, תש״ה

**די פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין קראָקע האָט פאַרשפּרייט פלוג־בלעטלעך און זיך פאַרענטפערט איבער דעם נעכטיקן פּאָגראָם, באַשולדיקנדיק די „היטלעריסטישע עלעמענטן" אין דער דאָזיקער אַרבעט. די דאָזיקע פאַרענטפערונג האָט אָבער קיינעם נישט באַרואיקט. פאַרקערט.** מיר זענען געקומען צום פעסטן באַשלוס צו פאַרלאָזן די „בלוטיקע שפּאַניע" פון 20־טן יאָרהונדערט — פוילן, און צו אַנטלויפן אַזוי גיך ווי מעגלעך.

**זייענדיק שוין ביי דער באַן האָט אונז נאָכגעשריגן אַן אַלטער פּוילישער באַן־באַאַמטער, אַז וואָס היטלער האָט נישט פאַרענדיקט וועלן שוין די פּאָליאַקן טון, היות זיי האָבן נעכטן געוואָגט צו שלאָגן פּאָליאַקן און צעבלוטיקן אַ קריסטלעך ייִנגל... מיר האָבן געוואָלט אָנקלאָגן דעם דאָזיקן באַן־באַאַמטן פאַר דער מאַכט, אָבער די באַן האָט גערירט און מיר זענען געווען ממילא זיכער, אַז אַזאַ איינער וועט, אין דער אַלגעמיין־הערשנדיקער אַטמאָספער, נישט ווערן באַשטראָפט.**

דינסטיק, 14.8, זענען מיר אָנגעקומען קיין פּראַג און **פון דאָרט זיך אַוועקגעלאָזן קיין דייטשלאַנד, וווּ די שליחים פון דער יידישער אַגענץ האָבן אָרגאַניזירט הילף פאַר די געראַטעוועטע יידן.**

מאָנטיק, 20.8.1945 — י״א אלול, תש״ה

**אין לאַגער פעלדאַפינג, נעבן מינכען, האָבן מיר געטראָפן אַ גרופּע לעבנגעבליבענע סטאַשעווער יידן, צווישן זיי אַזעלכע וואָס זענען צוריקגעקומען פון די וועלדער. מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ פאַרבינדונג מיט סטאַשעווער אין דער וועלט. די פּאָסט האָט נאָך דעמאָלט נישט פונקציאָנירט, אָבער אַ יידישער מי־ליטערמאַן פון אַמעריקאַנישן אָקופּאַציע־מיליטער האָט אונז פאַרבונדן מיטן ראַביי פ. גרויבאַרד, אין טעקסאַס, אַ זון פון גרויסן גאון ר׳ יהודה לייב גרויבאַרד ז״ל, געוועזענער רב אין סטאַשעוו.**

**זונטיק, כ״ח חשון תש״ו, 4.11.1945, האָבן מיר איינגעאָרדנט די ערשטע יזכור־אַקאַדעמיע נאָך די טרויעריק־אומגעקומענע סטאַשעווער יידן. צו דעם יזכור־אָונט זענען געקומען ביז 250 סטאַשעווער יידן ווי אויך פון איר סביבה: פּלאַנטש, אשיעק, קאָרעזוואַנק א״אַ.**



עצרת אזכרה ראשונה של הניצולים, בפלדאפינג, גרמניה, ב־1946 — ערשטע טרויער־אַקאַדעמיע פון די געראַטעוועטע, אין פעלדאַפינג, דייטשלאַנד, אין 1946.

**דעם 13־טן יאַנואַר 1946 איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער קאָמיטעט פון די סטאַשעווער ניצולים אין דייטשלאַנד, מיטן ציל צו דערטיילן — מיט אייגע־נע־כוחות — דרינגנדיקע הילף די קראַנקע צווישן די לעבנגעבליבענע. אין קאָמיטעט זענען אַריין:** אהרון פיינער, יאָסל גאָלדשטיין — פּאַרזיצער, שלום הערש־קאָפּף — סעקרעטער, לאזער לעווקאָוויטש, משה־יחיאל ראָזען, הערשל גאָלדשטיין, חיה׳לע וואַגנער, זעליק פאַנטירער, הערשל גאָלדבערג, מענדל ליפּשיץ, הערשל בוקשפּאַן (ז״ל), בינעם ראָזנשטאַק, זיסל דולא, אלחנן שטערנליכט, אברהם זילבערשטיין, שלמה גראָף און יענקל בוכמאַן.

**שפּעטער איז אויך אָנגעקומען הילף פון אַנדערע יידישע צענטערן, וווּ סטאַשעווער געפינען זיך, ווי קאַנאַדע, אַרגענטינע, ישראל א״אַ.**

**אין יענע טעג איז דער׳הרג׳עט געוואָרן אין שטוט־גאַרט, דורך פוילישע הענט, דאָס ייִנגל** אברהמ׳על יאַסקולקע, זון פון אבנר און שרה. **די פּאָליאַקן האָבן**

אים אַריינגענאַרט אין וואַלד אַריין, צוזאָגנדיק אים עפּעס צו פאַרקויפן און דאָרט אים דערמאָרדעט. אַן ענלעכן טויט האָט געהאַט אהרון מילגרוים, זון פון יחיאל און פערל יענטע, וואָס איז אין 1946 דערשאָסן געוואָרן דורך פּאָליאַקן אין קאַטאַוויץ. אין קראָקעווער פּאָגראָם איז דערמאָרדעט געוואָרן דוד קירשנווורצל, זון פון שוואַרצן אברהמ׳על (קצב), און ישראל שניפּער, זון פון משה׳ל שניפּער (קארש), איז דעמאָלט שווער פאַרווונדעט געוואָרן. אין חודש מערץ, 1947, איז אין לאַגער טירקנהיים געשטאָרבן טויבע סאָלאָוש.




דעם 1־טן יולי 1947 האָבן מיר אַנטהילט אַ מצבה אויף דעם בית־עולם אין העסענטאַל, דייטשלאַנד (60 קל״מ פון שטוטגארט), נאָך די 28 געפאַלענע סטאַשעווער אין לאַגער העסענטאַל, 3 חדשים פאַר דער באַפרייאונג.

אויף דער מצבה איז אויסגעקריצט געוואָרן די אויפשריפט: מזכרת עד לחללי יוצאי סטאשוב און זייערע נעמען:

אברהם בערגמאַן
אייזיק גוטערבוים
אלי באַרנשטיין
אשר אסקאר
דוד זינגער
זונדל גאלדפלוס
זלמן באמשטיק
זלמן קויפמאַן
איטשע ניסנגארטן
דוד האוסמאַן
יאסקע שאַניעצקי
יענקל לעמבערגער
חיים שאַניעצקי
יאסל רובינזאָן

יצחק פוטערמאַן
ישראל לייב לעווקאָוויטש
לייבטשע ליפשיץ
מאיר מאַנסדאָרף
משה בראַנער
משה יאַסקאָוויטש
משה ניסנצווייג
משה ראַפּאַלאָוויטש
נטע ראָזנצווייג
פישל ברענדזעל
שלום שמייסער
ברוך שלמה זילבערשטיין
שלמה צעבוליאַזש
שמעון ליפּמאַן

עזיל גאָלדבערג, זון פון שמואל און ביילע־טעמע, וועלכער האָט זיך געפונען נאָך דער מלחמה אין סאַנאַ־טאָריום אין גאָוטינג, איז דאָרט געשטאָרבן אין י״ב דאב תש״ז, 29.7.1947. אויך איז אין לאַגער האָפגייסמאַר געשטאָרבן אין יאָר 1947 ריבטשע אייכן, טאָכטער פון אהרן סופר און פרוי פון שטשוקאָווקאַ.

די סטאַשעווער הייבן אָן — נאָך אין 1946, — צו פאַרלאָזן די פאַרשאָלטענע דייטשע ערד, ווער קיין ישראל און ווער נאָך אַמעריקע, אויסטראַליע, קאַנאַדע, אַרגענטינע, בראַזיל א״אַ.

פון די סטאַשעווער קינדער זענען געראַטעוועט געוואָרן: 1) די טאָכטער פון אברהמ׳טשע און לאה גראָסבערג, אייניקל פון ישראל׳קע ווייצמאַן און פייוול גראָסבוים. דאָס מיידעלע איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ קריסט אויף דער גורנע־ריטווינער גאַס, מיטן נאָמען באַלטין. דאָס קינד איז געראַטעוועט געוואָרן און געפינט זיך איצט אין ישראל.

די טאָכטער פון פייוול און בלומע האָוטמאַן, אייניקל פון שמואל־הערש גאַרבער און אנשל ראָזנבוים. דאָס 3־יאָריקע מיידעלע איז דעמאָלט איבערגעגעבן געוואָרן אַ קריסט טשערנאָ, אויף סטאָדאָלנע גאַס, און איז אַזוי אַרום געראַטעוועט געוואָרן פון טויט. דאָס קינד געפינט זיך היינט אין קאַנאַדע.

די טאָכטער פון משה און העניע ניסנצווייג, אייניקל פון נחמיה ניסנצווייג און ישראל׳קע ווייסבראָט. זי איז געראַטעוועט געוואָרן אין וואַרשע.

די טאָכטער פון מלכה צעדערבוים, אייניקל פון מאָטל וויטנבערג (מאָטל שטעפּער). דאָס קינד איז געראַטעוועט געוואָרן דורך אַ געוועזענעם ענדעק, שטשורעק, און נאָך דער מלחמה איז דאָס מיידעלע אָפּגעגעבן געוואָרן דער אָפּגעראַטעוועטער מוטער. אָט־אָ־די געהערן צו די איינצלנע נאָבעלע טאַטן פון אַ קליינער גרופּע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אין דער דאָזיקער צייט אַרויסגעוויזן טיפע מענטשלעכקייט אין זייער באַציאונג צו זייערע אומגליקלעכע יידישע שכנים. די צאָל פון די דאָזיקע הומאַניסטן איז אָבער געווען אַזוי נישטיק, אַז זיי קאָנען בשום אופן נישט מכפר זיין אויף די שווערע זינד פון זייער אייגענעם פאָלק לגבי די יידן, מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט הונדערטער יאָרן, שאַפנדיק צוזאַמען ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע ווערטן.

אַזוי איז פאַרשניטן געוואָרן די הייליקע קהילה אין סטאַשעוו; אַזוי זענען פאַרניכטעט געוואָרן הונ־דערטער אין טויזנטער קהילות אין פוילן און אין אייראָפּע דורך די היטלעריש־נאַציס׳טישע באַנדעס, מיט דער הילף פון געוויסע אַנדערע פעלקער, דורשטיקע נאָך יידיש בלוט.

גאָט! זיי נישט מוחל די רוצחים פון דיין פאָלק ישראל און גיב אונז כוח און מוט איבערצוגעבן אונזער צאָרן און פאַראַכטונג לגבי די אַלע מערדער פון אונזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, צו אונזערע קינדס־קינדער — ביזן לעצטן דור.

זאָל דער שאַנד־פלעק פון דער מענטשהייט, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו די באַרבאַרישע רציחות און געשוויגן, זי פייניקן אויף אייביק און זאָלן די קומענ־דיקע דורות זיך שעמען מיטן דאָזיקן דור און זיינע מנהיגים, וועלכע זענען נישט ראוי אָנגערופן צו ווערן מיט דעם קולטור־באַגריף: מענטש!

יתגדל ויתקדש זכר קדושינו לעד ולנצח נצחים, אמן!

# מנחם ליפשיץ / דער לעצטער געראַנגל

גלייך ווי די דייטשן האָבן, אין יוני 1941, אָנגעגריפן רוסלאַנד — האָט זיך באַלד אָנגעהויבן דער מאַסנהאַפטער פאַרניכטונגס־פּראָצעס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אומעטום, וווּ דער דייטשער שטיוול האָט נאָר געטראָטן, האָבן זיך ים׳ען פון ייִדיש בלוט געגאָסן — און דאָס ביי דער פרייוויליקער און אַקטיווער מיטהילף פון די אוקראַאיניש־ווייסרוסיש־ליטוויש־לעטיש־און פוילישע רוצחים. אמת, אויך פריער, ווי נאָר פוילן איז געוואָרן באַהערשט פון די דייטשן, זענען באַלד אויסגעפירט געוואָרן בלוטיקע אויסברוכן קעגן ייִדן. אָבער, ווייל די דאָזיקע אויסברוכן האָבן נישט אָנגענומען קיין מאַסן־כאַראַקטער, האָבן ייִדן — אייביקע אָפּטימיסטן! — געגלויבט, אַז דאָס איז נאָר אַ ספּאָנטאַנע און פאַריבערגייענדיקע דערשיינונג.

דער דאָזיקער גלויבן איז נאָכמער פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דעם אומשטאַנד, וואָס נאָך אַ געוויסער צייט איז באמת עטוואָס רואיקער געוואָרן און מ׳האָט געמיינט, אַז נישט געקוקט אויף די שווערע גזרות, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף די ייִדישע קעפּ און געמאַכט דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אומדערטרעגלעך — וועט מען דאָך מיטן נאַקעטן לעבן, ווייניקסטנס דער גרויסער רוב, ווי ס׳איז איבערקומען.

אָבער, מיטן דערשיינען פון די דייטשע חיילות אויף די אָקופּירטע רוסישע געביטן — האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געביטן. באַלד האָבן זיך דערטראָגן ידיעות וועגן שרעקלעכע געשעענישן. פון מויל צו מויל האָט מען זיך דערציילט אַלערליי אויסטערלישע מעשיות וועגן מאַסן־מאָרד פון ייִדן אין די פוילישע מזרח־געביטן. די ידיעות, וואָס זענען געוואָרן אָפטער און צודרינגלעכער, זענען נאַטירלעך — אין די באַדינגונגען פון פעלן פון יעדן קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט — שווער, אָדער בכלל אוממעגלעך געווען צו קאָנטראָלירן. האָט מען טאַקע נישט געגלייבט, בעיקר ווייל מ׳האָט נישט געוואָלט און נישט געקאָנט גלייבן אינעם אכזריות׳דיקן אמת, וואָס האָט אַזוי עקשנות׳דיק, און אָן אויפהער, אָנגעקלאַפּט אין אונזערע אויערן!

### אינה דומה ראייה לשמיעה

ווען אין מערץ 1942 זענען אָנטלאָפענע פּליטים אָנגעקומען פון מיעלעץ, אַ גאַליציש שטעטל נישט ווייט פון אונז, און דערציילט פּרטים פונעם שוידערלעכן חורבן, וואָס די דייטשן האָבן דאָרטן אויסגעפירט אויף דער שוצלאָזער ייִדישער באַפעלקערונג — 3000 דערמאָרדעטע אויפן אָרט און קרוב 3000 אַרויסגעשיקטע, נאַקעטע, באָרוועסע, אין די פוילישע ראַנד־געביטן, — האָט מען ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס אַזעלכעס ס׳באַדייט ביי די דייטשן — די מייסטער פון אומשולדיקע דעפיניציעס פאַר די גרעסטע פאַרברעכנס — דאָס וואָרט: „אויסזידלונג״.

ווען שפּעטער זענען אויך אַנדערע פּליטים, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די טויטן־טראַנספּאָרטן, וואָס האָבן געפירט קיין מיידאַנעק, בעלזשעץ און טרעבלינקע — ייִדן־פאַרניכטונגס־לאַגערן — אָנגעקומען אין שטעטל און האָבן, ווי עדי־ראייה, דערציילט דערשיטערנדיקע פּרטים פונעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג — איז וואָס ווייטער אַלץ מער קלאָרער געוואָרן, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן אַ פאַראיינצלטן, אָדער איינצלנע פאַלען, וואָס האָבן נישט צווישן זיך קיין לאָגישע שייכות, נאָר אַז דאָס איז אַ גענוי דורכגעטראַכטער, טייוולאַנישער פּלאַן, וואָס באַצוועקט: אַבסאָלוטע פיזישע פאַרניכטונג פון ייִדישן פאָלק!

### פאַריזער זוכט אַ וועג

ווי נאָר ס׳איז באַוווּסט געוואָרן וואָסער גורל ס׳דערוואַרט אונז אונטער דעם נייעם רעזשים — האָט דער סטאַשעווער „יודנראַט״ פיבערהאַפטיק גענומען זוכן פאַרשידענע רעטונגס־וועגן. און זוכן רעטונגס־וועגן האָט געהייסן: שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט גרעסערע ייִדישע קהילות, כדי צו באַקומען וואָס גענויערע אינפאָרמאַציעס איבער די רעטונגס־מעגלעכקייטן אין די פאַראַנענע באַדינגונגען. אָבער, היות — אונטער דער דראָאונג פון טויט־שטראָף — ס׳האָט קיין

ייד נישט געטאָרט פאַרלאָזן זיין סטאַבילן וווין־אָרט, איז דעם „יודנראַט" געקומען צוהילף איינער אַ בחור מיטן נאָמען פּאַריזער, פון אַ לאָדזשער פּליטים־משפּחה, וועלכער, האָבנדיק אַן עכטן „אַרישן" אויסזען, האָט ער זיך פרייוויליק געמעלדעט אויסצופירן — אונטער סכּנת־נפשות — די דערמאָנטע שליחות.

די שליחות, וועלכע ה' פּאַריזער האָט אגב אויסגעפירט בשלמות, האָט געגעבן אַן אויסערסט־וויכטיקן אָנהאַלטס־פונקט. פון איר איז דעם „יודנראַט" קלאָר געוואָרן, אַז ס'עקזיסטירן געוויסע דייטשע אַרבעטס־פּלעצער פאַר יידישע אַרבעטער, וועמען ס'דראָט נישט, צייטווייליק, די פאַרניכטונגס־געפאַר.

באַלד דערויף האָבן פאַראַנטוואָרטלעכע סטאַשעווער „יודנראַט"־עסקנים אָנגעהויבן מאַכן ענערגישע באַמיאונגען אין דער ריכטונג פון אויפשטעלן לעגאַלי־זירטע אַרבעטס־פּלעצער, כדי צו פאַרזיכערן אַ וואָס גרעסערע צאָל יידן פונעם אומפאַרמיידלעכן גורל.

## אַרבעטס־שטעלע: „עמלער"

בעת די שטראָסן־בוי־געזעלשאַפט פון שטוטגאַרט, מיטן נאָמען „עמלער", האָט, אין 1940, ווי אַ פאַרבאַ־רייטונג צו דעם באַפאַרשטייענדיקן דייטש־רוסישן־קריג, אָנגעהויבן בויען אַן אויטאָסטראַדע פון דייטשלאַנד ביז אוקראַאינע — האָט דער דייטשער אַרבעטס־אַמט אין אָסטראָווצע אויפגעפאָדערט די יודנראַטן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן וועג פון דער דאָזיקער אויטאָ־סטראַדע, צווישן זיי אויך דעם סטאַשעווער יודנראַט — צוצושטעלן יידישע אַרבעטער פאַר׳ דעם דערמאָנטן צוועק.

אין אָנהייב זענען ביי דער אַרבעט געווען באַשעפ־טיקט 150 מענטשן, אַלע פון די אָרעמסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע זענען געוואָרן אויסגעהאַלטן פון יידישן „אַרבעטס־אַמט" ביים יודנראַט. די פאַרמעגלעכע האָבן זיך, לרוב, פאַר אַ באַשטימטן פרייז אויסגעקויפט, אָדער געשיקט אויף זייער אָרט אַן אַנדערן אַרבעטער, בעיקר פון די פּליטים, וועלכע האָבן זיך געריסן צו יעדער אַרבעט, אַבי עפּעס צו פאַרדינען.

שפּעטער, ווען די לאַגע האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשאַרפט, און די פראַגע פון דערוווערבן „זיכערע" אַרבעטס־פּלעצער איז געוואָרן אַ דרינגנדיקע נויטווענ־דיקייט, האָט דער סטאַשעווער יודנראַט, נאָך גרויסע באַמיאונגען — און נאָך גרעסערן „לאַ־יחרץ" געלט — אַרויסבאַקומען פון דייטשן אַרבעטס־אַמט אין אָסטראָוו־צע די לעגאַליזאַציע פון „עמלער" אויף נאָך 100 מענטשן, מיט דער הבטחה, אַז די פּלאַצוווקע איז אַבסאָ־לוט זיכער און אָנערקענט פון דער העכסטער דייטשער מאַכט — די „ס. ס."

מיר האָבן געגלייבט. מ'האָט געהאַט אַ ברירה? די



עובדי כפייה יהודיים ע״י הרכבת הקטנה —
אַ גרופּע יידישע צוואַנגס־אַרבעטער ביי דער קליין־באַן (קאָלייקע).

צונעקומענע 100 מענטשן זענען, פאַר אַ געהעריקן פרייז, וואָס דער ייִדישער אַרבעטס־אַמט האָט גענומען, כדי צו דעקן זײַנע גרויסע הצטרכות׳ן, צוקאָאָפּטירט געוואָרן צו דער פריערדיקער, סטאַבילער אַרבעטער־רשימה פון „עמלער״.

## האָליך־שטעלע

אויסנוצנדיק דעם אומשטאַנד, וואָס סטאַשעוו האָט זיך געפונען אין אַ סביבה פון גרויסע וואַלד־שטחים, האָט דער דײַטשער „פאָרסט־אַמט״ אויפגעשטעלט בײַ דער אָרטיקער קלײַן־באַן אַן אַזויגערופענע „האָלץ־שטעלע״. דער ציל: אַפּצושיקן קיין דײַטשלאַנד גרויסע מענגן אָפּגעשיילטע סאָסנע־ביימער, נאָכן אָפּציען פון זיי די אַזויגערופענע „זשיווּיצע״ — אין הסכם מיטן דײַטשן סיסטעם אַרויסצופירן פון די אָקופּירטע געביטן אַלע סחורות, וואָס האָבן געדינט דעם דײַטשן קריגס־פּאָטענציאַל.

צו דער אַרבעט, בײַ וועלכער ס׳זענען צוערשט געווען באַשעפטיקט נאָר קריסטן, האָבן זיך שפּעטער — נאַטירלעך פאַר אַ גוט־באַצאָלטן פרייז — אָנגעשלאָסן אויך 120 ייִדן, גלייבנדיק די דײַטשע און פּוילישע אָנפירערשאַפט לעגאַליזירט צו ווערן.

## „שאָפּן״

פאַר אַן אומפאַרגלײַכלעך שווערערער אויפגאַבע, ווי די 2 שוין דערמאָנטע אַרבעטס־פּלאַצוווקעס, איז דער יודנראַט געשטעלט געוואָרן בעת׳ן אויפשטעלן און לעגאַליזירן די אַזויגערופענע „שאָפּן״ — ווערקשטאַטן צום פאַבריצירן און אויפנײַען נײַע מונדירן און שיך פאַרן מיליטער. אין קעגנזאַץ צו די פריערדיקע פּלאַצוווקעס, האָט מען דאָ אַלץ געמוזט שאַפן פון בראשית. דאָ זענען נייטיק געווען 3 פאָרבאַדינגונגען, אָן וועלכע ס׳איז לחלוטין נישט מעגלעך געווען די אַרבעטס־שטעלע צו רעאַליזירן. 1. אַרבעטס־לאָקאַלן; 2. באַזאָרגן די אַרבעטס־געצייג; 3. לעגאַליזירונג.

אויב די פראַגע פונעם לאָקאַל, ווו די ווערקשטאַטן זאָלן אײַנגעריכטעט ווערן, איז לײַכט געלייזן געוואָרן, און ווי אַזעלכע זענען באַשטימט געוואָרן די שול, דאָס בית־המדרש און דאָס בשכנות׳דיקע גימנאַזיום, איז דאַקעגן די לייזונג פון דער 2־טער פראַגע, דאָס צונויפשטעלן די אַרבעטס־געצייג, אָנגעקומען זייער שווער. ס׳איז לײַכט זיך פאָרצושטעלן דאָס געפיל פון אַ ייִדישן בעל־מלאכה, וועלכער איז אַ גאַנץ לעבן צוגעבונדן געווען צו זײַן מאַשין — און וואָס האָט למעשה געדינט ווי זײַן איינציקע מעגלעכקייט פון קיום — וואָס ווערט פּלוצים אויפגעפאָדערט און געצוווּנגען די דאָזיקע מאַשין אָפּצוגעבן. ממש האַרצרײַסנדע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט בעת׳ן רעקווירירן די מאַשינען, נישט געקוקט דערויף, וואָס אַלס קאָמפּענסאַציע זענען זייערע אייגנטימער אָנגענומען געוואָרן אין די ווערקשטאַטן.

אָבער אַן אָן ערך שווערער איז אָנגעקומען די לעגאַליזירונג פון דער דאָזיקער אַרבעטס־שטעלע.

געווען איז דאָס אין הויך־סעזאָן פון ייִדן־פאַרניכטונגס־אַקציעס. און אין דער דאָזיקער אומגליקלעך־גרויליקער צײַט האָט מען געמוזט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט אַ קאָנצעסיאָנירטער דײַטשער געזעלשאַפט אין קראָקע, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער אַלמעכטיקער „ס. ס.״ ווען ס׳איז שוין ענדלעך, מיט נישט ווייניק מסירות־נפש און כאַבאַר, געלונגען דעם יודנראַט, בײַ דער אַקטיווער מיטהילף פון עטלעכע ענערגישע מענטשן מחוץ דעם יודנראַט, אַלץ אײַנצוּאָרדענען — האָבן זיך פונדאַסנײַ אָנגעהויבן טעג פון אָנגעשטרענגטער שפּאַנונג אין דערוואַרטונג פונעם צוגעזאָגטן טראַנספּאָרט שטאָפן, קליידער און לעדער פאַר דער ממשות׳דיקער אַרבעט, אָן וועלכן די גאַנצע אונטערנעמונג וואָלט נאַטירלעך קיין שום ווערט נישט געהאַט. אין די דאָזיקע טעג פאַרשפּרייטן זיך אין שטעטל אַלערליי קעגנזעצלעכע ידיעות. אָפּטימיסטן ווערן זיך קעגן די פּעסימיסטן מיט אַלע מעגלעכע אותות און מופתים. ס׳איז טאַקע נישט קיין קלייניקייט! דאָס לעבן פון עטלעכע הונדערט ייִדן, אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, הענגט אָפּ פון דער פּאָזיטיווער אָדער נעגאַטיווער תשובה אויף דער פראַגע. און אַז דער טראַנספּאָרט האָט זיך, סוף אָקטאָבער, דאָך באַוויזן — האָט זיך ס׳שטעטל ווידער עטוואָס באַרויִקט. ווידער איז אײַנגעטרעטן אַן אָטעם־פּויזע. מ׳האָט געפּרוּווט

זיך איינרעדן, אַז ס'וועט דאָך געלונגען אַרויסצודרייען זיך פון מלאך־המוות'העגט — מיט דער הילף פון מלאך־המוות אַליין.

ערשט פאַרענדיקט די פּרשה פון טראַנספּאָרט און שוין האָט זיך אָנגעהויבן, מיט נישט ווינציקער נערוועזער געשפּאַנטקייט, אַ נייע פּרשה. דאָסמאָל אין דערוואַרטונג פון דער דייטשער קאָמיסיע, וועלכע האָט געזאָלט קומען און באַשטעטיקן די לעצטע האָפענונג פון עטלעכע הונדערט יידן. און בעת די אַזוי אויסגעקוקטע קאָמיסיע איז, האַרט פאַר דער „אויסזידלונג", אָנגעקומען — האָט זיך אין שטעטל געקאָכט ווי אין אַ זודיקן קעסל. איינאונאיינציקע האַמלעטישע פראַגע האָט אַלעמען באַהערשט: צי וועט די קאָמיסיע יאָ אָדער נישט באַשטעטיקן די ווערקשטאַטן. בעת דער יודנראַט איז מודיע, אַז די לעצטע זענען געוואָרן אָנערקענט און אַז 800 יידן זענען דערמיט, אויטאָמאַטיש, געוואָרן לעגאַליזירט, האָט דאָס שטעטל — גלייבנדיק, אַז די שווערע מי, געלט און נערוון זענען נישט געווען אומזיסט — לייכטער אָפּגעאָטעמט

**100 + 300**

גלייכצייטיק מיט די באַמיאונגען צו שאַפן אַרבעטס־פּלעצער אויפן אָרט זענען אויך — אויף דער אויפפאָדערונג פון דייטשן אַרבעטס־אַמט אין אָסטראָווצע — עטלעכע חדשים פאַר דער „אויסזידלונג" אַרויסגעשיקט געוואָרן קרוב 100 מענטשן, בעיקר פון די אָרעמע פּליטים־פאַמיליעס, אין סקאַרזשיסקער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג".

דערווייל האָט די צייט דאָס איריקע געטאָן. שטאָט נאָך שטאָט איז אויסגעזידלט און פאַרניכטעט געוואָרן; אַלע האָבן שוין דערשפּירט די דערנעענטערנדיקע זיך קאַטאַסטראָפע; פאַרשווינדן אַלע אילוזיעס; אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט צום גורל האָבן אַלעמען באַהערשט.

אין דער דאָזיקער, געדריקטער חורבן־שטימונג האָט דער יודנראַט נאָכאַמאָל זיך געווענדעט — דאָסמאָל פּריוואַטליך — קיין סקאַרזשיסק, אין דער תמימות'דיקער האָפענונג צו ראַטעווען וואָס ס'לאָזט זיך. אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער ווענדונג זענען, אין אָנהייב אָקטאָבער 1942, בערך 300 יונגעלעכע, פון די שענסטע און בעסטע, וואָס סטאַשעוו האָט פאַרמאָגט, אין לאַסט־אויטאָמאָבילן, וואָס די סקאַרזשיסקער פאַבריקס־פאַרוואַלטונג האָט צוגעשטעלט — אָפּגעפירט געוואָרן אין דער אַמוניציע־פאַבריק.

פון מאַנכע אָנטלאָפענע האָבן מיר זיך באַלד דערוווּסט וועגן די שרעקלעכע באַדינגונגען, וואָס האָבן דאָרטן געהערשט. שווערע אַרבעט, הונגער, מגפות און אכזריות'דיקע רציחות — ספּעציעל מצד די סאַדיסטישע, כוליגאַנישע פּוילישע פאָראַרבעטער — האָבן גורם געווען, אַז דער גרעסטער טייל פון דער דאָזיקער בליענדיקער יוגנט האָט, אין אַ גאָר קורצער צייט, אויסגעהויכט זייערע כשר'ע נשמות און נאָר אַ גאַנץ קליינעם טייל איז, על־פּי־נס, געלונגען דעם דאָזיקן אויסטערלישן גיהנום איבערצולעבן.

**„א. ד." (אָרדענונגס־דינסט)**

אַ באַזונדער קאַפּיטל פון טראַגיש־יידישן לעבנס־געראַנגל אין דער נאַצי־תקופה, שטעלט מיט זיך פאָר די אַזויגערופענע „א. ד.", וועלכע די דייטשע מאַכט האָט אויפגעפאָדערט די יודנראַטן, נאָך אין 1941, אויפצושטעלן. פאָרמעל האָט די אויפגאַבע פון דער „א. ד." געזאָלט זיין איינצוהאַלטן רו און אָרדענונג צווישן די יידן. אין דער אמת'ן איז די כוונה פון די היטלעריסטיקע דייטשן געווען: דורכצופירן זייערע טייוולאָנישע גזירות און פאַרניכטונגס־פּלענער מיט דער הילף פון זייערע יידישע קרבנות אַליין.

אין אָנהייב איז די פּאָליציי באַשטאַנען פון וואָסערע 10 מאַן, וואָרעם ס'זענען געווען זייער ווייניק בעלנים אויף אַזאַ צווייפלהאַפטן כבוד. דאָקעגן שפּעטער איז זייער צאָל באַדייטנד פאַרגרעסערט געוואָרן און דערגרייכט וואָסערע 60 מאַן, בעיקר נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן „פאַרשפּראָכן" לעבנס־זיכערקייט און פרייע באַוועגונג, נישט נאָר פאַר זיי אַליין, נאָר אויך פאַר זייערע פאַמיליעס.

האָבן זיך טאַקע דעמאָלט גאַנץ בכבוד'יקע בעל־הבתי'שע בחורים, און אַפילו פאַרהייראַטע, פרייוויליק

געמעלדעט, און אויך גוט באצאלט, זיך ארײַנצוקריגן אין דער פאליציי.



חברי ה„יודנראט" מקבלים מאת ראש־העיר תעודות בשביל המשטרה היהודית — דער בירגערמייסטער דערטיילט די „יודנראטלער" לעגיטימאציעס פאר דער יידישער מיליץ.

די אויפפירונג פון דער יידישער פאליציי אין קריטישע מאמענטן איז ווייט נישט געווען קיין אנשטענדיקע און מאנכעסמאל אפילו זייער ברוטאל. אבער, צוליב די אומנארמאלע, בײַשפּיללאָזע באדינגונגען פון יענער טראגישער תקופה — פיל איך מיך נישט געגנוג קאמפעטענט צו משפט'ן די „א. ד." און זייערע „אויפטוען".

איך פארלאז מיך אויף דעם אביעקטיוון געשיכטס־אורטייל, וואס וועט אודאי ארויסגעגעבן ווערן אין דאזיקן אנגעווייטיקטן ענין.

## „געטא"

אין חודש יוני 1942 האבן די דײַטשן באפוילן אויפצושטעלן א געטא פאר דער יידישער באפעלקערונג אין טאַשעוו. יידן זענען געצוואונגען צו פארלאזן די צפון־זייט פונעם מארק, די אפטער גאס, קאשציעלנע גאס און דעם פאלוואַרק — די שטעטלדיקע פארשטאט.

די פראנט־ארויסגענג פון די 3 איבעריקע מארק־זייטן, וווּ יידן איז נאך דערלויבט געווען צו וווינען — זענען זיי געצוואונגען געווארן צו פארקלאפן.

די ראמען פון געטא, וואס איז באשטאנען פון 2 טיילן, זענען געווען פאלגענדע:

איין טייל האט ארומגענומען די הינטערע ארויסגענג פון דרום־און מזרח־זייטן פון מארק מיט די ארומליגנדיקע גאסן, ווי: גורנע־און דאלנע־ריטוויאנסקע, פאפרזשעטשנע און די געסלעך ביז צום טייך.

דער צווייטער טייל איז באשטאנען פון די הינטערע ארויסגענג פון מערב זייט פון מארק מיט די שול־און דלוגע־גאסן און די ארומיקע קווער־געסלעך.

די קראקעווער גאס, וואס איז געווען די איינציקע פארבינדונג פון די 2 געטא־טיילן און דאס נאר אין צוויי באשטימטע שעה'ן פון טאג — האט מען געמוזט גיך דורכלויפן, כדי חלילה נישט „מטמא" מאכן די „ארישע" גאס מיט יידישער אנוועזנהייט.

## מ'שלאפט אין די מלבושים

ביזן געטא, ווען יידן זענען נאך געזעסן אין די אייגענע וווינונגען און לרוב אויך אין די אייגענע קראמען, אחוץ א ריי ווירטשאפטלעכע צווייגן, ווי קאלאניאל־טעקסטיל־און לעדער־ארטיקלען, וואס זענען נאך פון אנהייב אפיציעל קאנפיסקירט געווארן און יידן האבן נישט געטארט מיט זיי זיך באשעפטיקן — איז די לאגע געווען שווער, אפילו אויסזיכטסלאז, אבער מ'האט זיך נאך ווי ס'איז אן עצה געגעבן, אנהאלטנדיק נאך די פארבינדונג מיט דער ארומיקער פוילישער באפעלקערונג. אבער, מיטן שליסן דאס געטא — איז

אַ דראַסטישע ענדערונג פאָרגעקומען. דאָס איבעררייסן יעדן קאָנטאַקט מיט דער נישט־יידישער סביבה — האָט אויף אַן אומצווייִדייטיקן אופן אונז געגעבן צו פילן, אַז דער ביטערער גורל דערנענטערט זיך צו אונז מיט ראַשיקע שריט.

אין טאָקע די לאַגע פון טאָג צו טאָג געוואָרן געשפאַנטער און אומדערטרעגלעכער. פיל זענען וואַכנלאַנג געשלאָפן אין די מלבושים אין דערוואַרטונג פונעם שרעקלעכן טאָג; אַנדערע זענען געוואָרן לחלוטין גלייכגילטיק צום טראַגישן גורל, וואָס וועט קומען. ס'האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן גאָר מתפלל געווען, ס'זאָל וואָס גיכער געשען וואָס ס'האָט צו געשען, כדי ווי אַמגיכסטן דערלייזט צו ווערן פונעם גיהנום'דיקן קאָשמאַר, וואָס האָט געדריקט אויף די צעבראָכענע הערצער.

## דער טאָג איז געקומען

שבת, 5 נאָכמיטיק, דעם 7־טן נאָוועמבער 1942, איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אַדורך די טרויעריקע בשורה: די יידן־רוצחים קומען אַן!

באַלד האָבן זיך דערהערט טריאומפירנדיקע חיה'־שע געשרייען, באַגלייט פון שיסערייען פון דער ליטוויש־אוקראַאינישער מערדער־באַנדע. מיט זיי זענען אויך אָנגעקומען עטלעכע הונדערט צוזאַמענגעטריבענע, פאַר'חושכ'טע יידן, פאַרבליבענע אין דער נאָענסטער אומגעגנט, ווי שידלעוו, קאָרעזוואָנק א. אַ., וועלכע זענען איבערגעלאָזן געוואָרן אויף הפקר אין מיטן מאַרק. די באַנדע האָט באַלד איינגעאָרדנט אַ הוליאַנקע מיט ווילדע אָרגיעס, וואָס דער יודנראַט איז נאָך געצוווּנגען געוואָרן צו פינאַנסירן.

ביינאַכט איז אויך אָנגעקומען אין שטעטל די גאַנצע נאַטשאַלסטווע פון אַפּט: „געסטאַפּאָ”, „ס.ס.” און זשאַנדאַמעריע, אַלאַרמירנדיק די פוילישע פּאָליציי, פייערלעשער און די יידישע „א. ד.”, ועמען זיי האָבן איבערגעגעבן די לעצטע, קאַלטבלוטיק־רוצח'ישע אָנווייזונגען.

טראָץ דער באַפאַרשטייענדיקער טראַגעדיע איז אין שטעטל שטיל און רואיק, ווי אויף אַ בית־הקברות. מ'הערט נישט וויינען און קרעכצן, כאָטש איבעראַל איז מען וואַך. ווי שאָטנס דרייען זיך אַרום די מענטשן, גרייטנדיק זיך אין זייער לעצטן וועג. ווער ס'שלעפּט אויף זיך אַרויף נאָך אַ פּאָר הויזן און נאָך אַ העמד און ווער ס'פּילט אַן דעם ספּעציעל צוגעגרייטן רוק־זאַק מיט דעם גאָר נייטיקסטן. אַ טייל קריכן אין די בונקערס, אין וועלכע מ'האָט אַ גאַנץ קנאַפּע אמונה, בעת אַן אַנדער טייל — בעיקר יוגנט — שלייכט זיך אַרויס מיט אַלערליי הינטערוועגן פון דער שטאָט.

בערך 5 פאַרטאָג, בעת אין דרויסן איז נאָך גוט פינצטער — לאָזן זיך די יידישע פּאָליציסטן איבערן שטעטל, גייען פון שטוב צו שטוב און זענען מודיע: אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה מוזן אַלע זיין אויפן מאַרק־פּלאַץ גרייט! יעדער פאַרשפּעטיקטער וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן!

גיך געזעגנט זיך איינער מיטן אַנדערן און מאַסן נידערגעשלאָגענע שאָטנס שלייכן זיך אַרויס פון די היימישע, וואַרעמע שטובן, זיך לאָזנדיק צום באַשטימטן פּלאַץ.

מיט אַכזריות'דיקער דייטשער פּינקטלעכקייט ווערן די בערך 5000 כשר'ע יידישע נפשות אין רייען אויסגעשטעלט. ווער ס'קאָן זיך נישט האַלטן שטרענג דיסציפּלינירט, אַדער מאַכט וועלכע ס'איז אומפאַרזיכטיקע באַוועגונג — ווערט אויפן אָרט דערשאָסן.

פּינקטלעך 8 פרי, ווערט די גאַנצע הילפלאָזע יידישע מאַסע, שטרענג באַוואַכט פון אַלע זייטן, דורך דער קראָקעווער גאַס, אין זייער לעצטן וועג געיאָגט.

אַז ס'גייט וועגן מאָרד האַלטן דייטשן וואָרט — פאַרשפּעטיקטע ווערן טאָקע דערשאָסן אויפן אָרט!

ווי ס'האָט איבערגעגעבן די יידישע „אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ” זענען ביז ניזשין דערמאָרדעט און באַגראָבן געוואָרן, אין איין ברידער־קבר, איבער 700 יידן.

ביז שטשוטשין זענען די אומגליקלעכע געפירט געוואָרן צופוס און אין האַרבסט־רעגן און קעלט דאָרט געלעגן אַ גאַנצע נאַכט. אַ טייל פאַרפייניקטע, דערשאָסענע און פאַרפרוירענע זענען געבליבן ליגן אויפן פּלאַץ.דער רעשט איז געוואָרן אויפגעלאָדנט אויף דער דאָרטיקער באַן־סטאַציע, בערך 120 מענטשן אין אַ

וואַגאָן — און אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע, אין דער טרויעריק־באַרימטער פאַרניכטונגס־פאַבריק, פון וועלכער ס׳איז קיינער קיין לעבעדיקער נישט אַרויס.

פון די „נוצלעכע" יידן זענען נאָר געבליבן אין שטעטל 2 גרופּעס: די 800 מענטשן פון די ווערקשטאַטן און די 250 פון „עמלער". דאָקעגן איז געוואָרן גע׳פּסל׳ט די האָלץ־גרופּע. די פוילישע אָנפירער מיט אַנדרעצקי בראש האָבן פאַראַטן און לגמרי זיך נישט פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון די מענטשן. אַחוץ די איבעריקע זענען אויך געבליבן די „א. ד." און די א. ג. „אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ".

נאָכן „אָפּמאַרשירן" פון טראַנספּאָרט האָט זיך די אַ. ג. „פאַרניכטונגס־זאָנדער־קאָמאַנדאָ", באַגלייט פון אַלע פּאָליציי גרופּעס, אַרויסגעלאָזט איבער יידישע שטובן און מיט קאַלטן סאַדיזם געטויט אויפן אָרט יעדן איינעם — קראַנקע, אַלטע און קינדער — וואָס איז געפונען געוואָרן אַ לעבעדיקער. בערך 2 נ. מ., נאָכן ענדיקן די „אַרבעט", האָבן זיך די באַטייליקטע אין בלוטיקן מאַסן־מאָרד — אַוועקגעזעצט פּראַוון אַ פריילעכע סעודה, ווי קיינמאָל גאַרנישט. ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעה׳ן איז די באַנדע געזעסן און מיט געזאַנג און מחיק געפייערט זייער גרויסן „נצחון!"

## „ליקווידירונגס־גרופּע"

נאָך דער „אויסזידלונג" איז אַ דייטשע אַ. ג. „ליקווידירונגס־גרופּע" געבליבן אויפן אָרט, אויסצוסאָרטירן דאָס איבערגעבליבענע יידישע האָב און גוטס.

די בעסערע זאַכן, ווי בעט־צייג׳סחורות, מלבושים, וועש, כלים, גאָלד, זילבער א. אַ. וו. — זענען גענומען געוואָרן אין ספּעציעל צוגעגרייטע מאַגאַזינען און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. אַלע אַנדערע זאַכן זענען „פאַרקויפט" געוואָרן, אין עפנטלעכע ליציטאַציעס, צו דער אָרטיקער פוילישער באַפעלקערונג און אַרומיקער סביבה — צו סימבאָלישע פּרייזן. בערך 2 וואָכן האָבן מאַסן פּאָליאַקן געשטראָמט קיין סטאַשעוו — ווער צופוס, ווער מיט וועגענער — „אויפצוקויפן" די יידישע פאַרמעגנס.

## פוילישער פּאָליציסט קאָטשמאַרסקי

אַ גרויסער טייל פון דער פוילישער באַפעלקערונג איז נאָך דער קאַטאַסטראָפע געוואָרן זייער אַקטיוו. און זיך שטאַרק „געזאָרגט" ס׳זאָל זיך חלילה קיין שום ייד נישט ראַטעווען. כמעט יעדן טאָג זענען געפאַלן יידן דורך פוילישע הענט, וועלכע זענען דורך זיי אויסגעזוכט און איבערגעגעבן געוואָרן צום טויט. אויך מיטן אויספירן די עקזעקוציעס האָט זיך, טיילווייז, פאַרנומען די פוילישע פּאָליציי. באַזונדערס האָט זיך אויף דעם געאיבט „אויסגעצייכנט" דער אין סטאַשעוו גוטבאַקאַנטער פּאָליציי־סערזשאַנט קאָטשמאַרסקי.

די גרעסטע צאָל געכאַפּטע יידן זענען דורך אים, מיט פאַרברעכערישער קאַלטקייט, דערמאָרדעט געוואָרן. אגב, לויט אונזערע ידיעות, דרייט זיך דער דאָזיקער פאַרשוין אַרום אין סטאַשעוו און איז אַפילו דאָרט אַ גאָר וואָזשנער מיוחס!

## קליין־געטאָ

די בערך 1200 איבערגעבליבענע „לעגאַלע" יידן זענען אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין אַ קליינעם געטאָ, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע זייטיקע געסלעך און פּלעצער אַרום דער שול און בית־המדרש, ביז צום אַלטן בית־הקברות, און אַרומגעצוימט מיט שטעכיקער דראָט.

דאָרט האָבן זיך אויך אָנגעהויבן זאַמלען מערערע „אומלעגאַלע" יידן, סיי אַזעלכע וואָס זענען אַרויס פון אומזיכער־געוואָרענע פאַרשטעקטע בונקערס, סיי אַרויסגעטריבענע פון פּאָליאַקן, נאָכדעם ווי זיי האָבן פון די יידן אַלץ צוגערויבט.

## ליקווידאַציע פון די „שאָפּן"

אָנהייב דעצעמבער 1942 קומט אָן אַ נייע צרה. די דייטשן באַפעלן צו ליקווידירן די ווערקשטאַטן, „צערזאָגנדיק" איבערצופירן די מענטשן, מיט די מאַשינען, אין אַן אַנדערן פּלאַץ, ווו זיי וועלן ווייטער פאָרזעצן דיזעלבע אַרבעט. נאָך דער ביטערער דערפאַרונג האָט זיך ממש נישט געגלייבט, אַז אונטער דער אומשולדיקער מעלדונג באַהאַלט זיך ווידער נישט אַ טייוולאַנישער

פארניכטונגס־פלאן. אין טאקע די נייע גזרה אויפגענר מען געווארן מיט א שווער געמיט, ס'איז אבער, צום באדויערן, קיין ברירה נישט געווען.

באלד זענען די שאפן־ארבעטער אויפגעלאדנט געווארן אויף ספעציעל צוגעגרייטע וועגענער (פאדוואדעס) און אפגעפירט געווארן צו דער סטאציע אין שטשוטשין און פון דארטן, מיט דער באן, אפגעפארן קיין פאניאטעוו, ביי לובלין. ס'האבן דארטן פאקטיש עקזיסטירט גרויסע ווערקשטאטן, אין וועלכע ס'זענען געווען באשעפטיקט ארום 14.000 יידן.

פון ספעציעל ארויסגעשיקטע קריסטלעכע שליחים האבן מיר זיך דערוווסט, אז די ארבעטס־און לעבנס־באדינגונגען אין פאניאטעוו זענען נישט געווען קיין באזונדערס שווערע און אז די מענטשן האבן זיך דארטן ווי ס'איז אן עצה געגעבן.

די סטאשעווער אין פאניאטעוו האבן נאך אפילו באוויזן אונטערצושטיצן צוביסלעך זייערע איבערגעבליבענע פאמיליען־מיטגלידער אין „עמלער" און שפעטער אויך אין סקארזשיסק.

## דייטשע „זארג" פאר די פארבליבענע יידן

נאך דער ליקווידאציע פון די „שאפן" האבן זיך אין סטאשעוו — אחוץ די לעגאל־פארבליבענע 250 „עמלעריסטן" און די „א. ד." — ארומגעשלייכט קרוב 1.000 „אומלעגאלע" יידן.

(כדי די צאלן זאלן נישט אויסזען פאנטאסטיש וויל איך באמערקן, אז צו די רעגולערע בערך 5.000 יידישע איינוווינער אין סטאשעוו, פארן קריגס־אויסברוך, זענען אין משך פון דער מלחמה־צייט צוגעקומען — ארויסגעטריבענע יידן פון די פוילישע געביטן, וואס זענען צוקאאפטירט געווארן צום דייטשן רייך, פליטים פון ווארשע, לאדזש און אנדערע שטעט, ווי אויך צוזאמענגעיאגטע, איבערגעבליבענע יידן פון די ארומיקע שטעטלעך, ווי פלאנטש, שידלעוו, באגאריע א. אנד., אזוי אז צו דער אויסזידלונג האט די סטאשעווער יידישע באפעלקערונג געציילט בערך 8.000 מענטשן).

פאר אט די קרוב 1.000 „אומלעגאלע", הילפלאזע, פארצווייפלטע מענטשן־שאטנס, האבן די דייטשן פלרצים אנגעהויבן ארויסווייזן גרויסע „זארג". דאס איז געקומען צום אויסדרוק אין אפיציעלע, ריזיקע פלאקאטן, אין וועלכע ס'איז געווארן באקאנט געמאכט:

נעמענדיק אין אכט די שווערע לאגע פון די איבערגעבליבענע „אומלעגאלע" יידן האט די דייטשע מאכט באשלאסן אויפצושטעלן אין „גענעראל־גוווערנעמענט" עטלעכע „יודן־שטעט" — וווּ יידן וועלן ווערן לעגאליזירט און פארזארגט מיט אלע נייטיקע לעבנסמיטל און סאניטארע באדינגונגען. אין סטאשעווער געגנט איז באשטימט געווארן צוויזמער אלס אזא „יודנשטאט". אין פארלויף פון 7 טעג האבן אלע אומלעגאלע יידן דאס רעכט אבסאלוט פריי זיך צו באוועגן, כדי צו באזעצן זיך אינעם „זיכערן יודנשטאט".

וואס אן אמת האבן יידן שוין גוט געקאנט די דייטשע מערדער און ריכטיק אפגעשאצט זייערע הינטערליסטיקע כוונות. אבער די הילפלאזיקייט, דערשלאגנקייט און גלייכגילטיקייט האבן דערגרייכט אזא מדרגה, אז מ'האט פשוט נישט געוואלט און אויך נישט געקאנט מער נאכטראכטן און זיך אנגעכאפט — ווי א טרינקנדיקער אין א שטרוי — אן יעדער צווייפלהאפטער מעגלעכקייט, אבי צוריק צו ווערן לעגאל.

האבן זיך טאקע, אין צויזמער, ווידער צוזאמענגעקליבן קרוב 5.000 יידן פון דער גאנצער אומגעגנט, צווישן זיי דער גרויסער רוב פון די אומלעגאלע סטאשעווער יידן.

ווידער האבן זיך די דייטשן ארויסגעוויזן אין זייער גאנצער נידערטרעכטיקייט. אין בולט'ן קעגנזאץ צו די אפיציעלע הבטחות זענען די יידן, אין פארשפראכענעם „זיכערן יודנשטאט", צוזאמענגעדריקט געווארן אין אן ענגן, שמוציקן געטא, אין די ערגסטע סאניטארע באדינגונגען, וווּ אויף אלץ, נישט אויסשליסנדיק אביסל וואסער, האט מען געמוזט שטיין שעה'ן־לאנג אין דער ריי.

פיל סטאשעווער יידן זענען אנטלאפן פון דאזיקן גיהנום, און צוריקגעקומען אין שטעטל, „דרייענדיק" זיך ארום דער לעצט־פארבליבענער, לעגאלער פלאצווקע „עמלער", וואס איז באשטאנען פון עטלעכע שמוציקע, איינגעפאלענע הייזקעס ביים אלטן בית־הקברות.

די „בעזעץ״־טרייע, דיסציפּלינירטע דײַטשן האָבן אַזאַ „חוצפּה״ נישט „בעקאָנט״ איבערטראָגן. ענדע דעצעמבער 1942 האָבן זיי ווידער אַרומגערינגלט דעם „עמלער״־לאַגער און די פּלעצער, ווו די א. ד. האָט זיך אויפגעהאַלטן. שיסנדיק בײַ דער געלעגנהייט עטלעכע פּאָליציסטן, האָבן זיי צונויפגעטריבן די געכאַפּטע אומלעגאַלע ייִדן און, אונטער דער עסקאָרטע פון דער פּוילישער פּאָליציי, זיי אָפּגעפירט אין „יודנשטאַט״.

קורץ נאָכדעם איז באַקאַנט געוואָרן דער טרויעריקער עפּילאָג פון דער פּרשה צוויזמער: דעם 10.1.1943 האָבן די דײַטשע פֿאַרברעכער און מיטהעלפער, מיט גרויס אכזריות, ליקווידירט דעם „פּײַערלעך־פֿאַרזיכערטן״ צוויזמערער „יודנשטאַט״. דורכפירנדיק, אין הסכם מיט זייער „פּרינציפּ״, אַ מאַסן־שחיטה איבער די אַרײַנגענאַרטע ייִדן אויפן אָרט האָבן זיי די איבערגעבליבענע אויפגעלאָדנט אויף דער באַן, וואָס האָט געפירט צום טויט־לאַגער: טרעבלינקע.

בעת, ווען דעם 3.6.1943, ס'ווערן אויך די לעצטע מאָהיקאַנער, די 250 „עמלער״־אַרבעטער, אַרויסגעטריבן און, אונטער אַן אַנטשפּרעכנדיקער עסקאָרטע, אָפּגעפירט אין די אַמוניציע־פֿאַבריקן פון סקאַרזשיסק און ראַדעם — האָבן די דײַטשן, מיט דער אײַפעריקער מיטהילף פון די אָרטיקע פּאָליאַקן, דערגרייכט זייער ציל: אַחוץ אַ נישטיקער צאָל באַהאַלטענע ייִדן אין גאַליעווער וואַלד און אַנדערע ערטער — איז סטאַשעוו געוואָרן ייִדן־ריין!

## דער סך־הכל

דעם קריג האָבן איבערגעלעבט דורך אַלערליי צופעליקע וועגן וואָסערע — 400 מענטשן, ד. ה. בערך 8% פון דער סטאַשעווער ייִדישער באַפעלקערונג פאַרן קריג און וואָסערע 5% פון דער באַפעלקערונג, וואָס סטאַשעוו האָט געציילט בעת'ן קריג.

דערבײַ וויל איך אונטערשטרייכן, אַז אַלע געראַטעוועטע האָבן זייער לעבן צו פאַרדאַנקן דעם צופאַל — און נאָר דעם צופאַל — וואָרעם לויט דעם דײַטשן טעוטאַנישן „געזעץ״ האָט קיין איין ייִד, בוכשטעבלעך קיין איין ייִד, נישט געטאָרט איבערלעבן!

אָט דאָס איז דער טראַגישער סך־הכל פון דער, אויף הונדערטער יאָרן אײַנגעווורצלטער, ייִדישער קהילה אין סטאַשעוו!

איך קאָן זיך אויך נישט אָפּהאַלטן, אין אַנבליק פון דער דאָזיקער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן אונזער פאָלק, צוצוגעבן — אַז דאָס איז אויך דער אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון דער אמונה און צוטרוי אין פרעמדע פעלקער!

# שמואל שאניעצקי לאדזש / זכרונות און פאקטן

איבער דער טראגישסטער תקופה פונעם פארשניטענעם יידישן קיבוץ אין סטאשעוו אין די יארן: 1944—1942.

זומער 1942. קרוב דריי יאר היטלער־אקופאציע. יארן פון שווערן געראנגל, פיין אוןליידן, אימה און שרעק, בייטאג און ביינאכט; יארן פון אומאויפהערלעכע גזרות און רדיפות, טעראר, רויב און מארד; יארן, אין וועלכע דאס לעבן פון יעדן ייד איז געווען הפקר פאר יעדן דייטשן מערדער.

אן אויסגעפייניקטער, אויסגעבלוטיקטער, דערשלאגענער פון די פיזישע און מאראלישע יסורים, במשך דער פינצטערער אקופאציע — איז דער יידישער קיבוץ אין סטאשעוו, זומער 1942, וועלכער האט דעמאלט געציילט, צוזאמען מיט די אויסגעזידלטע פליטים פוןווארשע, לאדזש, קראקע און אנדערע מקומות, איבער 7 טויזנט נפשות, אריינגעשליידערט געווארן אין אן ענגן, געשלאסענעם געטא.

די השגחה איבערן אויספירן די געטא־גזרות, ביי אונז און אין דער ארומיקער געגנט, האט געהאט דער יונגער נאצי־רוצח, אבלאדן. ער איז געשיקט געווארן פון דער אייכמאן־באנדע אלס ספעציאליסט פאר יידישע ענינים. צוזאמען מיט דער „געסטאפא" און „ס.ד."־לייט האט דער דאזיקער גוט־אויסגעשולטער מערדער, מיט ראפינירטער פערפידיע, אויסגעפרעסט, בעת'ן שאפן דאס געטא, א פעטן כאבאר פון דער יידישער קהילה, צוזאגנדיק דערפאר א גרעסערן און נישט־געשלאסענעם שטח. די דאזיקע הבטחות — איבעריקנס, ווי אלע אנדערע נאצי־הבטחות — האבן זיך ארויסגעוויזן אלס געמיינער ציניזם.

דאס געטא איז געווארן א נעסט פון גרויזאמע ליידן, הונגער און עפידעמישע קראנקהייטן. די געזעלשאפטלעכע הילפס־אינסטיטוציעס אין געטא (קוך, אמבולאטאריע א. א. וו.) האבן צומאל אין א קליינער מאס נישט באוויזן צו לינדערן די נויט פון דער פארארעמטער, אויסגעפייניקטער באפעלקערונג. טאג־איין, טאג־אויס, זענען הונדערטער יידן געצוווּנגען געווארן זיך צוצושטעלן צו צוואנגס־ארבעט (שטיינהאקעריי, שאסיי־ארבעטן און כל'ערליי אנדערע עבודות־הפרך), כדי צו שטילן דעם וואס־אמאל גרעסערן הונגער.

טעראר, רויב און מארד זענען געווארן א טאג־טעגלעכע דערשיינונג. פאנטער (פון פראנקפורט ביים מיין), דער הערשט פון „שופא" (שוץ־פאליציי) אין סטאשעוו, האט שפאצירט אין די געטא־גאסן מיטן פיסטאלעט אין האנט, שיסנדיק אויף רעכטס און לינקס. דער דאזיקער מערדער האט פארהאלטן 2 יידישע יינגלעך, אין עלטער פון 12—10 יאר, פאר וועלן מכלומרשט זיך אריינבאקומען אין א דייטשן מאגאזין מיט צוגערויבטע יידישע זאכן, און באפוילן, אז זייערע עלטערן זאלן זיך באווייזן פאר אים. בעת די עלטערן — מאיר קופערבערג און פרוי מאשקע (כ'געדענק נישט איר פאמיליען־נאמען) — האבן זיך צוגעשטעלט, האט דער בלוט־דורשטיקער מערדער מיטן פיסטאלעט זיי צוגעשטופט צו דער וואנט און דערשאסן. בלויז דעם 12־יאריקן קופערבערג, איינער פון די 2 פארהאלטענע יינגלעך, איז געלונגען צו אנטלויפן. (דער מארד איז אויסגעפירט געווארן אין מארק, ביים הויז פון אליהו פאמעראנצבלום). די זעלבע נאצי־בעסטיע האט דערמארדעט 3 יידישע פרויען, שטייענדיק נאנט פון דער געטא־גרענעץ. פון זיינע בלוטיקע הענט זענען אין סטאשעווער געטא געפאלן אסך קרבנות.

אן אפטער „גאסט" אין סטאשעוו איז געווען דער פאפולערער מערדער, דער „געסטאפא"־מאן „פאן מאלוטקי" (זיין זיץ־ארט איז געווען אין טארנאוו). ווען ער האט זיך באוויזן אין שטעטל איז באלד אנטשטאנען אן אימה'דיקע בהלה צווישן די יידן. מ'האט זיך געווארפן אין די באהעלטענישן, כדי נישט אריינצופאלן אין די הענט פונעם אכזריות'דיקן מלאך־המוות.

טעראריזירנדיק אויך די יידישע קהילה־לייט האט ער זיי געצוווּנגען אים צו פארשאפן ביזשוטעריע־חפצים, מלבושים, שטאפן א. א. וו. בעת איינעם פון זיינע „באזוכן" אין שטעטל, ארויסגייענדיק בגילופין פון א

רעססאָראַן, האָט ער דערשאָסן דעם פאַרבייגייענדיקן ייד ליכטנשטיין (אַ וואַרשעווער פּליט). אַ צווייט מאָל זענען פון זיינע הענט געפאַלן 2 אָפּגעראַטעוועטע יידן פון דער מעלעצער שחיטה.

אַרטיקע און פרעמדע, נאָענטע און ווייטע, געסטאַפּאָ אין ס.ס.־לייט, זשאַנדאַרמעריע און פאָלקס־דייטשן (רעז־לער מיט זיינע באַנדעס און די פון דאָרף פּושעטשעוו, ביי פּלאַנטש) — זענען אונז באַפאַלן און געפּייניקט, געפּלינדערט און געראַבעט און צומאָל אויך געמאָרדעט.

בעת ס׳האָט זיך אין דער דאָזיקער צייט — ענדע זומער 1942 — צעבושעוועט די אויסראָטונגס־אַקציע אין גאַנצן לאַנד ; בעת דאָס פאַרברעכערישע נאַצי־פאָלק האָט מיט דער גרעסטער אכזריות און ראַפינירטקייט רעאַליזירט זיין געניי־דורכגעטראַכטן פאַרניכטונגס־פּלאַן — אין דער דאָזיקער אַטמאָספער פון אייביקער

## באַראַטונגען וועגן ווידערשטאַנד

אין דער דאָזיקער טראַגישער צייט פון העכסטער שפּאַנונג האָט ביי אונז נאָך פּולסירט דער דופק פון אַ געזעלשאַפטלעך־חבר׳יש לעבן. פאַרשטייער פון אַלע אַמאָליקע ריכטונגען אין אונזער שטעטל זענען זיך צונויפגעקומען און אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען, זוכנדיק וועגן און מיטלען פון ראַטעווען דאָס לעבן. בעיקר איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע פון אַרויסטרעטן אין אַן אָפענעם קאַמף קעגן שונא, פון אַ באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד. איך וויל דאָ דערמאָנען די פון אונזערע חברים און פריינט, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו אין די דאָזיקע באַראַטונגען באַטייליקט און זענען שוין נישט מער צווישן די לעבעדיקע : מענדל שניפּער, חיימ׳ל פרידמאַן, מאָטל פּאַמעראַנצבלום, ראַמעק סעגאַל, אלימלך בעסער, משה ניסנגאַרטן, משה אהרן שטאַלריט, צבי לעוואָוויטש, דוד שניפּער און ישׂראל׳קע באַנד.



קבוצת פועלי „אמלר״, בהשגחתם של שוטרים יהודיים — „עמלער״־אַרבעטער אונטער דער אויפזיכט פון דער יידישער פּאָליציי.

שרעק, פון שוועבן צווישן לעבן און טויט, האָט קיינער מער נישט געהאַט די מינימאַלסטע אילוזיע. אַלע האָבן געוווּסט, אַז די אַזויגערופענע „אויסזידלונגס״־אַקציע הייסט פאַקטיש טאָטאַלער אומקום, און אַז דאָס איז דער בפירוש׳ער ציל פונעם נידערטרעכטיקן, סקרופּעללאָזן שונא.

בעת דער מלחמה האָט צבי לעוואָוויטש געלעבט אַ צייט אין וואַרשע, צווישן די חלוצ׳ישע קרייזן, וווּ ס׳האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, און צוריקקומענדיק קיין סטאַשעוו האָט ער זיך געווידמעט דעם געדאַנק פון אָרגאַניזירן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד.

אַ גרויסער טייל פון אונזער ישוב, לרוב יוגנט, איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ קאַמפס־גייסט, מיטן ווילן צו ענטפערן מיט מעשים בעת דער „אויסזידלונג", כדי צו הייבן דעם כבוד פון דער אויסגעפייניקטער און דערנידעריקטער עדה יידן — הגם ס'איז קלאָר געווען, אַז יעדער ווידערשטאַנד דראָט מיט טאָטאַלער, אכזריותדיקער פאַרניכטונג.

אָבער, כדי אַדורכצופירן דעם געדאַנק פון ווידערשטאַנד האָבן זיך געניטיקט 2 גרונט־באַדינגונגען, וועלכע האָבן אין סטאַשעוו לחלוטין געפעלט.

1. אין די סטאַשעווער באַדינגונגען, און אַזוי אויך אין דער גאַנצער אומגעגנט, האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום פּערספּעקטיוון צו דערוואַרטן צומאָל די מינימאַלסטע הילף פון דרויסן. להיפך. די דאַמאָלסדיקע רעאַקציאָנערע פּוילישע עלעמענטן — און די האָבן אַבסאָלוט געהערשט אין אונזער סביבה — וועלכע האָבן געשעפּט זייער יניקה פון דער לאָנדאָנער דעלעגאַטור, האָבן געשאַפן אַן אַטמאָספער פון אַ טויט־פייַנטלעכער שנאה צו יידן. דאָס געפיל פון שרעקלעכער איינזאַמקייט אינעם קאַמף קעגן דעם, פון קאָפּ ביז די פיס, באַוואָפנטן שונא, האָט אָפּגעשוואַכט די התלהבות פון ווידערשטאַנד.

2. נאָך אין די ערשטע אָקופּאַציע־טעג האָט די נאַצי־ממשלה פאַרניכטעט די גרויסע יידישע, פּאָליטישגעזעלשאַפטלעכע צענטערן, וועלכע האָבן דורות־לאַנג געווירקט אויף דער יידישער גאַס און געשטאַלטיקט דאָס יידישע לעבן אין די שטעט און שטעטלעך. צווישן די יידישע קיבוצים, אין די הערמעטיש־געשלאָסענע געטאָס, איז איבערגעריסן געוואָרן יעדע פאַרבינדונג. אויך די אונטערערדישע פאַרבינדונג איז דאַריבער געווען זער באַשווערט און נישט דערגרייכט אַלע ישובים.

אַחוץ די אויבּיקע האָבן זיך אָנגעצייכנט די קאָנטורן פון 2 אַנדערע גורמים, — פּאָזיטיווע — וואָס האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פונעם אַקטיווערן טייל פון דער אויסגעמאַטערטער יידישער עדה, פון דער יוגנט — אינעם נאָאיוון גלויבן צו ראַטעווען, ווײַניקסטנס, דאָס נאַקעטע לעבן. די דאָזיקע גורמים זענען געווען:

א. די גרויסע וואַלד־שטחים אין אונזער געגנט האָבן פאַר אַסך יידן געשאַפן די אילוזיע פון רעאַלע רעטונגס־מעגלעכקייטן. זענען טאַקע הונדערטער יידן געוואָרן באַהערשט פונעם וואַלד־פּסיכאָז, הגם אָן אַ קאָנקרעטן ציל.

צוליב דער שוין דערמאָנטער פייַנטלעכער באַציאונג פון דער פּוילישער סביבה, זענען אויך, לײַדער, אין די וואַלד־באַדינגונגען נישט געווען קיין אויסזיכטן צו ראַטעווען דאָס לעבן, און אַוודאי שוין נישט צו קעמפן מיטן שונא אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן. דאָך האָט מען געהאָפט, אַז דאָס אויסבאַהאַלטן זיך אין די וועלדער וועט דערמעגלעכן אַ גרעסערער צאָל מענטשן דורכצושטופּן אָט־די ביטערע צײַט.

ב. אַן אַנדערע אילוזיע, אין וועלכער די טרינקנדיקע יידישע עדה האָט זיך אָנגעכאַפּט, באין־ברירה, — זענען געווען די אַזויגערופענע „אַרבעטס־לאַגערן". ווערנדיק באַטראַכט אַלס „נוצלעכע יודן", האָבן הונדערטער יידן געגלויבט, אויף אַזאַ אופן, אויסצומיידן דעם אומגליקלעכן גורל.

אָט־די אַלע דערמאָנטע פאַקטאָרן האָבן טאָרפּעדירט די אויסגעשעפּטע, פאַרפּייניקטע יידישע באַפעלקערונג — זייענדיק דעזאָריענטאַציע, צומישונג און נישט־דעצידירטקייט און מאַכנדיק אוממעגלעך די רעאַליזירונג פונעם ווידערשטאַנדס־פּלאַן.

## ערב דער „אויסזידלונג"

דערווייל ווערט אומאויפהערלעך פאַרגעזעצט דער גרויזאַמער מאַרש פון דער דייטשער פאַרניכטונגס־מאַשין. פּלאַנמעסיק און מיט קאַלטער אכזריות גרייט צו דער שונא דעם באָדן צו דער פאַרניכטונגס־אַקציע. די רוצחים קאָנצענטרירן די יידן אויף איין אָרט. אין אונזער געטאָ זענען אַרייַנגעיאָגט געוואָרן די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער.

אין געטאָ הערשט אַ בהלה־שטימונג, אַ שרעקלעכע פּאַניק. יידן גרייטן באַהעלטענישן אין די קעלערן און ביידעמער. פרומע יידן צינדן אָן ליכט און זענען מתפלל. אין די דאָזיקע טראַגישע טעג האָט אונז טאָג־טעגלעך באַזוכט אַן אָפיציר פון ס.ס.־פּונקט אין מאַקושין. ביי

צווימער, פאַרשפּרייטנדיק די ליגנערישע פּראָפּאַגאַנדע, אַז די ייִדן פון די אַרומיקע שטעט זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן אין די מזרח־געביטן אויף אַרבעט, און לעבן דאָרט צופרידן, און אַז אויך די סטאַשעווער ייִדן וועלן געשיקט ווערן אויף אַרבעט אַהין. ביי דער געלעגנהייט פלעגט דער ס.ס.־מערדער ראַבירן ביי ייִדן, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזן. צוזאַמען מיטן שופּאָ־קאָמענדאַנט עלעמאַן (פון פראַנקפורט ביים מיין) איז ער באַפאַלן יחיאל מילגרוים׳ס געשעפט און וווינונג, ראַבירט דאָס גאַנצע גרויסע פאַרמעגן, אַרויסגעפירט מילגרוימען פאַרן שטאָט־ראַט־בנין, האַלטנדיק אים, במשך אַ גאַנצן טאָג, צוגעבונדן צו זיין אויטאָ. צום סוף האָבן זיי אים אַריינגעשליידערט אין דער שטאָט־תפיסה, וווּ ר׳איז געווען פאַרשפּאַרט ביז צום פאַרניכטונגס־טאָג.

### 8 נאָוועמבער 1942

דער טאָג פאַר ווערמעס אָנקום מ׳האָט זיך אַזוי געשראָקן, פאַרגליווערנדיק דאָס בלוט פון יעדן ייִד — איז געוואָרן אַ טראַגישער פאַקט. אין דעם טאָג איז די גרויסע פאַרניכטונגס־באַנדע, אונטער דער אָנפירונג פונעם בלוטיקן ס.ס.־מערדער שילד, פון ראַדעם, אָנגעקומען אין שטעטל, דורכפירנדיק די „אויסזידלונג" מיט דער גרויליקסטער אכזריות, וועלכע אַ מענטשלעכע פאַנטאַזיע איז אימשטאַנד זיך נאָר פאָרצושטעלן.

די הונדערטער מאַרטירער־קדושים, וועלכע זענען געוואָרן אומגעבראַכט אינעם גרויזאַמען חורבן־טאָג, זענען באַגראָבן געוואָרן אין אַ ברידער־קבר אויפן בית־עולם.

אין אַ צייט אַרום האָבן די היטלער־באַרבאַרן פאַרניכטעט דעם מאַרטירער־קבר, מיט דער כוונה צו פאַרווישן די שפּורן פון זייערע פעלקער־מערדערלעכע רציחות.

שרעקלעך איז געווען דער ווייטיק פון די איבערגעבליבענע. פאַר אונזערע אויגן איז אומאויפהערלעך געשטאַנען דאָס שוידערלעכע בילד פון דער נאָר וואָס פאַרשניטענער ייִדישער קהילה, מיט די פאַרוויסטע הייזער, וועמעס בעלי־בתים ס׳זענען ערשט נעכטן אַרויסגעטריבן געוואָרן צום אומקום.

אָבער באַלד זענען די נאַצי־קאַנאַליעס צוגעטראָטן צו זייער ווייטערדיקער טייוולאַנישער אַרבעט. פינצטערע פוילישע עלעמענטן, פאַרברעכער־טיפּן, האָבן געלויערט אויף ייִדיש לעבן, — און ייִדיש בלוט איז ווייטער געפלאָסן אָן הפסקה. זיי האָבן נאָכשפּיאָנירט און אַנטדעקט ייִדישע באַהעלטענישן, אויסליפערנדיק זיי אין די הענט פון די נאַצי־רוצחים. טאָג־טעגלעך זענען ייִדן געוואָרן אַרויסגעשלעפּט פון די בונקערס, אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און דערמאָרדעט. ס׳זענען אויך געווען פאַלן פון אַריינוואַרפן גראַנאַטן אין די אויסגעגעבענע באַהעלטענישן (די משפחה גאָלדגרוב). אין די וועלדער, פעלדער און אויף די וועגן האָבן גראַסירט פוילישע רויב־און פאַרברעכער־באַנדעס, וועלכע האָבן יעדן באַגעגנטן ייִד באַרויבט און דערמאָרדעט. הונדערטער ייִדן זענען געפאַלן פון זייערע הענט.

נאָך די אַלע קאָשמאַרפולע טעג און מאַסן־מאָרדן, נאָך דער ליקווידאַציע פון די „שאָפּן", וועמעס מענטשן ס׳זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָניאַטעווע־לובלינער געגנט, און דאָרט אומגעקומען; נאָך דער נידערטרעכטיקער פּאָסטקע, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט פאַר די אומגליקלעכע אומלעגאַלע ייִדן, אין דעם אַזויגערופענעם „יודנשטאָט" אין צווימער — זענען מיר געבליבן אַ קליין הייפל: 250 נפשות אין עמלער־לאַגער, און בערך אַזויפיל אין די וועלדער און באַהעלטענישן.

צווישן אַנדערע זענען די עמלער־אַרבעטער געווען באַשעפטיקט אויך אויף די וועגן, האַרט ביים גאָליעווער וואַלד, האַבנדיק אַזוי אַרום די מעגלעכקייט צו שטיין אין כסדר׳דיקן קאָנטאַקט מיט אונזערע וואַלד־ברידער, און אַרויסהעלפן זיי, מיט וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט, אין זייער אומגליקלעך־אויסזיכטסלאָזער לאַגע. אינצווישן איז די לאַגע פון די עמלער־אַרבעטער, אינערהאַלב דעם לאַגער, געוואָרן ערגער פון טאָג־צו־טאָג. די לאַגער־פירער, די נאַצי־לייט, איימער, בוג, מעדונעק און געשעל, האָבן קעגן אונז אָנגעוואַנדן די ערגסטע רוצחיש־און שאַנטאַזש־מעטאָדן. צוזאַמען מיט די „שופּאָ"־לייט פלעגן זיי אונז באַפאַלן אין די ווינטער־נעכט און,

אַרויסשלעפּנדיק פון די „געלעגערס״, אונז געהאַלטן, האַלב נאַקעט אויפן שניי און פראָסט, שעה׳ן לאַנג אויפן לאַגער־פּלאַץ, מאַלטרעטירנדיק און פּייניקנדיק אונז. אָפּט האָבן זיך אַזעלכע סאַדיסטישע אַקציעס פאַרענדיקט מיט אויסלייז־געלט. אויב מיר ווילן האָבן מנוחה — האָט אונז דער לאַגער־פירער איימער איינגערוימט דעם „סוד״ — מוזן מיר דערפאַר גוט באַצאָלן. פאַר די אויסגעפּרעסטע מזומנים האָבן די רוצחים זיך פריילעך געמאַכט, און בגילופינ׳דיקערהייט ווידער אונז באַפאַלן און געמאַטערט. אַזוי האָבן זיך אונזערע ליידן געצויגן אין אַ כישוף־קרייז אָן אַן ענדע.

## ווינטער 1943

אין די ווינטער־חדשים איז די לאַגע פון די אויסבאַהאַלטענע יידן אין וואַלד געוואָרן נאָך מער טראַגיש. באַזונדערס שווער איז געווען פאַר פרויען און קינדער. די שפּורן פון אַ מענטשלעכן טריט אויפן שניי האָבן לייכט געקאָנט פאַרראַטן די אויסבאַהאַלטענע. ס׳זענען דאַריבער אַנטשטאַנען גרויסע שוועריקייטן ביים פאַרשאַפן לעבנסמיטל. די געפאַר אומצוקומען פון אַ הונגער־טויט האָט געצווּנגען אַ סך יידן צוריקצוגיין אין שטאָט אַריין, און אויסבאַהאַלטן זיך אין די פאַרוויסטע ייִדישע הייזער, טראָץ דעם, וואָס די היימישע פאַרברעכער און מוסרים האָבן, אויף טריט און שריט, געלויערט אויף יידיש לעבן. די, וועלכע האָבן געהאַט זייערע נאָענטע אין עמלער־לאַגער, זענען אַריין אין די פּוסטע, אַרומיקע הייזער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די קעלערן און ביידעמער, כדי צו געניסן פון דער נאָענטקייט פון זייערע פאַמיליע־מיטגלידער.

די רעזולטאַטן האָבן לאַנג נישט געלאָזן אויף זיך וואַרטן. אין אַ יאַנואַר־טאָג, אין די שפּעטע אָוונט־שעה׳ן, זענען מיר, ליגנדיק שוין אויף די געלעגערס, אויפגעציטערט געוואָרן פון די צאָרנדיקע, רוצח׳ישע קולות, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונז פון דרויסן. אַ שוידער איז אַדורך איבער אונזערע לייבער. מיר האָבן געפילט, אַז אין דרויסן קומט פאָר עפּעס שרעקלעכעס. מאַנכע פון אונז זענען אַרויס צום לאַגער־טויער — און פאַר אונזערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שוידערלעך בילד. די היטלער־בעסטיעס, מיט די ביקסן אין די הענט, האָבן געטריבן אַ גרופּע יידן ביז צום מאַגיסטראַט, און זיי אַריינגעוואָרפן אין דער שטאָט־תפיסה. צווישן די קרבנות האָבן מיר באַמערקט: ישראל׳יש אָלסטער מיט זיין פרוי און טאָכטער, די פרויען און קינדער פון זיסל דולאַ און משה פישמאַן.



עבודות כפייה בשוק. ברקע: ה־רטהויז. —
צוואַנגס־אַרבעט אין מאַרק. אין הינטערגרונט: דאָס ראַטהויז.

די דאָזיקע מאַרטירער־גרופּע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אויף די „פּלעצער״ אין הערשל וואַגנער׳ס הויז. היימישע פאַרברעכערישע עלעמענטן האָבן זיי נאָכשפּיאָנירט און איבערגעגעבן אין די הענט פון די היטלער־מערדער. צוזאַמענגענומען האָבן מיר זיך, עטלעכע מאַן, אַהינבאַקומען צו דער תפיסה, בכדי צו דערלאַנגען אַביסל עסן די אומגליקלעכע. דאָס איז געווען אַ גרויזאַמע איבערלעבונג — ביז צו משוגעת. שרעקלעך־טרויעריק איז געווען אויף זער נשמה. בעת אונזערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. ס׳איז שווער געווען, בעצם לחלוטין אוממעגלעך, צו געפינען טרייסט־ווערטער פאַר מענטשן, איבער וועלכע ס׳האָט געשוועבט דער שאָטן פון מלאך־המוות. נאָך 3 טעג האַלטן די פאַר׳משפּט׳ע אין תפיסה, אין אַ צושטאַנד פון שוידערלעכן פּיין, זענען פון אָפּט אָנגעקומען די מענטשן־מערדער, ס.ד.־לייט, און ארויספירנדיק די מאַרטירער אויפן בית־עולם זיי דאָרטן אויסגעשאָסן. בעת די אָפּקלאַנגען פון דער מאַסאַקרע זענען דערגאַנגען צום לאַגער, האָבן מיר געמונטערט די אין חלשות געפאַלענע מענער, טאַטעס און קינדער פון די אומגעבראַכטע קדושים.

## איימער באַשולדיקט אונז אין... דעמאָראַליזאַציע

אין שטעטל איז אָנגעקומען אַ נייער זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן. באַלד האָבן די בלוטיקע מערדער גענומען ווייזן, וואָס זיי קאָנען. צוזאַמען מיט דער שופּאָ און די אייגענע לאַגער־פירער האָבן זיי אַדורכגעפירט ביי אונז אַקציעס פון רויב און מאָרד. ווען זיי פלעגן אונז באַפאַלן, האָט איין טייל פון דער באַנדע אונז געהאַלטן אויפן פּלאַץ און געפייניקט, בעת דער צווייטער טייל האָט געגנישטערט אונזערע געלעגערס, ראַבירנדיק דאָס לעצטע, וואָס ס׳האָט נאָך ווער געהאַט פאַרשטעקט אויף ברויט. פון די דאָזיקע הענקער זענען בעסטיאַליש אומגעבראַכט געוואָרן לייביש שניפּער, אליהו ווינער און פרוי מרים דאָמבראָווסקאַ.

פאַרדאָרבן ביזן גרונט זענען געווען די נאַצי־חיות צוזאַמען מיט זייערע משפחות. בעת ס׳איז צום לאַגער־פירער איימער געקומען צו גאַסט זיין 14־יאָריקער זון, העלמוט, האָט דער דאָזיקער יונגער פאַרברעכער טאָגטעגלעך גענומען אויף זיין אַקסל אַ ביקס, און איז צוזאַמען מיט די שופּאָ־מערדער אַרויס אין שטאָט און אין די וועלדער שיסן יידן. בעת איינער פון די דאָזיקע בלוטיקע אַקציעס איז פון זייערע רוצח׳ישע הענט, נאָענט ביים לאַגער, געפאַלן חיים ווינציקסטער. אָפּט, אין די אונטס־שעה׳ן, איז דער דאָזיקער יונגער דעגענע־ראָט, מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט, אַריין אין לאַגער, וועלנדיק זיך אַריינרייסן אין דער פרויען־שטוב. איימער פלעגט אונז נאָך באַשולדיקן אין... דעמאָראַליזירן זיין זון, און אָנטאָן אונז דערפאַר גרויסע צרות. אין דערזעלבער צייט האָט איימער אַרויסגענומען פון לאַגער דעם קראַנק־געוואָרענעם 17־יאָריקן גרשון (כ׳געדענק נישט זיין פאַמיליע־נאָמען) אויפן בית־עולם און דערשאָסן. ס׳האָבן נישט געהאָלפן אונזערע בקשות און תחנונים, ער זאָל דעם קרבן שענקען דאָס לעבן. להוט נאָך יידיש בלוט האָט ער אויסגעפירט דעם שמוציקן מאָרד, כדי צו זעטיקן זיין קראַנקהאַפט־רוצח׳ישע תאווה.

בעת פאָלקס־דייטשן האָבן געכאַפּט אין פעלד פרוי שרה פרידמאַן און איר טאָכטער, רוזשע קורץ, און אַריינגעוואָרפן אין שטאָט־אַרעסט — איז נאָך אין זעלבן טאָג געלונגען ד״ר אליהו פרידמאַן (לעבט — געפינט זיך אין אַמעריקע) צו טרעפן דעם שופּאָ־קאָמענדאַנט עלעמאַן, פאַרלייגנדיק אים צו באַפרייען זיין מוטער און שוועסטער פאַר אַ פעטער באַלוינונג. איין טייל פונעם אָפּמאַך האָט דער נאַצי־אויסוואָרף אויסגעפירט בשלמות — ער איז געקומען אינעם לאַגער, גענומען דעם פאַרשפּראָכענעם כאַבאַר אין מזומנים און ווערט־זאַכן, אָבער אַנשטאָט צו באַפרייען די 2 אומגליקלעכע פרויען האָט ער זיי, אין זעלבן אָוונט, אַרויסגענומען פון אַרעסט און דערשאָסן אין מאַגיסטראַט־הויף. אַזוי איז ליידער גאָרנישט געוואָרן פון דער מסירות־נפש׳דיקער, סכנה׳דיקער טאַט פון ד״ר פרידמאַן.

## קינדער־מאָרד

די קאָרנבלום׳ס (שלמה און איטקע) האָבן אָוועקגעגעבן זייער 3־יאָריקן יונגעלע אויסצובאַהאַלטן. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די קריסטלעכע „ווילטעטער״

אַרויסגעשטעלט דאָס קינד אויף דער גאַס. בעת די זשאַנדאַרמעריע האָט זיך וועגן דעם דערוווסט, האָבן זיי דאָס קינד אַריינגעפירט אין לאַגער, אוועקגעזעצט אויף אַ פענצטער און גענומען מאַטערן מיט פראַגן: ווי ס'הייסט, די נעמען פון די עלטערן, פון וועמען ס'איז געקומען, צי ס'האָט משפחה אין לאַגער א.אַ.וו. נאָך דער „אויספאָרשונג" האָבן די באַרבאַרן דאָס קינד אַריינגעשליידערט אין קעלער־אַרעסט און צומאַרגנס קאַלטבלוטיק דערמאָרדעט.

### דייטשע הבטחות

פאַר די דירעקטאָרן פון דער עמלער־פירמע: אינזש. גאַליק, אייזעלער און צומאַל פאַרן אייגנטימער, דעם דירעקטאָר קליין, איז געווען ווינציק, אַז יידן האָבן געאַרבעט אין זייער אונטערנעמונג אָן לוין און אין אוממענטשלעכע באַדינגונגען. מיט כל'ערליי אָפּנאַרע־רישע מיטלען און דראָאונגען, — צו ליקווידירן דעם לאַגער, אויב זיי וועלן נישט באַקומען קיין כאַבאַר — האָבן זיי פון אונז אויסגעפרעסט, יעדעסמאָל, מזומנים, ווערט־חפצים און מלבושים. נאָטירלעך זענען מיר געווען פאַראינטערעסירט צו פאַרלענגערן די עקזיס־טענץ פון לאַגער אין סטאַשעוו — אַזוי לאַנג, ווי דאָס האָט זיך נאָר געלאָזן. מיר האָבן כמעט אוועקגענומען פון זיך דעם לעצטן ביסן, אָבי צו זעטיקן די אומגע־זעטיקטע אַפּעטיטן פון די דאָזיקע „גרויסע הערן". אָבער ווי אַלע דייטשע הבטחות האָבן זיך אויך די לעצטע אַרויסגעוויזן אַלס... ברוטאַלער שקר.

אין מאַי 1943 זענען אוועקגעשיקט געוואָרן 100 מאַן פון לאַגער קיין קלעטשאַנעוו, צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטיינהאַקעריי, וואָס האָט אויך געהערט צו דער עמלער־פירמע. און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער, דעם 3־טן יוני 1943, איז דער לאַגער אין סטאַשעוו לחלוטין געוואָרן ליקווידירט. אין זעלבן טאָג זענען אויך אוועקגעשיקט געוואָרן די יידן פון קלעטשאַנעוו.

### מיר שפּרינגען פון די מאַשינען

מיט פאַרביטערטע הערצער, טויט־דערשראָקענע, האָבן מיר פאַרלאָזן אונזער געבוירן־שטעטל. ראשית, האָבן מיר נישט געוווסט וווהין די רוצחים פירן אונז, און וואָס זענען זייערע כוונות. והשנית, האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז פון היינט אָן בלייבן די וואַלד־יידן אָפּגעשניטן פון דער וועלט — הפקר! אויפן וועג האָבן אונז עסקאָרטירט געסטאַפּאָ און זשאַנדאַמעריע, מיט מאַשינען־געווער אין די הענט, פאַרטדיק פאַרויס און הינטער אונז אין אייגענע אויטאָס.

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, די זון האָט געברענט און דער דורשט געמאַטערט. ס'האָט אָבער געדראָט צו באַצאָלן מיטן לעבן פאַר דער „חוצפּה" צו פרווון זיך פאַרשאַפן אַביסל וואַסער. ערשט ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין אָפּט און אַ גרויסער טייל פון אונזערע „באַגלייטער" זענען אוועק אויף אַ וויילע אין אַ רעסטאָראַן — האָט אַ פוילישע פרוי אונז דערלאַנגט אַן עמער מיט וואַסער. בעת דער ווייטערדיקער נסיעה, צווישן אָפּט און אָסטראָוצע, איז אונז אָקעגנגעקומען אַ ליידיקער לאַסט־אויטאָ. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן באַ־פוילן, אַז אַלע פרויען און אַ טייל מענער זאָלן איבער־גיין אין דער אָנגעקומענער מאַשין. אגב, בעת'ן איבער־שטייגן האָבן מיר באַקומען מערדערלעכע קלעפּ. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָריענטירט, אַז די סטאַשעווער מאַשינען פירן קיין סקאַרזשיסק — בעת דער צוגעקו־מענער פירט קיין ראַדעם. מיר האָבן אויך באַמערקט, אַז אויפן אָרט פון דער געסטאַפּאָ־עסקאָרטע, באַגלייטן אונז ווערקשוץ־לייט, וועלכע זענען געזעסן צוזאַמען מיט אונז, מיט געווער אין די הענט.

אין דעם מאָמענט איז ביי אַ טייל פון אונז אַנט־שטאַנען דער געדאַנק פון אַנטלויפן. נאָך די שרעק־לעכע ידיעות, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון אונזערע סטאַשעווער אין סקאַרזשיסק, איז דער פחד פאַר פרעמדע לאַגערן געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן געטראַכט — טראָץ די טויט־געפאַרן, מיט וועלכע דאָס אַנטלויפן איז געווען פאַרבונדן — אַז ס'איז נישטאָ מער וואָס צו פאַרלירן.

ביים ערשטן שעת־הכושר — די פרויען האָבן זיך ספּעציעל אוועקגעשטעלט קעגנאיבער די מערדער — זענען מיר איינציקווייז אַרויסגעשפּרונגען פונעם לויפנדיקן אויטאָ — און אַריין אין די פעלדער. בעת

די ווערקשטן האָט זיך געבראָכט דערויף, האָבן זיי געפּענט אַ שיסעריי. פון וועלכער ס'זענען געפאַלן: באַגוכוואַל, לאָוושיק און גלאַמשטיין. 8 מאַן איז געלונגען צו אַנטלויפן. אהרן ווײַנבוים, גבריאל מאַנדל, בערל גאָלדפאַרב און דער אויבן־געחתמ׳טער זענען אַנטלאָפן, יעדער אין אַן אַנדערער ריכטונג. ווייט שוין אין די פעלדער האָט אונזער גרופּע דעריאָגט אַ מחנה כולי־גאַנעס, דראָענדיק אונז איבערצוגעבן אין דײַטשע הענט. אויב מיר וועלן זיי נישט געבן קיין כופר־נפש־געלט. אונזערע בקשות זיי זאָלן אונז אָפּלאָזן — האָבן אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן. רעווידירנדיק אונז, האָבן זיי צוגענומען דאָס ביסל מזומן, וואָס יעדער האָט געהאַט, אַראָפּגעצויגן פון אונז די שטיוול און מלבושים און אַוועק. וועלנדיק אויסמײַדן ווײַטערדיקע איבערפאַלן פון די רויב־באַנדעס, וועלכע האָבן דעמאָלט גראַסירט אויף די וועגן, האָבן מיר בײַטאָג זיך אויס־באַהאַלטן אין די תבואות און בײַנאַכט געוואַנדערט — אין דער ריכטונג פון סטאַשעוו.

ליגנדיק צווישן די תבואות, האָט אונז, על־פּי־מקרה, באַמערקט גבריאל זינגער, פון עמלער־לאַגער, וועלכער איז געשיקט געוואָרן פון סטאַשעוו קיין אָסטראָוצע[1] און איז פון דאָרט אַנטלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר, שוין צוזאַמען 5 מאַן, געוואַנדערט, ביז מיר זענען צומאָרגנס אָנגעקומען קיין באַגאַריע. אויסגעמאַטערטע, האַלב־פאַרחלש׳טע, האָבן מיר זיך אָנגעזעצט אָפּרוען בײַ אַן אײַנזאַם הײַזל אין פעלד.

אויפגעציטערט זענען מיר געוואָרן, בעת פאַר אונזערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ מאַן מיט אַ רע־וואָלווער אין דער האַנט און שטרענג באַפוילן מיר זאָלן אויפשטיין און האַלטן די הענט אין דער הויך. ער האָט אונז רעווידירט, זוכנדיק בײַ אונז געווער. זײַן התנהגות לגבי אונז איז געווען פול מיט שנאה. אַ נאָך גרעסערער פּחד און שוידער האָט אונז אַדורכ־גענומען, באַמערקנדיק, נישט ווײַט פון אונז, אַ גרופּע פון זײַנע לײַט, וואָס וואַרט אויף זײַנע באַפעלן. מיר האָבן זיך געבעטן בײַ אים, ער זאָל אונז אָפּלאָזן. ס'איז אויך אָנגעקומען אַ פרוי פון דער כאַטע און צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל אונז באַפרײַען. ערשט נאָך אַ היפּשער צײַט טראַכטן, האָט ער אונז באַפוילן שוין צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל — און אַוועק צו זײַנע לײַט. אָפּגעראַטעוועטע פון דער גרויסער געפאַר — האָבן מיר זיך גיך אָפּגעטראָגן. צומאָרגנס האָבן מיר דערגרייכט אונזער ציל: צו אונזערע לײַדנס־חברים אין וואַלד.

### 3 פּוילישע באַנדעס

נאָכן ליקווידירן דעם לאַגער האָבן די היטלער־לײַט, אין סטאַשעוו, מער קיין דירעקטן צוטריט צו די איבער־געבליבענע ייִדן נישט געהאַט. אָבער אונזער לעבנס־געראַנגל איז צוליב דעם נישט לײַכטער געוואָרן. אדרבא, דער אייגנטלעכער, דראַמאַטישער קאַמף פאַר אונזער נאַקעטן לעבן האָט זיך ערשט דעמאָלט אָנגע־הויבן. אומפאַרגלײַכלעך מער ווי פריער איז אונזער לעבן באַדראָט געוואָרן פון די... הײמישע פּוילישע באַנ־דעס, וואָס האָבן זיך אויף אונז געוואָרפן פון אַלע זײַטן. אײַנע, אונטער דער השפּעה פון דער לאָנדאָנער דעלע־גאַטור, האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַר־טיליקן, בוכשטעבלעך, אַלע איבערגעבליבענע ייִדן. זייער באַציאונג צו די פּוילישע ליבעראַלע קרייזן איז אגב אויך געווען אַ פײַנטלעכע — און צו דער פּוילישער דעמאָקראַטישער אונטערערד אַ רוצח׳ישע. די צווייטע: באַנדיטישע רויבער־באַנדעס, וואָס האָבן געמאָרדעט צוליב רויב־צוועקן. און די דריטע: סתם פינצטערע, פאַרברעכערישע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך באַשעפ־טיקט מיט נאָכשפּיאָנירן און מסר׳ן די ייִדן, אָדער אַליין זיי כאַפּן און איבערגעבן אין די דײַטשע הענט.

פאַרשידן זענען געווען די באַוועג־מאָטיוון, ווי ס'איז צו זען פון דער אויבּיקער שילדערונג, פון די דאָזיקע באַנדעס: אידעאָלאָגישע, רויבערישע און סתם אונטערוועלטישע. אָבער דער בלינדער ייִדן־האַס, וואָס איז געווען זייער בשותפות׳ער קען־צייכן, און זײַן טראַ־גישע מסקנה, האָבן זיך אומ׳ברחמנות׳דיק אויסגעווירקט אויף דער סיסטעמאַטישער, אומאויפהערלעכער ליקווי־דירונג פון ייִדישע לעבנס — רעדוצירנדיק אויך דאָס

[1] אויף לאָזונגס־אַרבעטן.

קליינע הייפל איבערגעבליבענע ביז צום לעצטן מינימום.

## פרילינג 1943

מיטן אָנקום פונעם פרילינג, בעת ס'האָט זיך געדוכט, אַז דאָס לעבן אינעם וואַלד וועט ווערן לייכטער און דערמיט אויך זיכערער — האָבן אַ סך יידן, וועלכע האָבן זיך ווינטער־צייט אויסבאַהאַלטן ביי פּאָליאַקן, פאַרלאָזן זייערע „פלאַצוווקעס” און אַוועק אין וואַלד. אַ חוץ דער אילוזיע פון דער גרעסערער זיכערקייט אין וואַלד, האָבן דערצו מיטגעהאָלפן אויך אַנדערע סיבות, ווי: מאַנגל אין געלט־מיטלען, די מורא פון די פּאָליאַקן זיי ווייטער צו האַלטן, און בעיקר, די מורא פון די יידן צו בלייבן ביי זייערע אומפאַראַנטוואָרטלעכע „ווילטעטער”. די אַלע אומבאַהאָלפענע, אומדערפאַרענע אין די נייע וואַלד־באַדינגונגען, האָבן זיך דאָרט קאָנצענטרירט אין גרעסערע גרופּן, מכלומרשט צוליב „זיכער־קייטס”־טעמים. אָבער באַלד האָט זיך פונאַנדער־געפלאַקערט דער פאַטאַלער געיעג נאָך יידישע־נשמות. מאַסנווייז זענען געפאַלן די קרבנות. במשך אַ קורצער צייט זענען פון די באַנדיטישע הענט פאַרשניטן געוואָרן: טוכמאַנס צוויי טעכטער, בעסערס צוויי טעכטער, פרוי בירנצווייג מיט אירע צוויי קינדער, פרוי שניפּער, סימע הערשקאָוויטש, פרוי טענענבוים, שרה טראָפּער, דאָמבראָווסקיס צוויי יונגע מיידלעך און פיל אַנדערע. אברהמ'טשע גערשט און מאיר פרידמאַן האָט אַ באַנדע געכאַפּט אויפן ריטווינער וועג, זיי געבונדן די הענט, געשלעפּט אין שטאָט און איבערגעגעבן דער זשאַנדאַרמעריע. שמעון פרידמאַן (מאַטעס פרידמאַנ'ס זון) און זיין שוואָגער, יוסף ערליכמאַן, זענען אַרויס פון וואַלד אויפן וועג, צוקויפן לעבנסמיטל ביי די פאַרבייגייענדיקע פויערים. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ פאַשיסטישער אויסוווּרף און באַפוילן זיינע וואַלד־אַרבעטער זיי צו פאַרהאַלטן, בעת אַליין איז ער אַוועק אויף זיין ראָווער אין שטאָט און געבראַכט זשאַנדאַרמעריע. זייער גורל איז געוואָרן גע'חתמ'ט. שלמה קארנבלוט מיט זיין פרוי האָבן די אויסוווּרפן איבערגעגעבן אין די רוצח'ישע הענט, און דערשאָסן געוואָרן בשעת דאָס יונגע פאָרפאָלק האָט זיך אויפן בית־עולם אַרומגענומען און צעקושט. מלך ריזנבערג איז געווען אויסבאַהאַלטן אין די תבואות אויף די סטאַשעווער בלאָניעס. די מוסרים האָבן אַהינגעבראַכט די זשאַנדאַרמעריע און אים דערמאָרדעט אויפן אָרט. אברהמ'לע האַוער איז אַוועק אין דאָרף קויפן לעבנסמיטל פאַר אַ גרופּע וואַלד־יידן. ווי נאָר ער איז אַריין אין דער כאַטע פון זיינעם אַ באַקאַנטן פויער — זענען אים די באַנדיטן באַפאַלן, געבונדן, אַרויפגעוואָרפן אויף אַ וואָגן, אים געפירט קיין סטאַשעוו און איבערגעגעבן אין די הענט פון מלאך־המות — דער זשאַנדאַרמעריע. קאָפּל ראָטנבערג און זיין ברודער האָבן חדשים־לאַנג זיך אויסבאַהאַלטן אין די גאָליעווער וועלדער. ווען דער הונגער האָט זיי שטאַרק דערקוטשעט האָבן זיי זיך אַנטשלאָסן צו גיין אין דער געגנט, וווּ זיי זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן — אין דאָרף טורסק. דאָרט, אין זייער געבוירן־היים, זענען זיי דורך זייערע אַמאָליקע שול־חברים געוואָרן באַפאַלן און דערמאָרדעט. אין ענלעכע אומשטענדן זענען אויך אומגעקומען בערל גאָלדפאַרב מיט זיין פרוי, באַצאָלנדיק מיט זייער לעבן זוכנדיק שוץ אין זייער געבוירן־געגנט. די ברידער אהרן און מענדל ווינבוים זענען אויך אַוועק צו באַקאַנטע פויערים צו שטילן דעם הונגער. אויפן וועג, ביים אַדאַמוווקער־וואַלד, האָבן דאָרטיקע כוליגאַנעס זיי פאַרפאָלגט און געכאַפּט. אהרן האָט באַוויזן זיך אַרויסצורייסן פון זייערע הענט און איז אַנטרונען, דאַקעגן מענדלען האָבן די פאַרברעכער געשלעפּט קיין סטאַשעוו און איבערגעגעבן דער זשאַנדאַרמעריע. די לעצטע, וועלנדיק אַרויסבאַקומען פון אים פרטים וועגן אַנדערע אויסבאַהאַלטענע יידן, האָבן דעם אומגליקלעכן צוריק געבראַכט אין וואַלד, פייניקנדיק אים שרעקלעך. די ווילדע, רוצח'ישע קולות פון די נאַצי־חיות האָבן אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן וואַלד. ווען אָבער, טראָץ די פייניקונגען, ס'איז זיי נישט געלונגען מאָראַליש צו ברעכן זייער קרבן, האָבן זיי אים אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און דערשאָסן. אינעם זעלבן טאָג האָבן מיר, אַ גרופּע יידן, זיך אויסבאַהאַלטן אין זעלבן וואַלד, זייענדיק אַזוי־אַרום לעבעדיקע אָנמעכ־

סיקע עדות — לויטן געהער — פון דער שוידערלעכער טראגעדיע, וואס האט זיך נישט ווייט פון אונז אפגעשפילט. ווען ס'איז פינצטער געווארן זענען מיר פון דארט אוועק. זייענדיק שוין ביים עק וואלד האבן מיר דערהערט א באוועגונג צווישן דיביימער. מיר זענען אויפגעציטערט געווארן. ס'האט זיך אבער ארויסגעוויזן, אז דאס איז געווען דער ניצול־געווארענער אהרן. זיינע ערשטע ווערטער צו אונז זענען געווען: „אפשר ווייסט איר וואס ס'איז געשען מיט מיין ברודער?" ווען ר'איז געווויר געווארן וועגן דעם ביטערן אמת, איז ער ארויס אין א יאמערלעכן געוויין. אין ענלעכע באדינגונגען זענען אויך דערמארדעט געווארן: לייזער שולמאן, יענק'ל ראזנצווייג, לייביש ווייסבראט, ישעיה ניסנצווייג און פיל אנדערע.

זומער 1943 האט א געהיימע האנט דערמארדעט, אויף דער בריק ביי דער מיל, דעם סטאשעווער בירגערמייסטער, דעם קאלאבאראנט און היטלער־אגענט, סוכאן, וועלכער האט אקטיוו מיטגעארבעט מיט די היטלערלייט, ביים פארטיליקן דעם ארטיקן יידישן ישוב. פארברעכערישע טיפן האבן אנגעוויזן אויף די 2 ברידער שניפער (משה שלומ'ס זין), וועלכע האבן זיך אויסבאהאלטן ביי אן ארטיקער פוילישער פאמיליע, אלס מכלומרשטע אויספירער פונעם אטענטאט. ישראל שניפער מיט זיין פרוי און ברודער זענען ארויסגעפירט געווארן אויפן ארט פון אטענטאט, און בפני עם ועדה האט די זשאנדארמעריע די 3 מארטירער דערמארדעט.

אזוי זענען, טאג־איין, טאג־אויס, יידישע לעבנס אפגעגאנגען אין טייכן בלוט און זייערע קברים זענען צעזייט און צעשפרייט אין די וועלדער און פעלדער ארום סטאשעוו.

## קלענערע גרופן — גרעסערע זיכערקייט

די קאשמארפולע לאנגע זומער־טעג האבן זיך געצויגן ווי אן אייביקייט. מיר, די נאך־לעבנדיקע, האבן זיך אפגעגעבן א חשבון פון אונזער טראגישער לאגע. מיר האבן פארשטאנען, אז אויב די רציחות אין די וועלדער און דערפער איבערן לעצטן ביסל פאר־יתומ'טע יידן וועלן נישט אויפהערן — זענען מיר אלע, ביזן לעצטן, פאר'משפט צום אונטערגאנג.

און די מערדער־באנדעס האבן זייער שמוציקע ארבעט נישט איבערגעריסן אויף איין מינוט, פארפאלגנדיק און טשאטעווענדיק אויף יידן־שאטנס איבעראל און וווּ זייער מארד־לוסט האט נאר דערגרייכט. באהאלטענערהייט אין וואלד, צי ביים פויער אין בונקער, האבן מיר קיינמאל נישט געקאנט פארויסזען, ווען און פון וועלכער זייט דער טויט־פיינט וועט אונז באפאלן. דער אומרו, דער פחד, פאר דער שווארצער מינוט האבן אנגענומען אזעלכע קראנקהאפטע פארמען, אז בעת די ביימער פון וואלד האבן זיך געטרייסלט פון ווינט האבן מיר געמיינט, אז דאס פארפאלגן אונז די רוצחים — און דעמאלט האבן מיר, אויפגעציטערטע, איילדיק, פון קיינעם נישט געיאגט, פארלאזן אונזער באהעלטעניש און געלאפן אין אן אנדערן וואלד־עק. אזוי זענען מיר, טאג־איין, טאג־אויס, געיאגטע און געפלאגטע פון ווירקלעכע, אדער איינגערעדטע פיינט, געלאפן פון איין ארט צום אנדערן, באצאלנדיק מיט טייערע לעבנס.

פון אונזער טראגישער דערפארונג האבן מיר געלערנט, אז וואס גרעסער די גרופן, אין וועלכע מיר זענען קאנצענטרירט — און דאס איז געווען א נאטירלעכער, אינערלעכער באדארף אין יענע באדינגונגען — אלץ גרעסער די סכנה פאר אונזער לעבן, פארלייכטערנדיק די שונאים זייער טייוולאנישע ארבעט. האבן מיר זיך טאקע שפעטער צוטיילט אין קלענערע גרופן, אין דער קנאפער האפענונג: אפשר וועט דאך געלונגען זיך אויסצוהיטן פון די רוצח'ישע הענט.

## טשייקעוו — אן אינזל אין א ים פון שנאה

די גראטעוועטע אין וואלד וויסן פיל צו דערציילן וועגן דעם דארף טשייקעוו (10 קלמ. פון סטאשעוו), דער איינציקער פונקט אין דער גאנצער סטאשעווער אומגעגנט, ווו די אויסגעפייניקטע, גע'רודפ'טע יידן האבן באגעגנט א הומאניטאר־מענטשלעכע באציאונג. א סך פון די דארטיקע פויערים האבן אונז פריינטלעך אויפגענומען, ארויסהעלפנדיק יעדן מיט ראט און טאט.

איינער פון די דאָרטיקע חסידי־אומות־העולם איז געווען די פּוילישע לערערין, פרוי אירענאַ דירטש — היינט ד״ר שלמה פרידמאַנ׳ס פרוי. די דאָזיקע בראַווע פרוי, זייענדיק אַדורכגעדרונגען מיט ווייטיק איבער אונזער טראַגישער לאַגע, איז אומדערמידלעך גרייט געווען צו העלפן יידן, אַזוי אין דאָרף ווי אין וואַלד, און נישט איינמאָל אַנטקעגנגעשטעלט זיך מיט געווער אין האַנט די פּוילישע רוצחים ביים פאַרטיידיקן יידן. זי איז אויך געווען אַ פאַרבינדלערין צווישן אונז און דער שטאָט, צו דערליידיקן אונזערע דרינגנדע ענינים. פרוי דירטש איז אויך אַרויסגערופן געוואָרן פון דער זשאַנדאַרמעריע אין סטאַשעוו, וועלכע האָבן איר געדראָט מיט טויט־שטראָף פאַר אָנהאַלטן קאָנטאַקט מיט יידן. אָבער די דאָזיקע איידעלע פרוי האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און נישט אויפגעהערט פאַרזעצן אירע מעשים טובים. מיט איר אויטאָריטעט, התנהגות און העלדישער האַלטונג האָט פרוי דירטש אויסגעאיבט אַן אַנטשפּרעכיקע השפּעה אויפן דאָרף. האָבן טאַקע אַ סך פון די לעבנגעבליבענע יידן דערוואַרט און אויך דערגרייכט די אַזוי־שטאַרק אויסגעגאַרטע, אומגלויב־לעכע באַפרייאונג אין דאָרף טשייקעוו אַליין, אָדער אין איר נאָענטסטער סביבה.

נישט איינמאָל האָבן טשייקעווער פּויערים פאַרטיי־דיקט און אָפּגעראַטעוועט יידיש לעבן. אין אַ געוויסן טאָג זענען פאַשיסטן באַפאַלן דעם טשייקעווער פּויער גאַוועל, ביי וועלכן ס׳איז געווען אויסבאַהאַלטן אַ גרופּע יידן (די משפּחה פרידמאַן, שמחה ראָטנבערג, זיין פרוי, 2 פרויען עליאַשעוויטש, ישראל גאָלדגרוב, אביגדור ציטרינבוים און יהודה שטיינבערג). טראָ־ריזירנדיק די בעלי־בתים האָבן זיי געפאָדערט זיי אָנווייזן דעם בונקער מיט די יידן. גאַוועל, זוכנדיק אַ וועג צו ראַטעווען די יידן פון אַ זיכערן טויט, האָט געוואָרנט די מערדער, אַז די יידן אין בונקער באַזיצן געווער און וועלן זיך מיט כוח אַקעגנשטעלן. די גרויסע „העלדן" האָבן זיך גיך אָפּגעטראָגן, כדי צו ברענגען פאַרשטאַרקונג. איבערלאָזנדיק 2 פון זייערע לייט צו היטן די כאַטע.

דעם דאָזיקן שעת־הכושר האָט אויסגענוצט די פאַ־מיליע גאַוועל. אָנ׳שיכור׳נדיק די 2 שומרים האָבן זיי די מענער אַרויסגעלאָזן פון בונקער, בעת די פרויען האָבן זיי אויף וועגענער, פאַרמאַסקירטע מיט מיסט, אַרויסגעפירט אין וואַלד, וווהין אויך די מענער זענען אַנטלאָפן. ווען די באַנדע איז, מיט פאַרשטאַרקטע כוחות, צוריקגעקומען און געטראָפן אַ ליידיקן בונקער, האָבן זיי זייער רציחה אויסגעלאָזן אויף גאַוועלן, וועמען זיי האָבן שטאַרק צעשלאָגן. מיט דער דאָזיקער רעטונגס־אַקציע האָט אָנגעפירט די לערערין דירטש.

אַ צווייט מאָל, ביינאַכט, איז אַ פּוילישע רויבער־באַנדע באַפאַלן אַ השומר־הצעיר׳גרופּע (יוסף גרושקאַ, יוסף שטיינבערג (שאש), פאַלאַ גאָלדהאַר, משה׳לע פוקס און אַנדערע), וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ כאַטע ביים וואַלד, נישט ווייט פון טשייקעוו. שטיינ־בערג, וועמען ס׳איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון בונקער, האָט אויף גיך אַלאַרמירט דאָס דאָרף וועגן דעם אָנפאַל. גלייך זענען די פּויערים גאַוועל, די ברידער טאַטאַק און אַנדערע, מיט לאָפּאַטעס אוןווידלעס אין די הענט, זיך אַ לאָז געטאָן אויף די אָנפאַלער, מיט כוח זיי פאַריאָגט און געראַטעוועט די גרופּע.

מיט אַ באַזונדערער סאַטיספאַקציע און דאַנקבאַרקייט דערמאָנען מיר אָט די איידעלע מעשים פון דער דאָזיקער קליינער גרופּע פּשוט׳ע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן אין דעם אומגעהויערן, אַלץ־פאַרשלינגנ־דיקן ים פון אַלגעמיינער רשעות, שפלות און טויט־פאַרשפּרייטנדיקן אַנטי־יידן־פּסיכאָז, אַרויסגעוויזן העכ־סטע מענטשלעכקייט, חוט־השדרה און קאָנסעקווענץ — טראָץ די לעבנס־סכנות מיט וועלכע דאָס איז געווען פאַרבונדן פאַר זיי אַליין.

### סעפּטעמבער 1943

טעג גייען און טעג קומען — אוי ווי פאַמעלעך! — בעת דאָס געיעג נאָך יידישע נשמות הערט נישט אויף. אין אַ פינצטערער סעפּטעמבער־נאַכט איז אַ באַנדע באַפאַלן אַ פּויעריש הייזל, אין צפון טשייקעוו, און אַרויסגעצויגן פון אַ דאָרטיקן בונקער 3 יידן: אביגדור ציטרינבוים, שפרה על־אַשעוויטש און ישראל גאָלדגרוב. דעם לעצטן איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון די רוצ־

חים׳ס הענט, בעת די אַנדערע צוויי זענען בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן. אגב, זענען די לעצטע, ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק, ניצול געוואָרן פון טויט, בעת׳ן אַנפאַלביים פויער גאוועל. אין אַ צווייטן בונקער, אין זעלבן הויז, זענען אויך געווען פאַרשטעקט יהודה פעלדבערג און צביה עליאשעוויטש, וועלכע די מערדער האָבן על־פי־נס נישט אַנטדעקט.

## אָקטאָבער 1943 — שמחת־תורה

שמחת־תורה פאַרטאָגס — די „העכערע" ראַסע האָט לרוב אויסגעוויילט יידישע ימים־טובים פאַר זייערע נידערטרעכטיקסטע באַרבאַרייען — האָבן פויליש אויסוואורפן־מוסרים אַרויסגעבריינגט די סטאַשעווער זשאַנדאַרמעריע אין גאַליעווער וואַלד, אַנווייזנדיק דאָס אָרט וווּ אַ גרעסערע גרופּע יידן האָט זיך אויסבאַהאַלטן. בעת די מענטשן־סקעלעטן, אויסגעמאַטערטע, האַלב־נאַקעטע זענען נאָך געווען פאַרזונקן אין אַ טיפן שלאָף, האָבן זיך די היטלער־לייט הינטערגעגנב׳ט און געעפנט אויף די שלאָפנדיקע אַ העפטיקע שיסעריי. נאָר 6 מענטשן איז געלונגען אויסצומיידן דעם האָגל פון קוילן, וואָס האָט זיך אויף זיי געשאָטן פון אַלע זייטן, בעת די איבעריקע, העכער 20 קרבנות, זענען געפאַלן אויפן אָרט. צווישן די געפאַלענע: זלמן בוים מיט זיין פרוי און טאָכטער, אבא׳לע ווינציקסטערס פרוי און זון, לייבל שווארץ מיט זיין פרוי, גראס מיט זיין פרוי, ישראל אליעזר טענענבוים׳ס פרוי, דוד זילבערמאן און נאָך. די גרויל־בשורה וועגן דעם מאַסן־מאָרד איז צו אונז דערגאַנגען נאָך אינדעמזעלבן טאָג. 3 מאַן, מאיר בידלאַווסקי, לייבל זילבערבערג (פּיעגאטש) און דער דערציילער, זענען מיר צומאָרגנס ביינאַכט אַהין צום מאָרד־פּלאַץ. פאַר אונזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ מאַקאַבריש־שוידערלעך בילד: אַ שטאָקיקער קבר פון די הרוגים־קדושים! איינגעהילט אין טיפן ווייטיק האָבן מיר שטיל, אָן ווערטער, צוזאַמענגענומען אַביסל האָלץ און אָנגעצונדן אַ פייער אויפן ברידער־קבר, בעת מאיר בידלאַווסקי האָט, קוים זיך באַהערשנדיק פון שטיקנדיקע טרערן, געזאָגט קדיש. אגב, האָט לייביש ווינציקסטער נאָכן קריג אַדורכגעפירט אַן עקסהומאַציע פון די עצמות פונעם קדושים־קבר אויפן בית־עולם אין צוויזמער.

אויף דעם אָרט וויל איך מיט אָנערקענונג אונטערשטרייכן די אומגעוויינלעכע מסירות־נפש, וועלכע פריינט מאיר בידלאַווסקי האָט אַרויסגעוויזן אין פאַרשידענע, אויך געפערלעכע אומשטענדן, פאַר אַלע ליידנס־ברידער אין וואַלד, און בעת אונזערע וואָגלענישן בכלל. זיין באַהאַוונטקייט אין גרויסע דערפאַרונג אין אַלע וואַלד־פאַרהעלטעניסן, אַלס אַמאָליקער וואַלד־סוחר, האָט ער תמיד געשטעלט אין דינסט פונעם כלל פאַרפאָלגטע יידן, מיט וועלכע ער איז נאָר געקומען אין באַריר. נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר גאָרנישט איז בידלאָווסקי, אַזוי אין „נאָרמאַלע" צייטן ווי אין אַן עת־צרה, תמיד געווען הילפס־גרייט, שטעלנדיק זיין אייגן לעבן — נישט איינמאָל — אין טויט־געפאַר.

## 11־טער נאָוועמבער 1943

אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר פון פאַרעטערישער רציחה איבער דעם קליינעם הייפל געבליבענע יידן — האָט נאָך אַלץ נישט געזעטיקט די פּאַטאָלאָגישע מאָרד־לוסט פון די היימישע מערדער. ווייטער האָבן זיי געווילדעוועט און געטשאַטעוועט אויף יידישע קרבנות, צילנדיק צו דערפירן די היטלער־מלאכה ביז צום סוף.

קאָנענדיק די פריינטלעכע שטעלונג פון אַ טייל טשייקעווער פויערים, האָבן די דאָזיקע היימישע מערדער, דעם 11־טן נאָוועמבער 1943, באַלאַגערט דאָס דאָרף און געגאַנגען איבער די פויערישע כאַטעס זוכן יידן. ווילנדיק זיך אַרויסראַטעווען פון די רוצח׳ישע הענט זענען מיר, ווי נאָר ס׳איז נאַכט געוואָרן, אַרויס פון אונזערע בונקערס אין דאָרף און אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין. אַנדערע, וועלכע האָבן נישט געוווּסט וועגן דעם אָנפאַל פון די באַנדעס, זענען דעם זעלבן אָוונט געקומען פון וואַלד, כדי צו זוכן אַביסל עסן אין דאָרף. בעת דער דאָזיקער פאַרפאָלגונגס־אַקציע זענען אומגעקומען 7 נפשות: שמואל זילבערבערג (בארשט) מיט זיין פרוי, שמעון פרידמאַנס 2 טעכטער, יענקל פרידמאַנס פרוי, שלום מאַנדלס טאָכטער און פסח גאלדפלוס, מרדכי׳ס יונגסטער זון. אין דער דאָזיקער צייט איז

אויך אומגעבראַכט געוואָרן יוסף גרושקא. ער איז געקומען צו אַ באַקאַנטן אין דער כאַטע בייַם וואַלד און דאָרט געפונען דעם טויט.



**לאחר השחיטה**
גל־עד שהוקם בצוזמיר לזכר החללים היהודיים מסטאשוב ביער גוליב.
העברת החללים וקבורתם בוצעה ע״י **ליביש ווינציקסטר**, מניצולי היער. עומד ע״י גל־העד. —

**נאָך דער שחיטה**
אַן אויפגעשטעלטער דענקמאָל אין צויזמער פאַר די געפאַלענע סטאַשעווער יידן אין גאָליעווער וואַלד.
די איבערפירונג פון די קרבנות און זייער באַערדיקונג — אויסגעפירט דורך **לייביש ווינציקסטער**, איינער פון די געראַטעוועטע אין וואַלד. — שטייט ביים דענקמאָל.

## אפריל 1944

דאָס טראַגישע, בלוטיקע יאָר 1943 איז פאַרביי. אָנהייב 1944 איז געוואָרן אַביסל רואיקער. אין אָנבליק פון דאָזיקן פאַקט האָבן אונזער שטענדיקער פחד און יאוש אייניציקווייז אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פאַר פאַרזיכטיקן אָפּטימיזם און האָפענונג נאָך צו דערלעבן בעסערע צייטן.

אין יענער צייט זענען מיר זיך עפטערס צונויפגעקומען, דורכגעשמועסט זיך וועגן אונזער לאַגע, געטיילט זיך מיט די גוטע פראָנט־ידיעות, דערמוטיקנדיק זיך קעגנזייטיק מיטן גלויבן, אַז דער טאָג פון באַפרייאונג דערנענטערט זיך. אגב, זענען די סימנים פאַר אונזערע באַגעגעניש געווען ניגונים פון יידישע תפילות און פאָלקס־לידער. צום באַדויערן האָט זיך אונזער באַרואיקונג אַרויסגעוויזן אַ פריצייטיקע. אונזערע היימישע מערדער זענען ממש ביז צו דער לעצטער רגע געווען להוט נאָך יידיש בלוט. אין אַפּריל 1944 האָבן מיר זיך אַ גרופּע יידן געטראָפן אין טשייקעוו. צווישן אַנדערע: שמחה ראַטנבערג, בנימין גאָלדבערג און חיים׳ל ציננאַמאַן. קעגן חצות האָבן זיך די 3 געזעגנט און זיך געקליבן צו גיין צו אַ פּויער אין נאָענטן דאָרף ווולקאַ, ביי וועלכן זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. אין דער לעצטער מינוט האָט זיך שמחה צוריקגעצויגן, ווייל ס׳איז געווען אַ חשד, אַז דאָס אָרט איז נישט זיכער. קורץ נאָכדעם האָבן זיך דערהערט שאָסן־אָפּקלאַנגען פון דער ריכטונג, וווהין בנימין און חיים׳ל זענען אַוועק. ס׳האָט זיך לײַדער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז ווי נאָר די לעצטע זענען צוגעקומען צו דער פּויערישער כאַטע, האָט זיי שוין אָפּגעוואַרט אַ פּוילישע באַנדע, וואָס האָט אויף זיי געעפנט אַ שיסעריי און דערמאָרדעט. דעמאָלט זענען אויך דערמאָרדעט געוואָרן די 2 דאָרט אויסבאַהאַלטענע לאה׳קע וואָלבראַמסקי און פּאָלא גאָלדהאַר.

שרעקלעך איז געווען דער ווייטיק און טרויער. די מיליטערישע געשעענישן אין יענע טעג, די ידיעות פון סאָוויעטיש־דייטשן פראָנט, האָבן בולט אָנגעזאָגט די אומצווייפלדיקע בשורה, אַז דער גרויסער טאָג פון באַפרייאונג דערנענטערט זיך. זענען טאַקע די לעצטע אבדות פון די פיר יונגע נפשות, וואָס האָבן אַזוי האַרטנעקיק געקעמפט פאַר זייער לעבן, געווען פאַר אונז נאָכמער טראַגיש און פּייַנלעך.

אין די זומער־חדשים פון 1944, האַרט פאַר אונזער באַפרייאונג, האָבן די כל׳ערליי פּוילישע, דורך יידן־

האָט צעפּרעסטע באַנדעס, טיילווייז זיך גענומען צוריקציִען פון זייער שוואַרצער מאָרד־מלאכה און אַריינקריכן אין די נאָרעס. מיר אָבער האָבן, מיט פאַרפילפאַכטער ענערגיע און וואַכזאַמקייט, ווייטער זיך געמוזט אויסהיטן פאַר די, פון אונזערע היימישע טויט־פיינט, וועמעס פלאַמיקע, קראַנקהאַפטע שנאה צו אונז האָט געברענט ממש ביז דער לעצטער רגע.

## 1־טער אויגוסט 1944

דער טאָג פון דער באַפרייאונג איז ענדלעך געקומען. אין דעם טאָג האָט די רויטע אַרמיי פאָרסירט די ווייסל אין אונזער געגנט, באַפרייענדיק דעם גאַנצן שטח אַרום סטאַשעוו. אין 2 טעג שפּעטער איז אויך סטאַשעוו גופא באַפרייט געוואָרן — און מיר זענען אַרויס פון די וואַלד־און דאָרף־בונקערס אויף דער פרייהייט. מיטן געפיל פון „עם־ישראל חי" און מיטן גלויבן אין אַ בעסערער, גערעכטערער וועלט זענען מיר, די פאַר־יתומ'טע שארית־הפליטה, צוריק אַריין אין לעבן.

אָבער דאָס דאָזיקע געפיל פון גליק צו האָבן דער־גרייכט די פרייהייט און נקמה אינעם גרעסטן, אכזריות־דיקסטן שונא פון אונזער גאַנצער פילטויזנטיאָריקער געשיכטע — איז באַטריבט געוואָרן פונעם גרע־נעצלאָזן טרויער איבער דעם אומגליקלעכן גורל פון אונזערע טייערע און נאָענטע, וועלכע האָבן דעם דאָזיקן טאָג פון נקמה אין דער ממשלה פון היטלער־רשעות נישט דערלעבט.

דען דער טרויעריקער סך־הכל פון דער דאָזיקער סטרא־אחרא'דיקער ממשלה איז: אַז פון די העכער 800 נפשות, וועלכע זענען בעת'ן חורבן סטאַשעוו אַרויס אין די וועלדער און דערפער — שוין נישט רעדנדיק וועגן די עטלעכע טויזנט קרבנות פונעם דאָזיקן חורבן אַליין! — האָבן דערלעבט די באַפרייאונג בס"ה נאָר בערך 60 מאַן! אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן געקעמפט און געליטן, גע'חלומ'ט און געהאָפט צו דעם דאָזיקן גרויסן טאָג, האָבן דאָס ליידער נישט זוכה געווען, און זייער'ע מאַרטירער־קברים זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער די פעלדער און וועלדער אַרום סטאַשעוו.

צום סוף: פּונקט ווי מיר האָבן פאַרצייכנט — אַזוי ווייט ווי אונזערע כוחות האָבן געסטייעט — די גרויזאַמע, אוממענטשלעכע רציחות פון דער ברוינער חיה, סטעמפּלנדיק גלייכצייטיק די אַקטיוו־פאַרברעכערישע באַציאונג פון אַן אַנגעזעענעם טייל פונעם פוילישן פאָלק צו אונז, אַ באַציאונג, וועלכע האָט גורם געווען אויך די קליינע, איבערגעבליבענע רעשטלעך פונעם דייטשן חורבן צו רעדוצירן ביזן מינימום; פּונקט ווי ס'איז אונזער הייליקער חוב מקיים צו זיין די לעצטע צוואה פון אונזערע מאַרטירער: „קיינמאָל נישט מוחל זיין! קיינמאָל נישט פאַרגעסן!" — פּונקט אַזוי זענען מיר פאַרפליכטעט אָנצווייזן אויף די 2 פאַראיינצלטע סטאַשעווער פוילישע משפחות — ווי מיר האָבן דאָס אויבן געטאָן לגבי די טשייקעווער — וועלכע האָבן מיט דער גרעסטער אחריות און מסירות־נפש, במשך דער גאַנצער פינצטערער תקופה — פון חורבן־טאָג ביז דער באַפרייאונג — אויסבאַהאַלטן יידן ביי זיך אין די שטובן!

און אָט זענען די 2: פרוי שטשעטשינסקאַ, מיט אירע קינדער, וועלכע האָט ביי זיך אין הויז, ביי דער באַן־סטאַציע, פאַרשטעקט 15 יידישע נפשות (פון די פאַמיליעס: סעגאַל, פאָזמאַנטיר, גאָלדבערג, ווינער און באַנד), און די זעלטענע, גאָט־האַרציקע פויערים־פאַמיליע דייטראָווסקי (אויפן ריטווינער וועג), ביי וועלכער ס'האָבן איבערגעלעבט דעם קריג 8 נפשות — משה האָוער מיט זיין בני־בית און שמעון וואָלבראָמסקי מיט זיין פרוי.

# דוד אײדלסבערג ניו־יאָרק / יזכור נאָכן פּוילישן שטעטל*

װען מ׳מוז אָפּקומען מיט אַ מאַסן־יזכור נאָך די זעקס מיליאָן קדושים אונזערע, און װען דער חורבן פון טױזנטער ײדישע ישובים קאָן נאָר באַװײנט װערן דורך אַן „אַגולנעם" יאָרצייט, בלײבט עפּעס שױן נישט קײן באַזונדערע טרער נאָך דעם ײדישן שטעטל, װאָס איז אָפּגעװישט געװאָרן אין דערזעלבער װעלט־שריפה.

פּונקט װי די באַזונדערע נעמען פון די זעקס מיליאָן על־קידוש־השם אומגעקומענע קאָנען נישט דערמאָנט װערן אויף די נאַציאָנאַל־געפּראָװעטע יזכור־אָונטן, אַזוי קאָן מען אויך נישט מזכיר זײן און אָפּשאַצן ביחידות די חרוב׳ע ײדישע שטעטלעך, װאָס יעדעס פון זײ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אײנהײטלעכן טײל פון יענעם אומדערשעפּלעכן גײסטיקן פאַרמעגן, װאָס האָט געהײסן „מזרח אײראָפּעאיש ײדנטום".

דאָס חרוב׳ע ײדישע שטעטל װאָלט, מײן איך, בײ אונז פאָרדינט אַ באַזונדערן, ספּעציעלן הספּד, און ד־װאָס רעקאָרדירן די געשעענישן פאָר דער געשיכטע, װאָלטן געדאָרפט װידמען באַזונדערע בלעטער צו דעם דאָזיקן שטעטל בכלל ובפרט — ד. ה. װי אַן אַלגעמײנע דערשײנונג פאָר זיך, און װי אַ מצבה נאָך יעדער אומגעבראַכטער געמײנדע באַזונדער.

קײן מער גלאָררײכן מאַטעריאַל פאָר דעם ײדישן פאָלקס־אוצר פון היסטאָרישע מאָנומענטן איז זיך גאָר נישט פאָרצושטעלן, װאָרעם פאָר דורי דורות איז דאָס ײדישע שטעטל געװען דאָס „הינטערלאַנד", װאָס האָט גענערט גרױסע ישובים און געמײנדעס מיט דער תמימות פון קדושה, מיט דעם מוסטער פון מקיים זײן די תורה און מיט מסירות נפש פאָר איר — אין אָרעמקײט.

דאָס ײדישע שטעטל, ספּעציעל דאָס פּ ו י ל י ש ע שטעטל, האָט געהאַט עפּעס אין זיך אַ באַזונדער התרוממות, װאָס די גרױסע שטאָט האָט, פּראָפּאָרציאָנעל גענומען, נישט געהאַט. עס איז געװען מער אױסגעטאָן פון חיי שעה און ממילא מער אָפּגעגעבן צו חיי עולם װי דער גרױסער ישוב. עס איז געװען דער אונטערשיד, אומגעפער, צװישן אַ „כל הנערים" און אַ יחסנ׳ישער עלי׳... צװישן דעם אַלגעמײנעם „קעסל" און דעם הײמישן מאכל...

עס איז געװען אַ ײדיש לעבן „לשמה". מיט אַלע אברים און חושים.

*

װאָלט זיך װעלן, אין אָט די יזכור־טעג, מזכיר זײן צװישן די אױסגעקױלעטע און פאַרברענטע על קידוש השם דעם ײדישן ישוב פון אײן פּױליש שטעטל — נישט דערפאַר װאָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַזונדערן, אײגנאַרטיקן מוסטער, נאָר ד ו ק א דערפאַר װאָס עס איז נישט געװען „מוסטערהאַפט", נאָר איז געװען װי א י י ן טראָפּן װאַסער מיט הונדערטער און טױזנטער אַנדערע ײדישע שטעטלעך; און דאָס בילד פון אײנס פון זײ איז, קען מען זאָגן, דער שפּיגל פון אַלע, אָדער פון די מערסטע פון זײ.

ובכן, דאָס כאַראַקטעריסטישע ײדישע שטעטל, צו װעלכן אָט דער „יזכור" איז געװידמעט, איז געװען דאָס אָרט, װו איך האָב געהאַט די זכיה געבוירן צו װערן — ס ט אַ ש ע ו ו. אין משך פון די יאָרן האָב איך דאָס אַלץ מער גענומען באַטראַכטן פאַר אַ זכיה, װײל כאָטש כ׳האָב אין דעם שטעטל פאַרבראַכט בלויז די ערשטע 12־13 יאָר פון מײן לעבן, האָב איך עס אין משך פון דעם קרוב צו אַ האַלבן יאָרהונדערט נישט געקאָנט פאַרגעסן.

דווקא אין די גרױסע שטעט האָט סטאַשעװ מיך באַגלײט כמעט אױף שריט און טריט און עפּעס װי געהאַלטן אין אײן דערמאָנען מיך: פאַרגעס־זשע נישט װו דו האָלסט... פאַרבלאָנדזשע נישט... פאַרקירעװע זיך... אַרױף אױפ׳ן „דרך המלך"...

ביז איך געקומען צו דער איבערצײגונג, אַז „עפּעס" האָט געמוזט זײן אין דעם שטעטל, װען בלױי

* געדרוקט אין „דער טאָג־מאָרגן זשורנאַל" פון 22־טן און 29־טן אַפּריל 1955.

קורצע עטלעכע קינדער־יאָרן האָבן באַגלייט און גע־קירעוועט אַ גאַנץ לעבן.

וואָס־זשע איז דאָס געווען אַזעלכעס?

מיינע סטאַשעווער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל און אין אמעריקע האָבן מיר צוגעשטעלט וויכטיקע מאַ־טעריאַלן וועגן אונזער שטעטל, צוזאַמען מיט פאַקטן וועגן גרויסער רעטונגס־אַרבעט, וואָס איז געטאָן גע־וואָרן דורך די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט פאַר דער סטאַשעווער שארית הפליטה, זיי צו ברענגען קיין ישראל און זיי העלפן דאָרט אויפבויען אַ ניי לעבן.

אָבער די צוגעשטעלטע מאַטעריאַלן האָבן צו טאָן מערסטנס מיט דעם חורבן פון סטאַשעוו, און איידער איך שטעל זיך אָפּ אויף אָט דער טראַגעדיע, וויל איך צוערשט איבערגעבן, אין דער ענגער ראַם פון אַ צייטונגס־אַרטיקל, קורצע שטריכן פון דעם, ווי עס האָט אויסגעזען דאָס לעבעדיקע סטאַשעוו, אָדער, גענויער, אפשר אַן אָפּשטראַל פון דער יידישער נשמה, וואָס האָט געשוועבט איבער דעם שטעטל.

✶

די געאָגראַפישע פּאָזיציע אָדער לאַנדשאַפט איז אפשר דאָ נישט אַזוי וויכטיק, אַחוץ אַז דאָס שטעטל, וואָס איז אַמאָל געווען ראַדעמער גובערניע, צווזמער־רער אויעזד, און בלויז עטלעכע מייל פון דער גאַלי־צישער ראַטאַי־גרענעץ, איז געווען אַרומגערינגלט פון פעלדער און וועלדער. אָבער דאָס פּרעכטיקסטע פון סטאַשעוו'ס געאָגראַפישער שיינקייט איז, וואָלט איך זאָגן, געווען דאָס טייכל, וואָס האָט דורכגעשניטן די ענד־טיילן פון דעם שטעטל. נאָך אַלס קינד האָב איך אָפטמאָל געטראַכט, אַז דאָס טייכל פליסטערט אַזוי רואיק אָבער אַזוי טיף ווי עס האָט געשעפּטשעט די מאַמע ע"ה איבער'ן קרבן־מנחה סידור....

לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס מיין יוגנט־פריינט און לאַנדסמאַן הערשל פּאָמעראַנצבלום איז געווען אַזוי פריינטלעך מיר צוצושטעלן, האָבן פאַר'ן חורבן זיך געפונען אין סטאַשעוו אַרום 5000 יידישע נפשות. איז, מכח פרנסה, זאָלט איר בעסער נישט פרעגן. מיט דעם אויסנאַם פון עטלעכע „נגידים", האָט דאָס שטעטל זיך שטאַרק „אויסגעצייכנט" מיט אפשר די גרעסטע קבצנים פון פוילן. כ'האָב באַזוכט אַ סך פוילישע שטעטלעך, און אויב עס זענען ערגעץ געווען גרע־סערע עניים ואביונים, האָב איך זיי נישט באַגעגנט.

מ'האָט געהאַנדלט מיט וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט, און כ'געדענק נישט, אַז עס האָט עמעצער זיך געזאָלט זאָרגן „וווּ נעמט מען אויף שבת", ווייל עס איז אויף דער וואָכן אויך נישט געווען.

אַ וויכטיקער טייל פון דער סטאַשעווער „פּראָדוק־ציע" איז געווען מאַכן בייטשן פאַר פערד, אָדער ווי מ'האָט עס דאָרט גערופן „ביטסעסקעס". אָבער לויט דער „פרנסה", וואָס די מלאכה האָט אַריינגעבראַכט, האָבן לצים אויסגע'חשבונ'ט, אַז עס האָבן זיך געמוזט געפינען אין פוילן אַ סך מער פערד־גנבים ווי פערד.

✶

אָבער אָט דאָס אָרעמע, שטענדיק נויט־ליידנדיקע יידישע שטעטל, איז געווען אַ „ראָקפעלער" אין יידישקייט און תורה!

סטאַשעוו איז געווען איינע פון יענע מקומות התורה, ווו מען איז געזעסן און געלערנט בוכשטעב־לעך בייטאָג און ביינאַכט. עס זענען געווען צוויי בתי מדרשים, און אין איינעם פון זיי זענען שטענדיק געזעסן עטלעכע הונדערט בחורים און פאַרהייראַטע יונגעלייט און געלערנט. עלטערע האָבן געלערנט מיט יינגערע און מען פלעגט זיך אַרויסהעלפן איינער דעם צווייטן אין פאַל פון אַ שווערער גמרא, אַ תוס־ספות, אַ מהרש"אַ אָדער אַ רמב"ם. נאָך מנחה־מעריב פלעגט דאָס לערנען זיך ערשט אויף רעכט אָנפאַנגען, און דער קול תורה האָט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין אָפּגעקלונגען איבער'ן גאַנצן שטעטל.

דאָס באַזונדערס מערקווירדיקע איז געווען די אומפּרעטענציעזע באַציאונג צו אָט דעם יומם־ולילה לערנען. אין אַנדערע ערטער וואָלט אַזאַ „אַכסניא" פון עטלעכע הונדערט בחורים פיגורירט ווי איינע פון די באַוווּסטע ישיבות. אין סטאַשעוו איז דאָס געווען און געבליבן אַ לאָקאַלער „בית־המדרש". נישט מער.

אחוץ דעם זענען, פאַרשטייט זיך, אויך געווען — חדרים, וואָס טייל פון זייערע מלמדים זענען געווען אמת'ע גדולי תורה, און אויך אַלערליי חסידים־שטיב־לעך, וו מען האָט טאָג און נאַכט עוסק געווען אין תורה.

אָבער פון דעם צווייטן סטאַשעווער בית־המדרש, אין אַן אַנדערן טייל פון שטאָט זענען די איינדרוקן געבליבן באַזונדערס טיף איינגעקריצט. אַ גאַנצן טאָג זענען דאָרט געווען ווייניק לערנערס, אָבער פון פרי פאַרטאָג ביז אַרום 9 פלעגן דאָרט זיצן און לערנען בעלי־בתים, וועלכע זענען דעם גאַנצן טאָג געווען באַלאַסטעט מיט דאגות פרנסה. נישט שפּעטער ווי 4 אַזייגער פאַרטאָג פלעגן אין דעם בית־המדרש, אויף דער „ריטווינער גאַס", זיך שוין געפונען עטלעכע מנינים יידן, זיצנדיק איבער גמרות און משניות'ן, נאָכדעם ווי זיי האָבן געהאַט אָפּגעזאָגט דעם געהעריקן יום תהילים, מעמדות א. ד. ג.

מיין פאָטער ז"ל פלעגט אויפשטיין יעדן טאָג 3 אַזייגער, און נאָכן אָפּזאָגן דעם יום תהילים, האָט ער מיך גענומען אויפוועקן צו גיין מיט אים אין יענעם בית־מדרש אריין לערנען. די מאַמע ע"ה האָט כמעט יעדן טאָג זיך געבעטן ווי ביי אַ גזלן: „לאָז אים שלאָפן אַ שעה לענגער", זי האָט זיך נעבעך געהאַלטן אין איין זאָרגן, אַז איר בן־יחיד וועט קראַנק ווערן פון אויפשטיין אַזוי פרי. אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָלפן! דער טאַטע האָט איר פאַרזיכערט, אַז „פון תורה לערנען ווערט מען נישט קראַנק, ווייל די תורה באַשיצט און ראַטעוועט" — און איך האָב גע־מוזט אויפשטיין און גיין מיט אים אין שניי, רעגן און פראָסט, אין בית־המדרש אריין לערנען עטלעכע שעה יעדן טאָג, ביז עס איז געקומען די צייט צו גיין אין חדר אריין אָדער אין צווייטן בית־המדרש.

אין משך פון עטלעכע יאָר האָט דער טאַטע אַזוי מיט מיר דורכגעלערנט עטלעכע מסכתות, מערסטנס בלויז מיט רש"י און זעלטן אויך אַ תוספות. און איך קאָן אין איינוועגס מעיד זיין, אַז אויב איך קאָן איצט, ווי נישט איז, „אַריינקוקן אין אַ ספר" איז דאָס מיר געקומען נישט פון ישיבה, אין וועלכער איך האָב שפּעטער פאַרבראַכט עטלעכע יאָר, און אויך נישט פון די חדרים — נאָר אין גרעסטן טייל פון דעם, וואָס דער טאַטע ז"ל האָט מיט מיר דורכגעלערנט אין די פאַרטאָג־שעה'ן אין יענעם סטאַשעווער בית־המדרש.

מיר איז, ווי באַמערקט, אויסגעקומען צו באַזוכן פיל אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, און כ'האָב געפונען אומגעפער דעם זעלבן יידישן לע־בנס־שטייגער — אָבער קיין גרעסערן און אינטענסי־ווערן מקום תורה אין אַ קיבוץ פון אַרום 5 טויזנט נפשות, ווי אין סטאַשעוו, האָב איך נישט געפונען.

*

אָבער סטאַשעוו, ווי אַ סך אַנדערע יידישע שטעט־לעך אין פּוילן, איז געשטאָרבן עטלעכע טויטן. דער ערשטער טויט, אין וועלכן דער פאַרפייניקטער גוף איז געוואָרן צו־ענג פאַר דער נשמה, איז געקומען דורך די אומבאַשרייבלעכע יסורים פון הונגער און דחקות — יסורים, וואָס דער נייער דור איז אפּנים נישט געווען אַזוי העלדיש אויסצוטראָגן ווי די דורות פאַר אים, וועלכע האָבן אין זיך פאַרקערפּערט דעם אַלטן יידישן באַגריף: „שיינקייט פון אָרעמקייט"...

דאָס האָט מסתמא פיל געהאַט צו טאָן מיט דער נאָכפאָלגנדיקער גייסטיקער פאַרפייניקונג. סטאַשעוו איז נעמלעך אויך געשטאָרבן מיט דעם השכלה־טויט — יענער רויב פויגל, וואָס האָט, אין זיין צייט, אויס־געליידיקט די בתי מדרשים און די שולן און פאַר־וואַנדלט יידישע ישובים אין גייסטיקע וויסטענישן. ווען כ'האָב אין 1937 באַזוכט פּוילן, האָב איך אין סטאַשעוו, ווי אין צענטליקער אַנדערע שטעטלעך, מער נישט געפונען קיין לומדי תורה אין די בתי־מדרשים, און די ווענט פון אָט די הייליקע פלעצער האָבן גע־וויינט אויף דעם חורבן. צוזאַמען מיט דעם נביא'ישן מקונן האָבן זיי מיטגעקלאָגט: „בני יצאוני ואינם"...

איר לעצטן טראַגישן טויט איז סטאַשעוו געשטאָר־בן אין נאָוועמבער 1942, ווען די מערסטע יידישע איינוווינער אירע האָבן, אין דער וועלט־מגפה פון די דייטשע טמאים, געטיילט דעם גורל פון די איבער זעקס מיליאָן אַנדערע קדושים וטהורים...

מ'גיט מיר איבער, אַז עטלעכע הונדערט סטאַשעו־

ווער יידן האָבן דאָך באַוויזן זיך צו ראַטעווען און זיך שפּעטער דערשלאָגן קיין דייטשלאַנד, ווו זיי האָבן באַקומען די ערשטע הילף פון עם סטאַשעווער פּאַריין אין ניו־יאָרק, און ענדלעך באַוויזן צו דערגרייכן מדינת ישראל. דאָרט האָט דער פּאַריין עטאַבלירט פאַר די סטאַשעווער פּליטים אַ ליי־קאַסע, העלפנדיק זיי אויפבויען אַ ניי לעבן אין דער באַנייטער יידישער מדינה.

אַ יזכור־בוך נאָך סטאַשעוו ווערט איצט צוגעגרייט פון מיינע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אין ישראל, און איך שליס זיך אָן אין דער דאָזיקער הזכרת־נשמות מיט טיפן צער און בענקעניש נאָך אָן אומפאַרגעסלעכער יידיש שטעטל, און מיט דעם נביא׳ס קללה אויף די באַרבאַרן, וואָס האָבן עס חרוב געמאַכט: „תרדוף באף ותשמידם מתחת שמי השם״!...

# יעקב בוכמאן / דער פוילישער פּאָראַט

איז דען פאַראַן ביי אַ מענטשן אַ ווינקל, אַן אָרט, וואָס זאָל אים זיין נענטער און טייערער ווי די היים־שטאָט; דאָס אָרט, וווּ זיינע קינדער־יאָרן און יוגנט זענען פאַרביי?

ניין, נישט פאַראַן אַזאַ אָרט!

דאָס היים־שטעטל איז אַ שטיק פון אונזער לעבן, פון אונזער נשמה. איז זיך נישט צו וווּנדערן, וואָס כסדר און אומאויפהערלעך האָב איך פאַר מיינע אויגן דאָס שטעטל סטאַשעוו מיט אירע טייערע יידן, ווו כ׳האָב געלעבט די שענסטע יוגנט־חלומות; געהאַט אַזוי פיל פריינט, חברים און אַרום זיך די גאַנצע פאַמיליע: טאַטע־מאַמע, ווייב און קינד, און ווו כ׳האָב דערנאָך דורכגעלעבט און דורכגעבלוטיקט די טראַגישע מלחמה־טעג, צוזעענדיק דעם גאַנצן שוידערלעכן חורבן און אכזריות, וואָס די נאַציס האָבן מיט זיך געבראַכט און דורכגעפירט. כ׳האָב צוגעזען יעדן טאָג די פאַרניכטונג פון אַזוי פיל טייערע היימען, דאָס אום׳ברחמנות׳דיקע אומברענגען פון אַזוי פיל לעבנס, ביזן אַנטגילטיקן חורבן פון יידישן סטאַשעוו.

כסדר זע איך פאַר מיר די טויזנטער סטאַשעווער יידן, ווע מענס גרויסע מערהייט ס׳האָט זיך דערנערט ביי לעדער־אַרבעט און ביי פאַבריצירן בייטשן.

מיטן אויסנאַם פון געציילטע יידן־נגידים, זענען זיי אַלע געווען גרויסע אָרעמעלייט; שווער געהאָרעוועט אויף אַ ביסל פרנסה. און דאָך זענען עס געווען יידן, וועלכע האָבן געלעבט מיט בטחון אין אַלטן יידישן גאָט און פלעגן אויספילן די בתי־מדרשים. אַנ־

דערע סטאַשעווער יידן האָבן געזוכט די לייזונג פון זייער נויט אינעם סוף פון דער סאָציאַל נישט־יושרדיקער וועלט־אָרדענונג, גרופּירנדיק זיך אַרום די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס.

ביז היינט צו טאָג, טראַכטנדיק וועגן מיין היים־שטעטל, באַוווּנדער איך די קאַכעדיקע ענערגיע פון די סטאַשעווער יידן, וועלכע זענען געווען טעטיק אין פּאָליטישע פּאַרטייען און אין קולטור־אינסטיטוציעס. ס׳איז שווער, אומגעהויער שווער, דער געדאַנק, אַז דאָס באמת ברויזנדיקע אַקטיווע לעבן פון סטאַשעווער ישוב, וואָס האָט געציילט ביי 5 טויזנט נפשות, עקזיסטירט נישט מער; אַז זיי זענען אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער מערדערישער האַנט.

טרעט איך איצט צו דערציילן און זיך טיילן מיט אייניקע נאָר איינדרוקן פון יענע שוידערלעכע טעג פון אונטערגאַנג. כ׳וועל דערמאָנען איבערלעבענישן און נעמען פון קדושים; פון פריינט און קרובים, פון נאָענטע און טייערע, און זאָל מען מיר מוחל זיין, וואָס כ׳הויב אָן די שורות פון מיין אייגענער צעשטערטער היים, וועגן מיין קינד און וועגן מיין ווייב, וועלכע, איז געווען באַקאַנט אין שטעטל אַלס די חבר׳טע אסתר (פון דער היים גאָלדפלוס). און וואָס האָט אין די טראַגישע טעג פון דער היטלער־אָקופּאַציע געשפּילט אַ גאָר באַדייטנדיקע ראָל אין סטאַשעוו.

גלייך מיטן נאַצישן אַריינמאַרש קיין פוילן, און די אָנגעהויבענע פאַרפאָלגונגען, האָבן גרויסע מאַסן אויז

ספעציעל די ייִדישע יוגנט אָנגעהויבן צו לויפן קיין רוסלאַנד. כ׳האָב געפילט די געפאַר וואָס דראָט אונזער שטוב אַלס ייִדן, און גאַנץ ספעציעל ווייל כ׳בין אויך געווען אַ ראַטמאַן פון די לינקע פועלי־ציון, האָב איך מיך באַמיט ווירקן אויף מיין פרוי מיר זאָלן מיט אונזער קליינינקער ליליא * זיך אויך לאָזן קיין רוסלאַנד. האָט אָבער מיין פרוי זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האַלטנדיק אַז מיר דאַרפן נישט פאַרלאָזן דעם קאַמפּס־פּלאַץ, ווייל אין רוסלאַנד וועט מען אונז באַטראַכטן ווי דעזערטערן.

די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין מאַרשירן אויף די שלאַכט־פעלדער פאַרויס. די שטימונג איז, כסדר, געוואָרן אַן ערגערע און די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פאַר ייִדן אַלץ שווערערע. איך בין געווען געצוווּנגען צו גיין אַרבעטן אין אַ דייטשער פירמע, וואָס האָט געבויט אַ גרויסע אויטאָסטראַדע און וואָס איז געגאַנגען איבער קעלץ, סטאַשעוו, סאַנדאָמיערזש. די אַרבעט האָבן אויסגעפירט, מיט צוואַנג, 99 פּראָצענט ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך. די שטעקנס און די לאַפּאַטעס אין די דייטשע הענט האָבן געווילדעוועט איבער אונזערע אויסגעמאַטערטע גופים. יעדער שטיין איז דורכגעווייקט געוואָרן פון אונזערע טרערן. אַלץ אַרום אונז איז געווען איינגעהילט אין שוואַרצע פאַרבן. דעמאָלט דערשיינט אסתר מיט אַביסל עסן אין דער האַנט און דערפרישט אונז אַלעמען מיט אַביסל נייע האָפענונגען. „האַלט זיך חברה, דער עיקר זיך נישט פאַרלירן. ווער ס׳וועט קאָנען אויסהאַלטן דעם שווערן עקזאַמען, דער וועט אין קורצן זען די טאַנקן פון דער רויטער אַרמיי זיך באַוועגן אויף די, דורך אייך, געבויטע שאָסייען״.

אַלץ האָט זיך באַשטעטיקט, אָבער זי האָט עס נישט דערלעבט און פון אונז נאָר איינצלנע.

מיט יעדן טאָג זענען אָנגעקומען אַלץ שוואַרצערע ידיעות פון פיזישער אויסראָטונג פון ייִדן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך.

די געפאַר ווערט אַלץ גרעסער און דערנענטערט זיך צו אונז. מ׳הויבט שוין אָן אַריינטרייבן די ייִדן פון אַרומיקע שטעטלעך צו אונז אין געטאָ, און ס׳ווערט אַלץ ענגער. יעדער פילט וואָס דאָס באַטייט. אסתר פאַרשטייט איצט די דרינגנדיקע אויפגאַבע, וואָס די צייט האָט אויף איר אַרויפגעלייגט, און כאָטש זי איז קראַנק לאָזט זי זיך איבער די געסלעך פון געטאָ. זי מונטערט אויף די דערשלאָגענע, אַפּאַטישע פּנים׳ער און מיט אירע פלאַמענדיקע ווערטער צינדט זי אָן ביי אַלעמען די אויסגעלאָשענע אויגן. און אַז די קראַנקהייט האָט איר נישט דערלויבט צו קומען אין גאַס האָבן די מענטשן זי אויפגעזוכט אין שטוב. אַזוי איז מיין שטוב געוואָרן אַ הויז פון טרייסט פאַר אָנגעווייטיקטע הערצער, אַן אונטערשיד צו וואָסער סאָציאַלער שיכט זיי האָבן אַמאָל געהערט.

מען האָט געוווּסט, אַז אסתר האַלט אין האַנט דעם פּולס פון די פּאָליטישע געשעענישן. אויך אונזער קליינע ליליא האָט אויף איר אייגענעם, קינדערישן אופן געהאָלפן דער מוטער אין איר אַרבעט; ווען די מענטשן האָבן אַריינגעבראַכט דאָס געוויין פון דער גאַס, איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן דאָס פיר־יאָריקע קינד און האָט די מענטשן איינגענומען מיט באַרואיקנדיקע ווערטער, וועלכע זי האָט געהערט פון דער קראַנקער מוטער און פילמאָל האָט זי פאַר זיי אויך געזונגען אַ רעוואָלוציאָנער־לידל.

אין גאַס זענען אַרומגעגאַנגען ווערסיעס, אַז אסתר שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. אין די דאָזיקע ווערסיעס האָט געשטעקט אַ שטיקל אמת. זי האָט געזוכט אַ וועג אָנצוקניפן אַ קאָנטאַקט מיט אַזאַ אינסטאַנץ, אָבער גלייכצייטיק האָט זי נישט געוואָלט פאַרלירן קיין צייט אויף צו אָרגאַניזירן די מאַסן. אַז ס׳וועט קומען דער מאָמענט זאָלן זיי זיין גרייט.

מיט גרויסע מי האָט זיך אונז איינגעגעבן, מיט דער הילף פון חיים פרידמאַן און וועלקע ערליכמאַן,

*אין יענע פאַר׳מלחמה׳דיקע יאָרן זענען די דריי „ל״ (לענין, ליבקנעכט און לוקסנבורג ראָזא) געווען ביז גאָר פּאָפּולער. דערפון דער נאָמען פון אונזער טעכטערל.

אַריינצובערענגען אין אונזער שטוב אַן אַנפירער פון דער פּוילישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן מיט אים קאָנפערירט אַ לענגערע צייט; מיר האָבן אים איבערגעגעבן, אַז די יידישע מאַסן זע־נען גרייט צום קאַמף קעגן געמיינזאַמען שונא. זיי וואַרטן נאָר אויף זייער רוף. אַ חוץ אַלעם איז פאַראַן אַ גרופּע אויסגעשולטע יידישע סאָציאַליסטן, וואָס ווילן שוין אַריינטרעטן אין זייערע קאַמפּס־רייען. אָבער דאָ איז געקומען די גרויסע אַנטוישונג:

מיך דערוווסט ווען אַן אינצידענט מיט אַ יידישן פּאָליציסט עמנואל ג׳ינזבורג: ער האָט געטראָפן מיין פרוי ליגן אַ קראַנקע אין בעט און דאָך האָט ער איר באַפוילן שוין צו פאַרלאָזן די וווינונג, ווייל דער בלאָק וווּ מיר וווינען וועט באַזעצט ווערן דורך דער יידישער פּאָליציי, גלייך נאָכדעם ווי די יידן וועלן פאַרלאָזן די שטאָט. מיין פרוי האָט אים אַריינגעזאָגט אַ פּאָר שאַרפע ווערטער, וואָס ער איז נישט געווינט געווען צו הערן. דראָענדיק איר אַרויסצוואַרפן צו־



עבודות כפייה בפיקוח „א.ד.״ — צוואַנגס־אַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון „א. ד.״

— „פּאָר יידן — האָט ער אונז דערקלערט — איז אין אונזער אָרגאַניזאַציע קיין פּלאַץ נישט פאַראַן״.

ס׳איז שווער איבערצוגעבן וואָס איך, מיין פרוי און נאָענטע חברים האָבן איבערגעלעבט פון אַזאַ תשובה.

קורץ פאַרן אַרויסטרייבן די יידן פון אונזער שטאָט האָט די דייטשע פירמע עמלער קאַשאַרירט 250 יידן, צווישן וועלכע איך האָב זיך אויך געפונען. דער לאַגער איז געווען באַוואַכט דורך דער יידישער פּאָליציי. און אַ דאַנק דעם האָט זיך מיר איינגעגעבן יעדן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, צו קומען צו זיך אַהיים, צו מיין פרוי און קינד, וועלכע איך וועל באַלד אינגאַנצן פאַרלירן און נישט מער זען.

צווישן אַלע לויפנדיקע ידיעות פון טאָג, האָב איך

זאָמען מיטן בעט דורכן פענצטער האָט זי פון אויפ־רעגונג, מיטן לעצטן ביסל כוחות, זיך אַראָפּגעריסן פון בעט, און אים געוויזן די טיר. באַגלייטנדיק אים מיט די ווערטער: „אַרונטער מיט די גלאַנצנדיקע היטלען, איר באַפלעקט די געשיכטע פון אונזער יידישער מאַר־טיראָלאָגיע״. אויף מיין באַמערקן, אַז זיי וועלן נישט אויפגעבן זייער באַשלוס האָט מיין פרוי געענטפערט: „פאַרלאָז זיך אויף מיר. דאָס וועט נישט געשען, סיידן זיי וועלן די זאַכן אַרויסטראָגן פון שטוב איבער מיין טויטן קערפּער״.

די וווינונג האָט מיין פרוי פאַרלאָזט צוזאַמען מיט אַלע יידן, ווען מען האָט זיי אויסגעזידלט פון דער שטאָט.

צום לעצטן מאָל האָב איך געזען מיין פרוי און מיין קליינע ליללינקע אין אָוונט פון 7־טן נאָוועמבער 1942. ס'איז שוין דעמאָלט געווען אַ געפאַר צו פאַרלאָזן אָונט־צייט דעם לאַגער. איך האָב אָבער צוזאַמען מיט מיין פרויס קוזין, אברהם זשעזשאַק פון וואַרשע, באַשלאָסן מיטצוגיין מיט דער משפחה און צוליב דעם זענען מיר אַהיימגעגאַנגען.

אין שטוב זענען געווען פאַרזאַמלט פ.צ. חברים פון די אַרומיקע שטעטלעך אויף איבערצונעכטיקן, ווי אויך אָרטיקע חברים, שילער פון דעם קולטור־קרייז, וואָס מיין פרוי האָט אַמאָל געפירט. ס'איז זיי ווייזט אויס לייכטער געווען זיך צו געפינען, אין דער לעצטער פיינלעכער נאַכט, אונטערן גייסטיקן שוץ פון דער חבר'טע אסתר. נאָך לייכטער איז זיי געוואָרן דערזעענדיק אונז אָנקומען. די שוואַכע באַלויכטונג אין שטוב איז נאָך טונקעלער געוואָרן פון רויך פון די ציגאַרעטן, וואָס די דענערווירטע חברים האָבן אומאויפהערלעך גערויכערט. מיין קליינע ליללינקע (די משפחה האָט זי גערופן חנה'לע) האָט מיט איר קינדערישער שנעלקייט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף מיין האַלדז און מיט אירע פוכיקע צאַרטע הענטעלעך מיך אַרומגענומען, קושנדיק אָן איבערייס, ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שוין דאָס לעצטע מאָל. כ'האָב געפילט אַ שטאַרקע נויטווענדיקייט זיך אויסצולאָדענען דורך אַ ביסל וויינען, נאָר געמוזט דערשטיקן די טרערן אין האַלדז, כדי נישט אָנצווואַרפן קיין מורא אויף מיין קינד.

מיין פרוי האָט אַראָפּגערעדט פון איר קראַנקן־בעט: „חברים, איך גלויב אַז אויפן וועג וועט נאָך געשען אַ נס. מיר דאַרפן זיך האַלטן צוזאַמען און זיין גרייט צו מעשים". זי האָט אויף קיין פאַל נישט געוואָלט אַקצעפּטירן אונזער מיטגיין. אַלע אַרגומענטן, סיי מיינע און סיי פון די חברים, האָבן זי נישט געקאָנט איבערצייגן אַז מיר דאַרפן מיטגיין. זי האָט זיך געהאַלטן ביי דעם, אַז מיט דער לאָפּאַטע אין דער האַנט וועלן מיר ביידע, איך און דער קוזין, איבערלעבן דעם קריג. צוליב דער שטרענגער רעאַקציע פון מיין פרוי און איר גלויבן, אַז מיט אונזער אַרבעט וועלן מיר בלייבן לעבן, וואָרעם עס דאַרפן בלייבן עדות פון אונזער מאַרטירא־

לאַגיע, האָבן מיר געמוזט צוריקגיין ביינאַכט אין לאַגער אַריין. איבערגעבן ווענן אונזער געזעגענען זיך אין מיין שפּראַך צו אָרעם. אַ לענגערע צייט בין איך געשטאַנען הינטער דער טיר, כדי נאָך צו הערן דאָס געוויין פון מיין קינד, אָבער כ'האָב זי נישט מער געהערט. ווייזט אויס, אַז זי האָט רעאַגירט ווי די מוטער האָט איר געלערנט: „ווען די טרערן וועלן דיך שטיקן פאַרבייס שטאַרקער די ליפּן".

אינעם לאַגער איז אין דער נאַכט קיינער נישט געשלאָפן. ביים לאַגער־טויער האָבן מיר אויפגענומען די טרויעריקע ידיעות, וועלכע די יידישע פּאָליציי האָט אונז געבראַכט פון שטאָט. אָט זענען שוין אָנגעקומען די מערדער אין דער באַגלייטונג פון פיל שוואַרצע — אוקראַאינישע פרייוויליקע אין שוואַרצע אוניפאָרמען. אָט טרינקען זיי אין די גוישע שענקן און וועלן באַלד שיכור'ע זיך פונאַנדערהוליען איבער די שוצלאָזע, צאַפּלדיקע יידישע לעבנס. ס'האָט נאָך דער טאָג נישט באַוויזן צו באַהעלן די גאַסן און ס'הערט זיך שוין דער רוף פון דער יידישער פּאָליציי: „יידן, אַרויס אין מאַרק אַריין! ווער עס וועט פאַרשפּעטיקן, וועט דערשאָסן ווערן". אויך מיר אין לאַגער באַקומען אַ באַפעל צי זיין גרייט און שוין שטייען אַלע אויפן אַפּעל־פּלאַץ. גרייט אָפּצומאַרשירן.

עס באַווייזט זיך דער באַקאַנטער מערדער, אָנפירער פון די יידישע אויסזידלונגען אין ראָדעמער דיסטריקט, דער ס.ס.־מאַן שולץ. ווי אַ דורשטיקע חיה וואַרפט ער זיינע בליקן אין אַלע זייטן. באַמערקנדיק אין אונזער לאַגער אַ גרופּע יידישע פרויען, באַשעפטיקטע אין קיך, פאַלט ער אויף זיי אָן און שלאָגט זיי מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, נישט אויסמיידנדיק קיין איינע. אויף דער אויפקלערונג פון יידישן פּאָליציסט צעדערבוים, אַז די פרויען זענען קיך־אַרבעטער, שרייט ער אויס: יידן האָבן קיין רעכט צו לעבן!

פון די דאָזיקע רייד איז מיר געוואָרן אומהיימלעך קלאָר וווהין מען פירט מיין פרוי און קינד און אַלע איבעריקע יידן.

אין דעם מאָמענט באַמערקט דער ס.ס.־מאַן, אויפן היטל פון פּאָליציאַנט, אַ צייכן פון דער דייטשער

פירמע „אמלער". דערלאנגט ער אים אויך קלעפ, מיטן אויסרייד אז ער פאראומרייניקט דעם כבוד פון א דייטשער פירמע. פאר אים זענען מיר מיט אונזער ארבעט קיין מיוחסים נישט און באפעלט גלייך אפצומארשירן צום זאמל־פונקט פון אלע יידן. פארלאזנדיק דעם לאגער האב איך געפילט אן אויסלייזונג פון מיינע מאראלישע ליידן. כ'בין געגאנגען מיטן גלויבן, אז אט־אט וועל איך טרעפן מיין פרוי מיטן קינד און שאפן פאר זיי דאס געפיל, אז זיי האבן ווידער דעם אמאליקן באשיצער נעבן זיך. מיר האבן אבער נישט באוויזן אנצוקומען צום אנגעוויזענעם ארט, ווי ס'האט זיך באוויזן דער געלט־זויגער, איינזשיניער גאליק מיט א פאפיר אין האנט לויפט ער א פארסאפעטער צו צום ס.ס.־מאן שולץ און ווייזט אים א פארארדענונג פון דער העכערער מאכט, לויט וועלכער ער האט באקומען רעכט ווייטער צו האלטן די יידן אין זיין לאגער.

„ס'מאכט נישט, איך בארג זיי מיר נאר אויס און ליפער זיי דיר צו יעדן מאמענט און פארלאנג. ס'איז א ביליקער שטאף, וועלכן מען קאן דערווייל אויסנוצן פאר אונזערע מלחמה־צוועקן". דערביי האט דער איינזשיניער אין זינען זיין אייגן לעבן, ווייל אן יידן ווערט די גאנצע ארבעט פאראליזירט און ער וועט זיין געצוווּנגען צוגיין אויפן פראנט.

דאס צוריקגיין אין לאגער אריין האט ביי קיינעם נישט ארויסגערופן קיין צופרידנקייט. די מערסטע זענען געווען פארביטערט.

צו דער ארבעט האט מען אונז אין דעם טאג שוין נישט ארויסגעטריבן. ווי חיות אין די שטייגן האבן מיר ארויסגעקוקט אויף די אפגעליידיקטע יידישע גאסן פון שטעטל, וואס האבן אין זייער, אזוי פיל הונדערטער יארן, געשיכטע צום ערשטן מאל אזא ביתעולם שטילקייט איבערגעלעבט. אבער לאנג האט די שטילקייט נישט אנגעהאלטן. פון זאמל־פונקט האט זיך אנגעהויבן דער אפמארש. און א היסטעריש געוויין פון די מאמעס מיט די קינדער האט זיך דערטראגן צו אונז אין לאגער אריין. באלד איז דאס געוויין פארהילכט געווארן דורך מאשין־געווער און ביקסןשאסן, וואס האבן אנגעהאלטן א לענגערע צייט.

אין זעלבן טאג, אביסל שפעטער, האבן די דייטשע הידרעס, וועלכע זענען ספעציעל געבליבן צו דערפירן דעם חורבן ביזן סוף, זיך א לאז געטאן צו די יידישע הייזער און האבן די צאפלדיקע קרבנות, וואס זענען צוליב זייער שוואכן געזונט־צושטאנד נישט מיטגעגאנגען, דערמארדעט גלייך אין די בעטן. א שוידערלעכע סצענע האט זיך אפגעשפילט פאר אונזערע אלעמענס אויגן אנטקעגן דעם לאגער. אין הויז פון מיינע שוויגער־עלטערן זענען פארבליבן פיר נפשות: צוויי זקנות, דבורה הערצאק און רייזל טענענווורצל, דער יונגער בחור אקערמאן און דער פרוי קירשנווורצלס א קינד פון עטלעכע וואכן. ס'זענען אנגעקומען צוויי זשאנדארמען: איינער אריבער 60 יאר אלט און דער צווייטער גאר א יונגער. דער יונגער איז אריינגעגאנגען אין הויז און אויסגעפירט די עקזעקוציע איבער די דריי נפשות. בעת דאס קינד האט ער ארויסגעברענגט א לעבעדיקס, זאגנדיק, אז ער קען דאס נישט דערמארדן. דא האט דער אלטער זשאנדארם, מיט א סארקאסטיש געלעכטער, געזאגט: „גיב עס מיר און איך וועל דיר ווייזן ווי אזוי מען מארדעט א יידיש קינד". ער האט עס אויפגעהויבן מיט דער לינקער האנט ווי א האז ביי די פיסלעך און מיטן פיסטאלעט אין זיין רעכטער האנט עס דערשאסן. אין אוונט האט מען צוזאמענגעקליבן 360 דערשאסענע יידן און מען האט זיי קובר געווען אין איין מאסןקבר אויפן יידישן בית־עולם.

צווישן זיי האט זיך אויך געפונען מיין 75־יעריקער פאטער און 78־יעריקע מוטער. מיט מיינע עלטערן האב איך זיך מיט א טאג פריער געהאט געזעגנט. מיין פאטער האט מיר דאן געזאגט, אז ער האט בדעה צו גיין אויפן בית־עולם און זיך אוועקזעצן אין טלית און תפילין און אזוי ארום וויל ער אומקומען, כדי כאטש קומען צו קבר ישראל.

מיט א פארקלעמט הארץ האב איך אים אפגערעדט פון דאזיקן געדאנק. האב איך דען געקענט צוריידן מיין פאטער אליין גיין צום טויט?

געבליבן זענען 800 ייִדן, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אין אַ דייטשער שניידער־פאַבריק. זיי זענען אָבער, מיט 5 וואָכן שפּעטער, אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין פּאָניאַטעווע, ביי לובלין, און זענען אַהייב נאָוועמבער 1943 דאָרט אַלע אומגעקומען, צווישן זיי: מיין שוועסטער אדעלע און שוואָגער שלמה קומאַן, און זייערע צוויי קינדער זאשע און אברהם.

דעם לעצטן גרוס פון מיין פרוי און קינד האָב איך באַקומען פון דער פריילין דאָמבראָווסקאַ, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן ביינאַכט פון 8־טן אויפן 9־טן נאָוועמבער, ווען דער טראַנספּאָרט האָט געגעכטיקט אויף אַ נאָסער לאָנקע, ווו זיי זענען כסדר באַשאָסן געוואָרן פון די שוואַרצע באַגלייטער.

אַ באַזונדערע העלדישקייט האָט אַרויסגעוויזן מיין פרוי אויפן זאַמל־פּונקט פאַרן אָפּמאַרשירן. צווישן דער פּוילישער פּאָליציי, וועלכע האָט געהאָלפן מאַכן „אָרדענונג”, האָט איינער פון זיי באַמערקט ווי מיין פרוי באַוועגט זיך צופיל צווישן פאַרזאַמלטן עולם. האָט ער איר דערלאַנגט מיט דער ביקס עטלעכע מאָל און זי איז געפאַלן. זי האָט זיך אָבער נאָך באַוויזן אויפצושטעלן אין אים זאָגן אַ פּאָר ביטערע ווערטער: „דו באַפלעקסט דעם כבוד פון דיין פאָטערלאַנד” און דערנאָך אויסגעשריגן, „די געשיכטע וועט זיך אין דיר נוקם זיין”.

אין קאַלטן הערבסט־טאָג, ווען די פאַרפייניקטע טויזנטער ייִדן האָבן צופוס דורכגעמאַכט דעם שווערן וועג אונטער אַ האָגל פון קוילן, זענען אין די ערשטע 10 קילאָמעטער געפאַלן 750 טויטע... זיי זענען דורך די פּויערים באַגראָבן געוואָרן אונטערן דאָרף ניזשין. די ייִדן האָבן אָבער געהאַט צו גיין 35 קילאָמעטער, ביז דער באַן־סטאַנציע שטשוטשין, און ס׳איז לייכט זיך פאָרצושטעלן ביז וויפל די ציפער פון די טויטע האָט געקענט דערגרייכן.

אָבער נאָך טרויעריקער איז געווען דער גורל פון די, וואָס האָבן דערלעבט אָנצוקומען קיין שטשוטשין, ווו ס׳האָבן געוואָרט די פאַרקאַלכטע וואַגאָנען, אָפּצופירן די ייִדן אויף זייער אייביקן וועג.

צומאָרגנס, דעם 9־טן נאָוועמבער, האָט מען אונז ווידעראַמאָל געפירט, איבער די גאַסן פון נעכטיקן חורבן, צו דער אַרבעט. די קאַלוזשעס בלוט, וועלכע זענען פון פראָסט געווען פאַרצויגן מיט אַ דין הייטל, האָבן זיך געבראָכן אונטער אונזערע טריט. ס׳איז געווען אַ ווייטיק אויפצוהייבן אונזערע קעפ צו די גוישע בליקן, וואָס האָבן אונז באַגלייט פון אַלע זייטן. ס׳האָט זיך געדוכט אַז זיי באַגלייטן אונז מיט מיטלייד.

די דייטשע מערדער האָבן, מיט דער הילף פון פּוילישע פייער־לעשער, יעדן טאָג אויסגעפונען נייע בונקערס און פאַרמויערטע קעלערן מיט באַהאַלטענע ייִדן.

אַרבעטנדיק אויפן ברוק אין מאַרק, האָבן מיר געזען די שוידערלעכע סצענעס ווי מען ברענגט אַהין גרופּנווייז די באַהאַלטענע ייִדן, וועלכע ווערן אויפגעפאָדערט אַוועקצולייגן די פּעקלעך אויף איין קופּע און די אויבערשטע קליידער אויסטאָן און לייגן אויף אַ צווייטער קופּע, און אַזוי האַלב־נאַקעטע, האָט מען זיי אַרויסגעפירט אויפן ייִדישן בית־הקברות און דאָרט דערשאָסן.

ס׳איז שווער צו טראַכטן, און נאָך שווערער איז מיר איבערצוגעבן, ווי ס׳האָט אויסגעזען דאָס שטעטל נאָך דער „אויסזידלונג”, און וואָס כ׳פלעג איבערלעבן ווערנדיק געפירט צו דער אַרבעט איבער די שטעטלדיקע גאַסן, וואָס האָבן פון טאָג צו טאָג אָנגענומען אַן אַלץ מער, טרויעריק־טראַגישן כאַראַקטער. קודם־כל: די ליידיקייט אַליין. יעדעס פאַרלאָזטע, שווייגנדיקע הויז האָט אונז דערציילט וועגן סטאַשעווער ייִדן, פריינט, קרובים און אייגענע היימען, איצט פאַרלאָזטע און חרוב׳ע. אַלע הייזער זענען געשטאַנען אָפן; אַ סך מיט אויסגעריסענע טירן און פענצטער, וואָס האָבן דערמאָנט אַ מויל אָן ציין. פון די אָפענע טירן און פענצטער, פון וועלכע ס׳האָט זיך אַמאָל געהערט דאָס געזאַנג פון ייִדישע מיידלעך און בעלי־מלאכות, האָבן זיך איצט געטראָגן פעדערן פון צעריסענעם בעטגעוואַנט, וואָס אונזערע באָבעס האָבן, מיט זייערע פרומע הענט, געשליסן אַמאָל ביי קליינע נאָפט־לעמפּלעך. די פעדערן האָבן פאַרפלייצט אַלע גאַסן און זיך געטראָגן ערגעץ אין דער וועלט אַריין, דערציילנדיק וועגן אַ חורבן, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן.

די גאַסן זענען געווען ליידיק און ס'האָט געהערשט אַ שטילקייט ווי אויף אַ בית־הקברות. פון צייט צו צייט זעט מען אַרויסשפּרינגען פון וועלכן פענצטער אַ שוואַרצע קאַץ און דערזעענדיק אונזער גרופּע, פאַרשווינדט זי גלייך, אַ דערשראָקענע, אין איינעם פון די פאַרוויסטע הייזער.

אַביסל שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן, פאַר זייער נעבעכדיקע פּרייזן, אויסצופאַרקויפן די יידישע הייזלעך צו די פּויערים, וואָס צענעמען זיי און פירן אַוועק די טיילן צו זיך אין די דערפער, בעת די פרייגעוואָרענע ערד ווערט באַאַרבעט און פאַרזייט דורך די קריסטלעכע שכנים.

אין אַ געווייסן טאָג האָב איך דערזען, אַז מען איז אויך צוגעטראָטן פונאַנדערנעמען דעם דאַך פון הויז, אין וועלכן איך האָב געווינט. אַז זע איך שוין, פון אונטער דעם צענומענעם דאַך, דאָס קליינע בוידעמל און דאָס ספּעציעל אויסגעמאָלענע ווענטל, הינטער וועלכן כ'האָב מיך חדשים לאַנג אויסבאַהאַלטן פון די דייטשע פאַרברעכער. אַ טאָג שפּעטער האָב איך שוין געזען אַרויסקוקן די ווענט פון מיין שטוב, אויף וועלכע ס'האָבן נאָך געהאַנגען פאָטאָגראַפיעס פון מיינע קרובים. כ'קאָן מיך גאָרנישט אָפּרייסן פון קוקן אַהין, צו מיין חרוב־געוואָרענער היים, און כ'האָב דאָס געפיל ווי די בילדער וואָלטן צו מיר גערופן און געבעטן הילף כ'זאָל זיי אָפּראַטעווען פון אומקום.

פריער, ביז צו דער „אויסזידלונג", פלעגן אַ סך פון אונז זיך אַריינכאַפּן צו זיך אין שטוב, צו ווייב און קינד. אָבער דערנאָך איז אַלץ געווען געענדיקט. אויס שטוב, אויס היים, אויס נאָענטע. מיר ווערן געפּייניקט גאַנצע 24 שעה פון מעת־לעת, בייטאָג, ביי שווערער אַרבעט און ביינאַכט איז אויך נישט לייכטער, גיכער נאָך שווערער, געפערלעכער. בייטאָג טרייבט מען אונז אומ'ברחמנות'דיק. די נאָרמעס ביי דער אַרבעט האַלטן אין איין וואַקסן. מיר האָבן צו ברוקירן קאָלאָסאַלע מאַסן שטיינער, וואָס מוז געשען וואָס גיכער. מען טרייבט אונז אומאויפהערלעך און דאָס אַלץ קומט פאָר ביי די געשרייען „קרייץ דאָנערוועטער", „ציגיינער־באַנדע", „פאַרפלוכטע, פון גאָט פאַרלאָזטע יודען",

און פאַרשטייט זיך אויך: „איר האָט געוואָלט דעם קריג" א. אַ. זידל־ווערטער. אָבער דאָס אַלץ איז נאָך געווען האַלבע צרות אין פאַרגלייך צו דעם, וואָס מיר פלעגן האָבן אויסצושטיין אין לאַגער גופא פון די שיכּור'ע ס. ס. און דייטשע זשאַנדאַרמען. זיי פלעגן איבער אונז חוזקן און לשם פאַרווייַלונג איבערוועקן אין מיטן נאַכט און אַרויסטרייבן אויף אַפּעלן, בעת וועלכע ס'פלעגן זיך אָפּשפּילן שוידערלעכע סצענעס. גאַנץ ספּעציעל איז מיר פאַרבליבן אין זכרון אַ פראָסטיקע נאַכט אין יאַנואַר 1943. ווען אין דרויסן איז געלעגן אַ שניי פון אַ האַלבן מעטער הויך האָט מען אונז איבערגעוועקט אין מיטן נאַכט, געגעבן פינף מינוט צייט אויף זיך אָנטאָן, און ווער ס'וועט נישט באַוויזן צו זיין אין דרויסן צו די פינף מינוט וועט ווערן דערשאָסן. מ'האָט אונז אויך נישט געלאָזט אָנטאָן די שיך און אַזוי זענען מיר געשטאַנען אַ פּאָר שעה באָרוועס און האַלב נאַקעט אויפן פראָסט. אין יענער נאַכט האָבן די מערדער דערשאָסן 2 יידן: מאיר פּאַמערױצבלום און פרידמאַן.

ס'דאַרף דאָ אויך דערציילט ווערן אַז די דייטשע אינזשינירן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, פלעגן אויך אויספּרעסן פון אונז, דורך דער פאַרמיטלונג פון די יידישע ביוראָ־אַרבעטער, געלט און גאָלד־זאַכן אַלס „מתנות", כדי זיי זאָלן פאַרטיידיקן און אויפהאַלטן די עקזיסטענץ פון לאַגער אין סטאַשעוו גופא, און אונז נישט אָפּשיקן אין אַנדערע לאַגערן, וועגן וועלכע ס'זענען צו אונז דערגאַנגען שוידערלעכע ידיעות.

ס'איז געווען נאָך אַ ביז גאָר וויכטיקע סיבה זיך צו שרעקן פאַר דער אויפלייזונג פון אונזער לאַגער. אַ סך פון אונז האָבן געהאַט מיט זיך געלט, אָדער באַהאַלטן געלט און סחורות ביי באַקאַנטע קריסטן, און צוליבן קאָנטאַקט מיט די לעצטע האָבן מיר, ווערנדיק כסדר געפירט איבערן שטעטל צו דער אַרבעט, זיך געקאָנט איינשאַפן לעבנס־מיטל, נישט זייענדיק אויסשליסלעך אָנגעוויזן אויף די נויט־ראַציעס, וואָס מיר פלעגן באַקומען. וואָלט מען אָבער ליקווידירט דעם לאַגער, וואָלטן מיר פאַרלוירן אַלץ און ס'וואָלט זיך

אנגעהויבן אַ גרויסע נויט און הונגער. זענען מיר דערפאַר געווען פאַראינטערעסירט אין אויפהאַלטן דעם לאַגער אויפן אָרט, מאַכנדיק, פון צייט צו צייט, געצ־ווונגענע „פּרעזענטער" צו אונזערע אינזשיניערן, דעם ס.ס.־מאַן געטשעל און גאַליק.

געפּייניקט ביי טאָג מיט די סאַמע שווערסטע אַר־בעטן און באַליידיקונגען און געפּייניקט ביי נאַכט דו־רך חוקן איבער אונז, קלעפּ און שווידערלעכע אַפּעלן, איז אונז אויך געווען פאַרווערט צו האָבן ביי זיך וועל־כע ס'איז פאָטאָגראַפיעס פון אונזערס אַ נאָענטן מענ־טשן, פון טאַטע־מאַמע, פון ווייב און קינד. אין געיעג אונז וואָס מער צו פּייניקן, איז אויך אַריינגעגאַנגען דער דאָזיקער סאַדיזם, און פאַרן געפינען ביי אונז אַ פאָטאָ פון אַ נאָענטן מענטשן, אַפילו פון אַן אייגן קינד, איז געדראָט געוואָרן מיט טויט דורך דערשיסן. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט צווישן אונז, ווען איטלעכער האָט געדאַרפט זיך שיידן מיט די בילדלעך פון די נאָענטסטע און טייערסטע. נאָר איינצלנע האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן דעם טעראָר און נישט נאָכגעגעבן די פאַרברעכער: איך האָב אויף קיין פאַל נישט געוואָלט זיך שיידן מיט די פאָטאָגראַפיעס פון מיינע נאָענטסטע, מיט די טייערע געזיכטער פון מיינע אומגעבראַכטע עלטערן, קרובים, און בילדער פון די ערגעץ „פאַרטריבענע" ווייב און קינד. זאָל געשען וואָס ס'וועט געשען. ס'איז נישט אויסצודערציילן דורך וואָס פאַראַ גיהנום פון געפאַר כ'האָב געהאַט דורכצוגיין כדי צו ראַטעווען די פּאָר פאָטאָגראַפיעס, דאָס לעצטע וואָס איז מיר פאַרבליבן פון מיין פריערדיק לעבן, וואָס איז אַזוי אכזריות'דיק צעבראָכן געוואָרן.

ווי ווייט אונזערע נשמות זענען געוואָרן געפּייניקט וועט אויך אילוסטרירן דער פאַל ווען אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונז אָנגעהויבן ברענגען אַלס שטיינער אויף די מצבות פון יידישן בית־עולם, און געצוואונגען מיט זיי צו ברוקירן דעם סטאַשעווער מאַרק, און דווקא מיט די אויפשריפטן אַרויף. אונזערע שונאים האָבן אַפילו נישט געשוינט די געשטאָרבענע.

אין אַזעלכע באַדינגונגען ווערן קלאָר און פאַרש־טענדלעך די דיסקוסיעס, וואָס זענען אָפט אָנגעגאַנגען צווישן אונז מכוח די אויסזיכטן און האָפענונג, אַז דורך דער אַרבעט אין לאַגער זאָלן מיר קענען ראַטע־ווען אונזערע לעבנס. געווען צווישן אונז אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרוויגן פון דער דאָזיקער אילוזיע, אַז טראָץ די טראַגישע באַדינגונגען, וועלן מיר, אַלס אַרבעטער, ווערן אָפּגעשוינט. איינמאָל איז צו אונז אַריינגעפאַלן אַ דייטשע צייטונג, מיט געבעלס'נס אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט גערעדט מכוח דער טאָטאַלער אומברענגונג און פולשטענדיקער אויסראָ־טונג פון אַלע יידן, ביז צום סאַמע לעצטן. די דאָזיקע רעדע האָט אויף אונז שרעקלעך געווירקט און צעש־טערט די אילוזיע פון קענען איבערלעבן אַ דאַנק אונ־זער אַרבעט. אין רעזולטאַט פון דער אַנטוישונג זענען טאָקע אייניקע יידן, זייענדיק ביי דער אַרבעט, אַנט־לאָפן אין וואַלד אַריין צו די „אומלעגאַלע", וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַרומיקע סטאַשעווער וועלדער, און אַ גרויסע צאָל פון זיי פלעגט געשטיצט ווערן מיט לעבנס־מיטל טאַקע דורך אונז גופא. מיר פלעגן צווישן זיך צונויפנעמען געלט, איינשאַפן אַמאָל אַ זעקל קאַרטאָפל, עטלעכע ברויט און, פאַרנדיק מיט לאַסט וועגענער צו דער אַרבעט, אַראָפּוואַרפן די פּראָדוקטן אויף פריער אָפּגעשטימטע ערטער, ווו זיי פלעגן שוין אָפּוואַרטן פאַרשטעקטערהייט.

אגב, האָבן די דאָזיקע אומלעגאַלע יידן דורכגע־מאַכט אַ שווערע טראַגעדיע. די דייטשן פלעגן זיך איבערטאָן אין ציווילע קליידער און זיך לאָזן ווי יעגער איבער די וועלדער, שיסנדיק יעדן טאָג אַנדע־רע יידן. פיל מאָל האָבן זיי די קרבנות נישט געלאָזט אַראָפּרוימען, כדי די חברים זאָלן קומען זיי קובר זיין, און בעת זיי האָבן זיך דערנענטערט צום קרבן זענען זיי באַשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן, וועלכע האָבן זיך צו דעם צוועק פאַרשטעקט הינטער די קוס־טעס. אויף אַזאַ אופן איז געפאַלן דער געוועזענער ראַטמאַן פון די לינקע פּועלי־ציון מרדכי גאָלדפעדער.

דאָ וועל איך מאַכן אַ ווינציקן אָפּנויג, כדי צו דערציילן צו וואָס פאַראַ כיטרע שטיק די דייטשן

האָבן געקענט דערגיין, אין וואָס האָט אויף דאָס ניי געקאָסט יידישע לעבנס:

אַנהויב יאָר 1942, ווען דער היטלער־רעזשים האָט אָנגעהויבן מיט אויסזידלונגען, וואָס זענען באַשטאַנען אין מאַסן מאָרד, פאַרוויסטונג און אומקום, האָט צו די ערשטע שטעט פון פאַרניכטונג געהערט די שטאָט מיעלעץ אין גאַליציען, נישט ווייט פון סטאַשעוו (פון דער אַנדערער זייט ווייסל).

געווען איז דאָס אין מערץ 1942. איינצלנע אַנטלאָפענע האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען און זענען אַנגעקומען קיין סטאַשעוו. אין אַנהויב אַפּריל, ווען צוויי פון די רייכסטע מיעלעצער יידן האָבן זיך געפונען אויף דער גאַס, איז דורכגעפאָרן אַן אויטאָ מיט געסטאַפּאָ־לייט פון טאַרנאָוו. זיי האָבן פאַרכאַפּטביידע יידן און זיי אַרויסגעפירט אין וואַלד ווישניובקע, 10 קילאָמעטער פון סטאַשעוו, צו אַ הויז, וווּ ס'האָבן זיך געפונען פוילישע אונטערערדישע קעמפער. די געסטאַפּאָ האָט אָבער מירא געהאַט דאָרט צוצוגיין. האָבן זיי איבערגעטאָן די יידן אין דייטשע מונדירן, כדי אַזוי אַרום אויספּרובירן די כוחות פון די ווידערשטענדלער.

ווען די אומגליקלעכע יידן האָבן זיך דערנענטערט צום הויז האָט זיך פון דאָרט געעפנט אַ שיסעריי און ביידע זענען געפאַלן טויט. די געסטאַפּאָ האָט דאַן געוואָרפן אויפן הויז גראַנאַטן און דאָס גאַנצע הויז חרוב געמאַכט, אומברענגענדיק אויך די, וואָס האָבן זיך געפונען דערין.

דערנאָך איז די געסטאַפּאָ געקומען אין שטאָט אַריין. די יידישע געמיינדע האָט באַקומען אַ באַפעל צו געבן 20 יידישע אַרבעטער, בכדי אויפצוראַמען די חורבה, ווי ס'איז אויך געווען איינגעגראָבן אַ ראַדיאָ־סטאַנציע.

פאַרענדיקט די אַרבעט האָבן די געסטאַפּאָ־לייט זיך לוסטיק געמאַכט אויפן חשבון פון די יידן, פייניקנדיק זיי ביז גאָר. דעם אַרבעטער בעריש בוים האָבן זיי אַרויפגעלייגט אַ ציגל אויפן קאָפּ. אַרבנדיק זיך ווער פון זיי ס'וועט בעסער שיסן און טרעפן אין ציל!

איינעם האָבן זיי אַפילו געצוווּנגען צו האַלטן אַ שוועבעלע אין האַנט. און אַזוי זיך געצילט און געשאָסן אין שוועבעלע... אין ועלבן אָוונט האָבן זיי דערשאָסן אַ יידישן פּליט פון וואַרשע, אַנטרעפנדיק אים אַדורכגיין די גאַס.

נאָכן אָפּרוימען דאָס הייזל פון די ווידערשטענדלער זענען זיי אַריין אין אַ רעסטאָראַן זיך אָנפּרעסן און געצוווּנגען אייניקע יידן צו שטיין אין דרויסן פאַר דער טיר. יעדעס מאָל האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן די דורך זיי אָפּגעגריזשעטע ביינער און געצוווּנגען די, אין דרויסן שטייענדיקע, יידן זיי אויפצוהייבן, נעמען אין מויל און נאָגן.

יאָ, די אידעלע, הויכע ראַסע!..

אַ געוויסן טאָג, ווען מיר האָבן זיך גענומען צו אונזער אַרבעט, האָבן מיר באַמערקט אַז „אומלעגאַלן״ יידן הינטער אַ קוסט וואָס ווינקט צו אונז, אַז ווער פון אונז זאָל זיך דערנענטערן צו אים.

ער האָט דערציילט, אַז די לעצטע נאַכט האָבן די פוילישע באַנדיטן דורכגעפירט אַ גרויסע שחיטה; פיל יידן זענען אומגעקומען אין די בונקערס, און אויך גאַנצע פאַמיליעס. די דער׳הרג׳עטע זענען געלעגן עטלעכע טעג נישט באַגראָבן. אויס מורא איז נישט געווען ווער ס׳זאָל זיי קובר זיין.

אַ געוויסן טאָג, ווען ס׳האָט שטאַרק גערעגנט, זענען צו אונז אַרויסגעקומען די „אומלעגאַלע״ העניעק בעקער און מרדכי גאָלדפלוס און געבעטן מיטצוגיין מיט זיי, כדי קובר צו זיין די מתים, וועלכע ליגן די גאַנצע צייט אונטער דעם גרויסן רעגן.

פון א׳נזער חברה האָט קיינער נישט געוואָגט אָוועקצוגיין פון דער אַרבעט. וויסנדיק וואָס פאַראַ געפאַר עס דראָט דאָרט האָבן מיר אויך זיי אָפּגערעדט דערפון. אין דעם מאָמענט האָט זיך העניעק בעקער געגעבן אַ ריס פון אָרט און אויסגערופן צו מרדכי׳ן: „מיט מיינע הענט מוז איך זיי קובר זיין, און ווען כ׳וועל פאַלן, וועל איך פאַלן אויף מיינע חברים און מיין בלוט וועט זיך אויסמישן מיט זייער בלוט אין איין קדושה״ — און זיי זענען אָוועק.

מיר האָבן נישט געקענט רוען ביז מיר האָבן אים, צומאָרגנס, ענדלעך דערזען אַרויסקומענדיק צוריק פון

וואלד א לעבעדיקן. העניעק בעקער׳ן, מיט זיין שטארקער אטלעטישער פיגור, איז נישט געווען מער צו דערקענען — דער אטלעט האט זיך צוזאמענגעבראכן און געוויינט ווי א קליין קינד.

— „יא, — האט ער געזאגט — כ׳האב מיין חוב דערפילט. כ׳האב קובר געווען מיינע חברים, אבער ווער וועט זיך אויף מיר מרחם זיין, ווער וועט מיך קובר זיין?"

סוף 1943 איז העניעק בעקער געפאלן פון די הענט פון די פוילישע באנדיטן, אבער ווו און ווער ס׳האט אים קובר געווען, ווייס קיינער נישט.

ביים דערציילן וועגן די דייטשע האנדלונגען אין באצוג צו אונז יידן, איז נישט מעגלעך זיך אפצו־האלטן פון אנרופן זיי „מערדער", „פארברעכער", „בעסטיעס". א.א.וו. דידאזיקע באצייכענונגען, בעת׳ן רעדן וועגן די דייטשן, טרעפט מען אן ביי יעדן וואס שרייבט און דערציילט זכרונות פון די טראגישע טעג און אזוי אויך ביי מיר גופא. פונדעסטוועגן בלייבט ערגעץ טיף אין דער נשמה א געפיל, אז די, וועלכע האבן געהאט דאס גליק נישט צו זיין אין זייערע לאפעס, וועלן קיינמאל נישט באגרייפן ווי ווייט דאס דייטשע פאלק איז אראפגעזונקען אין אפגרונט פון גרויזאמקייט און אוממענטשלעכקייט, און אז די עפי־טעטן „מערדער" א.א.וו. געבן א גאר נעבעכדיקן באגריף פון דייטשער אכזריות און ראפינירטער בעסטיאלישקייט. וויל איך דעריבער פארענדיקן מיינע קורצע זכרונות מיט אן עפיזאד, וואס האט זיך אפגעשפילט אין פרי־לינג 1943 אין סטאשעוו און וואס איז איינגעקריצט אין מיין געמיט אויף מיין גאנץ לעבן. און כ׳צווייפל נישט אויף קיין איין אויגנבליק, אז פון די נאכקומענ־דיקע שורות וועט איטלעכער גאר טיף דערפילן דעם גאנצן שוידער, אויף וועלכן ס׳איז געווען פעאיק און צו וועלכן ס׳איז דערגאנגען דאס פאלק פון מוזיקער, דענקער און פילאזאפן — די איידעלע הויכע דייטשע ראסע ימח שמה.

4—5 קילאמעטער פון סטאשעוו איז געלעגן דאס דארף ריטווין, ווו ס׳האבן זיך געפונען פארשידענע אונטערנעמונגען, וואס האבן אנגעהערט צום פירשט ראדזיוויל, און ווו ס׳האבן געלעבט ביי א צען יידישע משפחות. פארשטייט זיך, אז די יידן פון ריטווין האבן גלייך, פון ערשטן טאג אן פון די דייטשנס אריינקומען, געהאט אויסצושטיין אלע פארפאלגונגען און לסוף זענען זיי אריינגעטריבן געווארן אין סטאשעווער געטא.

אבער אין ריטווין איז איבערגעבליבן אן איין־און־איינציק יידיש קינד. דאס איז געווען א 17—18 יעריק מיידל, א טאכטער פון דער ריטווינער משפחה לעוו־קאוויטש. ס׳האט זיך אזוי געמאכט, אז דער דייטשער קאמענדאנט פון ריטווין, וואס האט געדארפט א דינסט פאר זיין ווייב און קינדער, איז אויפמערקזאם געווארן אויף דעם יונגן מיידל לעווקאוויטש, וועלכע איז גע־ווען פרעכטיק אנטוויקלט, שיין, הויך, געזונט און אויסגעזען נישט פון 17—18 יאר, נאר ווי פון א יאר 25. און כאטש זי איז געווען א יידישקע האט ער פונדעסטוועגן זי געהאלטן ביי זיך, שוין דערפאר וואס דאס איז געווען א שקלאף, וואס האט נישט געקאסט קיין איין גראשן, געארבעט איבער די כוחות און גע־קראכן אירע בעלי־בתים אונטער די נעגל, כדי אזוי ארום זיך אפשר צו ראטעווען פון אומקום. די דייטשע בעלי־בתים זענען געווען אזוי ווייט צופרידן פון דעם זייער פעאיקן יידישן מיידל, אז ווען ס׳איז אנגעקומען דער טאג פון „אויסזידלען" די ריטווינער יידן און איבערשיקן זיי אין סטאשעווער געטא, האבן זיי דאך איבערגעלאזט ביי זיך די יידישע שקלאפין. דער קא־מענדאנט האט זיך באמיט צו באקומען דערויף די דערלויבעניש פון זיינע שעפן.

אבער די העכערע מאכט האט אפגעווארפן די ביטע פון ריטווינער קאמענדאנט און פאראָרדנט גלייך אפ־צושיקן דאס יידישע מיידל אין געטא פון סטאשעוו, כדי זי זאל טיילן דעם זעלבן גורל, וועלכן די „הויכע ראסע" האט באשטימט פאר די דארטיקע יידן.

שטייענדיק פאר אן אפזאג האט דער ריטווינער קאמענדאנט נישט געהאט קיין אנדערע ברירה ווי אויספירן דעם באפעל. האט ער אבער געוואלט טאן א טובה זיין קאלעגע, דעם קאמענדאנט פון סטאשעוו. וועמען ער האט זייער אויסגעלויבט די פעאיקייטן פון

דעם יידישן דינסט־מיידל. דער סטאַשעווער קאָמענדאַנט, וואָס האָט אייך געהאַט ביי זיך זיין פאַמיליע, דערונטער אויך גאָר יונגע קינדער, האָט איבערגענומען צו זיך די יידישקע און זיך גאָר גיך אַליין איבערצייגט אין די גרויסע מעלות פון דעם יידישן מיידל. אירע נייע בעלי־בתים זענען פון איר געווען ביז גאָר צופרידן, און גאָר ספּעציעל האָט דאָס מיידל געוווּסט ווי אַזוי צו געווינען די ליבשאַפט פון די דייטשע קינדער, וועלכע האָבן זיך אָן איר ממש נישט געקאָנט באַגיין. יעדן טאָג פלעגט די יידישקע פירן אין אַ וועגעלע די קינדער שפּאַצירן, און ווייל דאָס אַלץ איז געשען אין דער שטאָט, ווו יידן האָבן זיך נישט געטאָרט באַווייזן, פלעגט הינטער דעם מיידל נאָכגיין אַ באַוואָפנטער סאָלדאַט, זי צו היטן.

דערנאָך איז געקומען די אויסזידלונג. מ׳האָט אויסגעליידיקט דעם געטאָ, אַלע יידן דעפּאָרטירט, אויסגעשאָסן די, וועלכע מ׳האָט אָנגעטראָפן נאָך אין זייערע היימען, אויסגע׳הרג׳עט די באַהאַלטענע אין די בונקערס — און סטאַשעוו איז געוואָרן יידן־ריין. ס׳איז פאַרבליבן בלויז אונזער לאַגער און אינעם שטעטל די איינציקע יידישקע, דאָס מיידל לעווקאָוויטש, די דינסט ביים קאָמענדאַנט.

פלעגט מען דאָס איינציק־פאַרבליבענע יידישע מיידל זען יעדן טאָג אין שטאָט־גאָרטן שפּאַצירן מיטן קאָמענדאַנטס קינדער, און פון הינטן דער באַוואָפנטער דייטשער סאָלדאַט.

דערנאָך האָט דאָס יידישע מיידל באַקומען נאָך אַן אויפגאַבע: אירע בעלי־בתים, „איידעלע" מענטשן פון דער העכער ראַסע, האָבן ליב געהאַט וואָס איז איידל, שיין. מיטן אָנקומען פון פרילינג, ווען ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע בלומען, פלעגט דאָס מיידל, בעת׳ן פאַרברענגען מיט די דייטשע קינדער אין שטאָט־גאָרטן, דאַרפן גלייכצייטיק אויך אָפּשניידן בלומען, וועלכע זי פלעגט צוריקקומענדיק אַריינשטעלן אין וואַזאָנען.

אין אַ געוויסן פרילינגס־טאָג 1943, ווען די זון האָט אַזוי מילד געוואַרעמט און געוועקט אַ האָפענונג איבערצולעבן און דערלעבן דעם סוף פון די פּייניקער, איז די יונגע לעווקאָוויטש געגאַנגען, ווי געוויינלעך, מיט די דייטשע קינדער שפּאַצירן אין שטאָט־גאָרטן און ווי אַלע מאָל איז איר פון אונטן נאָכגעגאַנגען געלאַסן, פאַמעלעך, נישט געאיילט, דער דייטשער באַוואָפנטער סאָלדאַט, וואָס האָט די גאַנצע צייט זיך צוגעפּאַסט צו די טריט פון דער יידישקע.

האָט עס דען דעם אָרעמען יידישן מיידל געקאָנט איינפאַלן, אַז דאָס איז איר לעצטער שפּאַציר? אַז דאָס גייט זי איצט אַנטקעגן דעם טויט, וואָס גייט איר נאָך טריט נאָך טריט און אַז אָט־באַלד וועט עס געשען?.

ס׳איז געווען אַ טאָג ווי אַלע טעג. די באַציאונג פון אירע בעלי־בתים צו איר איז נישט געווען היינט אַנדערש ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן. אָט גייט זי דאָך שפּאַצירן מיט זייערע קינדער און איז באַוואַכט פון אַ באַוואָפנטן דייטשן זעלנער, וועלכער „גיט אַכטונג", אַז עס זאָל איר חלילה נישט געשען קיין שלעכטס. האָט איר געקאָנט איינפאַלן, אַז דער זעלבער זעלנער האָט שוין אין קעשענע דעם אָרדער צו פאַרענדיקן מיט איר יונג לעבן?

בעת׳ן „אויסזידלען" און דעפּאָרטירן די יידן פון סטאַשעוו האָט דער קאָמענדאַנט, פונקט ווי זיין קאָלעגע פון ריטווין, זיך געוואָנדן צו דער העכערער מאַכט מען זאָל אים איבערלאָזן די „נוצלעכע" יידישע דינסט און נאָך אייניקע חדשים איז לבסוף אָנגעקומען אַן... אָפּזאָג: „נישט פאַראַן קיין נוצלעכע יודען". דער אָפּזאָג איז גלייכצייטיק געווען אַ טויט־אורטייל, וואָרעם אויב די יידישקע איז פריער נישט געוואָרן אויסגעזידלט און דעפּאָרטירט, צוזאַמען מיט אַלע יידן פון סטאַשעווער געטאָ, איז זי איצטער אַרונטערגעפאַלן דעם „געזעץ" פון „אומלעגאַלע יידן", וועלכע מען דאַרף אומברענגען גלייך ביים באַגעגענען.

האָט מען דאָס אָרעמע יידישע מיידל געלאָזט מאַכן מיט די דייטשע קינדער דעם שפּאַציר אין שטאָט־גאָרטן ווי יעדן טאָג. און ווען דער קרבן האָט ווי געוויינלעך זיך אַראָפּגעבויגן, כדי אָפּצושניידן בלומען

באר אירע בעלי־בתים. האט דער דייטש אראפגענומען פון זיין אקסל די ביקס און אריינגעשאסן אינעם מיידל אלע קוילן וויפל ער האט פארמאגט.

דאס ארעמע יידישע קינד איז געפאלן טויט און אירע הענט האבן קאנוולסיוו צונויפגעדריקט די פריש אפגעשניטענע בלומען.

אזוי איז אין פרילינג 1943, אין א פרעכטיקן זוניקן טאג, אומגעקומען דאס אכצן־יעריקע יידישע מיידל לשווקאוויטש פון ריטווין.

— — — — — — — — — —

דארף איך נאך עפעס צוגעבן צום נאר וואס דערציילטן? כ'מיין, אז ס'איז איבעריק.

סאבינע איידלסבערג־ווישליצקא ניו־יארק /

# א סדר־נאכט אין אוישוויץ



דאס איז געווען אין יאר 1944, ווען די נאציס איז שוין געגאנגען מיט דער פרטער אראפ, ווען זיי האבן שוין געליטן גרויסע מפלות — סיי אויף די פראנטן, סיי פון די וואקסנדיקע אונטערערדישע כחות. דאך האבן זיי נאך אלץ נישט געוואלט אפשטעלן זייער טייוולאנישע אויסראטונגס־ארבעט. פארקערט: זיי האבן מיט א פיבערהאפטיקער שנעלקייט געזוכט צו פארניכטן, אזוי ווייט ווי זייער טמא'דיקע ממשלה האט דערגרייכט, דאס קליינע רעשטל, דעמאלט נאך פארבליבענע יידן.

אין איינעם פון די זעכציק בלאקן פונעם פרויען־לאגער אין בירקענאו, בלאק נומער 9, האב'ך זיך דעמאלט געפונען, צוזאמען מיט נאך טויזנט פרויען, אנגעקומענע מיט א טראנספארט פון לאדזשער געטא. געווען איז דאס א לאנגע, שמאלע, האלב־פינצטערע האליע, פראוויזאריש אויפגעבויט פון ברעטער. פון פראנט איז געווען א ברייטער טויער, ווו אין דער הייך האבן זיך געפונען א פאר גלעזערנע שייבעלעך, דורך וועלכע ס'האבן אריינגעקוקט ארומגעצוימטע עלעקטרישע דראטן. אין הינטערגרונט, פונקט קעגנאיבער דעם פראנט־טויער, איז געווען א ברייטער איינגאנג צום אפעל־פלאץ. אין מיטן פונעם בלאק, פון איין עק טויער ביז צום אנדערן, האט זיך לענגאויס געצויגן א ציגלנע מויער, א מעטער הויך און א צוויי מעטער די ברייט. די דאזיקע מויער האבן מיר געקרוינט מיטן נאמען: „עקזעקוציע־מויער", ווייל אלע שטראפן זענען דארטן געווארן אויסגעפירט. ווען די דאזיקע מויער וואלט נישט געווען טויב־שטום וואלט זי געהאט א סך צו דערציילן... ווען עמעצער פון אונז האט זיך מיט עפעס וואס „פארשולדיקט" (געוויינט צו הויך, אדער זיך געשאלטן) האט מען שעה'ן לאנג געמוחט דארטן קניען און מיט צוויי שווערע ציגל האלטן די הענט גאנץ הויך. אנשפארנדיק זיך אויפן ברוסט־קאסטן האט דער קאפ פון קרבן אראפגעהאנגען און אויסגעקוקט ווי א בעל־תשובה, וואס איז באגאנגען עפעס א שרעקלעך פארברעכן.

פון ביידע זייטן פון „עקזעקוציע מויער", אונטערגעבעט מיט פארפוילט, שמוציק שטרוי, זענען געזעסן אויף דער ערד, איינגעפרעסטע, הארט איינע ביי דער אנדערער, בארוועסע, האלב־נאקעטע, פארהונגערטע סקעלעטן פון פרויען־באשעפענישן. זייער גאנצע קליידונג איז באשטאנען פון א שמוציק אלט צעריסן קלייד — אויפן הוילן לייב — פון וועלכן ס'האבן זיך ארויסגעזען קערפער־טיילן, וואס דארפן דווקא ביי א פרוי זיין צוגעדעקט. ווי אויף להכעיס האט א נידעריקע פרוי באקומען א לאנג קלייד, וואס האט זיך נאכגעשלעפט נאך די פיס און געשטערט צום גיין,

בעת אַ הױכע פֿרױ האָט באַקומען אַ גאַנץ קורץ „עקדת־יצחק״ קלײדל, פֿון װעלכן ס׳האָבן אַרױסגעקוקט נאַקעטע קניען.

אױף די אָפּגעגאָלטע קעפּ, גלאַטיק װי די האַנט, הײבן אָן בײ אַ סך די האָר צוריק צו װאַקסן, װילד און שטײף װי די סטרונעס — װאָס האָט זײ צוגעגעבן אַן אומפּענטשלעך־משונה׳דיקן אױסזען.

פֿון אונטער זײערע האַלב־פֿאַרלאָשענע אױגן האָבן אַפּירגעקוקט בלאָע הונגער־קישעלעך... פֿון געשװילעכץ. אױפֿן אָרט פֿון די באַקן האָבן זיך געזען אײנגעפֿאַלענע גריבער מיט אױסשטאַרצנדיקע בײנער. בײ אַ סך זענען די בײכער געװען הױכע פֿון געשװילעכץ, דאַקעגן הענט און פֿיס — לאַנגע, אױסגעטריקנטע, װי בײ אַ סקעלעט. בײ אַנדערע װידער פֿאַרקערט: די פֿיס געשװאָלענע װי די פֿעסער און דער קערפּער אײנגעשרומפּן און קלײן װי בײ אַ פֿינף־יאָריק קינד, אַזױ אַז ס׳איז פּשוט שװער געװען צו גלײבן, אַז די אומנאַרמאַל־גרױסע געשװאָלענע פֿיס געהערן צו אַזאַ קלײנעם קערפּער. אױפֿן ערשטן אױגנבליק איז אױך אוממעגלעך געװען צו אורטײלן צו װעלכער עלטער, אָדער געשלעכט, זײ געהערן.

די לופֿט איז געװען געדיכט און שטיקנד. אַ בית־עולם׳דיקע שטילקײט האָט געהערשט איבערן גאַנצן בלאָק. פֿון צײט צו צײט האָט זיך געהערט אַ שטיל־אײנגעהאַלטענער, טיפֿער קרעכץ.

געװען איז דאָס בין־השמשות, צװישן טאָג און נאַכט. דורך אַ צופֿאַל האָבן מיר זיך דערװוּסט, אַז הײנט איז די ערשטע סדר־נאַכט.

ערגעץ פֿון אַ װינקל איז פּלוצים איבערגעריסן געװאָרן די שטילקײט: אַ היסטערישער געװײן האָט זיך אַרױסגעריסן פֿון אַ מאַמעס צעװײטיקטן האַרץ, בײ װעמען מ׳האָט דעמזעלבן טאָג — אױף אַ סעלעקציע — צוגערױבט ס׳לעצטע טעכטערל. איך בין געזעסן שטיל, דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזן אױף דער קני, װי ר׳װאָלט — כאָטש אױף אַ װײל — פֿאַרזוכט צו פֿאַרגעסן אין דער טרױעריקער װירקלעכקײט. כ׳האָב געהאַלטן די אױגן האַלב־פֿאַרמאַכט, בעת פֿאַרשידענע מחשבות און בילדער — פֿון דער װײטער און נאָענטער פֿאַרגאַנגענהײט — זענען פֿאַרבײגעפֿלױגן. כ׳האָב געטראַכט װעגן גורל פֿון מײן אײנציקן קינד: רות פּרעסמאַן. װאָס איך האָב, אַ הילפֿסלאָזע, איבערגעלאָזן אין געטאָ פֿון טאָמאַשעװ מאַזאָװיעצק.

און אָט צעשפּילט זיך בײ מיר די פֿאַנטאַזיע: ס׳איז אַ סדר־נאַכט אין מײן עלטער הײם, װען איך בין נאָך גאַנץ יונג געװען. אױפֿן טיש, װו ס׳איז אױסגעשפּרײט אַ שנײ־װײסער טישטעך, ליגט דעם טאַטנס מצה־שמורה טאָש, פֿון װעלכער ס׳שרײַען אַראָפּ די גאָלדענע אותיות: חג של פּסח. צװישן אַלע פּסח׳דיקע כּוסות שטײט די יום־טובֿ׳דיקע קאַראַפֿקע, אָנגעפֿילט מיט ראַזשינקעס־װײן. מיט מאַיעסטעטישער גרױסקײט פֿינקלט אַראָפּ פֿון טיש אליהו הנביא׳ס כּוס. אױפֿן צװײטן עק פֿון טיש שטײען פֿיר אַלטמאָדישע מעשענע לײכטער, װאָס האָבן אַמאָל נאָך געהערט צום זײדן רב נח׳עלע, און גײען איבער פֿון דור צו דור. אין שטוב הערשט אַ פֿײערלעכע יום־טובֿ׳דיקײט. צװאָמען מיט אַלע נאַפֿט־לאָמפּן ברענט אױך דער הענג־לײכטער, װאָס שײַנט אַראָפּ פֿון סופֿיט אַזױ שטאַרק — אַז ס׳איז ליכטיק אין שטוב װי אין אַ בית־כּנסת.

אָנגעטאָן אין אַ װײסן קיטל ליגט דער טאַטע — אַ האַלב אָנגעלענטער — אױפֿן היסב־בעט, און קוקט מיט רחבֿות אױף די זעקס קינדער, װאָס זיצן — מיט גרױס דרך־ארץ — אַרום דעם טיש, באַקלײדט — מכּף רגל ועד ראש — אין נײַע מלבושים.

די מאַמע טראָגט אױפֿן קאָפּ אַ װײס־באַטיסטענע קופּקע, באַצירט מיט װאַלענסיי־שפּיצן. מיט גרױס פּעדאַנטישקײט זענען אַלע האָר אַרונטערגעמאַכט הינטער דער קופּקע, אַז ס׳זאָל זיך — חס װחלילה — קײן אײן האָר נישט אַרױסזען... מיט אירע אױסגעהאָרעװעט־מאָגערע הענט פֿאַרדעקט זי ס׳פּנים, און מיט אַ הײליקײט פֿון פֿרומקײט און צניעות זאָגט זי די ברכות פֿון ליכט צינדן.

איך זיץ און זאָג נאָך װאָרט בײ װאָרט די „הגדה״: „כּל דכפֿין ייתי ויכול...״

מײן יונגסטער ברודער, נתע׳לע, פֿרעגט די פֿיר קשיות. בעת דער טאַטע, אין אַ געבראָכענער שטימע, ענטפֿערט:

„עבדים היינו לפרעה במצרים...".

מיט קינדערישער נייגיר קוק איך מיך איין אין אליהו הנביא'ס כוס, וואס שטייט נאך גאנץ פול, און קיין איין טראפן איז פון אים נאכנישט געריר״ט.

איך קוק זיך לאנג צו... פלוצים ווייזט זיך מיר אויס, אז נישט קיין ווין זע איך, נאר טרערן... יא, דאס זענען די איבערגעבליבענע טרערן, אויסגעמישטע מיט בלוט, וואס די „עקזעקוציע־מויער" האט שוין מער נישט געקאנט איינזאפן אין זיך... מיטאמאל גיט מיר דער טאטע א צייכן מיט דער האנט כ'זאל אויפ־מאכן די טיר — און איך הער ווי ער שרייט אויס מיט צארן און פראטעסט: „שפוך חמתך על הגויים...!"

— — — — — — — — — —

— א סעלעקציע! א סעלעקציע! — האבן זיך פלוצים דערהערט שטימען פון שרעק און א גרויסע פאניק איז אויסגעבראכן איבערן גאנצן בלאק.

— „אלעס ראוס!" — האט ווי א באמבע אויפ־געריסן די אויסגעפרעסענע שטים פון ד"ר מענגעלע.

דער מלאך־המות — אזוי האבן מיר אים גערופן — איז שוין ווייטער דא!

— „רבקה'לע, האלט זיך פעסט ביי מיין ארעם!" — האט א פרוי בהלה'דיק געשריגן.

— „אט האסטו דיר א סדר, ווער ווייסט צי מיר וועלן דערלעבן די צווייטע סדר־נאכט?

— „גיטל, וו ביזטו? קום אהער, לאמיר זיך כאטש האלטן צוזאמען.

— „רבונו של עולם, היט אפ מיין קינד פון מלאך־המות'ס הענט!

— „מאמעשי, רייס אפ א שטיקל שמאטע פון קלייד און בינד דיר ארום דיין פוס, אז דער מלאך־המות זאל נישט זען דיינע אייטערדיקע ווונדן" — האט א מיידל זיך געבעטן ביי איר מוטער.

א גרויסע מחנה פון פרויען־סקעלעטן האבן זיך בהלה'דיק און שנעל באוויזן, זיך געשאלטן, געקריגט, מיט אויסגעגלאצטע אויגן פון שרעק, געפאלן איינע איבער די אנדערע — ביז זיי זענען דורך די „שטר באוויס", גערופן: „שדים־ווייבער", ארויסגעטריבן געווארן, מיט הויכע, גרויסע דרענגער, דורך דער הינטער־טיר פון בלאק.

— — — — — — — — — —

ס'איז א קאלטע פרילינגס־נאכט. א בייזער, דורכנעמענדיקער ווינט טראגט זיך פון די אויסווי־צער בערג און פייפט אימה'דיק...

פון דער אנדערער זייט דראטן דרייט זיך — אהין און צוריק — א באוואפנטער מיליטער־מאן און בורטשעט עפעס בייז צו זיך אליין...

יעדער טריט פון זיינע זעלנערישע, שווערע, הויכע שטיוול, אין דער נאכט־שטילקייט, הילכט אפ, אין אונזער צעטרייסלטן נערוון־סיסטעם, ווי א טרויעריקער איכה־ניגון...

מידע און פארשמאכטע זענען מיר — האלב־נאקעטע — געשטאנען אין דרויסן פארן בלאק, צו פינף אין א ריי, זיך געטוליעט איינע צו דער אנדערער, און שעה'ן־לאנג, געווארט אויף אונזער פסק־דין..

— — — — — — — — — —

אזוי האבן מיר „פארברענגט" די ערשטע סדר־נאכט, אין יאר 1944, אינעם „פרויען גן־עדן" בירקענאו, וואס איז געווען אן אפטיילונג פונעם גרויסן אויסראטונגס־לאגער — אוישוויץ.

# יצחק קאזוכאוויטש אור־יהודה / א בריוו צום טאטן

דיין לעצטן בריוו האָב׳ך דערהאַלטן.
דאָ אין סוועטערדלאָזשעק דעם קאַלטן.
כ׳לייען דיין בריוו. ס׳האַרץ וויינט, די נשמה זיך רייסט —
וואָס קאָן איך אייך העלפן? איך האָב נישט קיין טרייסט.

דו שרייבסט. אַז פון טאָג־צו־טאָג ווערט שווערער,
די שטאָט ווערט פון יידן מינער און לערער;
אַז מען רויבט, מען מאָרדעט די יידישע עדה,
יעדן טאָג אַ צווייטן ייד פירט מען צו דער עקדה.

איר האָט קיין כוח שוין מער צו די אַפטע גזילות —
ס׳נישטערן אין אייער היים קרעציקע נבילות;
רויבן דעם לעצטן ביסן, דאָס לעצטע שטיקל ברויט,
און אַז איר האָט שוין אַלץ אויפגעגעסן, כדי אויסקריפן
פון טויט.

וואָס קען איך אייך פון אַ געשלאָסענער גרענעץ
העלפן, טייערע.
איז דען פאַראַנען אַ טרייסט פאַר די צרות אייערע?
וואָס איר גיט אַלץ אַוועק, זאָל אייך נישט זיין
קיין שאַד.
עס וועט זיך נאָך אַלץ ענדערן — עס דרייט זיך
דאָס ראָד.

נעם זיך נאָר אָן מיט מוט, טייערער און ליבער טאַטע!
רייס פון זיך די געלע לאַטע
אַנטלויף, אויב נישט, ביסטו אויף אָן אמת געפאַנגען! —
אַנטלויף אין וועלדער צווישן חיות און שלאַנגען....

אַנטלויף! — מיט חיות וועט דיר זיין בעסער ווי מיט
מענטשן.
מיט זיי וועסטו קאָנען עסן ביי איין טיש און בענטשן.
נעם אַלע און אַנטלויף! אַנטלויף ווי אַ פוקס!
און אויב דו ווילסט בלייבן לעבן — באַזאָרג זיך מיט
אַ ביקס.

כ׳ווייס ס׳איז דיר שווער זיך שיידן מיט דער כאַטע;
אָבער זע די געפאַר — אַנטלויף, טייערער טאַטע!
וואָלט עס געמעגט זיין אַ פּאַלאַץ, אַ ווילע —
אַנטלויף, און מיט זיך די פאַמיליע.

און אויב דו וועסט שוין זיין אין וואַלד, טאַטע, —
פאַרנייי צוריק די געלע לאַטע
און מיט ווירדע און מיט כבוד
אויף איר דער מגן־דוד.

# איז דאס מיין היים?

מיט אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ,
מיט טרערן ביטערע אין די אויגן, —
שטיי איך צופוסנס פון מיין שטאָט,
כ׳שטיי פאַר דיר צלנס געבויגן.
איז דאָס מיין שטאָט?
בין איך דער איינציקער פון מיין גרויסן שטאָט,
וואָס האָסט אַמאָל געגערט, געצערטלט,
ווי אַ געטרייע וואַרעמהערציקע אָם?
קאַלטער שווייס באַדעקט מיין לייב.
מרה־שחורה׳דיק טרויערט דער הימל־געשטאַלט.
איך שטיי און מורמל אַ פאַרשעמטע תפילה,
אַלץ קוקט אויף מיר פרעמד, בלאָס און קאַלט.

אָט שטיי איך פאַר אַ גרויסן קבר. —
אַ שוידער גייט דורך אין אַלע גלידער.
אין אים איז באַגראָבן מיין פאָלק! —
און פאַל פון ווייטיק אַ דערשלאָגענער אַנידער.
איך זע נאָך דעם פלאַמיקן פייער
ס׳שטיקט נאָך אין האַלז דער רויך;
איך הער נאָך דעם יאָמער, די זיפצן,
וואָס רייסן זיך פון דער ערד הויך.
איך פיל ווי איך גיי צווישן שאָטנס,
ווי אַרום מיר גילגולים שוועבן,
וואָס קאָנען קיין תיקון נישט געפינען
אויך דאָרט, ווו ס׳איז נישט פאַראַנען קיין לעבן.

# זאג מיר וועלט

נישט ווייגען פאר דיר וויל איך,
נישט מוסר זאגן,
איך וויל פשוט דיך פרעגן,
נישט, חלילה, באקלאגן.

זאג מיר וועלט —
עס פרעגט א זון, וואס האט רעכט צו פרעגן,
וואס קומט פון שלאכטן, פון פייער,
וואס אים, ווי דיר, איז פרייהייט טייער!

זאג מיר וועלט —
איך בין דאך אויך דיין קינד —
נאך אזויפיל לײדן און בזיון, זאג מיר:
וווּ זאל איך מיין היים בויען?

זאג מיר וועלט:
דא האט דער שונא מיין שטאם אונטערגעשניטן,
מיין פאלק צום קבר דערפירט —
איז דערפון דיין געוויסן נישט גערירט?

זאג מיר וועלט —
איך ווארט אויף דיין ענטפער —
ביי דיר זענען אלע וועגן,
פארוואס קומסטו אויך מיין פאלק נישט אנטקעגן?

פויל ן, 1946.

# מאידאנעק

דאנטע, שעם זיך דארט מיט דיין גיהנום!
און דו גאט מיט דיינעם אויך.
קוקט! איר זעט מאידאנעק?
ס'גייט נאך פון קוימען דארט דער רויך!

זעסט, דאנטע? די הענקער ביי דער האנט געכאפט
מיט די קאסטנס זייף און האר;
מיט די בערג קינדער שיך,
וואס זאגן אונז די גאנצע וואר...

אין מאידאנעקס קרעמאטאריעס
היינט גאר א מחיה,
ווו יעדער איינער קען זיך קוקן
אויף די שאנד און וויי...

דאנטע! האסטו עס געזען אין דיינע צייטן?
שטעלן מענטשן ביים ראנד פון טאלן,
מיט הארמאטן אויף זיי שיסן
און מיט טאנקן זיי צומאלן...

אין דיין גיהנום איז דאס נישט פאראנען,
ווי מען רייסט קינדער אויף צווייען
אוועקגעמענדיק פון מוטערס ברוסט
נאך אירע געבורטס־ווייען...

אין דיינע צייטן, דאנטע,
האט מען אויך געשענדעט טעכטער
און געצווונגען דעם טאטן
שטיין און קוקן ווי א וועכטער?

האסטו שוין געזען דעם געפערלעכן
שדים־טאנץ פון ברענענדע לייבער,
פון פארשעמטע, צעשלאגענע
געשענדעטע ווייבער?..

עס מאכט זיך שוין די וועלט פארגעסן
און וויל איר זינד פארדעקן,
עס רוישן נאך די טייכן בלוט,
וואס שרייען, מאנען און וועקן!

עס הייבט זיך נאך די ערד פון מתים,
עס וויגן זיך נאך די קברים;
ס'לויכטן נאך אש־פונקן
אויפן אויסגעפלאסטערטן דרך היסורים...

ווו, דאנטע, איז דער כוח?
וואס זאל וועלט צעשמעטערן, צעהאמערן
מיט אירע הענקער, קרעמאטאריעס
און מאידאנעקס גאז־קאמערן?!!

## חיים וואגנער סאו־פאולא / פארשאלטן

פארשאלטן זאלט איר זיין!
קאניבאלן פון צוואנציקסטן יארהונדערט,
פארן אומקום פון אונזערע מאמעס און טאטעס,
שוועסטער און ברידער און אומשולדיקע קינדער.
ווו איר געפינט זיך, ס׳לעבט אייער געביין
זאל אייך באגלייטן זייער יאמערלעכער געוויין...
פארן אומשולדיק־פארגאסענעם בלוט,
זאלט איר קיינמאל נישט געפינען קיין רו!
פארשאלטן זאלט איר זיין,
קולטור שענדער! וועלט אונטערצינדער!
מיט אייערע פרויען און קינדער
אויף אייביק, אויף אלע דורות —
פאר אונזערע נאנטעס לײדן און צרות.
איר זאלט פילן אונזער ווייטיק און פיין
וואס באגלייט אונזער יעדן שפאן...
פארשאלטן זאלט איר זיין!
קאסטרירער, האר־רייסער, הויט־שינדער!
זייף־מאכער פון מענטשן־פעטס און ביין —
אונטערגיין זאלט איר מיט אייער „היגיענע, ציוויליזאציע"!
מיט אייערע דערפינדער פון גאז־אויוונס־מעכאניזאציע!
דאס האב און גוטס וואס איר האט גערויבט,
זאל דערפון ווערן אש און שטויב!..
זאל קיינער קיינמאל נישט פארגעסן
די הענקערס דערשיטערנדיקע פארברעכנס.
צו אונזערע קינדס־קינדער זאל ווערן איבערגעגעבן
דער חורבן וואס איז געשען אין אונזער־לעבן —
קיין מחילה! קיין פארגעבן!..
זאל פאר די נעכטיקע הענקער נישט ווערן געגעבן!

## יעקב שטערנליכט סאו־פאולא / נקמה!

מענער, פרויען, קינדער און זקנים
צום פייער שפאנען דורך גאסן אינאיינעם,
אלע זיי גייען צו דער גרויסער עקדה,
ווי שעפסן געטריבן די סטאשעווער עדה.

עס פלאקערט מיין שטאט אין העלישן פייער,
ס׳ברענען די הייזער און אלץ וואס אונז טייער.
וואלגערן זיך פאר׳חלש׳טע מיט מתים צוזאמען,
יידעס, טאטעס און עופ׳עלעך אין פלאמען.

די יוגנט אנטלויפט אין די גאליעווער וועלדער —
זיי וועלן האלז נישט שטרעקן ווי קעלבער,
דעם שונא א קאמף אויף טויט און אויף לעבן —
„א טויט דעם נאצי" — דאס איז זייער שטרעבן.

מיר שווערן ביים זכר פון הייליקע נשמות
אין הענקער פון אונזערע ליבע נעמען נקמה.
אייביק האלטן וועלן מיר זייער צוואה —
קיינמאל נישט מער קיין בלוט, קיין מלחמה!

דערשינען אין „אונדזער שטימע" אין סאן־פאולא, דעם 30־טן נאוועמבער 1951

# וואַלד־איבערלעבונגען

מאיר בידלאָווסקי פּאַריז



מיינע חברים לצרה, מיט וועלכע כ׳האָב דורכגעמאַכט דעם בשותפות׳דיקן ליידנס־וועג, בעת אונזערע וואָגלעניש אין וואַלד, האָבן שוין אין גרעסערע אַרבעטן געשילדערט, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן און זכרון, די דראַמאַטיש־טראַגישע איבערלעבונגען פון דעם הייפל געראַטעוועטע יידן אין וואַלד. כ׳ווייס — שרייבנדיק די דאָזיקע שורות — אַז כ׳האָב נישט פיל מחדש צו זיין. כ׳מיין אָבער, אַז אַ ריי פּרטים, ערטער, נעמען פון געפאַלענע יידן און פון זייערע פּוילישע רוצחים, פּרטים, אין וועלכע כ׳בין פּערזענלעך געווען פאַרמישט און זענען נישט באַקאַנט, אָדער ווייניק באַקאַנט, די אַנדערע — זענען פון אַ געוויסער באַדייטונג און זענען ווערט פאַרצייכנט צו ווערן, כדי דערמיט צו קאָמפּלעטירן דאָס אומגליקלעכע בילד פון אַ פאַר׳משפּט׳ער עדה, וועלכע האָט — מיטן כוח פון אַ דזשונגל־געזעץ — פאַרלוירן דאָס רעכט צום לעבן.

## נאָוועמבער 1943

אַ גרופּע פון וואָסערע 30 מענטשן, מענער, פרויען, און קינדער, האָבן מיר זיך „אויפגעהאַלטן" אין דער 56־טער אָפּטיילונג — איינע פון די גרעסטע זומפּיקע געגנטן אין וואַלד — אַן אָרט, ווו אין נאָרמאַלע צייטן האָט קיין מענטשלעכער פוס דאָרט נישט געטראָטן.

אין איינעם אַ פאַרטאָגס, פיר אַ זייגער, בעת כמעט דער גאַנצער עולם איז געווען פאַרזונקן אין אַ טיפן שלאָף, האָט זיך פּלוצים געעפנט אויף אונז אַ העפטיקע שיסעריי פון דער ריטווינער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע בובליק, דער גאַיאָווע פון קלויסטער־וואַלד, האָט צוגעפירט. דער אַנגריף איז געווען אַזאַ פּלוצימדיקער, אַז נאָר געציילטע מענטשן האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען. צווישן זיי: אַבעלע ווינציקסטער מיט 2 קינדער, די טאָכטער פון זלמן בוים און משה קצב׳ס אַ טאָכטער, וועלכע האָט געוווינט אין הויז פון אפרים זינגער הי״ד. אויפן דריטן טאָג, ביינאַכט, זענען מיר, אַ גרופּע פון 6 מענטשן, צוריק אַהינגעגאַנגען, אָנגעצונדן אַ ליכט, קובר געווען די געפאַלענע ברידער און נאָכן אָפּזאָגן קדיש, פאַרלאָזן דאָס בלוטיקע פעלד.

עטלעכע טעג נאָכן דערמאָנטן פאַל, וואָגלענדיק פון איין אָרט אויפן אַנדערן, זוכנדיק „זיכערע" פּלעצער, האָבן מיר, אַ גרופּע פון 5—4 יידן: סאַנעלע ערליך, פּינטשע ראָזנגאַרטן (פּעקע), שאלתיאל (דעם מורה־הוראה׳ס אייניקל), דעם קצב׳ס טאָכטער און דער פאַרצייכענער פון די שורות, זיך געטראָפן מיט דעם שניידער צוקער און זיינע 2 קינדער און גאָלדע טשייקאָווסקי, מיטן חתן. צוזאַמען, וואָסערע 10 מענטשן, האָבן מיר זיך, אין אַ שבת׳דיקן שלאַקס־רעגן טאָג, אויסגעזוכט ערגעץ־ווו אַ ווינקל און זיך דאָרט באַזעצט. דורכגעווייקטע, געפרוירענע און הונגעריקע האָבן מיר אָנגעצונדן אַ פייערל, כדי צו דערוואַרעמען אונזערע אויסגעמאַטערטע גופים און עפּעס אָפּקאָכן. קוים באַוויזן זיך אַוועקצוזעצן און ווידער האָט זיך אויף אונז אַ שאָט געטאָן אַ האָגל מיט קוילן. צוקער מיט די 2 קינדער און גאָלדע טשייקאָווסקי מיט איר חתן זענען געפאַלן אויפן אָרט, סאַנעלען, שאַלתיאלן און פּינטשן איז געלונגען צו אַנטלויפן. דאַקעגן איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן פון 2 קוילן אין דער האַנט,* און בין, אין דעם צושטאַנד, געלאָפן קיין טשייקעוו, ווו ס׳איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער דער דאָקטער אלי פרידמאַן. נאָך גרויסע תחנונים און לאַ־יחרץ געלט האָט מיך דער פּויער אַריינגעלאָזט צו אלי׳ן. ביים שיין פון אויוון — ליכט האָט מיר אלי צוגעבייט די ווונד...

---

* די אָנפאַלער זענען געווען די פּאָליאַקן: קאַפּיטאַן קיעזפּאַ און בובליק, דער זון פון גאַיאָווע — ביידע אָנגעהעריקע פון „B.CH." (Batalion Chłopski).

מיט אַ פראָסטן פאָדעם. איך בין דאָרטן שוין געב־ליבן נעכטיקן. צומאָרגנס האָט דער פויער אונז ביידן משלח געווען. איך האָב באַקומען ביי 40 גראַד היץ.

די ווייטיקן זענען געווען אַזוי שטאַרק, אַז כ׳האָב געבעטן ביי אל״ן דעם רעוואָלווער, כדי אַ סוף צו מאַכן צו די צרות. בלית־ברירה זענען מיר צוריק־געגאַנגען אין וואַלד אַריין. אין מיין צושטאַנד, ביי אַ פראָסט פון 20—15 גראַד, איז דער מצב פון דער האַנט וואָס ווייטער אַלץ ערגער געוואָרן. האָט חברה, צווישן זיי: אלי און שלמה פרידמאַן, שמחה ראָסנבערג און חיימל צימערמאַן (גילע), באַשלאָסן צו בויען פאַר מיר אַ בונקער. ביי שעפּטשיק, אַ פויער, וועלכער האָט געוווינט אונטערן גאַליעווער וואַלד, האָבן זיי אונטער דעם הויז אויסגעגראָבן דעם בונקער. עטלעכע פון אונז האָבן זיך דאָרט באַזעצט. אָבער די פאַרוווּנדעטע האַנט האָט דערווייל גענומען גאַנגרעניזירן און אלי פרידמאַן האָט באַשלאָסן זי... אַראָפּצונעמען. ער האָט געשיקט אַ טשייקעווער לערערין, אירקען, צום ד״ר ניעוויראָוויטש קיין סטאָשעוו, כדי צו בעטן אויסצו־באָרגן די אַנטשפּרעכנדיקע כלים. אָבער ניעוויראָוויטש האָט קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. נישט האָבנדיק קיין אַנ־דערן אויסוועג האָט אלי געטאָן — מ׳שטיינס געזאָגט וואָס ער האָט שוין, אין די דאָזיקע באַדינגונגען, גע־קאָנט טאָן! — וואָס ס׳איז נאָר געווען אין זיינע מעג־לעכקייטן. און זע אַ וווּנדער! סראָץ אַלעם איז די היץ אָפּגעפאַלן — און די האַנט האָט גענומען פאַמע־לעך זיך פאַרהיילן.

### מערץ 1944

די צייט איז דערווייל געלאָפן. מיינע אָפּשפאָרונ־גען פון פריער האָבן זיך איינציקווייז אויסגעלאָזן. כ׳האָב שוין געהאָט אויך אָרויסגעריסן מיינע גאָלדענע ציין. געבליבן ביי גאַרנישט האָב איך, אין מערץ 1944, זיך פאַראייניקט מיט די חברה „קבצנים״, ווי: סאָנעלע ערליך, שאַלתיאל און נאָך 2 חברה. אגב, סאָנעלע האָט געהאַט אַנגעפרוירענע פיס, בעת שאלתיאל איז געווען געשוואָלן פון הונגער און קעלט — אוןביידע זענען געווען פשוט נאַקעט.

אַ דאַנק עטלעכע גוטע פויערים — אַ זעלטענע דערשיינונג אין דער אַלגעמיין־פיינטלעכער סביבה, — וועלכע האָבן אונז געשטיצט מיט אַ ביסל עסן ביי־נאַכט, זענען מיר, ווי ס׳איז, דורכגעקומען די קאַלטעווינטער־חדשים. בעת זומער־צייט האָבן מיר זיך גע־האָלפן מיט אַביסל קאַרטאָפל, מערן, א.ד.ג., וואָס מיר האָבן „אָרגאַניזירט״ אין די פעלדער.

אַזוי האָבן מיר, אַ קליינע גרופּע פון עטלעכע צענטליק מענטשן, זיך געראַטעוועט פון אומגליקלעכן גירל׳ס האַנט, אָט־אָ־דער גורל, וואָס האָט נישט אויס־געמיטן — צוליב קעלט, הונגער און בעיקר, צוליב דער רשעות און טעמפּקייט פון דעם פיינטלעכן אַרום — וואָסערע [illegible] אונזערע מיטברידער, וועלכע זענען אַריין אין וואַלד. שוין נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון דער „אויסזידלונג״.



יהודים מובלים לפוצ״אשקי
לייבוש ביצות —
יידן ווערן געפירט טריקענען
זומפּן ביי דער פּאָטשאָשקע.

נתנאל ערליך / בני־ברק

# פון סקאַרזשיסק, דורך „עמלער”, אין וואַלד אַריין



אָקטאָבער 1942.

אומדערטרעגלעכער אַרבעטס־רעזשים אין דער אַמוניציע־פאַבריק אין סקאַרזשיסק, ווערק צ׳. די באַציאונג פון די אַרבעטס־אויפזעער, באַזונדערס פון די פּוילישע, צו די יידן — איז אַ סאַדיסטיש־מערדערלעכע. יעדן טאָג פאַלן מענטשן ווי די פליגן. זיי פאַלן מער פון די מערדערלעכע קלעפּ, ווי פון די אַרבעטס־און הונגער־באַדינגונגען. אָבער אויך אויף דער צווייטער זייט פון די דראָטן איז מען נישט זיכער מיטן לעבן. אויך דאָרט לויערט דער טויט אויף שריט און טריט. אין דער דאָזיקער טראַגישער אויסוועגסלאָזיקייט האָט זיך געפאָדערט אַ סך מוט און אונטערנעמונגס־גייסט, כדי זיך צו וואַרפן אין די פאַרפירערישע אָרעמס פון דער „פרייהייט”, אין וועלכער יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ האַנט און אַ פוס, האָט צוגעלייגט זיין חלק צו דער אויסראָטונג פון די נאָך ווינציק־געבליבענע.

ווען ס׳איז אונז, אין סוף נאָוועמבער 1942, באַקאַנט געוואָרן, אַז דער „עמלער”־לאַגער אין סטאַשעוו איז נישט אויסגעזידלט געוואָרן — האָט דער פאַרצייכענער פון די שורות, צוזאַמען מיט מענדל טענענבוים, וועלכער איז, אגב, צו דער צייט, געווען נאָך אַ טיפוס־קראַנקהייט, אַריבערגעשפרונגען די דראָטן, לאָזנדיק זיך אין וועג קיין סטאַשעוו. שוואַכע און דערשעפטע, באַזונדערס מענדל, זענען מיר אַריין צו אַ פויער אין סטאַראַכאָוויץ.

אָבער אַנשטאָט אונז צו העלפן האָט דער לעצטער, צוזאַמען מיט זיינע שוואָגערס, אונז גענומען פירן צו דער זשאַנדאַרמעריע. אין אַנבליק פון דער דאָזיקער געפאַר האָבן מיר אָנגעוואָנדן אַ טריק, דערקלערנדיק אַז מיר זענען פאַרטיזאַנער־שליחים, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן אויסצופירן אַ באַשטימטע אַקציע. און אַז אויב אונז וועט עפּעס פּאַסירן וועלן אינזערע חברים, וואָס געפינען זיך אין דער סביבה, אַלס נקמה, אונטערצינדן זייער הויז צוזאַמען מיטן גאַנצן דאָרף. דער טריק האָט אָנגעוואָרפן אויף די פּויערים אַ גרויסע אימה און זיי האָבן אונז אַרויסגעלאָזן פון זייערע הענט. פון דעם פאַל אָן האָבן מיר, נאַטירלעך, מער נישט געהאַט קיין גרויסן צוטרוי צו אונזערע „אייגענע” פּוילישע שכנים. מיטן צופאַלן פון דער נאַכט האָבן מיר זיך באַהאַלטן אויף אַ קריסטלעכן צמענטאַזש און באַלד פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. אויפגעכאַפּט זיך אינדערפרי האָב איך גענומען וועקן מענדלען — אָבער אומזיסט. ס׳האָט זיך לײדער אַרויסגעוויזן, אַז ר׳האָט נישט אויסגעהאַלט דעם שווערן אָנשטרענג — און איינגעשלאָפן אויף אייביק. מיט אַ שווער האַרץ האָב איך גענומען אַליין ממשיך זיין דעם אומהיימלעך־סכנות׳דיקן וועג קיין סטאַשעוו. אויפן וועג האָט מיך געטראָפן אַ פּויער, וועלכער האָט מיר געראָטן גיך עוקר צו זיין, ווייל ערשט מיט אַ טאָג פריער האָט מען דאָ דערשאָסן 2 אַנטלאָפענע יידן פון סקאַרזשיסק. זעענדיק מיין צושטאַנד האָט דער פּויער מיך מכבד געווען מיט מילך און געוויזן וווהין צו אַנטלויפן. די מענטשלעכע האַנדלונג פונעם גוי האָט מיך איבעראַשט און צרגעגעבן פרישן מוט. נאָך 3 טעג וואַנדערן, בעת וועלכע כ׳בין נישט איינמאָל געיאָגט געוואָרן פון פּאָליאַקן — בין איך לסוף אָנגעקומען קיין סטאַשעוו. אין דערזעלבער נאַכט האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט אין „עמלער”־לאָגער. מיינע חברים: שלום, אַלטער און מאיר לייזער הערשקאָפּ, מעכל בוכבינדער און יאַראָסלאַווסקי — האָבן מיך ברודערלעך אויפגענומען און

מכבד געווען מיט כל־טוב. איך בין דאָרט געבליבן סראַך דער געפֿאַר מצד דער זשאַנדאַרמעריע און די דײַטשע „עמלער״־מײַסטער: שטומפּף און אײמער, וועלכע האָבן אָפּט קאָנטראָלירט דעם לאַגער, זוכנ־דיק אומלעגאַלע. איך האָב דערציילט וועגן די שרעק־לעכע באַדינגונגען אין סקאַרזשיסק, באַזונדערס וועגן דעם פּױלישן פֿאַרברעכער־שגץ קאַטלעגגאַ, וועל־כער הרג׳ט יעדן טאָג עטלעכע ייִדן. כ׳האָב איך איבערגעגעבן פּרטים וועגן סטאַשעווער, וואָס זענען געשטאָרבן פֿון אַ „נאַטירלעכן״ טויט, ווי: אהרן פרידמאַן, יואל גאָלדבערג און אנד. וועגן מיכאל גלאַט, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן ביים פּרווו אַריבער־צושפּרינגען די דראָטן א. אַ. וו.

אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין לאַגער, בין איך איינ־מאָל, בעת אַ נאַכט־קאָנטראָל, אַרעסטירט געוואָרן דורך אַ דײַטשן לאַגער־מײַסטער. קומענדיק צו מיר האָט שאַניעצקי, דער ייִדישער לאַגער־פֿירער, מיך גע־טרייסט, אַז ס׳וועט אים באַשטימט געלונגען מיט אַ מתנת־יד איבערצוקויפֿן דעם מײַסטער און מיך באַ־פֿרייען. אַזוי איז טאַקע געווען. צומאָרגנס בין איך באַפֿרייט געוואָרן. אָבער וווהין צו גיין האָב איך נישט געהאַט און אויך נישט געקאָנט, ווייל אין דרויסן האָבן געבושעוועט די פּױלישע סטראַזש און דײַטשע זשאַנ־דאַרמעריע.

בין איך אַרויס פֿון איין טיר און אַריין אין אַ צווייטער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אויף די בוידעמער. נישט איינמאָל בין איך געשפּרונגען פֿון די לעצטע. בעת די דײַטשן האָבן מיר נאָכגעשאָסן. בעת די דאָ־זיקע אַבלאַוועס זענען אומגעקומען די אומלעגאַלע: שיינדל סאָלניק, 2 שוועסטער ווײַנבוים, יאַסקולקע און אַנדערע.

נישט געקוקט אויף דער גרויסער ריזיקע האָבן מיך די לאַגער־חברים שטענדיק דערמוטיקט, נישט דערלויבנ־דיק אַרויסצוציִאָגן אויף דער גאַס, אויף דעמאָלט ווען די דײַטשן האָבן עפּנטלעך באַקאַנט געמאַכט, אַז אַריב ס׳וועלן געטראָפֿן ווערן אומלעגאַלע ייִדן אינעם לאַגער־שטח — וועט דער גאַנצער לאַגער אויסגע־שאָסן ווערן. ווען אין רעזולטאַט פֿון דער באַקאַנטמאַ־כונג, איז שאַניעצקי צו מיר געקומען, פֿאַרשטעלנדיק די אַלגעמיינע געפֿאַר, האָט דודל קויפֿמאַן (— לעבט אין ישׂראל —) זיך אָנגערופֿן: „ער איז טאַקע אין אונזער צימער, אָבער מיר וועלן אים חלילה נישט אַרויסטרייבן. זאָל ער דאָ בלײַבן אַזוי לאַנג ווי ער קאָן״.

אָבער די לאַגע פֿון די אומלעגאַלע אין לאַגער איז געוואָרן שווערער, בעת אין די ערשטע יאַנואַר־טעג פֿון 1943 האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע צווימער. די אָפּטע לאַגער־רעוויזיעס, באַגלייט פֿון פּױלישע מסי־רות, האָבן כמעט יעדן טאָג געפֿאָדערט נייע קרבנות. אין דער צייט זענען געפֿאַלן צוו. אַנד.: אלי ווינער, נפתלי ביטשיסקעמאַכער, מענדל וועקסלער, חיים ווינ־ציקסטער און נאָך. דער באָדן האָט אָנגעהויבן ברענען אונטער די פֿיס. אין דער צייט איז מיר אויך אָנגעפֿרוירן געוואָרן אַ פֿינגער פֿון אַ פֿוס, וואָס האָט מיר שטאַרק באַשווערט דאָס לויפֿן פֿון איין באַהעלטעניש אין צווייטן. אגב, האָט מיר דעם פֿינגער געהיילט, פֿאַר־שטייט זיך אין געהיים, דער ייִדישער לאַגער־דאָקטער בערגסאָן. נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג האָב איך באַשלאָסן צו גיין אין וואַלד אַריין. מיט מיר איז אויך מיטגעגאַנגען מײַן קליינער פּאַרטנער, שאלתיאל כענטשינסקי־גערשט.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סעריע פֿון צרות, די קעלט און דער הונגער האָבן אַזוי געמאַטערט, אַז אַפֿילו ביי דער גרעסטער מידקייט און שוואַכקייט, האָבן מיר אין די ערשטע נעכט נישט געקאָנט איינ־שלאָפֿן. אָבער אויך דאָ האָבן אונז די עמלער־חברה נישט פֿאַרלאָזן. אויסנוצנדיק די שאָסיי־אַרבעטן אויפֿן גאַליעוּוער וועג האָבן זיי יעדעסמאָל — ווען און ווו זיי האָבן נאָר געקאָנט — אַראָפּגעוואָרפֿן אויף אָפּגערעד־טע פּלעצער: ברויט, ווורשט, צינד־האָלץ, אַ טעפּל, אַ טשייניק א.א.וו. פֿאַר מיר האָבן זיך באַזונדערס אויס־געצייכנט די 3 ברידער הערשקאָפּ. זיי האָבן פֿאַר מיר געטאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען אין די דאָזיקע באַדינגונגען צוטאָן.

אין די שווערע ווינטער־חדשים, בעת וועלכע, אַ חוץ די „געוויינלעכע״ פֿאַרפֿאָלגונגען, האָבן מיר נאָך

געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף מיט דער נאַטור — האָבן מיר זיך געטרייסט מיט דער אילוזיע, אַז אַט באַלד קומט אָן דער פרילינג און אונזער לאַגע וועט באַדייטנדיק לייכטער ווערן. מיר האָבן זיך אָבער ביטער אָנטוישט. פּאַראַלעל מיטן אָנקומען פון פרי־לינג, האָבן זיך אָנגעהויבן אָפטע אַבלאַוועס אויף דעם רעשט איבערגעבליבענע וואַלד־פּליטים, וועמעס צאָל ס'איז אינדערצווישנצייט געוואַקסן, מיטן אָנקומען פון אַ ביסל יידן, וועלכע האָבן זיך מער נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן ביי „זייערע" קריסטן. די דאָזיקע אַב־לאַוועס זענען, הויפּטזעכלעך, דורכגעפירט געוואָרן דורך דער פּוילישער פּאָליציי מיט קאָטשמאַרסקי בראש.

אין איינער פון די אַבלאַוועס, וואָס איז פּאַרגע־קומען נישט ווייט פונעם סטאַוו, זענען געפאַלן: יצחק לאַוועטשיק'ס פרוי מיט אַ קינד, דוד פוקס, משה בער קירשנוווורצעל, די ברידער באַמשטיק און מרדכי גאָלדפעדער.

באַהערשט פון אַ טיפן טרויער איבערן טויט פון די אומשולדיק־געפאַלענע ברידער דורך אונזער „אייגענער" פּוילישער פּאָליציי — האָבן מיר פונדאָס־ניי דערזען אונזער טראַגיש־האָפענונגסלאָזע לאַגע. באַצאָלט אַזאַ טייערן פּרייז — האָבן מיר אָנגעהויבן זיך אויסהיטן פאַר יעדן פּאָליאַק. און יעדעסמאָל ווען מיר האָבן עמעצן באַמערקט זענען מיר, אַזוי שנעל ווי מעגלעך, עוקר געווען אויף עטלעכע קילאָמעטער, כדי צו פאַרווישן אונזערע שפּורן. אין דער צייט זע־נען טאָקע געפאַלן פון פּוילישע הענט די גאַנצע מש־פּחה פון מרדכי יאַסקולקע, דער בעקער בוזעם פון דער אַפּטער גאַס און לעמעל בעקער. געראַטעוועט האָט זיך אַבע, זלמן שניידערס זון, וועמען ס'איז גע־לונגען צו אַנטלויפן געבונדענערהייט. אגב, איז די גאַנצע גרופּע פאַראַטן געוואָרן פון אַביש בולווע, וועלכער האָט געגלויבט, אַז ס'וועט זיך אים איינגעבן צו אַנטלויפן, איידער ער וועט צופירן די מערדער צו די מענטשן.

*

אַזוי לאַנג ווי „עמלער" האָט עקזיסטירט אין סטאַשעוו, און די עמלעריסטן האָבן פיל פון אונז אַרויסגעהאָלפן מיט אַלעם מעגלעכן — אָפט מיט סכנת נפשות פאַר זיך אַליין — איז אויך דעמאָלט אונזער לאַגע געווען שווער גענוג, אָבער אומפאַרגלייכלעך האַרטער איז געוואָרן אונזער ביטערער לעבנס־גע־ראַנגל מיטן ליקווידירן די „עמלער"־פּלאַצוווקע.

מיין גרופּע, וועלכע איז באַשטאַנען נאָר פון אָרע־מע חברה, האָט חדשים־לאַנג געלעבט פון בלויז קאַר־טאָפל, יאַגדעס, שטשאַוו און צוביסלעך פון געכאַפּטע פייגל, וועמעס נעסטן מיר האָבן נאָכשפּיאָנירט ביי־טאָג, כדי זיי אַרונטערצונעמען ביינאַכט. אין די חדשים האָבן מיר, געוויינלעך, זיך אויפגעהאַלטן אין דער נאָענט פון טשייקעוו, אַ דאָרף, וועמעס איינוווינער ס'האָבן זיך צו אונז פיל מענטשלעכער באַצויגן פון אַלע אַנדערע אין דער סביבה, אַרויסהעלפנדיק אונז צומאָל מיט אַ ביסל קאַרטאָפל א.א.וו.

איינמאָל, גייענדיק פּאַרטאָגס מיט שאלתיאל כענ־טשינסקי ברענגען וואַסער, האָבן מיר פּלוצים באַמערקט פונדערווייטנס ווי אַ קאָלירט, קינדעריש מענטשעלע באַוועגט זיך מיטן ווינט. אַז מיר זענען צוגעקומען נענטער האָבן מיר געטראָפן אַן אונטערגעוואָרפן קינד פון 5—4 יאָר. מיר האָבן דאָס קינד מיטגענומען מיט זיך. דאָס קינד האָט גערעדט נאָר פּויליש, און דער־ציילט, אַז עס שטאַמט פון מיעלעץ און אַהערגעבראַכט געוואָרן דורך אַ פּאָליאַק. איך האָב געטון פאַר דעם קינד וויפל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, טראַכטנדיק דערביי: אפשר אינטערעסירט זיך אויך עמעץ מיט מיין קליין שוועסטערל און אפשר וועל איך אויך, אין זכות פון דאָזיקן קינד, איבערקומען די דאָזיקע ביטערע צייט. מיר האָבן געטון פאַרן קינד דאָס מאַק־סימאַלסטע. מיר האָבן געבערענגט עסן פון די פּויערים. צוביסלעך האָט אויך אונטערגעהאָלפן לייבל שוואַרץ. אָבער לײדער איז נישט מעגלעך געווען עס צו דער־האַלטן ביים לעבן. פון טאָג צו טאָג איז דאָס קינד גע־וואָרן שוואַכער, באַקומען גרויסע היץ און ענדלעך אויסגעהויכט די כשר'ע, אומשולדיקע נשמה.

מיר האָבן געפּרוווט אָוועקגעבן דאָס קינד צו גויים, אָבער אונזערע אַלע באַמיאונגען האָבן נישט געקאָנט, אין די דאָזיקע טראַגישע פאַרהעלטענישן, אויסמיידן

דעם אומפאַרמיידלעכן, טרויעריקן סוף. נאָך היינט, נאָך אַזויפיל יאָרן, אַז כ׳דערמאָן זיך אין דעם קינד באַפאַלט מיך אַ טיפער טרויער און די אויגן ווערן באַנעצט פון טרערן איבער דעם גורל פון אַ פאָלק, פון וועמעס קינדער אַפילו ס׳איז צוגענומען געוואָרן דאָס עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט: דאָס רעכט צום לעבן!

אין אונזער גרופּע האָבן זיך אויך געפונען 2 קינדער פון פּינטשע דאָמבראָווסקי. ווען איינע פון די 2 שוועסטערלעך איז איינמאָל געגאַנגען אין שטאָט אַריין אָפּצונעמען עפּעס פון אַן אָרטיקן קריסט, האָבן זי פּאָליאַקן געכאַפּט און איבערגעגעבן צו דער זשאַנדאַרמעריע. דאָס צווייטע שוועסטערל איז זי געגאַנגען זוכן און אויך אומגעקומען. אָבער נישט נאָר איינצלנע פון אונז זענען, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, אומגעקומען. ס׳זענען אויך געווען אָנפאַלן, בעת וועלכע ס׳זענען פון אונז אַרויסגעריסן געוואָרן גאַנצע גרופּעס, צווישן זיי אויך אויסגעדינטע סאָלדאַטן. איינמאָל, בעת אונזער אָדזשיאַל איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון דער ריטווינער זשאַנדאַרמעריע, זענען דערשאָסן געוואָרן 22 חברה, צווישן זיי: דוד גלאָט מיט זיין בחורה, איטשע דייטלצווייג, מאיר טעפּער, לייבל שוואַרץ, די פרוי פון אַבעלע ווינציקסטער און נאָך. אַן אַנדער מאָל זענען געפאַלן: שרה קירשנוווּרצל מיט די מוטער, אַ לאָדזשער פרוי בירנצווייג מיט 2 קליינע קינדער און נאָך און נאָך.

אין אונזער גרופּע האָט אויך געלעבט די פרוי פון חיימל ווינציקסטער, אַן אינטעליגענטע, קלוגע און קעמפערישע פרוי. מיט אירע מיושבדיקע און האַרציקע ווערטער האָט זי נישט איינמאָל אונז דערמוטיקט, להכעיס אַלעם, פאַרצוזעצן דעם אויסזיכטסלאָזן שווערן קאַמף פאַר אונזער נעבעכדיקן קיום. כאָטש זי איז געווען אַ מוטער מיט 2 קינדערלעך נעבן זיך, האָט זי נישט אויפגעהערט צו טראַכטן און זוכן אַ מעגלעכקייט פון באַקומען אַ ביסל געווער, כדי אונטערצונעמען אַן אָנפאַל... אויף דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע. דאָס איז לײדער געווען אַן אומדערגרייכבאַרער ווונטש. בעת די דאָזיקע פרוי איז גע־כאַפּט געוואָרן לעבעדיקערהייט מיט אירע קינדער, אויף דער ליניע צווישן דעם 18־טן און 19־טן אָדזשיאַל (מיר זענען געלעגן באַהאַלטן נישט ווייט פון דעם פּלאַץ), האָט זי געהאַלטן פאַר די דייטשע מערדער אַ פייערדיקע באַשולדיקונגס־רעדע, אין וועלכער זי האָט געדראָט מיט נקמה פאַרן אומשולדיקן יידישן בלוט — ווען ס׳וועט קומען דער טאָג.

אויך די פּוילישע מערדער זענען נישט אָפּגעשטאַנען פון די דייטשן און זיך נאָך אַלץ נישט אָנגעזעטיקט מיטן יידישן בלוט. אומדערמידלעך האָבן זיי געזוכט און געלויערט אויף ווייטערע יידישע קרבנות. עטלעכע וואָכן נאָך דעם פאַל מיט דער פרוי ווינציקסטער און אירע 2 קינדער, זענען שימעלע פרידמאַן מיט זיין שוואָגער ערליכמאַן פון וואַרשע, גייענדיק עפּעס דערליידיקן ביי אַ גוי, געכאַפּט געוואָרן פון גענצא פון פּאַלוואַרק, אַ געוועזענער קאַפּראַל פון דער גרענעץ־וואַך, וועלכער האָט זיי, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע וואַלד־פּויערים, שטאַרק צעשלאָגן, די הענט צעבראָכן און אָפּגעפירט צו דער זשאַנדאַרמעריע.

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט זענען אומגעקומען: מלך טושיקאָווסקי, לייביש שניפּער׳ס פרוי, משה ניסנצווייג׳ס פרוי ווי אויך אַ ראַדעמער פרוי פון דער פרידמאַן פאַמיליע. זיי זענען פאַראַטן געוואָרן פון אַ פּויער, וועמען זיי האָבן געגעבן געלט צו קויפן ברויט און אויפן אָרט פון ברויט האָט ער געבראַנגט... די זשאַנדאַרמעריע.

צוליב ברויט זענען אויך געפאַלן פּיניע מאַנטשניק און שלמה מגיד. שיקנדיק נאָך ברויט אין דאָרף אַריין די 2 יידישע מיידלעך מלכה און מאַניע, פון אונטער סטאַפּניץ, זענען זיי געכאַפּט געוואָרן פון פּוילישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיי איינגערעדט, אַז זייער כוונה איז נאָר צוהעלפן די יידן. געווינענדיק זייער צוטרוי האָבן די מיידלעך זיי צוגעפירט צו די דערמאַנטע, וועלכע זיי האָבן דערשאָסן אויפן אָרט. וויפל מאָל זענען די 2, אַנטלאָפענע פון מיעלעץ און סקאַרזשיסק, געשטאַנען דעם טויט פּנים־אל־פּנים און זיך אומעטום אַרויסגעדרייט און דווקא דאָ, אין „דערהיים״,

האָט זיי געטראָפן די קויל פון די „אייגענע" שכנים, פּויליש פּאַרטיזאַנער, וועלכע, נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי אַליין זענען געווען פאַרפאָלגט פונעם דייטשן אָקופּאַנט, האָבן זיי אָבער אייפעריק קאָלאַבאָרירט מיטן לעצטן אויפן געביט פון ייִדן־פאַרניכטונג! אַגב, די 2 מיידלעך איז געלונגען צו אַנטלויפן.

נאָכנישט באַוויזן צו טרויערן אויף די געפאַלענע, געפייניקטע מיטקעמפער, און שוין ווידער אַ נייע פאַר־פאָלגונגס־אַקציע: ס'איז געקומען אַ פרישער אָנפאַל, דאָסמאָל פון דער ריטווינער זשאַנדאַרמעריע, נישט ווייט פון רעגירונגס־וואַלד. דאַ זענען געפאַלן: יעקב מילגרוים, שמואל, אַ לאַדזשער בחור, אַנטלאָפן פון סקאַרזשיסק, יוסף קעסטענבערגס איידעם — פיע־קאַרסקי און משה'לע קעסטנבערג.

פון דער גרופּע האָט זיך געראַטעוועט: אהרן ברייטער. דערווייל לויפן די וואָכן און חדשים. אונ־זער תכלית'לאָזער געראַנגל ווערט פאַרגעזעצט אויף אַלע 3 פראָנטן: קעגן די דייטשן, קעגן די פּאָליאַקן און קעגן דער קעלט און הונגער. צייטנווייז איז דער לעצטער פראָנט דער שווערסטער און איז גורם צו שווערע אומגליקס־פאַלן.

איינמאָל, אין אַ שנייאיקן ווינטער־טאָג, בין איך און אַלטער הערשקאָפּ געגאַנגען צו אַ גוי, אַ קירכע־אויפזעער, ער זאָל אונז ברענגען ברויט, צו שטילן דעם אומאויפהערלעך־נאַגנדיקן הונגער. אָבער די אויפפירונג פונעם לעצטן איז אונז געוואָרן פאַרדעכ־טיקט, האָבן מיר נישט געוואַרט, אַריין אין זיין קאַמער, מיטגענומען עטלעכע הינער און גיך אַוועק. ווי נאָר מיר זענען אַריבער די רעלסן פון דער קאָלייקע, אויפן צמענטאַרנעם וועג, זענען מיר באַמערקט געוואָרן פון עטלעכע קריסטן, וועלכע האָבן אונז נאָכגעיאָגט. אַלטער האָט דערביי פאַרלוירן אייִן דרעווניאַק און אַזוי איז ער געלאָפן אין שניי, ביז מיר זענען אָנגעע־קומען בשלום אין וואַלד. נישט געקוקט אויף דער גרויסער געפאַר האָבן מיר די גאַנצע צייט די הינער נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט, און אַ דאַנק דעם איז אונזער פאַרפלעגונג אויף אַ פאָר וואָכן געוואָרן פאַרלייכטערט. צום גליק זענען מיר דאָסמאָל אַרויס גאַנץ און אויך באַקומען אַ שטיקל אָטעם־פויזע. אָבער ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אונזער רע־לאַטיווע רו איז ווידער געשטערט געוואָרן. זיצנדיק אין וואַלד, נישט ווייט פון 6־טן אַדזשיאַל, ביי בובליק, און קאָכנדיק בנעימות'דיק אונזער אָרעם ביסל עסן, זענען מיר מיטאַמאָל אָנגעגריפן געוואָרן דורך אַ העפּ־טיקער שיסעריי. אין דעם אָנפאַל האָבן מיר פאַרלוירן לייבל פיענאַטש, (ער האָט, אַגב, געהאַט אַ רעוואָלווער, אָבער לײַדער נישט באַוויזן אים צו באַנוצן), חיים זלמנ'ס זון מיט די טעכטער, גאָלדע טשייקאָווסקי, משה קצב'ס טאָכטער און נאָך.

די מערדער, ווידער אונזערע היימישע פּאָליאַקן, בובליקס זין. ווען מיר, די געראַטעוועטע, האָבן זיך שפּעטער געטראָפן און צוריקגעגאַנגען צום מאָרד־פּלאַץ, מיט דער כוונה, אפשר וועט מען נאָך קענען עמעצן ראַטעווען, האָבן אונז די מערדער — קאַנ־סעקווענט אין זייער פּאַטאָלאָגישער מאָרד־לוסט — נאָך אָפּגעוואַרט און ווידער באַפאַלן. ס'איז אָבער שוין געווען פינצטער און אין שוץ פון דער נאַכט איז אונז אַלע געלונגען זיך אַרויסצודרייען.

בערך אין דער זעלבער צייט זענען געפאַלן: גאָלדע גאָלדהאַר מיט איר קינד, הערשל ווינער און פרוי, עמנואל גינזבורג און לאה'טשע כהן. די לעצטע זענען, אַגב, פאַראַטן געוואָרן דורך לייביש לאָוטשיק, וועלכער, ווערנדיק געכאַפּט דורך דער זשאַנדאַרמעריע און באַקומענדיק פון זיי „הבטחות" אים צו לאָזן לעבן — האָט ער אויסגעגעבן די גרופּע.

אָט אַזוי זענען מיר געצוווּנגען געוואָרן צו פירן אונזער מיזערנעם לעבן, און צוזען ווי כמעט יעדן טאָג ווערן מיר ווינציקער אין צאָל און שוואַכער אין אויס־דויער־קראַפט.

און דאָך האָבן מיר, שאַטנס פון אַמאָליקע מענטשן, אומבאַוווּסט פאַר זיך אַליין, האַרטנעקיק זיך געקלאַ־מערט אין די אָרעמס פון אונזער טראַגישן זיין, פאַר־זעצנדיק דעם קאַמף, אַזוי קעגן די מענטשלעכע בעסטיעס פון אַלע מינים, ווי קעגן די אומצאָליקע פּלאָגן פון דער נאַטור — ביז מיר האָבן ענדלעך דערלעבט דעם אומגלויבלעכן טאָג פון דער פרייהייט.

# פערל גאלדפלוס טאראנטע / פאר 10 קלג. צוקער...



אונזער אומגליקלעכן קאמף, בלויז פאר דעם נאקעטן לעבן, זענען מיר געווען געצווונגען צו פירן אויף 2 פראנטן. מיר האבן געמוזט זיך אויסהיטן נישט נאר פון די דייטשן, נאר אויך פון אונזערע אייגענע פוילישע שכנים, וועלכע האבן אונז געמארדעט אויף אייגענער האנט, אדער אויסגעליפערט צו די דייטשן — כדי צו געניסן פון דער פרעמיע פון 10 קלג. צוקער, וואס די לעצטע האבן באשטימט פאר יעדן צוגעשטעלטן ייד. נאכמער: דער קאמף מיט די „אייגענע" איז געווען אומפארגלייכלעך שווערער ווי מיט די דייטשן, ווייל די לעצטע האבן נישט געוואגט זיך צו באווייזן אליין אין וואלד — אפילו בייטאג! — אן דער אקטיווער מיטהילף פון די פאליאקן.

פאר אונז, א גרופע פון 22 מענטשן בס״ה — זענען די 20 קלם. וואלד צו קליין געווען, כדי צו ענטרונען פון דער יאגד, וואס די פאליאקן האבן אויף אונז דורכגעפירט פון צייט צו צייט.

אין אונזערע פארצווייפלטע פארזוכן זיך אויסצוהיטן פון די פארעטערישע שכנים האבן מיר, פאר דעם לעצטן געלט, איינגעקויפט אביסל לעבנס־מיטל און באגראבן אין א בונקער אין וואלד, כדי אויסצומיידן קומען צו אפט אין די ארומיקע דערפער, וואס האט געהייסן: יעדעסמאל זיין אויסגעשטעלט אויף לעבנס־סכנה. גלייכצייטיק האבן מיר זיך בייטאג צעשפרייט אויף פארשידענע ערטער און נאר ביינאכט זיך געזאמלט אין א יונג, געדיכט וועלדל, ווו מיר פלעגן מאכן פייער, כדי עפעס אפצוקאכן און דערווארעמען די פארפרוירענע, אויסגעשעפטע קערפערס.

אפגעזען פון די טויט־שרעק און קרבנות, ווי א רעזולטאט פון די אפטמאל דורכגעפירטע אבלאוועס אין וואלד — איז דאך, זומער־צייט, אויפן געביט פון „דערנערונג", דאס לעבן געווען פיל לייכטער. צופאסנדיק זיך — בלית־ברירה — צו די אונז אויפגעצוווּנגענע וואלד־באדינגונגען, האבן מיר זיך, איינציקווייז, אויסגעלערנט געפינען דא און דארט עפעס, כדי אויסצוהאלטן — ווען אפילו בדוחק — דעם וועגעטירנדיקן גוף. אביסל שפעטער, ווען ס'האבן זיך גענומען באווייזן די נייע קארטאפל און מיר פלעגן זיך ארויסלאזן „באארבעטן" יעדעסמאל אן אנדער פעלד — כאטש מיר האבן גוט פארשטאנען די הארבע סכנות, מיט וועלכע דאס איז געווען פארבונדן — האט די געפאר פון א הונגער טויט, וואס איז וואס ווייטער געווארן שטארקער, אביסל נאכגעלאזט. כ'וויל אבער דא באמערקן, אז אין דער אלגעמיינער פינצטערניש, וואס האט אונז ארומגערינגלט פון אלע זייטן, ווירקנדיק אזוי שווער אויף אונזער פסיכיק, האט זיך דאך אריינגעריסן א שמאלער ליכט־פאס — דאס דארף טשייקעוו (Czajkow), וואס האט זיך, אין פארשידענע אומשטענדן, ארויסגעוויזן צו אונז פריינטלעך און מענטשלעך.

2 חדשים צייט האבן מיר פארגעזעצט מיטן כוח פון די קארטאפל, וועלכע מיר האבן, אגב, האלב־רוי געגעסן — נישט קאנענדיק זיך דערווארטן ביז צום אפקאכן זיי. אין דער ערשטער צייט האבן מיר געלעבט אונטערן פרייען הימל, זייענדיק אויסגעשטעלט אויף אלערליי נאטור־קאפריזן, וואס האבן געפרעסן אונזערע גופים. שפעטער, האבן מיר באשלאסן צו בויען א בונקער, נאטירלעך, אין דער נאענט פון דעם פריינטלעכן דארף טשייקעוו. אבער, ווו נעמט מען געצייג צו דער ארבעט? איך מיט מיין יונגערן ברודער פסח האבן זיך אונטערגענומען צוגיין צו א באקאנטער קריסטין אין סטאשעוו און ברענגען א לאפאטע. א האלבע נאכט האבן מיר, ביידע 2 יונגע קינדער, געוואנדערט דורך דעם פינצטערן וואלד, צו די הינטערשטאטישע לאנקעס, און פון דארט אין

דער דלוגע־גאַס, ווו די קריסטין האָט געוווינט. ליידער איז אונזער מי און שרעק געווען אומזיסט. די קריסטין האָט אונז אַרויסגעטריבן מיט גאַרנישט. פאַרביטערטע, ציטערנדיקע זענען מיר צוריקגעקומען אין וואַלד, בעת אונזער פאָטער האָט, מיט אַ פּאָר שטענדלעכן האַרץ־קלאַפּן, געציילט די מינוטן — ביז ער האָט אונז געזען לעבעדיקע צוריק. די פראַגע פון די לאַפּאַטעס האָט מען אָבער געמוזט לייזן. האָבן מיר אויפן צווייטן טאָג איבערגעחזר׳ט אונזער פּרווו. דאָסמאָל איז אונז געלונגען צו ברענגען 2 לאַפּאַטעס, מסתמא, דערפאַר, וואָס מיר האָבן מער נישט געבעטן, נאָר פשוט „געגומען" פון אַ שטאַל. בעת׳ן גראָבן דעם בונקער האָט מען אויף אונז געעפנט אַ שיסעריי. נאָכקעטע און באַרוועסע זענען מיר זיך צולאָפן, וווהין די אויגן האָבן געטראָגן. אָפּגעשטעלט זיך די שיסעריי האָבן מיר זיך איינציקווייז צונויפגעזאַמלט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון אונזערע 22 מענטשן זענען נישט ווינציקער פון 12 אומגעקומען, צווישן זיי אויך מיין 13־יאָריקער ברודער פסח. די באַנדיטן האָבן נאָך זייערע קערפּערס געשענדעט — אַרויסרייסנדיק זייערע גאָלדענע ציין. מיט טיפן טרויער האָבן מיר באַוויינט און קדיש געזאָגט איבער די געפאַלענע, וועלכע האָבן, בערך אַ יאָר צייט, אומזיסט זיך געפייניקט און עקשנות׳דיק געהאָפט דורכצולעבן ווי ס׳איז. אין אַנבליק פונעם אומגליק האָבן מיר נישט געקאָנט אַ וואָרט אויסריידן. ביי יעדן האָט געקעבערט דער טראַגישער געדאַנק: זענען נישט אונזערע פּיינפולע אָנשטרענגונגען געווי אַזוי צוועקלאָז ווי זייערע? און אויב אַזוי — איז נישט בעסער פריער ווי שפּעטער? אָבער דער לעבנס־ווילן איז שטאַרק און נישט געקוקט אויף דער אויסזיכטסלאָזיקייט פונעם קאַמף האָבן מיר, קורץ נאָכדעם, מיט די לעצטע כוחות גענומען גראָבן אַ צווייטן בונקער פאַר די איבערגעבליבענע 10 מענטשן.

אין דער צווישנצייט האָט זיך געשטעלט זייער אַ שווערער ווינטער. אַלנפאַלס, האָט עס אונז — אָפּגעריסענע און אויסגעמאַטערטע ווי מיר זענען געווען — אַזוי אויסגעזען. מיר האָבן זיך מער נישט באַוויזן אין די דערפער. די „באַרמהערציקע" קריסטן האָבן מסתמא געמיינט אַז מיר זענען אַלע אומגעקומען — אויפהערנדיק אונז, כמעט, צו פאַרפאָלגן. מיר האָבן געטאָן אַלץ נישט אָנצוקומען צו די גויים, כדי נישט צו פאַראַטן אונזער עקזיסטענץ. אָבער, אַז דער הונגער האָט גענומען דערקוטשן, איז איינער אַוועק אין שטאָט אַריין און אַרויסגענומען אַ בהמה פון אַ גויאישער שטאַל און געברענגט מיט זיך. שפּעטער האָבן אויך 2 אַנדערע אויסגעפירט אַן ענלעך שטיקל אַרבעט. וואָסערע 3—2 חדשים האָבן מיר זיך דערנערט אויף דעם וועג. מיר זענען אַביסל קרעפטיקער געוואָרן, באַקומענדיק גלייכצייטיק מער מוט ווייטער פאָרצוזעצן דעם אומגלייכן קאַמף — אין דער צוריק־דערוואַכטער האָפענונג צו דערלעבן נאָך די פרייהייט אויף להכעיס אַלע שונאים! אָבער, ווען די לעצטע, שטאַרקפאַרקלענערטע, פלייש־פּאָרציע האָט זיך געענדיקט און ענלעכע אַקציעס, צוליב די געענדערטע באַדינגונגען, האָט מען נישט געקאָנט דורכפירן — די פּאָליציי און א.ק. האָבן אונז גענומען פאַרפאָלגן צוליב די גע׳גנבֿ׳טע בהמות — איז די לאַגע ווידער געוואָרן קריטיש. צום אומגליק האָט אויך אויפגעהערט שנייען, פאַרלירנדיק אַזוי אַרום אויך דעם מקור פון וואַסער. וואָסערע 9 וואָכן האָבן מיר זיך אַזוי געמאַטערט. מער איז נישט מעגלעך געווען אויסצוהאַלטן! דער קאַמף קעגן דער קעלט, הונגער און דורשט — אַן אויסזיכטסלאָזער. 2 חברים: אַלטער הערשקאָפּ און נחום וויינבוים, זענען מיט די ווערטער אויף די ליפּן: „אַ שטיקל ברויט!" — אָפּגעשטאָרבן. מיר קוקן אָן איינער דעם אַנדערן ווי פאַרשטיינערטע — זייענדיק אומפעאיק צו באַוויינען אונזערע, פון נויט אויסגעגאַנגענע, מיטקעמפער. אין תוך גענומען, זענען מיר זיי אויך מקנא. זיי זענען שוין „פאַרזאָרגט" מיט ברויט און כל־טוב! מיר האָבן מער נישט קיין כוח עפּעס אונטערצונעמען. קעלט און הונגער פון איין זייט, שמוץ און ווערים פון דער אַנדערער זייט — רופן אַרויס אַ פּסיכישע אָפּהענטיקייט, וואָס צעלייגט זיך אין אַלע אברים. מחשבות וועגן איבערגעבן זיך — ווערן וואָס אַמאָל אַקטועלער. און באמת, צוואָס די מאַטערנישן און קאַמף, אַז ביז

צום אויסגעבענקטן סוף קאן מען סיי ווי נישט דער־גיין.

אבער דער געזונטער לעבנס־אינסטינקט באזיצט אזא מאגנעטישע קראפט, אז — אפילו אין די טראַ־גישסטע באדינגונגען — ווארפט ער אן זיין שליטה אויף דעם ליידנדיקן מענטש, צווינגנדיק אים ווייטער ממשיך צו זיין דעם געראנגל פאר זיין קיום — טראץ אלעם.

קריכנדיק אויף אלע פיר, שלעפן מיר זיך אין מיטן העלן טאג אין דארף אריין. די טויט־געפאר לויערט אויף אלע. לויט אונזערע מלבושים האט אויך א משוגע׳נער געקאנט דערקענען ווער מיר זענען. אבער דאס איז דער לעצטער, איינאונאיינציקער אויסוועג! ווי אזוי מיר זענען אנגעקומען בשלום — בלייבט פאר מיר א רעטעניש ביזן היינטיקן טאג. צו 2 מאן, האבן מיר זיך אריינגע׳גנב׳עט אין די פויערישע שטאלן, סטאדאלעס א.א.וו. דערנערנדיק זיך מיט קארטאפל־שאלן, האבן מיר זיך אויסבאהאלטן אין דארף — אן די פויערימס וויסן — וואסערע 2 וואכן, וואנדערנדיק פון איין שטאל צו דער אנדערער.

מיטאמאל האבן זיך אין דארף פארשפרייט קלאנגען — אז יידן זענען דא! די פויערים האבן גענומען ענער־גיש זוכן. איין נאכט קומען אריין אין דער שטאל, וו מיין פאטער און איך זענען געווען באהאלטן, דער פויער מיט דער פויערטע. ביים ליכט פון א לאמטערנע שלעפט דער פויער ארויס מיט דער ווידלע אין בינטל היי נאכן אנדערן. נישט האבנדיק קיין ברירה, האבן מיר זיך ארויסגעקאפעט פונעם היי. דערשייי־נענדיק פאר זיי אין אונזער גאנצער „פראכט“. אנ־געקוקט אונזער מעמד האט דער גוי אויף אונז רחמ־נות באקומען און באפוילן דער פויערטע צו ברענגען אונז... מילך — און דערנאך ארויסגעטריבן.

אפּריל 1944

דער שניי האט אנגעהויבן שמעלצן, די זון וואַרע־מען, בקיצור — דער פרילינג האט זיך געשטעלט. אבער נישט מיר האבן געקאנט נהנה זיין פונעם פרילינג. פארקערט. ערשט דעמאלט האט מען גע־נומען אונז שטארקער פארפאלגן. פאטרולן גייען און פאטרולן קומען, פארזוכנדיק אונז אומברענגען ביז צום לעצטן, כדי נישט איבערצולאזן קיין עדות פאר נעם שוידערלעכן שאנד־אקט. וואס איז איבער אונז באגאנגען געווארן! מיר פירן אן אומאויפהערלעכן געיעג מיטן מלאך־המוות. מיר לויפן פון איין עק צום אנדערן. וחן מיר זענען איין טאג — זענען מיר נישט דעם צווייטן, אבי דורכצושטופן די צייט. מיר האבן דאס געפיל, אז ס׳זענען די לעצטע אנט־שיידנדיקע טעג, העכסטנס, וואכן, פון אונזער טראַ־גישן פארפאלגונגס־געראנגל — און ס׳איז א שאד צופאלן דווקא אויף דער שוועל פון דער שוין כמעט זעבארער פרייהייט. די מיליטערישע לאגע האט זיך פארבעסערט פון טאג צו טאג. די סאוויעטן גייען פאראויס, רוקנדיק זיך מיט ראשיקע שריט נענטער און נענטער. די אנטשיידנדיקע פראגע, וואס איז, אין די טעג, פאר אונז געשטאנען איז געווען: אויס־האלטן א קורצע צייט און נישט ווערן אפהענטיק.

מיר באהאלטן זיך אין דער געגנט פון אשעק, ליגנדיק בייטאג אין די תבואות, וואס האבן אין דער צווישנצייט אנגעהויבן וואקסן — בעת אין די נעכט פלעגן מיר זיך זאמלען אין וואלד. אמאל דא און אמאל דארט, כדי צו דערוואַרעמען ארום א פייערל די אויס־געטריקנטע ביינער און אויסקאכן אביסל קאשע — אויסגעבעטענע אין דארף.

ס׳לויפן די וואכן. דער זומער ווערט וואס אמאל שטאר־קער. ארום־און־ארום זינגנדיקע פייגל, וואס פליען אומגעשטערט וווהין זיי ווילן נאר. אבער מיר? מיר זענען פול מיט שרעק, ציטערנדיקע פאר יעדן ווינטל און בלעטער־פאל. מיר האבן מער נישט קיין מענטש־לעכן אויסזען. צוזאמענגעפאלענע, פארווילדעטע, וואנ־דערן מיר, ווי פארפאלגטע שמוציקע חיות, פון ארט אויף ארט. נאר איינאונאיינציקער צענטראלער גע־דאנק באשעפטיקט דעם מוח: וועלן מיר דורכהאלטן? וועלן מיר דערלעבן די סאטיספאקציע און זיין נאך אמאל פרייע מענטשן? ס׳איז שווער, אפילו אוממעג־לעך, צו גלייבן — אבער דער ווילן איז שטארק...

4 אויגוסט 1944

מיטאָמאָל דערגייט צו אונזערע אויערן אַ שטאַרקע שיסעריי, באַגלייט פון ווילדע געשרייען. מײַן פֿאָטער, וועלכער האָט פֿאַרשטאַנען רוסיש, איז אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין, זאָגנדיק: „קינדער, מיר זענען פֿריי!" מיר זענען אַרויס אויפֿן שאָסיי און צו־געלאָפֿן צום רוסישן מיליטער. אונזער ערשטער פֿאַר־לאַנג איז געווען עסן! אויפֿנעמענדיק אונז מיט אָפֿע־נע אָרעמס, האָבן די סאָלדאָטן אונז שטאַרק מיטגע־פֿילט — געבנדיק אונז צו עסן וויפֿל מיר האָבן נאָר געוואָלט און געקאָנט.

שטאָלץ, מיט אויסגעגלייכטע רוקנס און אָן פּחד פֿאַר קיינעם — גייען מיר אין שטאָט אַרײַן. אָנגעקומען אין מאַרק איז אונז אָן אימה באַפֿאַלן. אַ האַלבער מאַרק האָט געברענט. זוכנדיק אַ דאַך איבערן קאָפּ, ווּ די אויסגעמאַטערטע ביינער אָפּצולייגן, האָבן מיר געפֿונען אליהו פֿאָמעראַנצבלום'ס הויז (אלי מאיר אטיל'ס). דערווײַל קומען נאָך פֿאַר שטאַרקע קאַמפֿן און די באָמבעס פֿליען איבער אונזערע קעפּ אָן רח־מנות. ס'ווײַזט אויס, אַז דער טייוול האָט נאָכנישט געגנוג זיך אָנגעזעטיקט מיט יידישע קרבנות, אַרויס־רײַסנדיק פֿונעם נישטיקן הייפֿל געבליבענע — אויף די סטאַשעווער גאַסן — נאָך 4 טייערע נפֿשות: ראַ־מעק סעגאַל, אַברהם אנשעל בערגמאַן, שושנה גאָלד־פלוס און מײַן פֿאָטער מרדכי גאָלדפלוס.

מיט אַ טיפֿן ווייטיק אין האַרץ — האָב איך דעם 9־טן אויגוסט 1945 פֿאַרלאָזן סטאַשעוו.

# יהודה פעלדבערג תל־אביב / אזוי האָבן מיר זיך געוואַלגערט



בעת די געפֿאַר פֿון „אויסזידלען" סטאַ־שעוו איז, אין די לעצטע חדשים פֿון 1942, געוואָרן וואָס אַמאָל נענטער, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין „עמלער". דאָ־קעגן מײַן פֿרוי און קינדער האָב איך באַ־וואָרגט קיין כמיעלניק, נאָכדעם ווי די דאָר־טיקע קהילה איז געוואָרן „אויסגעזידלט". און ס'האָט זיך געדוכט, אַז די איבערגעבליבענע יידן, וועלכע האָבן אויסגעמיטן דעם גורל פֿון די „פֿאַרשיקטע", וועט מען נישט טשעפּן.

ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און כמיעלניק איז געוואָרן אַ צווייט מאָל „באַזוכט" דורך דער מער־דער־באַנדע, און די געכאַפּטע יידן זענען געוואָרן אָפּ־געשיקט קיין סטאָפּניץ צום דאָרטיקן „טראַנספּאָרט". צווישן די לעצטע האָבן זיך אויך געפֿונען מײַן פֿרוי און קינדער.

זוכנדיק וועגן אויסצומײַדן דעם אומגליקלעכן גורל האָבן פֿיל יידן זיך אויסבאַהאַלטן בײַ פּאָליאַקן. צווישן זיי האָט זיך אויך געפֿונען מײַן שווער, זלמן ליפּמאַן. אָבער די פּאָליאַקן האָבן געצילט, געוויינלעך, נאָר אויסצופּרעסן געלט, וויפֿל ס'האָט זיך נאָר געלאָזן און לסוף, אָדער זיי איבערגעגעבן צו די דײַטשן, אָדער אַליין זיי דערמאָרדעט, אָדער — אין בעסטן פֿאַל — זיי אַרויסגעטריבן. דאָס האָט אויך פּאַסירט מיט מײַן שווער. אין אַ געוויסן אָוונט איז ער אָנגעקומען אין לאַגער אין אַ מצב, אַז ס'איז געווען אַ שוידער אים אָנצוקוקן. נאָכדעם ווי כ'האָב אים אָפּגעמונטערט, האָב איך אים פֿאַרשטעקט בײַ זיך אין לאַגער, אין יאָסל ישראל שוחט'ס קעלער. דאָרט איז ער פֿאַרבליבן ביז מערץ 1943.

אין דער צווישנצײַט האָבן זיך די רעוויזיעס אין לאַגער פֿאַרשאַרפֿט און די מורא פֿון אַנטדעקן אים, און אַלס רעפּרעסיע אויסשיסן אַלע מענטשן, איז גע־וואָרן פֿון מינוט צו מינוט גרעסער. האָב איך באַש־

לאָזן ווידער אים באַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק, דאָסמאָל אין שטשעגום, ווו ס'האָבן זיך שוין געפינען 9 יידן, צווישן זיי אויך אליעזר קאַזוכאָוויטש, פרוי און קינדער

נאָך אַ חודש־צוויי האָט זיך ליידער אַרויסגעוויזן, אַז אויך דער פּאָליאַק האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע כוונה, ווי וואָסמער שאַנטאַזשירן און שפּעטער אומברענגען זיינע קרבנות. אַזוי זענען די דאָזיקע אומגליקלעכע געגאַנגען פון איין צרה אין דער אַנדערער, געליטן און געמאַטערט זיך חדשים־לאַנג, און לסוף דערמאָרדעט אָדער פאַראַסן געוואָרן פון זייערע „רעטער".

איינמאָל ווערן מיר געוווּיר, אַז מ'האָט געכאַפּט עטלעכע אומלעגאַלע יידן און פאַרשפּאַרט אין שטאָטישן אַרעסט־הויז. צווישן די אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען: שרה מאַטעסאָנס מיט איר טאָכטער, ביינישׂ טענענוווּרצל מיט אַ שוועסטער און לייבל שוואַרץ'ס אַ פּלימעניק ווויסנדיק גאַנץ גענוי וואָס זיי דערוואַרט האָבן זיי אינסצעניזירט אַ גרויסן טומל און בעת מעשה האָבן זיי גענומען אויפברעכן דעם סופיט. ביז די וואַך האָט זיך געכאַפּט אין וואָס ס'גייט, איז דער סופיט געווען אויפגעבראָכן און די עטלעכע יונגע מענטשן זענען אַרויס, און טיילווייז זיך אויך געראַטעוועט. ביים אַראָפּשפּרינגען פונעם דאַך אין וואָסער אַריין האָט פּאַסירט אַן אומגליק און ביינישׂנ'ס שוועסטער האָט געבראָכן ביידע פיס, און איז פאַרשטייט זיך, אַריינגעפאַלן אין די רוצח'ישע הענט.

3־טער יוני 1943.

וואָכן און חדשים לויפן. ס'קומט אָן דער 3־טער יוני 1943. דער לאַגער ווערט פלוצים אַרומגערינגלט דורך ס.ס.. און אין געציילטע מינוטן ווערן די מענטשן אויפגעלאָדנס אויף מאַשינען און אונטער עסקאָרטע אָפּגעפירט קיין סקאַרזשיסק.

דער מצב אין סקאַרזשיסקער גיהנום איז אונז געווען גוט באַקאַנט. אַחוץ דעם האָט אויף מיר פּערזענלעך געהאַט אַן אויג איינער פון דער ס.ס.־עסקאָרטע, וואָס האָט מיר, בעת דער איבערזידלונג פון עמלעבער לאַגער, אונטערגעוואָרפן אַ בייטל מיט קוילן און אויפן יסוד פון דעם בלבול מיך געוואָלט דערשיסן. דער ס.ס.־לייטענאַנט האָט אים דערפון אָפּגעהאַלטן, אָבער כ'האָב מורא געהאַט, אַז אויפן וועג, אָדער אין סקאַרזשיסק, וועט דער רוצח אויספירן זיין פאַרברעכן. האָב איך טאַקע אַ גאַנצן וועג געזוכט אַ געלעגנהייט עוקר צו זיין. די דאָזיקע געלעגנהייט האָט זיך ערשט געמאַכט הינטער אָסטראָווצע, בעת ס'איז אונז אַנטקעגנגעקומען אַ לאַסט־וואָגן, וואָס האָט אַ טייל מענטשן געזאָלט פירן קיין ראַדעם. דעמאָלט בין איך געשפּרונגען פון דער מאַשין, אַריין צווישן די תבואות און אומגעדולדיק געוואַרט אויף נאָך געראַטעוועטע יידן. צווישן די תבואות איז אויך געווען באַהאַלטן לייזער יודקע. איך בין צוזאַמען מיט אים אַוועק קיין דאַברע, ווו ער האָט געהאַט באַהאַלטן זיינע 2 קינדער ביי אַ גוי. היות די אויספירונג פונעם לעצטן איז מיר נישט געפעלן געוואָרן, בין איך אַוועק אין די גאַליעווער וועלדער אויפזוכן מיינע ליידנס־ברידער. גייענדיק איינער אַליין האָבן מיך באַהערשט טרויעריקע געפילן. דאָס וואַלד איז גרויס, איך בין מיד, הונגעריק און נידערגעשלאָגן. ווער ווייס, האָב איך געטראַכט, צי כ'וועל נאָך עמעצן טרעפן? פאַר מידקייט האָב איך זיך אַהינגעזעצט, געגעסן אַ שטיקל ברויט, וואָס כ'האָב באַקומען פון אַ באַקאַנטן פויער אין וועג, און איינגעשלאָפן. אַז כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך ווידער גענומען גיין... אין דער וועלט אַריין.

### צווישן יידן

מיטאָמאָל האָב איך פון דערווייטנס באַמערקט לעמל גבריאל בעקערס. מיין פרייד איז געווען אָן לשער. צוזאַמען מיט נאָך יידן — איז, ערשטנס, דאָס געפיל בעסער, צווייטנס, וועט אויך דער לעבנס־געראַנגל און אויסזיכטן לייכטער ווערן.

לעמל האָט מיך געבראַכט צו זיין גרופּע, אין 13טן אָדזשיאַל, ווו ס'זענען געווען: די ברידער הענעק, מאַניעק און פּעלעק בעקער מיט זיין פרוי, ישראל און דוד שניפּער, דוד קאַן, שאַשע שטיינבערג,

מלך ריזנבערג, דוד זילבערשטיין און שוועסטער, יודל וועווערמאַן (האָפּלאַלקע) און צוויי שוועסטער, איטשע פּריים (סצופּע), שרה די קצב׳טע (קירשנבערג) מיט ביידע מיידלעך, לעמל בעקער און ברודערל, צבי, לייביש און שלמה קאָרנבלום מיט זיין פרוי, לייבל זילבערבערג (פּיעגאַטש) מיט גאָלדע ריזנבערג, שמואל זילבערבערג (באָרשט), פרוי און שוועסטער מאַנטשע.

אין דער דאָזיקער גרופּע, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען עטלעכע מיט געווער, איז געווען איינגעשטעלט אַ נאַכט־דיזשור. איין נאַכט זענען מיר באַפאַלן געוואָרן און ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ קעגנזייטיקע שיסעריי. פון אונז איז געפאַלן איינער פון די קאָרנבלומ׳ס, דאַקעגן פון די אָנפאַלער, א.ק.־לייט פון דאָרף וואָלאַ אָסאָווא, ביי קאָרעזוואָנק, זענען געפאַלן 3 מאַן.

מיר זענען פאַראַטן געוואָרן פון די סטאַשעווער מישליוּוצים. איינער פון דער משפחה, סטאַך, האָט זיך כלומר׳שט געליבט אין וועווערמאַנס שוועסטער, פעסל, און ווען די לעצטע איז נאָכן אָנגריף אַנטלאָפן אויף דער פּיפּאַלע און געשיקט רופן איר „געליבטן" — האָט ער צוגעפירט די דייטשן, וואָס האָבן זי אויפן אָרט דערשאָסן.

אין אַ געוויסן אָוונט איז ישראל שניפּער, פעלעק און העניעק בעקער אַוועק קיין ריטווין צו אַ גוי. ווי זיי זענען אַריין האָט מען זיי אַרומגענומען און געוואָלט שיסן. ישראלן און פעלעקן איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן. העניעק, זוכנדיק אַ ראַטונגס־וועג, איז אַריין אין שטוב, אַרויף אויפן טיש און מיטן קאָפּ אויפגעבראָכן דאָס פענצטער און באַוויזן צו אַנטרינען. ערשט פאַרטאָגס, נאָכדעם ווי מיר האָבן אים שוין געהאַלטן פאַר פאַרלוירן, איז העניעק צוריקגעקומען מיט אַ שטאַרק פאַרבלוטיקט־צעשניטענעם קאָפּ. אויפוואַרעמענדיק אַן עמער וואַסער האָב איך אים אָפּגערייניקט די ווונדן פונעם בלוט און שמוץ, פאַרייאָדינירט און באַנדאַזשירט. בעת ד״ר אלי פרידמאַן איז אויפן דריטן טאָג געקומען אים באַזוכן, איז שוין כמעט אַלץ געווען פאַרהיילט.

אין געיעג נאָך אונז האָבן מיר לאַנג אויף איין פּלאַץ נישט געקאָנט פאַרבלייבן. מיר זענען געלאָפן פון איין אָרט צום אַנדערן אין וואַלד, און אויך פון לעצטן אין דאָרף אַריין און פאַרקערט. איינמאָל, בעת אַזאַ געיעג, בין איך ווידער געבליבן אַליין. לאָזנדיק זיך אין וואַלד זוכן אחים לצרה האָב איך אָנגעטראָפן גאָלדע גאָלדהאַר מיט איר מיידעלע, חיות׳קע און סאַנעלע מיט זיין גרופּע. דאָס קינד, וואָס האָט שוין עטלעכע טעג נישט געהאַט געגעסן, האָט געלעקט זאַלץ. בעת כ׳האָב עס דערלאַנגט אַ שטיקל ברויט איז גאָלדע אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין, איבער דעם אומגליקלעכן גורל פונעם אומשולדיקן, כשר׳ן נפש׳ל. אינזעלבן אָוונט איז די גרופּע באַפאַלן געוואָרן און גאָלדע מיטן קינד, שרה קירשנווורצל מיט די טאָכטער און אַנדערע זענען אויף אייביק „אויסגעלייזט" געוואָרן פון זייערע צרות.

ווידער בין איך געשטעלט געוואָרן פאַר דער פראַגע: וווהין? כ׳האָב זיך דערמאָנט אינעם טשייקעווער פויער, גאַוועל, וועלכער האָט מיר איינמאָל געזאָגט, אַז אויב כ׳וועל נישט האָבן קיין ברירה זאָל איך קומען צו אים. בעת איך בין אַהינגעקומען האָבן זיך דאָרט שוין אויפגעהאַלטן 16 מענטשן. זיי האָבן מיך נישט אַריינגעלאָזן, מיט דער טענה, אַז ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַץ. מיט אַ שווער געמיט בין איך פון דאָרטן אַוועק, געפירט פון גאַוועלן צו זיין ברודער. פאַר 16 מענטשן — האָב איך געטראַכט,— איז דאָ אָרט, נאָר פאַר מיר איינעם נישט! דאָרט בין איך געווען 4 וואָכן. אינדערצווישנצייט איז צו מיר אויך געקומען לייזער יודקע מיט זיינע 2 קינדער (זיי זענען געווען באַהאַלטן ביי די אַדאַמוסעס). איינמאָל אין אַ פראָסטיקן, שיינעם זונטיק, בין איך אַרויס פון גרוב, זיך אַביסל אויסצוגלייכן דיביינער, און אַריין אין דער סטאָדאָלע. דאָרט האָב איך באַמערקט, אַז ביים צווייטן גאַוועל איז אַ גרויסער טומל און מענטשן אַנטלויפן — מן הסתם יידן. איך האָב באַלד אַלאַרמירט דעם גוי און ער איז אַוועק אַהין. ווי ר׳איז צוריקגעקומען האָט ער באַפוילן: „כלאָפּאַקי דאָ דזשוריי". דערפילנדיק אין גרוב אַ לופט־מאַנגל זענען מיר נאָך 3 טעג פון דאָרטן אַרויס און געמאַכט אַ סקריטקע

אין דער שטאָל, וווּ אויך צביה על'אַשעוויטש האָט געפונען פלאַץ, נאָכדעם ווי ס'איז איר געלונגען צו ראַטעווען זיך פונעם אַנפאַל ביי גאַוועלן. אין עטלעכע טעג אַרום זענען אָנגעקומען ישראל גאָלדגרוב, שפרה על'אַשעוויטש און אַביגדור ציטרינבוים. זיי זענען פאַרבליבן אין דער סטאָדאָלע, טראָץ דעם וואָס מיר האָבן זיי דערפון אָפגערעדט, ווייל דער אָנטדעקטער בתּקער ביי גאַוועלן איז געווען ענלעך געבוים. אָבער, היות זיי האָבן נישט געהאַט קיין ברירה זענען זיי דאָרט געבליבן. אין אַ שבת, אויפן 12 ביינאָכט, איז אָנגעקומען אַן א.ק.־באַנדע. דער גוי האָט געלייקנט, אַז ביי אים געפינען זיך יידן. זיי האָבן אים געשלאָגן, גענומען זוכן און געפונען די סקריטקע אין דער סטאָדאָלע. בעת די רוצחים האָבן זיך „באַשעפטיקט“ מיט שפרה'ן איז גאָלדגרובן געלונגען צו אַנטלויפן. דאַקעגן אַביגדורן און שפרה'ן האָבן זיי, נאָכן באַפרידיקן זייערע נידעריקסטע אינסטינקטן, דערמאָרדעט. אונזער באַהעלטעניש אין דער שטאָל האָבן זיי, על־פּי־נס, נישט באַמערקט און מיר זענען ניצול געוואָרן. צו־מאָרגנס האָט אונז דער גוי געבראַנגט צידה לדרך און פאַראָרדנט צו גיין. נישט געקוקט אויף אונזערע טענות, אַז די געפאַר איז פאַריבער, ווייל זיי האָבן שוין דאָס זייעריקע דערגרייכט, האָט דער גוי ענערגיש געפאָדערט מיר זאָלן גיין. בלית־ברירה זענען מיר אַרויס. און ווידער, צום וויפלטן מאָל, וווּהין? לייזער האָט פאַרזיכערט, אַז זיין דאַברער גוי, באַז'אַק, וועט אונז באַשטימט אַריינגעמען, נאַטירלעך פאַר גוטע געלט, האָבן מיר זיך אַלע געלאָזן אַהין. דערווייל האָט ישראל גאָלדגרוב באַזאָרגט אַ פלאַץ פאַר צביה'ן — זי איז געווען זיין מומע — און בעת ער איז געקומען זי נעמען בין איך אויך מיטגעגאַנגען, דאַקעגן לייזער מיט די קינדער זענען געבליבן אין דאָרף.

ו־טער מאַי, 1944.

ריכטיק אָדער נייִן, אָבער מיר האָבן פאַרדעכטיקט, אַז אונזער בונקער אין וואַלד איז געוואָרן פאַרראַטן. נישט טראַכטנדיק קיין סך האָבן מיר באַשלאָסן צו



יהודים רעבים בגיטו — הונגעריקע יידן אין געטאָ.

פאַרלאָזן, און נישט אויסשטעלן זיך אויף געפאַרן אַזוי נאָענט פאַר דער באַפרייאונג, וואָס האָט געקאָנט קומען יעדן טאָג.

אינעם דערמאָנטן בונקער זענען געווען:

נחום ניסנגאַרטן, רוזשע און לעמל אפּלבוים, שאַשיע שטיינבערג, משה פוקס, שמחה ראָטנבערג, אבאַ'לע, לייב'יש און שמעון ווינציקסטער און איך. בעת מיר האָבן גענומען גיין האָט אבאַ'לע, וואָס האָט געהאַט פאַרשטייפטע פיס און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט — און אויך די קינדער האָבן נישט געקאָנט העלפן: זיי זענען געווען צו שוואַך זיי זאָלן אים מיטנעמען — געזאָגט: „גייט קינדערלעך, גייט און ראַטעוועט זיך; איך בין פאַר יעדן פאַל פאַרלוירן; איך וועל שוין דאָ פאַרבלייבן ז״ דערהערנדיק די ווערטער האָט זיך מיר

דאָס האַרץ פאַרקלעמט — איך בין צוגעגאַנגען, אים גענומען אויף די פּלייצעס, אַ מהלך פון עטלעכע קי־לאָמעטער, ביז מיר האָבן זיך באַזעצט אויף אַ צווייטן „מקום מנוחה״.

אַזוי האָבן מיר זיך געוואַלגערט פון איין אָרט אויפן אַנדערן, פון באַהעלטעניש ביי גויים אין וואַלד אַריין און פאַרקערט, ביז מיר האָבן ענדלעך, אַ קליינע גרופּע מענטשן, דערלעבט דעם טאָג פון באַפרייאונג.

# אברהם זילבערשטיין ירושלים / אונזערע פּוילישע שכנים

אין יוני 1942 איז איינגעפירט געוואָרן דער געטאָ אין סטאַשעוו. יידן, וואָס האָבן געוווינט אין פאַרשי־דענע טיילן פון שטאָט, האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייע־רע וווינונגען און אַריין אין פערטל פון דער לאַנגער גאַס, שול־גאַס, באָד־גאַס און ריטווינער־גאַס. אָבער אויך אין די דאָזיקע גאַסן האָט מען נישט געטאָרט גיין ווייטער ווי ביז צו אַ באַשטימטן צייכן; פאַר אַריבער־שפּאַנען די אָנגעצייכנטע מחיצה האָט געדראָט טויט־שטראָף.

פאַר געפינען זיך אויסער דעם געטאָ זענען אויס־געפירט געוואָרן עטלעכע מאָרדן. יוסל ווײַנבוים'ס זון איז דערשאָסן געוואָרן ביי בעלעשאָק; בעריש'ל שוסטערס טאָכטער האָט מען דערשאָסן, בעת זי האָט געקויפט אַ פערטל קאַרטאָפל צוויי מעטער אויסערן געטאָ.

די נויט איז געוועזן זייער גרויס. די קיך פון דער יידישער געמיינדע האָט נישט געקאָנט פאַר די נויט־באַדערפטיקע. די קיך־פאַרוואַלטונג האָט געמוזט אויס־פילן די באַפעלן פון די ס"ס לייט און פון דער זשאַנ־דאַרמעריע. די יידישע געמיינדע האָט ממש געשונדן די הויט פון דער באַפעלקערונג אין סטאַשעוו, כדי צו שטילן דעם באַגער פון די דייטשע וואַמפּירן. צווישן אַנדערע דאגות איז אויך אויפגעשוווּמען די דירות־פראַגע אין געטאָ.

יידן, וואָס זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין דירות פון פּאָליאַקן, זענען פון זיי אויפגעפאָדערט געוואָרן צו צאָלן דירה־געלט, דאָקעגן זיי, די פּאָליאַקן, וואָס האָבן איבערגענומען יידישע דירות, האָבן זיך אָפּגע־זאָגט צו צאָלן דאָס דירה־געלט — טענ'ענדיק, אומ־פאַרשעמט און אָן העמונגען, אַז אומקומען קאָן מען אָן געלט. סיי ווי וועלן די יידן אומגעבראַכט ווערן — איז צו וואָס דאַרפן זיי געלט. זיי וועלן דאָך אַלעס במילא צוריקלאָזן!

אַ פּוילישע שכנה פון מיין שוועסטער איז דער־גאַנגען מיט איר חיה'שן אינסטינקט אַזוי ווייט, אַז אויפן געוויין פון איר פּיצעלע קינד האָט זי אויך געפונען דעם אַרגומענט פון „אויסזידלונג״ — ער זאָל נישט וויינען, ווייל סיי־ווי וועט ער דאָך באַלד קו־מען „אויף זיין אָרט״.

אַזוי האָבן כמעט אַלע פּאָליאַקן גערייצט דאָס אָנ־געוויטיקטע יידישע האַרץ.

אין פחד, צער און ווייטיק האָבן זיך געשלעפּט טעג און נעכט ביז צו דער אומגליקלעכער „אויסזיד־לונג״־שעה.

פון די אַרומיקע שטעטלעך (אָשיק, פּלאַנטש) האָט מען אויסגעזידלט קיין סטאַשעוו. די זשאַנדאַרמעריע האָט אָפּן געראַבעוועט, די יידישע פּאָליציי האָט אָן בושה געפאָדערט געלט; ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר־האַנדלונגען מיט די פּאָליאַקן, אויסצובאַהאַלטן יידישע קינדער. לויט אַ געוויסן הסכם האָבן יידן געגעבן געלט אָדער ווערט זאַכן פאַר געבן שוץ זייערע קינ־דער. דאָ הייבט זיך אָן דער שאַנטאַזש: גלייך צו־מאָרגנס אָדער דעם דריטן טאָג האָבן זיי צוריקגע־בראַכט די קינדער. אַ טייל פון זיי, וואָס האָבן זיך געשעמט אַריינצוברענגען די קינדער צוריק, האָבן זיי אונטערגעוואָרפן ביים שוועל אָדער לעבן פענצטער. איין פּוילישע פּרוי איז געקומען צו מאָטל וויטנבערג און אָפּגעמאַכט מיט אים פאַר אַ געוויסן פּרייז אים אויסצובאַהאַלטן. ביים פאַרלאָזן זיין שטוב איז שפרה עליאַשעוויטש גראָד געווען ביי אים און האָט אויך באַשלאָסן מיטצוגיין. צוקומענדיק צו דער ווייסל


WOISKO POLSKIE

Tymczasowe zaświadczenie Nr 158842

Por. Dyzenhaus Leon s. Józefa

odznaczony Rozk. Naczelnego Dow. Wojska Polskiego Nr 1286 z 13 grudnia 945 r.

Orderem, medalem. Srebrnym Krzyżem Zasługi

Dnia 29. 10

ליאון דיזנהויז ז״ל (בן ר׳ יוסקה חזן הי״ד), קצין ובעל אותות הצטיינות בצבא פולין. נפל בעת מילוי תפקידיו בפולין, ב־9.3.1946.

לעאָן דיזנהויז ז״ל (דער זון פון ר׳ יאָסקע חזן הי״ד), אָפיציר און באַזיצער פון מיליטערישע אויסצייכענונ־גען אין דער פוילישער אַרמיי. געפאַלן בעת׳ן אויספירן זיינע פליכטן אין פוילן, אין 9.3.1946.

איז שפרה געבליבן וואַרטן, ווייל דאָס שיפל איז שוין געווען איבערפולט. שפרה האָט פון ווייטן דערזען דאָס שרעקלעכע בילד: די פּאַליאַקן האָבן איינציקווייז אַלעמען פון שיפל אַריינגעוואָרפן אין דער ווייסל. (אויפן שיפל האָבן זיך געפונען מאָטל שטעפער מיט זיינע צוויי שוועסטער, מאַניע און גאָל־דע). אָן אַטעם איז זי געקומען צו לויפן און איבער־געגעבן די טרויעריקע בשורה.

אַזוי האָבן אונזערע פוילישע שכנים געהאַנדלט מיט די יידן.

## מנחם ליפשיץ /

# א נשמה־ליכטל מיין אומגעקומענער משפחה

אַ לאַנגע צייט האָב איך זיך געראַנגלט, צי כ׳זאָל איבערהויפּט צוטרעטן באַשרייבן דעם טראַגישן גורל פון מיין משפּחה. ווייל, אויסשטעלנדיק מיין רשות־היחיד פאַרן רשות־הרבים, בין איך דאָך שוין פאַר־פליכטעט עפּעס מחדש און מוסיף צו זיין צו דעם אַל־געמיינעם בילד פון טאָטאַלער פאַרניכטונג פון צענ־טליקער און הונדערטער טויזנטער יידישע משפּחות, פון וועלכע דייטשע אכזריות, מולטיפּליצירט דורך אַר־טיקער רשעות, האָט קיין שריד ופליט נישט איבער־געלאָזן. אויך נאָכדעם, ווי כ׳בין שוין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אינעם שילדערן די דאָזיקע ליידנס־געשיכטע איז דאָ עפּעס אייגנאַרטיקס, וואָס איז ראוי באַזונדערס פאַרצייכנט צו ווערן — בין איך געשטעלט געוואָרן פאַר דער פראַגע: צי וועל איך זעעליש זיין בכוח, געוויסנהאַפט, און אָן סוביעקטיווע פּניות, די דאָזיקע שווערע אויפגאַבע צו דערפילן, און דערביי נישט געשטרויכלט ווערן מיט איבערטריבענעם אי־בערשאַצן מיינע טייערע, וועלכע כ׳וויל פאַראייביקן. אָבער נישט געקוקט אויף די דאָזיקע אָביעקטיווע און פּסיכישע איינווענדונגען, האָב איך געוויילט דעם וועג פון „עשה״ איבער דעם וועג פון „לא תעשה״ — אינעם אויפריכטיקן ווילן און האָפענונג צו זיין געט־רײַ די פאַקטן און אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר נאָר דאָס, וואָס אַנטשפּרעכט דער ווירקלעכקייט און קאָן אויך האָבן אַ מעין פון אַן אַלגעמיינעם ווערט.

מיין פרוי רבקה רייזל

נישט געקוקט אויף דעם טיפן אומצוטרוי צו די פאַרשידענע באַהעלטענישן, כדי אויסצומיידן דעם גורל,

וואָס די דייטשע מלוכה־מאַשין האָט באַשטימט פאַרן ייִדישן כלל, האָבן דאָך אַ סך ייִדן, אין די טעג פאַר דער „אויסזידלונג”, בלית־ברירה, צוגעגרייט בונקערס, ווו זיך צו פאַרשטעקן — עד יעבור זעם.

אויך אין אונזער הויז, רינעק 10, האָבן זיך אין אַ קעלער באַהאַלטן 26 ייִדן, מענער, פרויען און קינדער — צווישן זיי אויך מיין אומפאַרגעסלעכע פרוי רבקה רייזל און קינדער. אויפן דריטן טאָג פון דער אויסזידלונג, ראש־חודש כסלו תש״ג, דעם 10.11.1942, האָבן די פוילישע אייגנטימער פון די געוועלבער, אין דעם הויז, פאַר׳מסר׳ט דעם קעלער פאַר די דייטשן, וועלכע האָבן די מענטשן אַרויסגעפירט אויפן בית־הקברות (מיינע 3 יונגערע קינדער איז געלונגען צו אַנטלויפן) און אַלע דערמאָרדעט. זייער ברודער־קבר געפינט זיך אין דער רעכטער זייט פון דער מויער, ביים הויפט־איינגאַנג, בערך 50 מעטער פון טויער.

## מיין עלטסטער זון זכריה

דעם 5.9.1939, אויפן 5־טן טאָג פון מלחמה־אויסברוך, איז זכריה, אַ לוסטיקע און גוטע נשמה, אַ געוועזענער איבערגעגעבענער חבר אין „הנוער הציוני”, אַוועק אויף מזרח צו די רוסישע גרענעצן, צוזאַמען מיטן שטראָם אַנטלאָפענע. אונטערן איינדרוק פון די ידיעות, אַז ביי אונז, טראָץ דער דייטשער אָקופּאַציע, איז די לאַגע נישט אַזוי שרעקלעך ווי מ׳האָט זיך פאָרגעשטעלט, האָט ער, אין 1941, קורץ פאַרן דייטשן אָנפאַל אויף רוסלאַנד, באַשלאָסן אַהיימצופאָרן, בלייבנדיק ביז ענדע יאָר פאַרשטעקט אין זלאָטשעוו, אַ שטעטל אין מזרח־גאַליציען, ביזן אָנקומען פון די דייטשן. איבערלעבנדיק די שרעקלעכע רציחות פון די דייטשן און אוקראַאינער, בעת וועלכע ס׳זענען אויך אומגעקומען מאַנכע פון זיינע חברים, איז ער געוואָרן שטאַרק פּעסימיסטיש געשטימט איבער דעם אונז באַשטימטן גורל.

די איכה־בשורות, אין זומער 1942, האָבן נאָכמער פאַרשטאַרקט זיין אומרו, און זוכנדיק פיבערהאַפט אַן אויסוועג פון דער לאַגע האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין די 300 יוגנטלעכע, וועלכע זענען געפאָרן אין סקאַרזשיסקער אַמוניציע־לאַגער. דעם 2־טן נאָוועמבער 1942, עטלעכע טעג פאַרן סוף פון סטאַשעווער געטאָ, איז ער אַנטלאָפן פון דאָרטיקן גיהנום און צוריקגעקומען אַהיים. געשטעלט זיך אין קאָנטאַקט מיט חברים באַלד צוגיין אין וואַלד אַריין, איז ער אָבער, צוליב אַן אומפאָראויסגעזעענעם צופאַל, געבליבן אין לעצטן אָוונט אין דערהיים און, בלית־ברירה, זיך פאַרשטעקט אין דעם שרעקלעכן בונקער.

ביים אַרויספירן די אַנטדעקטע ייִדן פון בונקער איז אים נאָך געלונגען זיך צו באַהאַלטן אויפן בוידעם פון זעלבן הויז. אָבער, ווערנדיק באַמערקט פון דעם סאַדיסטישן פוילישן פאָליציי־קאָמענדאַנט, קאַטשמאַרסקי, האָט דער לעצטער געלויערט אויף אים נאָך אַ 2 שעה, ביז ר׳האָט אים איבערגעגעבן אין די דייטשע הענט. אויף דעם פּרווו פון מיין פרוי אים איבערצוקויפן מיט אַ גאָלדענער קייט און זייגער — האָט קאַטשמאַרסקי ציניש געענטפערט: „איך וועל מיר שוין אַליין אַלץ נעמען”.

## פייגעלע, אברהם יצחק און ישראל דוד

פאַר אונזער טאָכטער פייגעלע, האָבן מיר געהאַט צוגעגרייט אַ פּלאַץ, נאַטירלעך פאַר אַ גרויסער געלטסומע, ביי אונזערס אַ באַקאַנטן קריסטלעכן שוסטער, אַ זער נאָנטער שטוב־מענטש. אין קריטישן מאָמענט האָט ער אונז אָבער פאַראַטן. איז זי אויך אַריין אין באַהעלטעניש, צוזאַמען מיט דער מאַמען און ברידער. בעת פאָליאַקן האָבן זי נאָכגעיאָגט, אַנטלויפנדיק פונעם אַנטדעקטן קעלער, האָט זי, מיט קאַלטן ישוב־הדעת, גענומען וואַרפן געלט, כדי אָפּצווועגדן די אויפמערקזאַמקייט פון זיך. אַזוי איז טאַקע געשען. בעת די „באַרמהערציקע” קריסטן זענען געווען באַשעפטיקט מיטן קלייבן דאָס געלט — איז איר דערווייל געלונגען צו אַנטרינען אין גאָליעווער וואַלד. דערווייל האָב איך די 2 אַנדערע אַנטלאָפענע קינדער פאַרשטעקט אין לאַגער. נאָך 8 טעג האָב איך פייגעלע אַוועקגעגעבן צו אַ פויער אין טשייקעוו. דער לעצטער האָט אָבער יעדע וואָך, מיט דראָאונגען, געפאָדערט פריש געלט. אויך די באַהאַלטענע אין לאַגער זענען יעדע מינוט גע־

ווען אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר אַנטדעקט צו ווערן. אין דער אויסזיכטסלאָזער אויסזיכט איז דערשינען די מעלדונג וועגן צווימערער יודנשטאַט. אויסגעמאַטערטע און פאַריאושטע פון געפונען וועלכן ס׳איז רעטונגס־וועג — האָבן יידן, מיט אין־ברירה־דיקן אומצוטרוי, זיך אָנגעכאַפּט אָן דער דאָזיקער מעגלעכקייט. אין שטראָם־לויפנדיקע קיין צווימער האָבן זיך געפונען מיינע ברידער און זייערע קינדער. מיט זיי האָב איך אויך מיטגעשיקט פייגעלע און די 2 יונגערע קינדער נאָנט פאַר דער ליקווידאַציע פון דער נידערטערכטיקער דייטשער פּאַסטקע וואָס האָט זיך גערופן: „צווימערער יודנשטאַט״, איז פייגעלע צוריקגעקומען, כדי איינצוקויפן שפייז פאַר די הונגעריקע קינדער. באַלד איז סטאַשעוו באַלאַגערט געוואָרן פון דייטשער און פוילישער פּאָליציי, וועלכע האָבן, אונטער אַ בלוטיקן טעראָר, צוזאַמענגעטריבן די אומלעגאַלע, אָפּטראַנספּאָרטירנדיק זיי קיין צווימער און פון דאָרט, אין געציילטע טעג אַרום — דעם 10־טן יאַנואַר 1943 — אָפּגעשיקט נאָך טרעבלינקע. ניצול געוואָרן אויך פון דער טויט־געפאַר איז פייגעלע, צוזאַמען מיט יחיאל מילגרוים׳ס טאָכטער, חיה וויינבערג, געווען באַהאַלטן ביי וויטקאָווסקי׳ס אַ קרובה, נישט ווייט פון לאַגער, ביז צו זייער אויפלעזן. באַלד איז דער „גוטער פריינט״, וויטקאָווסקי, צו זיי געקומען און מיטן מכלומרשטן אויסרייד, אַז ער איז געוואָרן גע׳מסר׳ט, זיי אַרויסגעשיקט אין מיטן העלן טאָג. נאָך 2 טעג אויפהאַלטן זיך ביי דער קריסטין סאָביעניאַק, האַרט ביים גאַליעוועער וואַלד, איז דאָס הויז באַפאַלן געוואָרן פון דייטשער און פוילישער פּאָליציי. אַרויסשפּרינגנדיק דורכן פענצטער איז פייגעלע געלונגען זיך צו ראַטעווען, בעת חיה וויינבערג איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אין איר בריוו פון דער צייט שרייבט זי, אַז אין אַלץ איז געלעגן וויטקאָווסקי׳ס האַנט. איר לעצטן בריוו האָב איך דערהאַלטן אָנהייב 1944. אין דעם בריוו האָט זי געשריבן וועגן איר אומדערטרעגלעכער לאַגע, וועגן דעם, אַז זי דרייט זיך אַרום אין וואַלד אַליין, הונגעריק און נאַקעט, אַ מצב, וואָס איז ערגער ווי דער טויט, און אַז אין דער לעצטער נאַכט, נישט האָבנדיק וואָס צו פאַרלירן, האָט זי זיך אַריינגעכאַפּט צו וויטקאָווסקי און באַקומען אַ פּאָר שיך און עפּעס געלט. פון דאַמאָלט אָן האָב איך פאַרלוירן פון איר יעדע שפּור, און ביז היינט איז מיר נישט געלונגען זיך צו דערוויסן ווו און ווען זי האָט אויסגעהויכט איר כשר׳ע נשמה.

פאַר וויפל שווערע נסיונות מיטן מלאך־המות דאָס קינד איז געשטאַנען און אַלע ביי־געקומען! און צום סוף, ווי ס׳שיינט, אויפגעגעבן דעם קאַמף צוליב דער קאַלטער רשעות פון אַ מכלומרשטן שטוב־פריינט, וועלכער, רייך ווערנדיק אויף איר חשבון, האָט לסוף געטאָן אַלץ, וואָס ר׳האָט געקאָנט, כדי מקיים צו זיין דעם — „רצחת וגם ירשת״.

### אייזיק ז״ל

דערצויגן אין אַ ציוניסטישער היים, און אַן אַקטיווער חבר אין „הנוער הציוני״, האָט אים קיין זאַך נישט אינטערעסירט אַחוץ די אָרגאַניזאַציע און דאָס העברעאישע בוך. אין 1938, ביי 17 יאָר, איז ער עולה דורך דער עלית־הנוער און אָנגעקומען אין בן־שמן. געענדיקט דעם מוסד אין 1940 איז ער אַריבער אין קיבוץ פון הנוער־הציוני, אין ניצנים. בעת די מוסדות פון ישוב האָבן, אין 1941, גערופן די יוגנט זיך צו מאָביליזירן צום קאַמף קעגן היטלערן האָט ער זיך פריי־וויליק געמעלדעט אין דער יידישער בריגאַדע, מיטמאַכנדיק דעם גאַנצן, שווערן וועג פון איטאַליע, דייטשלאַנד, בעלגיע און האָלאַנד. דורכפאָרנדיק לאַנדסבערג, נאָנט צום לאַגער פון דער שארית־הפליטה, וווּהין מיר זענען ערשט מיט איין טאָג פריער אָנגעקומען פון טערעזיענשטאַט — איז מיין יונגערער זון, מאיר, וועלכער האָט מיך באַגלייט אין אַלע לאַגערן, אַריבערגעשפּרונגען דעם לאַגער־פּלויט, טראָץ דעם פאַרבאָט, און דורך אַ גליקלעכן צופאַל דערקאָנט צווישן די דורכפאָרנדיקע חיילים אייזיקן.

געטריי זיין ציוניסטישער דערציאונג פאַרלאָזט ער, אַ קורצע צייט נאָך זיין באַפרייאונג, תל־אביב און גייט מיט בריגאַדע־חברים, אויף התיישבות, אין אַ מושב שיתופי פון חיילים משוחררים, אין רמת נפתלי, גליל העליון, אירגון ויגנס. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די

אראבישע אנפאלן, אלס רעאקציע אויפן חלוקה־באשלוס פון נאוועמבער 1947. די פארטיידיקונג פונעם איינזאמען פונקט, נישט ווייט פון דער לבנון־גרענעץ, ארומגערינגלט פון שונאים, אפגעריסן חדשים־לאנג פון ארומיקע יישובים און וואסער־מאנגל — האט נישט געהערט צו די לייכטע זאכן.

אלס פאראנטווארטלעכער פון דער גרופע באפעלט אייזיק, אונטערן דרוק פון א שווערער אראבישער התקפה, דעם ערשטן מאי 1948, זיך צוריקצוציען אין דער מצודה. אבער אויך דארט ווערן זיי שטארק באמבארדירט, און שטייענדיק אין פארטיידיקונג ביים טויער פון דער מצודה ווערט ער שווער פארוואונדעט. נישט קומענדיק צום באוואוסטזיין האט ער, נאך 24 שעה, אויסגעהויכט זיין טייערע און ריינע נשמה.

## מאיר יעקב ז"ל

ווי זכריה און אייזיק, איז אויך מאיר, פון זיין פריסטער יוגנט אן, געווען א טרייער חבר אין „הנוער הציוני", גרייטנדיק זיך עולה צו זיין אנהייב אקטאבער 1939. זייענדיק אויף הכשרה, ביי ווילנע, איז אויסגעבראכן די מלחמה און פון די עליה־פלענער איז גארנישט געווארן.

פון נאטור א ליבהאבער פון ארבעט האט ער אליין זיך אנגעשלאסן אין „עמלער". ווי א סטאבילער חבר. בעת'ן דרינגנדיקן געיעג נאך „זיכערע" ארבעטספלעצער האב איך אפגעקויפט די עמלער־קארטע פון אלימלך קוקעלקע (אים האט זיך געדוכט, אז ער האט געפונען א מער זיכערן רעטונגס־מיטל). אזוי האבן מיר שוין אונזערע וואנדערונגען אין די דייטשע לאגערן, ביז טערעזיענשטאט, בשותפות'דיק דורכגעמאכט. זיין ארבעטס־פעאיקייט און גרענעצלאזע אויסדויערקראפט — זענען געווען פאר מיר א קוואל פון דערמוטיקונג און באדייטנדיק פארלייכטערט מיין גורל.

אין דעצעמבער 1945 פארט ער, מיט א גרופע אומלעגאלע, פון לאגער לאנדסבערג קיין א"י. אנגעקומען אין לאנד איז ער, אין מערץ 1946, מיט דער מעפילים־שיף „תל־חי", ווערנדיק פארהאלטן 2 וואכן אין עתלית דורך די ענגלענדער. ווי אייזיק האט אויך ער נישט



מנחם ליפשיץ ומשפחתו —
מענדל ליפשיץ מיט זיין פאמיליע.

געקאנט זיך צופאסן צו די שטאטישע באדינגונגען און באשלאסן, צוזאמען מיט חברים־מעפילים, צוגיין אין קיבוץ „מסדה" און דערנאך אין קיבוץ „כפר החורש". געווען א חבר פון „הגנה" און בכלל מקיים געווען אלע נאציאנאל־בירגערלעכע פליכטן. אין מערץ 1948 ווערט ער מאביליזירט אין צה"ל, אין חטיבת כרמלי, און באטייליקט זיך אין כיבוש חיפה, עכו און גליל העליון, נישט זייענדיק דערצו פארפליכטעט אלס בן־יחיד, נאכן פאלן פון אייזיקן, לויטן דאמאלסדיק־הערשנדיקן געזעץ. אבער זיין חוש פאר נאציאנאל־געזעלשאפטלעכן פליכטס־געפיל האט אים נישט איבערגעלאזן קיין אנדער מעגלעכקייט, ווי ארויפווארפן אויף זיך, פרייוויליק, אפילו די שווערסטע און מסוכנ'דיקסטע אויפגאבן. בעת'ן אויספירן זיין פליכט, אלס טרייער פאלקס־זון, איז ער דעם 10־טן יוני 1948 געפאלן.

זיין אייביקע רו האט ער געפונען נעבן דעם קבר פון זיין ברודער־פארגייער, אייזיק ז"ל, — אין רמת־נפתלי.

# ---וזוועותיה

„וְנִקֵּיתִי, דָּמָם לֹא־נִקֵּיתִי"
(יואל ד', כ"א)



# חֲזוֹן הָעֲצָמוֹת הַיְבֵשׁוֹת

(יחזקאל ל״ז, א׳—י״ד)

א. הָיְתָה עָלַי יַד־הַשֵּׁם, וַיּוֹצִיאֵנִי בְּרוּחַ הַשֵּׁם, וַיְנִיחֵנִי בְּתוֹךְ הַבִּקְעָה, וְהִיא מְלֵאָה עֲצָמוֹת.

ב. וְהֶעֱבִירַנִי עֲלֵיהֶם סָבִיב סָבִיב, וְהִנֵּה רַבּוֹת מְאֹד עַל־פְּנֵי הַבִּקְעָה, וְהִנֵּה יְבֵשׁוֹת מְאֹד.

ג. וַיֹּאמֶר אֵלַי: בֶּן־אָדָם, הֲתִחְיֶינָה הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה? וָאֹמַר: אֲדֹנָי הַשֵּׁם, אַתָּה יָדָעְתָּ.

ד. וַיֹּאמֶר אֵלַי: הִנָּבֵא עַל־הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם: הָעֲצָמוֹת הַיְבֵשׁוֹת, שִׁמְעוּ דְּבַר־הַשֵּׁם.

ה. כֹּה אָמַר אֲדֹנָי הַשֵּׁם לָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה: הִנֵּה אֲנִי מֵבִיא בָכֶם רוּחַ וִחְיִיתֶם.

ו. וְנָתַתִּי עֲלֵיכֶם גִּידִים, וְהַעֲלֵתִי עֲלֵיכֶם בָּשָׂר, וְקָרַמְתִּי עֲלֵיכֶם עוֹר, וְנָתַתִּי בָכֶם רוּחַ וִחְיִיתֶם; וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי הַשֵּׁם.

ז. וְנִבֵּאתִי כַּאֲשֶׁר צֻוֵּיתִי; וַיְהִי־קוֹל כְּהִנָּבְאִי, וְהִנֵּה־רַעַשׁ, וַתִּקְרְבוּ עֲצָמוֹת עֶצֶם אֶל־עַצְמוֹ.

ח. וְרָאִיתִי, וְהִנֵּה עֲלֵיהֶם גִּדִים וּבָשָׂר עָלָה, וַיִּקְרַם עֲלֵיהֶם עוֹר מִלְמָעְלָה, וְרוּחַ אֵין בָּהֶם.

ט. וַיֹּאמֶר אֵלַי: הִנָּבֵא אֶל־הָרוּחַ, הִנָּבֵא בֶן־אָדָם, וְאָמַרְתָּ אֶל־הָרוּחַ: כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי הַשֵּׁם: מֵאַרְבַּע רוּחוֹת בֹּאִי הָרוּחַ, וּפְחִי בַּהֲרוּגִים הָאֵלֶּה וְיִחְיוּ.

י. וְהִנַּבֵּאתִי כַּאֲשֶׁר צִוָּנִי, וַתָּבוֹא בָהֶם הָרוּחַ וַיִּחְיוּ, וַיַּעַמְדוּ עַל־רַגְלֵיהֶם, חַיִל גָּדוֹל מְאֹד מְאֹד.

יא. וַיֹּאמֶר אֵלַי: בֶּן־אָדָם, הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל הֵמָּה; הִנֵּה אֹמְרִים: יָבְשׁוּ עַצְמוֹתֵינוּ וְאָבְדָה תִקְוָתֵנוּ, נִגְזַרְנוּ לָנוּ.

יב. לָכֵן הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם: כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי הַשֵּׁם: הִנֵּה אֲנִי פֹתֵחַ אֶת־קִבְרוֹתֵיכֶם וְהַעֲלֵיתִי אֶתְכֶם מִקִּבְרוֹתֵיכֶם, עַמִּי, וְהֵבֵאתִי אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל.

יג. וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי הַשֵּׁם, בְּפִתְחִי אֶת־קִבְרוֹתֵיכֶם וּבְהַעֲלוֹתִי אֶתְכֶם מִקִּבְרוֹתֵיכֶם, עַמִּי.

יד. וְנָתַתִּי רוּחִי בָכֶם וִחְיִיתֶם, וְהִנַּחְתִּי אֶתְכֶם עַל־אַדְמַתְכֶם; וִידַעְתֶּם כִּי אֲנִי הַשֵּׁם דִּבַּרְתִּי וְעָשִׂיתִי, נְאֻם־הַשֵּׁם.

# אלחנן ארליך / בהישמד קהילה

(דברים שנאמרו בעצרת־האבל, בתל־אביב, ליום־הזכרון השש־עשרה)

„והיו חייך תלאים לך מנגד ופחדת לילה ויומם
ולא תאמין בחייך"

(דברים כ"ט ס"ו)

שחוחי־גו ועטופי־יגון התכנסנו הערב, ביום הזכרון השש־עשרה, יום בו נחתם גזר־הדין של כליון חרוץ לקהילה עתיקה סטאשוב, על זקניה וצעיריה, טפה ונשיה, רבניה וחסידיה, מוריה ומשכיליה, לרבות... תינוקות דבית־רבם.

במסגרת מסע ההחרב וההשמד, שפקד את יהודי אירופה בכל מקום שהשיגתם יד הגרמני — הגיע גם לעיירתנו אותו יום קודר של כ"ח מר־חשון, תש"ג, יום שבו הוכרעה לטבח, מעורר צמרמורת, סטאשוב עיירתנו.

נדם לעולמים קולם העליז והמרנין של הילדים, שותקה לנצח פעלתנותם, חובקת זרועות עם ועולם, של בנים ובנות ואלם־עד נגזר על חכמתם של זקנים.

בהתייחדנו הערב עם זכרם הקדוש — נכבד שוכני דומה בקימה ובדומיה.

— — — — — — — — — — — — —

הלומי־רעם מטמטם ומשתק חושים, נרעשים ונפחדים מעוצמת והיקף הזוועה, שניתכה בכל מלוא־אכזריותה על עמנו, אובדי־עצה וצלם אנוש מול החיה הטורפת ועוזריה — הועמדנו בפני החזיון המיוחד בתולדות האדם, בפני חלום הבלהות שהפך למציאות ממשית: בפני רציחת עם שלם, במחושב ובמאורגן, בצורה ובאופן שלא יאומן כי יסופר.

גם ההיסטוריה שלנו, היסטוריה מלאה וגדושה דראמטיות מסעירה ומזעזעת, דראמטיות רוויית צרות וייסורים, רדיפות ופרעות, מהם סבל עמנו במשך גלותו הארוכה; ההיסטוריה הזאת, שבהמשכה נתקל עמנו בעמים ושליטים אכזריים כגון: עמלק, טיטוס, טורקבמדו, כמיאל־ניצקי, פטלורה ועוד, עמים ושליטים שהתנכלו לנו, אלה כדי לכלוא את רוחנו באזיקים, ואילו אלה כדי לתת את גופנו למכים — גם בתולדותינו, עקובי־דם אלה, אין למצוא שום דוגמה ודמיון למה שעוללו לנו הנאצים!

כי, בשעה שכל צוררינו, הנזכרים למעלה, להשפלה, לדיכוי, לטמיעה ולהקזת דם התכוונו — הרי הנאצים האלה, ביסודיות שטנית וארורה, שעין לא ראתה, אוזן לא שמעה ותפיסת אנוש לא תשיגה, כליון טוטאלי לנגד פניהם היה. ואומנם, הצליח הנאצי־האשמדאי, המפלצת הזאת בהתגלמותה המתועבת ביותר, בעזרת כת מלאכי החבלה שלו ושותפיו מחלאת המין האנושי — לבצע את זממו על רוב־רובה של יהדות אירופה.

ועוד מעט קט ולא היה נותר, חס־ושלום, שריד ופליט!



באותו ליל־סיוט גורלי, ליל כ״ח מרחשון, תש״ג, 8 בנובמבר 1942, מלאכי־הרשעה הנאציים ועוזריהם: הפולנים, הליטאים והאוקראינים — על סטאשוב עיירתנו עטו, מכל צד ועבר אותה הקיפו, עם עלות־השחר את יקירינו בראש כל חוצות הוציאו, באכזריות ובמצח נחושה בהם התעללו, בשורות, שוחרי־„הסדר״, אותם סידרו, ותחת מטר־יריות בלתי־פוסקות אותם הובילו — למקום, שבאיו לא ישובון!

וסטאשוב עיירתנו את קובעת כוס התרעלה עד תומה מיצתה — מיצתה ונפלה.

והעיירה, ספוגת יהדית ויהודים מכל הסוגים והחוגים, על זקניהם וצעיריהם, טפם ונשיהם, אנשי־עמל וסוחרים, פועלים ובעלי־המעמד הבינוני, אנשי־תורה והוראה, רבנים ושוחטים, יראים תמימים ומתקדמים, אדוקים וחופשים, משכילים ועמך, ציונים ו„דא״יסתים — עיירה זו, שעד אותו היום הארור בכליון־עיניים לנס ציפתה, לנס שיתרחש ויגאל אותה מצפורני החיות הטורפות, הסתכלה לעברים, למעלה ולמטה „ואין חזון ואין קשב רק סופה ולילה״.

אותו הציבור המגוון על שורשיו וענפיו, שבשם הכולל סטאשוב נקרא, על מוסדותיו החינוכיים והמקצועיים, הכלכליים והמדיניים, המסורתיים והחילוניים, שרובם ככולם שפעו ותססו חיים ומרץ, וטיפחו תקוות לעתיד טוב יותר, אלה על־ידי עבודת גמלים במקום — ואילו אלה על־ידי הכשרת הגוף והנפש למולדת העתיקה־חדשה; אותו ציבור שוקק חיים לפנים, פועל ומפעיל, שופע ומשפיע, לומד ומדריך — במחי־יד זדונית אחת הופסקה נשימתו לנצח. והעיירה הפכה לעי־חרבות ולתל־ישימון, שתנים, בצורת דמויות אפלות עוטות על השלל, יהלכו בה.



ואנו, שהועמדנו פנים־אל־פנים מול הזוועה האיומה הזאת, זוועה שהדמיון האנושי, החולני והמתועב ביותר, לא היה בכוחו להמציא; מיותמים מאבות ואמהות; מגוּלמדים מנשים וילדים, אחים ואחיות; מוקפים ים של שנאה, נקמה ושמחה לאיד — לא זו בלבד, שהיינו נטולים אפשרות כלשהי ליטול חלק פעיל, אם גם הזעום ביותר, באיזו־שהן פעולות־נקמה, שהנוער המקומי ניסה לארגן והוכשל, אלא שלא נותר לנו אפילו סיכוי אחד מאלף לזכות ולראות עוד במו־עינינו את נקמתנו בחיות המטורפות ההן ובעוזריהן — אותם הברברים הנתעבים ביותר של כל הזמנים והדורות.

כי, מכל ההרגשות המוקהות והמומתות — היחידה, שנותרה לנו לפליטה, היתה: הרגשת השנאה והנקמה ללא קץ וגבול, הרגשה שהיתה מסוגלת — בפוטנציה — לעורר התנגדות מזוינת, אם גם עלובה במימדיה, אלמלי היו התנאים האובייקטיביים, בסביבתנו הבלתי־אמצעית, מרשים זאת בכל צורה שהיא.

ולא רק, כדי לטהר את עצמנו מכתם „צאן לטבח יובל״ נאמרים הדברים — אלא, כדי לקבוע עובדה יסודית של מציאות היסטורית בלתי־ניתנת לשינוי, מציאות, שהחניקה באיבה כל מחשבה על התנגדות לנאצים, במידה שהיתה קיימת.

לאסוננו ולבושתנו, לא רק שלנו, — אולי בכלל לא שלנו — אלא בעיקר של העולם התרבותי, כביכול, — רעיון ההתנגדות הפיזית והאקטיבית, בסביבתנו הסטאשובאית, רעיון בלתי־מציאותי לחלוטין היה.

כי המציאות היתה כה איומה, שבעוד חלק אחד של האוכלוסיה הפולנית, במקרה הטוב ביותר, אדיש ופאסיבי לצרות ולכליון שפקדונו היה, פרט ליחידים, שכמובן לא עצרו כוח לשנות

את המצב הכללי אף במלוא נימה — הרי החלק השני. תוך דחיפה נפשית פנימית והתלהבות, משתף־פעולה בגלוי היה עם הכובשים הרוצחים, בהשקיעו עמל וטורח להסגיר, גם נגד עינינו, כל יהודי שנפל ברשתו.

✶

ובינתיים הוסיפה להקת הטמאים והמתועבים ללכת מחיל אל חיל, בהטביעה יישוב אחרי יישוב ברפש ובבוץ, בדמע ובדם, וקרבנותיה: קדושים וטהורים, תמימים וישרים, ש„פשעם" — כבד מנשוא, ו„חטאם" — אין לו כפרה, כי בנים לגזע אציל־רוח ועתיק־יומין נולדו — לגזע ישראל, שנגזרה עליו כלייה.

והזוועה לא בהסתר, בהיסח־הדעת ובמקריות נעשתה. היא בוצעה לעין־השמש, כאילו בהסכמתם האילמת של קברניטי־העולם, שלא נקפו אצבע כדי למונעה; היא בוצעה, במשך שנים, במאורגן ובמחושב, בקפדנות ובדייקנות גרמנית ארורה, ובאכזריות שאין דוגמתה בהיסטוריה האנושית — מאז היות אדם עלי־אדמות.

הצר האויב והטמא ביהירות שחצנית התרברב ודימה, כאילו, לעלות על במתי־עב ולכפות את מלכות הרשעה והשטנית, הסאדיסטית והפאתולוגית, את מלכות הסטרא־אחרא בכל מערומיה החשופים — על־מנת להופכה לשלטת בכיפה על נפש ויקום.

✶

אבל כבד ירד על פליטי־חרב עירנו.
דכאון ורוח־נכאים שוחחו את קומתנו.
דוויים ומדוכדכים, עקובי־ושותתי־דם הסתובבנו.
כצללים על־יד הקירות השתרכנו.
אחלת־יד ויאוש נורא אכלו בבשרנו.
עלבון צורב, נוקב וחודר מעמקי־הנפש בער בנו.
בנו השרידים, אודים מוצלים מאש־התופת.
והכאב התהומי העצור לא מצא פורקן!

✶

בהעלותנו את זכר הימים המרים והטרופים ההם לשם התייחדות עם נשמות קדושינו היקרים, שנעקרו מאיתנו בדמי־ימיהם על לא־עוול בכפם;

הימים — בהם „בחוץ שיכלה חרב ובחדרים אימה";

הימים — בהם „בבוקר תאמר מי יתן ערב ובערב תאמר מי יתן בוקר";

הימים — בהם יראים ושלמים, צדיקים וחסידים הטיחו והתריסו כלפי שמיא את הטענה הנוקבת וקורעת לבבות — אם גם לא בוקעת שחקים — „למה ומדוע עוללת לנו כזאת? למה ומדוע כל אומה על תלה בנויה ורק על עמך גזרת הכלייה?!" —

בימים ההם לא ניתן היה גם להתנחם, כמו בשיר הידוע: „מדוע הנשמה יורדת למטה — ירידה לצורך עלייה".

כי, במקרה דנן, לא רק הנשמות ירדו, אלא גם הגופות ירדו איתן, ולא בלבד על מירוק עוונות בעלמא הדין יצא הקצף, אלא על ירידה לשאול ממש, שאול שממנו אין תקומה

יותר, ולא על יחידים בלבד נשפך חרון־האף — אלא, כאילו, האומה כולה נידונה להימחק מעל פני־האדמה.

וצרת־רבים זו לא היה גם בה לשמש לנו חצי־נחמה. להיפך: היא שימשה מקור לדאגה וחרדה עמוקה וממשית, ליאוש נורא ומבהיל: שמא, חס־ושלום — נצח־ישראל כן ישקר! שמא, חס־ושלום — תכבה הגחלת כולה ויימחה זכר קיומנו!

✶

כי מעבר מזה של המתרס:

ממלכת זדון, מצוידת במיטב כלי־הזיין הקטלניים ביותר;

ממלכת זדון, השולטת שלטון ללא־מצרים בכל שטחי־הכיבוש;

ממלכת זדון, המבצעת בהנאה סאדיסטית ובפרפידיה שטנית את מזימותיה השפלות ביותר, ללא כל היסוס קל וללא רגש אנושי כלשהו;

ממלכת זדון, שעיקר חרון־אפה נשפך על אומתנו הדוויה והמעונה;

ממלכת זדון, שהחלטתה נחושה להשמיד, להרוג ולאבד אנשים, נשים וטף — עד האחרון שבהם;

ממלכת זדון, שאמצעיה הטכניים — החדישים והמשוכללים ביותר, שיטתה — אירגון, סדר ודייקנות להפליא, שותפיה — חלאת המין האנושי מתוך העמים הכבושים, שבימים כתיקונם החיה הטורפת שבהם רדומה, אך בימי־תוכחה והרת־עולם אלה, התעוררה החיה משנתה, מכבליה התפרקה, ובעוז ובעוצמה, בהתלהבות ובקנאות כשותפים שווים נגשו למלאכה — למלאכה הטמאה והבזויה של השמדה ורצח לשמם.

ומעבר מזה של המתרס:

יישוב יהודי, שלמעלה משלוש שנים לכיבוש הטמאים, חדרה והוחדרה ללבו — טפין־טפין, על־ידי שיטת „הפרד ומשול" ובאלף דרכים אחרות — ההרגשה הקודרת, שאין מנוס ומפלט מהגורל המר, שהועיד לו הכובש־הרוצח;

יישוב יהודי, שבשיטתיות מחושבת לכל פרטיה הובא למצב של אוזלת־יד ולאחר־יאוש;

יישוב יהודי, שלגביו קללת התוכחה „והיו חייך תלאים לך מנגד ופחדת לילה ויומם ולא תאמין בחייך", לא זו בלבד, שלא היתה בבחינת מליצה גרידא, אלא להיפך — הקללה הקשה הזאת וכל קללות התוכחה יחדיו לא היה בהן עדיין — אף שמינית שבשמינית — משום מיצוי מציאות טראגית זאת, מציאות, שמדי יום ביומו — כמולך — תבעה את קרבנותיה;

יישוב יהודי, שהחלק הפעיל שלו — הנוער — בתכננו, ביאושו כי־רב, התנגדות מזוינת, ולשם־כך פנה לחוגים הפרוגרסיביים כביכול — לקומוניסטים הפולניים — שהם עצמם נרדפו על ידי הכובש, אותו הכובש שניהל מלחמת־חרמה נגד רוסיה — ארץ חלומותיהם — בבקשה חמה, שהוגשה להם על־ידי שליח מיוחד — שבעצמו היה חבר נכבד בחוגים האלה — להעמיד לרשותנו קצת נשק, בכל מחיר — ונענה בקיצור נמרץ ובציניות גלויה: „עם היהודים איננו רוצים שום קשר ואין לכם לצפות מצדנו לשום דבר!";

יישוב יהודי, שלא זו בלבד, שלא מצא כל משען ועידוד מצד העולם החיצוני — אלא ראה את עצמו נתון בתוך אוכלוסייה עוינת ומשתפת פעולה, ברובה, עם הכובש הטמא, תוך שמחה לאיד גלויה, במטרה הזדונית: להחיש את תהליך ההשמדה והכליון;

אותו יישוב יהודי, שהיה מוקף מכל העברים שונאים בנפש, מוסגר לשבט או לחסד ל"ס.ס.", "שופא" (שוץ־פוליצי), משטרה פולנית, "א.ד." וסתם רוצחים זואולוגיים;

ליישוב היהודי הזה — אבד כוח הסבל, נשברה רוח ההתנגדות, והעשיריה האחרונה, ששבה והיתה לבער, סחבה את חייה שלא מדעת ורצון, סחבה את חייה רק מתוך חפץ־הקיום האטאוויסטי, הבלתי־מובן, שרכה את דרכה כצל של עבר מפואר, שבצורה כה דראמטית נעקרה מתוכו.

באקלים נפשי מדכא זה, באווירה אפופת־אימים וטימטום־דמוחין זו, באותם החיים ללא־טעם, תכלית וסיכוי — האמנו ללא־אמונה, קיווינו ללא־תקווה, שמא בכל־זאת יתרחש הנס ואנחנו, השרידים האחרונים, אנחנו — החלכאים, הנדכאים והמושמצים, עוד נזכה לראות בעינינו ממש בהתגשמות משאת־נפשנו היחידה, משאלתנו ותפלתנו האחרונה: הנקמה!

*

בעצרת להתייחדות עם זכר קדושינו בוודאי שאין מקום להעלות בעיות מפרידות, בעיות, שבהן מחולקות הדעות. בהקשר זה יורשה לי לצטט מדרש יפה מפרשת בראשית שבתורה. ידועה הקושייה: למה בכל אחד מששת ימי־בראשית כתוב בסיום בריאת היום: "וירא אלוקים כי טוב", ורק בבריאת היום השני נעדרת סיומת זו? והמדרש מסביר: בריאת היום השני מה היתה? — הרקיע. תפקידו של הרקיע מה היה? — להבדיל בין מיים עליונים למיים תחתונים. וכל הבדלה, כלומר: הפרדה — בניגוד גמור לשלום ואחדות היא. וקודשא בריך הוא — סמל האחדות והשלום — איננו יכול להגדיר כטוב דבר, שהוא היפוכם של אחדות ושלום.

העקרון, שבא לידי ביטוי במדרש היפה הזה — חייב להיות קו־מנחה בכל פעולותינו.




נשיאות עצרת האזכרה — דאָס פּרעזידיום פון דער טרויער־אַקאַדעמיע.

אך לא נהיה שלמים עם עצמנו, אם אחרי ניתוח ותיאור המציאות ההיסטורית, הנזכרת לעיל, שבעקבותיה נפערה התהום לרגלי עמנו וקהילתנו, תהום, שבלעה שש שביעיות מעמנו באירופה — נאטום אוזן ונקשיח לב מהצו והלקח, הצפונים והמתבקשים מאליהם, מתוך מציאות היסטורית זו.

למול קברות הקדושים, מול קברות יקירינו ומחמדינו — אל לנו להיות עדיני־נפש ולהימנע מחיטוט בפצעים מכאיבים. כרופא מנתח, החותך בבשר החי, כן מצווים אנו, באיזמל קר וחריף של ניתוח ההגיון, ללמוד את לקח העבר ומכוחו לחדור ולהבין את צפונות העתיד.

ואם זוהי הדרך, בוודאי נדע להתרומם ולהתעלות מעל כל ההבדלים הנפשיים וחילוקי־הדעות האידיאולוגיים, שהפרידו, בתקופה שלפני השואה, בין יהודי ליהודי ובין ציוני לציוני. נודה, איפוא, ונכה על חטא שחטאנו בקוצר־ראותנו כלפי ישראל סבא ובניו. היום, בגשתנו לבחון את המאורעות ההם בכנות וגילוי־לב — ניווכח, כמה טחו עינינו מראות, כמה הוכינו בסנוורים, ובאיזו מידה לא הבינונו את אותות הזמן ואת הכתובת החרותה באותיות של דם, בבחינת: „מנא, מנא, תקל ופרסין".

אז, גם כשנמצא אחד דניאל, דגול משכמו ומעלה, שראה, מה שנעלם מעיני הדור כולו, והעלה את רעיון ההצלה בכל מחיר, בכל הדרכים ובכל הנסיבות, הוא רעיון האיבקואציה הנועז והמהפכני — לעגנו לו כולנו, לעגנו, אנו העיוורים, לרואה העתידות, לצופה היחידי, המפענח נסתרות הימים ההם, אשר הצביע על הדרך האחת והיחידה להצלת המונים.

לצערנו כי־רב, אין להחזיר את גלגלי־ההיסטוריה אחורנית. אין גם כל טעם לעשות חשבונות על יסוד של „אילו". אך מבחינת הבנת התהליכים ההיסטוריים, הפועלים בחברה האנושית, יש ויש טעם, יתר־על־כן, חובתנו הקדושה היא — כלפי אומתנו המושמדת מחד והדורות העתידים לבוא מאידך — להעמיק חקר, לא רק בימי־הזכרון, אבל בעיקר בימי־הזכרון, כדי ללמוד ולהבין את לקח המאורעות ההם.

נחרות, איפוא, על לוח לבנו בכל דרכינו ופעולותינו בעתיד — את הלקח הטראגי של הימים המרים והטרופים ההם!

# ווען א קהילה ווערט פארניכטעט*

(פון אַ רעדע געלעזן אויף דער טרויער־פאַרזאַמלונג, אין תל־אביב, צום 16טן יאָר־טאָג
פון אומקום פון אונזער שטעטל)

„והיו חייך תלאים לך מנגד ופחדת לילה ויומם
ולא תאמין בחייך"
(דברים כ״ח ס״ו)

רוקן־געבויגענע און אין טרויער־איינגעהילטע זענען מיר זיך צונויפגעקומען היינט, אינעם 16טן יאָר־טאָג, אינעם טאָג, ווען ס'איז גע'חתמ'עט געוואָרן דער גזר־דין פון טאָטאַלער פאַרניכטונג פון אונזער סטאַשעווער קהילה, צוזאַמען מיט אירע אַלטע און יונגע, קינדער און פרויען, רבנים און חסידים, לערער און משכילים... די שול־קינדער אַריינגערעכנט.

אינעם אַלגעמיינעם פאַרניכטונגס־פּראָצעס פון די אייראָפּעאישע יידן, איבעראַל, ווו ס'האָט זיי דערגרייכט די דייטשע האַנט — איז אויך צו אונז אָנגעקומען אַט־אָ־דער פינצטערער טאָג פון כ״ח מר־חשון, תש״ג, דער טאָג, אין וועלכן ס'איז אויסגעפירט געוואָרן די שוידער־לעכסטע שחיטה אויף אונזער יידיש סטאַשעוו.

פאַרשוואונדן אויף שטענדיק די פריילעך־זינגענדיקע קולות פון אונזערע קינדער, נישטאָ מער די פאָלקס־און וועלט־אַרומנעמענדיקע טעטיקייט פון אונזערע זין און טעכטער, און פאַר־שטומט אויף אייביק איז געוואָרן די לעבנס־חכמה פון אונזערע זקנים.

בעת מיר זענען זיך מתייחד מיט זייער הייליקן אָנדענק — לאָמיר זיי באַערן מיט אויפשטיין און שטילשוייגן!

— — — — — — — — — — — — —

ווי געטראָפענע פון אַ דונער, וואָס פאַראַליזירט די חושים, דערשראָקענע און צעטר־מלטע פון דער קראַפט און אומפאַנג פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך מיט דער גאַנצער אכזריות אויסגעגאָסן אויף אונזער פאָלק, הילפלאָזע קעגנאיבער דער בלוט־דורשטיקער חיה און אירע מיטהעלפער — זענען מיר געשטעלט געוואָרן פאַר דער איינציקאַרטיקער דערשיינונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע, פאַרן גרוילעכסטן חלום, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ממשות'דיקער ווירקלעכקייט: פאַר דער דערמאָרדונג פון אַ גאַנץ פאָלק, אָרגאַניזירט און מיט פולער פּרעמידיטאַציע, אויף אַן אופן, וואָס די קראַנקהאַפטעסטע מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן.

אויך די יידישע היסטאָריע, וואָס איז אָנגעפּראַפּט מיט דערשיטערנדיקער דראַמאַטישקייט, אַ היסטאָריע, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט פאַרפאָלגונגען, פּאָגראָמען און אינקוויזיציעס, פון וועלכע אונזער פאָלק האָט, אין זיין לאַנגער גלות־געשיכטע, אַזויפיל געליטן, אויך אין דער דאָזיקער היסטאָריע, אין ווען עמענס פאַרלויף, אונזער פאָלק האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַכזריות־דיקע פעלקער און הערשער, ווי: עמלק, טיטוס, טאָרקוועמאַדאַ, כמיעלניצקי, פּעטלוראַ און אַנדערע, פעלקער און הערשער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען די איינע אונזער גייסט אין קייטן צו שמידן און די אַנדערע אונזערע קערפּער צו פּאָגראָמירן, — אויך אין אונזער דאָזיקער געשיכטע

* איבערזעצט פון העברעאיש (— רעד.).

איז נישט צו געפינען קיין ביישפיל און דמיון צו דעם, וואָס די בלוטדורשטיקע היטלעריאַדע האָט אונז אָנגעטון!

ווייל, בעת אַלע אַנדערע, וואָס זענען אויף אונז אויפגעשטאַנען, האָבן געצילט אונז צו דערנידעריקן, אונטערדריקן, אַסימילירן און צוביסלעך אונזער בלוט אָפּצאַפּן — האָבן די נאַציס, מיט פאַרשאָלטענער דייטשער גרינטלעכקייט, מיט סטרא־אחרא׳דיקן ציניזם צו אַבסאָלוטער, טאָטאַלער פאַרניכטונג געצילט.

און ליידער איז דעם נאַצי־געשפענסט, אין זיין נידערטרעכטיקסטער פאַרקערפּערונג, מיט דער הילף פון זיינע פאַרברעכערישע האָרדן און מיטהעלפער, געלונגען אויסצופירן זיין בייז־ווייליק־טייוולאַנישן פּלאַן אויפן גרעסטן טייל פון אייראָפּעאישן יידנטום.

און פיל האָט נישט געפעלט און ס׳וואָלט נישט געבליבן קיין שריד ופליט!

אין דער גורל׳דיקער נאַכט פון כ״ח מר־חשון, תש״ג — 8־טן נאָוועמבער 1942, האָבן די היטלער־באַנדעס, מיט זייערע פּויליש־ליטוויש־אוקראַאינישע מיטלויפער, אויף אונזער שטעטל זיך אַ לאָז געטון, פון אַלע זייטן איר אַרומגערינגלט, אונזערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, פרויען און קינדער אין מיטן שטאָט־מאַרק אַרויסגעפירט, ציניש און גרויזאַם אין „געאָרדנעטע״ רייען זיי אויסגעשטעלט און אונטער אַן אומאויפהערלעכן האָגל פון קוילן געפירט אַהין — פונוואַנען מ׳קומט מער נישט צוריק.

און אונזער שטעטל סטאַשעוו האָט דעם ביטערן בעכער ביז צום סוף אויסגעטרונקן — אויסגעטרונקן און געפאַלן!

און דאָס שטעטל סטאַשעוו, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט יידן און יידישקייט פון אַלע מינים און קרייזן, מיט די אַלטע און יונגע, קינדער און פרויען, אַרבעטס־מענטשן און סוחרים, פּראָלעטאַריער און מיטלשטאַנד, תורה־יידן און וועלטלעכע, רבנים און שוחטים, גאָטספאַרכטיקע תמימים און אויפגעקלערטע, פרומע און פרייע, משכילים און עמך, ציוניסטן פון אַלע שאַטירונגען און „דאַ״איסטן — דאָס דאָזיקע שטעטל, וואָס האָט מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן אויף אַ נס אויסגעקוקט, אויף אַ נס, וואָס זאָל עס פון די בלוטדורשטיקע חיה׳שע נעגל אויסלייזן, האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, אויבן און אונטן, רעכטס און לינקס — און פון ערגעץ האָט זיך קיין רעטונג באַוויזן!

אָט דער גאַנצער פילפאַרביקער קאָלעקטיוו מיט זיינע וואָרצלען און צווייגן, מיט אַלע זיינע אינסטיטוציעס, דערציערישע ווי פּראָפעסיאָנעלע, עקאָנאָמישע ווי פּאָליטישע, טראַדיציאָנעלע ווי וועלטלעכע; דאָס שטעטל, וועמעס איבערוויגנדיקער רוב האָט געברויזט און געשפּרודלט מיט צאַפּלדיקן יידישן לעבן און ענערגיע, פּפלעגנדיק האָפענונגען אויף אַ בעסערן מאָרגן, איין טייל דורך מיזאַמער אַרבעט אויפן אָרט, בעת דער אַנדערער דורך פיזישער און גייסטיקער פאַרבערייטונג צום אַלט־נייעם פאָטערלאַנד — אָט דאָס דאָזיקע, רירעוודיקע, פול מיט לעבן געוועזענע סטאַשעוו, האָט מיט איין פאַרברעכערישן האַנט־שטריך איר לעבן אויף אייביק פאַרלאָרן.

און סטאַשעוו איז אין אַ ווייסטעניש פאַרוואַנדלט געוואָרן, אַ וויסטעניש, אויף וועמעס חורבות ס׳האָבן זיך טונקעלע אונטערוועלט־געשטאַלטן, ווי די שאַקאַלן, אַרומגעדרייט, כדי אונזער דורות׳לאַנגן אָנגעזאַמלטן האָב־און־גוטס צו רויבן.

און שטום און פאַרשטומט איז סטאַשעוו געוואָרן, שטום און פאַרשטומט אויף אייביק!

*

און מיר, פון בראַנד־פייער אַנטרונענע, געבויגענע און פאַרפייניקטע, באַליידיקטע און פאַרטעמפטע; אַוועקגעשטעלטע פנים־אל־פנים קעגנאיבער דער שרעקלעכסטער קאַטאַסטראָפע, וואָס די נידערטרעכטיקסטע, קראַנקהאַפטעסטע מענטשלעכע פאַנטאַזיע איז נישט פעאיק געווען אויסצוטראַכטן; באַרויבטע פון שענסטן און בעסטן, נאָענטסטן און טייערסטן; פאַר׳יתום׳טע פון טאַטעס און מאַמעס, פאַראיינזאַמטע פון פרויען און קינדער, ברידער און שוועסטער; אַרומגערינגלטע מיט אַן אומדערטרעגלעכן גרענעצלאָזן ים פון שנאה, נקמה און שפּאָט — מיר,וועלכע האָבן אין דער דאָזיקער דערדריקנדיקער חורבן־אַטמאָספער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, גלייכגילטיק צו אַלץ און אַלעמען — דורך דעם אומבאַגרייפלעך־אַטאַוויסטישן זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט — ווייטער געדאַרפט און געמוזט שלעפּן דאָס זינלאָזע לעבן, מיר האָבן ווי שאָטנס, — נישט פון דער וועלט — מאַכטלאָז און פאַרשטומט זיך אַרומגעשלייכט, נישט האָבנדיק קיין ברעקל אויסזיכט, נישט נאָר אַקטיוו אַנטיילצונעמען אין וועלכע ס׳איז נקמה־אַקטן קעגן די מטורף׳דיקע מענטשן־פרעסער, נאָר אַפילו נישט דעם מינדעסטן שאַנס פּאַסיוו צו דערלעבן די נקמה אינעם גרעסטן, וואַנזיניקסטן באַרבאַר פון אַלע צייטן און אין זיינע מיטהעלפער.

ווייל, פון אַלע געטויטעטע, אָפּגעטעמפטע געפילן, — דאָס איינאונאיינציקע, וואָס איז אונז געבליבן, איז געווען דאָס געפיל פון גרענעצלאָזן האַס און נקמה, וועלכעס איז געווען אימשטאַנד, פּאָטענציעל, אין אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אויסצוברעכן, ווען ס׳וואָלטן עקזיסטירט די מינדעסטע אָביעקטיווע באַדינגונגען דערצו ביי אונזער אוממיטלבאַרער סביבה. נישט נאָר צוליב אַפּאָלאָגעטישע טעמים, כדי זיך ריינצווואַשן פונעם פלעק פון „צאן לטבח יובל״, ווערט דאָס געזאָגט — נאָר כדי פעסטצושטעלן אַן אומדערשיטערלעכע היסטאָרישע ווירקלעכ־קייט אַ ווירקלעכקייט, וואָס האָט אין קיימען דערשטיקט יעדן עווענטועלן געדאַנק וועגן ווידער־שטאַנד, איידער וויפל ער האָט עקזיסטירט.

צום גרויסן אומגליק און שאַנדע, נישט נאָר אונזערע, — אפשר בכלל נישט אונזערע — נאָר בעיקר פון דער אַזייגערופענער „קולטור־וועלט״, איז דער געדאַנק פון ווידערשטאַנד אין אונזערע ספּעציעלע פויליש־סטאַשעווער פאַרהעלטעניסן אַן אומדערגרייכבאַרע, דאָן־קישאָטישע אילוזיע געווען.

ווייל די ווירקלעכקייט איז געווען אַזוי גרויזאַם, אַז בעת איין טייל פון דער פוילישער באַפעלקערונג איז געווען, אין בעסטן פאַל, גלייכגילטיק, פּאַסיוו צו אונזערע צרות און אומקום, אַחוץ געציילטע יחידים, הסידי אומות העולם, וועלכע האָבן, נאַטירלעך, נישט געקאָנט ענדערן די אַלגעמיינע לאַגע — האָט דער צווייטער טייל אָפן און אַקטיוו, אינספּירירט פון אַן אינער־לעכן דראַנג, מיט התלהבות מיטגעאַרבעט מיט די אָקופּאַנטישע רוצחים, אויסליפערנדיק פאַר אונזערע אויגן יעדן ייד, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט.

*

און דערווייל האָבן די נאַצי־האָרדן מאַרשירט פון נצחון צו נצחון. דערטרונקנדיק איין קהילה נאָך דער אַנדערער אין ים׳ען פון שמוץ, טרערן און בלוט.

און זייערע קרבנות: כשר׳ע, תמימות׳דיקע יידן, קדושים וטהורים, וועלכע זענען אַ שרעקלעכן „פאַרברעכן״ באַגאַנגען, אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין שום כפרה —

ווייל זיי זענען געבוירן געוואָרן אַלס קינדער פון אַן אַלטער נאָבעלער ראַסע, דער ייִדישער ראַסע, אויף וועלכער ס׳איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַן אורטייל פון אַבסאָלוטער פאַרניכטונג.

און נישט באַהאַלטענערהייט און צופעליק איז דאָס שוידערלעכע פאַרברעכן באַגאַנגען געוואָרן. אָפן, אין פאַרלויף פון יאָרן, ווי מיט דער שטומער הסכמה פון די וועלט־מנהיגים, וועלכע האָבן נישט געטון דאָס מינדעסטע, כדי דאָס פאַרברעכן צו פאַרהינדערן, ווייניקסטנס צו באַגרענעצן. די דאָזיקע שאַנד־טאַט איז אויסגעפירט געוואָרן מיט קאַלט בלוט און אָרגאַניזירט, מיט פאַרשאָלטענער דייטשער פּינקטלעכקייט און מיט אַ גרויזאַמקייט, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

בעת מיר דערמאָנען יענע ביטערע, שרעקלעכע טעג, כדי זיך צו פאַרייניקן אין אונזער זכרון מיט די נשמות פון אונזערע קדושים, וואָס זענען פון אונז אומזיסט און אומנישט אַוועק־געריסן געוואָרן:

יענע טעג — ווען אין דרויסן האָט געבושעוועט די שווערד און אין די שטובער דער פחד;

יענע טעג — ווען אין דער פרי האָט מען געבעטן ס׳זאָל שוין קומען די נאַכט און ביי־נאַכט ס׳זאָל שוין קומען דער מאָרגן;

יענע טעג — ווען גאָטספאַרכטיקע, תמימות׳דיקע יידן האָבן קעגן דעם רבונו־של־עולם די שווערע, האַרץ־רייסנדע — ליידער נישט הימל־שפּאַלטנדיקע — באַשולדיקונג געשליידערט: פאַרוואָס און פאַרוועמען האָסטו אונז אַזעלכעס געטון? פאַרוואָס און פאַרוועמען האָסטו יעדן פאָלק זיין פלאַץ צוגעטיילט — און נאָר דיין פאָלק ישראל האָסטו צו אונטערגאַנג פאַראורטיילט?!;

יענע טעג — ווען דאָס מאַסן־אומגליק, צרת־רבים, האָט נישט נאָר נישט געדינט אַלס אַ האַלבע טרייסט, נאָר אדרבא — דאָס איז טאַקע געווען דער מקור פון טיפער, שווערער זאָרג, פון שרעקלעכן יאוש, טאָמער, חס־ושלום, — נצח ישראל כן ישקר! טאָמער, חס־וחס־ושלום, וועט זיך דער לעצטער יידישער פונק אויסלעשן און מיר וועלן אינגאַנצן אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד!

ווייל פון איין זייט פון דער באַריקאַדע האָט —

אַ בייזוויליקער רעזשים, אויסגעשטאַט מיט דעם געפערלעכסטן כלי־זין, גרענעצלאָז געהערשט איבער אַלע אָקופּירטע געביטן;

אַ בייזוויליקער רעזשים, וואָס האָט מיט מעפיסטאָפעלישער פערפידיע און סאַדיזם אויסגעפירט די נידערטרעכטיקסטע געמיינקייטן — אַן יעדן מענטשלעכן געפיל;

אַ בייזוויליקער רעזשים, וואָס האָט זיין כעס, בעיקר, געוואָנדן קעגן אונזער צוויי־טיקטן, פאַרפייניקטן פאָלק, און וואָס האָט דעם פעסט־אַנטשלאָסענעם באַשלוס געפאַסט: צו פאַרניכטן מענער, פרויען און קינדער — ביז צום לעצטן;

אַ בייזוויליקער רעזשים, וועמעס טעכנישע מיטלען — די מאָדערנסטע, וועמעס שיטה — גלענצנדיקע אָרגאַניזאַציע, אָרדענונג און פּינקטלעכקייט, וועמעס שותפים — אויס־ווורפן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט פון די אָקופּירטע פעלקער, אויסוואורפן, וועמעס בלוט־דורשטיקע אינסטינקטן זענען אין נאָרמאַלע צייטן געשלאָפן, אָבער אין די דאָזיקע שטראָפנדיקע טעג האָט די חיה דערוואַכט, פון די קייטן פון געזעץ זיך באַפרייט, און מיט קראַפט, התלהבות

1) װעגן דרינגנדע זיצונג פֿאַרן יובילײ־בוך ;

2) ס׳זענען אויסגעװײלט געװאָרן דעלעגאַטן צו דער קאָנגרעס־קאָנפֿערענץ ;

3) ס׳איז געװײלט געװאָרן אַ קאָמיטעט צום באַנקעט פֿון סטאַשעװער הילפֿס־פֿאַרײן ;

4) צו פֿאַרלאַנגען פֿון דער לײדיס־אויקזילערי צו נעמען אַן אָנטײל אין די יובילײ־פֿײערונגען

*

שטיל, אָן ליאַרם, גרײטן זיך די סטאַשעװער צו דער פֿײערונג פֿון העכער 25 יאָר אַרבעט. נישטאָ קײן פּאָליטיק אין דער אַרבעט. ס׳זיצן מענטשן אין דער עקזעקוטיװע צונויפֿגעװאַקסן ממש מיט דער „סאָסײטי״.

ס׳איז דער יובילײ־בוך פֿון ערלעכער, באַשײדענער ייִדיש־מענטשלעכער אַרבעט אויפֿן היגן באָדן — אַרבעט מיט פֿאַרשטענדעניש און ערנסטקײט.

יעקב בעקער לאָס־אַנזשעלעס /

# אונזער לאַנדסמאַנשאַפֿט אין לאָס־אַנזשעלעס

די גרינדונג פֿונעם סטאַשעװער פֿאַרײן אין לאָס־אַנזשעלעס, אין די יאָרן 1945־46, פֿאַלט צונויף מיטן אָנקומען פֿון די ערשטע בריװ פֿון דער באַפֿרײַטער שארית־הפליטה. אין די דערמאָנטע בריװ איז געקומען צום אויסדרוק, אַחוץ דעם װײטיק איבער אונזער פֿאַרשװונדענער סטאַשעװער קהילה, אויך די קעגנװערטיקע שװערע לאַגע פֿון די איבערגעבליבענע, װעלכע האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען אויף דער טמא׳דיקער דײַטשער ערד. דער אינהאַלט פֿון די דאָזיקע בריװ האָט אַרויסגערופֿן דעם דרינגנדיקן באַדאַרף צו אָרגאַניזירן אונזערע בני־עיר אויפֿן אָרט, מיטן צװעק צו דערטײלן באַלדיקע און ממשות׳דיקע הילף די פֿון אונזערע אומגליקלעכע סטאַשעװער געראַטעװעטע, װעלכע האָבן זיך אין דער דאָזיקער הילף גענײטיקט.

אין דעם צוזאַמענהאַנג האַלט איך פֿאַר מײַן פֿליכט באַלד צו באַמערקן, אַז די גרעסטע פֿאַרדינסטן בײַם אויפֿשטעלן און אַקטיװיזירן אונזער פֿאַרײן האָט בעטי אַדעל, שװעסטער פֿון שמעון זינגער. מיט איר ענערגישן און עקשנות׳דיקן מאָנען און װעקן אונזערע בני־עיר אויפֿן אָרט — האָט בעטי אַדעל אַ גאָר װאָזשנעם חלק אַזױ אין דעם עצם עקזיסטענץ פֿונעם פֿאַרײן, װי אין זײַנע דורכגעפֿירטע אַקציעס.

נאַטירלעך, איז אונזער ערשטע הילפֿס־אַרבעט באַשטאַנען, לויט די דעמאָלטיקע אומשטענדן, אין ענטפֿערן אויף די צו אונז געשיקטע בריװ — מיט לעבנס־מיטל און קלײדונג־פּעקלעך. נאָכדעם האָבן מיר אויך אָנטײלגענומען אינעם לײגן דעם גרונטשטײן פֿאַר דער געפּלאַנטער, שפּעטער אויפֿגעשטעלטער, לײַ־קאַסע, בײַ דעם אירגון יוצאי סטאשוב אין ישראל, װאָס דערטײלט אָנפּראַצענטיקע הלװאות, אויף אַ לענגערער צײַט, אונזערע סטאַשעװער לאַנדסלײַט אויפֿן אָרט. די דאָזיקע הלװאות שטעלן מיט זיך פֿאָר, פֿאַר די, װעלכע געניסן פֿון זײ, אַ װיכטיקן פֿאַקטאָר, װאָס מאַכט לײַכטער זײער אײַנגלידערונגס־פּראָצעס אינעם עקאָנאָמישן לעבן פֿון לאַנד. אַחוץ דעם האָבן מיר אויך צומאָל געהאָלפֿן אונזערע סטאַשעװער אין ישראל אויף אַן אינדיװידועלן אופֿן, צי איז דאָס געשען אין דער פֿאָרם פֿון אַרויסגעשיקטע פּעקלעך, צי אין מזומנים ממש.

כ׳װיל אָבער אונטערשטרײַכן, אַז די טעטיקײט פֿון אונזער פֿאַרײן האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז צו הילף פֿאַר אונזערע סטאַשעװער. גאַנץ אָפֿט האָבן מיר אויסגעברײטערט די ראַם פֿון אונזער טעטיקײט און בײַגעשטײַערט אונזער חלק פֿאַר די אַלגעמײנע באַדערפֿענישן פֿונעם לאַנד, אַזױ אויפֿן עקאָנאָמישן װי אויפֿן זיכערקײטס־געביט. און בכלל, װען ס׳איז נאָר דערגאַנגען צו אונז דער רוף פֿון ישראל, אַלצאײנס פֿון װעלכער זײַט דער דאָזיקער רוף איז געקומען — תמיד האָבן מיר זיך װאַרעם אָפּגערופֿן, אַזױ װי ס׳האָבן אונז דערלויבט אונזערע מאַטעריעלע מעגלעכקײטן.



**אירגון יוצאי סטאַשוב בלוס־אנג'לס — סטאַשעווער לאַנדסמאַנשאַפט אין לאָס־אַנזשעלעס**

**שורה א', יושבים מימין — ערשטע ריי, זיצן פון רעכטס:** שרה **און** ראובן ערלין, מרים ערליך, קלאַרע **און** סעם קוואַלוואַסער **און טאָכטער** ראָזאַ, ב. ראָסנבערג, לעאָן קוואַלוואַסער.

**שורה ב' — צווייטע ריי:** פרוי אַפּלבוים, יעקב בעקער, וויקטאָר ערליך, יוסף אַפּלבוים, פריידע **און** שעלדאָן הימלפאַרב, שרה קאַש, חנה קוואַלוואַסער.

**שורה ג., עומדים — דריטע ריי ,שטייען:** גיטע בראון, פרוי **און** פראַנק מישגאַרטן, פרוי **און** יוסף עפּשטיין, יצחק בעסער, ג'ין גאָר, פרוי **און** סעם אַדל, נינע פישער, ראָזאַ אונגער, פאַני ווייס, נתן קוואַלוואַסער.

צום סוף וויל איך דערמאָנען, אַז מיר זעען, ווי איינע פון אונזערע וויכטיקסטע אויפגאַבן, בעצם די וויכטיקסטע, פון אונזער קיום אַלס פאַריין — אונזער הילף פאַרן „יזכור״־בוך פון אונזער שטעטל. דער „יזכור״־בוך, וואָס זאָל פאַראייביקן און באַערן אונזערע מאַרטירער, אומגעקומענע פון די דייטשן און מיטהעלפער, אין דער לעצטער אומגליקלעכער מלחמה.

אגב, פאַרן דאָזיקן ציל האָבן מיר געשאַפן 1000 דאָלער. אחוץ אונזערע פאַרזאַמלונגען, כדי אַדורכצופירן די דערמאָנטע סאָציאַלע־און ישראל־הילף, האָבן מיר אויך חברי׳שע צוזאַמענקונפטן. אין אונזער פאַריין, איינמאָל יעדן חודש. ביי דער געלעגנהייט רופן מיר אַרויס אין אונזער זכרון אַלערליי ווערטלעך, וויצן און געשעענישן, וואָס זענען גערעדט געוואָרן אָדער האָבן פּאַסירט אין שטעטל. אַזוי אַרום האַלטן מיר אָן, ווייניקסטנס אין געדאַנק, אונזער נשמה׳דיק־גייסטיקן קאָנטאַקט מיט אונזער אומפאַרגעסלעך שטעטל, וואָס עקזיסטירט ליידער נישט מער.

# סטאשעוו־ראקעווער / לאנדסמאנשאפט אין ארגענטינע

די ענגע משפחה־פארבונדנקייט ווי די פארצווייגטע עקאנאמיש־קולטורעלע באציאונגען, וואס זענען אנגע־האלטן געווארן אין דער אלטער היים צווישן די צוויי, איינע נעבן דער אנדערער, ליגנדיקע שטעטלעך, האבן ביי די סטאשעווער און ראקעווער לאנדסלייט אין בוענאס־איירעס פון תמיד אן געשאפן דאס געפיל ווי פון אפשטאמיקייט פון איין שטעטל. האבן טאקע אונזערע לאנדסלייט, ווען מען איינוואנדערונג קיין ארגענטינע ס׳האט זיך אנגעהויבן בערך אין יאר 1924, זיך באטראכט ווי אן איינהייטלעכע געזעלשאפטלעכע עדה און אויך אויפגעשטעלט, ווי ס׳איז צוזען פונעם קעפל, א בשותפות׳דיקן לאנדסמאנשאפטס־פאריין.

פארמעל איז אונזער לאנדסמאנשאפט געגרינדעט געווארן דעם 18־טן אויגוסט 1938. אבער דער געזעל־שאפטלעכער אומרו, וואס כאראקטעריזירט די אפשטא־מיקע פון די צוויי שטעטלעך, האט נאך א צייט פריער צוזאמענגעברענגט אונזערע לאנדסלייט — יעדעסמאל ביי א צווייטן אין וווינונג — כדי דורכצודיסקוטירן פראבלעמען פון דער אלטער היים, און בעת ס׳איז נייטיק געווען צו שיקן הילף אונזערע שטעטלשע קיין פוילן, אדער דערטיילן שטיצע אונזערע נויטבאדערפ־טיקע אויפן ארט.

ווענטלעך האט זיך אויך נאך דער גרינדונג פונעם פאריין נישט פיל געביטן. די צילן, וועלכע דער פאריין האט זיך געשטעלט, זענען געבליבן די זעלבע, אויף וועלכע ס׳איז געבויט געווען די פילאנטראפישע און געזעלשאפטלעכע טעטיקייט פון אונזערע לאנדסלייט אויך פריער. נישט מער — און דאס איז אוודאי פון גאר גרויסער וויכטיקייט — וואס די דאזיקע נוצלעכע ארבעט איז געווארן נישט נאר מער גערעגלט, ארגאני־זירט און פארברייטערט, נאר בעיקר באקומען איר לעגאלע באזיס פונעם כלל ארגאניזירטע אינעם פאריין, בעת פריער זענען די דאזיקע ארבעטן — אין א באגרענעצטער פארם — געטאן געווארן ספאראדיש און בלויז פון יחידים.

די ערשטע פאריינס־פארוואלטונג איז באשטאנען פון פאלגנדע לאנדסלייט: מאקס פאנטירער, מיכאל טשאפניק, משה וויטנבערג, מנשה טיגער, משה פינגער, לעאן דיזנהויז ע״ה, אלטערווילנער, ישראל פיינקוכן, לעאן גאלדהאר, מאקס וויינריב, ישראל ליפינא, אברהם אורימאוויטש, בערל אלבוס, שלום שפיגל, יאסל גרע־בער און וועלוועל וויטנבערג.

אינעם ערשטן יאר פון דער עקזיסטענץ פונעם פאריין איז, אחוץ די אפטע צוזאמענקונפטן, ביי וועלכע די לאנדסלייט האבן זיך געטראפן און אנגענעם פאר־בראכט, אויך געשאפן געווארן א ליי־קאסע, וואס האט דערטיילט הלוואות די איינגעזעסענע אויפן ארט. אבער איר עיקר אויפגאבע איז געווען צו שטיצן און העלפן די ניי־אנגעקומענע לאנדסלייט זיך איינצוארדענען און אהערברענגען זייערע פאמיליעס.

אין יאר 1939, פארן אויסברוך פונעם 2־טן וועלט־קריג, איז געקומען קיין ארגענטינע דער באוווסטער שרייבער מארק טורקאוו, וועלכער האט אדורכגעפירט א קאמפיין לטובת די ארויסגעטריבענע יידן פון דייטש־לאנד, וואלגערנדיק זיך אין זבאנשין — אין קיינעמס לאנד. אונזער לאנדסמאנשאפט האט זיך באטייליקט זער אקטיוו אין דער אקציע, זאמלענדיק א באדייטנדיקע סומע פארן דאזיקן צוועק.

אינעם גלויבן, אז דער קריג, וואס איז קורץ נאכדעם אויסגעבראכן, וועט זיך גיך ענדיקן האבן מיר צווישן אונזערע לאנדסלייט אדורכגעפירט א זאמלונג, כדי צו זיין פארבאריייט צו העלפן די עווענטועלע געליטענע.

בעת דער קנאפע 6 יאר אנהאלטנדיקער אכזריות־דיקער קריג האט זיך געענדיקט, און ס׳איז אונז קלאר געווארן דער טראגישער חורבן — דער גרעסטער אין דער יידישער פאלקס־געשיכטע! — האבן מיר זיך



**ווער אירגון יוצאי סטאשוב וראקוב בארגנטינה — קאָמיטעט פון סטאַשעווער און ראַקעווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע.**

**יושבים מימין — זיצן פון רעכטס:** מרדכי פאַנטירער, בערל אַלבוס, יעקב קליינבערג, מאַניש לינקסמאַן, מיכאל טשאַפניק, ישראל ניסנפרוכט.

**עומדים — שטייען:** אברהם מרדכי אורימאָוויטש, מאיר לינקסמאַן, שמואל טאוב, מאיר אלבוס, ישראל גאָלדגרוב, שלמה זיל־בערשטיין, חיים בזלווא, מאיר ראַזנבוים, אליהו בער ווייסנבערג.

גלייך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך על־פי־רוב געראַטעוועט פון די מער־דערס הענט, אַרויסשיקנדיק די ערשטע הילף יעדן איינעם אינדיווידועל, ווי מיר האָבן זיי נאָר געקאָנט דערגרייכן.

מיר האָבן זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט, אין געלט ווי אין מלבושים, אין דער אַלגעמיינער יידישער הילפס־אַקציע, וואָס דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע האָט אַדורכגעפירט פאַר די לעבן־געבלי־בענע פוילישע יידן. אין דערזעלבער צייט האָט אונזער פאַריין געמאַכט די גרעסטע אַנשטרענגונגען — און דאָס איז אים אויך געלונגען — אַרויסצובאַקומען אַ געוויסע צאָל איינרייזע־דערלויבענישן און אַרויסשיקן צו אונ־זערע געראַטעוועטע לאַנדסלייט. אַ טייל פון אונזערע שטעטלשע האָט די דאָזיקע דערלויבענישן טאַקע אויס־גענוצט, געקומען אַהער, דערהאַלטן פון אונז די נייטיקע מיטלען זיך איינצואָרדענען — און געפונען זיך מיט אונז ביזן היינטיקן טאָג. דאַקעגן האָבן אַנדערע די




איינוואָנדערונגס־דערלויבענישן נישט רעאַליזירט, עולה זייענדיק, נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה, קיין ישראל. נאָך אַנדערע האָבן געזוכט וועגן זיך צו פאַראייניקן מיט זייערע פאַמיליעס אין אַנדערע לענדער.

בעת ס'איז אין 1947 פּראָקלאַמירט געוואָרן אין אַרגענטינע אַ ספּעציעלע אַקציע פאַר דער „הגנה" האָט זיך אויך אונזער פאַריין אין איר באַטייליקט, און זייט דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל נעמען מיר יאָר־יערלעך אַנטייל אינעם מגבית־קאַמפּיין — אינעם באַוווּסטזיין, אַז מיר פירן אויס אַן עלעמענטאַרע נאַציאָנאַל־מענטשלעכע פליכט. דערביי שטעלן מיר מיט גרויס סאַטיספאַקציע פעסט, אַז אַלע אונזערע שטעטלשע — סטאַשעווער ווי ראַקעווער — באַשטייערן זיך פרייוויליק, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן, פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון אונזער מדינה.

אין דער האָפענונג, אַז מיט דער ענדע פונעם קריג וועט זיך דאָס יידישע לעבן אין פוילן ווידער באַנייען, האָבן מיר זיך געגרייט צו העלפן אונזערע אייגענע מיט וואָס ס'וואָלט נאָר געווען מעגלעך. אָבער דער דאָזיקער אכזריות'דיקער נאַצי־קריג האָט גרונטלעך געביטן דעם אויסזען פון אייראָפּעאישן און איבערהויפּט פון פּוילישן יידנטום. ס'האָט זיך ליידער אַרויסגעוויזן, אַז גאָר ווינציקע זענען געבליבן וועמען צו העלפן. אין אונזער ווייטיק און טרויער אַזוי טיף און גרענעצלאָז, ווי טיף און גרענעצלאָז ס'איז דער יידן־חורבן, אויסגעפירט דורך די נאַצי־תלינים און זייערע מיטהעלפער — ביים שטילשווייגן פון אַ גאַנצער מענטשהייט! און אויף אונזער הימלשרייענדן פּראָטעסט. מאָנונג, צו דער אַזוי־גערופענער קולטור־וועלט פון 20־טן יאָרהונדערט: „פאַרוואָס ?!" „פאַרוואָס איז דאָס אונז געקומען ?!" —

איז די „וועלט״ טריב און שטום און די איינציקע דערקלערונג איז די טראַדיציאָנעלע תשובה פון דער הגדה: „בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו...״.

אונזער טיפער טרויער איבער די אומשולדיקע נישט־אויסגעלעבטע לעבנס קומט באַזונדערס צום אויסדרוק בעת די הזכרה־אַקאַדעמיעס, וועלכע אונזער פאַריין אָרדנט איין יעדעס יאָר, אין טאָג פון כ״ח חשון. דעמאָלט קומען מיר אַלע זיך צונויף, דערמאָנען און באַערן דעם אָנדענק פון אונזערע טייערסטע און נאָענטסטע — די אומשולדיקע קרבנות פון וועלט־רשעות.

צום סוף ווילן מיר נאָך אונטערשטרייכן, אַז דער קולמינאַציע־פּונקט פון אונזער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז די ענטוזיאַסטישע באַגייסטערונג, מיט וועלכער אונזערע לאַנדסלייט פייערן יאָר־יערלעך דעם חג־העצמאות פון דער מדינה. אינעם דאָזיקן טאָג, וואָס איז, אַגב, ביי אונז פאַררעכנט אַלס דער גרעסטער יום־טוב פון יאָר, פילן מיר זיך פאַראייניקט מיט די מדינה־בירגער און אירע פאַרטיידיקער און דריקן אויס דעם אויפריכטיקסטן ווונטש, אַז מיר און אונזערע קינדער זאָלן מיט דער צייט פערזענלעך זיך באַהעפטן מיט אונזערע ישראל־ברידער, כדי צוזאַמען בויען און פאַרזיכערן אונזער מדינה לעולם ועד.

און אָט איז די רשימה פון די לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך היינט אין פאַריינס־קאָמיטעט:

יעקב קליינבערג, מיכאל טשאַפּניק, מאַקס פּאַנטירער, שלמה זילבערשטיין, מאיר לינקסמאַן, מאַניש לינקסמאַן, שמואל טאוב, בערל אלבוס, מאיר אַלבוס, אברהם אורימאַוויטש, אלי בער וויטנבערג און ישראל גאָלדגרוב.

סטאַשעווער־ראַקעווער קאָמיטעט
אין אַרגענטינע

פיניע אייזנבערג און חיים וואַגנער סאַן־פּאַולאַ /

# אונזער פאַריין אין סאַן־פּאַולאַ

לויט דער איניציאַטיוו פון אונזערע חברים: יעקב שטערנליכט, מלך מאַנדעל און חיים וואַגנער — איז, דעם 9־טן מערץ 1941, גערופן געוואָרן די ערשטע פאַרזאַמלונג פון סטאַשעווער לאַנדסלייט אין סאַן־פּאַולאַ. דער דעקלאַרירטער צוועק פון דער דאָזיקער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז געווען אַ בפירוש לאָקאַל־פילאַנטראָפּישער. דאָס האָט געמיינט: אויפשטעלן אַ פאַריין פון סטאַשעווער אָפּשטאַמיקע, כדי צו העלפן די פון אונזערע אָרטיקע לאַנדסלייט, וועלכע נייטיקן זיך אין וועלכער ס׳איז שטיצע, סיי צוליב קראַנקהייטן, סיי מחמת אַנדערע טעמים. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען צווישן דער אָרטיקער סטאַשעווער קאָלאָניע זענען געווען אַ סך פאַלן, וואָס אָן אונזער וואַרעם־מענטשלעכער באַציאונג, באַגלייט פון ממשות׳דיקער הילף, אין דער פאָרם פון שטיצע אָדער אַנפּראָצענטיקע לאַנג־טערמיניקע הלוואות — וואָלטן די מענטשן צוזאַמענגעבראָכן, סיי פיזיש, סיי מאָראַליש.

צוערשט האָט זיך אונזער פאַריינס־טעטיקייט, אין הסכם מיטן גרינדונגס־צוועק, באַגרענעצט בלויז צו סטאַשעווער נויטבאַדערפטיקע. שפּעטער, צוזאַמען מיט די אכזריות׳דיק־געענדערטע באַדינגונגען אין דער אַלטער היים — האָט אונזער פאַריין באַשלאָסן אויסברייטערן זיין וויכטיקע טעטיקייט אין 2 ריכטונגען. ערשטנס, האָבן מיר אַריינגעצויגן אין אונזער הילפס־קרייז אויך מענטשן פון דער סטאַשעווער אומגעגנט. צווייטנס — און דאָס איז געווען דער עיקר — איז אונזער הויפּט־אויפמערקזאַמקייט געווידמעט געוואָרן אונזערע געראַטעוועטע לאַנדסלייט פון דער היטלעריאַדע־קאַטאַסטראָפע.

גלייך ווי מיר האָבן, דורך פראַנקרייך, באַקומען די ערשטע בריוו, אין וועלכע די געראַטעוועטע האָבן אַלאַרמירט וועגן זייער שווערער לאַגע און געבעטן דרינגענדיקע הילף — האָבן מיר באַלד גענומען אַדורכפירן אַ געלט־זאַמלונג און אַרויסשיקן פּעקלעך און



**וועד אירגון יוצאי סטאשוב — פאַרוואַלטונג פון דער סטאַשעווער לאַנדסמאַנשאַפט**

**מימין לשמאל — פון רעכטס אויף לינקס:** לייביש גליקליך, איטשע זשעזשאַק, פישל ראָזן, ידידיה ניסנצווייג, ווייס וואַגנער, פנחס אייזנבערג, איטשע מאָרגנשטערן, הערשל וואַסערציער, מנשה ערליכמאַן, מאיר פלודשניק.

מעדיקאַמענטן אין די ד. פ.־לאַגערן פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד, שווייץ און אַנדערע לענדער, ווו אונזערע אומגליקלעכע שטאָטישע האָבן זיך דעמאָלט געפונען. מיר ווילן דאָ באַמערקן, אַז די דאָזיקע וויכטיקע הילפס־אַרבעט האָבן מיר אַדורכגעפירט אויף אייגענער האַנט, נאָך איידער מיר האָבן אַנגעבונדן ווען ס׳איז קאָנטאַקט מיט אונזערע לאַנדסלייט אין צפון־אַמעריקע. שפּעטער, ווען דער דאָזיקער קאָנטאַקט איז איינגעשטעלט געוואָרן, איז אונזער בשותפות׳דיק־אָרגאַניזירטע הילף באַשטאַנען אין אַרויסשיקן עטלעכע הונדערט דאָלער, אַ חוץ די רעגולערע לעבנסמיטל־פּאַקעטן און מעדיקאַמענטן. אינדערצייט האָבן מיר אויך רעזערווירט געוויסע געלט־פאָנדן אויפן פאַל, ווען אויך צו אונז, געענוי ווי אין אַנדערע לענדער — בעיקר ישראל — וועלן זיך אַ לאָז טאָן די מלחמה־פּליטים. איצט, נאָך יאָרן, קאָנען מיר מיט באַזונדערער סאַטיספאַקציע און שטאָלץ פעסטשטעלן, אַז מיר האָבן אונזער חוב כלפי אונזערע פליטים־לאַנדסלייט, וועלכע זענען נאָך דער מלחמה אַנגעקומען קיין בראַזיל, בשלמות אויסגעפירט. מיר האָבן נישט נאָר אונטערגענומען ביי די מאַכט־אָרגאַנען אַנטשפּרעכנדיקע שריט, כדי די מענטשן צו לעגאַליזירן, מיר האָבן אויך זיי דערטיילט הילף, כדי צו פאַרלייכטערן זייער איינאָרדענען זיך אין די נייע באַדינגונגען. אגב, די ערשטע לעבעדיקע עדות פון שטעטל, וואָס זענען אָהערגעקומען נאָכן חורבן, איז געווען די פאַמיליע בערלין, וועלכע מיר



**אירגון יוצאי סטאשוב בסאן־פאולא — סטאשעווער לאנדסמאנשאפט אין סאן־פאולא**

**שורה א׳, עומדים מימין — ערשטע ריי, שטייען פון רעכטס:** אסתר אייזנבערג, שרה שטיינבוים, שמואל שטיינבוים, אביש קראנגאלד, קלמן הענגלמרויב, אסתר הענגלמוויב, יחיאל בוכמאן, זעלדע זיסמאן, שלמה זיסמאן **ע״ה**, חיה זיסמאן, וועלוול וועגנער, נח זיסמאן (א חבר פון לעצטן), חיים מארגנשטערן.

**שורה ב׳ — צווייטע ריי:** פרוי **און** דוד וואלדמאן, א גאסט, משה שארפהארץ **ע״ה**, ציפע שארפהארץ, פרוי **און** אביש גאלדפלוס, חיה מאנדל (**פון מאנטעווידעא**). רחל זילבערבערג־נוסבוים, שרה טענענבוים־לאנצמאן, צירל נוסבוים־בוים, בריינדל באגוכוואל, גיטל רחל, מנשה ערליכמאן, גיטל ניסנצווייג, ידידיה ניסנצווייג, חיים וואגנער, שלמה וואלדמאן, שרה וואגנער־וואלדמאן, לאה וואגנער־שטיינבוים, מרדכי סאשעוויטש.

**שורה ג׳, יושבים — דריטע ריי, זיצן:** חנה נודעל, יצחק מארגנשטערן, פייגע לאה מארגנשטערן, רחל קראנגאלד, יחיאל קראנגאלד, מאיר אבנר קראנגאלד **ע״ה**, פרוי **און** יצחק שניפער, לייביש גליקליך, פישל רובין, מאיר פלוזשניק, אלימלך מאנדל, טעמע **און** אברהם איצקאוויטש.

**שורה ד׳ — פערטע ריי:** הערשל וואסערציער, פיניע אייזנבערג, חיה, אברהם קראקאוער, הערש דוד שטיין, יצחק זשעזשאק, קלמן נוסבוים, שמואל הערשקאוויטש, שלום בראנער.

האבן, זעלבסטפארשטענדלעך, הארציק אויפגענומען, זייענדיק גערירט ביז טרערן פונעם דאזיקן ערשטן צוזאמענטרעף מיט די מלחמה־קרבנות.

זאל דא פארצייכנט ווערן, אז אונזער פאריין איז געווען די ערשטע לאנדסמאנשאפט אין סאן־פאולא, וואס האט איינגעארדנט, אין אן עפנטלעכן גרויסן זאל, די ערשטע „יזכור״־אקאדעמיע. אגב, צו דער אקאדע־מיע האבן געשטראמט, אחוץ סטאשעווער לאנדסלייט, אויך הונדערטער יידן פון אנדערע מקומות, וועלכע האבן אויסגענוצט די דאזיקע, זיי געגעבענע מעגלעכ־קייט, צו פאראייניקן זיך אין טרויער, בציבור, מיט די אזוי־טראגיש־אומגעקומענע.

אויף אַ גרויסער מאַסן־פאַרזאַמלונג, גערופן אין יאָר 1947, האָט אונזער פאַריין פּראָקלאַמירט אַ גרעסערע זאַמעלאַקציע פאַר די לעבנגעבליבענע, וועלכע האָבן עולה געווען קיין ישראל. נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און ישראל האָבן מיר מיט געמיינזאַמע כוחות געלייגט דעם יסוד פאַר דער, אין ישראל, געגרינדעטער ליי־קאַסע, וואָס דערפילט אַן אומגעהויער־נוצלעכע אויפגאַבע ביים איינגלידערן די נייע עולים אין דער ישראל'דיקער ווירטשאַפט.

אַחוץ דער סאָציאַל־פילאַנטראָפּישער טעטיקייט, וואָס באַשטייט, ווי אויבנגעבראַכט, אין שיקן לעבנסמיטל־פּאַקעטן רעגולער קיין ישראל און די יאָר־יערלעכע אַדורכפירונג פון אַ קאַמפּיין לטובת דער ליי־קאַסע — האָבן מיר אויך געפּרוווט זיך פאַרנעמען מיט קולטור־אַרבעט. מיט באַדויער מוזן מיר פעסטשטעלן, אַז אויף דעם געביט זענען מיר לגמרי נכשל געוואָרן. ס'האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז די שאַרפע ווידעראַנאַנדן, וואָס דער דאָזיקער פּרוּוו האָט אַרויסגערופן — אַ פּועל־יוצא פון די אַפּט סתירות'דיקע אידייאישע צוגאַנגען — האָבן געשטעלט אין סכנה די עצם עקזיסטענץ פון אונזער פאַריין. כדי די דאָזיקע סכנה צו פאַרמיידן האָבן מיר זיך פּונעם דאָזיקן פּרוּוו גלייך צוריקגעצויגן און מיט פאַרטאָפּלטער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן אין דער נוצלעכער, אַפּט, אומבאַדינגט נייטווענדיקער סאָציאַל־פילאַנטראָפּישער אַרבעט. אויף דעם געביט האָבן מיר אויפצווייזן ווּכטיקע דערפאָלגן. צווישן אַנדערן, קומט דאָס צום אויסדרוק אין דער היפּש־פאַרגרעסערטער צאָל מיטגלידער, וואָס אונזער פאַריין ציילט היינטיקן טאָג. פון 40 חברים ביי אונזער אַנטשטיין — האָבן מיר שוין דערגרייכט 160 רעגיסטרירטע מיטגלידער, וועלכע פירן אויס, יעדער לויט זיינע כוחות, די אויף אים אַרויפגעלייגטע פליכטן. און די לעצטע זענען נישט קיין בטל בששים'דיקע. אַחוץ די אויבנדערמאַנטע לעבנסמיטל־פּאַקעטן און דעם יערלעכן קאַמפּיין פאַר ישראל, וואָס מיר פירן שוין אָנגב אַן איבעררייס זינט 1949, — דערטיילן מיר אַנפּראָצענטיקע הלוואות פאַר אָרטיקע נצרכים און שטיצן אויך 2 לאַנדסלייט מיט אַ סטאַבילן, חודש'לעכן געהאַלט.

אויך האָבן מיר, אין פאַרלויף פון דער צייט, אויפגענומען פאַרשידענע סטאַשעווער געסט פון אַמעריקע, ישראל, פראַנקרייך, אַרגענטינע, מאָנטעווידעאָ און אַנד. מיר אָרדענען אויך איין, יעדעס יאָר, אַ „יזכור"־אָוונט, בעת וועלכן מיר פאַראייניקן זיך אין זכרון מיט אונזער פאַרשניטענער קהילה, און פאַרשטאַרקן אַזוי אַרום אונזער נשמה'דיקע פאַרבינדונג מיט אונזערע סטאַשעווער אין גאָר דער וועלט.

אַ באַזונדערס ווּכטיקע אַרבעט האָבן מיר אויסגעפירט בעת ס'האָט אונז באַזוכט ח' סאשעוויטש אין די ענינים פון „יזכור"־בוך. אונזער אַקטיווע מיטאַרבעט מיט חבר סאַסעוויטש האָט פאַרזיכערט דעם דערפאָלג פון דער אַזוי־ווּכטיקער אַקציע. מיר האָבן אים אויך איינגעאָרדנט אַ הערציקן געזעגענונגס־באַנקעט אין אַ גרויסן זאַל, ביי דער אַנוועזנהייט פון אַלע אונזערע חברים. ס'איז אויך אמת, צום באַדויער, אַז נישט איינמאָל זענען מיר געשטעלט געוואָרן פאַר ערנסטע שוועריקייטן און בכוונה'דיקע שטרויכלונגען. אָבער אַ דאַנק דער עקשנות און אויפריכטיקער איבערגעגעבנקייט פון עטלעכע חברים, זעצן מיר פאָר אונזער נוצלעכע, געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישע אַרבעט ביזן היינטיקן טאָג און האָפן ממשיך זיין אַזוי לאַנג, ביז — „יחדל אביון מקרב הארץ".

# מ. סאשעוויטש / סטאשעווער איבער דער וועלט

איך ווייס נישט גענוי וויפל יידן ס'זענען געווען אין סטאשעוו. נאר פארנדיק איבער דער וועלט און קומענדיק זיך צוזאמען מיט סטאשעווער לאנדסלייט דאכט זיך אייך, אז סטאשעוו איז געווען גאר־גאר א גרויסע שטאט, מיט פיל טויזנטער יידן.

אין טאראנטע, קאנאדע, האבן מיר פון 2 ביז 3 הונדערט סטאשעווער משפחות מיט א גרויסן פאריין, וועלכער רופט זיך „סטאשעווער יונג מען סאסייטי". און כאטש ער רופט זיך „יונג מען" זענען דארטן פאראן פיל מיטגלידער, עלטערע לאנדסלייט, וואס האבן א גרויסן טייל פון זייער לעבן פארבראכט אין סטאשעוו, און א טייל פון זיי האט זיך שוין באוויזן גוט איינצוארדענען און אפילו אנזאמלען גרויסע פארמעגנס.

אבער וועגן טאראנטע דארף מען זיי געבן קרעדיט. זיי האבן באוויזן אריינצונעמען אין די סטאשעווער פאריינען אלע לאנדסלייט, ארעם און רייך, אזעלכע, וואס האבן שוין מיט פיל יארן פארלאזן סטאשעוו און אויך אזעלכע, וואס זענען ערשט אהין געקומען נאך דעם היטלער־פעריאד.

בעת מיין באזוך דארטן איז דער פרעזידענט פון די „יונג מען" געווען יוסף בלום, איינער פון די בעסט־איינגעארדנטע, וועלכער געפינט זיך שוין אין טאראנטע לאנגע יארן, בעת דער סעקרעטער איז געווען שמחה ראטנבערג, וועלכער איז ערשט נישט לאנג געקומען פון ישראל.

ס'איז אויך פאראן א סטאשעווער „יונג ליידיס", וווּ די פרויען האבן זייער באזונדערע ארגאניזאציע און אויך א סטאשעווער שול, וווּ מען דאוונט נישט נאר שבת און יום־טוב נאר אויך יעדן טאג אין יאר. און ס'איז זייער גוט וואס אלע דריי ארגאניזאציעס קאאפע־רירן איינע מיט דער אנדערער און ארבעטן פיל מאל צוזאמען, פירן דורך יעדעס יאר א גרויסן באנקעט (מסיבה), אויף וועלכן ס'טרעפן זיך צווישן דריי און פיר הונדערט סטאשעווער און שאפן ביז פיר טויזנט דאלער פאר הילף צו לאנדסלייט, שיקן יעדעס יאר א גרעסערע סומע צו דער ליי־קאסע אין ישראל, העלפן אויך נויטבאדערפטיקע יחידים אין ישראל, שיקן הונדערטער שפייז־פעקלעך יעדעס יאר פאר פסח, און העלפן לאנדסלייט אויפן ארט אויב זיי נייטיקן זיך אין דעם.

טאראנטע האט אויך אויף א פיינעם אופן געהאלפן דעם סטאשעווער „יזכור"־בוך, מיטן שאפן העכער 2 טויזנט דאלער צו העלפן ארויסגעבן דאס בוך.

וויל איך ביי דער געלעגנהייט באדאנקען זיי, פאר זייער ווארעמער באציאונג און קאאפעראציע אין מיין קליינעם קאמפיין פאר דעם דאזיקן וויכטיקן ענין. בספעציעל וויל איך דאנקען דעם דעמאלטיקן פרעזידענט יוסף בלום, נפתלי פרידמאן, קלמן בערגער און אנדערע. זייער לוין איז דאס אויפשטעלן אט דעם וויכטיקן מאנומענט פאר אונזער אומגעבראכטן, דורך די היטלער רוצחים, שטעטל סטאשעוו.

שיקאגא — אין שיקאגא געפונען זיך בערך 150 סטאשעווער משפחות. דער סטאשעווער „אינדעפענדענט אינטערשטיצונג פאריין" איז געגרינדעט געווארן מיט ארום 50 יאר צוריק דורך א סטאשעווער מיטן נאמען בעני ברענדזעל, וועלכער איז געשטאנען און שטייט עד היום ביי דער ארבעט פון פאריין. בעני ברענדזעל איז אויך געווען איינער פון די מיטגרינדערס פון דער „אמאלגעמייטעד קלאטהינג ווארקערס יוניאן" און איז געווען און איז נאך איינער פון אירע שטארקע זיילן.

בעני ברענדזעל האט געהאלפן צענטליקער לאנדס־לייט, אריינגעמענדיק זיי אין דער שניידער־יוניאן און געבנדיק זיי ארבעט אין די שניידער־שעפער. איינער פון זיינע זין איז איצט דער קאסירער פון דער גרויסער שניידער־יוניאן פון אמעריקע, און דער צווייטער — אן אנגעזעענער אדוואקאט, וואס האט נישט פארגעסן, אז ער איז געבוירן און טיילווייז דערצויגן אין סטאשעוו.

דער סעקרעטער פון דעם סטאשעווער פאריין איז איצט דער אומדערמידלעכער סעם פרידמאן און דער פארזיצער — יהושע דיזנהויז.* דער סטאשעווער פא־ריין מיט דעם פרויען־פאריין „סטאשעווער ליידיס עקזי־

* אין דער צווישנצייט איז דיזנהויז געשטארבן (— רעד.).



**אירגון יוצאי סטאשוב בשיקאגו — סטאַשעווער לאַנדסמאַנשאַפט אין שיקאַגאָ.**

**שורה א׳, יושבים מימין — ערשטע ריי, זיצן פון רעכטס: מר.** און מרס. גלאזמאַן, **מר.** גאָלד, **ע״ה, מרס.** גאָלד, **מרס.** סאָשעוויטש, היימי דיזנהויז **ע״ה,** הערשלד ברענזל, סאהל פענטער.

**שורה ב׳ — צווייטע ריי:** סעם פעלדבערג, סעם ראָזן, דוד טשערוואָני, יהודית טשערוואָני, מרס. ברענזל, לאה דיזנהויז, לייטשע פרידמאַן, יהושוע דיזנהויז **ע״ה.**

**שורה ג׳ — דריטע ריי:** סעם בראָמבערג, סעם פען, **מרס.** פארשטייער, **מרס.** קייץ, **מרס.** אַפּלבוים, **מר.** אַפּלבוים, **מרס.** קאָהן, העלען וואַגנער, ראָזע סינגער.

**שורה ד׳, עומדים — פערטע ריי,** שטייען: סעם פרידמאַן, אליהו רייפער, **מרס.** רייפער, **מרס.** פען, סאהל פאָרשטייער, **מר.** ראָזן, בלענטש קאַרסן **ע״ה,** פיליפ קאַרסן, דזשעק וואַגנער, היימי פענטער, **מר.** קאָהן, מאָריס ברענזל, סעם העלפאַנד, נחמיה סאָשעוויטש, **מרס.** בראָמבערג.

**לערי״, אָנגעפירט פון** לייטשע פרידמאן, **האָבן געשאַפן צענטליקער טויזנטער דאָלאַרן צו העלפן נויטליידנדע אין סטאַשעוו. אויך האָבן זיי געהאָלפן ניי־אָריינגעקומענע עמיגראַנטן אין אַמעריקע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. צוזאַמען מיט די טאָראָנטער און ניו־יאָרקער לאַנדסלייט האָבן זיי אויך געגרינדעט די ליי־קאַסע אין ישראל.**

**אין שיקאַגאָ איז אויך געווען אַ סטאַשעווער שול פאַר פיל יאָרן. און ווען די געגנט האָט זיך געביטן און ס'זענען מער נישט געווען קיין מתפללים, האָבן זיי די שול פאַרקויפט און פאַר דעם גרעסטן טייל פון דעם** געלט געקויפט אַן אולם (אַ זאַל) **פאַר די סטאַשעווער אין תל־אביב.**

**די לעצטע טראַסטיס פון דער שול זענען** שמואל העלפאַנד, ריי, און אליעזר ראזנער. **דער סטאַשעווער פאַריין אין שיקאַגאָ איז לעצטנס אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די עלטערע לאַנדסלייט זענען ווייניקער טעטיק, בעת די יונגע האָבן מיט דעם פאַריין כמעט קיין שייכות נישט. אָבער דאָך טוט נאָך דער פאַריין אַביסל אַרבעט. זיי באַזיצן אַן אייגענעם בית־עולם, באַטייליקן זיך אין פאַרשידענע נאַציאָנאַלע קאַמפּיינס און האָבן אויך באַדייטנד געהאָלפן אין דעם „יזכור״־בוך.**

# יהושע דיזנהויז ז״ל

פֿון זיין פֿריסטער יוגנט אָן איז יהושע דיזנהויז געווען אומצוטייסבאַר־פֿאַרבונדן מיט ציוניסטישער טעטיקייט. צי איז דאָס געווען אין דער אַלטער היים, אין סטאַשעוו, ווו ר׳איז שוין צו 12 יאָר געווען אַ מדריך אין „השומר־הצעיר״, צי אינעם נייעם קובאַ, וווהין ר׳האָט שפּעטער אימיגרירט און געווען איינער פֿון די גרינדער פֿון אָרטיקן יידישן צענטער, צי גאָר אין שיקאַגאָ, ווו ר׳האָט זיך נאָכדעם באַזעצט, אָנשליסנדיק זיך גלייך אינעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַר־באַנד, פּועלי־ציון. אומעטום, און במשך פֿון זיין גאַנצן לעבנס־דויער, איז ער געבליבן טריי זיין ציוניסטישן אידעאַל, זייענדיק אַקטיוו אַריינגעטאָן אין דער קאָנ־קרעטער ציוניסטישער אויפֿקלערונגס־און הילפֿס־אַר־בעט — ווו און ווען ר׳האָט נאָר געקאָנט נוצלעך זיין.



טראָץ זיין שוואַכן און ערנסטן געזונט־צושטאַנד האָט ער, אין לעצטן יאָר, אונטערגענומען די פֿאַר אים שווערע רייזע צו באַזוכן ישראל — מיט דער בפֿירוש׳ער כוונה — ווי אַן ערלעך־דענקנדיקער מענטש — צו פֿאַרזוכן קאָנקרעטיזירן זיינע פּלענער צו באַזעצן זיך אין לאַנד.

גרויס איז געווען זיין געפֿרײדקייט פֿון יעדער דער־גרייכונג, וואָס ר׳האָט דאָ אָנגעטראָפֿן. ער האָט זיך ממש געפֿרייט, ווי אַ קליין קינד, מיט יעדער קלייני־קייט — זייענדיק מסיח־דעת און מבטל מאַכנדיק אַלץ, וואָס האָט ביי אים נישט נושא־חן געווען.

דאָס איז געווען די באַציאונג פֿון אַ פֿאַרליבטן, וואָס איז געווען געצווונגען יאָרן־לאַנג צו חלומ׳ען וועגן זיין ליבעס־אָביעקט פֿון דערווייטנס, וועלכער האָט נישט געזען, אָדער נישט געוואָלט זען, די פֿעלערן, וואָס אַ זייטיקער, אומפּאַראינטערעסירטער, וואָלט דאָ און דאָרט געפֿונען.

ליידער האָט זיין שוואַך האַרץ נישט אויסגעהאַלטן דעם אָנשטרענג און די אָנהויבונג פֿון איינדרוקן און געפֿילן פֿון אַלעם און אַלץ, וואָס ר׳האָט דאָ געזען.

יהושע איז דאָ קראַנק געוואָרן און איז דעם 11־טן מאַי, 1962, אין עלטער פֿון 58 יאָר, געשטאָרבן אין תל־אביב.

כבוד זיין אָנדענק!

ניו־יאָרק — געווען אַ גאָר גרויסער סטאַשעווער פֿאַריין אין ניו־יאָרק, אין וועמעס שפּיץ ס׳איז געשטאַנען דער ערשט־פֿאַרשטאָרבענער הערשל בלום ז״ל. צוליב די זעלבע סיבות ווי אין שיקאַגאָ און אַנדערע מקומות איז אויך דער אָרטיקער פֿאַריין שטאַרק אָפּגע־שוואַכט געוואָרן. און ס׳איז באמת אַ שאָד, וואָס צווישן די הונדערטער סטאַשעווער משפּחות, יונג און אַלט, געפֿינען זיך נישט אין ניו־יאָרק אַ צאָל לאַנדסלייט, וועלכע זאָלן שטאַרקן דעם פֿאַריין און ווייטער פֿאַרזעצן די הומאַניטאַרע אַרבעט פֿון זייערע פֿריערדיקע פֿירער, דורך הילף פֿאַר נויטבאַדערפֿטיקע לאַנדסלייט, אָרטיקע ווי פֿון אַנדערע לענדער. אפֿשר וועט דער „יזכור״־בוך, אין וועלכן ישראל׳דיקע סטאַשעווער האָבן אַריינגע־לייגט אַזויפֿיל מי און אַרבעט, דינען ווי אַ סטימול פֿאַר פֿאַרזעצן און פֿאַרשטאַרקן דעם סטאַשעווער פֿאַריין אויך אין ניו־יאָרק.

דער ניו־יאָרקער פֿאַריין האָט פֿונדעסטוועגן צוגע־שיקט 1000 דאָלער פֿאַר דעם „יזכור״־בוך. אויך האָבן איינצלנע יחידים געהאָלפֿן כפֿי יכולתם.

פֿאַראַן אויך אַ סטאַשעווער פֿאַריין אין פֿילאַדעלפֿיע,



First Stashover Pr. Y.M.B.A. New-York.

וועלכער האָט אַריינגעצויגן די יוגנט, סטאַשעווער זין און איידעמס. לײדער האָבן זיי נישט קיין פאַרבינדונג מיט סטאַשעווער אין אַנדערע שטעט און לענדער און זייער אַרבעט איז אונז כמעט נישט באַקאַנט.

פאַראַן אַ שטאַרקע גרופּע סטאַשעווער אין לאָס־אַנזשעלעס, וועלכע ווערט אָנגעפירט פון די ברידער ערליך, וויקטאָר און רובי, ווי אויך פון יעקב בעקער און שלמה קוואַלוואַסער און פון חברה בעטי אדעל, די טאָכטער פון פייגע די מילך־טרעגערין. די לעצטע רופן פאַרזאַמלונגען פון צייט צו צייט, שיקן הילף צו דער לייַ־קאַסע אין ישראל, האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט פאַר דעם „יזכור“־בוך, און טוען אַלץ, וואָס איז אין זייער כוח, פאַר סטאַשעווער אין זייער שטאָט.

פאַראַן אויך איינצלנע סטאַשעווער, צוזייט און צו־שפּרייט אין קלענערע שטעט אין אַמעריקע און קאַנאַדע. אַ טייל זענען שטאַרק רייך געוואָרן און ווילן פאַרגעסן זייער שטעטל סטאַשעוו. בעת אַנדערע ווען מען קומט צו זיי און מען דערמאָנט זיי זייער פאַרגאַנגנהייט, בעטנדיק עפּעס פאַר אַ סטאַשעווער אַקציע, טוען זיי דאָס מיט פאַרגעניגן.

עד כאן אַמעריקע און קאַנאַדע.

איצט לאָמיר „אַריבערפאָרן“ אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער. און מיר האָבן זיך גאָרנישט צו שעמען מיט אונזערע דאָרטיקע לאַנדסלייט.



**אירגון יוצאי סטאַשׁיב באורוגוואי — סטאַשעווער לאַנדסמאַנשאַפט אין אורוגוואי.**

**שורה א׳, יושבים מימין — ערשטע ריי, זיצן פון רעכטס:** הדס לאָווטשיק, בינה ראָזנשטאָק, שמחה און שרה׳לע ווילנער, פייגע ראָז,בוים, חנה׳לע גאָלדפלוס (מאַנזעק), איר שוועסטער פון אַמעריקע, מאַלע וואַסערציער.

**שורה ב׳ עומדים — צווייטע ריי, שטייען:** מרדכי סאַשעוויטש, מאיר ווייסוואָל, עלווירא ראָזנטרויב, יחיאל אהרן וואַלמאַן, יוד ראָזנבערג, שרה ריינשטיין, צעלוווניצקא לידיא, סאלאמאן וואָס, בנציון ריינשטיין, שלום מאנדעל.

**שורה ג׳ — דריטע ריי:** אַדאָלף לובניצקי, יחיאל ראָזנטרויב, שלמה פידלמאַן, יצחק לטוואָקאָוויטש, קלמן וואַסערציער, מלך וואַסערציער, קלמן לעוואָוויטש, שלמה בוים־ראָזנבוים, ישעיה לאָווטשיק, עטל וואַגנער־ריינשטיין.

**דאָס ערשטע לאַנד איז בראַזיל. אין סאַן־פּאולא געפינען זיך אַ 75 סטאַשעווער משפחות, פון אַרויפגע־אַרבעטע, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט אַ גאַנץ נישט־קשה׳דיקן פאַרייך. זיי אָרגאַניזירן קאַמפּיינס יעדעס יאָר פאַר דער ליי־קאַסע אין ישראל, העלפן לאַנדסלייט, וואָס נייטיקן זיך אין הילף אויפן פּלאַץ, האָבן זיך זייער פיין באַטייליקט אין דעם קאַמפּיין פאַרן „יזכור־בוך און האַלטן אָן אַ קאָנטאַקט איינער מיטן צווייטן. די דאָר־טיקע פאַריין פירער זענען היים וואַגנער, אייזנבערג און אַנדערע.**

**דאַן קומט אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס. אויך דאָרט איז פאַראַן אַרום 75 סטאַשעווער משפחות און האָבן אַ גאַר שטאַרקן פאַרייך, העלפן זייער פיל זייערע לאַנדס־לייט אויפן אָרט און אָריינגעקומענע סטאַשעווער. ביז איצט האָבן זיי ווייניק געטאָן פאַר לאַנדסלייט אין אַנדערע לענדער. אָבער נאָכדעם ווי מען האָט דאָרטן אַדורכגעפירט אַ גאַר דערפאָלגרייכן קאַמפּיין פאַר דעם „יזכור־בוך, אין וועלכן די לאַנדסלייט האָבן זיך זייער שיין באַטייליקט. איז דאָרטן, טראָץ דער ביליקער אַרטיקער וואַלוטע, געשאַפן געוואָרן העכער 1000 דאָלער.**

**לעצטנס האָבן זיי צוגעשיקט אַ סומע געלט פאַר**

דער לייד־קאַסע אין ישראל, און מיר האָפן, אַז מיטן דערשיינען פון דעם „יזכור״־בוך וועט זייער טעטיקייט נאָך מער פאַרשטאַרקט ווערן.

דאָס לעצטע לענדל אויפן דרום־אַמעריקאַנישן קאָנ־טינענט, וואָס איך וויל דערמאָנען, איז אורוגוויי, מאָנטעווידעאָ. אין מאָנטעווידעאָ איז פאַראַן אַרום 35 ביז 40 סטאַשעווער משפחות. פילמאָל זענען דאָרט געמאַכט געוואָרן פרווון צו אָרגאַניזירן אַ סטאַשעווער פאַריין. לײדער איז דאָס נישט געלונגען צוליב דער גרויסער פאַרטייאישער צוטיילונג אויף לינקע און רעכטע. ס'איז באמת אַ גרויסער שאָד, אַפילו פאַר־דריסלעך, וואָס מען קאָן נישט פאַרגעסן דאָס ענג־פאַרטייאישע, אַפילו ווען מען קומט זיך צוזאַמען וועגן אַזאַ אַלגעמיינעם ענין, ווי דאָס איז דער סטאַשעווער „יזכור״־בוך, וואָס האָט מיט קיין פאַרטייען לחלוטין גאָר נישט צו טאָן. פונדעסטוועגן איז דעם שרייבער פון די שורות געלונגען צוזאַמענצורופן אַ פאַרזאַמלונג, צו נעמען אַ בילד פון די סטאַשעווער און צו מאַכן אַ קליינעם קאַמפיין פאַר דעם „יזכור״־בוך, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט אַרום 15 מענטשן. וואָלטן זיי געהאַט אַ פאַריין און פאַרגעסן די פאַרטייען, בעת ס'האנדלט זיך וועגן לאַנדסלייט, וואָלטן זיי פיל געקאָנט אויפטאָן.

און אחרון אחרון חביב — פאַריז.

פאַריז איז געווען מיין ערשטע סטאַנציע אויפן וועג פון ישראל צו די אַמעריקעס. און כאָטש זיי זענען אַ קליינע גרופּע מענטשן, אינגאַנצן אַ 10 משפחות, האָבן זיי מיר, מיט זייער וואַרעמקייט, געגעבן מוט ווייטער ממשיך צוזיין און אָנפירן דעם דערפאָלגרייכן קאַמפיין פאַרן „יזכור״־בוך.

אין צוויי טעג איז מיר געלונגען זיי צוזאַמענצורופן און שאַפן אַרום 6 הונדערט ישראל'דיקע פונט, וואָס איז דעמאָלט געווען כמעט 100 טויזנט פראַנצויזישע פראַנק. אָבער נישט דאָס געלט איז דער עיקר, נאָר זייער חבר'ישאַפט און וואַרעמקייט, מיט וועלכע זיי האָבן מיך אויפגענומען. וויל איך טאַקע זיי באַדאַנקען און דערמאָנען אַ פּאָר נעמען: ברידער בוכמאַן, פריינט בידלאָווסקי, מאיר דיזנהויז און אַנדערע. זאָלן זייערע הענט געשטאַרקט זיין און ווייטער פאָרזעצן אין זעלבן נוסח.

אויפסלעצט וויל איך איבערשיקן מיין דאַנק אַלע לאַנדסלייט און חברים, איבעראַל ווו כ'האָב באַזוכט, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן אין די זאַמלונגען פאַר דעם „יזכור״־בוך, כדי אויפצושטעלן אָט־אָ־דעם וויכטיקן און אייביקן מאָנומענט פאַר אונזער אומגליקלעך אומ־געקומענעם געבורט־שטעטל, סטאַשעוו.

# להופעת הספר / יואל פישוף חדרה

אליכם ידידי, יוצאי סטאשוב, מופנים דברים אלה! אל תאשימוני ברגשנות, משוכנע אנוכי, כי גם אתם, כמוני, תתרגשו בדפדפכם בספר.

רעיון הוצאת ספר „יזכור", שיקפל בתוכו את ההיסטוריה, רבת־השנים, של סטאַשוב קהילתנו, צץ ועלה עוד מאז הופיעו העולים הראשונים — ניצולי השואה. אך אז היה זה חלום רחוק, שאף ראשיתו טרם ראינו. ואם הגיע הזמן והחלום התגשם — השמחה מתפרצת מאיליה. שמחה זו, אומנם, מהולה ביגון וכאב על עצם הצורך בספרים מסוג זה, ועל הגורל האכזרי שפקד את כל אלה, שספרות זו מספרת עליהם.

לא רק עוני, דחקות וצער היתה מנת חלקנו בביתנו הישן שנשרף. מתוכם אף פרצו להבות אש, שהפיצו אור וחום לפעילות רוחנית, אנושית ויהודית, להקמת מוסדות חינוך ותרבות, מוסדות גמל ועזרה הדדית, אשר הספר מעלה את זכרם.

הספר גם משמש כתב־אשמה חריף כלפי כל אלה, אשר בידיהם הטמאות גידעו עץ רב־ענפים זה ועקרו אותו על שורשיו.

רוצה אני, בשמכם ובשמי, להביע הוקרה וחיבה לכל אלה אשר עסקו במלאכת־קודש זו: לחברי וועדת הספר ולעורך, אשר במסירותם ללא גבול ובסבלנותם רבת־השנים, ידעו ללקט גרעין לגרעין עדי־הצמיחם יצירה רבת־חן זו.

ואם יימצאו בספר ליקויים או טעויות — נקבלם באהבה, כהוכחה להערצתנו את כל אלה, אשר נטלו על עצמם חובה קדושה זו ועמדו בהתחייבותם בכבוד.

# צום דערשיינען פון ספר

צו אייך, מיינע סטאַשעווער פריינט, זענען די דאָזיקע ווערטער געווענדט!

באַשולדיקט מיך נישט אין סענטימענטאַליזם. כ'בין איבערצייגט, אַז אויך איר, ווי איך, וועט זיין גערירט בלעטערנדיק אין ספר.

דער געדאַנק פון אַרויסגעבן אַ „יזכור"־בוך, וואָס זאָל אַנטהאַלטן די פיל־יאָריקע געשיכטע פון אונזער סטאַשעווער קהילה, איז אויפגעשוואומען באַלד ווי ס'זענען אָנגעקומען די ערשטע עולים — די געראַטעוועטע פון דער שואה. אָבער דעמאָלט איז דאָס געווען אַ ווייטער חלום, וועמעס אָנפאַנג מיר האָבן צומאָל נאָכנישט געזען. און אַז ס'איז געקומען די צייט און דער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן — רייסט זיך די פרייד אַרויס אַליין. די דאָזיקע פרייד איז ליידער אויסגעמישט מיט טרויער און ווייטיק איבער דעם עצם באַדאַרף אין ספרים פון דעם מין און דעם אכזריות'דיקן גורל פון די, איבער וועלכע ס'ווערט דערציילט אין דער דאָזיקער ליטעראַטור.

נישט נאָר נויט און צער איז געווען אונזער גורל אין דער אַלטער פאַרברענטער היים. דורך זיי האָבן זיך אויך אַרויסגעריסן פלאַמיקע פייערן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט ליכט און וואַרעמקייט פאַר מענטשלעכער און יידישער גייסטיקער שאַפונג, פאַר אויפשטעלן קולטור־, דערציאונגס־ און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, וועלכע דער דאָזיקער ספר ברענגט אַרויס אין זכרון.

דער ספר דינט אויך ווי אַ שאַרפער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די אַלע, וועלכע האָבן מיט זייערע שמוציקע הענט אויסגעריסן מיטן וואָרצל דעם דאָזיקן פול־פאַרצווייגטן בוים.

אין אייער און אין מיין נאָמען וויל'ך אויסדריקן פאַרערונג און ליבע צו אַלע, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט: צו די מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט און צום רעדאַקטאָר, וועלכע האָבן מיט גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט און געדולד יאָרן־לאַנג, געקליבן אַ קערנדל צו אַ קערנדל ביז זיי האָבן אויפגעשטעלט די דאָזיקע פול־באַ'חנ'טע שאַפונג. און אויב ס'וועלן זיך אין ספר געפינען פעלערן אָדער טעותים — וועלן מיר זיי אָננעמען באהבה, אַלס אויסדרוק פון באַוווּנדערונג פאַר די, וואָס האָבן אויף זיך גענומען די דאָזיקע הייליקע פליכט און זי אויסגעפירט מיט כבוד.

# א. אוליך / בברכת שהחיינו...

בהיפסק סטאשוב עיירתנו, עם הימחקה מעל פני־האדמה לבלתי־שוב, לשמש מושג גיאוגראפי, היה זה מן־הדין, שחייה התוססים של העיירה בכל תחומי הפעולה האפשריים, הרוחניים כחומריים, החברתיים כתרבותיים והדתיים כחילוניים, מאבקה הנואש והמתמיד בסביבה הזרה, העוינת לרוב, סיכוי התקוות להמשך טוב ואף מכובד יותר, בין במקום ובין בשינוי מקום, וכן פירפורי גסיסתה על מעוניה וקדושיה, ימצאו את תיקונם, — ולאלתר! — בתחום ההיסטורי.

ויובן:

לא רק לשם העלאת זכרונות בלתי־מחייבים היה צורך בטראנספורמציה זו לתחום ההיסטורי. אף לא רק לשם מתן כורקן לרגשות הכאב והבושה, עקב אותו מעשה־נבלה נאצי, שבוצע נגד אומה שלמה באכזריות ובפרמדיטאציה כה שטנית קבל כל העולם „הנאור", — עם כל חשיבותם של הדברים לכשעצמם — אלא, בעיקר, לשם עיון והבנה נוקבים ומעמיקים במאורעות ההיסטוריים, — החד־משמעיים במהיתם הפנימית — שהתרחשו לנגד עינינו, ולשם הסקת מסקנות, הנובעות מלקח מאורעות הימים ההם.

וייאמר בכל גילוי־הלב:

אותו פרק זמן שבין רשות לרשות, היינו: תקופת בין־הערביים, שבין מחיקת עדת סטאשוב מעל פני האדמה, מחד, לבין סיום הקמתה של מצבה נאה והולמת זו לזכרה, מאידך, פרק זמן זה הפך בשבילנו למקור של צער וכאב, של נקיפת מצפון בלתי־פוסקת, על אי־יכולתנו, בגלל מאה טעמים וטעם, — וכולם מוצדקים, ורובם אף בלתי־תלויים בנו — להשתיל סטאשוב יקרה זו בתחום ההיסטורי, מוקדם ככל האפשר — כפי שעלה במחשבה תחילה.

לכן לא ייפלא, שעם כתיבת הדברים האלה, עם הגיעה לקיצה, — חרף כל הקשיים והתלבטויות אין־סוף — תקופת בין־הערביים ואיתה: אותו מתח נפשי עצום של שלוש־ארבע השנים האחרונות, תקופת הכנתו והכשרתו של החומר לקראת המשימה הקדושה והגשמתה הלכה למעשה — נשמנו לרווחה. והמעמסה הכבדה, תוך מועקה נפשית מדכאת שנתלוותה אליה, פינתה את מקומה לאנחת סיפוק על שזכינו סוף־סוף להקמת גל־העד ולהנצחת זכר יקירינו, שיד זדונית, — שלא מעלמא הדין — הכריתה אותם מארץ החיים.

הבה נברך, איפוא, כמקובל בישראל, ברכת שהחיינו... על סיומו של פרי־עמלנו זה, — הספר — המונח לפנינו בכל היקפו והדרו המרשימים!

הערות מספר לתוכן הספר:

1. הערות לטכסט, במידה וישנן, נקבעו בסופו של כל עמוד, אליו מתייחסות ההערות. יוצאות מן הכלל אלה, המתייחסות לסקירה ההיסטורית של ד"ר נ. מ. גלבר, שנקבעו בסופה של הסקירה הנ"ל בעברית, עמ' 35. חריגה זו מן הכלל נעשתה לנוחיותו של המעיין בתרגום יידיש של סקירה זו. אלמלי נהגנו גם במקרה זה בדומה לעקרון הנהוג בכל הספר, היה הקורא ביידיש נאלץ לחפש את ההערות כל פעם בעמוד אחר. הרי לא היה טעם לחזור על ההערות פעמיים, בעברית וביידיש גם יחד!

2. מאמר נ. שמן על הרב גרובארד ז"ל, עמ' 111, הופיע בשעתו ב־„יובליי־בוך ת"ת „עץ־חיים", טורונטו, הועתק בשינויים מסוימים, בהשמטות חלקיות ובתיקונים אורטוגראפיים, הכול כפי שמצאתי לנכון — וזאת מבלי לפגוע בתוכן וברוח המאמר.

3. בשער ואף לא בכותרות שמעל לטכסט לא צוינה השתתפותם של יישובי הסביבה בספר, היינו: אושיק, פלאנץ', קורזוואנק, ריטווין ושידלוב. הטעם: מחוץ לריטווין, שנחשבה כחלק בלתי־נפרד מסטאשוב, לא היתה השתתפותם של יתר היישובים, עד להתחלת ההדפסה, מובטחת כל־עיקר.

4. לתירגום לאנגלית נבחרו מספר מאמרים קטן, בשלמותם או בחלקם — הכול לפי ראות עיני העורך או ועדת הספר. אגב, התרגים וכן ההגהות בוצעו על־ידי מומחה אחראי לדבר.

5. בחלק האנגלי נקבע המיספור בספרות רומיות — להבדיל מן הרגיל, הנהוג בספר.

6. חן־חן לשושנה שבת־פוקס על עמלה ומסירותה, ראויים לציון, בשירטוט המפה והאותיות לשער הספר.

# שהחיינו...

בעת אונזער שטעטל סטאָשעוו האָט אויפגעהערט צוזיין אַ געאָגראַפישער באַגריף, ווען רנדיק אָפּגעמעקט פֿון דער ערד אויף אייביק, איז געווען רעכט, אַז דאָס ברויזנדיק־שטעטלשע לעבן אויף אַלע מעגלעכע געביטן, גייסטיקע ווי מאַטעריעלע, געזעלשאַפטלעכע ווי קולטורעלע און וועלטלעכע ווי רעליגיעזע, איר פאַרצווייפלט־פּערמאַנענטער געראַנגל מיט דער פרעמדער אימגעבונג, לרוב א פיינטלעכע, דאָס פלעגן האַפענונגען אויף אַ בעסערן און בכבודיקערן נאָכקום, סיי אויפן אָרט, סיי ערגעץ אַנדערש, ווי אויך די גסיסה־צאַפּלענישן פון אירע מאַרטירער און הייליקע זאָלן געפינען זייער תיקון. — און באַלד! — אויפן היסטאָרישן געביט.

און זאָל פאַרשטאַנען ווערן:

די דאָזיקע טראַנספאָרמאַציע אין דער היסטאָרישער ספערע האָט נישט נאָר געזאָלט זיין אַ רעזולטאַט פונעם באַדאַרף אַרויסצוברענגען נישט־פאַרפליכטנדיקע דערינערונגען, אויך נישט בלויז כדי צוגעבן אַן אויסדרוק די געפילן פון ווייטיק און בושה איבער דער נאַצי־שאַנדטאַט, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן קעגן א גאַנץ פאָלק, מיט אַ טייוולאַנישער גרויזאַמקייט און פרעמעדיטאַציע, קעגנאיבער דער גאַנצער „אויפגעקלערטער" וועלט, — טראָץ זייער וויכטיקייט פאַר זיך — נאָר, בעיקר, כדי נאָכצודענקען און פאַרשטיין דעם טיפן זין פון די היסטאָרישע געשעענישן, — איינדרויסיקע אין זייער אינערלעכן וועזן — וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט פאַר אונזערע אויגן, און כדי צו מאַכן אויספירן, וואָס דרינגען אַרויס פון די געשעענישן פון יענע טעג.

און זאָל מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט געזאָגט ווערן:

דער דאָזיקער צייט־אָפּשניט צווישן איין מאָכט און דער אַנדערער, די צווישנצייט פון אָפּמעקן די סטאָשעווער עדה יידן פון דער ערד, פון איין זייט, און דאָס פאַרענדיקן אויפצושטעלן פאַר איר אַנדענק די דאָזיקע שיינע, אַנטשפּרעכיקע מצבה, פון דער אַנדערער זייט, דער דאָזיקער צייט־אָפּשניט איז פאַר אונז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקור פון פאַרדרוס און ווייטיק, פון אומאויפהערלעכע געוויסנביסן, וואָס מיר האָבן נישט געקאָנט, צוליב הונדערט און איין טעם, — און אַלע זענען באַרעכטיקטע, דער גרויסער רוב אויך אומאָפּהענגיקע פון אונז — איינצופלאַנצן דאָס דאָזיקע טייערע סטאָשעוו אין דער היסטאָרישער ספערע, אַזוי שנעל ווי מעגלעך — ווי מיר האָבן לכתחילה געפּלאַנט.

איז נישט קיין וואונדער, אַז מיטן שרייבן די דאָזיקע צײלן, מיטן קומען צו ענדע, — טראָץ אַלע שוועריקייטן און אומענדלעכע ראַנגלענישן — פון דער דאָזיקער צווישנצייט און מיט איר: אָט־אָ־די אומגעהויערע פּסיכישע שפּאַנונג פון די לעצטע דריי־פיר יאָר, דער נעריאַד, אין וועלכן דער מאַטעריאַל איז געוואָרן צוגעגרייט און באַאַרבעט פאַר דעם הייליקן ציל און זיין פאַרווירקלעכונג, האָבן מיר לייכטער אָפּגעאָטעמט. און די שווערע לאַסט, מיט דעם דערדריקנדיקן פּסיכישן דרוק, וואָס האָט זי באַגלייט, האָט פריי געמאַכט דעם פּלאַץ פאַר אַ באַפרידיקונגס־זיפץ, וואָס מיר האָבן ענדלעך זוכה געווען אויפצושטעלן דעם דאָזיקן דענקמאָל, פאַראייביקנדיק אונזערע טייערע, וועלכע אַ פאַרברעכערישע האַנט, — נישט פון דער וועלט — האָט זיי אַרויסגעריסן פון צווישן די לעבעדיקע.

לאָמיר דאַריבער מאַכן, ווי ס'איז אָנגענומען ביי יידן, די שהחיינו־ברכה צום פאַרענדיקן אַט־אָ־די פּרוכט פון אונזערע באַמיאונגען, — דער ספר — וואָס ליגט פאַר אונז אין זיין גאַנצער איינדרוקספולער פּראַכט און אומפאַנג!

עטלעכע באַמערקונגען צום אינהאַלט פון ספר:

1. טעקסט־באַמערקונגען, אויף וויפיל זיי זענען דאָ, זענען באַשטימט געוואָרן צום סוף פון יעדער זייט, צו וועלכער זיי באַציען זיך. אַן אויסנאַם בילדן די באַמערקונגען, וואָס באַציען זיך צו דער היסטאָרישער איבערזיכט פון ד״ר נ. מ. געלבער. די געפינען זיך צום סוף פון דער דערמאָנטער איבערזיכט, אין העברעאיש, זייט 35. דאָס איז געמאַכט געוואָרן פאַר דער באַקוועמלעכקייט פונעם לייענער פון דער דאָזיקער איבערזעצטער איבערזיכט אויף יידיש. וואָלטן מיר, אויך אין דעם פאַל, אָנגענומען דעם איינגעפירטן פּרינציפּ אינעם גאַנצן ספר, וואָלט דער יידיש־לייענער געוואָרן געצוווּנגען צו זוכן די באַמערקונגען יעדעס מאָל אויף אַן אַנדערער זייט. ס'האָט דאָך נישט געהאַט קיין זין איבערצו׳חזר׳ן זיי צוויי מאָל, אין העברעאיש און יידיש צוגלייך!

2. דער אַרטיקל פון נ. שמן איבער הרב גרויבאַרט ז״ל, זייט 111, איז אין זיינער צייט דערשינען אין „יובילייי־בוך ת״ת „עץ־חיים״, טאָראָנטאָ, און איז, מיט געוויסע ענדערונגען, טיילווייז־דורכגעלאָזענע שטעלן און אָרטאָגראַפישע אויסבעסערונגען, איבערגעדרוקט געוואָרן ווי כ׳האָב געפונען פאַר נייטיק — נישט באַרירנדיק דעם אינהאַלט און גייסט פון אַרטיקל.

3. אינעם שער און אין די קעפּלעך איבערן טעקסט איז נישט אָנגעמערקט געוואָרן, אַז אינעם ספר באַטייליקן זיך אויך די ישובים פון דער סביבה: אָשיק. פּלאַנטש, קאָרעזוואַנק, ריטווין, שידלעוו. די סיבה: אַחוץ ריטווין, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אינטעגראַלער באַשטאַנד־טייל פון סטאַשעוו, איז די באַטייליקונג פון די איבעריקע ישובים, ביז צום אָנהייבן דרוקן, לגמרי נישט געווען זיכער.

4. אַ קליינע צאָל אַרטיקלען, אינגאַנצן אָדער טיילווייז, זענען באַשטימט געוואָרן צום איבערזעצן אויף ענגליש — אַלץ לויטן איינזען פון רעדאַקטאָר אָדער בוך־קאָמיטעט. אגב. זענען די איבערזעצונג און קאָרעקטורן אויסגעפירט געוואָרן דורך אַ פאַראַנטוואָרטלעכן מומחה.

5. די נומעראַציע אין ענגלישן טייל איז באַשטימט געוואָרן אין רוימישע ציפערן — אונטערצושיידן פון דער געווענלעכער, וואָס איז איינגעפירט אין ספר.

6. שושנה שבת־פוקס אַ דאַנק — פאַר אירע באַמערקנסווערטע באַמיאונגען און איבערגעגעבנקייט ביים צייכענען די מאַפּע און אותיות פאַרן שער פון ספר.

you find yourself in his place." "In his place" in every sense, with the whole range of circumstances in which that fellow-man was to be found. And if, in this case, it is impossible for anyone standing outside to reach "his place" — then neither has he any right to or justification for putting on the judge's robes. These are matters that no stranger can understand; and if anybody at all is entitled to pass judgement on the "heroes" of this terrifying period, then it can only be those who themselves lived through the same conditions and on their own flesh and in their own souls felt the whole weight of the horror.

*Sukkot* 5704

The working conditions, the nutrition and housing in which we existed could not but exert their influence on the camp prisoners, weakening their physical resistance. As an inevitable outcome there was an epidemic of typhoid which wrought havoc among the men. There were a great many victims, including many of our townsfolk such as Leibish Fefferman, Hayyim Goldfarb, Elijah Linzfeld, etc.

During the middle days of Sukkot 5704, soon after the incident of the newspaper related above, I also fell a victim to this illness and was taken to the "hospital". The hygienic conditions there were indescribable. Lice by thousands and tens of thousands were to be found everywhere. Medical care was virtually non-existent. Apart from that a "selection" was carried out from time to time and at a single wave of the hand the patients were "delivered" from their troubles. The "humorous" Germans had it that the people were sent to the "Heaven commando". Only those of the patients who had devoted kinsfolk or friends obtained any kind of care, as well as a little food which was so necessary under those dreadful conditions. And here I must in particular mention one of the people thanks to whose devoted and unceasing care I am probably still alive. This was Meir Rosengarten may he be avenged, the son of Reb Tuviah the baker. This man, incomparably patient and kind-hearted, spent days and nights either helping himself or getting other people to do so. I remember thta whenever I woke up from my sleep or became conscious I would always find that good angel beside my "bed", encouraging me and trying to persuade me to eat something that he had prepared himself or that had been prepared thanks to his intervention. And this continued not for one or two days but for twenty-eight days on end.

To be sure, other townfolk also did a great deal for me. They made the effort, raised money, and a non-Jew was urgently sent to the town of Skarzhisk to fetch injections for me. I was also given ample help by Pinhas Eisenberg of Kielce, grandson of Reb Eliezer Eisenberg the soap-factory owner of Staszow. Yet the said Meir Rosengarten did more than all of them, toiling unweariedly to help me as best he could, and mostly beyond the limits of his own strength. He was there in the morning before he went to work. He was back again as soon as he returned from the hard and exhausting toil. Before he went to sleep weary and hungry he came back once more. In brief he was there at all times, and whenever it was possible he showed his good nature, doing whatever he did faithfully, quietly and effectively.

He met his end in the transport from Flussenburg. May his memory be blessed!

